L. TREISTER

# *BY THE RIVERS OF NEW YORK*

**(Bei Di Teichn Fun New-York)**

**Novel**





הויפט פארקויף ביי:

CYCO Publishing House
25 East 78th Street
New York, N. Y. 10021

**Printed in U. S. A.**

# צום לייענער

די צייט, וואָס איך שילדער אין מיין בוך, איז מחמת איר סאָציאַלן און מאָראַלישן תוך אַן אינטעגרירט קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון יידישן יישוב אין די פאַרייניקטע שטאַטן. מ׳קאָן עס, אָן יישוב־הדעת, אָנרופן „דאָס וועלטלעכע שבתי צבי־קאַפּיטל אין אַמעריקע״.

אין די זעכציקער יאָרן איז מיין שילדערונג פון דער דאָזיקער צייט דערשינען אין „טאָג מאָרגען־זשורנאַל״ אונטערן נאָמען „צוויי משפּחות״. איצט טראָגט די זעלבע שילדערונג — אין קאָנדענסירטער און אינהאַלטלעך־פאַררונדיקטער פאָרעם — דעם טיטל „ביי די טייכן פון ניו־יאָרק״. ער איז כוללדיקער! ניו־יאָרק, מיט איר סאָציאַלן און געזעלשאַפטלעך־פּסיכישן געמיט ביי יידן, איז רעפּרעזענטאַטיוו פאַר אַלע טיילן פון לאַנד. דאָס וואָס קומט פאָר „ביי די טייכן״ פון דער גרעסטער אַמעריקאַנער מעטראָפּאָליע, געשעט אויך אין אַלע יידישע געמיינדעס פון דער מדינה.

ביים לייענער אין זכרון וועלן געוויס אויפוואַכן געשעענישן, וועלכע וועלן מיט זיך אויסברייטערן דעם קאָנפליקט־שטח, וואָס ווערט געשילדערט אין מיין בוך. ער וועט דערצו מוסיף זיין קאַנאַדע, דרום־אַמעריקע — און אוודאי אַלע יידישע יישובים אין איראָפּע, איידער די דייטשישע נאַצי־האָרדעס האָבן זיי אינגאַנצן חרוב געמאַכט. דאָס איז טאַקע מיין דערוואַרטונג און וואונטש. אַ דאַנק אָט דער אַסאָציאַציע וועט דער לייענער צוטראָגן דאָס, וואָס אין מיין שילדערונג האָט עס — מחמת דער ענגער צונויפגעוועבטקייט פון צייט, אָרט און סיפור־המעשה — נישט געקאָנט אַריינגענומען ווערן. לכן, אַ יישר־כוח דעם לייענער פאַר דעם צוגעוועבטן בייטראָג אין זיין וואַכן זכרון.

**ל. ט.**

# קאַפּיטל איינס

## הילדע

### 1.

אין קאָרידאָר, וואו עטלעכע קליינע עלעקטרישע לעמפּלעך האָבן באַלייכט די זיך־שיילנדיקע, טונקל־גרויע טינק־ווענט, אויך די געדרייטע טרעפּ, וואָס האָבן געפירט צו די העכערע שטאָקן פון דער טענעמענט־געביידע, זענען געשטאַנען עטלעכע שכנטעס און האָבן צווישן זיך גערעדט וועגן די פּלאָגן פון דער נייער צייט.

זיי האָבן גערעדט וועגן נישט־חתונה געהאַטע קינדער וואָס טוען אַלץ ווי זיי ווילן און ווי זיי געפעלט. זיי האָבן אויך גערעדט וועגן עלטערן וואָס קוקן זיך צו מיט צער צו זייער הויז ווי עס בלייבט גאָר פרי אָן מישפחה־וואַרעמקייט, אָן צובונד פון דעם יונגוואַרג, און אָן אויטאָריטעט. זיי האָבן אויך גערעדט וועגן געוויסע ביכער און קינאָ־בילדער, וואָס פאַרדאַרבן די יוגנט; אויך וועגן לאַנד־געזעצן וואָס פאַרווערן טאַטע־מאַמע צו לייגן אַ האַנט אויף זייערע צעלאָזענע זין און טעכטער. אין זייערע טענות האָבן אויך נישט געפעלט קיין ביטערע אויסדרוקן אויף די שוואוילטאָגן און אַלערליי פאַרוויילונגען, אין וועלכע בחורים און מיידלעך ווערן אַריינגערייצט און מיט דער צייט אָפּגעקילט צו די דורותדיקע פירונגען, אָדער אינגאַנצן אָפּגעפרעמדט צו די אַלטע וועגן.

ס'האָבן זיך געהערט קרעכצן, אויך זעלבסט־מוסר פאַר ברענגען נייע דורות אויף דער וועלט, און אויך קשיות:

— ווי לאַנג קאָן אַזאַ צרה דויערן?

— און צו וואָס קאָן דאָס דערפירן?

פון צייט צו צייט האָבן זיי זיך צערוקט און געמאַכט אַ פרייען דורכגאַנג פאַר מאַנסבילן וואָס זענען אָנגעקומען פון דער גאַס און וואָס האָבן זיך געלאָזט צו זייערע אַפּאַרטמענטס. אייניקע זענען געווען פרומע. זיי האָבן זיך צוריקגעקערט פון שולן, וואו זיי האָבן געפּראַוועט שלש־סעודות און, נאָך שבת, געדאַוונט מעריב. אַנדערע זענען געקומען פון קראָמען אָפּצועסן דאָס אָוונט־מאָלצייט און נאָכדעם צוריקגיין צו די האַנדלס־געשעפטן. איבער דעם קילבלעכן וועטער אין דרויסן, וואו אַ מאַרצאָווער פריש־געפאַלענער, נאַסער שניי האָט באַדעקט דעם אַספאַלט און די טראָטואַרן, האָבן די פרויען אין קאָרידאָר געהאַלטן אין איין וואַרעמען זיך אין די סוועטערס, וואָס זיי האָבן געטראָגן אויף זיך, און אין איין צונויפקאָרטשען די אַקסלען, ווי זיי וואָלטן דערמיט אָפּגעטיילט די ביינער פון דער דורכגעקילטער הויט. דאָך האָבן זיי נישט אויפגעהערט רעדן וועגן די נייע צייטן, און וואָס לענגער זיי האָבן גערעדט אַלץ מער זענען זיי אָנגערעגט געוואָרן אַרויסצוברענגען נייע באווייזן וועגן די צרות איבער דעם אָפּגרונט צווישן קינדער און עלטערן.

— דאָך קאָן מען נישט זאָגן, אַז ס'גאַנצע דור איז אַזוי, — האָט איינע פון די פרויען,

אַ קורצוואוקסיקע, וואָס האָט אַ לאַנגע צייט געשוויגן, מיטאַמאָל זיך געלאָזט הערן מיט טרייסט. — ס׳זענען אויך דאָ ביישפּילן אויף פאַרקערט.

אַלע אַנדערע פרויען האָבן זיך אַ קער געטאָן צו איר און גענומען קוקן מיט פאַרחידושטע אויגן:

— אויף פאַרקערט?

— וואו?

— ווער?

— ווייזט כאָטש אָן אויף איין ביישפּיל!

די פרוי מיטן מילדערן פּסק האָט זיך נישט פאַרלוירן. זי האָט אויסגעשטרעקט איר רעכטע האַנט און מיטן ווייזפינגער אָנגעוויזן אויף אַן אַפּאַרטמענט פון ערשטן שטאָק, וואו ס׳וואוינען די האַרוויצעס.

— זייער בת יחידה... — זאָגט זי זיגעריש מיט צונויפגעצויגענע ליפּעלעך.

אַלע אַנדערע פרויען האָבן זיך מיטאַמאָל דערפילט באַזיגט און האָבן אַראָפּגעלאָזט די אויגן אין צושטימונג:

— נו, זי, הילדע...

— זי איז דאָך אַנדערש אויפגעבראַכט געוואָרן!

— אויסער אַ קאַלעדזש־בילדונג האָט זי דאָך אויך געקראָגן אַ דערציאונג אין פרומקייט.

— דאָס מיינט זייער אַ סך... כ׳מיין די רעליגיעזע דערציאונג.

— אמת, אמת.

— דאָס האַלט אַ קינד צוגעבונדן צו עלטערנס פירונג.

פון די האַרוויצעס׳ אַפּאַרטמענט איז איצט אַרויסגעקומען אַ הויך, בלאָנדהאָריק מיידל, מיט אַן אַריסטאָקראַטישן אויסקוק. זי איז געווען בלאַס און באַטריבט. זי האָט געטראָגן אַ שווערע וואַליז, וואָס האָט ביי איר אַראָפּגעצויגן דעם רעכטן אַקסל, און זיך געלאָזט אַרויס צו דער גאַס.

דערזען דאָס שיינע, שלאַנקע מיידל, האָבן די פרויען אויפגעהערט רעדן, צעטיילט זיך אויף צוויי רייען, געמאַכט אַ וואַרע און גענומען קוקן אויף איר מיט פאַרשעמטע אויגן.

געווען איז זי — הילדע, די טאָכטער פון די האַרוויצעס, וואָס זענען פון גרויס יחוס און אַנזען. דער פאָטער, ר׳ אליהו, איז רב פון דער שול מקוה־ישראל, וואָס אַרום איסט־בראָדוויי. און די מוטער, דבורהלע, איז באַוואוסט פאַר איר שאַפן הילף פאַר אָרעמע, קראַנקע לייט, פאַר יתומים און ישיבות.

יעדעס מאָל, ווען הילדע האָט זיך באַגעגנט מיט שכנים אין קאָרידאָר, אָדער ערגעץ אַנדערש, איז זי געווען די ערשטע צו באַגריסן, אָדער צו שמייכלען, אפילו ווען זי האָט גאָרנישט געהאַט וואָס צו זאָגן. אוודאי איז דאָס געווען דערפאַר וואָס זי איז דערצויגן געוואָרן מיט דרך־ארץ פאַר מענטשן. אָבער נישט קיין קליינעם חלק האָט אין דעם אויך געהאַט איר איינגעבוירענע איידלקייט.

איצט אָבער איז דאָס גוט־דערצויגענע און איידעלע מיידל, וואָס די פרויען האָבן אָקאָרשט גערעדט וועגן איר מיט אָנטציקונג, נישט געווען די זעלבע. זי האָט נישט באַדאַנקט די שכנטעס פאַר דעם דורכגאַנג וואָס זיי האָבן געמאַכט פאַר איר מיט פאַרערונג און רעספּעקט. זי האָט אויך נישט געשמייכלט צו זיי מיט איר שטענדיק האַרציקן באַגריסונג־שמייכל. זי האָט זיך אפילו נישט אומגעקוקט אויף קיינעם בעתן פאַרבייגיין

צווישן זיי, גלײַך ווי זיי וואָלטן נישט געווען קײן מענטשן, נאָר נישטיק איבערבלײַבעכץ פֿון אַ שׂרפֿה.

די דאָזיקע נישט־דערוואַרטע אויפֿפֿירונג האָט איבערראַשט די שכנטעס. זיי האָבן געקוקט אײנע אויף די אַנדערע מיט צעטומלטע בליקן און מיט שטױנונג געפֿאָרשט:

— וואָס איז געשען?

— זי דערקענט שוין נישט קײנעם?

— ס׳שטײט איר נישט אָן צו באַגריסן אונז?

— און וואוהין פֿאָרט זי דאָס אַצינד?

— ס׳איז דאָך קוים אויס שבת געוואָרן!

די קורצוואוקסיקע, מילדערע שכנטע, וואָס האָט אַ ווײַלע צוריק גענומען הילדען פֿאַר אַ מוסטער, האָט איצט נישט געעפֿנט איר מויל. די אויפֿפֿירונג פֿון דער יונגער האַרוויץ האָט איר זײַער שטאַרק ווײ געטאָן. זי האָט עס באַטראַכט פֿאַר אַ פּערזענלעכער באַליידיקונג. אפֿילו נישט שענקען איר קײן בליק? אין משך פֿון יאָרן איז זי, די פֿרוי, געווען נישט סתּם אַ שכנטע פֿאַר דעם מיידל. זי איז אַ שטענדיקע אײַנגייערין צו אירע עלטערן אין הויז. זי איז ווי אַן אײגענע. איז ווי האָט זי, הילדע, געקאָנט זיך מאַכן נישט ווײסנדיק אויך וועגן איר?

אַז די שכנטעס זענען זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען, יעדע צום אײגענעם הויזגעזינד, איז זי, די האַנאַראָווע פֿרוי, אַוועק צו די האַרוויצעס׳ אַפּאַרטמענט און זי האָט אַ דריק געטאָן אויף דעם עלעקטרישן טיר־גלעקל.

2.

אין די האַראָוויצעס׳ אַפּאַרטמענט איז אַלעמאָל געווען שטיל, אפֿילו דעמאָלט ווען די גאַנצע מישפּחה איז געווען אין דער הײם. אָבער אַזאַ שטילקייט ווי די וואָס האָט געהערשט איצט, האָט די שכנטע, נאָכן אַריבערטרעטן די שוועל, אָנגעטראָפֿן צום ערשטן מאָל.

מ׳האָט נישט געהערט פֿון די צימערן קײן קלאַנג, קײן באַוועג, אפֿילו קײן שאָרך נישט. ווען נישט דאָס טיקטאַקן פֿון אַ זייגער ערגעץ אין אַפּאַרטמענט וואָלט מען געמײנט, אַז קײנער וואוינט נישט דאָ.

די שכנטע איז געשטאַנען בײַ דער טיר און האָט אין שטױנונג געקוקט צו די טירן פֿון די צימערן, וואָס זענען געווען אויף בײדע זײַטן קאָרידאָר. גלײַכצײַטיק האָט זי זיך אײַנגעהערט אין דער שטילקייט, אפֿשר וועט זיך הערן עפּעס מער ווי בלויז דאָס טיקטאַקן פֿון דעם וויטן זייגער. און וואָס אמת, ווען נישט דאָס ביסל ליכט וואָס האָט אַרויסגע־בליאַסקעט פֿון אײן צימער אין דעם פֿינצטערן קאָרידאָר אַרײַן, וואָלט זי, די שכנטע, נישט געווען איבערראַשט, וואָס קײנער האָט איר נישט געענטפֿערט, כאָטש זי האָט געהאַט געקלונגען פֿיל מאָל. זי וואָלט געווען זיכער, פּונקט ווי פֿריער, ווען זי האָט אַלײן געעפֿנט די נישט־צוגעמאַכטע טיר, אַז קײנער איז טאַקע נישטאָ אין דער דירה. אָבער צוליב דעם ליכט וואָס האָט אַרויסגעשײַנט פֿון צימער האָט זי באַנומען, אַז עמעצער מוז דאָך זײַן אין אַפּאַרטמענט, און זי האָט זיך געלאָזט גײן ווײַטער.

אָפּגעשטעלט האָט זי זיך בײַ דער קיך.

— גוטוואָך, רביצין — זאָגט זי צו דער פֿרוי דבורהלע האַרוויץ, וואָס איז געזעסן בײַם טיש אַ פֿאַרוויינטע.

געווען איז דבורהלע, די רביצין, מיטלוואוקסיק, הויט און בײן, און אין עלטער פֿון

זעכציק. זי האָט געהאַלטען איר קאָפּ אויף אַן אונטערשפּאַרנדיקער האַנט, און אירע אויגן זענען געווען פאַרשלאָסן. דערהערט דאָס קול פון דער שכנטע, האָט זי זיך האַסטיק אויסגעגלייכט און גענומען קוקן מיט פאַרוואונדערטע אויגן:

— מיסעס גאָטליב?!

— זייט מוחל, רביצין, — זאָגט מיסעס גאָטליב, — פאַר נישט וואָרטן ביז מ׳וועט עפענען די טיר פאַר מיר. כ׳בין געווען שטאַרק באַזאָרגט. כ׳האָב געזען אייער הילדע אַוועקגיין אין גאַס אַריין מיט אַ וואַליז און זי האָט זייער שלעכט אויסגעזען. בין׳ך געקומען פרעגן צי ס׳איז חלילה עפּעס דער מער.

בעת די שכנטע האָט גערעדט איז די רביצין געווען זייער פלייסיק פאַרפאַרעט מיט זיך. זי האָט זיך גיך אַרומגעווישט די אויגן, ווי צו באַהאַלטן עפּעס פון דער מיסעס גאָטליב, און באַמיט זיך אַרויפצוציען אַ האַפּעדרדיקייט אויפן פאַרטרויערטן פּנים. אָבער ווי נאָר די שכנטע האָט דערמאָנט צוליב וואָס זי איז געקומען, האָט זי מער נישט געקאָנט פאַרדעקן איר טרויער און זי האָט זיך ווידער צעוויינט.

— כ׳האָב אייך ביז היינט נישט געקאָנט זאָגן, — נעמט זי רעדן דורך טרערן. — דער רב און איך האָבן עס אין זיך געשטיקט. מ׳האָט געהאָפט, אַז ס׳וועט אפשר אַנדערש ווערן. אָבער מיט איר היינטיקן אויפפירן זיך איז געקומען אַ סוף צו אונזער דערוואַרטונג.

— ווע׳מענס אויפפירן זיך, מיינט איר, רביצין? — פרעגט מיסעס גאָטליב, כאָטש זי האָט זיך משער געווען וועמענס.

— הילדעס... — שפּאַרט די רביצין ווידער אַן איר קאָפּ מיטן געל־האַריקן שייטל אויף אַ האַנט און צעוויינט זיך אויפסניי.

אַז זי האָט זיך גוט אויסגעוויינט, איז זי ביסלעכווייז צו זיך געקומען און האָט אויסגעווישט די אויגן. זי האָט זיך אויסגעגלייכט און גענומען קוקן אויף דער שכנטע מיט אַזאַ שאַרף־שפּיזיקן בליק, וואָס האָט נישט איבערגעלאָזט דעם מינדסטן ספק, אַז ער טראָגט מיט זיך אַ גרויליקן בשורה־אַנזאָג:

— הילדע גייט אָפּלאָזן דעם שידוך...

זינט מיסעס גאָטליב איז דאָ אַריינגעקומען איז זי געשטאַנען נישט ווייט פון דער שוועל, די הענט פאַרלייגט אויף פאַרנט, און האָט אויסגעזען צו האָבן חרטה אויף איר נישט געבעטענעם באַזוך. איצט האָט זי זיך אָבער אַ לאָז אַראָפּ געטאָן אויף אַ שטול, קעגנאיבער דער רביצין, און זי האָט גענומען קוקן אַזוי, גלייך ווי זי אַליין וואָלט געווען די מוטער פון חתן. איר קיילעכיק, תמיד רויטלעך, געזונט פּנים איז געוואָרען בלייך, און דער שווערער, קורצוואוקסיקער גוף אירער איז געבליבן ממש טויט־פאַרשטאַרט, ווי אַ דיקער שטאַם, נאָכדעם ווי מ׳האָט ביי אים אונטערגעהאַקט דעם הויך־אויפגע־וואַקסענעם בוים מיט זיינע געדיכט־צעשטרעקטע צווייגן.

מיט אַ קנאַפּ יאָר צוריק — פאַר פּורים איז עס געווען — האָבן די האַרוויצעס געפּראַוועט דאָ זייער טאָכטער הילדעס תנאים. און זי, מיסעס גאָטליב, איז געווען איינע פון די פיל פאַרבעטענע געסט. אָ, וואָסער שימחה דאָס איז געווען! ס׳איז פאַרגעקומען אין אַ שבת־צונאַכט. אַרום טישן אין גאַסטצימער זענען געזעסן מאַנסבילן, און אין עסצימער — פרויען. צווישן די מאַנסבילן האָבן זיך געפונען אַ סך רבנים, רביים, אויך באַוואוסטע מנהלים פון ישיבות, אויך פירערס פון שול־קהילות און אויך געשעפטליייט. די דאָזיקע אַלע געסט זענען געקומען מיט זייערע פרויען און דערוואַקסענע קינדער.

צו די תנאים האָט זיך די רביצין האַרוויץ געגרייט אַ וואָך פריער. זי האָט געבאַקן, געבראָטן, אַנגעקויפט ווײַנען, אַנדערע געטראַנקען — און אַז אַלץ איז אַרויפגעשטעלט

געוואָרן אויף די באַלייכטע טישן פאַר די אַרומזיצנדיקע געסט, האָט עס אויסגעזען ווי געגרייט פאַר אַ חתונה.

זייער אויפגעלייגט זענען דעמאָלט געווען דעם חתנס עלטערן, מיסטער דזשאָ רובין און זיין פרוי אסתר. זיי זענען נישט געזעסן. זיי האָבן זיך געפּאָרקעט אין דער קיך. זיי האָבן צוגעהאָלפן דער רביצין, אויך איר, מיסעס גאָטליב, און אויך אַנדערע פרויען — צו סערווירן אויף די טישן, נאָכדעם צו טראָגן טעצלעך, טעלערס, חלות, ברויט, פליישן. זיי זענען אויך אַרומגעגאַנגען צו די געסט, סיי צו די וואָס די האַרוויצעס האָבן פאַרבעטן, און סיי צו יענע, וואָס זיי, די רובינס, האָבן איינגעלאַדנט. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי יעדן באַזונדער, פאַרבונדן אַ שמועס, געלאַכט, זיך אַמוזירט און יעדעס מאָל ווען מ׳האָט זיי אַנגעוואונטשן, האָבן זיי באַדאַנקט מיט ברכות גאַנצע בערג.

גאָר אויפגעלייגט, ווי ער וואָלט זיך געפונען אין זיבעטן הימל, איז אָבער געווען דער חתן, סאָל. ער איז געזעסן ביים טיש, אַרום וועלכן ס׳האָבן געשיינט די פּנימער פון רבנים, רביים, און האָט זיך געהאַלטן פריי מיט יעדן איינעם. ער האָט געטרונקען אַ סך, געגעסן היפּש, גערעדט אָן אויפהער צו די אַרומזיצנדיקע, וואָס האָבן שטאַרק אָנגעקוואָלן פון אים, און פון צייט צו צייט האָט ער אַ קוק אַריין געטאָן אין עסצימער, וואו ס׳האָט זיך געפונען זיין כלה, הילדע.

דאָס איז געווען — האָט ער געזאָגט ביים טיש — זיין גליקלעכסטער טאָג. זינט ער איז געקומען צום שכל האָט ער געקענט הילדען. ביידע, ס׳הייסט ער און זי, זענען געבוירן געוואָרן אין דער זעלבער גאַס. ער — מיט צוויי יאָר פריער ווי הילדע. שפּעטער זענען זיי געגאַנגען אין דעם זעלבן חדר פאַר קליינוואַרג, אין דער זעלבער ישיבה קטנה, אין דער זעלבער ישיבה־היי־סקול, כאָטש אומעטום אין באַזונדערע קלאַסן. ביידע זענען אויך אַלעמאָל מיטגעגאַנגען מיט זייערע עלטערן צו די זעלבע מלווה־מלכהס. ער האָט שטענדיק — אפילו דעמאָלט ווען ער איז נאָך געווען זייער יונג — געהאַט דאָס געפיל, אַז הילדע און ער וועלן ווערן מאַן און ווייב. נו, איז עס טיפּשות, אָדער יינגלעריש פון זיין זייט צו זאָגן, אַז דאָס איז דער גליקלעכסטער טאָג אין זיין לעבן?

און אויך הילדע האָט אויסגעזען זייער צופרידן. אַלעמאָל אַ געצאַמטע אין זיך, ווי עפּעס וואָלט זי געשראָקן צו באַטייליקן זיך אין אַ שמועס מיט מענטשן, איז זי אויך דעמאָלט ביי די תנאים געזעסן אַ צוריקגעהאַלטענע. אירע שיינע, ליכטיקע, בלויע אויגן האָבן געקוקט אויף אַנדערע. זי האָט זיך צוגעהערט וואָס די געסט רעדן און האָט געשמייכלט. זי האָט אויסגעזען ווי זי וואָלט זיך געשראָקן צו פרייען זיך שטאַרק מיט איר גרויס גליק פון ווערן אַ כלה צו דעם, וואָס מיט אים האָט זי כמעט איר גאַנץ יונג מיידל־לעבן פאַרבראַכט צוזאַמען. זי האָט מורא געהאַט פאַר אַן עין־הרע. דערפאַר האָט זי נאָר געשענקט איר אויפמערקזאַמקייט צו די שמועסן פון אַנדערע, כדי זי זאָל נישט דאַרפן טראַכטן בלויז וועגן זיך, וואָס דאָס איז אַ גרויסע זינד.

טאָ וואָס איז פּלוצעם צוגעשטאַנען צו איר?

— ס׳לאָזט זיך מיר גאָרנישט גלייבן, רביצין — זאָגט זי, מיסעס גאָטליב, נאָכדעם ווי זי האָט עטוואָס אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם פון דער פריטשמעליענדיקער בשורה. זי האָט בעת דעם נערוועז געפינטלט מיט אירע ברוינע אויגן, ווי פליגעלעך וואָלטן געפלויגן פאַרביי אירע מענטשעלעך הין און צוריק. — כ׳קאָן גאָרנישט קומען צו זיך פון דעם וואָס איר האָט מיר געזאָגט.

די רביצין האָט אויסגעזען ווי זי וואָלט נישט געהערט וואָס די שכנטע רעדט,

אָדער אײנגאַנצן נישט געװען פּאַראינטערעסירט װאָס עס גייט אָן אַרום איר. זי האָט געשװיגן.

דער מיסעס גאָטליב איז געקומען אויפן געדאַנק דער זמן־חתונה, װאָס די מחותנים האָבן צװישן זיך געהאַט באַשטימט ביי די תנאים. װען האָט דאָס געזאָלט זיין? יאָ, נאָך שבועות.

— איר מיינט צו זאָגן, — ציט מיסעס גאָטליב װידער אירע רייד, — אַז דאָס װאָס ס׳איז שוין נישט װייט צו איר חתונה האָט זי גאָרנישט אָפּגעהאַלטן?

פון דער איינגעבויגענער און פאַרקלאָגטער רביצין האָט זיך איצט געהערט אַ קלאַנג װי פון ערגעץ װייט:

— גאָרנישט.

— אָבער פאַרװאָס?

פון דער רביצין האָט זיך גאָרנישט באַקומען.

— װייסן שוין דערפון די רובינס?

— זיי װייסן נישט, אַז הילדע איז אַװעק פון הויז, — זאָגט די רביצין איצט אומגערן. — זיי װייסן אָבער פון זייער זון סאָל, אַז הילדע װיל אים נישט פאַר אַ חתן. און דערפאַר קומען זיי דאָ באַלד אַריבער דורכצורעדן זיך מיט אונז װעגן דעם.

די מיסעס גאָטליב האָט איצט גענומען פינטלען שטאַרקער מיט אירע אויגן. און דאַסמאָל אַזוי, גלייך װי איר זע־קראַפט װאָלט געװאָרן פאַרנעפּלט.

— כ׳קאָן נישט איינזיצן, רביצין, — מוטלט זי סתם אַזוי. — אַלץ זעט מיר אַצינד אויס אַזוי װי כ׳װאָלט געחלומט אַ שלעכטן חלום. ס׳טראָגט מיך אונטער...

## קאַפּיטל צװיי

# די מחותנים

### 1.

צװיי שעה נאָך דער הבדלה, פּונקט צו דער צייט װאָס די רביצין האָט זיך געריכט אויף אירע מחותנים, האָט זיך אין קיך דערהערט אַ נערװעזיש־טאַנצנדיק געקלונג פון דעם עלעקטרישן אַפּאַרטמענט־גלעקל. דבורהלע, די רביצין, װאָס האָט שוין לאַנג פריער געהאַט געזאָגט דער מיסעס גאָטליב „אַ גוטע װאָך״, איז געגאַנגען עפענען די טיר.

דער ערשטער אַריינצוקומען איז געװען מיסטער דזשאָ רובין. נאָך אים — זיין פרוי אסתר. מיסטער רובין איז געװען הויך און דאַר. דער היפּוך פון אים איז געװען זיין פרוי. זי איז געװען מיטלװאוקסיק און דיקלעך. אין עפּעס אַנדערש זענען זיי אָבער ביים איצטיקן באַזוך יאָ געװען ענלעך איינער צום צװייטן — ביידע זענען געװען קיל צו דער רביצין און האָבן קוים־קוים געעפנט זייערע ליפּן צו זאָגן „גוטװאָך״.

בטבע איז מיסטער רובין געװען אַן אויפגעלייגטער מענטש. ער איז גיך אַריינגעפאַלן אין התפעלות פאַר אַ גוט װאָרט פון װעמען ס׳זאָל נישט קומען. און ס׳האָט אים אויך נישט גענומען לאַנג צו פאַרבינדן אַ פריינדשאַפט אפילו מיט גאָלע פרעמדע. ער האָט

כמעט נישט געקאָנט לעבן אָן קעגנזייטיקער וואַרעמקייט מיט מענטשן.

זינט הילדע האָט זיך גענומען ברעקלען מיט זיין זון איז ער אָבער געוואָרן שטאַרק באַטריבט און ער האָט זיך שטילערהייט אָפּגעגעסן דאָס האַרץ. אפילו אין באַוועגן זיך, אין גיין, איז ער נישט געווען דער זעלבער. אַלעמאָל האָט ער זיך באַוועגט האַסטיק מיט זיין גוף און ער האָט געשטעלט לאַנגע טריט. לעצטנס זענען אָבער זיינע כחות ווי אויסגערונען פון אים. ער האָט נישט געהאַט קיין מאַכט אין זיינע הענט צו באַוועגן מיט זיי. און אַז ער איז געגאַנגען איז קוים קענטיק געווען דער חילוק צווישן זיין גיין און שטיין. ער האָט מיט שוועריקייט געשטעלט אַ פוס. נישט בעסער איז געווען מיט זיין רעדן. אַלעמאָל האָט ער גערעדט אימפּעטיק, שטורעמדיק. אין די פאַרגאַנגענע עטלעכע חדשים האָט ער אָבער גערעדט אַזוי שטיל, און מערסטנס מיט בלויז טיילווייז אָפענע ליפּן, אַז מ׳האָט געדאַרפט שטאַרק אָנשטרענגען דאָס אויער כדי צו כאַפּן וואָס ער זאָגט.

אויך אַזוי איצט. אַריבערגעגאַנגען די שוועל, האָט ער זיך קוים באַוועגט. ער האָט קוים־קוים געעפנט די ליפּן צו זאָגן אַ וואָרט, און ער האָט קוים־קוים זיך אומגעקוקט אויף דער רביצין. ער האָט אָבער געדרייט מיט די אויגן אויף רעכטס און לינקס צו כאַפּן דעם באַדייט פון דער שטילקייט און דעם חשכות אין אַפּאַרטמענט.

יעדעס מאָל, ווען ער איז דאָ אַריינגעקומען, האָט ער דערפילט אין דער לופט, אַז מ׳גרייט זיך אים אויפנעמען מיט כיבוד. פון דער קיך האָט זיך געשפּירט אַ ריח פון פרישע געקאָכטער קאַווע, און אויך אַ ריח פון פרישע געבעקס וואָס דבורהלע, די רביצין, האָט אַליין געבאַקן. אויך זענען אַלע צימערן געווען באַלייכט און מ׳האָט אפילו געקאָנט שפּירן אין דער ליכטיקייט דאָס אויפגעלייגטע געמיט פון די שטוב־באַלעבאַטים. איצט איז אָבער דאָ ווי אין אַ מתים־שטיבל.

— פאַרוואָס אַזוי שטיל? — האָט ער, גייענדיק אין קאָרידאָר, זיך עטוואָס אויס־געדרייט צו דער רביצין און מיט האַלב־געעפנטע ליפּן קוים־קוים אַרויסגעשטופּט זיינע ווערטער, — און פאַרוואָס אַזוי חושך? . . .

די רביצין, גייענדיק הינטער אים און זיין פרוי, האָט גענומען פיבערן מיט אירע ליפּן און געוואָלט ענטפערן מיט עפּעס אַזעלכעס, וואָס זי אַליין האָט נישט געוווּסט דעם שכל דערפון. אָנשטאָט דעם האָט זי זיך אָבער צעוויינט און האָט גענומען גיין די ערשטע אין דער קיך אַריין.

מיסטער רובין — ווי צוריקגעקראָגן זיינע פאַרלוירענע כחות — האָט זיך איצט פלינק און האַסטיק אויסגעדרייט צו דער פרוי זיינער און האָט געקוקט אויף איר מיט אַזאַ באַזאָרגטקייט, עלעהיי ער וואָלט געדאַרפט האָבן איר עצה אויף צו שטעלן אַ ווייטערדיקן טראָט.

מיסעס רובין — יאַנגעטאָן אין אַ העל־ברוינעם ווינטערמאַנטל מיט אַ סויבלענעם קאָלנער, אויף די הענט ווייסע הענטשקעס, אויפ׳ן קאָפּ אַ ווייס, פּילצן היטעלע מיט אַ קליין, ברוין שלייפעלע, דאָס חנעוודיקע, קינדיש־אומשולדיקע פּנים לייכט אָנגעפּודערט — האָט אַ ווײילע נאָכגעקוקט דער רביצין, נאָכדעם פאַרקרימט די ליפּן און אויפגעהויבן צום מאַן אירע אויגן, וואָס זענען געווען פול מיט שרעק און טרויער.

מיסטער רובין איז אַריין אין קיך און האָט זיך געזעצט צום טיש, ביי וועלכן ס׳איז שוין געזעסן די רביצין.

— פאַרוואָס וויינט איר, רביצין? — פרעגט ער מיט אַ זייער נידעריק קול.

די רביצין האָט נישט געענטפערט.

— און וואו איז דער רב, אויך הילדע? — פרעגט ער נאָך אַ ווײילע שווייגן און קוקן

אויף איר. — זיי האָבן דאָך געוואוסט, אַז איך און מיין ווייב קומען היינט אָוונט אַריבער...

די רביצין האָט אַריינגעטאָן דאָס פּנים אין די הענט און זיך שטאַרק צעוויינט.

די מיסעס רובין, שטייענדיק אין קיך, אַקעגנאיבער דעם טיש, האָט זיך אַראָפּגעצויגן די הענטשקעס פון די פינגער און נאָכדעם זיי ווידער אָנגעטאָן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי זיי אויפסניי אַראָפּגעצויגן און דערנאָך ווידער אָנגעטאָן. זי האָט נישט געוואוסט וואָס ס׳קומט מיט איר פּאָר און וואָס זי טוט. זי האָט נאָר געהאַלטן אין איין קוקן אויף דער רביצין, אויך אויפן מאַן — און פּלאָנטערן מיט די הענטשקעס.

מיסטער רובין האָט געדרייט מיט די ליפּן און געוואָלט אַ געשריי טאָן צו איר: „הער אויף, אסתר, מיטן ציען די פינף־פינגערדיקע שמאַטקעס אַרויף און אַראָפּ! הער אויף, זאָג׳ך דיר, וואָרן אַנישט וועל׳ך זיי אַראָפּרייסן פון די לאַפּעס דיינע און וואַרפן אין מיסט אַריין...״ ס׳איז אָבער נישט געקומען דערצו. ער האָט דערשטיקט אין זיך דעם כעסיקן באַגער און איז אויפגעשטאַנען.

ער איז אַרויס פון קיך, אַריין אין קאָרידאָר און האָט גענומען גיין געפינען אַן ענטפער אויף זיינע קשיות, אויב ער קאָן אים נישט באַקומען פון דער רביצין.

ער איז צו צום ספרים־שטיבל, וואו דער רב זיצט אָפט און קוקט אַריין אין אַ ספר, און ער האָט אַ קוועטש געטאָן דאָס עלעקטרישע וואַנט־קנעפּל.

אָפט טרעפט, אַז ווען דער רב הערט מיד פון לערנען, לעשט ער אויס דאָס לעמפּל, וואָס ער האָט אויפן טיש, און לענט זיך צו אַ ביסל אויפן בעט, וואָס ער האָט דאָרטן שטיין. איצט, נאָכדעם ווי ס׳איז געוואָרן ליכטיק פון דעם סופיט־לאָמפּ, האָט זיך אָבער אַנטפּלעקט, אַז ער איז דאָרטן נישט געווען.

ס׳האָט אָבער געקאָנט זיין, אַז ער האָט זיך נישט געפילט גוט און זיך געלייגט אין זיין שלאָפצימער. אפשר איז דאָס טאַקע געווען די סיבה פון דער רביצינס געוויין. אַז ער האָט אָנגעצונדן דאָס לעמפּל פון שלאָפצימער, וואָס איז געווען עטלעכע שפּאַן אַוועק, האָט ער אָבער געטראָפן דאָרטן פּונקט אַזאַ ליידיקייט ווי אין ספרים־שטיבל. איצט האָט ער זיך דערפילט שטאַרקער דערדריקט, אויף אַזוי פיל שטאַרקער, אַז דאָס לשון איז ביי אים שיר־נישט אָפּגענומען געוואָרן.

אומגערן, באַגוועלטיקט פון אַן אומבאַוואוסטער טרייבקראַפט, האָט ער זיך געלאָזט צו הילדעס שלאָפצימער.

הילדע האָט אַ טבע צו ליינען ביכער אין בעט, אָדער צו ליגן דאָרטן און חלומען אין דער פענצטער. זי קאָן אָפּטמאָל אָפּליגן דאָרטן פיל שעהן און נישט אַרויסקומען אפילו אויף אַ רגע. כאָטש געסט געפינען זיך אין הויז. אַזעלכעס האָט אפילו געטראָפן ווען ער, רובין, און זיין פרוי זענען געווען אין הויז. איינציקע מאָל האָט עס אים אַזוי שטאַרק פאַרדראָסן, אַז ער האָט זיך אויפגעהויבן און האָט אָנגעקלאַפּט אין איר טיר. „וואָס באַהאַלטסטו זיך דאָרטן אויס?״ — האָט ער אַריינגערעדט צו איר דורך דער עטוואָס אָפּגעעפנטער טיר. „די ביכער וועלן דיר אַנטלויפן? קום אַרויס! רעד אַ וואָרט מיט די מחותנים, ו׳עד...״ איצט איז אָבער די טיר געווען אָפן — און ער האָט זיך פאַרשפּאָרט דאָס קלאַפּן. ער איז געשטאַנען ביי דער שוועל און האָט בלויז אַריינגערעדט:

— הילדע! ביסט אויף? ניין? דו שלאָפסט?

אַז ס׳איז נישט געקומען קיין ענטפער, האָט ער אָנגעצונדן די עלעקטרע — און דאָס גאַנצע צימער האָט מיטאָמאָל גענומען קוקן אויף אים מיט אַזאַ אָפענער הוילקייט, ווי עס וואָלט דערמיט געוואָלט אים לאָזן וויסן וועגן דער באַדנלאָזיקייט פון זיינע באַמיאונגען.

מיט אַ געבויגענעם קאָפּ און ווי מיט אונטערגעהאַקטע פיס איז ער אַוועק פון הילדעס צימער. ער האָט זיך געלאָזט צוריק צו דער קיך. איצט האָט ער אָבער נישט געהאַט בדעה אַריינצוגייען דאָרטן. ער האָט געוואָלט בלויז זאָגן דער פרוי, אַז ער גייט אַהיים און אַז זי זאָל שוין, גלייך אויפן אָרט, טאָן דאָס זעלבע.

נאָך איידער ער האָט זיך אָבער דערנענט צו דער קיך, איז פון דאָרטן אַרויסגעקומען זיין פרוי, אסתר. זי איז געווען אַ פאַרוויינטע און האָט אים גענומען ציען ביי אַן אַרבל צום אַרויסגאַנג.

— שוין קום פון דאַנען... — האָט זי מיט געקלאָג אין איר קול אַ זאָג געטאָן.

— כ׳וויל שוין דאָ לענגער נישט זיין.

פון איר געוויין און פון דעם אופן שלעפּן אים ביים אַרבל האָט ער באַגריפן, אַז עפּעס אומדערוואַרטס איז געשען צווישן איר און דער רביצין אין דער קיך. ער איז אָבער געווען אַזוי דערדריקט פון זיינע אייגענע טריבע געפילן, אַז ער האָט נישט געהאַט קיין ווילן און נישט קיין כוח צו פרעגן זי. ער האָט זיך געלאָזט שלעפּן פון איר ווי ער וואָלט געווען אַ נישט־לעבעדיקע זאַך.

.2

אויף דער גאַס איז ער פונדעסטוועגן געבליבן שטיין און ער האָט מיט איינגע־שפּאַרטקייט פאַרלאַנגט פון ווייב, זי זאָל אים זאָגן וואָס ס׳איז געשען צווישן איר און דער רביצין.

— שוין זאָלסטו מיר זאָגן, אסתר, וואָס ס׳איז פאָרגעקומען צווישן אייך ביידן? — זאָגט ער מיט צודרינגלעכן כעס אין זיין קול. — הערסט? שוין!

אסתר האָט זיך העכער צעוויינט.

— וואָס האָב׳ך דיר צו זאָגן, דזשאָ? — האָט זי געהאַלטן אַ טיכעלע אויפן מויל און אַריינגערעדט דערין. — וואָס קאָנ׳ך דיר זאָגן? זי האָט מיר געזאָגט, אַז הילדע איז אַוועק פון דער היים. זי וויל נישט דעם שידוך. און דער רב איז געווען אַזוי אויסער זיך פון דער טאָכטערס פאַרשעמען אונדזער זון, אויך דיך, אויך מיך, אַז ער האָט געפילט, ער וועט נישט קאָנען זיין אין הויז און קוקן אונדז אין פּנים. האָט ער זיך אויפגעהויבן און איז אַוועק נאָך איידער מיר זענען געקומען. איז וואָס ביסטו צוגעשטאַנען צו מיר ווי אַ גזלן?

רובין האָט געקוקט אויף דער פרוי מיט אומגלייבלעכע אויגן. כאָטש אין די פאַרגאַנגענע עטלעכע חדשים האָט ער געהאַט אַ פאָרגעפיל, אַז עפּעס מצד הילדען וועט אים אויפטרייסלען, דאָך האָט ער נישט געוואָלט אָננעמען פאַר אמת, ווען ער האָט געהערט פון דער פרוי, אַז דאָס וואָס ר׳האָט משער געווען איז טאַקע געשען.

ווי לאַנג ער האָט אַזוי געקוקט אויף דער בשורה־אָנזאָגערין האָט ער נישט געוואוסט. ער האָט אויך נישט געוואוסט פאַרוואָס ער האָט נישט געקאָנט עפּענען ס׳מויל און זאָגן עפּעס, כאָטש דאָס גאַנצע אינגעווייד זיינס איז געלעגן אין אַ שרפה, האָט געשריען און געהאַלטן ביים פאַרבראַנדעוועט ווערן. מיטאַמאָל האָט ער זיך אָבער געכאַפּט, אַז ער קוקט נישט מער אויף דער פרוי, אַז ער שטייט נישט מער אַקעגן איר, נאָר אַז ער גייט. ער — פאָרויס, און זי, די פאַריאָמערטע פרוי — הינטער אים.

אין דרויסן איז געווען היפּשלעך פינצטער. דאָס ביסל ליכט פון די הויך־הענגענדיקע, דיק־פאַרשטויבטע גאַסן־לאָמפּן האָט קוים באַלייכט אַ טייל פון די טראָטואַרן. נישט קיין סך ליכטיקער איז געווען אין יענע פלעצער, וואו דורך הייזער־פענסטער האָט אַרויסגע־

בליאַסקעט דאָס מילך־ראָזקייט פון די עלעקטריש־צעהעלטע צימערן. פאַרבייגייערס, כאָטש זייער ווייניק אין צאָל, האָבן זיך נישט אומגעקוקט. זיי זענען געגאַנגען פאַמעלעך און פאַרזיכטיק, כדי נישט אויסצוגליטשן זיך, אָדער אומצופאַלן. די איינציקע, וואָס האָבן זיך נישט געערגערט איבער דער פינצטערניש, זענען געווען די יונגע פאָרלעך — יינגלעך און מיידלעך — וואָס זענען געשטאַנען אויף די פראָנט־טרעפּ פון די טענעמענט־געביידעס, צוגעפּרעסט פנים צו פנים, און דורך פאַרשטיקטע אָטעמס און קושן געשעפּטשעט איינס צום צווייטן וועגן גראַנדיעזע צוקונפט־פּלענער.

רובין און זיין פרוי זענען געגאַנגען אַזוי ווי זיי וואָלטן געווען פרעמדע איינער צום צווייטן. ער — פאָרויס, זי — הינטער אים. ער איז געגאַנגען זייער פאַמעלעך, כמעט ווי אַ קינד וואָס הייבט ערשט אָן שטעלן אַ פיסל. אָבער זי איז געגאַנגען נאָך פאַמעלעכער. זי האָט כמעט ווי נישט גערירט מיט די פיס, דערצו זענען ביידע געווען אַזוי געפאַלן ביי זיך, אַז זיי האָבן נישט געקאָנט קוקן איינער דעם צווייטן אין פנים אַריין. זיי האָבן זיך נאָר געשלעפּט, עלעהיי פאַרוואָרפענע רייזע־לייט, נאָך אַ שיפבראָך, וואָס וואַנדערן אויף אומבאַקאַנטער ערד, וואו זיי האָבן נישט קיין היים, קיין מאָלצייט, קיין פריינד און קיין פּרוטה ביי דער נשמה.

וואָלט איצט געווען טאָג, וואָלטן זיי, מיסטער רובין און זיין פרוי, נישט געגאַנגען אַזוי צעבראָכן — די קעפּ אַראָפּגעלייגט צו די מאַנטל־קעלנער, די אויגן ווי ביי נישט־מיושבע לייט, און די ליפּן צונויפגעפּרעסט אַזוי, אַז ס׳זאָל זיך נישט דורכרייסן דאָס יאָמערלעכע געשריי וואָס איז געווען פאַרהאַלטן און פאַרקלעמט אין דער קעל. זיי וואָלטן געגאַנגען מכלומרשט מיט אַ שמייכל אויפן פנים, ווייל זיי זענען געווען באַוואוסט ביי הונדערטער מענטשן אויף דער גאַס און ביי טויזנטער פון דער געגנט אַרום איסט־בראָדוויי. זיי וואָלטן געמוזט גיין מיט אויפגעלייגטקייט אויף זייערע פּנימער, ווייל אויב אַנדערש, וואָלטן מענטשן זיי אָפּגעשטעלט מיט פאַרחידושטע אויגן און מיט צודרינגעניש געפרעגט קשיות:

— וואָס איז דער מער, מיסטער רובין?

— עפּעס געשען אין אייערע ביזנעס?

— איז, חס וחלילה, עפּעס פאָרגעקומען אין שול, וואו איר זענט פּרעזידענט?

— געהאַט אפשר פאַרדראָס פון אַן איינוואוינער אין אייערע הייזער?

יאָ, ס׳וואָלט נישט אַדורכגעגאַנגען גלאַטיק, וואָרעם ער, מיסטער רובין, איז געווען באַוואוסט פאַר אַ גאָר רייכן ביזנעסמאַן, אַן אייגנטימער פון אַ טעקסטיל־געשעפט אַרום דילענסי סטריט, אויך פאַר אַ לענדלאָרד פון אַ צאָל טענעמענט־געביידעס אַרום איסט־בראָדוויי, און אויך ווי דער פּרעזידענט פון דער שול, וואו דער גייסטיקער מנהיג איז זיין מחותן, דער באַרימטער „פּוילישער רבי״, ר׳ אליהו האָרוויץ.

איצט אָבער, אין דער פינצטער, קאָנען זיי — סיי ער, סיי זי — גיין אַזוי ווי זיי פילן זיך. און זיי באַהאַלטן טאָקע גאָרנישט. נישט דאָס ליכט פון די גאַסן־לאָמפּן שטערט זיי אין דעם, און נישט די עלעקטריש־אויפגעהעלטע צימערן וואָס בליאַסקען אַרויס דורך די הייזער־פענסטער מיט אַ מילך־ראָזן גלימער.

.3

אין אַפּאַרטמענט, וואו זיי זענען אַהיימגעקומען, איז מיסטער רובין געבליבן שטיין אין פאָיער און ער האָט, מיט אַ דרוק אויפן וואַנט־קנעפּל, אָנגעצונדן דאָס עלעקטרישע סופיט־לעמפּל.

אין גאַנצן אַפּאַרטמענט, וואָס איז באַשטאַנען פון זעקס צימערן אויפ׳ן „גראַונד פלאָר״ פון רובינס טענעמענט־געביידע, איז געווען אומהיימלעך שטיל. ביז מיט עטלעכע חדשים צוריק איז דאָ יעדער שבת־אָוונט געווען פול מיט טומל, מיט רייד און געלעכטער. אין גאַסטצימער זענען זיך צונויפגעקומען בחורים און מיידלעך, וואָס האָבן באַלאַנגט צו „יאַנג איזראַעל״. אייניקע פון זיי זענען שוין געווען פאַרקנסט, און אַנדערע האָבן ערשט געהאַלטן ביים ווערן חתן־כלה. אַלע זענען אָבער געקומען צו פאַרברענגען דאָ ביז נאָך האַלבער נאַכט.

געקומען זענען זיי אַלע צו סאַלן, ווייל ער איז געווען פּרעזידענט פון דעם „יאַנג איזראַעל״־צענטער אַרום דילענסי סטריט. נאָך אַ סיבה — דאָס, וואָס ער איז געווען אַ צוגעלאָזענער, אַ וואַרעמער און שטענדיק גרייט צו געבן זיין היים פאַר פאַרוויילונגען.

יעדעס מאָל, איידער דאָס יונגוואַרג איז זיך צונויפגעקומען, איז סאַל אוועק צום רב ר׳ אליהו האָרוויץ און האָט זיך צוריקגעקערט אַהיים צוזאַמען מיט הילדען. הילדע איז געווען אויסגעשטאַט אין די שענסטע קליידער וואָס סאַל האָט נאָר געקאָנט קויפן פאַר איר אין די פיינסטע מלבושים־געשעפטן אויף פינפטער עוועניו, וואו די רייכסטע פרויען־קונדן, אָדער געבילדעטע, וואָס מיט אַ ראַפינירטן געשמאַק, קאָנען קריגן פאַר זיך אַלץ לויט זייער אייגענעם גוסט. הילדע איז אויך געווען באַצירט מיט דימענטענע אוירינגלעך, מיט אַ דימענטענעם רינגל, מיט אַ גאָלדענעם האַנטזייגערל, באַזעצט מיט דימענטלעך, וואָס זיי, די רובינס, האָבן איר געהאַט געגעבן ווי מתנות. זי האָט אויסגעזען ווי אַ פּרינצעסין! און יעדער האָט טאַקע אַרויפגעקוקט צו איר מיט ליבשאַפט, מיט פאַרערונג און מיט פאַרגינערישקייט. וואָרעם אַחוץ דעם וואָס זי איז געווען אַ געבילדעטע, אַן אָנגעליינטע אין ליטעראַטור, אין פּאָליטיק, אין פילאָזאָפיע, איז זי אויך געווען אַ האַרציקע, אַ באַשיידענע, כאָטש פון צייט צו צייט האָט זיך אין איר באַציאונג צו מענטשן אַ דערוועק געטאָן דאָס געפיל פון יחוס, פון אַנדערשקייט, און זי האָט זיך אָנגעכמורעט, אָדער געהאַלטן זיך עטוואָס פון ווייטנס. דאָס האָט איר אָבער געפּאַסט — און מ׳האָט עס איר פאַרגעבן מיטן גאַנצן האַרץ, איבערהויפּט דערפאַר, ווייל אין איר ברוגזן זיך איז נישט געווען קיין קוקן פון אויבן־אַראָפּ, אָדער רישעות.

יעדעס מאָל ביי אַזאַ צונויפקום איז דער טיש אין עסצימער געווען געגרייט מיט פלאָדן, מיט האָניק־לעקעך, מיט שטרודל, וואָס זי, פרוי רובין, האָט נאָך צוגעגרייט ערב שבת. עס זענען אויך געווען געגרייט טעלערס מיט עפּל, מיט פּאָמעראַנצן, מיט טייטלען, און אויך מיט לאַטקעס, וואָס זי, פרוי רובין, האָט אָנגעפּרעגלט באַלד נאָך הבדלה. אויך זענען געווען סערווירט פלעשער סאָדעס, סעלצער, עפּל־זאַפט און ווייגען.

דאָס יונגוואַרג האָט דיסקוטירט צווישן זיך די וועלט־נייסן, וואָס אַלע צייטונגען זענען געווען פול מיט זיי. זיי האָבן דיסקוטירט וועגן היטלערן, דעם שונא־ישראל, וואָס איז מיט דער צושטימונג פון פאָלק דורך וואַלן געוואָרן דער הערשער פון דייטשלאַנד, און וואָס גרייט זיך אויסצושפּרייטן מיט זיינע גוטבאַוואָפנטע אַרמייען איבער לענדער פון אייראָפּע און אַפריקע, אפילו ווען די גאַנצע וועלט זאָל זיך אים קעגנשטעלן אין אַ בלוטיקן געראַנגל. זיי האָבן אויך דיסקוטירט וועגן דעם גורל פון די דייטשע יידן, וואָס היטלער און זיינע נאָכפאָלגערס האָבן געצוואונגען דורך פּאָגראָמען און מלוכהשע אַנטי־יידן געזעצן צו פאַרלאָזן זייערע געשעפטן, זייער אָפּשפּאָר אין באַנקן, זייער האָב־און־גוטס און צו פאַרנעמען זיך פון לאַנד. זיי האָבן אויך גערעדט וועגן ארץ ישראל, וואָס דער ענגלישער מאַנדאַט איבער איר לאָזט נישט אַהינצו קיין פרייע איינוואַנדערונג פון אויס־געוואָרצלטע דייטשע יידן און פון יידן אין אַנדערע לענדער, כדי נישט אָפּצושוואַכן צו

זיך דעם צוטרוי פון די אַראַבישע מלוכות. אויך האָבן זיי גערעדט וועגן די פּאַרייניקטע שטאַטן, וועגן איר פּיליאַריקן עקאָנאָמישן קריזיס, וואָס אַפילו אונטער דער פירערשאַפט פון דעם סאָציאַלן רעפאָרמער, פּרעזידענט רוזוועלט, איז איר נישט געוואָרן קיין סך לייכטער. די וואַשינגטאָנער רעגירונג איז דערפאַר געוואָרן שטרענג אַפילו צו די אָרעמע־וואָגלענדיקע דייטשע יידן, וואָס האָבן געבעטן די אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדעס אין אויסלאַנד דאָס רעכט אויף אַריינצוואַנדערן דאָ און אויפשטעלן זייער היים.

טייל מאָל האָבן זיי, דאָס יונגוואַרג, אָנגעשטעלט דאָ די וויקטראָלע, אַרויפגעלייגט די נייסטע פּליטן, וואָס סאָל האָט זיך איינגעשאַפט אין אַ רעקאָרד־געשעפט, און זיי האָבן זיך געלאָזט איבערן טעפּעך צום טאַקט פון די מאָדערנסטע טענץ, וואָס זענען געווען פּאָפּולער אין לאַנד. טייל מאָל האָבן זיי זיך אויך פאַרווײַלט אין פאַרשידענע שפּילן מיט טרעפן, לויט פאַרזיכטיק אָנגעגעבענע סימנים פון פּרעגערס, ווער ס'איז דער אָדער יענער באַוואוסטער מאַן אין דער געשיכטע פון פעלקער. אויך האָבן זיי אָפט גערעדט וועגן די אַקטיוויטעטן פון „יאַנג איזראַעל״ און וועגן נייע אַרבעטן אויף שפּעטער. און צווישן איין דיסקוסיע און אַ צווייטער, צווישן איין שפּיל און אַ צווייטן, האָבן זיי אויך דורכגעוואָרפן זיך מיט מיינונגען וועגן ביכער, וואָס זענען געוואָרן זייער באַרימט אין לאַנד, און אויך וועגן טעאַטער אויף בראָדוויי. אין אַזעלכע שמועסן האָט זיך מערסטנס אָנגעזען הילדע. זי האָט געוואוסט וועגן אַלץ וואָס טוט זיך אויפן מאַרק פון ביכער און אין דער וועלט פון טעאַטער. יעדער האָט אַרויפגעקוקט צו איר און זיך צוגעהערט, פּונקט אַזוי ווי די פרומע יידן הערן זיך צו צו איר פאָטער דעם רבֿ, ווען ער האַלט פאַר זיי אַ דרשה אין אַ שבת, אָדער יום־טובֿ.

אין די שבת־צונאַכטן פון די פאַרגאַנגענע עטלעכע חדשים איז אָבער דאָ געווען איינגאַנצן אַנדערש. ווי נאָר הילדע האָט זיך אָפּגעזאָגט פון צונויפקומען מיט סאָלן, האָט ער, סאָל, מער נישט געהאַט קיין באַגער צו פאַרבעטן צו זיך אַהיים זיינע פריינד. ער האָט דאָס נישט געהאַט אָפּגעשטעלט מיטאַמאָל. אָבער פאַר יעדן שבת־אָוונט האָט ער צוגעגרייט אַן אַנדערן תּירוץ, אַזוי לאַנג, ביז דער קרייז יונגעלייט האָט זיך געכאַפּט, אַז צווישן הילדען און סאָלן איז עפּעס געשען — און זיי האָבן אַליין אויפגעהערט צו קומען.

היינט איז אָבער דאָ אַזאַ שטילקייט, ווי נאָך אַ שׂרפֿה. אַפילו דער זון איז נישטאָ. פון גרויס קלעמעניש איז ער, מיט עטלעכע טעג צוריק, אַוועק אין אַ האָטעל, אין די קעטסקיל־בערג. ער, מיסטער רובין, האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט און נעכטן אָוונט אין שול, נאָך קבלת־שבת, האָט ער געלאָזט וויסן דעם רבֿ, אַז היינט מוצאי־שבת וועט ער, אויך זיין ווייב, אַריבערקומען צו אים אין הויז און זיך דורכרעדן מיט אים וועגן הילדעס ברוגז מיט סאָלן. צום סוף האָט זיך גאָר אַרויסגעוויזן, אַז ס'איז מער נישט נייטיק געווען קיין שמועס. הילדע איז אַוועק פון דער היים. זי וויל נישט דעם שידוך. און דער רבֿ איז אַוועק, ווייל ער קאָן מכלומרשט נישט זיין אין הויז און קוקן דעם חתנס עלטערן אין פּנים, ווען זיי וועלן קומען דורכצורעדן זיך מיט אים.

מיט אַ צעבראָכן געמיט האָט מיסטער רובין אַראָפּגענומען פון זיך דעם קאַפּעליוש, דעם מאַנטל, און זיך געלאָזט פון פאָיער אין דעם גאַסטצימער אַריין. דאָ האָט ער זיך געזעצט אַ שטום־שווייגנדיקער אויף דער סאָפע און אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף אַ האַנט.

מיסעס רובין, אַ צעבראָכענע, האָט זיך אָבער פאַרקליבן אין שלאָפצימער אַריין. דאָרטן האָט זי אַראָפּגענומען פון זיך אירע מלבושים און נאָכדעם מיט אַ געיאָמער, וואָס זי האָט צוריקגעהאַלטן זינט זי איז אַוועק פון רבֿס הויז, זיך אַרויפגעוואָרפן אויפן בעט.

# קאַפּיטל דרײַ

# די מוטער

.1

דאָס אַנאָױפֿהערלעכע געיאָמער, װאָס האָט אַרױסגעקלאָגט פֿון שלאָפֿצימער און באַטריבט אַלע שטיבער פֿון אַפּאַרטמענט, האָט נאָך מער צעבראָכן מיסטער רובינען. ער איז געזעסן אין װינקל פֿון דער סאָפֿע, געהאַלטן דעם לינקן עלנבויגן אויפֿן פּלאַטשיקן, באַצויגענעם זײַטל, דעם קאָפּ אויף דער האַנטפּלאַך, און זײַן האַרץ איז צעריסן געוואָרן פֿון דער פּרויס געוויין. טרערן זענען אים געקומען אין די אויגן. הילדעס ברעקלען זיך מיט סאָלן האָט קראַנק געמאַכט זײַן פֿרוי אין די פֿאַרגאַנגענע עטלעכע חדשים. און איר אָפּזאָגן זיך פֿון שידוך היינט אָוונט האָט זי, די מוטער פֿון דעם לײַדנדיקן זון, אײַנגאַנצן פֿאַר אויס מענטש געמאַכט. ס׳יאָמערט אין איר איצט נישט נאָר דאָס האַרץ פֿון דער שטענדיק באַזאָרגטער מאַמע. ס׳יאָמערט אין איר אויך אַלץ װאָס האָט געהאַט אַ חלק אין אויסטראָגן און ברענגען דעם זון אויף דער װעלט.

ער איז זיכער, אַז אין איר געיאָמער קלאָגט זײַן פֿרוי אויך אויף דעם, װאָס זי איז אָפּגענאַרט געוואָרן פֿון איר אײַנגעגלויבטקייט אין דעם רבנישן הויז. זי פֿילט זיך איצט אָפּגעחוזקט פֿון איר צוטרוי װאָס זי האָט געהאַט אין דער יחוסדיקער מישפּחה האָראָוויץ. און נישט נאָר איז ער זיכער, אַז זי קלאָגט דערויף, נאָר װען זי װאָלט דאָס נישט געטאָן, װאָלט זי געדאַרפֿט פֿאַרשטיין, אַז זי דאַרף עס טאָן.

איבער אַלע יאָרן, װאָס דער רב איז דער גײַסטיקער מנהיג פֿון דער שול, איז דאָס הויז דאָ געװען שטאַרק נאָענט צו אים. ער, רובין, האָט געטאָן אַלץ פֿאַר אים און זײַן מישפּחה. ער האָט אים אַרײַנגעזעצט אין אַן אַפּאַרטמענט פֿון זײַן, רובינס, טענעמענט־געבײַדע און נישט גערעכנט אים קיין סך פֿאַר רענט. ער האָט אים געהאָלפֿן פֿון דער אייגענער קעשענע צו פֿאָרן מיט דער מישפּחה אין די קעטסקיל־בערג אויף אָפּרו אין די זומער־חדשים, און קיין לייקוואָוד אין װינטער. אויך האָט ער געטאָן אַ סך פֿאַר הילדען פֿון זינט דעם טאָג, מיט צוואַנציק יאָר צוריק, װען זי איז געבוירן געוואָרן. און געטאָן האָט ער עס — נישט דערפֿאַר װײַל ער האָט געוואָלט הילדען פֿאַר זײַן זונס כּלה. חס וחלילה. ער האָלט נישט פֿון אײַנקויפֿן זיך אין יחוס דורך מתּנות און געלט. ער האָט דאָס געטאָן פּשוט דערפֿאַר, װײַל ער האָט זיך געפֿילט צוגעבונדן צו דער איידעלער מישפּחה, און אויך דערפֿאַר, װײַל דעם רבס שכירות זענען נישט געװען גענוג גרויס אויף צו דעקן אַלע זײַנע שטוב־הוצאות.

אַרויסגעוויזן האָט זיך אָבער, אַז זיי — דער עיקר דער רב און הילדע — האָבן דאָס אַלץ באַטראַכט נישט װי אַ באַװײַז פֿון גוטסקייט און ליבשאַפֿט צו זיי, נאָר װי אַ געװען־געצאָלטן פּרײַז װאָס געװיסע קונים צאָלן פֿאַר שײנע מלבושים, אין װעלכע זיי װעלן אויסזען װירדיקער. דער סוף איז טאַקע געװען, אַז זיי האָבן זיך געלאָזט באַצאָלן אַזוי לאַנג װי זיי האָבן נישט צופֿיל אײַנגעשטעלט. אַפֿילו מיט די תּנאָים לעצטן יאָר, פֿאַר פּורים, װײַזט אויס, האָבן זיי נישט געהאַט קיין סך אײַנגעשטעלט. נאָך אַלעמען, װאָס זענען תּנאָים? װאָס נענטער ס׳איז אָבער געקומען צום זמן־חתונה האָבן זיי זיך גענומען צוריקציִען טריט בײַ טריט — און היינט אָוונט האָבן זיי אַלץ פֿאַרענדיקט. זי, הילדע, איז אַװעק פֿון הויז כּדי נישט צו הערן װעגן איר פֿאַרברעך װאָס די מוטער, אין

צעטראַגנקייט, האָט איר מן־הסתם, דערמאָנט דערין אַן אויפהער, אויך געוואָרנט קעגן דעם. און דער רב איז אַוועק מכלומרשט מיט אַן אויסרייד.

יאָ, דאָס איז דער אמת. און אַ באַוויז דערויף, אַז ער איז נישט אויף קיין קרומען וועג, איז די אויפפירונג פון רב לגבי אים, רובינען, אין משך פון יאָרן. אָפט האָט ער באַמערקט, דער עיקר נאָך די תנאים, ווי דער רב האָט נישט געהאַט קיין חשק צו גיין מיט אים, רובינען, אין גאַס. דער רב האָט זעלטן גערעדט צו אים אין דרויסן. ער האָט אַלעמאָל אַוועקגעקוקט. און טאָמער איז צוגעקומען אַ שול־ייד, אָדער אַ באַקאַנטער, און באַגריסט דעם רב און אים, רובינען, מיט „גוט מאָרגן, מחותנים", אָדער מיט „גוט שבת, מחותנים", איז דעם רבס פּנים געוואָרן ווייס און זיינע ליפּן האָבן גענומען ציטערן ווי אין פיבער.

אמת, ער, רובין, האָט איבער דער גאַנצער צייט זיך נישט אָפּגעשטעלט דערויף. טיף אין זיין האַרץ האָט ער זיך אָבער אָפט געפרעגט, וואָס מיינט אָט דאָס אַלץ? וואָס שטעקט היּנטער דעם? נישט איין מאָל האָט ער אויף זיינע אינערלעכע פרעגענישן געקראָגן אַן אינערלעך באַרואיקנדיקן ענטפער, אָדער אַן אויפטרייסלענדיקע תשובה. ער איז אָבער קיינמאָל נישט געווען זיכער צי ער מעג זיך פאַרלאָזן אויף איין טענה, אָדער אויף אַ צווייטער. היינט אָוונט איז אָבער געקומען דער אויסגעשפּראָכנסטער אמת. אַלץ איז איצט קלאָר. נישטאָ מער קיין ספקות. איצט ווייסט ער ווי ער האַלט. און ער גלייבט, אַז אויך זיין פרוי האָט איבער אַלע יאָרן געהאַט אירע ביטערע איבערלעבונגען מיט דער רבנישער מישפּחה. זי האָט אָבער גאַרנישט אַנטפּלעקט פאַר אים, פּונקט ווי ער האָט עס נישט געטאָן פאַר איר. זי האָט זיך, מן־הסתם, אויך געוואַקלט צווישן ספקות און פאַקטן. איצט, אָבער, זעט זי שוין אויך אַלץ קלאָר, און דערפאַר איז איר געיאָמער אַזוי פיינלעך, אַזוי דערשלאָגנדיק, ווי ס'איז דאָס וואָיען פון אַן איבערגעפּאַרענעם הונט, וואָס ליגט אַ פאַרבלוטיקטער אויפן אַספאַלט אין גאַס.

.2

אינדערפרי איז ער, רובין, נישט געגאַנגען אין געשעפט אַריין, כאָטש זונטיק האָט ער אָפט מער ביזנעס ווי אין אַן אַנדערן טאָג פון דער וואָך. ער האָט אָנטעלעפאָנירט זיין שוועסטערס טאָכטער, אַ צעשיידטע פון איר מאַן, וואָס אַרבעט ביי אים אין אָפיס, אויך אין געשעפט, אַז זי זאָל קומען נאָך דעם שליסל, און ס'האָט נישט גענומען לאַנג ווי דאָס עלעקטרישע טיר־גלעקל האָט זיך צעקלונגען.

רובין האָט געעפנט די טיר — און ס'איז אַריינגעקומען אַ מיטלוואוקסיקע, פאַמעלעך זיך באַוועגנדיקע פרוי, פון אַ יאָר עטלעכע און דרייסיק, מיט רואיק־קוקנדיקע, כמעט קאַלטע, פיש־אויגן.

— גוט מאָרנינג, אַנקל דזשאָ.

— גוט מאָרנינג, ריווע.

— וואָס דער מער? פאַרוואָס קומסטו היינט נישט אין סטאָר, אַנקל דזשאָ?

— די מומע אסתר פילט זיך נישט גוט.

— די מומע אסתר? איז פאַרוואָס האָסטו מיר נישט געזאָגט וועגן דעם אויפן טעלעפאָן?

— צו וואָס באַשרעקן דיך פון ווייטנס? די בשורה וועט זיין פאַרעלטערט אַצינד?

— וואָס איז איר, דער מומען אסתר?

— כ'ווייס...

— וואו איז זי?

— וואו זאָל זי זיין?

ער איז אַריינגעגאַנגען מיט איר אין שלאָפצימער און געבליבן שטיין ביי דער פרויס בעט.

— נו, אָט זעסטו זי, — זאָגט ער צו דער פלימעניצע.

— וואָס איז דיר, מומע אסתר? — פרעגט זי און די אויגן אירע קוקן ווי ביי אַ געגליווערטן פיש.

אסתר איז געלעגן אונטער אַן אויסגעשטעפּטער, וויינרויט־זיידענער צודעק, אין איר קאָפּ, מיט דורכגעזילבערטע, שוואַרצע האָר, איז געווען אַריינגעקנייטשט אין קושן. אַרום דעם מויל האָט זי איצט געהאַט אַ סך פּעלבלעך, און אונטער די אויגן האָבן זיך געפּוכקעט געל־בלויע רינגען. אירע ליפּן — דין און איינגעטרוקנט — זענען געווען צונויפגעפּרעסט. און איר בליק האָט קרומלעך, געבלאָנדזשעט אויפן צודעק־זוים, וואָס איז געלעגן אויף איר בוזעם. אַנשטאָט ענטפערן ריווען, האָבן זיך אירע אויגן אַ קנייטש געטאָן — און ס׳האָבן געגומען פליסן טרערן.

— כ׳גיי רופן דעם דאָקטער, — זאָגט דזשאָ רובין, זעענדיק, אַז דאָס ווייב קאָן נישט רעדן. — זי האָט אַ גאַנצע נאַכט געקרעכצט.

— אויף וואָס באַקלאָגט זי זיך? — קוקט ריווע אַרויף צום אָנקל דזשאָ.

— אויף אַלץ, — זאָגט דזשאָ רובין. — אויפן קאָפּ, אויפן האַרץ, אויף די פיס, די הענט...

— און עסן עסט זי? — פרעגט ריווע.

— זי האָט נישט קיין אַפּעטיט צו גאָרנישט.

— און טרינקען טרינקט זי?

— אויך גאָרנישט.

— אויב אַזוי דאַרפסטו טאַקע באַלד רופן דעם דאָקטאָר — זאָגט ריווע מיט אַ ניכטערנעם אונטערטאָן אין איר מאַנצבילישן קול. — ד׳ווייסט, אָנקל, אַז איך ווער נישט לייכט אַלאַרמירט ווען ס׳איז מיר עפּעס... אָבער דאָס וואָס דו האָסט איבערגעגעבן וועגן דער מומען אסתר, זאָגט מיר דערויף מיין האַרץ, אַז דו דאַרפסט נישט וואַרטן... דאַרפסט גלייך רופן אַ דאָקטער.

— יאָ, כ׳גיי עס באַלד טאָן.

— ווילסטו אפשר איך זאָל אים אָנרופן?

— ניין, ריווע. ס׳איז שוין צייט צו עפענען דעם סטאָר. די סיילסלייט וועלן דאָרט געווויס באַלד אָנקומען און וואַרטן אויף מיר. נעם דעם שליסל און גיי.

ריווע איז געווען זייער אַן איבערגעגעבענע צום אָנקל דזשאָ. זי האָט געאַרבעט ביי אים ווי אַ פערד. אַחוץ פירן די אָפיס־ביכער פון דעם טעקסטיל־געשעפט און פון די טענעמענט־הייזער, האָט זי אָפט אין דער קראָם אויך געטאָן די אַרבעט פון אַ פאַרקויפערין, דערצו איז זי די מערסטע שעהן פון טאָג געזעסן ביים רעגיסטער־מאַשין און זי האָט איינקאַסירט געלט, אָדער טשעקס פאַר פאַרקויפטע סחורות.

— ביסט גערעכט, אָנקל דזשאָ, — האָט זי אַ קוק געטאָן אויף איר האַנט־זייגערל און נאָכדעם אויפגעהויבן די אויגן צו רובינען. — ס׳איז שוין טאַקע צייט.

און אַ ווײַלע נאָכדעם, ווען זי איז שוין מיטן שליסל אין האַנט געשטאַנען ביים אַרויסגאַנג, האָט זי ווידער אויפגעהויבן די אויגן צום אָנקל:

— און וואָס הערסטו פון סאָלן? האָט ער שוין גערעדט מיט אייך פון האָטעל?

דזשאָ האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, „יאָ, גאַנץ גוט״, כאָטש ס׳האָט זיך נישט

אָנגעהויבן און נישט אויסגעלאָזט. נאָכדעם איז ער אַרויס פון שלאָפצימער, אַריין אין דער קיך און האָט אָנגעקלונגען צום דאָקטער אין אָפיס.

.3

אַריינגעקומען איז דער דאָקטער באַגלייט פון רובינען, וואָס האָט געעפנט פאַר אים די טיר.

— ווען האָט זיך אייער פרוי גענומען פילן שלעכט, מיסטער רובין? — איז דער דאָקטער געבליבן שטיין אין פאָיער און ער האָט געוואָלט וויסן געוויסע איינצלהייטן איידער ער פאַרנעמט זיך צו מיסעס רובין.

— נעכטן ביינאַכט, דאָקטער ראָזנער, — ענטפערט רובין מיט געדריקטקייט אין קול.

— קאָנט איר מיר זאָגן, וואָס זי האָט געטאָן איידער זי האָט זיך גענומען פילן שלעכט?

— יאָ, — שאָקלט דזשאָ רובין מיטן קאָפּ און ער נעמט דערציילן.

געווען איז דאָקטער ראָזנער זייער פּאָפּולער אין דער איסט־סייד. ער האָט געוואוינט אין איינעם פון רובינס טענעמענט־הייזער, און דאָרטן, צוזאַמען מיטן אַפּאַרטמענט אויפן „גראַונד פלאָר", האָט ער געהאַט זיין אָפיס. צווישן די וואָס זענען געגאַנגען צו אים זיך היילן, אָדער וואָס האָבן אים גערופן אַהיים צו קראַנקע, זענען געווען סיי רייכע און סיי אָרעמע. ער איז געווען, לויט דער מבינות פון עולם, אַ מכשף אין דער מעדיצינישער פּראָפעסיע. דערצו האָט ער געהאַט אַ כאַראַקטער פון זייד. מחמת אַט די צוויי פּערזענ־לעכע צוציאונג־כוחות זיינע, וואָס האָבן אַרויסגערופן צוטרוי און וואַרעמקייט צו אים, איז ער אַלעמאָל געווען באַשעפטיקט. אפילו אַזוי פרי ווי צען אַזייגער, ווען רובין האָט טעלעפאָנירט אין זיין אָפיס אַריין, האָט ער שוין געהאַט געמאַכט אַ צאָל וויזיטן ביי חולים, און זיין אָפיס־מיידל האָט שוין געהאַט גרייט פאַר אים אַ צווייטן לאַנגן צעטל פון אונטערזוכונגען ביי אַנדערע פיזיש און גייסטיק ליידנדיקע, וואָס האָבן אויף אים געוואַרט.

אָבער ווען דאָס אָפיס־מיידל האָט זיך געשטעלט מיט אים אין פאַרבינדונג ביי אַ קראַנקן אין הויז, וואו ער האָט זיך געפונען, האָט ער זיך אויפגעהויבן, ווי נאָר ער איז מיט יענעם פאַרטיק געוואָרן, און ער האָט זיך גלייך געלאָזט אַהער צו די רובינס, כאָטש ס'האָבן אויף אים געוואַרט אַנדערע וויזיטן, וואָס זענען, לויט דער ריי, געקומען פריער.

געטאָן האָט ער דאָס — נישט ווייל די אַנדערע קראַנקע זענען נישט געווען אַזוי חשוב ווי די פרוי רובין, חס וחלילה. קראַנקע זענען ביי אים נישט געווען איינגעטיילט אין חשובע און אומחשובע. ער האָט אָבער אָפּגעווייכט פון דער יושרדיקער פּראַקטיק איצטיק מאָל, ווייל שוין לאַנג ווי ער האָט זיך געשראָקן פאַר מיסעס רובין.

מיסעס רובין איז געווען זיין פּאַציענט מער ווי דריי צענדליק יאָר. דאָס איז כמעט די זעלבע ציים וואָס זי איז פאַרהייראַט צו מיסטער רובין. אין די ערשטע יאָרן נאָך דער חתונה האָט זי נישט געקאָנט אויסטראָגן קיין קינד. אָדער זי האָט מפּיל געווען, אָדער דאָס קינד איז געבוירן געוואָרן טויט. נאָכדעם האָט זי אָפּגעוואַרט עטלעכע יאָר אין דערשלאָגנקייט, אין איזאָלירטקייט פון אַנדערע פרויען, פאַר וועלכע זי האָט זיך געשעמט מיט אירע אומגליקן, און שפּעטער — מיט אַ ציטער אין האַרץ — האָט זי ווידער פאַר־שוואַנגערט. דאָס מאָל האָט זי אויסגעטראָגן און געבוירן אַ יינגל, וואָס זיי, די רובינס, האָבן אַ נאָמען געגעבן „ישראל" און דערנאָך אים גערופן „סאָל" אויף ענגליש. אָבער ווי אומגעווייינלעך שרעקעוודיק זי איז געווען מיט אים, דעם איינציקן זון, וואָס נאָך זיין

געבורט האָט זי שוין מער נישט געקאָנט מעוברת ווערן.

אין משך פון עטלעכע יאָר, ווען סאָל איז געווען אין עלטער צווישן פינף און צען, האָט זי אים אינדערפרי צוגעפירט צו דער ישיבה און נאָכמיטאָג אים צוריקגעבראַכט אַהיים. אויך איז זי געווען זייער אָפּגעהיט מיט די מאַלצייטן, וואָס זי האָט פאַר אים געגרייט. און שפּעטער, אין עלטער צווישן צען און זעכצן, אַז סאָל האָט זיך געשעמט פאַר די ישיבה־יינגלעך און מיידלעך צו האָבן די מוטער פאַר אַ באַגלייטערין, איז זי, מיסעס רובין, געזעסן אין דער היים מיטן האַרץ אויף דער נאָז, אָדער זי איז געשטאַנען אין דרויסן פאַרן הויז, און האָט געקוקט ווייט־ווייט מיט אירע פאַרטרערטע אויגן און געוואָלט כאַטש כאַפּן אַ בליק צי ער איז שוין אויפן וועג אַהיים.

פון שיקן אים אין קאָלעדזש איז נישט געווען קיין רייד. צו וואָס זאָל ער זיך אָנשטרענגען דעם קאָפּ? ער דאַרף עס דען האָבן פאַר פּרנסה? דער פאָטער האָט, ברוך השם, פאַר אים אַ גוט געשעפט, אַזוי, אַז דער זון איז באַזאָרגט אויפן גאַנצן לעבן.

און וואָס אמת, סאָל אַליין האָט זיך נישט איינגעשפּאַרט צו לערנען אויף אַ פּראָפעסיע. און אויב נישט קיין פּראָפעסיע, איז צו וואָס סתם לערנען? ער איז אַריין אין פאָטערס געשעפט — און אין אַ קורצער צייט אַרום האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז געניאַל אין ביזנעס. ער שטייגט אַריבער דעם פאָטער מיט הונדערט קעפּ. ס'האָט טאַקע נישט גענומען לאַנג און ער איז געוואָרן דער פאַרוואַלטער פון אַלע עסקים. ער האָט אויף זיין אייגענער האַנט געמאַכט טראַנזאַקציעס מיט די טעקסטיל־פאַבריקן אין פּאַסייק, באָסטאָן, פילאַ־דעלפיע, סאַן פראַנסיסקאָ און אין אַנדערע שטעט איבער אַמעריקע און אויך אין אויסלאַנד.

די מוטער איז געווען אויסערגעוויינלעך צופרידן מיט דעם ביסל גליק וואָס דער רבונו של עולם האָט איר ענדלעך, נאָך אַ סך ליידן אירע, באַוויליקט. און גאָר אויפגעלויכטן איז זי געווען ווען ס'זענען פאַרגעקומען די תנאים פאַר איר זון און דעם רבס טאָכטער — אַ שידוך וואָס זי האָט אין משך פון יאָרן אויסגעקוקט אויף אים, און וואָס איז סוף כל סוף מקוים געוואָרן.

טיף אַנטוישט און דערשלאָגן האָט זי אָבער אָנגעהויבן ווערן מיט עטלעכע חדשים צוריק, ווען ס'האָבן זיך גענומען ווייזן שלעכטע סימנים וועגן דעם האַפט פון שידוך. זי האָט אָנגעהויבן ליידן אויף קאָפּ־ווייטיק, אויף שווינדל פאַר די אויגן. און אָפט האָט זי זיך צעוויינט פאַר אים, דעם דאָקטער, צו ווען זי איז געקומען זיך באַקלאָגן אויף שוואַכקייט און אויף האָבן פאַרלוירן דעם אַפּעטיט צום עסן.

גאָר שטאַרק צעבראָכן איז זי אָבער געווען ווען אויך דער זון האָט זיך אָנגעהויבן באַקלאָגן אויפן געזונט. זי האָט גענומען פלאָטערן איבער אים מיט אַנגסט און מוראדיקע איינבילדונגען, ביז זי איז איינגעגאַנגען אויף זיין עצה, דעם דאָקטערס, מיט איבער אַ וואָך צוריק, אַז סאָל זאָל זיין אַוועק פון דער כלה, אויך פון די עלטערנס היים. ער זאָל פאָרן אין די בערג אויף אַ גייסטיקן און פיזישן אָפּרו אין אַ האָטעל.

אָבער איצט הערט ער, דאָקטער ראָזנער, פון מיסטער רובין וועגן אַ נייער צרה, וואָס האָט געטראָפן נעכטן ביינאַכט. און דאָס איז געווען דער שטאַרקסטער קלאַפּ פאַר דער ליידנדיקער און אָפּגעצערטער מוטער, מיסעס רובין.

— קומט צו אייער מיסעס, — זאָגט דאָקטער ראָזנער אַ שטאַרק באַטריבטער צו מיסטער רובינען, און ער לאָזט זיך גלייך צום שלאָפצימער.

## 4.

געווען איז דאָקטער ראַזנער אַ נידעריק־וואוקסיקער, אַ קיילעכיקער, ווי אַ פּעסל, און שטענדיק מיט אַ באַטריבט פּנים. זיצנדיק אויף אַ שטול ביים בעט, וואו ס׳איז געלעגן מיסעס רובין, איז ער אָבער געווען אַזוי צונויפגעקאָרטשעט, אַז ער האָט אויסגעזען נישט גרעסער ווי אַ קאַרליק, און זיין פּנים איז געווען מער פאַרטרויערט ווי געוויינלעך. ער האָט געהאַלטן די פעטלעכע הענט אין שויס און געקוקט אויף מיסעס רובינס בלייך געזיכט.

צו דער לינקער זייט פון איר בוזעם האָט ער שוין געהאַט צוגעשטעלט דעם סטעטאָסקאָפּ און ער האָט נישט אויפגעכאַפּט מיט זיין אויער קיין פּויזעס אין דער פּאַלפּיטאַציע פון איר האַרץ. אויך האָט ער שוין געהאַט געהאַלטן איר האַנט־געלענק אַרומגענומען מיט זיינע פינגער — און לויט די סעקונדן פון זיין זייגערל, אויף וועלכן ער האָט בעת דעם געקוקט, האָט ער אויך קיין אומגעוויינלעכס נישט געפונען מיטן דופק. אפילו דאָס אַרומוויקלען איר רעכטן אָרעם מיט דער גומענער טאַשמע האָט אים נישט געוויזן קיין העכערונג אין איר בלוט־דרוק, כאָטש זי ליידט יאָ פון הויכן בלוט־דרוק. דאָך איז זי געלעגן אין בעט ווי אַ האַלבער מת. איז וואו ליגט דער וואָרצל פון איר קרענק? נישט אַנדערש, נאָר איר צושטאַנד איז אַ פּסיכישער. זי ליידט לעצטנס גייסטיק זייער אַ סך. און דאָס האָט אויך אַ ווירקונג אויף איר גוף. אָבער צום שטאַרקסטן האָט אויף איר געווירקט די שלעכטע בשורה נעכטן ביינאַכט. ס׳איז געווען אַן אומגעוויינלעכער קלאַפּ פאַר איר — און זי איז איינגאַנצן צעטרייסלט געוואָרן דערפון. אַזאַ צושטאַנד, אויב מ׳פאַרנאַכלעסיקט אים, קאָן פּאַמעלעכינקע ווערן ערגער און דערפירן צו אַ פּסיכאָז, וואָס טרייבט אַריין דעם ליידנדיקן אין אַ לאַבירינט פון מוראדיקן אַנגסט, פון נישט קלאָרע דמיונות, פאַר וועלכע קיין היילונג איז מערסטנס נישטאָ.

איז וואָס קאָן ער טאָן פאַר איר כדי ס׳זאָל דערצו נישט קומען?

די בעסטע רפואה פאַר איר וואָלט געווען צו זיין אַוועק פון דער היים. זי מוז זיין אין אַן אַנדערער אַטמאָספערע, אין אַ וועלט וואו זי זאָל איבעררעאַשט ווערן פון נאָך נישט געזעענע נאַטור־שיינקייטן, פון אַנדערע לעבנס־פירונגען ביי מענטשן. און דאָס וואָלט זי געקאָנט דערגרייכן, ווען זי וואָלט געמאַכט אַ לוסטרייזע מיט אַ שיף צו ווייטע לענדער. אַזאַ נסיעה, אגב, האָבן זיי, די רובינס, טאַקע אונטערגענומען. זיי זענען שוין געווען אין קאָנטאַקט מיט אַ רייזע־ביוראָ און אַלץ איז געווען צוגעגרייט, אַז זיי זאָלן קאָנען אָפּפאָרן פון ניו־יאָרק אין אַ צוויי, אָדער דריי וואָכן אַרום. די נסיעה האָט געזאָלט זיין קיין ארץ־ישראל. דאָרטן האָבן זיי, לויט דעם רייזע־פּלאַן, געזאָלט פאַרברענגען ביז איבער פּסח, און נאָכדעם, אויפן וועג צוריק אַהיים, האָבן זיי געזאָלט באַזוכן אַנדערע לענדער, ווי עגיפּטן, טערקיי, גריכנלאַנד, און אויך עטלעכע מדינות אין מערב־אייראָפּע.

זייער באַגייסטערונג פאַר דער דאָזיקער לוסטרייזע, אויף וועלכער זיי האָבן אויסגעקוקט יאָרנלאַנג, איז אָבער אין די פאַרגאַנגענע עטלעכע וואָכן נישט געווען מער אַזוי פלאַמיק ווי בעתן מאַכן די צוגרייטונגען. אייניקע מאָל האָבן זיי, אין דער צווישנצייט, אפילו געלאָזט פאַלן ווערטער פון צווייפל, צי זיי קאָנען, אָדער מעגן, ביי אַזאַ לאַגע זיך פאַרגינען דעם שוואוילטאָג. אויב אַזוי, איז ווי קאָן ער, דער דאָקטער, פאַרשלאָגן אַזאַ אונטערנעמונג? ס׳וואָלט דאָך געווען ריינער שטות! איבער דעם געשעעניש נעכטן ביינאַכט וועלן זיי געוויס איינגאַנצן אָפּהאָקן פון דער נסיעה. ביי דעם איצטיקן מצב וועלן זיי, אָן ספק, נישט איבערלאָזן דעם זון אַליין און נישט פאַרנעמען זיך צו לאָזן זיך וואוילגיין. קיין נאָרמאַל־טראַכטנדיקע עלטערן וואָלטן דאָס נישט געטאָן.

איז וואָס פאָרט קאָן ער פאַרלייגן איר, מיסעס רובין?

ס'איז געווען נאָך אַ הײלמיטל פאַר איר צושטאַנד, און דאָס איז — צו זיין אַוועק אין אַ האָטעל, לאָמיר זאָגן, אין פלאָרידע. אויך דאָרטן איז די סביבה — שוין אָפּגערעדט פון דער נאַטור־שיינקייט — אַנדערש ווי אין דער היים. אָבער ווי קאָן זי זיין ווייט אַוועק פון איר זון און זיך פילן גוט? ווי געוואונטשן וואָלט מן־הסתם יאָ געווען, ווען זי זאָל קאָנען זיין אין זעלבן האָטעל, וואו דער זון האַלט זיך אויף איצט, ס'הייסט אין די קעטסקיל־בערג. דאָס וואָלט אָבער געווען אויסגעצייכנט בלויז דעמאָלט, ווען אַלץ וואָלט נעגאַנגען גלאַטיק, נאָרמאַל. וועט זי אָבער קאָנען פאַרגעסן אין דעם וואָס נעכטן ביינאַכט איז געשען, דערצו ווען זי וועט קוקן דעם זון אין פנים? וועט זי זיך קאָנען צוריקהאַלטן און נישט אַרויספּלאַצן מיט אַ געיאָמער און מיט דער שלעכטער בשורה? ניין, אויך אַן אָפּרו אין אַ האָטעל איז נישט קיין רפואה פאַר איר ביי די איצטיקע אומשטענדן אירע.

געוויינלעך נעמט ער אַרויס פון זיין שוואַרצן רענצל, וואָס ער טראָגט מיט זיך אויף וויזיטן, אַ „פּרעסקריפּשאָן"־ביכל און ער פאַרשרייבט אַ מעדיצין. טייל מאָל טוט ער עס, כאָטש די מעדיצין איז נישט פאַר דער קרענק, נאָר פאַרן גייסטיקן געמיט פון דעם חולה, אונטערצוגעבן דעם קראַנקן מוט, נישט צו געבן אים קיין געלעגנהייט אַריינצופאַלן אין יאוש. אויך איצט האָט ער געטראַכט פון אַזאַ מעדיצין און צוליב אַזאַ אויסרעכענונג. דאָך האָט ער נישט. אַרויסגענומען פון רענצל דאָס „פּרעסקריפּשאָן"־ביכל. ער האָט אַריינגעשטעקט דאָרטן זיין רעכטע האַנט און בלויז אַרויסגענומען אַ נידעריק, ברייט־פּעסלדיק פלעשעלע מיט סעדאַטיוו־פּילן.

— איר וועט דאָס איר געבן יעדע דריי שעה, — זאָגט ער צו מיסטער רובינען און נישט צו זיין פרוי, וואָס איז געווען פאַרווײנט און ווי אָפּגערוקט פון אַלץ אַרום. — דאָס איז פאַר אירע נערוון . . . באַרואיקונג־פּילן.

אויפן וועג צוריק אַרויס, כמעט שוין ביי דער טיר פון פאָיער, איז ער אָבער געבליבן שטיין און ער האָט אַרויפגעקוקט צום הויכן דזשאָ רובין:

— טרעט נישט אַוועק פון איר, אויב איר קאָנט זיך דערלויבן אַוועקשטיין פון די ביזנעס. און אַז איר וועט באַמערקן די מינדסטע ענדערונג, זאָלט איר מיר גלייך אָנקלינגען.

ביי דזשאָ רובינען אין די אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן — און אויפן וועג צוריק צום שלאָפצימער איז ער געבליבן שטיין מיט אַ כליפּ, וואָס האָט זיך פאַרקלעמט אין זיין האַלדז.

## קאַפּיטל פיר

## דזשאָ רובינס זיכרונות

.1

באַקענט מיט אסתרן האָט ער זיך, דזשאָ, אַזוי לאַנג ווי פינף און דרייסיק יאָר צוריק. דאָס איז געווען אין האַרלעם, וואו ער, זיינע אַן עלטערע שוועסטער און זיין מוטער זענען אָנגעקומען פון פוילן צו זיין פאָטער, וואָס איז דאָ אין אַמעריקע שוין געהאַט געווען אַ לאַנגע צייט. זיין פאָטער האָט דעמאָלט געהאַט אַ צוגעגרייטן אַפּאַרטמענט, וואָס איז געווען אין זעלבן הויז, און אויפן זעלבן עטאַזש, וואו ס'האָבן

געוואוינט אסתר און איר מוטער, אַן אלמנה.

די אלמנה האָט געצויגן איר פּרנסה פון אַ שפּייז־קראָם, וואָס זי האָט געהאַט אין פראָנט פון „גראַונד פלאָר" אין דער זעלבער געביידע. אסתר — געבוירן אין האַרלעם — איז צו פופצן יאָר געוואָרן אַ יתומה. זי איז אַרויס פון הײ־סקול און האָט גענומען אַרויסהעלפן איר מוטער אין קראָם. אָבער וואָסער אויפגעהייטערט, קוועקזילבערדיק מיידל זי איז געווען, כאָטש זי איז געבליבן אָן אַ פאָטער, צו ווען זי איז געווען שטאַרק צוגעבונדן. זי איז געגאַנגען שפּרינגענדיק. זי האָט גערעדט לאַכנדיק. זי האָט מיט אירע אויגן געבלישטשעט קוקנדיק. און פאַרשטאַנען האָט זי זיך אויף מענטשן מיט דער גיכקייט פון אַ בליץ. זי האָט געזאָגט מיינונגען וועגן מענטשן גלייך נאָכדעם ווי זי האָט זיך מיט זיי באַקענט. און יאָרן שפּעטער האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזן, אַז אין די מערסטע פאַלן איז זי געווען ווי אַ נביא, וואָס זיינע פאַרויסזאָגונגען ווערן אָפט נישט אָנגענומען אויפן אָרט פון די צוהערערס, נאָר ערשט נאָך אַן אָפּלויף פון אַ שטיק צייט, אָדער פון דורות.

דערזען אים — באַלד ווי דער פאָטער האָט אים, דזשאָ, זיין שוועסטער און זיין מוטער געבראַכט פון דער שיף — איז זי געבליבן שטיין אַזוי געפּלעפּט, עלעהיי זי וואָלט אָנגעטראָפן אויף אַ צווייט געשטאַלט וואָס איז געווען געגנוי אַ קאָפּיע פון איר. אַלץ אין איר האָט דעמאָלט ווי אויפגעהערט צו ברויען. זי האָט נישט געבלישטשעט מיט אירע אויגן קוקנדיק. זי איז נישט געווען אומרואיק שטייענדיק. זי האָט נישט געשמייכלט שווייגנדיק. זי איז נאָר געשטאַנען אַזוי, גלייך ווי זי וואָלט מיטאַמאָל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטיינערנעם אָפּבילד פון אַ פּרוי וואָס איז אַ פאַרבליפט פון אַן אומגעוויינלעכער אַנטפּלעקונג פאַר איר און אַ איבעראַשט פון דעם וואָס זי זעט דערין.

אויך איז ער, דזשאָ, דעמאָלט געבליבן שטיין ווי נאָר ער האָט זי דערזען. און געווען איז ער יינגער פון איר, כאָטש ער האָט אויסגעזען עלטער. זי איז שוין דעמאָלט געווען זיבעצן יאָר אַלט. פאַרגעקומען איז דאָס באַגעגעניש אין קאָרידאָר פון דער האַרלעמער פינפשטאָקיקער געביידע. ער, דזשאָ, וואָס האָט זיך דעמאָלט גערופן יאָסעלע, האָט געטראָגן אין זיין רעכטער האַנט אַ שווערע וואַליז מיט חפצים וואָס די מוטער האָט מיטגעבראַכט פון דער אַלט־יידישער שטאָט אָפּט, אין פּוילן. אויך האָט די שוועסטער זיינע געטראָגן אַ פּאַק, וואו ס׳איז געלעגן בעטגעוואַנט. און מער ווי ער, דזשאָ, מער ווי די שוועסטער און די מוטער, איז זיין פאָטער געווען באַלאָדנט. ער האָט געטראָגן וואַליזעס איןביידע הענט, און פון איין אַקסל איז אַראָפּגעהאָנגען אַן אַרומגעבונדענער, גרויסער פּאַק, וואו ס׳זענען געלעגן ציכן, טישטעכער, חתונה־קליידער, לייכטערס און אַ סך קיך־געשיר.

אין קאָרידאָר זענען דעמאָלט אַריינגעקומען צו לויפן אַלע שכנים און שכנות פון די אונטערשטע און אויבערשטע שטאָקן און האָבן אויפגענומען מיט ברכות:

— מיטן רעכטן פוס קיין אַמעריקע!

— מיט געזונט און גליק, פרוי רובין און טאָכטער!

— מיט מזל זאָלסטו האָבן געקומען אין נייעם לאַנד, בחורל יאָסעלע...

— און צו אַ פריידיק לעבן אייך, פאָטער רובין...

— צוזאַמען מיט אייער אַריבערגעבראַכטער מישפּחה!

— ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר.

דער פאָטער, די מוטער און די שוועסטער האָבן יעדן באַדאַנקט, האָבן געשמייכלט פון גליק און זיך געלאָזט צום אַפּאַרטמענט, וואָס איז געווען צוגעגרייט פאַר דער מישפּחה.

ער, יאָסעלע, איז אָבער געשטאַנען אין קאָרידאָר מיט דער וואַליז אין האַנט און האָט געקוקט אויף אסתרן. ער האָט נישט געקאָנט באַנעמען וואָס עס האָט אים צוגענאָגט צום דיל און כמעט ווי אָפּגעשטעלט זיין אָטעם.

דער פֿאָטער, וואָס האָט אין עליס אײלאַנד, נאָכן באַגעגענען זיין מישפּחה, און נאָכדעם אויפן וועג אַהיים מיט דער לופטבאַן, געהאַלטן אין איין צאַפּלען, טאָמער וועט עמעצער פון זיין קליינער פֿאַמיליע פֿאַרלוירן גיין, האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי דער טיר פון אַפּאַרטמענט און זיך אומגעקוקט צי ער האָט מיט זיך דאָס גאַנצע הויזגעזינד.

— יאָסעלע! — האָט ער אַ פֿאַרחלשטער אַ געשריי געטאָן, — וואו איז אַהינגעקומען מיין זון? געוואַלד! וואו איז מיין קדיש?!

ער, דער קדיש יאָסעלע, האָט דעמאָלט דערפילט אַ ברענענדיקן פֿאַרדראָס אויפן פֿאָטער פֿאַר זיין שטערן אים, דעם זון, אין ערשטן ביסל גליק וואָס ער האָט דערשפּירט מיט זיינע אַלע אברים אויפן וועג צו דער נייער היים. אָבער ער האָט זיך גערירט, כאָטש אין דער זעלבער צייט האָט ער געפילט ווי דאָס האַרץ גייט אים אויס פון אַ זיס־נאָגנדיקן ווייטיק.

עטלעכע טעג שפּעטער האָט זיך אסתר — אין אַ געפּאַסט, שיין, געבלימלט קליידל, מיט לאַנגע, שוואַרצע צעפּ — באַוויזן אין זיין אַפּאַרטמענט.

— מיסטער רובין, — האָט זי געזאָגט צו זיין פֿאָטער אי מיט בלייכקייט אין איר שמאָלן פּנים, און אי מיט אַ שמייכל אַרום אירע באַטריבטע ליפּן, — איר ווילט אפשר שיקן אייער זון אין אָוונט־סקול?

— וואָס הייסט צי כ׳וויל? אוודאי! — האָט דער פֿאָטער געענטפערט מיט דאַנקבאַרקייט פֿאַר דעם וואָס זי האָט אים דערמאָנט אין אַזעלכעס וואָס ער האָט געטראַכט אַ לאַנגע צייט, אָבער געהאַט פֿאַרגעסן דערפון. — צי כ׳וויל!... אַ שיינע קשיא, אסתרל... ווי קאָן מען אויסקומען אין אַמעריקע אָן ענגליש? כ׳האָב דאָך גערעדט מיט דיין מאַמען נאָך איידער די מישפּחה מיינע איז אָנגעקומען. לעולם וואָלט׳ך געוואָלט מאַכן פון מיין זון אַ רב. אָבער ווי קאָן׳ך מיט מיינע אייגענע הענט מאַכן אַ חורבה פון מיין קינדס צוקונפט? אַז אַ רב האָט דאָ גאָר קיין אָנהאַלט נישט און קיין חשיבות. מ׳קוקט אויף אים ווי אויף אַן אָפּגעטראָגן מלבוש, וואָס מ׳האָט דורך אַ פֿאַרזען מיטגעבראַכט פון מעבר־לים. איז מיר געבליבן, ווי כ׳האָב אָפּט גערעדט מיט דיין מאַמען, צו שיקן אים אין סקול און מאַכן פון אים... כ׳ווייס... אפשר אַ דאָקטער, און אפשר גאָר אַ סופרים־קאָורט ריכטער... נו, האָב׳ך זיך דורכגערעדט מיט אים, כ׳מיין מיט מיין זינדל, די לעצטע טעג, אָבער... האָט דיר, אסתרל, דיין מאַמע געזאָגט וואָס זיין ענטפער איז געווען?

— יאָ, מיסטער רובין. זי האָט מיר נעכטן אַלץ איבערגעגעבן.

— ניין און ניין איז געווען זיין ענטפער. ער האָט שוין גענוג געליטן דחקות אין פוילן, האָט ער געזאָגט. ער וויל נישט ווידער אַרומגיין יאָרן אַ פֿאַרשמאַכטער, בעת ער וועט שטודירן, און מוזן זיך אָפּזאָגן פון דעם וואָס זיינע אויגן זעען. ער וויל אויך געבן דער מוטער דאָס וואָס זי האָט נישט געקאָנט האָבן אירע אַלע יאָרן, און וואָס זי וועט נישט קאָנען האָבן, ווי ער זעט שוין, פון מיינע פֿאַרדינסטן ביי שניידעריי. ביי מיר איז דערפֿאַר געבליבן... נו, וואָס קאָנ׳ך טאָן, אַז ער איז אַן איינגעשפּאַרטער? אין דער אַלטער היים וואָלט׳ך אַראָפּגענומען דעם פּאַסעק פון די הויזן און אים אַריינגעציילט דאָרטן וואו מ׳דאַרף... איינס, צוויי, צען, פופצן... ביז ער וואָלט געשריען יאָ און יאָ. אָבער דאָ?! זאָל׳ך אפשר נעמען און דערגיין אים די יאָרן? ניין, כ׳בין נישט פון יענע פֿאַרשוינען וואָס קאָנען יאַדען און דאָקוטשען.

— יאָ, מיין מאַ האָט מיר אַלץ איבערגעגעבן, — האָט זי איבערגעזאָגט דעם זעלבן פּיזמון וואָס פריער, — דערפאַר בינ׳ך געקומען פרעגן צי איר ווילט אפשר שיקן אייער זון אין אָוונט־סקול.

— איז מיר דען עפּעס אַנדערש געבליבן ? — האָט ער צעשפּרייט זיינע הענט אין דער ברייט און געזאָגט מיט באַדויער.

ער — נישט מער „יאָסעלע״, נאָר „דזשאָ״, ווי דער פאָטער און שכנים האָבן אים אויף גיך משנה שם געווען — איז דעמאָלט געשטאַנען אין דער אָפענער טיר־ראָם פון גאַסטצימער, מיטן פנים צו דער קיך, וואו דער שמועס איז אָנגעגאַנגען, און ער האָט נישט אַראָפּגענומען קיין אויג פון אסתרן. ער האָט זי אַריינגעצויגן אין זיך מיט זיין בליק און געפילט איבערן לייב אַ נישט־באַגרייפלעכע און, אָן אויפהער, פליסנדיקע הנאה.

— אויב אַזוי, — האָט געזאָגט אסתר, וואָס אויף דעם פאָטערס צושטימונג האָט זי טאַקע געהאַט געוואַרט, — וועל׳ך אים ווייזן וואו די סקול געפינט זיך און אים צוריק־פירן אַהיים, אַז ער זאָל נישט פאַרבלאָנדזשען . . . ס׳איז דאָך ס׳ערשטע מאָל . . .

— אַ דאַנק, — האָט דער פאָטער געגלעט איר פנים מיט זיין וואַרעמען בליק און זיך אויסגעדרייט צו אים, דזשאָ, — הערסט, קדיש מיינער ? אסתר איז אַ טייערע שכנה אונדזערע. זי וועט דיך פירן אונטער דער חופה מיט אַמעריקע.

און אַזוי איז טאַקע געווען, כאָטש ביים פאָטער איז דער אויסדרוק „אונטער דער חופה מיט אַמעריקע״ געווען אין האַלב־שפּאַס, דאָך איז זי באמת געווען זיין אונטער־פירערין צום מאַטעריעלן צושטאַנד און אַנזען צווישן מענטשן, וואָס ער האָט דערגרייכט.

נישט נאָר האָט זי אים געפירט אין אָוונט־סקול אַריין — זי האָט אים אין משך פון יאָרן אויך פערזענליך געלערנט די שפּראַך אין רעדן און שרייבן, אויך געלערנט מיט אים די אַמעריקאַנער געשיכטע, די געאָגראַפיע פון קאָנטינענט, די נאַטירלעכע רייכטימער פון לאַנד, דעם אופן פון טאָן ביזנעס, פון קומען אין קאָנטאַקט מיט „קאַסטאָמערס״, ווי צו באַציען זיך צו זיי, און אָנגעוויזן וואו ס׳וואַרטן געלעגנהייטן, אויב מ׳איז נישט פויל, אויב מ׳האָט געדולד און אויב מ׳האָט אַמביציע עפּעס צו מאַכן פון זיך.

וואָס שייך אַמביציע — דאָס האָט ער נישט געדאַרפט רייסן פון ביימער, אָדער גיין אין אַ קראָם אַריין און קויפן. ער האָט דאָס דאָזיקע פייער געהאַט אין זיך לרוב — און עס האָט זיך פאַרגרעסערט אין אים אַלץ שטאַרקער און פלאַמיקער, וואָס מער ער און זי, אסתר, האָבן פאַרבראַכט צוזאַמען אין הויז און אין גאַס. ער איז פשוט שיר־נישט פאַר־ברענט געוואָרן פון איר שמייכל, פון איר טענצלדיק גיין, פון איר קלוג רעדן און פון איר שיינעם קערפּער, וואָס איז געווען ווי אויף די געמעלן אין די מוזייען און אויף די טעאַטער־אַפישן אין די גאַסן.

אין אָנהויב איז ער געווען אַ שיק־יינגל אין אַ בוטשער־שאַפּ, נאָכדעם אין אַ דראַג־סטאָר, שפּעטער האָט ער געקלאַפּט אין די טירן פון פריוואַטע היימען און פאַרקויפט וועש פאַר פרויען און מענער אויף אויסצאָל. און אין יאָרן דערנאָך האָט ער זיך געעפנט אַ קראָם פון וואָלנס און זייד אין האַרלעם — אַזוי ווייט און ברייט, ביז ער איז אַריבער צו אַ געשעפט פון גרויסן פאַרנעם אין טעקסטיל, אויך אין ביזנעס פון ריל־עסטייט,ביידע אין דער איסט־סייד, וואו ער איז געוואַקסן אין רייכקייט און גלייכצייטיק אויך אין חשיבות פאַר זיין טאָן אַ סך אַרבעט פאַר יידישקייט און הילף־אָרגאַניזאַציעס.

אָבער בעת ער איז געוואַקסן אין ביזנעס און אין גיטער, איז זי אסתר, וואָס איז געוואָרן זיין פרוי מיט קנאַפּע דרייסיק יאָר צוריק, געזינקען אין אַ טריבן געמיט. געשען איז דאָס איבער אַ צאָל שוואַנגערשאַפטן וואָס האָבן זיך אויסגעלאָזט, איינע נאָך דער

אַנדערער, מיט מפּילס, אָדער מיט טויטע קינדער. זי האָט שוין נישט געשמייכלט אַזוי אָפֿט. זי איז שוין נישט געגאַנגען אַזוי קוועקזילבערדיק. און זי האָט שוין מער נישט געריעדט אַזוי קלאָר און קלוג. אַ סך האָט זי אויפֿגעהאַלטן ביים לעבן דאָס קומען פֿון סאָלן אויף דער וועלט. ער האָט אַריינגעבראַכט אין איר אַ נייעם צוטרוי צו זיך, ווי אַ פֿרוי, און אַ געוויסע אויפֿלעבונג, כאָטש זי האָט קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן די שטיקלעך ערטער וואָס אירע פֿריערדיקע שוואַנגערשאַפֿטן האָבן זיך פֿאַראייביקט אויפֿן בית־עולם. דאָס הויז פֿון די האָרוויצעס האָט אָבער אַלץ צוריק אַרויסגעריסן פֿון איר. ס׳האָט זי אַראָפּגעשלעפּט צוריק צו דער פֿאַרצווייפֿלונג וואָס ווער ווייסט מיט וואָס דאָס וועט זיך פֿאַרענדיקן.

ער האָט אַרויסגענומען אַ טיכעלע פֿון זיין הויזנקעשענע, זיך אויסגעווישט די אויגן, אָפּגעהוסט, און מיט פֿאַמעלעכע טריט, ווי אַ שווער־קראַנקער, זיך געלאָזט צוריק צום ווייב אין שלאָפֿצימער.

.2

נאָך מער אויפֿגעצאָרנט אויפֿן רבנישן הויז איז דזשאָ רובין אָבער געווען דעם צווייטן טייל טאָג. ער איז געזעסן ביי אסתרס בעט — און זיינע ליפּן זענען געווען צונויפֿגעפּרעסט.

זינט נעכטן ביינאַכט, ווען ער איז צוריקגעקומען אַהיים מיט אסתרן פֿון דעם רבנישן הויז, האָט ער זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ שטילן און באַרואיקנדיקן געפֿיל פֿון טרייסט. וואָס, וואָס, האָט ער געטראַכט אַ דאַנק אָט דעם געפֿיל, אָבער אַ ליאַדע מינוט, אָדער שעה, וועט זיך ביי אים, דזשאָ, אין הויז באַווייזן דער רב ר׳ אליהו האָרוויץ. ער וועט קומען און זיך האַרציק פֿאַרענטפֿערן פֿאַרוואָס ער איז נעכטן ביינאַכט אַוועק פֿון זיין היים. ער וועט זיך מודה זיין, אַז ס׳איז נישט געווען קיין שיינע מידה, און אוודאי נישט אין כבוד פֿאַר אים. נאָך מער, ער וועט אפֿילו צוגעבן, אַז ס׳איז אַ גרויסער חטא, וואָרעם מיט דעם וואָס ער איז אַוועק פֿון דער היים, כאָטש ער האָט געוואוסט, אַז די מחותנים קומען, האָט ער זיי, די רובינס, בפּירוש מבייש געווען.

אַרויסגעוויזן האָט זיך אָבער, אַז דער רב איז נישט געקומען, כאָטש אַ האַלבער טאָג איז שוין געהאַט אַוועק. ער האָט אפֿילו נישט אַריינגעקלונגען צו לאָזן וויסן, אַז ער האָט געוואָלט קומען און דערביי זיך פֿאַרענטפֿערן פֿאַרוואָס ער האָט נאָך נישט באַוויזן צו טאָן דאָס, כדי צו האָבן אַ שמועס מיט די מחותנים וועגן דעם געשעעניש נעכטן ביינאַכט. ער האָט געקאָנט האָבן אַלערליי תּירוצים פֿאַר אָפּלייגן, — האָט דזשאָ רובין ווייטער געטראַכט, — אָבער אפֿילו דאָס האָט ער נישט געטאָן. פּשוט, ער האָט נישט געוואָלט מאַכן קיין אָנשטעל — און דערמיט, ס׳הייסט מיט זיין אָנפּשרהדיקער אויפֿפֿירונג, האָט ער בפּירוש געוואָלט אַרויסווייזן זיין אויסגעשפּראָכענע קעגנערשאַפֿט צום שידוך, און אויך, אַז ער גיט הילדען זיין פֿולע צושטימונג אויף דעם שריט וואָס זי האָט נעכטן ביינאַכט געמאַכט.

אין אָוונט — דאָס מאָל זיצנדיק אויף דער סאָפֿע אין גאַסטצימער — איז אָבער דזשאָ רובין שיר־נישט אַראָפּ פֿון זינען. אפֿילו מיט עטלעכע שעה פֿריער, אַקעגן זון־פֿאַרגאַנג, האָט ער — ביי זיין גאַנצן כעס — דאָך געהאַט אַ געפֿיל, אַז אָט־אָט און דער רב וועט זיך באַווייזן דאָ. דער שכל דערפֿון איז געווען דאָס וואָס בטבע איז דער רב אַ פֿאַמעלעכער. ער רעדט געלאַסן, איז מסביר אַן ענין געמיטלעך, און ער גייט פֿאַוואָליקע.

ער טוט נישט בכלל קיין זאַך אין געאייל. נו, קאָן דערפאַר זיין, האָט ער, דזשאָ, אָקעגן זון־פאַרגאַנג געטראַכט, אַז דער רב גרייט זיך טאַקע יאָ צו קומען, אָבער ער וויל פריער געפינען די פּאַסיקע ווערטער אויף צו פאַרענטפערן זיך. און ווען דאָס וועט געשען, וועט ער געוויס אַריינפאַלן דאָ נאָך מנחה־מעריב. אָנשטאָט צו גיין אַהיים פון שול, ווי ער טוט עס יעדן טאָג, וועט ער זיך לאָזן אַהערצו. אָבער ס'איז שוין געווען זיבן אַזייגער, אַכט, נאָכדעם איז געווען ניין, צען, און דאָך — אין קול ואין עונה. נישט ער קלינגט אין דעם עלעקטרישן טיר־גלעקל און נישט מ'הערט זיין שטים דורכן טעלעפאָן צו בעטן פאַרגעבונג פאַר האָבן אָפּגעלייגט זיין קומען אַהער.

קרוב צו האַלבער נאַכט איז דזשאָ געגאַנגען הין און צוריק אין גאַסטצימער און האָט נישט געקאָנט געפינען קיין אָרט פאַר זיך. ער האָט זיך אויך נישט געקאָנט געפינען קיין אָרט אין עסצימער, אויך נישט אין קיך. ער האָט נישט געוואָלט אַרויסווייזן זיין רוגזה און צעטראָגנקייט פאַר אסתרן, וואָס איז נאָך געלעגן אין בעט אַ פאַרווייטע, אַ דערשלאָגענע. ער האָט אויסגעמיטן דאָס שלאָפצימער. די אויפגערעגטקייט ביי אים האָט אָבער שוין געהאָט דערגרייכט אַזאַ הויך און אַזאַ שאַרפע פאַרשפּיצטקייט, אַז ער איז געווען גרייט אַ כאַפּ טאָן דאָס טרייבל פון טעלעפאָן, אַרומדרייען דאָס פאַרבינדונג־רעדל, לויט דעם רבס טעלעפאָן־נומער, און אַ שריי אַריין געבן אין דעם טרייבל אַזאַ מיאוס וואָרט, און מיט אַזאַ כעס, אַז די ווענט זאָלן צעשפּרינגען ווערן, ווי ס'זענען צעוויכערט געוואָרן די יריחו־ווענט פון די טראָמפּייטן־שאַלערס אין יהושעס חייל. ער האָט זיך אָבער צוריקגעהאַלטן און איז ווידער געגאַנגען הין און צוריק.

ביינאַכט, אויפן געלעגער, וואָס אַקעגנאיבער אסתרס בעט, איז אים אפילו געווען שווער איינצושלאָפן אויף צען, פופצן מינוט. ער האָט נאָר געטראַכט וועגן דער קאַלטער און אויסגערעכנטער פּאָליטיק פון דעם רב, וואָס יידן האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ מסתפק במועט, אַ מענטש וואָס באַנוגנט זיך מיט דער לופט וואָס ער אָטעמט, אַ מענטש וואָס באַגערט נישט צו פאַרנעמען זיך הויך, וואָס וויל נישט אַרויסווייזן זיין גאונות צווישן רבנים, וואָס וויל זיך נישט מישן אין קיין מחלוקתן צווישן פרומע און אפיקורסים, און וואָס איז אפילו נישט להוט, אַז מ'זאָל צו פיל וויסן וועגן זיין פיל־דורותדיקן יחוס. ער האָט בלויז געוואָלט נאָר זיין אַ יושב־אוהל, עוסק צו זיין אין תורה — און מער גאָרנישט.

איז פאַראַן איין וואָרט אמת אין די אַלע שבחים און באַוואונדערונגען, וואָס יידן האָבן געהאַט אויף זייערע ליפּן וועגן אים, דעם רב? — האָט דזשאָ געטראַכט אויפן בעט. האָט דער רב זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אַזעלכער אין אַזאַ פּשוטער זאַך ווי קומען און אָנגעבן די סיבות פון זיין נישט אָפּשטאַטן דאָ אַ וויזיט און נישט האָבן אַ שמועס וועגן דעם גאַנצן ענין?

צומאָרגנס, פאַר האַלבן טאָג, איז ער געזעסן ביים ווייבס בעט און ער האָט געקוקט אויף אסתרן.

אסתר האָט זיך איצט געפילט בעסער. זי איז נישט מער געלעגן ווי אַ שטיק ליים. אין אירע באַקן האָט זיך צוריק געזעצן די קאָליר פון בלוט, און פון אירע אויגן איז געהאַט פאַרשוואונדן דער שאָטן פון טויט. אָבער דאָך האָט זי געווײנט מער ווי נעכטן און זי האָט געלאָזט וויסן, אַז צוריקהאַלט, ווי באַליידיקט זי פילט זיך פון דעם רבנישן הויז.

— אויב ס'איז וואָר... — זאָגט זי קלאָגנדיק און קוקט מיט אַ בליק פון געפאַלנקייט אויפן מאַן, — אויב ס'איז וואָר וואָס די רביצין האָט שבת אונטן געזאָגט וועגן דעם רב, אַז ער איז אַוועק פון הויז, ווייל ר'האָט אונדז נישט געקאָנט קוקן אין פּנים, איז פאַרוואָס

איז ער נישט געקומען צו אונדז נעכטן צו פאַרענטפערן זיך ? זענען מיר פאַר אים, הייסט עס, אַזעלכע אומבאַדייטנדיקע באַשעפענישן, אַז ער דאַרף זיך נישט נעמען צום האַרץ אונדזערע געפילן ? האָבן מיר שוין קיין זכות נישט אין גאָרנישט, אַז מיר זאָלן זיך האָבן פאַרדינט רעספּעקט ביי אים ? און וואָס אָנבאַלאַנגט צייט אויף צו קומען דאָ אַהער, פעלט דאָך אים קיינמאָל נישט קיין פרייע שעהן. ער האָט געקאָנט קומען אינדערפרי, אָדער נאָכמיטאָג און אפילו אין אָוונט. ער מוז דען עמעצן אָפּגעבן חשבון אויף וואָס ער פאַרווענדט זיינע טעג ? אויסער אַריינקוקן אין אַ ספר טוט ער דאָך גאָרנישט . . .

דזשאָ רובין איז געזעסן שטיל און האָט בלויז געקוקט. ער האָט איינגעזען, אַז זי האָט געהאַט, און האָט, די זעלבע מיינונג וואָס ער. פון זען ווי דערשלאָגן זי איז, און הערן דעם טאָן פון איר געפאַלנקייט, זענען אים געקומען טרערן אין די אויגן אַריין. אוי, ווי דאָס האָט אים געשניטן ביים האַרץ ! האָט ער זיך אָט דאָס אַלץ געקאָנט פאָרשטעלן דעמאָלט, ס׳ערשטע מאָל, ווען ער האָט זי באַגעגנט נאָכן אָנקומען פון דער שיף, אַז זי — די קלוגע, די שטאָלצע, די שיינע, די ענערגישע, די אונטערשפּרינגעדיקע — וועט זיך ווען־ס׳איז פילן פאַרשעמט, דערנידעריקט פון אַנדערע ? ער האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז אין איר דערשלאָגנקייט און פאַרשעמונג איז ער אַליין אַ סך שולדיק, כאָטש ער האָט נישט געוואוסט וואָס. יעדנפאַלס, זיצנדיק ביים בעט, מיט די אויגן אָנגעשפּיליעוועט אויף איר, האָט ער זיך געגעבן אַ שבועה, אַז דער רב וועט באַצאָלן פאַר זיין איפּפירונג. דערפאַר וואָס ער איז נישט געקומען דאָ אין הויז מיט זיין אייגענעם גוטן ווילן, וועט ער מוזן זיך אַהערשלעפּן געצוואונגענערהייט. און דאָס וועט דער רב נאָך מוזן טאָן היינט. ער, דזשאָ, וועט אים דערפירן דערצו. ער וועט עס נישט לאָזן אין דער לאַנגער באַנק אַריין. ער וועט מער נישט זיין דער פאַרשוויגער, דער וואָס בייגט אַראָפּ דעם קאָפּ. ער וועט באַווייזן זיין פרוי, אַז אים טוט וויי פאַר איר צער, און פאַר אירע ליידן וועט ער נקמה נעמען. ער וועט נישט לאָזן פאַלן אירע טרערן אומזיסט.

.3

שפּעט נאָכמיטאָג, אַרום פיר אַזייגער, איז ער, דזשאָ, אַרויס פון הויז און האָט זיך געלאָזט צו דער שול מקוה־ישראל, פון וועלכער ער איז דער פּרעזידענט.

דאָס איז געווען די צייט ווען די תלמוד־תורה, וואָס עקזיסטירט ביי דער שול שוין פיל יאָרן, איז געווען אָפן — און דער מלמד, וועמען מ׳רופט „היברו טיטשער״, לערנט דאָרטן מיט יונגוואַרג. דאָס יונגוואַרג קומט אַהינצו אויף צוויי שעה. דאָס איז נאָכדעם ווי זיי זענען פאַרטיק מיטן טעגלעכן לערן־פּראָגראַם אין פּאָבליק סקול, און אויך נאָכדעם ווי זיי האָבן אין דער היים אַריינגעכאַפּט אויף גיך אַ גלאָז מילך, אָדער אַ סענדוויטש.

געשטאַנען איז די שול־געביידע צווישן טענעמענט־הייזער, וואָס פון די צעפּראַלטע פענסטער זייערע האָבן זיך אין גאַס געהערט קריגערייען צווישן מענער און פרויען, עלטערן און קינדער, און אויך געוויינען פון קליינוואַרג. צופוסנס דער שול־געביידע, נישט ווייט פון אירע פאָדערשטע טירן מיט די אויסגעמאָלענע עשרת־הדברות איבער זיי, זענען געווען צעמענטענע טרעפּ. זיי האָבן געפירט צום בית־מדרש, מיט נישט געוואַשענע, פאַרשטויבטע פענסטער וואָס זענען כמעט געלעגן אויפן טראָטואַר. ביי אַ טיש אין בית־מדרש איז געזעסן דער היברו טיטשער — אַ באַקאַנטער מלמד אין דער איסט־סייד, זייער אַ פרומער — און האָט תמימותדיק, האַרציק געלערנט מיט פּופּצן אָרעמע ייִנגלעך די הפטורה פון דער סדרה צו :

— אל יתהלל חכם בחכמתו, זאָל זיך נישט רימען דער קלוגער מיט זיין קלוגשאַפט, ואל יתהלל הגיבור בגבורתו...

די טיר פון בית־מדרש איז געווען עטוואָס אָפּגעשפּאַרט — און די קולכלעך פון די תלמידים, אויך די וויכע שטים פון דעם אונטערזיזינגענדיקן היברו טיטשער, האָבן זיך געהערט אין גאַס. אָפט האָט דאָס מעלאָדישע לערנען פאַרהאַלטן אין דרויסן פיל פאַרביי־גייערס. גאַרנישט זעלטן האָבן אָבער ליב געהאַט צו שטיין אויפן טראָטואַר די שכנים און שכנות פון די אַרומיקע טענעמענט־הייזער און זיי האָבן זיך צוגעהערט צו דעם פיל דורות־דיקן געזאַנג און צום טייטש אויף יידיש פון די אייביקע לשון־קודש ווערטער. זיי זענען געשטאַנען און האָבן באַדויערט זייערע יונגע יאָרן, ווען זיי האָבן נישט געהאַט קיין געלעגנהייט צו לערנען אַ סך. און דאָס ביסל וואָס מ׳האָט אין זיי דורך דער קורצער צייט געקאָנט אַריינהאַמערן אין די קעפּ האָבן זיי שוין לאַנג געהאַט פאַרגעסן.

אויך איצט זענען געשטאַנען פיל שכנים און שכנות אויף דער גאַס, לעבן די טרעפּ וואָס האָבן געפירט צו דער תלמוד־תורה, און זיי האָבן זיך איינגעהערט מיט גרויס בענקעניש און הנאה.

צווישן אַט די צוהערערס האָט זיך באַוויזן מיסטער רובין. ער איז געגאַנגען האַסטיק, האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף קיינעם, כאָטש אַ סך פון זיי זענען געווען איינוואוינערס פון זיינס אַ טענעמענט־געביידע דאָ, און זיך אַראָפּגעלאָזט מיט די טרעפּ צום בית־מדרש.

די לופט אין בית־מדרש איז געווען פול מיטן געזאַנג וואָס האָט זיך געטראָגן פון דעם גרויסן טיש, וואו דער היברו טיטשער און די תלמידים האָבן אַריינגעקוקט אין די חומשים און געלערנט מיט אַ מתיקותדיקן ניגון. די נישט־געוואַשענע, פאַרשטויבטע פענסטער האָבן אויסגעזען ווי לעכער אין די ווענט פון אַ פעסטונג, וואָס האָט זיך געווערט קעגן פיל באַלאַגערונגען און איבערגעלעבט די ברוטאַלסטע פּלענער פון צעשטערונג. און די עטלעכע אָנגעצונדענע, עלעקטרישע סופיט־לעמפּלעך, פון וועלכע ס׳האָט אַרויסגע־שטראָמט אַ צוגעטונקלט ליכט, האָבן געמאַכט דעם איינדרוק פון טיילוויז צוגעמרוזשעטע אויגן פון וועכטערס וואָס היטן אַז ס׳זאָל די לערנערס קיין בייז נישט געשען.

דערהערט טריט, האָט דער היברו טיטשער — אַ מיטל־וואוקסיק, עטלעך־און־פערציק יעריק, ווייך מענטשל, מיט גרויע אויגן — אָפּגעקערט ס׳פּנים פון חומש און גענומען קוקן אין דער זייט פון דער טיר.

אין אָנבליק פון שול־פּרעזידענט האָט אַלץ אין דעם היברו טיטשער מיטאַמאָל אַ טאַנץ געטאָן — און ער, דער מחנך, איז געוואָרן אויפגעהייטערט. ביז איצט איז ער געזעסן ביים טיש אַ פאַרטראַכטער און צוגעלייגטער. בטבע איז ער קיינמאָל נישט קיין זשוואַוער. נאָך וויניקער אָבער — היינט. דער גורם ? דער מעמד פון זיין פלוניתטע. זי, די אישה זיינע, איז נישט מיט אַלעמען. ווי ס׳האַלט וועט זי אַ ליאַדע טאָג מוזן אַריין אין שפּיטאָל און דורכמאַכן אַן אָפּעראַציע. פון וואַנען וועט ער אָבער נעמען דערויף ? אפילו די חיונה קומט דאָך אים אָן מיט קריעת ים־סוף... איז אים איינגעפאַלן צו גיין שפּעטער מיט אַ בקשה צו מיסטער רובין, ער זאָל אַזוי גוט זיין און זיך מישתדל זיין ביי די באַאַמטע פון דער יידישער צדקה־פעדעראַציע, אַז זיי זאָלן זיך אונטערנעמען אויסצושטיין די הוצאות. און אַז מיסטער רובין וועט זיך נישט אָפּזאָגן דערפון — אין דעם האָט ער נישט געהאַט דעם מינדסטן ספק. ס׳וועט נישט זיין ס׳ערשטע מאָל וואָס ער׳ט אים בעטען אַ טובה. ס׳האָט שוין געטראָפן אַ סך מאָל, און יעדעס מאָל האָט ער זיך אַרויסגעוויזן, מיסטער רובין, צו זיין אַ זיידענער מענטש. די איינציקע מניעה איז אָבער יעדעס מאָל געווען וואָס מיסטער רובין איז תּמיד פאַרטרודעט. דערצו האָט ער, דער מחנך, נישט ליב

צו בעטן אַ טובה אין בייזיין פון פרעמדע מענטשן.

אָבער אַז אָנשטאָט גיין צו אים, האָט זיך גאָר געמאַכט אַזוי, אַז מיסטער רובין איז געקומען דאָ אַהער, האָט ער, דער היברו טיטשער, געזען דערין דעם רבונו־של־עולמס חסד. „אַ דאַנק דיר, גאָטעניו זיסער...״ — האָט אַלץ אין אים אַ שפּרונג געטאָן מיט לויב צום באַשעפער פון דער וועלט. — „אַ דאַנק דיר פאַר פאַרשפּאָרן מיר צו גיין צו מיסטער רובין, צו שטערן אים אין זיין פאַרנומענקייט, און פאַר נישט דאַרפן בעטן אים צו טאָן מיר אַ טובה אין אַנוועזנהייט פון אַנדערע לייט״.

גלייכצייטיק האָט ער אָבער געשפּירט, אַז ער טאָר נישט גאַפּיען אויפן שול־פּרעזי־דענט. ער טאָר נישט פטרן קיין צייט. ער דאַרף גלייך זיך צוריקקערן צום חומש און ווייטער לערנען מיט די ייִנגלעך, מחמת ס׳איז אויסער יעדן ספק, אַז דער שול־פּרעזידענט איז נישט געקומען סתם אַזוי. ער איז געוויס געקומען מיט דער כוונה צו זען ווי ס׳גייט דאָ צו. דערצו האָבן די ייִנגלעך אויך אויפגעהערט אַרייבקוקן אין די חומשים און בעמען נישט אַראָפּ קיין אויג פון דעם גאַסט.

כהרף־עין האָט ער זיך טאַקע צוריק אויסגעדרייט צו די תלמידים און ווידער גענומען לערנען.

— נו, זאָגט נאָכאַמאָל... — בעט ער זיך ביי זיי און מאַכט אַלערליי תנועות מיטן פּנים, אַנדייטנדיק אַז זיי זאָלן זיין פלייסיקער בעתן בייזיין פון דעם שול־פּרעזידענט. — ואל יתהלל הגיבור בגבורתו, און זאָל זיך נישט רימען דער שטאַרקער מיט זיין שטאַרקייט, אל יתהלל עשיר בעשרו, זאָל זיך נישט רימען דער רייכער מיט זיין רייכקייט — — —

דזשאָ רובין איז געבליבן שטיין לעבן היברו טיטשער און האָט געקוקט אויף אים מיט פאַרשמעלערטע אויגן.

— איין ווייל‏ע... — זאָגט ער מיט אַ פאַרשטיקטן, קורצן כריפּ אין קול. — סטאָפּ!

דער היברו טיטשער האָט איצט אַרויסגענומען זיינע אויגן פון חומש און געטאָן קוקן מיט ענוות אויף דעם איידעלן גביר און שול־פּרעזידענט.

— יאָ, מיסטער רובין, — האָט ער זיך גלייכגעמאַכט דעם קאַפּעליוש אויפ׳ן קאָפּ און זיך אויסגעדרייט צו די תלמידים. — איין ווייליגקע, קינדער. מיסטער רובין באַגערט אַ שטיקעלע גערייד מיט מיר.

— פון מאָרגן אָן — זאָגט רובין צום היברו טיטשער — קומט איר מער נישט לערנען.

פון צעחושטקייט אין אַנוועזנהייט פון שול־פּרעזידענט האָט דער היברו טיטשער נישט געהערט וואָס רובין האָט געזאָגט.

— האַ? — האָט ער געפרעגט.

— אַהער דעם שליסל פון בית־מדרש, — האָט רובין אויסגעשטרעקט די האַנט צום היברו טיטשער. — ס׳וועט דאָ מער נישט זיין קיין תלמוד־תורה.

ביים ענוותדיקן היברו טיטשער זענען די אויגן געוואָרן טאָפּל גרויס און איבער זייערע גרויע מענטשעלעך האָט זיך פאַרצויגן אַ נעפּל.

— מער נישט קיין תלמוד־תורה? — פרעגט ער מיט אומגלויבן.

דזשאָ רובין האָט גאָרנישט געענטפערט. אין משך פון פיל יאָרן האָט ער פון זיין אייגענער קעשענע אויסגעהאַלטן די תלמוד־תורה. ער האָט געצאָלט דעם היברו טיטשער די שכירות. ער האָט געצאָלט אַ מאַן פאַר רייניקן דעם „האָל״ יעדן טאָג. און ער האָט אויך געצאָלט פאַר באַהייצונג, כדי ס׳זאָל זיין וואַרעם, ווען די ייִנגלעך קומען לערנען. קיין אַנדערער גבאי פון דער שול האָט קיינמאָל נישט גענומען אויף זיך דעם חוב צו העלפן דעקן די הוצאות כאָטש מיט אַ קליינער באַשטייערונג. אַלע שול־גבאים האָבן עס באַטראַכט

פאַר נאַטירלעך, אַז ער, רובין, דער רייכער ביזנעסמאַן און לענדלאָרד, דאַרף צאָלן. אפילו דער רב איז אויך געווען אין דער זעלבער דעה. און דער אמת איז, אַז ער אַליין, דזשאַ, האָט אויך אַזוי געהאַלטן. וואָס, עס שפּילט ביי אים אַ ראָלע עטלעכע טויזנט דאָלאַר אַ יאָר? דערצו איז דאָך טאַקע נישטאָ קיין אַנדערע עצה. אויסער עטלעכע אַלטע יידן זענען אין שול נישטאָ קיין דאַווענערס אַ גאַנץ יאָר. פון דער הכנסה וואָס ס׳פאַלט אַריין אין די ימים־נוראים, ווען אַלע זיצפּלעצער זענען פאַרקויפט, קאָן קוים קלעקן אויף אָפּצואַווישן אַ העלפט פון די שול־הוצאות. און די אַנדערע גבאים זענען דאָך אויך נישט קיין פאַר־מעגלעכע! איינער האָט אַ קראָם פון ספרים — און ער קלאַפּט קוים אויס אויף חיונה. אַ צווייטער האָט אַ קלייט פון מענערשע אונטערוועש און זאָקן — און אויך ער איז נישט קיין מיליאָנער. און אַזוי דער דריטער און פערטער. איז ווער טאַקע, אין דער לעצטער שורה, האָט געזאָלט טראָגן דעם עול פון אויפהאַלטן די תלמוד־תורה? און דער ריינער אמת איז, אַז נישט נאָר האָט ער עס געטאָן אָן תרעומות — ער האָט עס אויך געטאָן מיט גרויס פרייד. אַ קלייניקייט צו האָבן די זכיה אויסצוהאַלטן כאָטש אַ שטיקל מקום־תורה פון דער אייגענער קעשענע?

פון היינט אָן איז אָבער אַלץ פאַרענדיקט. און זאָל קומען דער רב און פרעגן פאַר־וואָס. און אוי וועט ער קומען און פרעגן! אין דעם פאַרמאַכן די תלמוד־תורה וועט ער דאָך זען די סכנה פאַר זיך. וואָרעם ווי וואָלט ער דען געקאָנט האָבן פּרנסה, ווען נישט ער, דזשאַ? יעדע וואָך קריגט ער פון אים, דזשאַ, אַ טשעק. און דאָס, שוין פיל יאָרן. פון די שכירות, וואָס ער קריגט פון דער שול, וואָלט ער דאָך נישט געהאַט אפילו אויף קיין האַלב אויסקומעניש. איז אַז דער רב וועט קומען צו אים, דזשאַ, מיט אַ רעש, מיט אַ געוואַלט: „היתכן, מיסטער רובין?" — וועט ער, דזשאַ, אים מקבל פּנים זיין מיט באַקציינער און מיטן רעכטען גאַב.

— עוסק זיין אין ספרים דאַרפט איר? — וועט ער אים קוקן גלייך אין פּנים אַריין און פרעגן. — צו זוכן און נישטערן אין ספרים כדי צו ווערן נענטער צום רבונו של עולם, און ווי זיך אויסצוהיטן פון קרומקייטן, איז טאַקע אַ גאַר געהויבענע זאַך. אָבער ווער? איר? ... אַ טעות! איר זענט נאָך נישט דערוואַקסן דערצו. האָרעוועט קודם־כל אויף אַלף־בית וויכטיקייטן. לערנט פריער ווי צו זיין וואָרעם מיט מענטשן, איידער איר פאַרנעמט זיך העכער... אָט דאָס טוט, צדיק אין פּעלץ!...

ער האָט אַריינגעשטעקט זיין האַנט אין דער הינטערשטער הויזנקעשענע, אַרויסגע־נומען פון דאָרטן אַ טייסטערל, געעפנט עס, און אַרויסגעצויגן אַ באַנקנאָטל.

— דאָ האָט איר אייערע שכירות, — זאָגט ער צום היברו טיטשער און דערלאַנגט אים דאָס קאָלירטע פּאַפּירל.

דער מלמד — מיט אַ פּנים פון אַ מת — האָט נישט געקוקט אויפן געפּאַרבטן אַסיגנאַציע־בלעטל. ער האָט אפילו נישט אין זינען געהאַט, אַז עס קומט אים עפּעס. אויב עפּעס אין זיינע אויגן און אין זיין מחשבה האָט איצט געהאַט וועלכן־ס׳איז זין, איז עס געווען דער קיום פון דער תלמוד־תורה.

— מעג׳ך האָבן אַ שטיקל בקשה צו אייך? — נעמט ער מיט אַ שטיקנדיק קול ווידער פרעגן. — מעג׳ך כאָטש וויסן וואָס ס׳איז געווען דער גורם? מעג׳ך? ס׳איז דאָך היינט, ברוך השם, נישט ערגער ווי מיט אַ יאָר צוריק, ווי מיט צוויי יאָר צוריק!

דזשאַ רובין האָט גאָרנישט געזאָגט. ר׳האָט נאָר געהאַלטן דאָס באַנקנאָטל פאַר די אויגן פון דעם היברו טיטשער.

— האָט איר אפשר עפּעס קעגן די תלמידים? — פרעגט ווידער דער היברו

טיטשער, אָבער איצט מיט פייכטקייט אין קול. — אפשר קענן מיר ?

דזשאָ רובין האָט ווידער גאָרנישט געזאָגט. ער האָט נאָר געקוקט אויפן מלמד מיט אַ שטאָלענעם בליק און געהאַלטן דאָס שכירות־בלעטל אָקעגן זיינע אויגן.

ביים מלמד האָבן איצט די ליפּן גענומען ציטערן ווי ביי אַ חולה־נופל. וואָס קומט דאָ פאָר ? — טראַכט ער אין שרעק און מיט צעטומלעניש. אמת, מיסטער רובין איז נישט נאָר דער פּרעזידענט פון דער שול. ער איז אויך דער געלט־געבער. ער קאָן טאָן וואָס ער וויל. ער דאַרף זיך נישט אָנפרעגן ביי קיינעם פון די שול־גבאים. ער האָלט־אויס די תלמוד־תורה, אויך דעם רב. האָט ער, לויטן סדר־העולם, דעם רשות אויך צו טאָן וואָס ער באַגערט. די גאַנצע דעה איז ביי אים. אָבער, רבונא דעלמא כולא . . . אין קאָן שטייט דאָך איצט תורה !

— גיט מיר דעם שליסל פון בית־מדרש ! — האָט דזשאָ רובין אַ זאָג געטאָן צום מלמד מיט אַזאַ בייזקייט אין קול, אַז די ציינער זיינע האָבן זיך אַזש פאַרשטשעמעט מיט אַ קריץ.

דעם מלמד איז דורכגעלאָפן אַ שוידער איבערן לייב. אַזעלכע האַרבע רייד האָט ער פון דעם שול־פּרעזידענטס מויל נאָך נישט געהאָט געהערט. אַ באַשראָקענער פאַר דעם אוממענטשלעכן אויסקוק פון מיסטער רובינס פנים, האָט ער אַריינגעטאָן זיין האַנט אין דער קעשענע פון דעם שוואַרצן ווינטער־מאַנטל, וואָס ער האָט אויף זיך געטראָגן, און געבלאָנקעט דאָרטן אַ ווײַלע. עטלעכע מאָל האָט ער געהאַט דעם שליסל אין האַנט, אָבער יעדעס מאָל געמיינט אַז ס׳איז איינער פון די בליישטיפן וואָס ער האָט דאָרטן געהאַט. ענדלעך האָט ער דערשפּירט דעם חילוק. ער האָט אַרויסגענומען דעם שטאָלענעם, לאַנגן שליסל און אים איבערגעגעבן צום שול־פּרעזידענט.

— מאַכט־צו די חומשים — דרייט ער זיך אויס צו די תלמידים, דער באַטריבטער היברו טיטשער, מיט פאַרהויכטע אויגן, אויך מיט פייכטקייט אין קול, — און לייגט זיי פאַרזיכטיק אַרויף אויף די פּאָליצעס, פון וואַנען איר׳ט זיי גענומען.

אַלע יינגלעך, ווי אויפגעוועקט מיטאַמאָל פון אַ בייזן חלום, זענען ראַפּטעם אויפגעשטאַנען. דערשלאָגן פון דעם וואָס איז נאָר־וואָס געשען, האָבן זיי מער ווילּיק, ווי ביי אַנדערע געלעגנהייטן, גלייך אויסגעפאָלגט וואָס זייער לערער האָט געבעטן. זיי זענען אַוועק מיט די חומשים צו דער גרויסער וואַנט מיט פּאָליצעס, וואו ס׳זענען געשטאַנען פאַרגעלטע, צעפאַלנדיקע גמרות, מחזורים און סדורים.

— און אַצינד, קינדערלעך, — זאָגט צו זיי ווידער דער היברו טיטשער, ווען זיי האָבן זיך צוריקגעקערט פון די ספרים־פּאָליצעס — קומט . . .

אַלע יינגלעך האָבן זיך אָנגעטאָן די אויבערשטע ווינטער־מלבושים, וואָס זענען געלעגן אויף שטולן, און האָבן נאָכגעפאָלגט דעם לערער, וואָס איז געגאַנגען דער ערשטער צום אַרויסגאַנג.

## קאַפּיטל פינף

## אין געשעפט

.1

אויפן וועג פון בית־מדרש צוריק צו זיין היים האָט דזשאָ רובין באַמערקט זיינע „טענענטס״ — די שכנים און שכנות פון דער שול מקוה־ישראל. זיי זענען געשטאַנען אין גרופּקעס אויפן טראָטואַר און האָבן געקוקט אויף אים ווי אויף איינעם פון אַן אומבאַקאַנט לאַנד. אויך האָט ער באַמערקט ווי זיי חלשן עפּעס צו רעדן צו אים, מסתמא וועגן דער תלמוד־תורה, וואָס דער היברו־טיטשער האָט, אָן ספק, זיי דערפון פריער אַלץ איבערגעגעבן.

ער האָט מיט דערווידער אָפּגעקערט זיין בליק פון זיי — און זיך דערווייטערט פון דער געגנט.

ביי דער געביידע, וואו ער האָט זיין היים, איז ער אָבער געבליבן שטיין. אַריינגיין אין שטוב, אָדער נישט אַריינגיין? ניין, ער וועט איצט נישט אַריינגיין אין שטוב. ס׳איז בעסער ער זאָל זיך נישט ווייזן פאַר אסתרן מיט זיין צעטראָגנקייט. ס׳וועט צעשטערן איר געמיט. זאָל זי דערווייל נישט וויסן וואָס ס׳איז געשען.

ער האָט זיך אָפּגעקערט פון דער געביידע און ער איז אַוועק צו זיין געשעפט, וואָס איז אַ שטיקל מהלך ווייט פון דאַנען.

ביים טראָטואַר פון דער גאַס, גלייך פאַר די גרויסע שויפענסטער פון זיין געשעפט, זענען געשטאַנען עטלעכע הויכע לאַסט־אויטאָמאָבילן. די הינטערשטע טירן פון זייערע שטוב־גרויסע קאַסטנס אַרונטערגעלאָזט — און אַ געזעמל אַרבעטערס, נעגערס און ווייסע, האָבן אַראָפּגעלאָדנט פון די מאַסיווע פּלאַטפאָרמעס שווערע באַלנס טעקסטיל־סחורות.

פון די גאָלד־געמאָלענע ענגלישע ווערטער, וואָס רובין האָט געזען אויף די קאַסטן־ווענט פון די לאַסט־אויטאָמאָבילן, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז די „טראַקס״ קומען פון דער וועלט־באַוואוסטער זייד און וואָל־פאַבריק, „דהי אַמעריקען טעקסטיילערס״, וואָס איז אויפגעקומען אין פּעטערסאָן, ניו־דזשוירזי, נאָך אין דער ערשטער העלפט פון נייַנצנטן יאָרהונדערט.

כאָטש די שווערע באַלנס סחורות זענען געווען היפּש אַרומגעוויקלט מיט ברוינעם פּאַק־פּאַפּיר, דאָך האָט ער, דזשאָ רובין, געוואוסט פון וואָסערע מאַטעריאַלן זיי באַשטייען. טייל זענען באַשטאַנען פון טויזנטער יאַרד וואָלנס, אַלפּאַקע, וואָרסטעד, קעמל און זייד. אַלע זענען געווען מאַרקירט פאַר מענער־מלבושים, אויך פאַר פרויען־קליידער, גאַרני־טורן, מאַנטלען, און פאַר קינדער־באַקליידונג. אויך זענען געווען באַלנס מיט טויזנטער יאַרד וועליור, מאַהער און פליוש פאַר מעבל־שעפער, אויך פאַר גאַרדינען אין האָטעלן, אין טעאַטערס און אין פּריוואַטע היימען. אויך באַלנס מיט טויזנטער יאַרד געדעסנטע קאַטנס פאַר מעבלציכן און אויך טויזנטער יאַרד אין רעאָן פאַר רעגנמאַנטלען, שירעמס, אַבאַזשורן, האַנטבייטלען, פאַרהענגלעך, בעטדעקעס און פאַר אַנדערע פערזענ־לעכע נייטיקייטען און הויז־חפצים.

דזשאָ רובינען זענען אָט די אַלערליי שטאָפן געקומען איצט אויפן געדאַנק, ווייל מיט עטלעכע וואָכן צוריק האָט ער צוגעהאָלפן זיין זון סאָלן אויסצושטעלן די רשימה, וואָס איז נאָכדעם אַוועקגעשיקט געוואָרן צו דער טעקסטיל־פאַבריק אין פּעטערסאָן.

איינער פון די געשעפט־אָנגעשטעלטע — אַ נידעריק־וואוקסיקער, בעריש־קריכנ־דיקער מאַן, פון אַ יאָר פערציק, וואָס האָט אַלעמאָל סאָרטירט סחורות אין דער קראָם, אויך איינגעפּאַקט קונימס באַשטעלונגען און זיי עקספּעדירט — איז איצט געשטאַנען מיט אַ בליישטיפט און נאָטיצביכל ביי די ברייט־צעעפנטע שויבן־טירן פון דעם עלעקטריש־צעצונדענעם געשעפט און ער האָט פאַרשריבן דעם סאָרט שטאָף און די צאָל יאַרדס פון יעדן באַלן וואָס די אַרבעטאָרערס האָבן אויף קליינע וועגעלעך אַריינגעפירט אין לאַגער וואָס געפינט זיך אין הינטער־צימער פון די ביזנעס.

— האַלאָ, מיסטער רובין! — איז דער בערישער מאַן געבליבן שטיין אומבאַ־וועגלעך מיטן בליישטיפט און נאָטיצביכל, ווען ר׳האָט דערזען דעם באַלעבאָס קומען.

— האַלאָ, בען... — האָט דזשאָ געבורטשעט אונטער דער נאָז.

— ווי פילט זיך מיסעס רובין? מ׳האָט געשמועסט אין סטאָר, זי פילט זיך נישט גוט.

— זי פילט זיך בעסער.

— דהעט׳ס גוט... און ווי פילט זיך סאַל?

— גאַנץ גוט... — האָט דזשאָ ווידער געבורטשעט אונטער דער נאָז, כאָטש דער ענטפער „גאַנץ גוט" איז געווען נישט געשטויגן און נישט געפלויגן.

— און ווען קומט ער צוריק אין סטאָר? — פרעגט ווידער בען. — ס׳בענקט זיך... ס׳איז פריילעכער מיט אים.

— ער׳ט דאָ זיין אַ ליאַדע טאָג... האָט ער ווידער געגעבן אַן ענטפער, כאָטש ער האָט געוואוסט אַזויפיל ווי דער שכירות־מאַן.

.2

אין דער קראָם איז אָבער געווען מער האווענינש. אין דער ברייט און לענג פון „סטאָר", וואָס איז געווען גרויס ווי אַ מיטינג־זאַל פאַר הונדערטער מענטשן, איז געווען געדיכט מיט קונים. מאַנופעקשורערס פיר מענער־אָנצוגן, פון פרוי־ען־קליידער, פון ספּאָרט־מלבושים, אויך פּאַרפּעלקער, אייניקע מיט זייערע הייזגעזינדן — אויסגעמישט אין צופעליק זיך פּאַרמירטע געזעמלען — זענען געגאַנגען אַרום און אַרום, אָדער הין און צוריק. זיי האָבן געקוקט אויף צעהאָנגענע מוסטערן, אָדער אויף שטאָפן, וואָס זענען געווען אויסגעשפּרייט אויף ווערטיקאַלע געשטעלן, זיך געיישובט צי זיי זאָלן אָפּקלייבן מאַטעריאַלן לויט אייגענער מבינות, אָדער לויט דער עצה פון די אָנגעשטעלטע.

טייל קונים, וואָס זענען נישט געווען צופרידן מיט די מוסטערן, האָבן אַראָפּגעשלעפּט ראָלן סחורות פון די פּאָליצעס ביי די ווענט, אָדער גענישטערט אונטער אָנגעוואַלגערטע באַלנס מאַטעריאַלן אויף די הילצערנע פּלאַטפאָרמעס, וואָס זענען גע־שטאַנען אין לאַנגע רייען אין מיטן דיל. אַנדערע, וואָס זענען נישט געווען גענוג געשיקט אַליין עפּעס צו טאָן, אָדער אַזעלכע וואָס ס׳האָט זיי נישט געפּאַסט צו צוואָרפּען „וואַרעס", האָבן לאַנג געוואַרט אויף זייער ריי ביז די סיילסלייט האָבן זיך אומגעקוקט אויף זיי. אייניקע, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין געדולד, אָדער ס׳איז זיי נישט אָנגעשטאַנען צו וואַרטן אויף זייער ריי, זענען אונטערגעקומען די אָנגעשטעלטע מיט חניפה־רייד און מיט וויצן.

ס׳איז געווען אַ טומל ווי אין אַ האָטעל־לאָבי מיט קאָנפערענץ־געסט.

ווי אַלעמאָל האָבן אויך איצט געאַרבעט דאָ צען סיילסלייט. אָבער כאָטש דאָס האָט געהייסן אַ גרויסער סטעף, דאָך זענען זייערע נערוון געווען אָנגעשפּאַנט ווי ביי אַקראָבאַטן וואָס גייען אויף שטריק. דאָס געדרענג פון קונים, זייערע פּאַרלאַנגען, די טענות,

דאָס ברעקלען זיך און דרייען מפונקדיק מיט די נעז — יעדע זאַך באַזונדער, און אוודאי אַלץ צוזאַמען, האָט געהאַט אויף די פּאַרקויפערס, אפילו אויף די קילסטע צווישן זיי, אַ צעשרויפנדיקן עפעקט. און נישט נאָר היינט. ס׳איז נישט געווען דער טאָג אַז זיי זאָלן זיך נישט אַרומדרייען די מערסטע צייט מיט פויקנדיקן קאָפּ־ווייטיק.

אַן אַנדערש מאָל, בעת אַ גרויס געדרענג פון קונים, האָט אויך אַרויסגעהאָלפן די פּלימעניצע ריווע, וואָס שפּרודלט מיט טאַלאַנטן... זי איז געלאָפן — אויף וויפל דאָס דאַזיקע פאַמעלעכע מענטשל קאָן זיך איילן — פון איין זייט קראָם צום צווייטן. זי האָט געטראָגן אַ שער אין דער רעכטער קעשענע פון איר ווייסן אַרבעטס־ראָק, בלייפעדערס און אַ פּליס־פּען אין דעם אייבערשטן קעשענקעלע, וואָס אויף דער לינקער זייט פון איר בוזעם, און זי האָט געמאָלט מיטן מויל פּאַר פינף סיילסלייט. זי האָט מיט אירע קורצע פיסלעך געקלעטערט אויף לייטערלעך צו הויכע פּאָליצעס נאָך פּאַרוואָרפענע, אָדער פאַרגעסענע רעשטלעך. זי האָט, מעסטנדיק, אַנגערופן פיל נעמען פון מאַטעריאַלן, פון זייערע קוואַליטעטן, זייערע קאָלירן. זי האָט אויסגעמאָלט מיט פינגער־צייכנס אין דער לופט די געדעסנטעביימלעך, בלימלעך, פּאַראַלעלע שטרייפן, קוואַדראַטלעך, דרייעקן. זי איז געווען אַזוי פאַרהאַוועט, אַז זעלטן עמעצער זאָל האָבן געהאַט די מעגלעכקייט צו קאָנען אַרויסרעדן צו איר אַ נישט־געשעפטלעך וואָרט. און וואָס שייך אַ פּערזענלעך־געמיטלעכן שמועס מיט איר — דאָס האָט נישט געקאָנט געשען, פּונקט ווי דער הימל קאָן נישט אַראָפּ צו דער ערד. כאָטש ווען אַזאַ גערייד וואָלט יאָ צו שטאַנד געקומען, וואָלטן פיל קונים, ספּעציעל מאַנופעקטשורערס, געהאַט מיט איר אַ סך צו רעדן. זיי האָבן געוואוסט, אַז זי האָט זיך צעשיידט מיט איר מאַן פּאַר נישט האָבן קיין אַמביציע צו אַרבעטן, צו „מאַכן אַ לעבן" פּאַר איר. זיי האָבן געוואוסט, אַז זי האָט נישט קיין רינד, קיין קינד, און אַז שוין איבער פינף יאָר ווי זי האָט זיך נישט צוגעקליבן קיין צווייטן מאַן. זי וואוינט אינגאַנצן אַליין. זיי האָבן געהאַט אַ סך מיטלייד מיט איר, אָבער זיי האָבן נישט געקאָנט רעדן דערפון. ווי נאָר זי האָט דערהערט — ווען אפילו אַן אומשולדיק־זייטיקע באַמערקונג — וועגן איר צוקונפט, האָט זי גלייך אָפּגעפּטרט דעם פּריוואַטן עסק מיט אַ טרוקענעם שמייכל אויף אירע קאַלטע ליפּן, און צוריקגעקערט זיך צו די פאַרהאַנדלונגען וועגן די סחורות און דעם פּרייז.

איצט איז זי אָבער נישט געווען אין קאָך. זי איז געזעסן הינטער דעם צאָל־טיש, ביים רעגיסטער, און האָט איינקאַסירט מזומן און טשעקס, וואָס קונים האָבן דערלאַנגט פּאַר געקויפטע מאַטעריאַלן וואָס זיי האָבן גענומען מיט זיך, אָדער וואָס זיי האָבן געדאַרפט קריגן צוגעשיקט מיט אַ לאַסט־אויטאָמאָביל, אויב די סחורות זענען באַשטימט געוואָרן פאַר אַ שאַפּ.

אַנדערע טעג איז זי, ריווע, אָפט פאַרטראַטן געוואָרן ביים רעגיסטער פון דעם קוזין סאָל, אָדער אָנקל דזשאָ. בעת איינער פון זיי איז געווען באַשעפטיגט ביים רעגיסטער איז זי געווען פאַרנומען מיט קונים אין „סטאָר", אָדער אין אָפיס. ווער וועט זי אָבער פאַרטרעטן איצט ?

## 3.

— גוט וואָס ד׳ביסט געקומען, אָנקל, — זאָגט זי צו מיסטער רובין, ווען ער איז געבליבן שטיין ביים צאָל־טיש וואָס איז געווען עטלעכע שפּאַן פון די טירן. — כ׳האָב נאָר וואָס געוואָלט טעלעפאָנירן, זאָלסט אַריבערקומען.

— אַריבערקומען נאָך וואָס ? — האָט ער זייטיק און מיט פאַרכמורעטע אויגן געקוקט אויף איר.

— כ׳האָב מיט דיר צו רעדן וועגן עטלעכע זאַכן.

— וואָס זענען די זאַכן ?

— וועגן די זאַכן וועל׳ך רעדן שפּעטער. פריער וויל׳ך דיר זאָגן, אַז דו דאַרפסט אונטערשרייבן די טשעקס פאַרן סטעף. ס׳איז דאָך היינט „פּיידעי״. אויך ווּעסטו דאַרפן אונטערשרייבן די טשעקס וואָס זענען אָנגעקומען פון מאַנופעקטשורערס פאַר סחורות. און ס׳האָט זיך אָנגעקליבן אַ שיין ביסל... מ׳דאַרף זיי באַלד אַריינגעבן אין דער באַנק צו מאַכן זיי „וואַליד״. אויך ווּעסטו דאַרפן אונטערשרייבן אַ צאָל טשעקס וואָס מען מוז נאָך היינט אַרויסשיקן צו טעקסטיל־פאַבריקן אין פּעטערסאָן און צו „דיו־פּאָנטס״. אויסער דעם ווּעסטו אויך דאַרפן אונטערשרייבן אַ צאָל בריוו מיט באַשטעלונגען אויף געוויסע סחורות וואָס פעלן אונדז אויס אַצינד, און וואָס כ׳שיק אַוועק צו טעקסטיל־פירמעס אין אויסלאַנד און דאָ אין לאַנד. כ׳האָב עס געטאָן אויף אייגענער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. אַזוי לאַנג ווי סאָל איז נישטאָ און דו ביסט געווען פאַרקלאָפּאָטעט מיט דער מומען אסתר האָב׳ך נישט געהאַט קיין אַנדערע עצה. „באַי דהי וועי״... ווי פילט זיך די מומע אסתר ?

— אַ סך בעסער... — ענטפערט רובין, קוקנדיק זייטיק מיט זיינע האַלב־פאַרמרוזשעטע, פאַרטרויערטע אויגן.

— און האָסט עפּעס געהערט פון סאָלן ?

— יאָ.

— ווי פילט ער זיך ?

רובין האָט ווידער געזאָגט אַ ליגן :

— גאַנץ גוט.

— ווען קומט ער אַהיים ?

— אַ ליאַדע טאָג.

— כ׳וואָלט שוין געוואָלט אים זען צוריק. ס׳איז דאָ זייער אַ סך זאַכן איבערצורעדן. טאַקע יענע זאַכן וואָס כ׳האָב דיר וועגן זיי פריער געזאָגט. אָבער אַז ער איז נישטאָ, ווּעסטו מוזן מיט אים רעדן אויפן טעלעפאָן.

רובין איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט מיט דער לינקער זייט אין דעם צאָל־טיש. ער האָט געקוקט זייטיק איבער דער לענג און ברייט פון דער קראָם, וואו ס׳האָט זיך געטומלט מיט „קאַסטאָמערס״, און נישט געפילט פאַר נייטיק אפילו צו פרעגן די פלימעניצע וועגן וואָס זי רעדט.

ריווע האָט, ווייזט אויס, אויפגעכאַפּט זיין דערדריקט געמיט, וואָרעם זי האָט אָנגעשפּיצט די אויגן און געקוקט אויף אים מיט נייגער. ס׳האָט אָבער נישט געדויערט לאַנג און זי האָט ווידער גענומען רעדן, כאָטש ער האָט אויסגעזען צו זיין גלייכגילטיק :

— עטלעכע גרויסע מאַנופעקטשורערס, אַלטע קאַסטאָמערס אונדזערע פון מאַנ־העטן, האָבען פריער אַריינטעלעפאָנירט און געוואָלט רעדן צו סאָלן, אָדער צו דיר. האָב׳ך זיי געזאָגט, אַז סאָל איז אויף אַ ביזנעס־רייזע, ווייט פון שטאָט, און אַז דו ביסט אַרויס פון סטאָר אויף עטלעכע שעה. האָבן זיי געזאָגט, אויב אַזוי וועלן זיי מיר איבערגעבן וועגן וואָס ס׳גייט. „טהענק יו״, האָב איך געזאָגט, „פאַר האָבן צוטרוי צו מיר״. האָבן זיי געזאָגט, ווען זיי וואָלטן נישט געוואוסט, אַז דער פאָטער און זון, ס׳הייסט,ביידע רובינס, פאַרלאָזן זיך אויף מיר מיט אַלעם, וואָלטן זיי נישט גערעדט וועגן קיין ביזנעס מיט מיר. זיי ווייסן, אַז כ׳בין אַ קרובה און אַז כ׳ווייס אַלץ וואָס ס׳גייט אָן אין געשעפט.

— האָ ד'יו דו, מיסטער רובין! — האָט פון צווישן עולם אַהערגעשריען אַ סיילס־מאַן וואָס האָט דערזען דעם באַלעבאָס פון ווייטנס. — האָו'ז דהי מיסעס? ענד האָו'ז סאַל?

רובין האָט אויפגעהויבן די אויגן, געשאָקלט צו אים מיטן קאָפּ, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג, און ער איז ווידער געשטאַנען אין אַ פּאָזע ווי ער וואָלט זיך צוגעהערט צו ריוועז.

— אַן אידיאָט!... — זאָגט ריווע ווען דעם סיילסמאַן צו רובינען. — ער שרייט הויך אויף די לונגען. וואָס שרייט ער אַזוי? די גאַנצע שטאָט דאַרף וויסן, אַז די מיסעס רובין פילט זיך נישט מיט אַלעמען? דערצו איז ער נאָך אַ פאַלשער יונג... אָבער גועגן אים און די אַנדערע סיילסלייט וועל'ך רעדן מיט דיר שפּעטער. דערווייל, צוריק צו די מאַנופעקטשורערס. איינער פון זיי, דער פון דער פירמע „לאָוב ענד ברוק", וויל געבן אַ באַשטעלונג אויף פופציק טויזנט יאַרד העריגנ־באָון און צוואַנציק טויזנט יאַרד קעשמיר. דער צווייטער, פון דער פירמע „האָלענדער ענד סאָנס", וויל דרייסיק טויזנט יאַרד וואָרסטעד און צוואַנציק טויזנט יאַרד קעמל. די פירמע „קאָהען ענד קאָהען" וויל... וועסט נישט גלייבן... פינף־און־זיבעציק טויזנט יאַרד אין אַלערליי מאַטעריאַלן אויף „סוטס". ס'קאָן זיין קאָטן און ליגען און וואָרסטעד און טראָפּיקל און אַלץ וואָס ד'קאָנסט קריגן פאַר זיי. אויסער דעם ווילן זיי נאָך... וועסט ווידער נישט גלייבן, אַנקל דזשאָ... הונדערט טויזנט יאַרד אויף ווינטער־מאַנטלען און זומער־מאַנטלען. ס'מאַכט נישט אויס אין וואָסערע וואָרעס. שוין געהערט אַזעלכעס? איט'ס ביאָגד דהי יוזשועל פּרעקטיס... ווען האָבן מיר אַמאָל געהערט פון אַזעלכע גרויסע אָרדערס? און בלויז דאָס? וואָרט, וועסטו הערן וועגן די אַנדערע וואָס מאַנופעקטשורן קליידער, מאַנטלען און סוטס פאַר פרויען!... יעדנפאַלס, כ'האָב געטראַכט, כ'וועל דיר טעלעפאָנירן אַהער־צוקומען, אָדער אַז איך וועל מוזן זיך אַריבערכאַפּן צו דיר, אויב דו קאָנסט נישט איבער־לאָזן די מומע אסתר אַליין. נו, דאַנקען גאָט, אַלץ איז אין דער בעסטער אָרדענונג, און דו ביסט געקומען אָן מיין קלינגען צו דיר.

רובין האָט אָבער ווידער זיך נישט אָנגערופן מיט קיין וואָרט.

— וואָס זאָל דאָס באַדייטן, אַנקל דזשאָ? — פרעגט זי קוקנדיק אויף אים. — זיי האָבן דאָך קיינמאָל פריער נישט באַשטעלט אויף איינמאָל אפילו נישט קיין פערט חלק פון דעם!

רובין האָט ווידער גאָרנישט געזאָגט.

— ווייסטו וואָס איך טראַכט? כ'טראַכט אַז דאָס האָט צו טאָן מיט דעם וואָס מ'דער־וואַרט אַ מלחמה. האָסט געליינט היינט די צייטונגען? אָדער אפשר געהערט אויף ראַדיאָ? היטלער האָט נישט געהאַלטען דעם אָפּמאַך וואָס ער האָט אונטערגעשריבען מיטן ענגלישן פּרעמיער טשעמבערליין אין מינכען, און ער האָט דורך וואָרנונגען געצוואונגען טשעכאָ־סלאָוואַקיע אונטערצוגעבן זיך אָן איין שאָס. די צייטונגען זענען היינט פול מיט דעם. און אַצינד פאַרלאַנגט ער, דער אויסוואורף, אַז פּוילן זאָל אים געבן די פּאָרט־שטאָט דאַנציק, און אויסער דעם אַ שטיק פּאַס לאַנד וואָס איז דער קאָרידאָר צווישן דייטשלאַנד און פּוילן. וואָס זאָגסטו נישט צו אַט דעם חוצפהניק? ס'ווערט אויך איבערגעגעבן אין די צייטונגען, אַז די גרויסע מלוכות, ווי פראַנקרייך און ענגלאַנד, זענען זייער שטאַרק צערודערט אַצינד. זיי זעען אַז זיי האָבן צו טאָן מיט אַ משוגענעם הונט. זיי וועלן מוזן גיין אין קריג מיט אים, אַנישט וועט ער ווערן צו שטאַרק און נאָך וועלן פאַרשלינגען אויך זיי.

רובין איז ווידער געשטאַנען אַזוי פּאַסיוו ווי פריער.

— איז אָט דאָס, גלייב איך, איז דער זין הינטער די גרויסע באַשטעלונגען וואָס די

מאַנופעקטשורערס ווילן דיר געבן. זיי טראַכטן, אַז פריער אָדער שפּעטער וועט אויך אַמעריקע מוזן אַריין אין דער מילחמה. איז וועלכע טעקסטיל־פאַבריקן וועלן דעמאָלט קאָנען אַרבעטן פאַרן ציווילן מאַרק? זיי וועלן דאָך זיין פאַרוואָרפן מיט באַשטעלונגען פון דער רעגירונג. און דאָס ביסל ציוויל־סחורות, וואָס איינער וועט דעמאָלט האָבן, וועט זיין מיט גאָלד גלייך. בינ׳ך גערעכט?

רובין האָט ווידער נישט געענטפערט.

— אַצינד איז די פראַגע, ווי וועסטו קאָנען נאָכקומען דעם פאַרלאַנג פון אָט די אַלע מאַנופעקטשורערס? דענקסטו אַז די פירמעס, מיט וועלכע דו האַנדלסט, וועלן אָננעמען אַזעלכע גרויסע מאַנסטער־באַשטעלונגען? ס׳קאָן דאָך אַמאָל מעגלעך זיין, אַז זיי, די אייגנטימערס פון די טעקסטיל־פאַבריקן, האָבן אַ זייער קלאָר בילד וועגן דער איצטיקער סיטואַציע אין דער וועלט און זיי וועלן נישט האָבן קיין חשק צו פאַרקויפן זייער „סטאָק”. וואָס דענקסטו, אָנקל דזשאָ?

רובין איז געשטאַנען אַזוי גלייכגילטיק ווי פריער.

— און כ׳וועל דיר זאָגן נאָך עפּעס וואָס כ׳טראַכט. אויב דאָס אָנגרייטן זיך אַ גרויסן לאַגער פאַר דער צייט פון דער קומענדיקער מילחמה איז גוט פאַר די מאַנופעקטשורערס, איז פאַרוואָס זאָל׳ס זיין שלעכט פאַר אונדז, כ׳מיין פאַר דיר?... פאַרוואָס זאָלן מיר אַוועקגעבן אַלע „טשענסעס” צו אַנדערע און זיך איבערלאָזן מיטן ליידיקן? אויב דו קאָנסט קריגן פון די טעקסטיל־פאַבריקן גענוג סחורות, קאָנען מיר דאָך דאָס אַוועקלייגן אין אונזער „סטאָק־רום” און האָבן פונקט אַזאַ „טשענס” ווי אַנדערע. רעד איך קרום, אָנקל דזשאָ?

רובין האָט זיך ווידער נישט אָנגערופן.

— אָט וועגן דעם, גלייב איך, דאַרפסטו זיך דורכרעדן באַלד מיט סאָלן און באַשטימען וואָס צו טאָן. כ׳גלייב, אָנקל, ס׳איז נישטאָ קיין סך צייט. די וועלט־סיטואַציע ווערט ערגער פון שעה צו שעה. און נאָך עפּעס...

רובין האָט זיך ווידער נישט אויסגעדרייט.

— דו ווייסט מיר דאַרפן זאָגן וואָס צו ענטפערן די מאַנופעקטשורערס... אָדער אפשר ווילסטו אַליין רעדן צו זיי אויפן טעלעפאָן. יאָ?

רובין האָט נישט געענטפערט.

געזען אַז ער איז אין אַ שלעכטער שטימונג, האָט זי אים נישט געמאַטערט מער מיט די זעלבע געשעפטן. זי האָט געטראַכט זי וועט עס איבערלאָזן אויף שפּעטער. דערווייל איז זי איבערגעגאַנגען צו דעם וואָס זי האָט אים געוואָלט זאָגן וועגן דעם שרייענדיקן סיילסמאַן און די אַנדערע אָנגעשטעלטע.

— און אַצינד, אָנקל דזשאָ, וועל׳ך דיר זאָגן וועגן אונדזערע, כ׳מיין, דיינע סיילס־לייט...

רובין האָט זיך ווידער נישט צוגעהערט מיט קיין באַגער.

— נעכטן בייטאָג און היינט איז דאָ געווען מיין געוועזענער מאַן. ער איז געקומען מכלומרשט אָנקוקן סחורות... אָבער ער האָט געהאַט אַ שמועס מיט יעדן סיילסמאַן באַזונדער. ד׳ווייסט וועגן וואָס? געדענקסט דאָך געוויס וואָס כ׳האָב דיר מיט אַ צייט צוריק געזאָגט וואָס זיין באַשעפטיקונג איז לעצטנס. געדענקסט, כ׳האָב דיר געזאָגט, אַז ער איז אַ קאָמוניסט? אַז ער פאַרט אַרום אין שטעט און אָרגאַניזירט אַרבעטאָרער אָנצושליסן זיך אין יוניאָנס? אַז ער האָט געפירט סטרייקס אין פּיטסבורג, אין פילאַדעלפיע, אין לאָס־אַנדזשעלעס? געדענקסט? אַצינד איז ער אין ניו־יאָרק און ער

ארגאַניזירט די סאָשעל־וואָירקערס און אויך די סטאַר־אַנגעשטעלטע... איז אָט צוליב אַזאַ ביזנעס איז ער אויך געקומען דאָ רעדן מיט די סיילסלייט... האָסטו שוין געזען אַזאַ פּאַרוואָשן פּנים פון אַ מאַן ? ער האָט זיך אפילו נישט געשעמט צו קומען דאָ אַהער, כאָטש ער האָט געוואוסט אַז ער וועט מיך טרעפן דאָ. איז ווי געפעלט דיר אַזאַ אומפאַר־שעמטער נפש ? נאָך אַ יוניאָן פון קאָמוניסטן פעלט אונדז דאָ אויס !...

רובין האָט זיך אָבער אויך אויף דעם נישט אָנגערופן. ער איז געווען אַזוי פאַר־טרויערט, אַזוי גלייכגילטיק צו אַלץ וואָס זי האָט אים איבערגעגעבן, אַז ער האָט אפילו נישט געפרעגט ווי גרויס ס׳איז געווען די סומע פון איינקאַסירטע געלטער אין די לעצטע צוויי טעג.

— נו, אַצינד — זאָגט ריווע — אויב דו ווילסט, אַנקל דזשאָ, קאָנסטו אַריינגיין אין אָפיס און אונטערשרייבן אַלץ וואָס דו דאַרפסט אונטערשרייבן. כ׳האָב דאָרטן אַלץ צוגעגרייט און סאָרטירט באַזונדער. גרייסי וועט דיר אַלץ דערלאַנגען. זי אַרבעט היינט לענגער אין אָפיס, ווייל איך אַליין האָב נישט קיין צייט צו טאָן דאָרטן צו־פיל. נו, ד׳גייסט אַריין ?

רובין האָט ווידער גאָרנישט געזאָגט.

# קאַפּיטל זעקס

## אַנטוישונג און איינזעעניש

### .1

טיף געבויגן, מיט די עלנבויגנס אויפן באַלייכטענעם שרייב־טיש אין אָפיס, וואָס האָט זיך געפונען אין הינטערגרונט פון דער קראָם, איז דזשאָ רובין געזעסן איבער דער ערשטער זייט פון אַ צייטונג און קיין זאַך איז אים נישט געקראָכן אין קאָפּ אַריין, כאָטש איינצלנע ווערטער האָבן אַרומגעשפּרונגען אויף די שפּיגעלעך פון זיינע אויגן און האָבן גאָרנישט געוואָלט אָפּטרעטן פון דאָרט.

ס׳איז שוין געווען היפּש לאַנג ווי די נאַכט איז געהאַט צוגעפאַלן. דאָס יונגע אָפיס־מיידל, גרייסי, וואָס אַרבעט דאָ בלויז עטלעכע טעג אַ וואָך, איז שוין לאַנג געהאַט אַוועק אַהיים. די טשעקס, וועגן וועלכע די פלימעניצע זיינע, ריווע, האָט גערעדט צו אים נאָכדעם ווי ער האָט זיך געהאַט באַוויזן אין געשעפט, האָט ער שוין לאַנג געהאַט אונטער־געשריבן. אַ טייל, וואָס איז געווען אויסגעשטעלט פאַר׳ן סטעף, איז שוין געווען צעטיילט. און יענע, וואָס זענען געווען אויסגעשריבן פאַר טעקסטיל־פירמעס, האָט גרייסי מיט־גענומען מיט זיך צו לייגן אין פּאָסט־קעסטל אויף איר וועג אַהיים. ער, דזשאָ רובין, האָט זיך אָבער סייווי נישט אַרויסגערירט פון דאַנען, כאָטש ער האָט שוין דאָ גאָרנישט געהאַט וואָס צו טאָן. ער איז נאָר געזעסן און האָט געוואַרט אויף דעם באַזוך פון זיין מחותן הרב. האָרוויץ.

און אַז דער מחותן וועט קומען — אין דעם איז ער געווען זיכער. דאָס נייס וואָס דער רב האָט געקראָגן פון דעם היברו־טיטשער בייטאָג וועגן דער תלמוד־תורה, אַז זי איז פאַרמאַכט געוואָרן, האָט אים אָן ספק גוט צערודערט. דאָס, האָט ער געוויס געפילט, איז אַ דעפּעשע צו אים, אַז זיין ריי קומט נאָכדעם. און אויב ער וועט נישט איילן בייצייטנס,

ס׳הייסט קומען צו אים, רובינען, און אָפּדעקן די קאָרטן אויפן טיש, אויפקלערן אַלץ און בעטן צו פאַרגעבן אים פאַר זיין מיאוסער אויפפירונג, וועט זיין פּרנסה באַלד קריגן אַ טויטקלאַפּ. ראשית וועט ער נישט קריגן די וועכנטלעכע טשעקס. והשנית, וועט ער מער נישט קאָנען האָפן צו האָבן אים, רובינען, פאַר דעם שטענדיקן פירער פון דער שול. און ווי נאָר ער, רובין, וועט אוועקלייגן די הענט און זיך נישט צורירן מער צו דער שול, וועט אפילו דאָס ביסל הכנסה, וואָס פלעגט אַריינקומען יערלעך, אויך אויפהערן. ס׳וועט ווערן אַ חורבן אַרום און אַרום. אויף טריט און שריט וועט זיך פילן, אַז ער, רובין, האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אַלעם. ער איז נישטאָ. דעמאָלט וועט ער, דער ר״ב, זיך איילן צו פאַרמיידן אָט דאָס איבערקערעניש. ער וועט לאָזן אַלץ שטיין, זיך גלייך אַרויסלאָזן פון הויז און קומען צו אים. ער וועט רעדן מיט ווייכע רייד, מיט פאַרזיכטיקע ווערטער. ער וועט רעדן תחנונימדיק, מיט טרערן אין קול. ער וועט אַפּעלירן צו זיין, רובינס, געוויסן, צו זיין יידיש געפיל. ער וועט אָנגעבן צענדליקער סיבות, פאַרוואָס ער האָט זיך ביז איצט נישט באַוויזן — און ער וועט אפילו בעטן צו פאַרגעבן אים פאַר האָבן ווי געטאָן אים, רובינען, און אויך זיין פּרוי אסתר. ער וועט מער נישט זיין דער שטאָלצער רב, דער אָפּשטאַם פון דורות רבנים און רביים. ער וועט זיין ווי אַ פּשוטער אַרבעטאָרער וואָס קומט בעטן דעם באַלעבאָס אָנצושטעלן אים צוריק אויף דעם דזשאָב, פון וועלכן ער איז אָפּגעזאָגט געוואָרן פאַר נישט אויפפירן זיך אַזוי ווי מ׳האָט געהאָט דערוואַרט פון אים. ער וועט קריכן אויף אַלע פיר ווי אַ געשלאָגענער הונט.

און ווען דאָס וועט געשען, — האָט ער, רובין, ווייטער געוועבט זיינע מחשבות בעתן זיצן דאָ און וואַרטן, — דעמאָלט וועט ער צוריק אָנשטעלן דעם היברו־טיטשער און הייסן אים צוריקרופן די תלמידים. ער וועט אים אפילו הייסן אַריינגעמען מער יינגלעך וואָס ווילן לערנען — און זאָל ער, דער מלמד, נישט קיין מורא האָבן, אַז ער וועט דאָס אַלץ דאַרפן טאָן פאַר דעם זעלבן געהאַלט. נישקשה, ער, רובין, וועט נישט בדלות ווערן, אַז ס׳וועט אים קאָסטן נאָך עטלעכע הונדערט דאָלער אַ יאָר. אַן אַדורכ־געפירטער פּלאַן איז ווערט אַלע געלטער.

אין אמתן האָט ער אַזוי געפילט אויך אין דער תלמוד־תורה, ווען דער היברו טיטשער און די יינגלעך זענען אַרויס פון דאָרטן. ער איז געשטאַנען און האָט געקוקט ווי ער וואָלט געווען אַ סגי־נהור. אין די אויגן האָבן זיך אים געשטעלט טרערן, און אין דער קעל האָט אים געשטיקט. דאָס איז געווען אַ פּלוצעמדיקער אויסברוך פון חרטה אויף זיין אָפּטו. ער האָט געפילט, אַז ער איז באַגאַנגען אַ גרויס פאַרברעכן, אַזאַ פאַרברעכן וואָס איז ממש נישט אַנדערש ווי מאָרד. צונעמען ביי יונגע, אָרעמע נשמהלעך די מעגלעכקייט צו לערנען איז פּונקט ווי הרגענען אַ נפש. ביים דערמאָרדעטן נפש איז אויסגעלאָשן געוואָרן דאָס לעבן, און ביי די נשמהלעך פון די יינגלעך, וואָס האָבן נאָך געדאַרפט האָבן אַ סך ליכט כדי זיי זאָלן כאָטש קאָנען אַרויס אַ שטיקל וועג פון דעם פינצטערן אומוויסן וואָס באַגלייט אַ מענטש פון זיין געבוירן ווערן אָן, איז צוגענומען געוואָרן דאָס פייער וואָס האָט זיי אי געוואַרעמט און אי געפירט. איז דאָס נישט קיין רציחה ווי אַלע רציחות?

און ווער קאָן וויסן וויפל גוטס די יינגלעך וואָלטן געבראַכט דער וועלט מיט זייער נישט איבערגעריסענעם לערנען? באַרייכערן זיך מיט וויסן איז דאָך ווי פאַרזייען פעלדער מיט קערנער!

איז ווי האָט ער געקאָנט — איבער זיין סכסוך מיטן רבנישן הויז — נעמען נקמה אין די יינגלעך? וועט ער דען דאָס קאָנען פאַרגעסן? וועט ער קאָנען שלאָפן, קומען צווישן מענטשן, אָדער קוקן זיך גופא אין פּנים אַריין, וויסנדיק אַז ער איז באַגאַנגען אַן

אויסטערליש אומרעכט קעגן אומשולדיקע קינדער? פאַרוואָס איז דאָס אים נישט געקומען פריער אויפן רעיון? פאַרוואָס האָט ער זיך נישט געכאַפּט בייצייטנס, אַז ער וועט נישט קאָנען אַראָפּשלינגען דאָס, און נישט קאָנען — נישט אין זינען האָבען עס מער? פאַרוואָס האָט ער נישט געהאַט אָפּגעלייגט די זאַך אויף אַ טאָג, צוויי, שפּעטער און דערווייל האָבען צייט צו לאָזן דאָס געפיל פון באַלדיקער נקמה אָפּקילן זיך אַ ביסל?

ער האָט געקוקט אויף די חומשים, וואָס די יינגלעך האָבן געהאַט אַוועקגעשטעלט לעבן די גמרות און סדורים אויף די פּאָליצעס, און געפילט ווי זיי שטייען נישט דאָרטן סתם אַזוי. זיי מישפּטן אים, כאָטש זיי קאָנען נישט רעדן. נאָך מער, זייער נישט קאָנען רעדן שרייט העכער ווי דער בייזסטער ריכטער, ווען ער האָט צו טאָן מיט אַן אָנגע־קלאָגטן אויסוואורף. זיי וועלן מישפּטן אים נישט נאָר פאַר דער נבלה וואָס ער האָט אָקאָרשט אָפּגעטאָן. זיי וועלן אים אפילו מישפּטן אין יאָרן שפּעטער, ווען די יינגלעך וועלן שוין זיין דערוואַקסענע מענטשן און ס'וועט זיי אין לעבן אויספּעלן דאָס וואָס ער האָט צוגענומען פון זיי היינט.

ער האָט זיך דעמאָלט געהאַט אַ לאָז געטאָן צו דער טיר — צוריקצורופן דעם היברו טיטשער און די תלמידים. ער האָט געטראַכט צו זאָגן, ער פילט זיך נישט מיט אַלעמען, ער איז שטאַרק צעטראָגן און ער ווייסט נישט לעצטנס וואָס ער טוט. ער וויל דערפאַר — האָט ער געטראַכט צו זאָגן — זיי זאָלן זיך שוין צוריקקערן צו דער תלמוד־תורה, נעמען די חומשים און זעצן זיך צום טיש פאַרצווזעצן דאָס לערנען.

ער האָט אָבער באַלד חרטה געקראָגן אויף דעם און ר'איז נישט געגאַנגען ווייטער, כאָטש דער היברו טיטשער און די יינגלעך זענען נאָך געהאַט געשטאַנען אין דרויסן.

ניין, — האָט ער געטראַכט, — מיט דעם האָט ער נאָך צייט. דאָס וועט אים נישט אַנטלויפן. קודם כל וויל ער, אַז זיין אויפטו זאָל האָבן אַ פּעולה אויפן רב. און שפּעטער וועט אַלץ אויסגעגלייכט ווערן. ער איז דערפאַר געקומען אַהער דאָ און האָט גענומען וואַרטן.

ס'איז בעסער, אַז אַלץ זאָל דורכגערעדט ווערן נישט אין דעם היים, ביי אסתרס בייזיין, נאָר דאָ אין אָפיס. און דער רב ווייסט, אַז דאָס איז די צייט וואָס ער, רובין, איז אין געשעפט.

ס'זענען שוין אָבער געהאַט אַוועק עטלעכע שעה, זינט ער איז געקומען אין געשעפט אַריין, און דאַך האָט זיך דער רב נאָך נישט געהאַט באַוויזן דאָ. ער האָט אפילו קיין וואָרט אויפן טעלעפאָן נישט געלאָזט הערן פון זיך. איז וואָס באַדייט דאָס? ס'באַדייט אַז די בשורה וואָס איז דערגאַנגען צו אים וועגן דער תלמוד־תורה האָט נישט געהאַט קיין פּעולה אויף אים. ס'באַדייט אויך, אַז כאָטש דער פאַל מיט דער תלמוד־תורה זאָל זיין אַ וואָרנונג וועגן דער אַנקומענדיקער געפאַר פאַר זיין חיונה, דאַך שרעקט דאָס אים אויך נישט. ס'איז, הייסט עס, קלאָר פון דעם אַלעם, אַז דאָס אָפּלאָזן דעם שידוך איז געווען זיין הייסער באַגער — און קיין שום אָפּגעטוענער שאָדן און קיין דערוואַרטע פורעניות קאָנען נישט און וועלן נישט אים בייגן.

אַרום ניין אַזייגער, איז ער, דזשאָ רובין, אויפגעשטאַנען. ער האָט געלאָשן דעם שרייבטיש־לאָמפּ, וואָס איז געווען מיט אַ מעטאַלענעם שוואַנען־האַלדז, און איז אַריין אין „סטאָר". אויב דער רב — האָט ער געטראַכט — איז נישט געקומען ביז איצט, טאָ צו וואָס זאָל ער, דזשאָ, נאָך וואַרטן דאָ? ס'איז אומזיסט. ער'ט שוין נישט קומען.

אין דער קראָם איז איצט געווען כמעט ליידיק פון מענטשן. די מערסטע סיילסלייט זענען געשטאַנען אין אַ ווינקל און האָבן גערעדט צווישן זיך געמיטלעך, עלעהיי זיי

וואָלטן געווען אויף וואַקאַציע. די אַנדערע פּאַרקויפערס זענען געשטאַנען מיט אייניקע שפּעט־אַריינגעפאַלענע קונים און האָבן מיט זיי געשמועסט אַזוי, גלייך ווי ס׳וואָלט צווישן אָט די סיילסלייט און די קליענטן פאַרגעקומען אַ געמיטלעכער אויסטויש פון מיינונגען וועגן ריין־פּריוואַטע ענינים.

ריווע איז געזעסן ביים רעגיסטער, די הענט אין שויס, און האָט גאָרנישט געטאָן. זי האָט בלויז געקוקט דורך די שויבנטירן אין דער קאַרגלער־באַלייכטער גאַס אַריין און געגענעצט פון צייט צו צייט.

— איך קום נישט צוריק, — האָט דזשאָ אַ זאָג געטאָן צו איר בעתן פאַרבייגיין דעם רעגיסטער. און נאָכדעם, שוין ביי דער טיר, אַ ברום געטאָן מיט גלייכגילטיקייט:
— וועסט פאַרשליסן דעם סטאָר . . .

ריווע, וואָס איז אַלעמאָל געווען וואַך צו יעדן וואָרט וואָס איז אַרויסגעקומען פון זיין מויל, האָט אויך איצט אויפגעכאַפּט מיט אַלע אירע אברים זיינע רייד און גיך, מיט געהאָרכזאַמקייט, געענטפערט.
— יאָ, אָנקל דזשאָ . . . ווי דו זאָגסט.

## 2.

געקומען אַהיים, האָט דזשאָ רובין געטראָפן זיין פרוי זיצן אין קיך ביים טעלעפאָן און ווישן זיך די אויגן מיט אַ פּאַפּירענער סערוועטקע.

ער איז געבליבן שטיין ביי דער שוועל און האָט געקוקט אויף איר מיט איבער־ראַשונג און מידקייט אין די אויגן.

— וואָס איז געשען? — האָט ער געפרעגט מיט אַ שטיל קול. — האָסט זיך דאָך געפילט בעסער ווען כ׳בין אַרויס פון הויז.

אסתר האָט זיך נישט וויסנדיק געמאַכט פון זיין אָנוועזנהייט, נישט פון זיינע רייד און ווידער געווישט די אויגן. נישט לאַנג נאָכדעם האָט זי זיך אָבער הויך צעקלאָגט און גערעדט מער צו זיך ווי צו אים:

— מאָרגן פאָר איך צו סאָלן . . . כ׳וועל אים לענגער נישט לאָזן שטיין אין האָטעל.

רובין האָט נישט געקאָנט עפּענען ס׳מויל און עפּעס זאָגן. אין די לעצטע צוויי טעג, וואָס זי, אסתר, איז געלעגן אין בעט אַ נישט־געזונטע, האָט ער עטלעכע מאָל טעלע־פאָנירט אין האָטעל אַריין, וואו דער זון געפינט זיך, און יעדעס מאָל איז אים געבליבן אַ ביטערער טעם אין מויל פון זיין שמועס מיט סאָלן. אַז ער האָט אים געפרעגט ווי ער פילט זיך, איז דער ענטפער געווען, אַז אויף בעסער קאָן קיין מענטש נישט האָפן. און אַז ער האָט אים געזאָגט, אויב אַזוי איז פאַרוואָס קומסטו נישט אַהיים? האָט ער, סאָל, געענטפערט, אַז ער פילט זיך נאָך נישט מיט אַלעמען. ער אַליין וועט שוין וויסן ווען ס׳איז פאַסיק פאַר אים צוריקצופאָרן אַהיים. פון דעם אַלעם האָט ער, רובין, געדרונגען, אַז סאָל פילט זיך ערגער זינט ער איז אַוועק אין האָטעל אַריין אויף צו קומען צו זיך. נישט נאָר האָט דאָס אַוועקגעפאָרן נישט באַרואיקט זיינע נערוון, נאָר דאָס געפינען זיך ווייט פון אָרט, וואו זיינע ליידן האָבן זיך אָנגעהויבן, האָט נאָך גאָר פאַרשטאַרקט זיין זכרון. ער האָט אָנגעהויבן געדענקען מער און מער איינצלהייטן פון הילדעס קאַלטער באַציאונג צו אים, פון איר ברעקלען זיך מיט אים, און ער איז געוואָרן מער סענסיטיוו, מער קראַנק דערפון.

אַוודאי האָט ער, רובין, נישט געזאָגט דער פרוי אַלץ וואָס ער האָט אַרויסגעדרונגען פון זיינע טעלעפאָן־שמועסן מיט סאָלן. ער איז אויך נישט אַרויסגעקומען אָפן מיט זיינע

איינדרוקן. זי איז דאָך געווען קראַנק! ווי נאָר זי איז צו זיך געקומען — און ער איז נישט געווען אין הויז — האָט זי אָבער אַליין זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיטן זון, און איצט, נאָכן שמועס מיט אים, ווייסט זי שוין אַלץ אויף אייגענער האַנט.

— פאַרוואָס מיינסטו, — פרעגט ער זי כלומרשט אַן איבערראַשטער, — אַז דו וועסט אים מוזן אַהיימנעמען? ער פילט זיך דען אומבאַקוועם דאָרטן? ער האָט דען דיר געזאָגט עפּעס אַנדערש ווי מיר?

אסתר — איינגעקורטשעט, אין אַ הויזמאַנטל, די האָר נישט פאַרקעמט — האָט געוויינט און נישט געענטפערט. זי האָט אויסגעזען ווי אַ צאַרט, יונג מיידל וואָס אירע ערשטע, ראָמאַנטישע באַציאונגען מיט אַ יינגל האָבן אומגעריכט געקראָגן אַ קלאַפּ, און זי קרענקט פון איר ביטערער אַנטוישונג. זי האָט איצט געהאַלטן דאָס פּנים אין די הענט און נישט געענטפערט.

אַז אויך ער, רובין, האָט אַ לאַנגע צייט נישט גערעדט, אפילו נישט אָוועקגערירט זיך קיין טראָט פון דער שוועל, האָט אסתר אויפגעהויבן די אויגן צו אים און מיט פיבערדיקע ליפּן גענומען רעדן אַזוי ווי איצט וואָלט זי זיך מער געשראָקן פאַר אים איידער פאַר דעם זון:

— וואָס זעסטו אויס אַזוי פאַרחושכט, דזשאָ? ד׳ביסט דען משער וואָס כ׳האָב דיר צו זאָגן? ענטפער מיר! האָסטו עפּעס צוריקגעהאַלטן פון מיר אין די לעצטע צוויי טעג? ד׳האָסט דאָך גערעדט צו אונדזער זון...

רובין האָט געקוקט אויף איר מיט כעס פאַר צווינגען אים זיך מודה זיין. גלייכציטיק איז ער אָבער דורכגעדרונגען געוואָרן מיט רחמנות צו איר פאַר אירע מוטערלעכע ליידן.

— וואָס ווילסטו אַרויספרעסן פון מיר, אסתר? — פרעגט ער מיט פייכטקייט אין קול. — וואָס ווילסטו זיך דערוויסן פון מיר?

— ווילסט נישט זאָגן? — שטייט זי אויף און לאָזט זיך צום אַרויסגאַנג, — זאָג נישט! אָבער מאָרגן פאָר איך צו אים. איך וועל אים לענגער נישט לאָזן אין האָטעל.

דזשאָ האָט זיך אָפּגערוקט פון דער שוועל — און אסתר איז פאַרבייגעגאַנגען פאַר אים אַזוי ווי אויסער דעם זון וואָלט זי גאָרנישט געהאַט אין לעבן. נישט ער, רובין, נישט די רייכע ביזנעס, נישט די טענעמענט-הייזער — קיין זאַך האָט איצט גאָרנישט געמיינט פאַר איר. זי האָט זיך געפילט אָרעם, נאַקעט, פאַרוואָרפן ערגעץ אין אַ וויסטעניש, וואו ס׳איז נישטאָ צו וועמען צו רעדן אין אַן עת־צרה. זי איז אַריין אין שלאָפצימער, וואו בלויז אויפן בעט, אין דער פינצטערניש, וועט זי זיך אפשר קאָנען ווערן קעגן איר פאַרצווייפלונג און אויסהאַלטן ביז מאָרגן.

### 3.

אַן אַנדערש מאָל וואָלט ער, דזשאָ, נישט געלאָזט זי אָפּגיין אין אַזאַ געמיט. ער וואָלט זי פאַרהאַלטן, אָדער איר נאָכגעפאָלגט, זיך אַוועקגעזעצט ביי איר בעט, און זי געטרייסט. איצט איז ער אָבער געשטאַנען אויפ׳ן זעלבן אָרט, ווי פריער, און ער האָט נישט געקאָנט טאָן קיין איינע-פון אָט די אַלע זאַכן. איצט האָט ער געפילט גענוי אַזוי ווי זי. ס׳האַלט נישט גוט מיטן זון.

אויך ביז איצט איז ער נישט געווען אינגאַנצן אַן אַזאַ שפּירונג. ער האָט אָבער געהאַט אַ שטיקל האָפענונג. ער האָט געטראַכט, אויב ס׳וועט אים געלינגען איינצוהאַלטן דעם שידוך פון אָפּגעבראָכן ווערן, וועט ער גלייך אַנטלעפאָנירן דעם זון, אָדער זיך

לאָזן צו אים מיט דער בשורה. דאָס וועט אים מעגלעך אויפהייטערן, ראַטעווען. צוליב אָט דער אויסרעכענונג איז ער שבת־צונאַכט געהאַט אַוועק מיט דער פּרוי צו די מחותנים . . . צוליב אָט דעם האָט ער אין די לעצטע צוויי טעג אויסגעקוקט אויף דעם רבס באַזוך דאָ אין הויז. און צוליב דער זעלבער זאַך האָט ער היינט אָפּגעטאָן די מעשה־רע מיט דער תלמוד־תורה, וואָס ער איז געווען מער ווי זיכער, אַז דאָס וועט אָן גוטע פּאָלגן נישט פּאַרביי, און נאָכדעם געוואַרט אין אָפּיס פון געשעפט. אָבער אַז פון אַלע דערוואַרטונגען איז גאָרנישט געוואָרן, טאָ וואָסער רפואה איז שוין געבליבן פאַר דעם זונס צעבראָכן געמיט?

ניין, ס׳האָלט נישט גוט מיטן זון. און ער האָט נישט קיין כוח צו טרייסטן זי מיט פאַלשע איינרעדענישן און אויסזיכטן. ער קאָן דאָס נישט, ווייל ער אַליין, דער פאָטער, קאָן דאָס אויך צו זיך גופא נישט טאָן.

ווי יעדעס מאָל, ווען ער איז פאַרקלעמט, איז אים אויך איצט געקומען טרערן אין די אויגן. גלייך אויפן אָרט האָט זיך אָבער אין אים געעפנט עפּעס אַ קוואַל פון ווידער־שטאַנד, פון נישט אונטערגעבן זיך אינגאַנצן צו ייאוש — און ער האָט זיך געזעצט ביים קיך־טיש, ביי וועלכן ער האָט זיך גענומען ווישן די אויגן מיט אַ טיכל וואָס ער האָט אַרויסגעשלעפּט פון דער מאַנטל־קעשענע.

זיצנדיק ביים טיש, אין מאַנטל און קאַפּעליוש, האָט ער גענומען טראַכטן וועגן דעם זון, כאָטש פון זיינע אויגן האָבן נישט אויפגעהערט טריפן טרערן וואָס דער קוואַל פון ווידערשטאַנד האָט גאָרנישט געקאָנט אָפּשטעלן. ער האָט געטראַכט וועגן דעם אויפפירן זיך פון זיין זון מיט פיל וואָכן צוריק, ווען הילדעס באַציאונג צו אים איז נאָך נישט געווען אַזוי קאַלט ווי לעצטנס, אָבער שוין היפּש לעבלעך.

ער געדענקט ווי סאָל איז נישט געווען אין געשעפט אַזוי פריינדלעך ווי פריער. אָפט האָט ער זיך צעשריען אויף קונים. ער האָט זיך נישט געוואָלט אָפּגעבן מיט זיי, נישט געשענקט זיי אפילו קיין אויפמערקזאַמקייט. אויך איז ער נישט געווען אין קיין גוטע באַציאונגען מיט די „סיילסלייט" ווי ער האָט געפלעגט זיין. נישט זעלטן האָט ער פאַרגעסן איבערצוגעבן ריווען וועגן באַשטעלונגען, וואָס מאַנופעקטשורערס האָבן געמאַכט אויפן טעלעפאָן. און אַז ער האָט אַמאָל אַריינגענומען אין רעגיסטער געלט פון אַ קונה און געדאַרפט געבן אַ רעשט האָט ער אינגאַנצן פאַרגעסן אין דעם. דערצו האָט ער זיך נאָך געוואָרפן מיט באַליידיקונגען אויפ׳ן קונה וואָס האָט געטענהט, אַז ער האָט געגעבן אַזוי פיל און אַזוי פיל. „ס׳אַ ליגן!" — האָט סאָל געשריען. — „איר האָט מיר נישט געגעבן אַזוי פיל!" גאָר אָפט האָט ער זיך אויך מיאוס צעשריען אויף אים, דעם פאָטער. און דאָס, נישט בלויז אין דער היים, נישט בלויז אין אָפּיס, נאָר אויך אין „סטאָר" בעת צענדליקער קונים האָבן זיך צוגעקוקט ווי צו אַ בייז וואונדער. אַזעלכע אויסברוכן, אַפילו קלענערע פון זיי, זענען פריער קיינמאָל נישט פאַרגעקומען. סאָל האָט געהאַט דרך־ארץ פאַר אים, דעם פאָטער. און נישט נאָר דרך־ארץ. ער האָט זיך אין אַלגעמיין אפילו געשראָקן פאַר זיין, דעם פאָטערס, קוק. דער קוק — אָן אַ וואָרט אין באַגלייטונג — האָט אים שוין אַלץ געזאָגט. און ער האָט זיך געהיטן, אַז ער זאָל נישט, חלילה, באַליידיקן דעם פאָטער.

זינט הילדע האָט זיך אָנגעהויבן באַציען צו אים ווי אַ פרעמדע איז ער אָבער געווען אַ געביטענער. ער האָט זיך פאַר גאָרנישט אָפּגעשטעלט. ער האָט זיך מער נישט געקאָנט צאַמען און האָט פאַרלוירן דעם קאָפּ ביי דעם מינדסטן צוזאַמענשטויס מיט עמעצן וועגן עפּעס, וואָס אַן אַנדערש מאָל וואָלט ער זיך גאָרנישט געווען אומגעקוקט דערויף. ער איז

געוואָרן שטאַרק צערייצט — און פּיל מאָל האָט ער אויך נישט גערעדט צו דער זאַך. פון זיין מויל האָבן זיך געשאָטן ווערטער אָן אַ צוזאַמענהאַנג און אָן אַ זין. זיי זענען אַרויסגעפלויגן פון דאָרטן ווי גליאיקע קוילן פון אַן אויפגעריסענעם שמעלצאויוון. און וואָס אָנבאַלאַנגט זיין באַנעמען זיך צו דער מוטער... ער איז געווען ערגער צו איר ווי צו אַנדערע מענטשן. אַלע מאָל האָט ער זיך געהאַט באַצויגן צו איר ווי צו אַן איידעלער פלאַנץ. ווויסנדיק, אַז איר גאַנץ לייב און לעבן אָטעמט מיט אים, האָט ער זי שטענדיק באַהאַנדלט מיט זיידענע הענטשקעס. ביי דער מינדסטער קלייניקייט האָט ער זי געקושט. ער איז פאַרלאָפן איר דעם וועג און האָט געטאָן וואָס זי האָט בדעה געהאַט צו טאָן. און דאָס איז נישט געווען קיין געמאַכטע ליבשאַפט.

ער האָט זי טאַקע ליב געהאַט בלב ונפש. נישט נאָר דערפאַר וואָס זי איז זיין מוטער און ווייל זי וואָלט געלאָפן אין פייער אַריין פאַר אים. צוליב דעם — אוודאי. אָבער נישט וויניקער אויך דערפאַר, ווייל זי איז געווען אַ שיינע, אַן אויסנעמלעכע אין באַנעמונג, האָט אויסגעזען פיל יינגער ווי זי איז אין אמתן אַלט געווען. און אויך דערפאַר, ווייל זי האָט גערעדט עלעגאַנט און ליב געהאַט צו פאַרברענגען מיט יונגוואַרג. זי איז געווען מאָדערן און האָט זיך נישט צוריקגעהאַלטן פון עסן אין גרויסאַרטיקע רעסטאָראַנען, פון גיין אין טעאַטערס, וואו ס׳ווערן אויפגעפירט דראַמעס פון אַמעריקאַנער שרייבערס, אָדער פראַנצויזישע, וואָס ווייזן ווי אַלע פאַמיליע־קאָנפליקטן קומען פון באַגערן נאָך קערפּערלעכע פאַרגעניגנס. זי האָט אפילו ליב געהאַט צו קליידן זיך לויט די נייסטע מאָדעס. און אַז זי איז געגאַנגען מיט אים, סאָלן, אין גאַס האָבן טאַקע פיל מענטשן זי באַוואונדערט. זיי האָבן איר געמאַכט קאָמפּלימענטן, אַז זי זעט אויס צו זיין סאָלס אַן עלטערע שוועסטער.

דערצו, ווען ס׳איז געקומען צו אַ פאַרוויילונג, וואו מ׳האָט אויך געטאַנצט, האָט זי אַרויסגעשיינט פון צווישן צענדליקער אַנדערע. זי האָט געטאַנצט שיין, עלעגאַנט און גראַציעז. און געטאַנצט האָט זי נישט בלויז די מאָדערנסטע אַמעריקאַנישע טענץ. זי האָט אויך געטאַנצט די אַרגענטינישע טאַנגאָ, די פראַנצויזישע פאָלינעז, די עסטרייכישע וואַלצן, די טשעכישע פּאָלקע, די פּוילישע מאַזורקע, דעם אַמעריקאַנישן טשאַרלסטאָן און די קובאַנישע רומבאַ.

אָבער זינט הילדע האָט זיך גענומען אָפּקערן פון אים איז ער, סאָל, געוואָרן ווי אַ וואולקאַן צו זיין מוטער. ער האָט נישט געקאָנט הערן ווי זי פּיעשטשעט אים, ווען זי האָט גערעדט צו אים, ווען זי האָט אונטערגעטראָגן דאָס מאָלצייט מיט זאָרגעוודיקייט, ווען זי האָט אים אויסגעגלעט דאָס קישן, די צודעק, בעת ער האָט זיך געלייגט אין בעט אַריין. ער האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן ווי זי האָט געפּאַדעט אַרום אים. „לאָז מיך צורו מיט דיין צערטלען!“ — האָט ער געפלעגט שרייען אין הויז, אַזוי אַז מ׳האָט געמוזט פאַרמאַכן די פענסטער, כדי די שכנים זאָלן נישט דערהערן וואָס ס׳גייט אָן צווישן מוטער און זון. „רוף מיך נישט: מיין קינד, מיין בייבי“, — האָט ער געגוואַלדעוועט און זיך געריסן די האָר פון קאָפּ, — „וואָרעם כ׳וועל זיך אַריינוואַרפן אין איסט־ריווער... הער אויף רעדן צו מיר צוקער־זיס!... ס׳ציט מיך צום ברעכן... כ׳פיל ווי אויס־צושפייען די גאַל...“

נו, ער, דזשאָ, ווייסט טאַקע נישט ווי דער זון האָט זיך אויפגעפירט ביי די האָרוויצעס אין הויז, ווען ער איז דאָרטן געקומען אַרויסנעמען הילדען, ס׳הייסט אין דער צייט ווען זי איז שוין געווען גלייכגילטיק צו אים, כאָטש זי האָט נאָך נישט געהאַט אינגאַנצן איבער־געריסן אירע באַציאונגען מיט אים. ער איז אָבער זיכער, אַז דער רב מיט זיינע דורכ־

שפּיזנדיקע אויגן האָט שוין געהאַט דערקענט אין סאָלן די ענדערונג. שוין דעמאָלט האָט ער זיך געוויס געשראָקן פאַר די סימנים און ער האָט געטראַכט וועגן זיין טאָכטערס צוקונפט. „איז דאָס דער זיווג מן־השמים פאַר מיין טאָכטער?״ — האָט דער רב, אָן ספק, געטראַכט. „ס׳קאָן נישט זיין. אַז דער רבונו של עולם איז מזכּה איינעם מיט דער זכיה צו זען די סימנים פון אַן אָנקומענדיקער צרה, טוט ער אים אין דער זעלבער צייט אויך אַריינגעבן אין קאָפּ די מחשבה אויף צו זיין פאָרזיכטיק, צו פאַרמיידן די סכּנה״. און דעמאָלט האָט ער, דער רב, געוויס געטראַכט, אַז ער מוז מאַכן אַ סוף צום שידוך. „וואָרעם אויב אַזאַ זאַך באַווייזט זיך אין אַ מענטש וואָס האָט נאָך קיין גרויסע סכּנות אין לעבן נישט אָנגעטראָפן, קיין גרויסע צרות נישט איבערגעלעבט, איז ווי קאָן שוין אַזאַ איינער אָנהאַלטן דעם גייסטיקן גלייכגעוויכט ווען ער איז באַלעבאָס פון אַ היים און כלערליי נסיונות קומען אַנטקעגן? קאָן מען זיין פאַרבונדן מיט אַזאַ איינעם און בשותּפות מיט אים בויען אַ מישפּחה־לעבן?״

אָט דאָס זענען געוויס געווען די סיבות פון זיין נישט קומען צו אים, רובינען, און זיך דורכשמועסן מיט אים וועגן דעם שידוך. אויב אַזוי, איז פאַרוואָס זאָל ער, רובין, אים באַשולדיקן אין כל בייז? וואָלט ער, רובין, ווען ס׳וואָלט געווען פאַרקערט, ס׳הייסט ווען הילדע פירט זיך נישט אויף נאָרמאַל, וואָלט ער יאָ געוואָלט זיך האַלטן ביים שידוך?

איצט איז אים, רובינען, געווען קלאָר פאַרוואָס דער רב האָט נישט געוואָלט זיין אין הויז שבת־צונאַכט, ווען ער, דזשאָ, איז אַהינגעקומען דאָרטן מיט דער פרוי. דער רב האָט זיך נישט געוואָלט געפינען אין אַ לאַגע, אַז ער זאָל מוזן אַרויסקומען מיטן אמת וועגן סאָלן. און וועלכער אידעלער מענטש וואָלט יאָ געקאָנט אַזאַ זאַך טאָן? איבערהויפּט ווען מ׳קען דעם חתנס פאָטער און מוטער פאַר פיל יאָרן, און דערצו ווען זיי זענען פערזענלעכע פריינד. יאָ, דאָס איז געווען נאָך אַ סיבה פאַרוואָס דער רב איז אַוועק פון הויז. ער האָט נישט געוואָלט פאַרשאַפן אים, רובינען, און דער פרוי קיין צער. ער האָט, אָן ספק, געטראַכט, ווייסן זיי דען נישט אַליין, ס׳הייסט די רובינס, וואָס ס׳קומט פאָר מיט זייער זון? איז צו וואָס זאָל ער, דער רב, נאָך שיטן זאַלץ אויף די וואונדן?

יאָ, איצט איז אים, רובינען, שוין קלאָר אַלץ אַרום דעם רבס אויפפירן זיך. דער רב איז געוויס נישט אָפּגעהיטן און ערלעך אין אַלץ וואָס ער טוט, אָדער ווי ער פירט זיך אויף, אָבער וואָס אָנבאַלאַנגט דעם שידוך איז ער נישט געגאַנגען אויף אַ פאַלשן וועג. ער האָט געהאַנדלט מיט אַ סך געפיל.

## קאַפּיטל זיבן

## דער זון

.1

אינדערפרי איז דזשאָ רובין אַרויס פון הויז און האָט זיך פאַרנומען צו זיין אויטאָמאָביל, וואָס איז געשטאַנען אין גאַס.

ס׳איז געווען אַ זוניק־מאַרצאַווער טאָג — און מענטשן האָבן געטראָגן זייערע ווינטער־מאַנטלען צעקנעפּלט.

דזשאָ איז אַריין אין אויטאָמאָביל און האָט זיך געלאָזט צום געשעפט — איידער ער פאָרט אַוועק מיט אסתרן צום זון.

אין דער קראָם איז ער געבליבן שטיין ביים צאָלטיש און האָט אַ קוק געטאָן אויף ריווען, וואָס איז געזעסן ביים רעגיסטער.

— כ׳וועל אויך היינט נישט זיין אין געשעפט, — האָט ער געזאָגט. — כ׳פאָר צו סאָלן.

— ווען ? — האָט ריווע געפרעגט.

— באַלד.

— אַליין ?

— מיט דער מומע אסתר.

— זאָג אים — האָט ריווע געזאָגט וועגן סאָלן — אַז ס׳בענקט זיך זייער שטאַרק נאָך אים. זאָל ער שוין צוריקקומען און מאַכן לעבעדיקער אין סטאָר. ער פעלט אויס זייער שטאַרק.

— אַ דאַנק.

אַז ר׳איז געווען אויפן וועג צוריק אַרויס האָט ער זיך אָפגעשטעלט און גלייכגילטיק צו די אייגענע ווערטער אַ זאָג געטאָן צו ריווען :

— וועגען די גרויסע באַשטעלונגען וואָס ד׳האָסט מיר נעכטן געזאָגט... גוט... שיק אַריין צו די טעקסטיל־פירמעס אַ ליסטע פון אַלץ, וואָס ד׳דאַרפסט, און בעט זיי, נישט אָפּצוהאַלטן לאַנג מיט׳ן אַרויסשיקן.

— אָקעי, אַנקל דזשאָ...

— גודביי...

— גודביי, אַנקל דזשאָ. האָב אַ גוטע רייזע.

— אַ דאַנק.

ביי דער טיר האָט ער זיך אָבער ווידער אָפּגעשטעלט און נאָכדעם איז ער פּאַמעלעך צוריקגעגאַנגען צו ריווען.

— וועגן דעם וואָס האָסט מיר נעכטן געזאָגט... כ׳מיין וועגן דער יוניאָן און די סיילסלייט דאָ... באַשטייען זיי אויף אַ יוניאָן ?

ריווע האָט זייטיק און פאַרזיכטיק אַ קוק געטאָן איבער דער ברייט און לענג פון דער קראָם, געוואָלט זען צי עמעצער פון די סיילסלייט פאַרשט נישט מיט חשד אירע אויסדרוקן אויפן פנים, און דערנאָך גענומען רעדן שטיל צום אַנקל דזשאָ :

— אייניקע וואַקלען זיך... זיי ווייסן נישט וואָס צו טאָן. אָבער די אַנדערע ברענען... זיי ווילן שוין לויפן אין דער יוניאָן אַריין און שיקן דיר אַ צעטל מיט יוניאָן פאָדערונגען. איבערהויפּט קאָכט זיך דער געקרייזלטער שעפּס.

דזשאָ — מיט די הענט אין די מאַנטל־קעשענעס — האָט זייטיק אויסגעדרייט זיינע פאַרטרויערטע אויגן און גענומען קוקן קרומלעך איבער דער לענג און ברייט פון דער קראָם.

אין דער קראָם איז נאָך איצט נישט געווען דער ברען פון ביזנעס וואָס הייבט זיך ערשט אָן נאָכמיטאָג. אָבער אַ צאָל קונים האָבן זיך שוין אַרומגעדרייט צווישן די פּלאַט־פאָרמעס, וואָס מיט באַלנס סחורות, און זיי זענען אויך פאַרביי די מוסטערן, וואָס זענען געווען צעהאָנגען אויף אַ ברייטער וואַנט. אייניקע סיילסלייט האָבן נאָכגעפאָלגט עטלעכע קונים און געוויזן זיי פאַרשידענע סחורות. און די אַנדערע פאַרקויפערס זענען געשטאַנען אין אַ ווינקל און האָבן צווישן זיך געשמועסט. דער הויפּט־שמועסער איז דאָרט געווען אַ מיטלוואוקסיקער, ברייטפּלייציקער יונגערמאַן פון אַ יאָר עטלעכע און צוואַנציק. ער האָט געהאַט מיידליש דינע ליפּן, אַ היפּשן בויך, ווי ביי אַ מעוברתדיקער פרוי, און אַ קאָפּ געקרייזלטע, רויטע האָר. געווען איז ער — בעני רופאייזן, וואָס דער סטעף און באַקאַנטע

האָבן אים גערופן „דער געקרייזלטער שעפּס“.

בטבע איז ער געווען אַן אַרבעטסזאַמער מענטש, אַן ערלעכער. ער האָט שטענדיק אהיימגענומען צו זיין יונגער פרוי דעם גאַנצן פאַרדינסט, כאָטש די סיילסלייט האָבן אים געגעבן אָנווייזונגען אויף זיכערע געווינערס אין פערד־געיעגן און אויסגעמאָלן פאַר זיינע אויגן דאָס גרויסע געווינס וואָס ער וועט אַריינקריגן אַן זאָרג און קאַפּוויטיק. יעדעס מאָל אָבער, ווען ער קריגט דעם וועכנטלעכן טשעק, טוט ער אַ פאַרקרום דאָס מויל, אַ פאַרדריי מיט די אויגן און קוקט אויפן ציפער . . . ער קוקט און שאָקלט מיטן קאָפּ, גלייך ווי אין דעם ציפער וואָלט געלעגן זיין שוויס, זיין בלוט, זיין האָפענונג און זיין דורכפאַל. אָפט טוט ער אויך רעדן צו זיך. ער בורטשעט און שעלט. אַנישט קוקט ער זיך אַרום און אַז ער דערזעט אַ סיילסמאַן, נעמט ער זיך קלאָגן פאַר אים. „נו, קאָן איך דעכען מיט אַזאַ צרהדיקן געהאַלט? נישט כ׳קאָן לעבן אויף דעם, נישט כ׳קאָן שטאַרבן דערפון. און אַ פּיצל צייט פאַר מיין פרוי און מיינע קינדער האָב׳ך אויך נישט, כאָטש שריי געוואַלד . . . שטענדיק אין סטאָר. פון אינדערפרי ביז שפּעט אָוונט. אַלע בעסטע שעהן מיינע ווערן דאָ באַגראָבן. מיין ווייב און מיינע קינדער קענען מיך גאָרנישט . . .“

דזשאָ האָט זיך צוריק אויסגעדרייט צו ריווען:

— נו, און דו? . . . וועסטו אויך צושטיין צו דער יוניאָן?

— איך? — איז ריווע געוואָרן איבעררשאַשט פון אָנקלס ווערטער און האָט אַ באַליידיקטע געקוקט מיט פאַרגרעסערטע אויגן. — איך? . . .

דזשאָ האָט געקוקט אויף איר אַ שווייגנדיקער און געוואַרט ביז זי וועט צו זיך קומען.

ריווע האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם פון איינגעהאַלטענער אויפרעגונג, אַריינגעצויגן די ליפּן אין מויל, באַנעצט זיי און נאָכדעם גענומען רעדן געלאַסן:

— בעני רופאייזן האָט מיר עטלעכע מאָל פאַרגעלייגט כ׳זאָל צושטיין צו דער יוניאָן. איז וואָס האָב׳ך געטאָן? כ׳האָב אים אָפּגעזידלט . . . וואָס פאַר אַ פאַרוואָשן פּרצוף דו האָסט, האָב׳ך אים געזאָגט, פאַרצולייגן מיר אַריינצוגיין אין אַ געגנ קעגן מיין אייגענעם אָנקל! ווען דער אָנקל זאָל אפילו שניידן מיין געהאַלט אין העלפט, וואָלט איך אויך פאַר ליב גענומען. געזעכט צי נישט, מיין אָנקל איז אַלעמאָל מיין אָנקל . . . ער ווייסט אַז איך דאַרף האָבן אויף צו לעבן . . . און אויב ער קאָן נישט געבן מער, איז עס געוויס איבער שלעכטע ביזנעס . . . אויב אַזוי, איז ווי קאָן איך האַנדלען ווי אַ געגנסטער? כ׳וואָלט דאָך מיט דעם פאַרערגערט די ביזנעס! מיין אָנקל וויל נישט זען קיין שלעכטס ביי מיר, פונקט ווי איך וויל נישט זען קיין שלעכטס ביי אים.

דזשאָ האָט גאָרנישט געזאָגט ווען די פלימעניצע האָט גערעדט. ער האָט אי יאָ געהערט און אי נישט. אפילו יענע ווערטער אירע וואָס האָבן זיך אָנגעצונדן פאַר זיינע אויגן זענען אויך נישט לאַנג געשטאַנען דאָרטן. זיי זענען באַלד פאַרלאָשן געוואָרן. דער מוח זיינער איז געווען טיילווייז פאַראַליזירט פאַר אַזעלכעס איצט. ער האָט מערסטנס געקוקט זייטיק, צו די שויבנטירן, דורך וועלכע ער האָט געזען זיין אויטאָמאָביל, און ער האָט געטראַכט וועגן אסתרן וואָס וואַרט אויף אים אין דער היים.

— נו, גוט, ריווע, — האָט ער אַ זאָג געטאָן און זיך אָוועקגערירט פון צאָלטיש, ביי וועלכן ער איז געהאַט געשטאַנען. — גודביי.

— גודביי, אָנקל דזשאָ, פאַרגעס נישט צו גריסן סאָלן.

— אַ דאַנק.

.2

מיטן אַספּאַלטענעם וועג, וואָס האָט זיך אָפּגעצווייגט פון אַ נעץ ניו־יאָרקער שאָסייען און זיך געשלענגלט צווישן פעלדער, פאַרביי גאַזאָלין־פּלומפּן, פאַרביי „קאַנטרי״־געוועלבער, פאַרביי פאַרמס, זיך געשלענגלט צו נאָנטע און ווייטע וועגן וואָס האָבן געפירט צו שטעט און שטעטלעך, אויך צו האָטעלן אין די קעטסקיל־בערג, האָט זיך איינזאַם און פּאַמעלעך געדרעדלט דזשאָ רובינס שאָקאָלאַד־ברוינער אויטאָמאָביל, ווי ער וואָלט געווען אָן אַ פּלאַן און אָן אַ ציל.

ער איז נישט געפאָרן צווישן די ווייס־פאַרביקע פּאַסן אויפן אַספּאַלט, נאָר אָנאַזייט, ביים שאָסיי־ברעג, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט די טעלעגראַף־סלופּעס, מיט די טאָפּאָגראַפישע רייזעצייכנס אויף שילדלעך, און גאָר אָפּט מיט די פעלדער גופא.

לינקס פון אים זענען אויטאָמאָבילן געלאָפן אָן אָפּשטעל. זיי זענען געלאָפן מיט אַזאַ אימפּעט, גלייך ווי עמעצער וואָס געפינט זיך ווייט־ווייט הינטער זיי וואָלט זיי געהאַט אָנגעדרייט איידער זיי האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין — און איצט קאָנען זיי זיך נישט אָפּשטעלן מיטן אייגענעם ווילן. אָבער זעלטן אַז עמעצער פון די פאַרביישווינדלדיקע אויטאָמאָביל־טרייבערס זאָל זיך נישט האָבן געהאַט אויסגעדרייט און פון נייגער אַ קוק געטאָן דורכן פענסטערל אויף דעם שאָקאָלאַד־ברוינעם אויטאָמאָביל. זיי האָבן געוואָלט זען צי עפּעס איז געשען מיט אים, צי ער דאַרף הילף. געזען אַז דער „קריכער״ איז נישט באַשעדיקט, אויך אָן מאָטאָר־צרות, זענען זיי אָבער געוואָרן נאָך מער נייגעריק און זיי האָבן גענומען באַטראַכטן דעם אָנטרייבער זעלבסט.

דזשאָ רובין איז זיך אָבער געזעסן ביים רעדל ווי קיינמאָל גאָרנישט. ער האָט זיך נאָר געהאַלטן ביים שאָסיי־ברעג און איז געפאָרן מיטן זעלבן פּאַמעלעכן טעמפּאָ ווי פריער, עלעהיי ס׳וואָלט אים נישט געווען קיין חילוק צי ער פאָרט יאָ, אָדער נישט.

אין אמתן איז עס אַזוי נישט געווען. די איצטיקע נסיעה איז אים שוין גאָר אָנגעגאַנגען. דער גורם פון זיין איצטיקער דערדריקטקייט און דעם פּאַמעלעכן פאָרן איז אָבער געווען דאָס שולד־געפיל, מיט וועלכן ער האָט זיך אַרומגעטראָגן זינט נעכטן ביינאַכט, ווען ער האָט איינגעזען די אומשולד פון רב אין זיין נישט אָפּשטאַטן אַ וויזיט ביי אים, רובינען, אין שייכות מיטן שידוך. זינט דעמאָלט פילט ער אַז דער דרוק וואָס ער האָט פּרובירט שאַפן אויפ׳ן רב דורך פאַרמאַכן די תלמוד־תורה איז געווען אַן איבערגעאיילטער שריט, און ער האָט געטראַכט פון אָפּמעקן דעם טעות נאָך איידער עס ווערן פאַרשפּרייט וועגן דעם אַלערליי קלאַנגען, צוגעטראַכטע און מיאוסע.

אינדערפרי, ווי נאָר ער איז אַראָפּ פון בעט, האָט ער געהאַט בדעה אַריבערצוגיין צום היברו־טיטשער, וואָס וואוינט אין דער זעלבער געגנט, און אים צוריקגעבן דעם שליסל. „נאַ״, — האָט ער אין זינען געהאַט צו זאָגן אים, — „קאָנסט שוין ווידער לערנען אין בית־מדרש מיט די קינדער...״ אַ ווײַלע נאָכדעם האָט ער אָבער איינגעזען, אַז ער וועט זיך בלויז אַרויסווייזן מיט דעם צו זיין אַן אומפאַראַנטוואָרטלעכער מענטש. און ער האָט חרטה געקראָגן אויף זיין פּלאַן. וואָרעם, אין אמתן, וואָסער תירוץ האָט ער געקאָנט געבן אויף אַזאַ אויפפירן זיך, באשר איין טאָג נעמט ער אַוועק דעם שליסל פון היברו־טיטשער און גלייך צומאָרגנס גיט ער אים צוריק? ס׳וואָלט דאָך געמאַכט די גאַנצע זאַך ערגער. דער רב וואָלט מן־הסתם געזאָגט, אַז איצט זעט ער ערשט אין וועמען דער זון, ס׳הייסט סאָל, גראָט אַריין מיט זיין היתנהגות. און אויב נישט דאָס, וואָלט ער געזאָגט עפּעס אַנדערש. דהיינו, אַז פון אַזאַ בור־דאורייתא ווי ס׳איז דער שול־פּרעזידענט קאָן מען אַלץ דערוואַרטן.

ער, רובין, האָט דערפֿאַר אָפּגעלײגט דאָס צוריקגעבן דעם שליסל ביז ער װעט צוטראַכטן אַן אָנשטענדיקע סיבה און דערװײל זיך געגרײט צו פֿאָרן צום זון.

דאָס פֿאָרן האָט אָבער נישט געלינדערט בײַ אים, רובינען, דאָס עגמת־נפֿש פֿאַר זײַן היציק אױסטראַכטן כּל־בײַז אױפֿן רבֿ, און אױך נישט דערשטיקט זײַן שולד־געפֿיל אין שײכות מיטן אַרױסשטעלן דעם היברו־טיטשער און די ײנגלעך פֿון דער תּלמוד־תּורה. זײ, דאָס עגמת־נפֿש און דאָס שולד־געפֿיל, האָבן אַזױ געדריקט אױף זײַן געדאַנק און האַרץ, אַז באַלד נאָכדעם װי ער איז אַרױסגעקומען פֿון שטאָט אױפֿן אָפֿענעם שאָסײ אַרױף האָט ער אײַנגעזען זײַן שװעריקײט מיטצולױפֿן מיטן האַסטיק־לױפֿנדיקן שטראָם אױטאָ־מאָבילן — און ער האָט זיך פֿאַרקירעװעט צום זײַטיקן װעג, װאו ער קאָן פֿאָרן לױט זײַן געמיט.

3.

אַרום דרײַ אַזײגער נאָכמיטאָג איז דזשאָ אַראָפּ פֿון הױפּט־װעג און ער האָט זיך פֿאַרנומען צו אַ זײַטיקן שליאַך, װאָס האָט געפֿירט צום האָטעל „עװערסאַונד" אױף אַ הױכן באַרג.

דער שליאַך, אױסגעבעט מיט זשװיר, איז געװען טרוקן, אָבער אין די װעלדער, װאָס אױף בײדע זײַטן װעג, זענען געלעגן הױכע שנײ־אָנשיטן. אין טײל ערטער איז דער שנײ נאָך געװען װי פֿרישער, װײסער פּוך, אָבער אין אַנדערע — שװאַרץ. די לופֿט איז געװען לינד. זי האָט געטראָגן אין זיך אי די ריחות און װאַרעמקײט פֿון דעם אָנקומענדיקן פֿרילינג, און אי די פֿױלקײט פֿון דעם אַװעקגײענדיקן װינטער. פֿון נאָענט און װײַט האָט זיך געהערט אַן איבערבראָך פֿון אַ צװײַג, אױך אַ דין קװיטשל פֿון אַ פֿיר־פּיסיק באַשעפֿעניש, אױך אַ געצװיטשער פֿון פֿײגל — און פֿון דער טיפֿעניש פֿון װאַלד איז אַרױסגעקומען צו לױפֿן מיט אימפּעט אַ הירש. ער האָט געװאָלט אַריבערקרײַצן דעם שליאַך און אַרײַנקוקן אין דעם װאַלד װאָס אַקעגנאיבער. ער איז אָבער אױגנבליקלעך געבליבן שטײן בײַם ראַנד, האָט געגאַפֿט מיט חשד אױפֿן פֿאַרבײַפֿאָרנדיקן שאָקאָלאַד־ברױנעם אױטאָמאָביל און געצוקט מיטן אונטערשטן טײל פֿון דער מאָרדע.

אַרױפֿגעקומען צום שפּיץ באַרג, איז דזשאָ רובין אַראָפּ פֿון שליאַך, זיך פֿאַרקי־רעװעט צו אָפֿענע, גרין־געפֿאַרבטע אַרײַנפֿאָר־טױערן װאָס זענען געװען הױך און ברײט, צונױפֿגעמײַסטרעװעט פֿון אײַזערנע שטאַבעס, מיט אַלערלײ קאָמבינאַציעס פֿון זון־שטראַלן אין מיטן, און ער האָט אָפּגעשטעלט דעם אױטאָמאָביל אױף אַ פֿלאַכן, לײמיקן פּלאַץ, עטלעכע צענדליק יאַרד פֿון האָטעל.

דער האָטעל — אַ הױכע, װײַסע געבײדע, מיט פֿיל אָפּגעזונדערטע געסט־הײַזער רונדאַרום — האָט אױסגעזען װי אַ באַזע פֿון סאָלדאַטסקע אָפֿיסעס און באַראַקן. געשטאַנען איז דער הױפּט־האָטעל מיט זײַנע בײַ־הײַזער אין מיטן פֿון אַ װײַט־אױסגעשפּרײטן שטח פֿון פֿעלדער. איבער דעם קאַלטן װינטער אין די פֿאַרגאַנגענע חדשים האָט זיך אָבער נישט געזען דאָ קײן גראָז. די פֿעלדער האָבן אױסגעזען װי אַלט־אױסגעריבענע פּערסישע טעפּעכער. די נאָדל־בײמער, װאָס זענען געשטאַנען דאָ און דאָרטן אױפֿן גרױס־האָריזאָנטאַלן שטח, זענען געװען ברודיק־גרין. די גרין־געפֿאַרבטע בענק, װאָס זענען געװען אײַנגעפּעסטיקט לעבן געדיכטע קוסטעס, אױך צופֿוסנס יונג־פֿאַרפֿלאַנצטע אַקאַציע־בײמלעך, האָבן אױסגעזען װי נאָך אַ חורבן. זײ זענען געװען לײדיק, פֿאַרלאָזט... אַרום און אַרום איז געװען שטיל, עלעהײ קײן לעבעדיק נפֿש װאָלט זיך נישט געפֿונען אין דער געגנט. װען נישט דער בליאַסק פֿון די העל־בלױע שפּיצן פֿון די װײַטע קײטן

בערג, וואָס האָבן זיך געפונען אַרום דעם האָריזאָנט, אונטער דעם נאָנט גרייכנדיקן טיף־בלויען הימל, וואָלט אָנגעכאַפּט אַן אימה פון דער שטומקייט און ס׳וואָלט זיך געגלוסט צו אַנטלויפן פון דאַנען וואָס גיכער ווי פון אַ פאַרדעכטיקטן וויסטעניש.

דורך די פראַנטאָווע שויבנטירן פון האָטעל איז אָבער באַלד אַרויסגעקומען אַ מיטליערקער מאַן, אַ נעגער, אין אַ גרינעם אוניפאָרם. ער איז געבליבן שטיין אויף דער וועראַנדע, האָט געקוקט אַ ווײַלע אויפן אָנגעפאָרענעם אויטאָמאָביל און ער איז אַראָפּ מיט די טרעפּ.

— געסט צו עווערסאָונד? — האָט ער געפרעגט מיסטער רובינען, ווען ער איז געבליבן שטיין עטלעכע טריט פון אים.

דזשאָ רובין איז שוין געהאַט אַרויסגעקומען פון אויטאָמאָביל. ער איז געשטאַנען בײַ דער טיר, רעכטס פון טרייב־רעדל, געהאַלטן זי אָפן און האָט געהאָלפן אסתרן אַרויסשטײַגן.

געזען אַז דער אָנגעפאָרענער מאַן איז פאַרפאָרעט מיט זײַן פרוי, האָט דער האָטעל־אָנגעשטעלטער ווידער געדעדט:

— אויב יאָ, וועל׳ך צופירן אײַער קאַר צום פּאַרקינג־פּלאַץ און נעמען דעם באַגאַזש אין האָטעל אַרײַן.

פאַרטיק געוואָרן מיט אסתרן, האָט זיך רובין אויסגעדרייט צום האָטעל־אָנגעשטעלטן און העפלעך באַדאַנקט:

— ניין.

נאָכדעם האָט ער אָנגענומען אסתרן בײַ אַן אָרעם און זיך געלאָזט מיט איר אין דער ריכטונג פון אַרײַנגאַנג צום האָטעל.

די לאָבי — אויסגעשטאַט מיט פּליושענע שטולן, מיט ווײַך־טאַפּעצירטע בענק, מיט נידעריקע טישלעך און לאָמפּן, מיט בילדער אויף די ווענט — איז געווען אָנגעגאָסן מיט אַ נעפּלדיק־גרינעם ליכט, וואָס האָט אַרויסגעשטראָמט פון געשליפענע, גרין־גלעזערנע לבנות וואָס זענען אַראָפּגעהאָנגען פון סופיט. אין ווינקלען זענען געזעסן עטלעכע מענער און פרויען. זיי זענען געזעסן בײַם ווײַסן ליכט פון אָנגעצונדענע לאָמפּן אויף טישלעך, מיט די אויגן אין דיקע נאָכמיטאָג־צײַטונגען — און אויף זייערע פּנימער האָבן זיך געוויזן אַלערליי האַוואַיעס, וואָס דער זין פון דעם געליינטן נײַעס אָדער אַרטיקל האָט זיך דורך זיי אַנטפּלעקט. קיינער אַרום איז די דאָזיקע לייט נישט אָנגעגאַנגען.

הינטער אַ לאַנגן, מאַסיוון אינפאָרמאַציע־דעסק, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ טרונק־טיש אין אַ שענק, איז געזעסן אַ מיידל פון אַ יאָר צוואַנציק. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ ווײַסער בלוזקע, דער קאָפּ בלאָנדע האָר אַרומגענומען מיט אַ שוואַרץ־סאַמעטענער באַנד, און האָט געקוקט גלײַך אויף די אַרײַנגעקומענע געסט, וואָס האָבן זיך געלאָזט אין איר זײַט.

— כ׳וויל זען אַ יונגנמאַן... — זאָגט רובין אַ באַטריבטער צום דעסק־מיידל, און ער טראַכט וואָס נאָך צו זאָגן. — סאָל רובין איז זײַן נאָמען. שוין איבער אַ וואָך ווי ער איז געקומען דאָ.

דאָס מיידל האָט געקוקט אַ מאָל אויף דעם הויכן, דינעם מאַן, בײַ וועמען די שלייפן זענען געווען גרוי, און אַ מאָל אויף דער מיטלוואוקסיקער, דיקלעכער פרוי וואָס איז געשטאַנען בײַ זײַן זײַט. רובין איז געווען אָנגעטאָן אין אַ נישט־פרישן, שוואַרצן מאַנטל פון קעמל־האָר און אין אַן אַלטן, גרויען קאַפּעליוש. און אסתר — אין אַ גרויען „פּוירזשען לעם" מאַנטל, אין אַ סאַמעטענעם, ווײַסן היטעלע, און פון איר אָרעם איז אַראָפּגעהאָנגען

אַ קאַשטאַנער, שוואַרצער האַנטבייטל, געמאַכט פון קראָקאָדיל־פעל אין דרום־אַמעריקע.

לויט דעם איינדרוק פון דעם גיך־אַבסערווירנדיקן, בלאַנדן דעסק־מיידל איז דער היכער מאַן געווען אַ פּראָפֿיט־גייציקער, קאַרגער בורזשוי, און די דיקלעכע פּרוי — אַ פּאַרוועניו, אַן אַלרייטניצע, הייסט עס, וואָס איז געבוירן געוואָרן ביי עלטערן פון אָרעמען קלאַס.

אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיט דער סאָציאַלער שטודיע אויף די צוויי געסט, האָט זי געעפנט דאָס רעגיסטראַציע־בוך וואָס איז געלעגן פאַר איר אויפן דעסק און גענומען מישן די בלעטער.

— יאָ, — זאָגט זי, איר ווערט נעמען דעם עלעווייטער און אַרויפפאָרן צום דריטן שטאָק. דער נומער פון צימער איז 307.

רובין האָט גאָרנישט געזאָגט, בלויז אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ צו איר און זיך געלאָזט מיט דער פרוי צום עלעווייטער.

ביי דער טיר פון זונס צימער זענען זיי געבליבן שטיין — און דזשאָ האָט אָנגעקלאַפּט.

— ער איז געוויס נישטאָ אינעווייניק, — זאָגט אסתר, נאָכדעם ווי דער מאַן האָט געקלאַפּט עטלעכע מאָל און ס׳איז נישט געקומען קיין ענטפער. — ד׳זעסט דאָך . . .

דזשאָ רובין האָט אַ ריר געטאָן די טיר, און זי האָט זיך לייכט געעפנט.

אַריינגעקומען אין צימער, האָבן זיי געזען ליגן זייער זון אויפן בעט. ער איז געווען אויסגעשטרעקט, דער קאָפּ אַהינטער דעם קישן, ליגנדיק ווי אין אַ גרוב, ס׳מויל אָפן, די הענט צעוואָרפן און די פיס צעשפּרייט. ער איז געשלאָפן ווי אַ פאַרטשאַדעטער און האָט געאָטעמט שווער.

רובין און אסתר זענען נישט געגאַנגען ווייטער. זיי האָבן אויך נישט גערעדט. זיי זענען נאָר געשטאַנען און האָבן געקוקט אויף אים.

סאָלס פּעך־שוואַרצע טשופּרינע איז געווען צעשויבערט. זיין שמאָל פּנים מיט די איינגעפאַלענע באַקן — ווייס. און זיין אונטערשטער טייל העמד, אין פראָנט, איז געווען אַרויסגעצויגן פון דעם צעעפנטן הויזן־קראָק און געלעגן צונויפגעדרייט ווי אַ קנויל ביי דער ספּראָנזשקע פון פּאַסיק. ס׳האָט זיך אַרויסגעזען זיין צונויפגעשרומפּענער סעקס־אָרגאַן.

אסתר האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, נישט געקאָנט קוקן דעם מאַן אין פּנים און זייטיק, מיט אַ דערשטיקטן כליפּ אין קול, געזאָגט:

— זאָל מען גיין, דזשאָ. מ׳וועט צוריקקומען שפּעטער.

רובין האָט גאָרנישט געזאָגט. ער איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך און האָט נאָך לאַנג געקוקט אויפן זון. בעת דעם האָט ער פיבערדיק און דערדריקט געצוקט מיט די ליפּן. נאָכדעם האָט ער זיך אויסגעדרייט און איז פּאַמעלעך אַרויס. הינטער אים האָט, מיט אַן אַראָפּגעהאָנגענעם קאָפּ, נאָכגעפאָלגט אסתר.

## .4

צוריק אין דער לאָבי, האָבן זיי זיך ווידער פאַרנומען צום אינפאָרמאַציע־דעסק. רובין האָט געלאָזט אסתרן שטיין אַנאַזייט און געפרעגט דאָס מיידל צי ער קאָן זען די אייגנטימערין פון האָטעל.

דאָס מיידל האָט אַראָפּגענומען דאָס טרייבל פון טעלעפאָן און אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי אויפגעהויבן די אויגן צו מיסטער רובין:

— יאָ, — זאָגט זי. — מיסעס מילסטאָן וועט דאָ באַלד אַריינקומען. זעצט זיך

צו דערוויל.

ס'האָט טאַקע נישט גענומען לאַנג — און ביים דעסק־מיידל האָט זיך באַוויזן אַ הויכע, שלאַנקע פרוי, מיט אַ קאָפּ „שוואַרצע" האָר. זי איז געווען אָנגעטאָן עלעגאַנט, האָט געדעדט מיט אימפּעט און באַוועגט זיך האַסטיק ווי אַן עקזעקוטיוו־סעקרעטאַרין פון אַ גרויסער ביזנעס.

— וואו זענען זיי, די רובינס? — האָט זי אַ פרעג געטאָן.

דאָס בלאָנדע מיידל האָט איר אָנגעוויזן אויף זיי אין אַ ווינקל פון דער לאָבי — און די מיסעס מילסטאָן, מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ, מיט שיק, האָט זיך געלאָזט אין זייער זייט.

— האַלאָ, מיסטער רובין! — האָט זי אַ שטרעק אויס געטאָן די האַנט צו אים, כאָטש זי האָט זיך נאָך געהאַט געפונען אַ צענדליק טריט ווייט פון אים. און אַז זי איז שוין געשטאַנען פּנים צו פּנים מיט אים האָט זי אויך באַגריסט זיין פרוי — האַלאָ, מיסעס רובין!...

— האַלאָ, מיסעס מילסטאָן, — האָבן די רובינס זי צוריק באַגריסט.

מיט מיסעס מילסטאָן זענען די רובינס געווען באַקאַנט שוין אַ לאַנגע צייט. זיי זענען געקומען דאָ אויף לענגערע און קורצע וואַקאַציעס עטלעכע מאָל אין יאָר. זיי האָבן אויך געקענט איר פאָטער. מיט פיל יאָרן צוריק האָט ער געהאַט אַ רעסטאָראַן אין דער איסט־סייד. ס'איז געווען אַ באַלעבאַטיש פּלאַץ, אָנגעזעענע לייט, דערצו מבינים און מפונקים, וואָס האָבן געוואָלט האָבן אַ גוטן, כשרן מאָלצייט אויסער זייער היים, זענען אַריין אַהינצו און האָבן געהאַט גרויס הנאה פון די מאכלים. אויך האָבן זיך געצויגן אַהינצו חשובע מישפּחות וואָס האָבן דאָרט געלאָזט צוגרייטן די שימחות פאַר זייערע בר־מצווה זין, אָדער גראַדואירטע בחורים פון היי־סקול, אָדער פון קאָלעדזש. זיי, די רובינס, האָבן אויך אָפט געגעסן דאָרטן.

מיטאַמאָל האָט דער פאָטער אירער צוגעמאַכט דעם רעסטאָראַן און אָפּגעקויפט דאָ עטלעכע אַלטע הייזער. דעמאָלט זענען זיינע ביזנעס באַשטאַנען אין דעם וואָס ער האָט פאַרדונגען די צימערן צו שטאָטישע פאַמיליעס, וואָס זענען געקומען דאָ אויף די זומער־חדשים און האָבן אַליין צוגעגרייט זייערע מאָלצייטן. מיט דער צייט זענען אָבער יענע הייזער אַראָפּגעראַמט געוואָרן און אויף זייער פּלאַץ איז אויפגעשטעלט געוואָרן צוערשט דער האָטעל גופא, און שפּעטער זענען אויך צוגעבויט געוואָרן די ביי־הייזער.

ס'האָט אָבער נישט גענומען לאַנג און מיסעס מילסטאָן איז געוואָרן די יורשטע פון דער גאַנצער אונטערנעמונג.

זיי, די רובינס, האָבן אויך געקענט מיסעס מילסטאָנס מאַן. איידער ער איז אַריין אין דעם שווערס האָטעל־ביזנעס איז ער געווען אַ „סוירטיפייד עקאַונטענט" — אַן אויסשטודירטער פאַרוואַלטער פון געשעפטס־ביכער. אָבער אויף זיין חשבון — סיי ווי אַ מיטהעלפער צו זיין שווער און סיי ווי דער יורש נאָכ'ן שווערס טויט — האָט ער נישט געקראָגן קיין אַנדערע לויב ווי נאָר די, אַז ער האָט געגנבי געוואוסט אויף וואָס אַ פּעני ווערט אויסגעגעבן און וויפל געלט ס'ליגט אין דער באַנק. די גאַנצע נשמה און אינספּיראַציע פון דער גרויסער האָטעל־מלוכה איז אַלעמאָל געווען זיין פרוי. און אַז ער איז אויך אַוועק, האָט ער קיינעם נישט אויסגעפעלט. סיי ווי האָט דאָך יעדער געפירט די געשפּרעכן וועגן אַלץ בלויז מיט איר. און דאָס, נישט נאָר וואָס נוגע ביזנעס, נאָר אויך וועגן היימישע, פּערזענלעכע זאַכן.

אויך אַזוי זיי, די רובינס. ווען נאָר זיי האָבן זיך באַגעגנט מיט איר, דאָ אָדער אין

שטאָט, האָבן זיי זיך אָרומגעכאַפּט מיט איר ווי מיט אַן אײגענער שוועסטער.

טאַקע מיט איר, ווי מיט אַן איבערגעגעבענער שוועסטער, האָט דזשאָ רובין אויך גערעדט פּריוואַט יעדעס מאָל, ווען ער האָט אַרײַנטעלעפֿאָנירט פֿון ניו יאָרק, וועגן זײַן זון. ער האָט איר אפֿילו דערציילט וועגן דעם זונס פּערזענלעכע ליידן און געבעטן, אַז זי זאָל פֿון צייט צו צייט, אויף איר אייגענעם שטייגער, זיך פֿאַרנעמען מיט אים. און מרס. מילסטאָן האָט בײַ יעדן שמועס אויסגעדריקט מיטגעפֿיל מיט אים, רובין, אויך מיטן זון, און צוגעזאָגט צו טאָן דאָס זעלבע וואָס אַ מאַמע וואָלט געטאָן פֿאַר איר קינד.

געזעצט זיך, האָט מיסעס מילסטאָן אַרויסגענומען פֿון איר קליידל אַ זילבערן שאַכטל, אָנגעצונדן זיך אַ ציגאַרעטל, פֿאַררייכערט, און צווישן איין פּוף און אַ צווייטן האָט זי געקוקט אויף די רובינס און זיך געיישובֿט צי זי זאָל זיי זאָגן דעם אמת אָדער נישט.

— נו, — זאָגט דזשאָ רובין — זאָגט אונדז עפּעס... איר פֿאַרשטייט דאָך, מיסעס מילסטאָן, צוליב וואָס מיר זענען געקומען.

— אין דער היים איז געווען אוממעגלעך אַ וואָרט אַרויסצורעדן צו אים, — האָט אסתּר איבערגעריסן דעם מאַן אין זײַנע רייד און אַליין אויך אָנגעהויבן רעדן. — ער איז געווען אַזוי נערוועז און בייז, אַז די שרעקלעכסטע מחשבֿות זענען מיר געקומען אין קאָפּ אַרײַן... כ׳האָב געמיינט, חס וחלילה...

— אין אמתן... — זאָגט מיסעס מילסטאָן און קוקט מער אויפֿן רויך, וואָס וויקלט זיך אַרויס פֿון איר ציגאַרעטל אין דער לופֿט אַרײַן, ווי אויף די רובינס. — אייגנטלעך... קיין סך איז מיר גופֿא אויך נישט געלונגען צוצוקומען צו אים. אַז כ׳האָב פּרובירט פֿאַרבינדן אַ שמועס מיט אים, האָט ער נישט געקוקט אויף מיר. ער האָט געקוקט ערגעץ־וואו און געשוויגן. ער האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק, אַז ער וויל נישט הערן, ער וויל אַוועק. און דאָס, יעדעס מאָל אַזוי. ווען נאָר כ׳בין צו אים צוגעקומען און האָב גענומען פֿאַרפֿירן אַ שמועס. דאָך וואָלט עס נישט געווען קיין מלער... וואָס מיך לאָזט נישט רוען איז דאָס וואָס ער עסט זייער ווייניק.

— וואָס הייסט „ווייניק"? — האָט אסתּר גיך אַ פֿרעג געטאָן מיט נייגער און שרעק.

— וואָס כ׳מיין מיט „ווייניק"? — האָט מיסעס מילסטאָן צוערשט געטאָן עטלעכע פּוף אויפֿ׳ן ציגאַרעטל און נאָכדעם צוריקגעפֿרעגט. — צום ברעקפֿעסט קומט ער אינגאַנצן נישט אַראָפּ אין עסזאַל. ביים דינער לאָזט ער איבער כמעט דריי פֿערטל פֿון דעם וואָס מ׳סערווירט. און דאָס אייגענע ביים סאַפּער.

— איז וואָס טוט ער אין דער צווישנצייט? — פֿרעגט אסתּר מיט פֿייכטקייט אין קול.

— ער שלאָפֿט, — זאָגט מיסעס מילסטאָן. נאָר ער שלאָפֿט. אייניקע מאָל האָב איך אָנגעקלאַפּט אין זײַן טיר און געוואָלט האָבן אַ שמועס מיט אים... ס׳איז אָבער נישט געקומען קיין ענטפֿער. האָב איך געמיינט, אַז ס׳איז קיינער נישטאָ. אַז כ׳האָב געעפֿנט די טיר האָב׳ך אָבער געזען ווי ער ליגט אויפֿן בעט און שלאָפֿט.

בײַ אסתּרן האָבן זיך באַוויזן טרערן אין די אויגן, און די ליפּן אירע האָבן זיך אויסגעקרימט און גענומען ציטערן.

— גייט ער גאָרנישט אין סווימינג־פּול אַרײַן צו כאַפּן אַ שווים? — פֿרעגט דזשאָ רובין. — נישט אין סאָלאַריום צו נעמען זון־בעדער? פֿאַרנעמט ער זיך נישט מיט קיין ספּאָרט?

— ניין, — זאָגט מיסעס מילסטאָן און קוקט שטאַרק באַטריבט אויף מיסטער רובין.

— עטלעכע מאָל האָב איך אים געפֿרעגט צי ער איז געווען בײַ לעקציעס אין דער

אוידיטאָריע, כאָטש כ׳האָב געוואוסט, אַז ר׳איז דאָרטן נישט געווען. האָט ער מיר אפילו נישט געענטפערט. דאָס זעלבע, ווען כ׳האָב אים געפרעגט צי ער איז געגאַנגען זען די מואוויס, וואָס מ׳ווייזט דאָ עטלעכע מאָל אַ וואָך, און צי ער האָט געזען די שאָוס, וואָס ווערן אויפגעפירט פון בארימטע אַקטיאָרן...

אסתר האָט זיך איצט שוין גענומען ווישן די אויגן מיט אַ טיכעלע, וואָס זי האָט אַרויסגעצויגן פון איר האַנטבייטל.

דזשאָ רובין האָט גאָרנישט געזאָגט. ער האָט געהאַט אַ סך צו רעדן, אָבער ער האָט איצט נישט געקאָנט אַרויסברענגען קיין וואָרט פון מויל.

אָבער אויך זי, מיסעס מילסטאָן, האָט איצט נישט געקאָנט מער רעדן. זי האָט עטלעכע מאָל נערוועז אַ פּוּף געטאָן אויפן ציגאַרעטל און איז אויפגעשטאַנען.

— כ׳האָף צו זען אייך שפּעטער, — זאָגט זי צו די רובינס. — איר פאָרט דאָך נישט אַוועק היינט!

— מיר ווייסן נישט, — זאָגט אסתר שטיל און טוט ווידער צו דאָס טיכעלע צו די אויגן.

## קאַפּיטל אַכט

## די סטודענטקע

### 1.

אַרום זון־פאַרגאַנג האָבן זיך די רובינס צוריקגעקערט אין זונס צימער אַריין.

אויך איצט איז סאָל נאָך געלעגן אויסגעשטרעקט אויפן בעט. דאָס מאָל איז ער אָבער נישט געשלאָפן.

ער האָט געהאַלטן די אויגן אָפן און געקוקט אויף די געסט מיט ספק אין זיין בליק. זענען דאָס זיינע עלטערן, אָדער פרעמדע וואָס זענען ענלעך צו זיי? אויב דאָס זענען יאָ די טאַטע־מאַמע, איז פאַרוואָס זענען זיי געקומען אָן אַ פאַרויסיקער ידיעה צו אים? דאָסגלייכן, פאַרוואָס זענען זיי אַריינגעקומען דאָ אָן אַ קלאַפּ אין טיר?

קיין פאַרדראָס אויף זיי האָט ער אָבער דאָס אַלץ נישט אַרויסגערופן אין אים. אדרבה, די אומגעריכטקייט פון זייער דערשיינען האָט אים גאָר שטאַרק גענומען אויפהייטערן, אַזוי אויפהייטערן, אַז ס׳איז אים געוואָרן אומבאַקוועם צו ליגן. ראַפּטעם האָט ער זיך געטאָן אַ זעץ אויף און ער האָט אַריבערגעוואָרפן זיינע לאַנגע פיס איבערן מאַטראַץ־ראַנד.

— מאַמעלע! — האָט ער אַ שריי אויס געטאָן מיט אַנטציקונג און צעשפּרייט זיינע לאַנגע, דינע הענט ווי צו פליען מיט זיי. — טאַטעלע!

פון זיין שמאָל־בייניקן פנים און זיינע שוואַרצע אויגן, וואָס אָקאָרשט זענען זיי געווען באַטריבט און אומבאַוועגלעך ווי ביי אַ פּופּע, האָט איצט אַרויסגעשטראַלט אַ פרייד, אַן אַנקוועלנדיקע איבעררראַשטקייט. און דורך זיין ברייט־צעעפנטן, מיידליש־דעליקאַטן מויל האָבן זיך אַן אויפהער געהאַלטן אין אַרויסקייקלען שאַרף־אָפּגעהאַקטע, קליינע געלעכטערלעך, ווי זיי וואָלטן געווען טעלעגראַפישע שריפט־סיגנאַלן.

— וואַסער וואונדערלעכע איבערראַשונג! — האָט ער געהאַלטן אין איין פּלאַטערן און אַנקוועלן פֿון די עלטערנס אומגעריכטן באַזוך. — ווי גוט ס'איז צ'זען אײַך... ווי הײמלעך ס'וועט דאָ זײַן מיט אײַך!

די רובינס האָבן זיך געזעצט אויף שטולן, קעגנאיבער דעם זון, און געקוקט אויף אים מיט שמייכלענדיגע אויגן.

— זעסט אויס אויסגערוט, סאַל, — זאָגט דזשאָ. — האָסט געהאַט דאָ אַ סך צײַט צו שלאָפן, וואָס?

— יאָ, — שמייכלט סאַל און ער קירעוועט אַוועק זײַנע אויגן פֿון פֿאָטער. ער לאָזט אַראָפּ די אויגן־דעקלעך און קוקט שיף איבערן צימער. באַלד נאָכדעם טוט ער זיך אָבער אַ צעלאָך אַזוי הויך, אַ שטײַגער ווי ער וואָלט זיך דערמאָנט אין איינעם וואָס האָט זיך אויסגעגליטשט און זיך איבערגעקערט מיטן הינטער־חלק אַרויף אין מיטן גאַס. — ס'איז נישט געווען וואָס צ'טאָן ביז'ך נאָר געשלאָפן.

— וואָס הייסט „ס'איז נישט געווען וואָס צו טאָן"? — פֿרעגט אסתר. דאָ, אין אַזאַ גרויסן האָטעל, פֿעלט וואָס צו טאָן?

— יאָ, מאַ, — זאָגט ער. — אַ גרויסער האָטעל, און דאָך איז נישטאָ וואָס צ'טאָן.

— וואָס ז'דער מער מיטן סווימינג־פּול? — פֿרעגט אסתר מיט חידוש. — זיי האָבן דאָך דאָ אין האָטעל אַזאַ גרויסאַרטיקן סווימינג־פּול! — און וואָס ז'דער מער מיטן סאָלאַריום? ס'איז דאָך אַזוי וואונדערלעך צו זיצן אונטערן גלעזערנעם דאַך און נעמען זון־בעדער! און וואָס ז'דער מער מיטן אײַז־רינק? אויסער די אַלע זאַכן האָבן זיי דאָך דאָ אויך פּלעצער פֿאַר בעסקעט־באָל, פֿאַר פֿוטבאָל, פֿאַר רײַטן אויף פֿערד. זיי האָבן אויך אַן אַרויספֿאָר פֿון צײַט צו צײַט צו די הויכע בערג... מענטשן פֿון ווי ווײַט, כ'מיין ליבהאָבערס פֿון אַלערליי ספּאָרטס, קומען דאָך אומיסטנע דאָ אַהער!

סאַל האָט זיך ווידער צעלאַכט.

— און צוגעגרייט — זאָגט אסתר אויפֿסניי — ביסטו געווען מיט אַלעם. כ'געדענק, עלעהיי ס'וואָלט געווען אַצינד, ווי ד'האָסט דיר מיטגענומען פֿון דער היים דעם באָד־קאָסטיום. איך אַליין האָב אים אײַנגעפּאַקט. און די זון־גלעזער האָסטו אויך מיטגענומען. וואָס, ניין? איך אַליין האָב זיי דיר געהאַט צוגעבראַכט צו דער וואַליז, וואו ד'האָסט אײַנגעפּאַקט. און די גליטש־שיך האָסטו אויך נישט פֿאַרגעסן. כ'געדענק, עלעהיי ס'וואָלט נאָר־וואָס געשען, ווי ד'האָסט זיי אַרײַנגעלייגט צווישען די אַנדערע זאַכן. האָסט גאָרנישט אויסגעלאָזט. אַזוי, אַז ד'זאָלסט האָבן אַלץ וואָס נאָר מ'דאַרף דאָ. איז אַז ד'האָסט געהאַט אַלץ וואָס מ'דאַרף דאָ, און געלעגנהייטן צו פֿאַרברענגען דאָ זענען אויך פֿאַראַן איבער גענוג, איז ווי קומסטו צו זאָגן אַז פֿאַר דיר איז דאָ גאָרנישט נישטאָ וואָס צו טאָן?

סאַל האָט זיך ווידער צעלאַכט. און איצט — גאָר הויך:

— צו וואָס, מאַ, ביז'ך געקומען דאָ אַהער? צו שווימען? יאָ און ניין. צו באָקן זיך אויף דער זון אין סאָלאַריום? יאָ און ניין. צו גליטשן זיך אין אײַז־רינק? אויך יאָ און ניין, אוודאי האָב'ך זיך אײַנגעפּאַקט די אַלע זאַכן... אָבער ס'איז געווען סתם אַזוי, פֿון געוואוינהייט...

— אויב נישט געמיינט צו פֿאַרברענגען, — פֿרעגט אסתר — איז צו וואָס ביסטו אַהערגעקומען?

— כ'בין געקומען, — זאָגט סאַל און לאַכט, — נו, ד'ווייסט דאָך... כ'זאָל פֿאַרגעסן, וואָס ס'איז געשען צווישן הילדען און מיר.

— וואָר... — האָט זיך דזשאָ אַרײַנגעמישט, קוקנדיק אויף אסתרן. — אויף

וויפל ס׳איז אים געווען מעגלעך האָט ער געדאַרפט פאַרגעסן אין דער געמיינקייט...

— אָבער ווי האָט ער געקאָנט פאַרגעסן, — קוקט אסתר פאַרדראָסיק אויף דזשאָ — אַז ר׳האָט נישט פאַרברענגט ביי גאַרנישט?

ביי דזשאָ האָט זיך דאָס לשון אָפּגעהאַקט מיטאַמאָל.

— נו, — פרעגט אסתר ווידער סאָלן — איז אַז ד׳ביסט נישט געקומען דאָ צו טאָן קיין אַנדערע זאַך ווי נאָר צו פאַרגעסן אין דעם וואָס איז געשען צווישן דיר און הילדען, איז האָסטו כאָטש פאַרגעסן?

סאָל האָט זיך צעלאַכט אַזוי ווי ער וואָלט געהערט אַ הומאָריסטיש חכמהלע:

— ווי איז מעגלעך צו פאַרגעסן?

— איז אַז ד׳האָסט גאַרנישט געטאָן דאָ, — זאָגט ווידער אסתר, — און פאַרגעסן האָסטו אויך נישט געקאָנט פאַרגעסן, איז צו וואָס דאַרפסטו נאָך בלייבן דאָ?

סאָל האָט אַריינגעלאַכט אין זיך:

— צ׳וואָס כ׳דאַרף דאָ בלייבן? אוודאי וואָלט׳ך נישט געוואָלט בלייבן דאָ לענגער.

— ער האָט גענומען קוקן אויפן פאָטער און ווידער גערעדט. — ד׳קאָנסט זיך דאָך, פאָ, אַליין אָן מיר, קיין עצה נישט געבן אין סטאָר.

— דאָס איז נישט די גרעסטע זאָרג מיינע, — ענטפערט דזשאָ.

— און איר, דו און די מאַ, דאַרפט זיך דאָך צוגרייטן מיט אַ סך זאַכן צו אייער רייזע קיין אייראָפּע און ארץ־ישראל. איז ווי וועט׳יר עס קאָנען טאָן, אַז איכ׳ל זיצן דאָ?

— צו דער רייזע — זאָגט דזשאָ — זענען נאָך געבליבן עטלעכע וואָכן. און אַז מ׳דאַרף, קאָן מען אָפּלייגן די רייזע אויף אַ שטיקל צייט שפּעטער.

— ווען שפּעטער? — קוקט סאָל אויפן פאָטער מיט פאַרגרעסערטע אויגן, וואָס זענען געוואָרן ווי גלעזערנע קייקעלעך. — האָסט׳אָך גערעכנט צ׳זיין אין ארץ־ישראל אויף פּסח.

— נישט קיין מלער... — ענטפערט דזשאָ. — וועט׳ס זיין אויף שבועות.

— כ׳וואָלט אויך געוואָלט צוריקפאָרן אין שטאָט אַריין איבער הילדען, — זאָגט ווידער סאָל. — כ׳וואָלט געוואָלט מאַכן אַ סוף... אָפּברעכן די תנאים און פאַרטיק. כ׳וויל נישט מער קיין אָפּשלעפּעניש.

ביידע, דער פאָטער און די מוטער, האָבן איצט צונויפגעפּרעסט די ליפּן און גאַרנישט געזאָגט.

— אָבער — זאָגט סאָל ווידער לאַכנדיק — כ׳וועל נאָך בלייבן דאָ סייווי...

— צו וואָס? — פרעגט דזשאָ.

— איבער עפּעס אַנדערש... — לאַכט סאָל העכער.

— מעג מען וויסן? — פרעגט דזשאָ.

סאָל האָט זיך ווידער צעלאַכט. גלייכצייטיק האָט ער אָוועקגעדרייט די אויגן פון די עלטערן כדי נישט דאַרפן צו ענטפערן. ס׳האָט אָבער נישט גענומען לאַנג און ער האָט אָנגעהויבן קוקן נאָכגיביק אויפן פאָטער:

— יאָ, פאַרוואָס זאָלט׳יר טאַקע נישט וויסן. איר ווייסט דאָך... איך האַלט נישט קיין סודות פאַר אייך.

— אמת, — זאָגט אסתר, — מיר שאַצן דאָס אָפּ זייער שטאַרק. דערפאַר האָבן מיר דאָך אַריינגענומען דיך אין די ביזנעס און גערעכנט צו מאַכן דיך פאַר אַ גלייכן שותף באַלד נאָך דיין חתונה.

— ס׳איז וועגן דער מיסעס מילסטאָנס טאָכטער... — זאָגט ער און שמייכלט

סודותדיק. — די וואָס זיצט ביים אינפאָרמאַציע־דעסק...

— זי איז מיסעס מילסטאָנס טאָכטער? — פרעגט אסתּר אַ דערשטוינטע. — די בלאָנדע?

וואָר, זי האָט געוואוסט, אַז די מיסעס מילסטאָן האָט אַ טאָכטער. זי האָט אָבער קיינמאָל פריער נישט געזען דאָס מיידל. דאָס מיידל האָט זיך אויפגעהאַלטן ביי דער באָבען, מיסעס מילסטאָנס מוטער, אין ניו־יאָרק, און איז געגאַנגען דאָרטן אין די סקולס.

— זי גרייט זיך אויף מאַסטער־דעגרי, — זאָגט ווידער סאָל. — זי׳ז געקומען אין האָטעל אויף עטלעכע וואָכן און שרייבט דאָ איר שטודיר־אַרבעט.

— זייער שיין, — זאָגט אסתּר. — זי האָט אַמביציע.

— אָבער פאַרוואָס דאַרפסטו בלייבן דאָ צוליב איר? — פרעגט דזשאָ.

סאָל האָט ווידער אַ לאַך געטאָן. דאָס מאָל האָט ער זיך אָבער נישט צוריקגעהאַלטן פון ענטפערן:

— כ׳האָב זי עטלעכע מאָל געהערט אַרגומענטירן אין דער לאָבי מיט אַ גרופּע געסט. זי׳ז אַ גרויסהאַלטערקע... זי מיינט זי׳ז אַ גרויסע געלערנטע... זי פליט אין די וואָלקנס... זי קוקט מיט עקל אויף יעדן איינעם, וואָס לייענט נישט קיין ביכער, וואָס ווייסט נישט פון קיין גרויסע שרייבערס, פון קיין גוטע דראַמאַטישע טעאַטערס, פון קיין אַלטע און מאָדערנע באַרימטע מאָלערס, פון קיין קונסט־גאַלעריעס, פון מוזייען...

ביי דזשאָ רובין האָבן זיך די ליפּן אויסגעקרימט מיט ווייטיק. ער האָט זייטיק אַ קוק געטאָן אויף דער פרוי מיט דערשלאָגנקייט אין די אויגן און אין אַ ווײַלע אַרום ווידער גענומען רעדן צו סאָלן:

— איז וואָס אַרט עס דיך וואָס זי זאָגט?

— אַ סך! — ענטפערט סאָל, און זיין שמאָל פּנים ברענט בעת דעם מיט צאָרן. — כ׳וויל איר אויפווייזן, אַז זי איז אַ פּלוידערקע, אַ פּוסטער קאָפּ, אַ ליידיקע כלי... זי מיינט, אַז ווייל ז׳האָט גראַדואירט פון קאָלעדזש, און ווייל זי שרייבט אַצינד איר שטודיר־אַרבעט פאַר מאַסטער־דעגרי איז זי באַרעכטיקט צו פילן אַז די גאַנצע וועלט ליגט אין אירע הענט, און אַז זי שטייט העכער פון אַנדערע מענטשן, וואָס זענען נישט געגאַנגען אין די אוניווערסיטעטן. נו, בין איך נישט געגאַנגען אין קאָלעדזש. אָבער כ׳קאָן איר באַווייזן, אַז זי איז גאַנצע הונדערט פּראָצענט אַן אידיאָט, אַ בהמה... אין ביזנעס קאָן מען לערנען וועגן דער וועלט און וועגן מענטשן מער ווי פון ביכער, מער ווי פון מוזייען, פון טעאַטערס און פון אַלע אַנדערע צעפּויקטע און צעטרומייטערטע זאַכן צוזאַמענגענומען.

— ווילסטו דערפאַר — פרעגט דער פאָטער און קוקט מיט באַטריבטע אויגן אויפן זון — נאָך בלייבן אין האָטעל?

— יאָ, — זאָגט סאָל, און ער גייט מיט האַסט אַראָפּ פון בעט. — איך מוז זי מאַכן מיט בלאָטע גלייך. און דאָס, פאַר אַלע געסט אין די אויגן.

ווייטער צו ציען דעם שמועס האָט זיך איצט אַרויסגעוויזן פאַר מיסטער רובין צו זיין אָן אַ זין. ער האָט אָנגעשפּאַרט דעם רעכטן עלנבויגן אויפן שטול־אָרעם, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ צו דער ברוסט און צוגעשלאָסן די אויגן. ס׳איז אים געוועזן פריקרע הייס, און אַ שוויס איז אַרויסגעקומען אויף זיינע שלייפן. איבערן צימער האָט זיך צעטראָגן אַ נישט־געווײַנלעך געלעכטער. ס׳איז געווען סאָלס געלעכטער. רובין האָט אָבער נישט געוואוסט דעם באַדייט פון דעם. אויך האָט סאָל געדערדט צו דער מוטער. אָבער רובין האָט אויך נישט באַנומען דעם געדאַנק פון די רייד. ס׳האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער געפינט

זיך ערגעץ אין אַ פֿאַרנעפּלטן, ווילדן געגנט, וואָס איז פול מיט בהלה, מיט געשרייען און געיאָמער.

אויפגעוועקט פון דער דאָזיקער צעמישונג האָט אים ביסלעכווייז צוערשט אַ טאַנץ, נאָכדעם אַ געזאַנג.ביידע זענען געקומען פון וואַשצימער, וואו סאָל איז געהאַט אריין צו גרייטן זיך אַראָפּצוגיין אין עסזאַל צום אָונטמאָל. ער איז דאָרטן געשטאַנען מיטן פנים פאַרן שפּיגל. ער האָט זיך ראַזירט און בעת דעם האָט ער אונטערגעטאַנצט צום ריטעם פון ענגלישע ווערטער, וואָס ער האָט אויפן אָרט פאַרטראַכט און געזונגען.

ביי רובינען אין קאָפּ האָבן זיך די ענגלישע ווערטער גלייך פאַרטייטשט אויף יידיש און זיי זענען געשפּרונגען פאַר זיינע אויגן מיט אַ משוגענער ווילדקייט:

רייס, רייס זי אַראָפּ אָן איינזעעניש!
וואָרן וואָס ביטערער דיין פּאַראַכט,
אַלץ מער וועלן שטיקער גאווה פאַלן פון איר.

דערגייי, דערגייי, דערגיי איר די יאָרן ביז חלשות!
ווייל וואָס גאַליקער דו קלאַפּסט די נאָז־פּאַרריסענע צויג,
אַלץ טיפער אין שאַנד וועט זי בייגן איר קאָפּ.

זיי נישט קיין נעבעכל, ברעך זיך נישט פון רחמנות!
ניין, גיב זיך נישט אונטער, אויב גאָט איז דיר ליב,
וואָרן איר טייוולישע האַרץ האָט קיין מיטלייד אויך מיט דיר.

שינד איר איינגערעדטע געלערנטקייט, שינד אָן אויפהער!
זיי נישט קיין מפונק, שעם זיך נישט מיט קיין גראָבע רייד,
ניץ די וואולגאַרסטע, די עקלדיקסטע, די סעקס־שמוציקסטע...

## 2.

— וועסט בלייבן מיט אים דאָ... — האָט דזשאָ רובין, נאָך אַ היפּשער צייט זיצן שטום, און ווי געליימט, געזאָגט צו אסתרן.

אסתר האָט געהאַלטן ס׳פּנים אין די הענט און געוויינט. אויף דזשאָס רייד האָט זי נישט געענטפערט. זי האָט נאָר געוויינט. פּאַמעלעך האָט זי זיך אָבער אויסגעגלייכט און גענומען קוקן אויפן מאַן מיט צעפּראַלטע אויגן.

דזשאָ האָט נישט געוואַרט אויף איר יאָ־צושטימען, אָדער נישט־צושטימען, און ווידער געזאָגט:

— איכ׳ל צוריקפאָרן קיין ניו־יאָרק. כ׳על זיך דורכרעדן מיטן דאָקטער ראָזנער.

אסתר האָט נאָך אַלץ געקוקט אויף אים מיט איבערראַשטקייט. זי האָט אפילו נישט געקאָנט עפענען ס׳מויל פון דעם אומדערוואַרטן איינפאַל זיינעם. אָבער מיטאַמאָל האָט זי גענומען ציטערן מיט אירע ליפּן:

— און מיך וועסטו לאָזן דאָ אַליין מיט אים?

— אוודאי וואָלט׳ך דאָס נישט געטאָן, — זאָגט ער מיט מיטלייד צו איר. — אָבער

ד'זעסט דאָך ... ער'ט נישט מיטפאָרן. און צווינגען אים אַצינד קאָנען מיר נישט.
— דענקסטו, — זאָגט זי מיט פאַרדראָס אויף אים, — אַז כ'דאַרף וואַרטן דאָ ביז ער'ט דער מיסעס מילסטאָנס טאָכטער פאַרשוואַרצן ס'פּנים ?
— חס וחלילה, — זאָגט דזשאָ. — כ'האָב געטראַכט וועגן דעם. מ'טאָר עס נישט דערלאָזן.
— איז וויאַזוי וועסטו עס פאַרמיידן ?
— פאָרן אַוועקפאָרן וועל'ך זיך דורכרעדן מיט מיסעס מילסטאָן. כ'על זי בעטן, אַז איר טאָכטער זאָל זיך נישט ווייזן צווישן די געסט עטלעכע טעג. און אַז אונדזער זון וועט זי פרעגן, זאָל זי זאָגן, אַז די טאָכטער האָט זיך געמוזט צוריקקערן אין שטאָט אַריין.
— און דעמאָלט, מיינסטו, וועט ער לענגער נישט וועלן בלייבן דאָ ?
— דעמאָלט האָט ער דאָך דאָ גאָרנישט וואָס צו טאָן.
— אויב אַזוי, — זאָגט אסתר, — קאָנסטו דאָך דאָ צואוואַרטן ביז אונדזער זון וועט זיך דערוויסן וועגן דעם ...
— כ'וואָלט'ס געטאָן. אוודאי. אָבער איין גאָט ווייסט ווען ער'ט אָננעמען מיסעס מילסטאָנס ווערטער פאַר גוט געלט. ער האָט אַ ברירה נאָכדעם זיך אַרומצודרייען אַ טאָג און טראַכטן וועגן דעם. און אפשר צוויי טעג. און מעגלעך גאָר דריי. ווער ווייסט ? אַזוי גרינג וועט ער אַראָפּשלינגען אַזאַ אַנטוישונג ? דו אָבער קאָנסט וואַרטן.
אסתר האָט ווידער אַריינגעטאָן ס'פּנים אין די הענט און צעכליפּעט זיך. זי האָט געיאָמערט אָן אויפהער, כאָטש גלייכצייטיק האָט זי זיך באַמיט דאָס נישט צו טאָן.
— וואָס זי האָט געטאָן צו אים ! — האָט זי אַריינגעקלאָגט אין די הענט אויף הילדען.
— צו וואָס זי האָט אים דערפירט ... און ווי אומגליקלעך זי האָט אונז געמאַכט.
פון וואַשצימער האָט זיך באַוויזן סאָל. ער האָט געטראָגן אַ האַנטעך אַריבערגעוואָרפן אויף אַן אַקסל.
דזשאָ רובין איז אויפגעשטאַנען און האָט גענומען קוקן אויפן זון מיט פאַרנעפּלטע אויגן.
— כ'וועל דיר זאָגן גודביי, — זאָגט ער מיט טרערן אין קול.
סאָל איז געווען איבערראַשט צו הערן דעם פאָטערס ווערטער. ער איז געבליבן שטיין, האָט אַראָפּגענומען ס'האַנטעך פון אַקסל און געקוועטשט עס אין האַנט.
— שוין ? ! — האָט ער געקוקט מיט אַנטוישונג אין זיינע פאַרגלאָזטע אויגן און געשטאַמלט.
— יאָ, זון ... — שאָקלט דזשאָ מיטן קאָפּ.
— פאַרוואָס ? — שטאַמלט סאָל ווידער און ער נעמט נישט אַראָפּ זיינע אויגן פון פאָטער. — פאַרוואָס שוין ?
— כ'מוז ... — זאָגט דער פאָטער, און די טרערן שטיקן אים אין האַלדז. — ד'ווייסט דאָך ... אַז דו ביסט נישטאָ אין סטאָר איז דער גאַנצער עול אויף מיר.
ס'האָט אויסגעזען ווי סאָל וואָלט מער גאָרנישט געקאָנט אַרויסברענגען פון זיין מויל. ער איז געווען פאַרטרויערט, דערדריקט, האָט געקוקט אַראָפּ צום דיל, געדרייט מיטן קאָפּ אין דער ברייט, ווי ער וואָלט גערעדט צו זיך, און מיט איין האַנט געטאַפּט די באַקן, אַרום עטלעכע געשווירלעך, וואָס זענען געווען פאַרפלאַמט פון ראַזירן.
— בלייב כאָטש ביז נאָכן סאַפּער, — האָט ער פּאַמעלעך אויפגעהויבן די אויגן צוריק צום פאָטער און געבעטן אים מיט ענגקייט אין האַלדז.
— כ'קאָן נישט, — זאָגט דזשאָ און ער רוקט זיך אָפּ פון זון עטלעכע טריט. — כ'האָב

נישט ליב צו פאָרן שפּעט ביינאַכט אויף ליידיקע וועגן.

פון סאַלאָן האָלדז האָט זיך מיטאַמאָל אַ ריס אַרויס געטאָן אַ כליפּ.

— אַ, דעד! — ער האָט אַוועקגעוואָרפן ס׳האַנטעך הינטער זיך און גענומען קוקן אויפן פאָטער מיט פאַרטרערטע אויגן. — פאַרוואָס טוסטו דאָס?

— כ׳האָב דאָך דיר געזאָגט, — פּיבערן די ליפּן ביים פאָטער. — כ׳האָב דאָך דיר געזאָגט פאַרוואָס.

דזשאָ האָט אַרומגענומען סאַלאָן מיט דער רעכטער האַנט, צוגעדריקט אים צו זיך און איז אַ ווײַלע געשטאַנען שטום. ער האָט זיך נישט געקאָנט שיידן פון אים.

— זײַ אַ גוטער בוי... — זאָגט ער צו אים אין אַ ווײַלע אַרום און ער שאָקלט מיטן קאָפּ בעטנדיק.

אויפן געדאַנק איז אים איצט געקומען אַ נישט־אַנגענעמע מעגלעכקייט. וואָס וועט זיין, אַז מיסעס מילסטאָן וועט נישט איינגיין אויף זיין בקשה? וואָס וועט זיין אַז זי׳ט זיך פילן באַליידיקט פון זיין פאַרלאַנג? און דאָס קאָן דאָך גרייליך געשען. וואָס, איבער זיין זון דאַרף זי מאַכן איר טאָכטער אומבאַקוועם? אויב אַזוי, איז וואָס וועט זיין דעמאָלט? ער האָט ווידער גענומען קוקן אויף סאַלאָן און אויפּסניי גערעדט מיט דערדריקטקייט:

— די מאַמע בלייבט דאָ מיט דיר. גיב איר אַ גוד טיים... זאָל זי נישט האָבן קיין עגמת־נפש. פאָלג זי. פאַרשעם נישט דער מיסעס מילסטאָנס טאָכטער. ס׳פּאַסט נישט פאַר דיר. ד׳ביסט מיסטער רובינס זון... ביסט געוועזענער פּרעזידענט פון יאַנג איזראַעל אין דער איסט־סייד. יעדער אין ניו־יאָרק קען דיך. ס׳וועט זיך פאַרשפּרייטן אַ מיאוסער קלאַנג וועגן דיר. און דו טאָרסט נישט קריגן קיין שלעכטן נאָמען. דאַרפסט וויסן, אַז איך עצה דיר מיט ליבשאַפט. ווי אַ טאַטע וואָס האָט נישט מער ווי אַן איינציק קינד...

ער האָט זייטיק אַ קוק געטאָן אויף דער איינגעהויקערטער אסתרן, וואָס איז געזעסן מיט פאַרטרערטע אויגן, און ער איז אַרויס.

3.

דאָס מאָל איז דזשאָ רובין נישט צו צום אינפאָרמאַציע־דעסק אין דער לאָבי. ער איז גלייך אַוועק אין אָפיס, וואו ס׳איז געווען מיסעס מילסטאָן, און האָט אַן שהיות גענומען רעדן:

— כ׳וויל האָבן עטלעכע ווערטער מיט אייך...

מרס. מילסטאָן איז געזעסן ביים אָפיס־טיש. זי איז געווען אַריבערגעבויגן איבער אַ שטויס פּאַפּירן און האָט זיי סאָרטירט. דערהערט אַ מאַנס קול, האָט זי זיך אויסגעגלייכט, אַראָפּגענומען די ברילן פון דער נאָז, פאַררייכערט זיך אַ ציגאַרעטל און קאָנצענטרירט איר בליק אויף מיסטער רובין.

— מיטן גרעסטן פאַרגעניגן, — זאָגט זי און פאַרבעט אים צו זעצן זיך אויף דער שטול לעבן איר.

רובין האָט זיך געזעצט און גענומען עפּענען זיין האַרץ פאַר איר. ווי אים דאַכט זיך — האָט ער געזאָגט — איז דעם זון זיינעם געוואָרן ערגער דאָ אין האָטעל. אוודאי איז עס נישט די שולד פון פּלאַץ. חס־וחלילה. אַלץ איז דאָ אויסגעצייכנט, ערשט־קלאַסיש. מ׳קאָן גאָרנישט פאַרלאַנגען קיין בעסערס. אלא וואָס דען? זי דאַרף זיך שוין אַליין אָנשטויסן... און ער האָט געבעטן אַז זי, מיסעס מילסטאָן, ווי אַן אַלט־באַקאַנטע, ווי אַ פריינד, זאָל אים העלפן מיט וואָס נאָר זי קאָן.

— צום ביישפּיל ? . . . — האָט זי געפרעגט מיט מיטגעפיל און אויפגעהערט רייכערן.
רובין האָט איר געזאָגט — מיט וואָס.

— אַז די טאָכטער מיינע זאָל זיך נישט ווייזן צווישן די געסט אין פאַרלויף פון עטלעכע טעג ?

דזשאָ רובין האָט נישט געענטפערט. ער האָט נאָר געקוקט אויף איר מיט פאַר־טרערטע אויגן.

מיסעס מילסטאָן האָט צוריק אַריינגענומען דאָס ציגאַרעטל צווישן די ליפּן, אַ פּוף געטאָן, געקוקט זייטיק איבערן אַפּיס אַ היפּשע ווײַלע, און נאָכדעם אויפסניי אַ פּאַרצי געטאָן דאָס ציגאַרעטל.

— נו, גוט, — זאָגט זי מיט מיטלייד צו מיסטער רובין. — ס׳איז שווער, אָבער כ׳וועל זיך אַן עצה געבן. כ׳וועל אַוועקזעצן אויף איר אָרט ביים אינפאָרמאַציע־דעסק איינעם פון די אָנגעשטעלטע. וואָס איז דען אוממעגלעך פאַר אַ פריינד ? הלוואי קאָן איך טאָן עפּעס מער פאַר אייך.

ביי רובינען האָבן די ליפּן גענומען פּיבערן פון דאַנקבאַרקייט. ער איז אויפגע־שטאַנען, האָט געדריקט מיסעס מילסטאָן די האַנט און געזאָגט עפּעס אַזעלכעס וואָס נישט ער האָט געוואוסט דעם זין דערפון און נישט די האָטעל־אייגנטימערין האָט פאַרשטאַנען.

אויפן וועג פון אָפּיס צום דרויסן איז ער פאַרבייגעגאַנגען אַן עולם געסט וואָס זענען געווען אָנגעטאָן אין פּרעכטיקע מלבושים צום אָוונטמאָל אין עסזאַל. ער האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף קיינעם. ער האָט זיך געווישט די נאָסע באַקן מיט די הוילע פינגער — און ס׳האָט אים נישט געאַרט וואָס אייניקע מענער און פרויען, קעגנאיבער אים, אין דער לאָבי, האָבן געקוקט אויף אים מיט פאַרשנדיקע אויגן.

## קאַפּיטל ניין

## דער פּסיכישער אַנאַליז

.1

אַרום צען אַזייגער אין אָוונט איז דזשאָ רובין צוגעפאָרן צו זיין היים הינטער דילענסי סטריט. אַ צעבראָכענער, אַ מידער איז ער אַרויס פון אויטאָ־מאָביל און ער האָט זיך אַריינגעוואַקלט אין זיין אַפּאַרטמענט.

געמאַכט ליכטיק, האָט ער אַראָפּגענומען פון זיך דעם מאַנטל, דעם קאַפּעליוש, און איז אַריין אין דער קיך. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול, אַראָפּגענומען דאָס טרייבל פון טעלעפאָן און עטלעכע מאָל אַרומגעדרייט דאָס פאַרבינדונג־רעדעלע.

— כ׳וויל רעדן צו דאָקטער ראָזנער, — האָט ער געזאָגט, ווען ס׳האָט זיך דער־הערט אין טרייבל אַ פרויען־שטים.

— ווער רעדט ? — האָט די פרוי געוואָלט וויסן.

— מיסטער רובין. דזשאָ רובין . . .

אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך דערהערט אַ פּראַכנדיק קול פון אַן עלטערן מאַנס־פּאַרשוין :

— יאָ, מיסטער רובין, וואָס ווילט איר זאָגן ?

— זייט מוחל, דאָקטער ראָזנער, פאַר קלינגען אַזוי שפּעט, — זאָגט רובין מיט דערשלאָגנקייט אין קול. — כ׳האָב זיך נישט געקאָנט העלפן. כ׳בין נאָר וואָס געקומען פון אַ באַזוך ביי מיין זון.

— איז ווי פילט ער זיך?

— ס׳איז מיר ביטער, דאָקטער. כ׳זאָג אייך ס׳איז מיר שוואַרץ דאָס לעבן.

— וואָס איז דער מער?

— ס׳איז נישט גוט מיט מיין זון.

— וואָס איז געשען?

— ער פילט זיך ערגער ווי פאַרן אַוועקפאָרן.

— פאַרוואָס מיינט איר אַזוי?

רובין האָט זיך גענומען דרייען אויף דער שטול, נישט געקאָנט זיצן. ער האָט אפילו נישט געקאָנט האַלטן דעם קאָפּ גלייך. ער האָט זיך אָבער געשטאַרקט און מיט נישט־גאַנצע זאַצן, מיט צעבראָכלטע ווערטער איבערגעגעבן דעם דאָקטער וועגן סאָלס אויפפירן זיך און וועגן זיין רעדן אין האָטעל־צימער.

— נו, גוט... — זאָגט דאָקטער ראָזנער נאָך אַ לענגערער ווײַלע שווייגן. — קומט אַריין מאָרגן אינדערפרי אין מיין אָפיס. כ׳גלייב, איר האָט עפּעס אין אייער איינדרוק. אויך איך בין שטאַרק באַזאָרגט דערפון. כ׳וועל זען וואָס כ׳קאָן טאָן.

אויפגעהאָנגען צוריק דאָס טרייבל, האָט רובין צוגעמרוזשעט די אויגן, וואָס האָבן זיך איבערגעגאָסן מיט טרערן. ער האָט אַרויפגעטאָן דעם עלנבויגן אויפן טעלעפאָן־טישל און אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף דער האַנטפלאַך. די ליפּן זיינע האָבן געפיבערט, און אין דער קעל זענען געשטאַנען די ווערטער „אויך איך בין שטאַרק באַזאָרגט דערפון״, וואָס דער דאָקטער האָט זיך נישט געקווענקלט צו־לאַנג אַרויסצוזאָגן. דאָס האָט אים, רובינען, נאָך מער דערדריקט אין זיין באַזאָרגטקייט וועגן סאָלס גייסטיקן צושטאַנד.

.2

שוין... — האָט רובין, זיצנדיק אין דערשלאָגנקייט, געטראַכט וועגן דעם זון. — ער וועט שוין אַזוי גיך נישט זיין דאָס וואָס ר׳איז געווען ביז מיט אַ צייט צוריק. און ס׳קאָן זיין, אַז ער וועט אפשר אינגאַנצן נישט אַרויס פון דעם איצטיקן מעמד. און ווער ווייסט צי דער איצטיקער צושטאַנד וועט אין פאַרגלייך מיט דער לאַגע אין אַ צייט שפּעטער נישט באַטראַכט ווערן פאַר געזונט און נאָרמאַל. ווי ס׳זאָל נישט זיין, איינס איז איצט קלאָר. דאָס איז, אַז דער זון קאָן דערוויל זיך נישט פאַרנעמען מיט קיין ביזנעס אין געשעפט, ווען ד׳וועט זיך צוריקקערן פון האָטעל. און נישט נאָר דאָס. ער טאָר זיך אפילו דאָרטן נישט ווייזן, כאָטש ער וועט זיך רייסן אַהינצו. ער מוז בלייבן אין דער היים, אָדער ערגעץ אַנדערש, לויט דעם ווי דאָקטער ראָזנער, אָדער אַ רעקאָמענדירטער גרעסערער דאָקטער, וועט פאָרלייגן. בקיצור, דאָס איז אַן אומגליק וואָס הלוואי ס׳זאָל נישט אַריינשלעפּן אין אַ ביטער־פינצטערער צרה אויך אסתרן, די מוטער.

ביז נאָענט צו האַלבער נאַכט איז ער אַזוי געזעסן און ער האָט נאָר אַריינגעטראַכט אין זיין אומגליק. פון שטאַרקער דערדריקטקייט און מידקייט איז ער דערנאָך איינגעשלאָפן מיטן קאָפּ אויפן טישל, ביז ס׳האָט זיך דערהערט אַ געקלונג פון טעלעפאָן. ער האָט זיך אויסגעגלייכט, אַראָפּגענומען אין צעטומלעניש דאָס טרייבל פון טעלעפאָן און קרעכצנדיק געלאָזט הערן זיין קול:

— יאָ...

— איך, אסתר . . . — האָט זיך דערהערט זיין פרויס שטים.

— אסתר ? וואו ביסטו ? . . .

— וואו זאָל׳ך זיין . . . וואָס פרעגסטו עפּעס וואו כ׳בין ? ד׳ווייסט נישט וואו כ׳געפין זיך ?

— אַנטשולדיק . . . כ׳פיל זיך נישט גוט.

— וואָס איז דיר ?

— וואָס זאָל מיר זיין ? כ׳ווייס אַליין נישט. כ׳האָב גערעדט מיטן דאָקטער.

— צוליב דעם האָב׳ך דיר טאָקע טעלעפאָנירט. כ׳בין געווען אומגעדולדיק צו וויסן וואָס ער האָט דיר געזאָגט.

— וואָס האָט ער געזאָלט זאָגן ? מ׳וועט ערשט מאָרגן רעדן. ר׳האָט מיך געהייסן קומען צו אים אין אָפיס אַריין, וועט ער מיט מיר רעדן.

— ווייסטו, הייסט עס, גאָרנישט ?

— פון דעם וואָס ר׳האָט געזאָגט, נאָכדעם ווי כ׳האָב אים אַלץ איבערגעגעבן, קאָנ׳ך סיי ווי דריינגען וואָס ר׳וועט מיר מאָרגן זאָגן. כ׳דאַרף נישט וואַרטן ביזן מאָרגנדיקן באַגעגעניש.

— וואָס האָסטו אַרויסגעדרינגען ?

— צו וואָס דיר פאַרשאַפן אַ שלאָפלאָזע נאַכט ? ס׳איז נישט גוט, אסתר.

אין טעלעפאָן האָט זיך איצט דערהערט אַ געיאָמער. רובין האָט זיך געערגערט דערפון וואָס ער האָט געלאָזט אַרויסקומען פון זיין מויל אַזעלכע ווערטער, וואָס האָבן זי אויפגעטרייסלט. ער האָט זיך אָבער נישט געקאָנט העלפן. ער האָט געפילט אַז ער קאָן נישט באַהאַלטן גאָרנישט פון איר. ער דאַרף האָבן אַ נאָענטן מענטש, פאַר וועמען ער זאָל קאָנען אַראָפּרעדן פון האַרץ אַלץ וואָס ליגט דאָרטן אָנגעהאָרבט ווי אַ משא. און ווער איז נאָך אַזוי נאָענט ווי אַן אייגענע פרוי ?

— און צוליב נאָך עפּעס — זאָגט אסתר נאָך אַ ווײַלע — האָב׳ך דיר טעלעפאָנירט. כ׳האָב דיר געוואָלט זאָגן אַז כ׳זע נישט ווי איך אַליין וועל זיך קאָנען אַן עצה געבן מיטן זון און שטיין דאָ לענגער מיט אים. ער איז נישט איבערצוטראָגן . . . ר׳האָט געהאַלטן אין איין אַרומלויפן אין דער לאָבי און זוכן מיסעס מילסטאָנס טאָכטער. ר׳האָט געזאָגט, ער גלייבט נישט אַז זי איז צוריקגעפאָרן אין שטאָט אַריין. אָפּט איז ער אַריין צו מיסעס מילסטאָן אין אָפיס און ר׳האָט נישט געוואָלט אָפּטרעטן ביז זי וועט אים זאָגן דעם אמת. נאָך דעם אַלעם איז ער אָבער אַלציינס נישט ביי דער מיינונג אַז זי איז געווען אויפריכטיק מיט אים, און ר׳האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט צו שטיין דאָ אַ וואָך, אָדער צוויי וואָכן. און אַז די טאָכטער וועט זיך ביז דעמאָלט נישט באַווייזן, וועט ער צוריקפאָרן אין שטאָט אַריין און גיין זי זען אין איר ניו־יאָרקער היים. נו, איז וואָס זאָגסטו צו דעם ? וואָסער עצה גיט מען זיך אַצינד ? דערווייל טוען די געסט דאָ אַלץ מער פאַרדעכטיקן און זיי קוקן אונדז נאָך, ווען מיר גייען אין דער לאָבי, אַ שטייגער ווי מיר וואָלטן געווען אויסטערלישע ברואים . . . דענקסטו אַז ד׳וועסט קאָנען אַהערקומען דאָ מאָרגן און אים צורעדן צו פאָרן אַהיים ?

— כ׳ווייס גאָרנישט וואָס צו זאָגן ביז כ׳הער נישט פון דאָקטער וואָס צו טאָן. כ׳וועל דיר לאָזן וויסן ווי נאָר כ׳וועל פּאַרטיק ווערן מיטן וויזיט.

— נו, גוט . . . האָב מיר אַ גוטע נאַכט.

— אַ גוטע נאַכט, אסתר . . .

.3

שפּעט אינדערפרי איז רובין געזעסן אין דעם אונטערזוכונגס־צימער און האָט מיט פּאַרטרויערטע אויגן געקוקט אויפן דאָקטער ראָזנער בעת יענער האָט גערעדט.

דאָקטער ראָזנער איז געזעסן אין אַ ברוין־לעדערנער שטול ביים שרייבטיש. ער האָט געהאַלטן די הענט פאַרקרייצט אויפ'ן שויס און בשעת זיין רעדן צו מיסטער רובין געקוקט קרומלעך איבערן צימער, אַ שטייגער ווי ער וואָלט מיט באַדאַכטקייט דיקטירט זיין סעקרעטאַרין „נוירס" וואָס אַריינצושרייבן אין די רעקאָרד־פּאַפּירן פון אַ פּאַציענט, וועמען ער האָט אָקאָרשט געהאָט אונטערזוכט. אין שכנותדיקן וואַרטצימער איז געזעסן אַ צאָל חולאים. אויך אַ ריי וויזיטן צו קראַנקע האָט געוואַרט אויף אים שוין אַ היפּשע צייט. דאָך איז ער, דאָקטער ראָזנער, געווען רואיק און ער האָט גערעדט געמיטלעך, געגוי ווי אין אַ שמועס מיט אַ פריינד ביי אַ גלעזל טיי אין זיין גאַסטצימער.

זינט נעכטן ביינאַכט — האָט ער געזאָגט — ווען מיסטער רובין האָט איבערגעגעבן אויפן טעלעפאָן וועגן זיין וויזיט ביים זון אין האָטעל, האָט ער, דאָקטער ראָזנער, נישט אויפגעהערט טראַכטן וועגן דער ענדערונג אין סאָלס גייסטיקן צושטאַנד און וועגן די הייל־מיטלען וואָס מ'וועגדט אָן אין אַזאַ פאַל.

— קודם־כל דאַרף פעסטגעשטעלט ווערן, — זאָגט ער איצט מיסטער רובינען — אַז סאָל איז געוויס שטאַרק פאַרוואונדעט געוואָרן פון דעם וואָס זיין כלה האָט אָנגעהויבן אַרויסווייזן גלייכגילטיקייט צו אים. אמת, מיר ווייסן נישט געגוי ווי זי האָט זיך אויפ־געפירט און וואָסערע ווערטער זי האָט געניצט, אָבער ס'איז לייכט זיך פאָרצושטעלן אָט דאָס אַלץ. אויף וואָסער באַזע, וועט איר געוויס פרעגן, מיסטער רובין, קאָנען מיר עס זיך פאָרשטעלן? וועל'ך אייך זאָגן. אויפן סמך פון זיין אויפפירן זיך אין האָטעל.

ער האָט פאַרמרוזשעט די אויגן, פאַרקרימט די ליפּן, ווי בעת צאָן־ווייטיק, און אין אַ ווײַלע אַרום ווידער גענומען רעדן:

— דאָס וואָס אייער זון זאָגט, אַז ער וויל דערנידעריקן די טאָכטער פון דער האָטעל־אייגנטימערין איז אַ סימן אַז ער וויל נקמה נעמען אין זיין כלה פאַר איר גרויסקייט־מאַניע, און אפשר אויך דערפאַר ווייל זי האָט געקוקט אויף אים פון אויבן אַראָפּ. די טאָכטער פון דער האָטעל־אייגנטימערין איז בלויז דאָס ציל־ברעט וואָס איז אים אונטער דער האַנט. ער מוז האָבן אויף וועמען אויסצולאָדן זיין כעס, וואָס האָט זיך אין אים אָנגעזאַמלט איבער זיין פאַרשעמטן, און גראַדנווייז פאַלנדיקן, זעלבסט־רעספּעקט.

ער איז שטיל געוואָרן אויף אַ ווײַלע, האָט געטראַכט וועגן עפּעס און נאָכדעם אויפסניי גערעדט:

— אָט דאָס איז די באַזע... און איר האָט גוט געטאָן וואָס איר האָט געבעטן די האָטעל־אייגנטימערין אַז איר טאָכטער זאָל זיך נישט ווייזן צווישן די געסט. אַז זי וועט נישט זיין אין זיינע אויגן וועט ער איר נישט מאַכן קיין סקאַנדאַלן.

ער איז ווידער שטיל געוואָרן אויף אַ ווײַלע און נאָכדעם אויפסניי ממשיך געווען:

— דער אמת מוז אָבער געזאָגט ווערן, מיסטער רובין... און דאָס איז, אַז דערמיט וועט אים נישט לייכטער ווערן. אויב נישט אין האָטעל וועט ער זוכן ערגעץ אַנדערש אַ מיידל וואָס רעדט זיך איין, לויט זיין אָפּשאַצונג, אַז זי איז פון גרויס וויכטיקייט, מיט גרויס אינטעליגענץ, און ער וועט זי אַטאַקירן מיט אַלערליי באַליידיקונגען. און אפילו ווען ער וועט זיך האָבן באַפרייט פון דעם אָנגעזאַמלטן כעס, וועט דאָס אויך נישט זיין קיין רפואה. ס'וועט בלויז אָנהאַלטן אַ קורצע צייט. דער פאַקט וואָס דעם רבס טאָכטער האָט

זיך אָפּגעזאָגט פון אים טוט זייען און וועט זייען אין זיין האַרץ כלעריי מאָטיוון פאַר דערשלאָגנקייט, פאַר כעס און פאַר נקמה־אויסברוכן.

— איז וואָס קאָן מען טאָן דערצו? — פרעגט רובין מיט פייכטקייט אין זיין קול.

— אָט דאָס איז די פּראָבלעם... — דרייט זיך דאָקטער ראָזנער איצט אויס צו מיסטער רובין און פינטלט מיט זיינע טיף־אַריינגעזעצטע בלוי־גרויע אייגעלעך. — אָט דאָס וואָס מיך האָט געמאַטערט די גאַנצע צייט, ס'הייסט, זינט איר האָט גערעדט מיט מיר נעכטן ביינאַכט.

רובין האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געקוקט אויפן דיל מיט פאַרטרערטע אויגן.

— צו נעמען אים, כ'מיין אייער זון, צו אַ נערוון־דאָקטער, אָדער צו אַ פּסיכיאַטער, — רעדט דאָקטער ראָזנער איצט שטיל און מיט גרויס מיטגעפיל, — וואָלט די גאַנצע זאַך פאַרערגערט. פאַרוואָס פאַרערגערט? וועל'ך אייך זאָגן... ווייל סאָל, כ'מיין אייער זון, וואָלט אַזויאַנאַך באַנומען אַז ער איז גייסטיק נישט געזונט. און דאָס טאָר ער נישט וויסן. אַצינד איז ער אונטערן איינדרוק אַז אַלץ איז מיט אים אין אָרדענונג. ער האָט אפילו די אַמביציע און דרייסטקייט, ווי איר זאָגט,אַוועקצושטעלן זיך פאַרן גאַנצן עולם געסט אין האָטעל און באַווייזן, ווי אין אַן אמתער דעבאַטע צווישן קאַנדידאַטן בעת וואַלן, אַז זי, דער האָטעל־אייגנטימערינס טאָכטער, איז אַן אויפגעבלאָזענע אינטעליגענטקע און אַ שונא פון דעם נישט־געבילדעטן פאָלק, צו וועלכן עס באַלאַנגט אפשר דער גרעסטער טייל פון די האָטעל־געסט. זאָל ער אָבער קריגן אַן אַנונג וועגן זיין גייסטיקן צושטאַנד, דעמאָלט... דעמאָלט וועט ער פאַרלירן דעם קוראַזש, וואָס ער האָט נאָך אַצינד, און ער'ט אַריינפאַלן אין מעלאַנכאָליע... אַזאַ שריט פון אונדזער זייט, מיסטער רובין, וואָלט געווען נישט־שכלדיק און נישט פּסיכאָלאָגיש. כ'מיין, מיר וואָלטן, נישט ווילנדיק, געשאַפן דעם באָדן, אָדער אַזאַ סיטואַציע וואָס וואָלט אים אָנגערעגט צו האָבן ספקות וועגן זיך.

— איז וואָס אַנדערש קאָנען מיר טאָן? — הייבט רובין צוריק אויף דעם קאָפּ, קוקט אויפן דאָקטער און פרעגט שטאַמלענדיק. — איז וואָסער עצה גיט איר?

כאָטש דאָקטער ראָזנער האָט געוואוסט — אויפן סמך פון לייענען ביכער וועגן פּסיכיאַטריע און פון הערן באַריכטן ביי דאָקטוירים־קאָנפערענצן וועגן צערודערטע פּאַציענטן — אַז די רעזולטאַטן פון היילן גייסטיק־קראַנקע מענטשן זענען אין געוויסע פאַלן גוטע, דאָך האָט ער מיטן גאַנצן האַרץ נישט געגלייבט אַז מ'קאָן געפינען אַ פול־שטענדיקע היילונג פאַר דעם דאָזיקן חולאת. דאָס איז נישט קיין פיזישע קראַנקייט, וואָס נאָך אַ צאָל דיאַגנאָזן קאָן מען אויסגעפינען דאָס אָנגעגריפענע פלאַץ אין גוף. דאָס איז אַ שלאַפקייט וואָס הגם מ'שטעלט זיך פאָר פון וואַנען זי קומט, דאָך ווייסט מען נישט ווי אַזוי צוצוקומען צו איר. זי איז אַזאַ מיסטעריע ווי די נשמה. יעדער רעדט וועגן דער נשמה, אָבער קיינער ווייסט נישט פון וואָס זי איז צונויפגעשטעלט און וואו זי געפינט זיך. ער האָט גלייכצייטיק געגלייבט, אַז דער פּאַציענט גופא קאָן וויסן, מער ווי דער דאָקטער, וואָס צו טאָן פאַר זיך. פאַרשטענדלעך, „נישט אַלע פּאַציענטן", האָט ער אַלעמאָל געזאָגט וועגן זיי מיט באַוואָרעניש. פאַרוואָס נישט אַלע? נו, דאָס איז שוין אַ פועל־יוצא פון זיין, דאָקטער ראָזנערס, קריטישן קוק אויף דער מענטשהייט. ער האָט צעטיילט די מענטשהייט אויף צוויי טיילן. איין טייל האָט כאַראַקטער, און דער צווייטער איז מיט אַ ווייכן רוקנביין. אַלע מענטשן האָבן, נאַטירלעך, פּראָבלעמען. נישט איין מאָל אין אַ יובל, נאָר יעדע מינוט אין טאָג. יענע מענטשן, וואָס האָבן כאַראַקטער, ווייסן וואָס צו טאָן, וואָסער עצה זיך צו געבן. אָבער די אַנדערע, וואָס מיט אַ ווייכן רוקנביין, ווערן ווי שטויבעלעך, וואָס אַ ווינט הייבט אויף פון דער ערד און דרייט מיט זיי קאַראַהאָדיש אין לופטן. ער

גופא, דאָקטער ראָזנער, — און אין דעם איז ער געווען אומבאַשטרייטלעך איבערצייגט — געהערט אויך צום טייל מיט כאַראַקטער.

פון קליינערהייט אָן האָט ער, דאָקטער ראָזנער, געהאַט פּראָבלעמען אין לעבן. אַ קינד פון אָרעמע טאַטע־מאַמע אויף דער ניו־יאָרקער איסט־סייד, האָט ער אָנגעטראָפן שטיינער אויף זיין וועג, וואו נאָר ער האָט געשטעלט אַ טראָט. ביים שפּילן באַלעם אין גאַס מיט די יינגלעך האָט ער נישט געהאַט קיין ספּעציעל דיק־אויסגעבעטע, לעדערנע הענטשקע, כדי צו קאָנען כאַפּן דעם האַרטן „באַל". אויף צו שיפלען זיך אין אַ לאָדקע אין סענטראַל פּאַרק, אָדער אין פּראָספּעקט פּאַרק, האָט ער נישט געהאַט גענוג טאַשנגעלט. כדי צו שווימען אין ים האָט ער געדאַרפט האָבן אַ לייטישן באַד־קאָסטיום — און דאָס האָט ער זיך נישט געקאָנט פאַרגינען צו קויפן. אויף יום־טוב האָט ער נישט געהאַט קיין נייעם גאַרניטור. און בלויז דאָס? ס׳זענען געווען נאָך און נאָך מוז־זאַכן וואָס פאַר אַ יונגן בחור האָבן זיי אויסגעזען אומגעוויינלעך גראַנדיעז, ממש ווי אַ פראַגע פון לעבן און טויט. איז וואָס האָט ער געזאָלט טאָן? נעמען אַ האַמער, אָדער אַ קיכמעסער און וואַרפן זיך דערמיט אויפן פאָטער, וואָס איז געווען אַ פּרעסער ביי קליידלעך אין אַ שאָפּ? דער פאָטער האָט דאָך קוים צונויפגעסקראַבעט פון זיין האַרעוואַניע אויף צו דעקן די מיני־מאַלסטע באַדערפענישן פון זיין גרויסן הויזגעזינד, וואָס איז באַשטאַנען פון אַכט נפשות.

טעג און חדשים איז ער טאַקע אָפּגעזעסן אין הויז, אָדער געשטאַנען אין גאַס אַ פאַרטרויערטער, אַ דערשלאָגענער, און ער האָט געקלאָגט אויף זיין גורל. אָבער ער האָט נישט געקלאָגט ווי איינער וואָס לייגט צונויף די הענט און רעזיגנירט. ניין. ער האָט געקלאָגט — און גלייכצייטיק פּראָטעסטירט. ביז — — — ביז איינמאָל איז ער געפאַלן אויף אַ פּלאַן און ער האָט זיך אָן עצה געגעבן מיט זיין נשמה־קלעמעניש, וואָס האָט אים נישט אָפּגעלאָזט נישט ביי טאָג און נישט ביי נאַכט.

ער איז אַריין אין די יידישע רעדאַקציעס, האָט גערעדט צו יענע וואָס האָבן אַ דעה, און געגומען פאַרקויפן צייטונגען אין גאַס. און נישט נאָר דאָס. אין די שבתים און זונטיקס איז ער געוואָרן אַ שיק־יינגל אין אַ דראָג־סטאָר, אָדער אַ געפּעקסוואַשער אין אַ רעסטאָראַן. און אין די זומערס איז ער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ צייטווייליקער האַנט אין אַן אינשורענס־ביוראָ, אָדער אין אַן אַרויסהעלפער אין די קעטסקיל־האָטעלן ביי אַלערליי אַרבעטן ... אַט אַזוי האָט ער אין משך פון יאָרן געשלאָגן אַלע זיינע געלט־דאגות, ביז ער האָט גראַדואירט אויף דאָקטער.

און בלויז אויף דעם שטח? אפילו צו מיידלעך האָט ער דאָך נישט געהאַט קיין מזל. איין מיידל האָט געזאָגט, אַז ער איז קליין און דיק — אַ פּעמפּיק, אַ ביר־פּעסעלע. אַ צווייט מיידל, אַז ער האָט אַ גרויסן קאָפּ, וואָס איז נישט אין פּראָפּאָרציע צו זיין גוף. אַ דריט מיידל, אַז ער האָט לאַנגע אויערן, אַ היפּשלעך פליישיקע נאָז. נו, איז וואָס האָט ער געזאָלט טאָן? וואַרפן זיך אין איסט־ריווער אַריין? אפשר גאָר ליגן אין בעט און אויס־וויינען זיך די אויגן? ניין, ער האָט געטאָן פּונקט פאַרקערט. אַנשטאָט אַראָפּצופאַלן ביי זיך איז ער געוואָרן נאָך מער אַמביציעז. ער האָט מער געאַרבעט אויף זיך, מער שטודירט, מער פאַרטיפט זיך אין די גרויסע פליכטן וואָס זיין צוקונפטיקע פּראָפעסיע לייגט אַרויף אויף אים, ביז ער איז געוואָרן איינער פון די באַרימטסטע דאָקטוירים אין ניו־יאָרק — און פרויען, אַפילו די שענסטע און אינטעליגענטסטע, קריגן אַלערליי קאָלירן אין פּנים, פילן זיך אומגעוויינלעך גליקלעך, ווען ער רירט זיי אָן, אָדער ווען ער שענקט זיי אַ שמייכל.

מיסטער רובינס זון, סאָל, געהערט אָבער נישט צו דער דאָזיקער קאַטעגאָריע מענטשן. ער האָט נישט קיין כאַראַקטער. דערפאַר האָט ער זיך נישט געקאָנט נעמען

אין די הענט אַריין, ווען אים האָט געטראָפן אַ שטורעם. ער האָט נישט געקאָנט שטעלן קיין ווידערשטאַנד. ער איז פאַרדרייט געוואָרן אין אַ קאַראַהאָד, וואו ער קאָן זיך מער נישט קאָנטראָלירן מיט זיינע אייגענע כוחות.

אָבער דאָך? איז גאָרנישט נישטאָ קיין הילף פאַר אים? ער האָט צענומען די הענט, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַרקרייצט אויפן שויס, צוגערוקט זיך נענטער מיט דער שטול צום שרייבטיש און גענומען קוקן גלייך אין מיסטער רובינס אויגן.

— יאָ, — ענטפערט ער אויף מיסטער רובינס פאַרצווייפלט פרעגן וועגן אַן אויס־וועג. — ס׳איז נאָך דאָ אַ שטיקל עצה.

— וואָס איז עס, דאָקטער? — פרעגט רובין מיט פאַרטרערטע אויגן.

— פון דאָרטן, וואו די קראַנקייט האָט זיך אָנגעהויבן, קאָן אויך קומען די הילף.

— וואָס מיינט איר, דאָקטער?

— כ׳מיין אַז אַלץ איז אַצינד געווענדט אין זיין כלה. זי האָט אים צעבראָכן, געמאַכט אַ וואונד אין זיין האַרץ, זי קאָן אים היילן.

— וויאַזוי, דאָקטער?

— זי איז דאָך אַ רבנישע טאָכטער... ווי אַ קינד פון פרומע טאַטע־מאַמע ווייסט זי זייער וואויל וואָס עס מיינט צו ראַטעווען אַ מענטש פון אַ צרה. איז פאַרוואָס זאָל זי עס נישט טאָן? איז עס דען נישט איינס פון די שענסטע, פון די דערהויבנסטע פליכטן לויט דער יידישער רעליגיע?

— אָבער וואָס גענוי, דאָקטער, קאָן זי טאָן פאַר אים?

— ווידער ווערן נאָענט צו אים... ווידער פאַרברענגען מיט אים... ווידער אַרויסגיין מיט אים צו פאַרשידענע פלעצער. זאָל זי מאַכן דעם איינדרוק אַז זי האָט חרטה אויף איר פריערדיקער באַציאונג צו אים. און דאָס וועט, גלייב איך, טאָן פאַר אים מער ווי נעמען אים צו צענדליקער פסיכיאַטערן, פאַר וועלכע ער וועט זיך דאַרפן אויסטאָן נשמה־נאַקעט אין פאַרלויף פון חדשים, אָדער אפשר גאָר פון יאָרן.

ער האָט אַרויפגעטאָן דעם עלנבויגן אויפן שרייבטיש, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף דער האַנטפלאַך און, נאָך אַ ווייַלע שווייגן, ווידער גערעדט:

— נו, מילא, מ׳וואָלט שוין נישט גערעכנט די צייט וואָס אייער זון וואָלט פאַר־שווענדט אויף די קושעטקע־וויזיטן ביי די פסיכיאַטערן. וואָס קאָן מען טאָן? אַז מ׳מוז, מוז מען. די צרה איז אָבער וואָס ביים סוף פון דעם גאַנצן מאַטערניש מיט דער חקירה־ודרישה בלייבט אַלץ ווי געווען. ס׳הייסט, ביים קראַנקן אין דער וואונד האָט זיך גאָרנישט געביטן. דעריבער איז מיין מיינונג, אַז די טאָכטער פון אייערע מחותנים וואָלט געווען די בעסטע פסיכישע היילערין.

רובין איז געזעסן אַ לאַנגע צייט און האָט נישט געקאָנט עפענען ס׳מויל. ער האָט געקוקט אויפן דאָקטער מיט גלעזערנע אויגן און געגלייבט, אַז דער דאָקטער ווייסט נישט וואָס ער רעדט. ער איז אפשר אַליין נישט ביים קלאָרן שכל. ענדלעך האָט ער זיך אָבער אָנגענומען מיט מוט און געפרעגט:

— פאַרוואָס זאָל זי דאָס וועלן טאָן? זי איז דאָך קאַלט צו אים.

— וועגן דעם האָב איך אייך שוין געזאָגט. פאַר אַ טאָכטער פון אַ רבנישן הויז דאַרף דאָס נישט זיין קיין שוועריקייט. אפילו אירע עלטערן דאַרפן צוהעלפן דערצו.

— און וואָס וועט זיין, דאָקטער, נאָכדעם?... כ׳מיין, זאָל מען זאָגן אַז זי וועט שוין האָבן איינגעוויליקט צו טאָן דאָס, און אַז זי וועט אים שוין האָבן צוריקגעבראַכט צו זיין פריערדיקן מעמד... וואָס וועט זיין, ווען זי וועט ווידער אַוועק פון אים?

— דאָס וועט זיין געווענדט אין דעם ווי אַזוי זי וועט דורכפירן איר ראָלע פון אַ היילערין. אָבער זאָרגט זיך נישט. איך וועל האָבן מיט איר אַ צאָל שמועסן אין מיין אָפיס. כ'וועל איר זאָגן ווי אַזוי דאָס שפּעטערדיקע שיידן זיך זאָל פאָרקומען, און דאָך זאָל עס אויף אייער זון נישט האָבן קיין צעשטערערישע ווירקונג. זי וועט זיין די בעסטע מעדיצין...

ווידער איז רובין געזעסן אַ שטומער אַ לאַנגע צייט און האָט געקוקט מיט אומגלויבן אויפן דאָקטער.

— איז וואָס זאָל'ך טאָן, — פרעגט ער נאָכדעם, — כדי ס'זאָל צושטאַנד קומען?

— גייט גלייך אַריבער צו אירע עלטערן און האָט מיט זיי אַן אָפנהאַרציקן שמועס. זייט נישט האַנאַראָווע אַצינד. באַהאַלט גאָרנישט. דאָס געזונט פון אייער זון איז וויכטי־קער פון אַלץ.

אַ צעבראָכענער, אָן כוחות, איז רובין אויפגעשטאַנען פון דער שטול. ער האָט זייטיק געפּליסטערט צום דאָקטער „אַ דאַנק" און זיך אַרויסגעוואָקלט פון אָפיס, וואָס איז אויך געווען דאָס אונטערזוכונג־צימער.

— זייט מצליח... — האָט דאָקטער ראָזנער באַגלייט אים מיט אַ ברכה ביי דער טיר, און נאָכדעם נאָכגעקוקט אים מיט באַדויער, ווען רובין איז דורכגעגאַנגען דאָס וואַרטצימער. — לאָזט מיר וויסן, ווי ס'האָט זיך אויסגעאַרבעט דאָרטן...

רובין האָט זיך נישט אויסגעדרייט מער און אויך מער גאָרנישט נישט געזאָגט.

# קאַפּיטל צען

## ביים רב

### 1.

ווי אַ פּאַרק־סטאַטוע פון אַ באַרימטן מאַן, וואָס זאַווערוכעס און שלאַקרעגנס האָבן פאַרטושט ביי אים די כאַראַקטער־שטריכן אין פּנים און פאַר־עלטערט אים אויף פיל יאָרן, אַזוי פאַרענדערט, אַז נישט צו דערקענען אים, איז געווען דזשאָ רובין נאָכן אַרויסקומען פון דאָקטערס אָפיס.

מענטשן, שטראָמענדיק אויפן טראָטואַר אין קעגנאיבערדיקע ריכטונגען, האָבן געקוקט אויף אים ווי אויף איינעם וואָס איז נישט ביים זינען.

ביז היינט האָט נאָך נישט געהאַט געטראָפן אַז אין סאַמע העלן טאָג זאָל זיך דזשאָ רובין באַווייזן אין גאַס מיט אַ טריבן פּנים. הונדערטער מענטשן פון דער געגנט האָבן דאָך געוואוסט ווער און וואָס ער איז. איצט האָט עס אים אָבער נישט געאַרט, כאָטש ער האָט אויסגעזען נישט בלויז דערשלאָגן און פאַרעלטערט. ער האָט אויסגעקוקט ווי איינער פון די היימלאָזע, פון די בעטלערס און נישט־מיושבע שיכורים וואָס וואַלגערן זיך דאָ אַרום אויף די שכונותדיקע ראָגן. ער איז געשטאַנען אין מיטן טראָטואַר. דער קאָפּ אַריינגעצויגן אין די אַקסלען. די אויגן־אַפּלען, אָן אַ ווענדפּונקט, אין אַ שיקל, טיילווייז צוגעדעקט מיט די עטוואָס אַראָפּגעלאָזטע לעדלעך. די ליפּן צונויפגעפּרעסט. און די הענט אַראָפּגעדריקט טיף אין די מאַנטל־קעשענעס. ער איז געשטאַנען אָן אינערלעכן שייכות צום אַרום — און אין זיין מוח האָט זיך אָן אויפהער געבאַמבלט אַ געדאַנק אַז ער, דזשאָ, זאָל זיך צוריק־קערן צום דאָקטער אָן אָפּלייג.

אגב, נאָך פריער אין אַפּיס האָט ער, רובין, געוואָלט עפּעס זאָגן דעם דאָקטער. ער האָט אָבער נישט געקאָנט זיין אָפּנהאַרציק. געווען איז עס וועגן דעם שמועס וואָס דער דאָקטער האָט אים, רובינען, געעצהט צו האָבן מיט זיינע מחותנים און מיט הילדען וועגן סאָלן.

גלייך דאַרטן אין אָפּיס האָט ער געפילט צו זאָגן, אַז ער קאָן נישט האָבן אַזאַ שמועס. ס׳הייסט, געקאָנט וואָלט ער יאָ. אָבער ווען? ווען אַלץ וואָלט געווען אַנדערש. דער עיקר ווען ער, רובין, וואָלט נישט געהאַט צוגעמאַכט די תלמוד־תורה. אַז ער וואָלט דאָס נישט געהאַט געטאָן, וואָלט ער אַוועק צו די מחותנים און זיך נישט צוריקגעהאַלטן פון אַרויפּ־לייגן אַלץ אויפן טיש. אַזוי און אַזוי האַלט עס מיטן זון. ס׳איז סכנת־נפשות. ער וואָלט אַן יישוב־הדעת, מיט אינערלעכער פעסטקייט, מיט צודרינגלעכקייט, פאַרלאַנגט הילף. ווי קאָן ער אָבער דאָס טאָן איצט, ווען פּופּצן יינגלעך, וואָס האָבן געדאַרפט האָבן די תלמוד־תורה, ווי אַ קראַנקער דאַרף האָבן אַ רפואה־שלמה, זענען אָפּגעשניטן געוואָרן פון לערנען די געבאָטן און דעם דרך־הישר פון אמונה, אַ שטייגער ווי מ׳וואָלט ביי אַ חולה אַוועקגעריסן זיין רעצעפּט אין צייט פון גרויס געפאַר? קאָן ער נאָך גיין צום רב און צו זיין פרוי און בעטן אַז זייער טאָכטער זאָל זיך מרחם זיין אויף סאָלן און העלפן אים צוריקקומען צום געזונט? ער וואָלט זיך דאָך אויסגעשטעלט צו חרפות! אויפן רבס פנים, און בלי ספק אויך אויף דער רביצינס, וואָלט געווען אָנגעשריבן אַז דאָס וואָס ער, רובין, נייטיקט זיך אין גיכער הילף פאַר זיין זון איז אַ בולטער באַווייז פון גאָטס שטראָף. אויף די ליפּן זיינע וואָלט דער רב נישט געבראַכט די דאָזיקע ווערטער. ער איז געהיטן מיט אַ וואָרט. ער רעדט בכלל זייער ווייניק. אָבער ער דאַרף נישט רעדן. פון דעם טריבן אויסדרוק אויף זיין געזיכט וואָלט שוין אַלץ געווען קענטיק.

„נישט אַלעמאָל שיקט כביכול זיין שטראָף אויף דעם זינדיקן גלייך נאָכדעם ווי דער חוטא איז באַגאַנגען אַ פאַרברעכן", — וואָלט זיך אין דעם רבס טריבן פּנים־אויסדרוק געזאָגט. — „דער רבונו של עולם איז געדולדיק. ער וואַרט אויף חרטה. אָבער אַן אַנדערש מאָל טוט השם יתברך אויסגיסן זיין צאָרן אויפן זינדיקן אַן אָפּלייג. דאָס געשעט מערסטנס דעמאָלט, ווען דאָס אכזריות פון דעם האַרטהאַרציקן איז אַזוי גרויס אַז ס׳לאָזט זיך נישט פאַרטרייבן פון אונטער די הימלען אפילו פון דעם רשעס שטאַרקער תשובה. און אַזאַ הימל־שרייענדיק פאַרברעכן האָסטו, שול־פּרעזידענט, אָפּגעטאָן לגבי די יינגלעך פון דער תלמוד־תורה. דערפאַר איז גלייך אַרויסגעטראָגן געוואָרן אַ שטראָף אויף דיר. אויבוואויל דער עונש איז נישט געפאַלן אויף דיין קאָפּ, נאָר אויף דיין זון. דאָס איז אָבער דערפאַר, כדי דו, ווי אַ טאַטע, זאָלסט דעם עונש פילן שטאַרקער".

נו, האָט ער, רובין, נאָך געקאָנט גיין צום רבנישן הויז און זען ווי דער רב און די רביצין קוקן אויף אים, ווי אויף אַן אויסוואורף?

אָבער כאָטש ער האָט דאָס נישט געקאָנט אַנטפּלעקן דעם דאָקטער, ס׳האָט אים נישט געפּאַסט. דאָך האָט ער, שטייענדיק אויפן טראָטואַר, פאַרט געטראַכט וועגן יאָ צוריקקערן זיך אין אָפּיס אַריין און יאָ עפענען ס׳האַרץ פאַר אים.

ער האָט אָבער נישט געקאָנט שטעלן קיין טראָט. אויב דער דאָקטער האָט נישט געהאַט קיין אַנדערע עצה ווי נאָר די וואָס ער האָט געגעבן, איז צו וואָס זאָל ער, רובין, אים אַנטפּלעקן דעם סוד אַז ער קאָן נישט גיין צום רבנישן הויז? דער דאָקטער וואָלט געווען אַ פאַרחידושט פון דעם נייס און אַ ער וואָלט מיט גאָרנישט געקאָנט העלפן.

מיטאַמאָל האָט ער זיך גענומען פאַרקירעווען צום געשעפט. ער וועט דאַרטן פאַר־ברענגען עטלעכע שעה. ער קאָן נישט שטיין, אָדער אַרומדרייען זיך אין גאַס, אַן אַ פּלאַן

און אַן אַ ציל. געשטעלט אַ צענדליק טריט, איז ער אָבער ווידער געבליבן שטיין, ניין, ער קאָן אויך נישט גיין אין געשעפט אַריין. ווי נאָר ער וועט זיך דאָרטן באַווייזן וועט אים די פּלימעניצע ריווע באַלד אַ פרעג טאָן פאַרוואָס סאַל איז נאָך נישט געקומען אין „סטאָר" אַריין. און נישט נאָר זי. אויך וועלן פרעגן די אָנגעשטעלטע. איז וואָס קאָן ער ענטפערן? זאָגן אַז סאַל איז נאָך געבליבן אין האָטעל? וועט יעדער באַלד פרעגן מיט חשד: וואָס האָט ער עפּעס פאַרלענגערט זיין שטיין דאָרטן? זאָל ער זאָגן, אַז סאַל איז אַהיימגעקומען, וועלן זיי פרעגן: איז פאַרוואָס ווייזט ער זיך נישט? וואָס נאָר ער'ט ענט־פערן וועלן זיי באַלד פאַרדעכטיקן, אַז ס'איז נישט גלאַטיק, אַז עפּעס ווערט געהאַלטן אין פאַרבאָרגעניש.

אָפּגעשטאַנען אַ שטיקל צייט, האָט ער זיך גענומען פילן ווי ס'ווערט אים ענג אומעטום — און ער איז אַוועק אַהיים.

## 2.

אַריינגעקומען אין אַפּאַרטמענט, האָט ער אַראָפּגענומען פון זיך דעם מאַנטל, דעם קאַפּעליוש און ער האָט זיך געזעצט אויף איינער פון די צוויי געבעטע שטולן אין גאַסט־צימער.

זינט נעכטן, ווען ער איז אַוועקגעפאָרן מיט אסתרן צום זון, זענען די פענסטער געווען איינגאַנצן פאַרמאַכט, און די גאַרדינען אויף זיי פאַרצויגן מיט אַזאַ באַוואָרעניש, אַז די זון, וואָס שיינט דאַ אַריין פון איר אויפגאַנג ביזן פאַרגיין, זאָל נישט האָבן קיין פריי־פאַרדאַרבנדיקע האַנט אויפן לאַקיר, אויפן האָלץ און אויפן פּליוש פון מעבל. אין דער טונקעלער גרויקייט, וואָס צעלייגט זיך דאַ יעדעס מאָל ווען דאָס טאָגליכט ווערט פאַרשפּאַרט ביי די שויבן, אָדער ווען אין דרויסן איז כמורנע, האָבן זיך געזען צוויי קליינע שיכלעך וואָס סאַל, ווי אַ פּיצל קינד, האָט געטראָגן אין עלטער פון זעקס חדשים ביז איין יאָר. שפּעטער האָט אסתר געלאָזט זיי באַגילטן — און זינט דעמאָלט שטייען זיי, ווי סואַווענירן פון אַ וויכטיקער צייט־געשעעניש, אויף די פּראָמינענטסטע פּלעצער פון גאַסטצימער. אין די פאַרגאַנגענע עטלעכע יאָר שיינען זיי אָבער אַראָפּ בלויז פון דער מאַהאָגענער שראַנק מיט ביכער און ספרים, וואָס סאַל האָט גענוצט בעת זיינע לערן־יאָרן אין דער ישיבה־היי סקול. די דאָזיקע שראַנק איז געווען אַ פאַמיליע־מוזיי מיט פאַרקערפּערטע תקופות וואָס פאַר אסתרן און פאַר אים, דזשאַ, זענען זיי נישט געווען ווי קאַלענדאַר־בלעטער וואָס מ'רייסט אָפּ און מ'וואַרפט אַוועק. זיי זענען געווען זיסע ניגונים, האַרצנאַגנדיקע מוזיק. זיי האָבן דערציילט וועגן סאַלס קינדערשן געפּלאַפּל, וועגן זיין וואַקסן, זיין דערצויגן ווערן. פאַר די עלטערן זענען זיי געווען אַ שטענדיקער קוואַל פון פרייד. טאַטע־מאַמע האָבן אפילו געהאַט דאָס געפיל, אַז זיי זענען אַלעמאָל יונג.

אויך האָט זיך געזען אַ חתונה־בילד פון אים, דזשאַ, און אסתרן. דאָס איז געווען אַ פאָטאָגראַפיע פון נאָך דער חופּה און פאַרגרעסערט לויט די דימענסיעס פון אַ גרויסן פּאָרטרעט. זי איז געווען איינגעפאַסט אין אַ ברייטער, באַגילטער ראָם, מיט אַ דיק גלאָז, און איז געהאָנגען אויף דער זעלבער וואַנט, וואו ס'איז געשטאַנען סאַלס ביכער־און ספרים־שראַנק מיט די שיכלעך. דאָס דאָזיקע בילד איז אָפּט געווען אַ קוואַל פון פרייד, איבערהויפּט אין צייטן ווען ס'האָט זיך געפּירט גלייך און מיט נחת. דעמאָלט האָט ער, דזשאַ, און אויך אסתר, זיך דערמאָנט אין דעם טאָג ווען זיי זענען געגאַנגען צו דער חופּה און געוואָרן מאַן און ווייב. זיי האָבן געפילט, אַז ס'איז געווען אַ מזלדיקער טאָג. דאָס בילד

איז אָבער אויך געווען דער גורם פון וואונדיקע מחשבות. איבער די צרות וואָס האָבן זיך לעצטנס געשאָטן אויף סאָלן האָבן זיי אָפּט געטראַכט, אפשר זענען זיי, דזשאָ און אסתר, נישט קיין זיווג? אפשר איז עס דערפאַר וואָס דעם זונס גורל איז אַזאַ ביטערער?

אויך האָט זיך פון דער וואַנט געוואָרפן אין די אויגן אַ בילד פון אַ ישיבה אין ארץ־ישראל. דאָס בילד האָט געוויזן ווי אַ סך בחורימלעך זיצן אַרום לאַנגע טישן, איבער צעעפנטע גמרות. געווען איז עס אַ מתנה וואָס אַ משולח פון דעם אבות־לאַנד האָט אַריינגעגעבן מיט גרויס אָפּגעהיטנקייט. דער משולח איז געהאַט געקומען קיין אַמעריקע צו זאַמלען געלט פאַר דער ישיבה. ס'איז געווען עטלעכע טעג פאַר סאָלס ברית. ער, דזשאָ, האָט דעמאָלט געגעבן דעם משולח אַ היפּשע סומע געלט פאַר דעם מקום־תורה אין דעם הייליקן לאַנד און אים פאַרבעטן צום ברית. צו דער סעודה זענען געהאַט געקומען אַ סך אַנגעזעענע לייט. דער חשובער משולח, וואָס איז שוין געווען אין די הויכע זעכציקער, מיט אַ לאַנגער, ווייסער באָרד, האָט געהאַלטן אַ דורכנעמענדיקע דרשה. ער איז געווען אַ גרויסער למדן.

ער האָט גערעדט וועגן יידן וואָס אַלע זייערע טעג און יאָרן זענען זיי אויסגעטאָן פון דער גשמיותדיקער וועלט. זיי זענען נאָר פאַרטיפט אין די העכערע ענינים פון דעם רבונו־של־עולמס באַשאַף. אויך האָט ער גערעדט וועגן יידן וואָס זייער הייליקסטע עובדה אין לעבן איז צו פאַרשפּרייטן תורה. אויך האָט ער מיט יראת־הכבוד גערעדט וועגן יידן וואָס האָבן אַן אָפענע האַנט און וואָס אָן זייער הילף וואָלטן פיל מוסדות פון יידישקייט נישט געהאַט קיין דויערנדיקן קיום. צום סוף האָט ער גערעדט מיט גרויס היתעוררות וועגן די טאַטע־מאַמע און זייער שימחה. ער האָט פאַראויסגעזאָגט אים, דזשאָ, און אסתרן פיל כבוד און נחת פון זייער זון. זיי וועלן מיט אים מצליח זיין וואו נאָר זיי וועלן זיך קערן און ווענדן. און דאָס, נישט נאָר אין זכות פון דער אָנאָפּשאַצלעכער צדקה וואָס זיי גיבן מיט דער פולער האַנט און פאַרשאַפן נישט קיין צער, בעתן געבן, דעם באַדערפטיקן, אָדער דעם שליח. אוודאי צוליב דעם אויך. דאָס אַליין איז דאָך איינס פון די טייערסטע און איידלסטע מידות טובות. זייער זכות איז אָבער אויך מחמת זייער גינציקייט און נשמה־פרייד וואָס זענען באַשיינפּערלעכע באַגלייטערס יעדעס מאָל וואָס די שיינע מכניסי־אורחים, די טאַטע־מאַמע פון דעם נאָר־וואָס געיידישטן קינד, שטרעקן אויס אַ ברייט־העלפנדיקע האַנט. און ער, דער משולח, קאָן זאָגן אויף זיך, אַז ער איז אי אַן עדות דערפון און אי אַ פירשפּרעכער פאַר אַנדערע, מיט וועלכע ער האָט זיך באַגעגנט אין דער קורצער צייט וואָס ער איז אַ גאַסט אין שטאָט.

דאָס דאָזיקע ארץ־ישראלדיקע ישיבה־בילד, וואָס ער, דזשאָ, און אסתר האָבן געהאַט געקראָגן פון דעם טייערן ייד, האָבן זיי איינגערעמט און אויפגעהאַנגען אויף דער וואַנט, נישט ווייט פון סאָלס ביכער־שראַנק. ס'האָט אַראָפּגעקוקט פון דאָרטן ווי אַן אָפענע דערמאָנונג פון דעם אורחס נביאישע פאַרויסזאָגן און הבטחות . . .

אין דער דאָזיקער טונקעלער גרויקייט האָבן זיך געזען נאָך אַנדערע זאַכן. דזשאָ האָט אָבער פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אויף אַ זייט און צוגעמאַכט די אויגן. ער האָט באַגערט צו ליגן אָט אַזוי און זיין אָפּגעזונדערט פון דער וועלט אויף אַלע צייטן. ער האָט געוואָלט טראַכטן און איבערטראַכטן וועגן אַלץ אין זיין לעבן. ס'האָט אָבער נישט גענומען לאַנג ווי ער איז אויפגעשטאַנען און איז אַריין אין קיך צום טעלעפאָן.

ער מוז לאָזן וויסן אסתרן וואָס דער דאָקטער האָט געזאָגט. נעכטן ביינאַכט האָט ער איר געהאַט צוגעזאָגט צו טאָן דאָס — און ער קאָן זי לענגער נישט אָפּהאַלטן. זי וועט

דאַרטן געוויס אַרומגעיין שטאַרק באַזאָרגט, אויב ער'ט איר נישט לאָזן וויסן באַלד. אַלערליי פינצטערע מחשבות וועלן איר קומען אין קאָפּ אַריין.

— האַלאָ? — האָט ער דערהערט אסתרס קול, נאָכדעם ווי ער האָט דאָ געוואַרט אַ שטיקל צייט ביז זי איז צוגעקומען דאַרטן צום טעלעפאָן. — האַלאָ?...

— יאָ, דאָס בין איך...

— דזשאָ?! — האָט אסתר געפרעגט און געשטוינט. — כ'האָב נאָר וואָס געטראַכט צו טעלעפאָנירן דיר. כ'האָב זיך נישט געקאָנט קיין אָרט געפינען. זאָג מיר וואָס דער דאָקטאָר האָט געזאָגט.

דזשאָ האָט איר אַלץ איבערגעגעבן.

אין טרייבל האָט זיך דערהערט ווי אסתר האָט אויסגעבראָכן אין אַ געוויין.

— הילדע — זאָגט זי — דאַרף זיין די אויסלייזערין פון אונדזער זונס צרות? זי?... התמנותדיקער גאָט אין הימל!... זי, וואָס האָט אים געבראַכט צו זיין איצטיקן צושטאַנד?

דזשאָ האָט איר נישט געוואָלט זאָגן וועגן דער שוועריקייט צו נעמען הילדן ווי די היילערין. ווען ער וואָלט אפילו געווען געצוואונגען צו טאָן דאָס, וואָלט ער זיך אויך שטאַרק געוואַקלט אין דער דעה. אסתר האָט דאָך נישט געוואוסט גאָרנישט וועגן דער תלמוד־תורה. און ווען זי דערוויסט זיך יאָ, וואָלט זי דאָך זיכער אַראָפּ פון זינען פאַר חרפּה און בושה. ער האָט אויך נישט געוואָלט אויסציען דעם שמועס וועגן אסתרס טענות צו הילדען, ווייל סוף־כל־סוף וואָלט זי אפשר באַשטאַנען צו פאַרגעסן אין דער כלהס פאַרברעכערישן אויפפירן זיך און זי וואָלט יאָ געהייסן גיין מיט אַ געבעט צו איר. ער האָט בלויז געבעטן רעדן וועגן זון.

— און ווי פילט זיך סאָל היינט?

אין טרייבל האָט זיך ווידער געהערט אסתרס געוויין.

— היינט, אַז ער האָט נישט קיין צילברעט, — זאָגט זי, — מיסעס מילסטאַנס טאָכטער וויזט זיך נישט אין ערגעץ, האָט ער נישט קיין חשק אַראָפּצוגיין פון בעט. נאָר ער ליגט, אָדער ער שלאָפט. ער וויל זיך נישט ראַזירן. ער וויל נישט גיין אין עסזאַל אַריין צום מאָלצייט. ער וויל אפילו נישט, אַז מ'זאָל אים אַרויפברענגען עסן אין צימער אַריין. כ'האָב טאַקע געוואָלט דיר טעלעפאָנירן און זיך דורכרעדן מיט דיר אויך וועגן דעם. וואָס איז דער תכלית פון שטיין דאָ? אפשר זאָלסטו אַרויסקומען היינט מיטן אויטאָ־מאָביל און אונדז אַהיימפירן?

— וועט ער וועלן קומען אַהיים? — פרעגט דזשאָ מיט צעבראָכנקייט אין קול.

— כ'ווייס נישט. כ'האָב גערעדט צו אים וועגן דעם, האָט ער מיר נישט געענט־פערט. ער האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער וואַנט און געשוויגן.

— טעלעפאָניר מיר שפּעטער צי ער איז גרייט, — זאָגט דזשאָ. — רעד מיט אים נאָכאַמאָל.

אויפגעהאַנגען דאָס טרייבל, איז דזשאָ געבליבן זיצן אין קיך — און געדאַנקען האָבן גענומען לויפן אין זיין קאָפּ ווי מוראַשקעס פאַר אַ שטורעם. וואָס וועט סאָל טאָן אין דער היים, ווען אפילו ער קומט שוין צוריק אין דער שטאָט אַריין? וועט ער זיך וועלן וויזן אין געשעפט? וועט ער אפשר גאָר גערן האָבן צו זיין אָפּגעשלאָסן אין שטוב? וועט ער אויך דאָ אַריינפאַלן אין שטימונגען פון שוויגן? וועט ער אפשר ווערן צעשטע־רעריש אין הויז, אויך אין גאַס, און מאַכן אַרום זיך ספּעקטאַקלען מיט אַנגעלאָפענע מענטשן, וואָס וועלן אים אי באַדויערן און אי אָפּלאַכן פון אים...

טרערן האָבן גענומען פליסן פון זיינע אויגן — און די הענט זיינע האָבן אפילו נישט געהאַט גענוג קראַפט אויפצוהייבן זיך און אָפּווישן זיי.

.3

שפּעט נאָכמיטאָג האָט זיך רובין אָנגעטאָן. ער איז אַרויס פון הויז און האָט זיך גע־לאָזט אַהין, וואו ער דאַרף, לויט דאָקטער ראָזנערס עצה, בעטן הילף פאַרן זון.
אָפּגעעפנט די טיר פאַר אים האָט די רביצין דבורהלע.
— איז דער רב אין הויז? — פרעגט ער.
פונקט ווי ביי דער טיר וואָלט פּלוצים אויפגעטויכט אַ רוצח, וואָס די פּאָליציי פון לאַנד יאָגט זיך נאָך אים איבער אַ שווידערלעכן מאָרד, אַזוי האָט דזשאָ רובין מיט זיין אומגעריכט דערשיינען ביי דער שוועל אַ וואָרף אַריין געטאָן די רביצין אין אַזאַ פּחד, אַז זי איז דערפון שיִר־נישט געפאַלן אין חלשות.
זי האָט זיך צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט מיט איר רוקן, אָנגעשטעלט אויסגעגלאָצט די אויגן אויף אים — און דאָס מאָגערע גופל אירס האָט זיך געטרייסלט ווי אין קדחת.
— כ׳האָב דאָך אייך געפרעגט! — קוקט ער אויף איר מיט אַן אויבנאָראָפּ־בליק און פרעגט זי מיט אַ רוגזהדיקער טענה וואָס האָט דערשטוינט אפילו אים גופא. — פאַרוואָס ענטפערט איר נישט?
— ר׳איז אין זיין ספרים־שטיבל, — זאָגט זי אין אַ ווײַלע אַרום מיט פיבערנדיקע ליפּן. גלייכצייטיק ווייסט זי אָבער נישט וואָס צו טאָן. זי ראַנגלט זיך מיט דער דעה. זאָל זי הייסן מיסטער רובין אַריינקומען אין הויז? אָדער זאָל זי אפשר אַ רוף טאָן דעם רב פון ספרים־שטיבל צו קומען און ראַטעווען זי פון פאַרחלשט ווערן?
— אָלרייט... — זאָגט רובין מיט תקיפות אין קול און ער לאָזט זיך אַריבער דער שוועל. — ס׳מאַכט נישט... איר קאָנט אויך הערן. אדרבה... כ׳וויל טאַקע איר זאָלט אויך זיין ביים שמועס. כ׳וויל רעדן צו אייך ביידן. שטייט נישט!
די סקעלעטישע רביצין האָט זיך גענומען דרייען ווי אין צעמישונג. אָט האָט זי צוגעמאַכט די טיר, און אָט איז זי געגאַנגען פאַרויס פון מיסטער רובין. אָט האָט זי זיך צוריקגעקערט צו דער טיר אַ קוק טאָן צו זי איז טאַקע פאַרמאַכט, און אָט האָט זי באַטאַפּט אויף זיך די בענדער פון פאַרטעך צי זיי זענען פאַרשלייפט אויף איר רוקן.
— זייט מוחל, — האָט זי צו זיך גערעדט, מיינענדיק מיסטער רובין. — אָט גיי׳ך מיט אייך שוין צום רב.
דער לאַנגער קאָרידאָר איז איצט געווען בלענדנדיק־ליִכטיק פון דער זון, וואָס איר אָפּשיין האָט דאָ אַריינגעפלייצט דורך די פענסטער פון דער קיך.
פאַרבייגעגאַנגען די קיך, איז רובין געבליבן שטיין. ער האָט אַרויסגענומען פון דער איבערשטער רעקל־קעשענע אַ ציגאַר, וואָס האָט דאָרטן געשטעקט עטלעכע טעג נישט באַרירט, און ער האָט אַ קוק געטאָן אויף דער רביצין:
— האָט איר מיט עפּעס אָנצוצינדן?
ווי אַ באַשראָקענע משרתטע האָט זיך די רביצין האַסטיק אַ דריי־אויס געטאָן צו אים און זי איז געבליבן שטיין מיט פינטלדיקע אויגן. פון צעחושטקייט האָט זי נישט דערהערט וואָס ער האָט געהאַט געזאָגט. ס׳האָט אָבער נישט אָנגעהאַלטן לאַנג. זי האָט אימפּעטיק אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און איז הענדעם־פּענדעם אַריינגעלאָפן אין קיך.
— אָט האָט איר... — איז זי איילִיק באַלד צוריק אַרויסגעקומען פון דער קיך

און האָט אים דערלאַנגט אַ גאַנץ שאַכטל מיט שוועבעלעך.

רובין, נישט קוקנדיק אויף איר, האָט גענומען דאָס שאַכטל. ער האָט נישט געזאָגט „אַ דאַנק" און זיך פאַררייכערט דעם ציגאַר.

— קומט! — זאָגט ער, גייענדיק פאָרויס, און לייגט אַריין דאָס שאַכטל שוועבעלעך צו זיך אין דער מאַנטל־קעשענע.

נאָך אַלץ זיך טרייסלענדיק ווי אין פיבער האָט די רביצין אים נאָכגעפאָלגט טריט ביי טריט, עלעהיי ער וואָלט געווען איר באַלעבאָס, געפירט זי צום שפייז־מאַרקעט, פון וואַנען זי וואָלט געדאַרפט אהיימטראָגן זיין גאַנץ איינקויפעכץ.

— האָט איר אַ צווייטע „מעטש"? — בלייבט ער ווידער שטיין, דרייט זיך אויס צו איר און פרעגט זי. — ס׳ערשטע שוועבעלע האָט נישט געאַרבעט... ס׳רייכערט זיך נישט.

— יאָ... — האָט די רביצין מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ גיך אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. — שוין! איין רגעלע...

זי איז האַסטיק צוריק אַריין אין דער קיך און האָט גענומען זוכן אַ שוועבעלע. אָט האָט זי געשאַרט מיט די הענט אויפן גאַז־אויוון, אָט אַרום דעם וואַסער־קראַן און אָט אויפן טיש.

— כ׳האָב דאָך אָקאָרשט געהאַט דאָ אַ גאַנץ שאַכטל שוועבעלעך! — זאָגט זי צו מיסטער רובין מיט פאַרדראָס וועגן איר זכרון.

מיסטער רובין האָט זיך שוין געהאַט צוריקגעקערט צום אַריינגאַנג פון דער קיך און איז וואַרטנדיק געשטאַנען אין קאָרידאָר.

— ס׳איז נאָך אפילו נישט געווען אָנגעהויבן... — זאָגט זי צו זיך. — וואָס האָב׳ך געטאָן דערמיט? כ׳וואָלט געשוואוירן איבער אַלעם הייליקן אַז כ׳האָב עס נאָר וואָס געהאַט אין מיין האַנט. — זי האָט ווידער גענומען קוקן אויף מיסטער רובין און אים געפרעגט: — וואָס האָב׳ך אַ ווייליקע פריער געהאַט דערלאַנגט אייך, מיסטער רובין? אַן איינציק שוועבעלע, אָדער עטלעכע שוועבעלעך מיטאַמאָל?

— דאַכט זיך אַ גאַנץ שאַכטל... — זאָגט ער.

— איז וואוהין איז׳ס אַוועקגעקומען? — פרעגט זי זיך און זוכט מיט די אויגן אויפן דיל. — כ׳האָב עס געהאַלטן אין האַנט, נאָכדעם ווי איר׳ט עס מיר צוריקגעגעבן.

— נו, גוט... — זאָגט ער און שטעקט זיך אַריין דעם ציגאַר אין לינקן ווינקל פון מויל. — ס׳וועט שוין אַזוי אויך מוזן גוט זיין. הערט־אויף זוכן!

## 4.

ביי אַ לאַנגן טיש, וואָס איז געשטאַנען אין מיטן ספרים־שטיבל, איז געזעסן דער זיבעציק־יעריקער רב ר׳ אליהו. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ גרוי־וואָלענעם שלאָפּראָק, מיט ווערטיקאַלע, שוואַרצע שטרייפן, און מיט אַ גאַרטל אַרום דעם היפּשן בויך. ער האָט אויסגעזעען ווי ער וואָלט געדרעמלט. זיין ברייט פּנים, מיט דער הויט־קאָליר פון אַ תימנער, איז געווען פול מיט קנייטשן, ווי די שאָל פון אַן אַלטן קאַרטאָפל. זיין רעכטער עלנבויגן איז געשטאַנען אויפן ברעג טיש. דער קאָפּ, מיט אַ סאַמעטענער יאַרמעלקע אויפן פליכיקן קאָפּ, איז געלעגן אָנגעשפּאַרט אויף דער ווייכינקער האַנטפלאַך. די ברייט פון זיין גרויער, לאַנגער באָרד האָט פאַרדעקט דאָס ווייסע העמד וואָס איז געווען צעקנעפּלט ביים קאָלנער. אויף זיין גלייכער נאָז זענען געזעסן אַלטמאָדישע ברילן־רעמלעך מיט דיקע

גלעזלעך. און זיינע טיילווייז צוגעלעדלטע, בלויע אויגן האָבן אַריינגעקוקט אין אַ צעעפנטן ספר.

געווען איז עס „האמונות והדעות״.

איבער אָט דעם פילאָזאָפישן ספר איז דער רב ר׳ אליהו אָפּט געזעסן מער ווי איבער אַנדערע חקירה־ספרים. ער האָט זיך גאָר־נישט געקאָנט אָפּרייסן דערפון. וואָס מער ער האָט זיך אַריינגעטראַכט אין די רעיונות, וואָס דער גרויסער רעליגיעזער דענקער ר׳ סעדיה גאון האָט אין זיין חיבור אַרויסגעזאָגט, אַלץ טיפער איז ער געוואָרן אַריינגעצויגן אין זיי און אויך מער פאַרקלערט. פון לאַנג זיצן און אַריינטראַכטן אין זיי איז ער אָפט אפילו איינגעשלאָפן אויפן ספר — ביז די רביצין האָט אים אויפגעוועקט.

אין די לעצטע עטלעכע טעג, אייגנטלעך זינט דעם געשעעניש מיט דער תלמוד־תורה, איז ער אָבער מערסטנס געזעסן איבער די זייטלעך פון דעם ספרס פערטן מאמר, וואו ס׳האָט זיך גערעדט וועגן פרייען ווילן. דער רבונו של עולם — האָט זיך דאָרטן געזאָגט — האָט געגעבן דעם מענטש די ברירה אויפצופירן זיך אַזוי ווי ער באַשטייט. דאָס וואָס דער מענטש קלייבט פאַר זיך אויס צו טאָן, דאָס איז נישט געווען באַשטימט פון דעם באַשעפער. דער רבון כל העולמים מישט זיך נישט אַריין אין דעם בן־אדמס פלענער, סיי ווען זיי זענען גוטע, סיי ווען זיי זענען שלעכטע. אמת, כביכול איז אַ יודע מחשבות, ער ווייסט אין פאַרויס צו וואָסער אויספיר דער מענטש וועט קומען, דאָך איז דאָס וויסן פון דעם אַלמעכטיקן נישט משפיע אויף דעם מענטשס ווילן. דער ווילן איז פריי.

אויך האָט דער רב אין די לעצטע עטלעכע טעג אַ סך אַריינגעקוקט אין די זייטלעך פון דעם ספרס ניינטן מאמר, וואו ס׳ווערן ציטירט פסוקים פון תנ״ך וועגן דער שטראָף וואָס השם יתברך שיקט אויף יענע לייט וואָס זינקען אין עבירות, און וועגן דער באַלוינונג וואָס דער אייבערשטער טיילט אויס צו די וואָס טוען מעשים טובים.

איצט איז אָבער דער רב ר׳ אליהו ווידער געזעסן איבער אַ זייטל פון פערטן מאמר און ער האָט נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון אַ שטעלע וואָס לויט איר קאָן אַזאַ מעשה־רע ווי די וואָס איז אָפּגעטאָן געוואָרן צו דער תלמוד־תורה נישט אָפּגעפטערט ווערן מיט אַ תירוץ אַז דער בעל־דבר, ס׳הייסט מיסטער רובין, האָט נישט געוואוסט אין פאַרויס פאַרוואָס ער האָט עס געטאָן.

ואלו היתה, — טראַכט ער, ר׳ אליהו, וועגן ר׳ סעדיה גאונס באַגרינדונג, פאַר־טייטשט גלייכצייטיק דעם מחברס ווערטער אויף יידיש און ער גיט צו בעת דעם זיין אייגענעם פירוש אויף דעם פילאָזאָפס השערה, — אויב די מעגלעכקייט צו פאַרשטיין די סיבה און דעם אויסגאַנג פון דורכפירן אַ טאַט אַנטפּלעקט זיך אחר הפועל, ס׳הייסט, ערשט נאָכדעם ווי די טאַט, גוט צי שלעכט, איז אָפּגעטאָן געוואָרן, דעמאָלט היה אדם, דעמאָלט וואָלט דאָך דער מענטש, וואָס האָט מעשה־גולם אָפּגעטאָן די טאַט, יכול להשיב מה שעשה קודם, דעמאָלט וואָלט ער דאָך געקאָנט צוריקציען דאָס וואָס ר׳האָט פריער בלינדערהייט אָפּגעטאָן. איז אָבער אַזעלכעס מעגלעך? אוודאי, צוריקציען, לאָמיר זאָגן, אַ גזר — אַ שלעכטן, אָדער אַ גוטן — דאָס איז נישט נאָר מעגלעך, נאָר ס׳געשעט גאַנץ אָפט. אָבער ווי קאָן איינער, וואָס האָט דערזען דעם גרויל פון זיינס אַ רציחה, צוריק לעבעדיק מאַכן דאָס נפש וואָס ר׳האָט אומגעבראַכט? און בכלל, וואָס הייסט אַז אַ מענטש וועט גיין און טאָן אַ זאַך בלינדערהייט? איז ער דען אַ מאַשין, אָדער אַ געצייג ביי עמעצן אין האַנט? ניין, וזה הבל, דאָס איז דורכאויס אומזין.

פון וואַנען איז עס אָבער געדרונגען אַז ס׳איז טאַקע שטות?

ער האָט צוריקגעפירט זיין בליק צו אַ באַווייז וואָס איז גלייכצייטיק אַ כלל, אַ

גרונטזאַץ. ס׳געפינט זיך צוויי שורות פריער. דאָרטן זאָגט זיך אינגאַנצן אַנדערש וועגן דעם מענטש, ווען ער גרייט זיך צו טאָן עפּעס.

וראיתי, — פאַרטייטשט ער ווידער ר׳ סעדיה גאונס ווערטער אין יידיש און גיט אויפסניי צו זיין אייגענעם פּירוש אויפן דענקערס אַנדייט — וראיתי, און כ׳האָב געזען, בעסער געזאָגט, כ׳האָב אויסגעפונען, אַז דעם מינדסטן שאָטן פון ספק, כי היכולת ראויה, אַז די פייאיקייט צו וויסן אין פאָרויס דעם זין פון טאָן עפּעס איז יאָ פאַראַן אין מענטש, און אַז זי אַנטפּלעקט זיך ביי אים קודם הפעל, ס׳הייסט, נאָך איידער ער נעמט זיך דורכ־פירן אַ טאַט. עד שיתן לאדם הפעל. וואָרעם דער רבונו של עולם האָט געגעבן דעם מענטש נישט בלויז דעם כח צו טאָן, נייערט והעזיבה על התמורה, ס׳הייסט, אויך די ברירה אָפּצוזאָגן זיך פון טאָן די טאַט, אויב זי איז שלעכט, אָדער זי דורכפירן, ווען זי איז גוט.

איז וואָס קאָן מען לערנען דערפון אין שייכות מיט מיסטער רובין ? פּשוט . . . ער האָט געוואוסט אין פאָרויס פאַרוואָס ער נעמט זיך באַגיין אַ מעשה־רע, און דאָך האָט ער נישט אויסגעקליבן אָפּצוזאָגן זיך פון איר.

אויפן זיבעטן איז אים, ר׳ אליהון, איצט געקומען אַ פּסוק וואָס ר׳ סעדיה גאון האָט געבראַכט פון יחזקאל (יח, כ.) אין דעם ניינטן מאמר פון זיין ספר. דער דאָזיקער פּסוק זאָגט אויסדריקלעך וועגן דעם עונש פאַר אכזריותדיקער נקמה, פאַר מיאוסער רישעות, וואָס צו זיי קאָן צוגערעכנט ווערן אַזאַ מעשה־רע ווי די וואָס מיסטער רובין האָט אָפּגעטאָן. ס׳זאָגט זיך דאָרטן אַז הנפש החוטאת היא תמות. איז וואָס מיינט עס ? ס׳מיינט אַז דער מענטש וואָס זינדיקט, ער וועט שטאַרבן. פרעגט זיך, איז וואָס פאַר אַ שטראָף איז דאָס פאַר איינעם וואָס זינדיקט ? יעדער מענטש מוז דאָך שטאַרבן. אפילו דער וואָס זינדיקט נישט. דאַרף מען אָבער פאַרשטיין דעם פּסוק אַנדערש. דהיינו ? אַז דער וואָס באַגייט אַ פאַרברעכן, ער וועט שטאַרבן פאַר דער צייט, ס׳הייסט, פריער־ווי ס׳איז אים געווען אָנגעשריבן. און נאָך אַ טעם. אויב דער מענטש גייט אַוועק פאַר דער צייט, איז עס איבער דער שולד פון זיין נשמה. זי איז חייב. זי האָט נישט גענוג געטאָן כדי צו פאַרהיטן דעם מענטש פון אַראָפּגיין פון גלייכן וועג. און אַז זי איז שולדיק וועט זי נישט זיין אָנגעלייגט אין קיין איינער פון די אייבערשטע וועלטן, וואוהין זי וועט זיך צוריקקערן נאָכן טויט פון גוף. זי וועט ליידן אומגעהייער. און חוץ לזה, ווער קאָן דען וויסן צו וואָסערע יסורים זי וועט אויבן פאַרמישפּט ווערן ? און דאָסגלייכן, ווער קאָן וויסן אויף ווי לאַנג דאָס אָפּקומעניש וועט זיך ציען ?

ער האָט אָבער נישט געוואָלט טראַכטן דערפון. ס׳האָט אים פאַרקווטשט ביים האַרץ פון רחמנות אויף מיסטער רובינס נשמה. אוי, וואָס אויף איר וואַרט ! אוי, טאַטע אין הימל . . . ער האָט געקרעכצט און מיט ווייטיק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. אוי, וואָס די נשמה פון דעם דאָזיקן מענטש האָט אויף זיך געבראַכט . . .

אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער זיך אָבער ווידער צוריקגעקערט צו ר׳ סעדיה גאונס דעדוקציע, וואָס איז אַ קלאָרע באַהויפּטונג וועגן דעם מענטש, אַז ס׳איז גאָרנישט מעגלעך פאַר אים דורכצופירען אַ טאַט ווי אַן אויטאָמאַט.

איז עס טאַקע בפירוש אינגאַנצן אוממעגלעך ? — האָט ער, ר׳ אליהו, געגראָבן טיפער. — ווייסט טאַקע דער מענטש אַלעמאָל אין פאָראויס, איידער ער פאַרנעמט זיך עפּעס צו טאָן, וואָס ער גייט דורכפירן און וואָס ער וועט דערמיט דערגרייכן ? קאָן ער טאַקע יעדעס מאָל שטיין ביי דער וואָג פון זיין געוויסן און וועגן מיט זיין פרייען ווילן וואָס ער זאָל טאָן — אָפּזאָגן זיך פון דורכפירן די טאַט, אָדער יאָ דורכפירן זי ? אויב דאָס איז טאַקע יאָ מעגלעך, איז וואָס מכוח דער פינצטערניש וואָס באַזעצט זיך אין מוח פון אַ

מענטש, מערסטנס דעמאָלט ווען ער פֿאַלט אַרײַן אין אַ קאַכיקן כעס איבער גרויס עגמת־נפֿש, אָדער בעת אַ מחלוקת? אַז דער דאָזיקער כעס באַגוועלטיקט דעם מענטש, דעמאָלט ווערט דאָך אין דעם בן־אדמס מוח אויסגעלאָשן דער שׂכל. אויך ווערט ערגעץ־וואו נעלם דאָס געוויסן פֿון דער נשמה. אויב אַזוי, איז ווי קאָן מען נאָכדעם קומען און מישפּטן דעם אומגליקלעכן מענטש פֿאַר דעם וואָס ער איז נישט געווען מיושב, פֿאַר דעם וואָס ער האָט נישט געהאַט קיין געוויסן, פֿאַר דעם וואָס ער האָט זיך נישט באַנוצט מיט זײַן בחירה חפשית, און פֿאַר דעם וואָס ער האָט נישט פֿאָרויסגעזען דעם אויסגאַנג פֿון זײַן אַפּטו? ס'זענען דאָך בפֿירוש יאָ פֿאַראַן אַזעלכע ביטערע צושטאַנדן, ווען דער מענטש טוט אָפּ זאַכן ווי אַן אויטאָמאַט.

געמיינט האָט ער דאָס אַלץ אין שײַכות מיט מיסטער רובין. די קשיא איז צי האָט ער אָפּגעטאָן זײַן מעשׂה־רע צו דער תּלמוד־תּורה ווען ער איז יאָ געווען ביים קלאָרן פֿאַרשטאַנד און געהאַט אַ ליכטיק געוויסן, אָדער צי האָט ער דאָס געטאָן ווען ער האָט נישט געוואוסט וואוהין זײַנע פֿיס האָבן אים געטראָגן און וואָס זײַן מויל האָט גערעדט.

דער דאָזיקער ענין האָט אים, ר' אליהון, אַזוי געמאַטערט, אַז ער האָט אַזש נישט געוואוסט וואו ער געפֿינט זיך.

איצט, אַז רובין האָט זיך באַוויזן אין דער טיר, האָט ער, ר' אליהו, אָבער נישט געקאָנט ווײַטער קלערן וועגן דער זאַך, כאָטש ער האָט נישט אויפֿגעהערט אַרײַנקוקן אין ספֿר. ער האָט אַפֿילו נישט אויפֿגעהויבן די אויגן צו אים נאָכדעם ווי מיסטער רובין איז שוין געשטאַנען עטלעכע טריט פֿון טיש, בײַ וועלכן ער, דער רב איז געזעסן. ער האָט אים אויך נישט פֿאַרבעטן זיצן אויף דער ליידיקער שטול, וואָס האָט זיך דאָ געפֿונען. ער האָט נאָר אַרײַנגעקוקט אין ספֿר, אויבוואויל ער האָט, זינט רובינס אַרײַנקום, נישט געזען מער קיין שורות, אַפֿילו נישט קיין איינציקע אותיות. אַלץ איז געווען אײַנגעהילט אין אַ טומאַן.

## .5

— אליהו... — זאָגט דבֿורהלע, שטייענדיק נישט ווײַט פֿון רובינען מיט אַ טיכל אַרומגעבונדן אויפֿן קאָפּ. — מיסטער רובין איז דאָ בײַ דיר אין שטוב. ער איז געקומען רעדן מיט אונדז וועגן עפּעס.

דער רב האָט אָבער נישט אויפֿגעהויבן זײַנע אויגן.

רובין האָט איצט אַ נעם אַרויס געטאָן דעם ציגאַר פֿון מויל און זיך געזעצט אויף דער שטול, וואָס איז געשטאַנען בײַם טיש.

— הערט זיך צו, רבי, און איר, רביצין, וועגן וואָס כ'בין געקומען! — האָט ער געזאָגט מיט ירגזון און מיט אויבנאַראָפּ־קוק אויף ביידן. — כ'בין געקומען פֿאָדערן פֿון אײַער טאָכטער צו העלפֿן מײַן זון. זי האָט אים צוגעפֿירט צו זײַנע צרות אַצינד, דאַרף זי אים העלפֿן אַרויסצוקומען פֿון זיי. דאָס איז יושר וואָס יעדער איינער וועט מיר צו־פּסקענען. און אוודאי איז עס לויט דער יידישער תּורה. אויב אַ באַלעבאָס פֿון אַן אָקס, וואָס האָט געשטויסן און באַשעדיקט אַן אָקס פֿון אַ צווייטן מאַן, איז חייב און ער דאַרף באַצאָלן פֿאַר דעם שאָדן וואָס דער צווייטער באַלעבאָס האָט געליטן, מכּל־שכּן נאָך ווען איין מענטש דערגייט אַ צווייטן די יאָרן און מאַכט אים קראַנק... יאָ, פּשוט און קורץ, מײַן זון איז קראַנק... נישט בײַם קלאָרן זינען... ער איז שוין אַ שטיק צײַט אין אַ האָטעל. כ'האָב עס אַ סך טעג געהאַלטן בסוד. אַצינד אָבער קאָן איך עס נישט מער. כ'מוז

עס אײך זאָגן . . . מײן זון איז קראַנק, שווער קראַנק, און כ׳ווייס נישט מיט וואָס דאָס וועט זיך אויסלאָזן.

ער האָט געוואָלט נאָך רעדן, אָבער אין האַלדז איז אים געוואָרן ענג און טרערן האָבן גענומען פליסן פון זיינע אויגן.

די רביצין איז געוואָרן בלייך און זי האָט גיך פאַרלייגט די הענט אונטערן בוזעם. דער רב איז אָבער געווען אַריבערגעבויגן איבערן ספר, ווי פריער, און ער האָט נישט אויפגעהויבן די אויגן.

—פאַרוואָס רעדסטו גאָרנישט צו מיסטער רובין? — האָט דבורהלע בעטנדיק געקוקט אויפן רב און געפיבערט מיט איר׳ע דינע ליפן. — פאַרוואָס לייגסטו נישט אָפּ אויף שפּעטער דאָס אַריינקוקן אין ספר?

דער רב האָט אָבער נישט געענטפערט.

— און דאָס . . . — ווישט זיך רובין אויס די אויגן און רעדט ווייטער, כאָטש ער האָט פון קיינעם נישט געהערט פרעגן וועגן וואָסער הילף ער רעדט. — און דאָס איז אויך די מיינונג פון דאָקטער, מיט וועמען כ׳האָב זיך היינט שואל־עצה געווען וועגן דעם. ער זאָגט, אַז הילדע דאַרף טאָן אַלץ וואָס איז נאָר אין אירע כוחות און צוריקברענגען סאָלן צו זיין פריערדיקן מעמד. ער זאָגט, אַז הילדע דאַרף זיך ווידער פאַרבינדן מיט סאָלן, אפילו ווען ס׳איז נישט אויף ערנסט, און אַרויסווייזן אים די זעלבע מאָס גינציקייט ווי אין די פריערדיקע יאָרן. בלויז אַזויאַנאָך וועט זי קאָנען אַרויסברענגען מיין זון פון זיין דערדריקטן צושטאַנד און נישט פאַרקירצן זיינע יאָרן.

דבורהלע האָט איצט אַרומגענומען איר שמאָלע גאָמבקע מיט דער רעכטער האַנט. זי האָט געקוקט אויף מיסטער רובין מיט אַזעלכע אַרויסגעזעצטע אויגן, עלעהיי זי אַליין וואָלט, מחמת דעם אָקאָרשט געהערטן נייס, אָט־אָט געהאַלטן ביים אַראָפּגיין פון זינען.

— און זאָגט מיר נישט — רעדט רובין ווידער מיט רוגזה, דערצו מיט פייכקייט אין קול — אַז איר זענט מיר גאָרנישט־שולדיק. ווען ס׳זאָל אפילו זיין אמת אַז ס׳איז אַזוי, וואָלט איר עס סייווי געדאַרפט טאָן. איר, די רביצין און איר, זענט נישט קיין פּראָסטע מענטשן . . . איר ווייסט וואָס ס׳מיינט צו ראַטעווען אַ מענטש פון אַ סכנה. און מער ווי צוליב דעם דאַרפט איר אָבער געדענקען, אַז איר זענט פאַרט מיט עפּעס פאַרפליכטעט צו מיר, אפילו ווען אייער טאָכטער וואָלט נישט געווען פאַרקנסט צו מיין זון. איר זענט פאַרפליכטעט, ווייל איך האָב אייך געטראָגן אויף מיינע פּלייצעס זינט דעם טאָג, ווען כ׳האָב זיך מיט אייך באַקענט. און אויך אַצינד איז מיין לייב־און־לעבן אַריינגעטאָן אין אַלץ פון וואָס איר ציט אייער חיונה. איז עס צופיל פון מיר צו בעטן ביי אייך אַזאַ קליי־ניקייט ווי צו העלפן מיין אומגליקלעכן זון, מיין בן־יחיד, אַז ער זאָל האָבן אַזאַ נאָרמאַל לעבן ווי ס׳האָט יעדער מענטש? איז עס חוצפּה פון מיין זייט, דערצו ווען כ׳בינד נישט צו הילדען צו קיין קאָנטראַקט, אַז זי וועט מוזן חתונה האָבן מיט אים? ס׳איז דאָך נישט מער ווי אַ שטיקל צייט. ביז ער׳ט ווידער אַרויסווייזן סימנים פון גלייכן שכל . . .

דער רב איז ווידער געזעסן איבערן ספר, ווי פריער, און האָט נישט אויפגעהויבן זיינע אויגן צו מיסטער רובין.

— און וואָרפט מיר נישט פאָר — רעדט רובין מיט ווייטאָג און ערגערניש אין קול — אַז כ׳האָב פאַרמאַכט די תלמוד־תורה, געלאָזט קינדערלעך אָן דעם, נאָך וואָס זיי האָבן געגאַרט . . . זאָגט מיר נישט, אַז דערפאַר האָב איך נישט קיין רעכט צו פאָדערן יושר ביי אַנדערע. דאָס איז קיין פאַרגלייך נישט. דאָס אויסהאַלטן די תלמוד־תורה איז געווען מיינס אַ פּריוויליקע זאַך. כ׳בין צו קיינעם נישט געווען פאַרקויפט. פאַרקערט, אפילו

די אײגענע גבאים פֿון דער שול האָבן אָפּט אָפּגעחוזקט פֿון מיר פֿאַר אויסהאַלטן די תּלמוד־תּורה. „געגומען אויף זיך אַ הויקער", האָבן זײ בײַ געלעגנהײטן געמאַכט ליצנות. „איר'ט שוין פֿאַרגעסן, מיסטער רובין, אַז דער הויקער איז אַ פֿרעמדער און נישט אײַער אײגענער...." און איר גופֿא? איר, רבי, און רביצין? האָט איר ווען־ס'איז מיך אַ פֿרעג געטאָן צי ס'איז מיר שוין נישט דערעסן געוואָרן צו זײַן דער נאַר פֿון מאַרק? צו זײַן דער שטענדיקער געבער? האָט איר ווען־ס'איז מיך געפֿרעגט צי ס'וואָלט נישט געווען אַ יושר צו פֿאַראינטערעסירן אויך אַנדערע מענטשן אין העלפֿן טראָגן דעם עול פֿון ייִדישקײט? האָט איר דען געמײנט, אַז כ'וועל אַלעמאָל פֿילן דעם טעם פֿון דער מצווה און קײנמאָל נישט באַטראַכטן עס ווי אַ לאַסט וואָס מ'וואַרפֿט אַרויף אויף אַ פֿערד? ווי לאַנג קאָן אַפֿילו אַ פֿערד שלעפּן? און טראַכט איר גאַרנישט, אַז אַ מענטש טרײסלט זיך אַמאָל אָפּ אַפֿילו פֿון אַ מצווה, ווען ער זעט אַז ער ווערט באַטראַכט ווי אַ שלעפּאײזל און קײנער ווײַזט נישט אַרויס קײן דרך־ארץ צו אים, גלײַך ווי ער וואָלט גאַרנישט געטאָרט פֿאַרלאַנגען קײן אָנערקענונג, כאָטש יעדער, רבנים און אַנדערע למדנים, גרויס און קלײן, אַלע פֿאַרלאַנגען כּבֿוד? מײנט איר אַז דאָס וואָס איר האָט זיך נישט ווי סנדיק געמאַכט וועגן מײַן קומען אַהער מיט מײַן פֿרוי שבת־צונאַכטס האָט מיר נישט וויי געטאָן? מײנט איר אַז כ'האָב סיוּוי נאָך אַלץ געדאַרפֿט פֿילן אַז כ'בין נישט מער ווי אַן אײזל און אַז כ'האָב נישט געטאָרט עפּענען מײַן מויל?

די רביצין האָט איצט אַראָפּגענומען די האַנט פֿון דער שמאָלער גאָמבקע און אָנגע־שפּאַרט דעם דוימען־פֿינגער אויפֿ'ן פֿאַרטעך־באַנד בײַם היפּט. אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי ווידער אַרומגענומען די גאָמבקע מיט דער האַנט און זיך געטאָן שאָקלען ווי בײַ אַ תּפֿילה. בדרך כּלל האָט זי בעת רובינס טענות געהאַלטן די אויגן אַראָפּ צום דיל. טײל מאָל האָט זי אָבער זײ אויפֿגעהויבן און געקוקט אויפֿן רבֿ. אויך איצט האָט זי נישט אַראָפּגע־נומען קײן אויג פֿון אים און געוואַרט ער זאָל עפּעס זאָגן.

מיטאַמאָל איז רובין אויפֿגעשטאַנען, אָפּגעגאַנגען עטלעכע טריט פֿון דער שטול און ער האָט אין אָפֿהענטיקײט זיך אַ וויש געטאָן מיט דער רעכטער האַנט איבערן מויל.

— נו, מילא... — זאָגט ער צו זיך און קוקט ערגעץ ווײַט. — אפֿשר האָב'ך נישט געדאַרפֿט אַהערקומען און בעטן אַזאַ זאַך. אפֿשר איז דאָס אַ ווילדקײט פֿון מײַן זײַט. אפֿשר... וואָרעם, וואָס הײסט מ'וועט נעמען אַ יונג מײדל און אַרויפֿלײגן אויף אירע שוואַכע פּלײצעס אַ פּאַק מיט צרות, וואָס קײנער ווײסט נישט ווי לאַנג זי'ט אים דאַרפֿן טראָגן. נו, איז וואָס אַז זי האָט חרטה געהאַט אויפֿן שידוך. קומט איר דערפֿאַר פֿאַרמישפּט צו ווערן אויף יאָרן פֿון אָפּקומעניש און לײַדן... ס'איז דען אַ זינד אָפּצוברעכן תּנאָים? איז פֿאַרוואָס לײגן איר שטײנער אין וועג. אפֿשר וועט זיך איר טרעפֿן אַ צווײטער יונגער־מאַן. טאָ פֿאַרוואָס זאָל מײַן קראַנקער זון ווערן אַ שטער אין איר מזל...

ער האָט אויפֿגעהערט קוקן אין דער ווײַט און געגומען פֿליסטערן זײַטיק צום דיל:

— נו, געווען אַן אומזין צו קומען אַהער און צודריקן מענטשן צו דער וואַנט. געווען צו־שטאַרק באַרוישט פֿון דעם באַגער נאָך אַ ישועה פֿאַר מײַן קינד. די אויגן זענען געווען אַזוי פֿאַרבלענדט. אַז זײ האָבן נישט געזען ווי אַלץ איז געבויט אויף זאַמד. ס'איז געווען אײנזײַטיק. כ'מײן דעם דאָקטערס עצה... נו, פֿאַרפֿאַלן. ס'איז נישט דער אײנציקער טעות אין מײַן לעבן. וואָס קאָנ'ך זיך העלפֿן?...

ווי פֿון אַ דראָזש אין רוקן האָט ער זיך אַ טרײסל געגעבן. ער האָט אַרײַנגעטאָן די הענט אין די מאַנטל־קעשענעס, זיך אויסגעדרײט מיטן פּנים צו דער טיר און איז ווי מיט פֿאַרוואונדעטע פֿיס אַרויס פֿון ספֿרים־שטיבל.

די רביצין האָט איצט נאָכגעקוקט מיסטער רובינען. און אַז ס׳האָט זיך דערהערט דער קלאַפּ מיט דער קאָרידאָר־טיר, וואָס רובין האָט פאַרמאַכט הינטער זיך, האָט זי זיך אויסגעדרייט צום רב און מיט טרערן אין קול אי געשריִען און אי געפרעגט:

— פאַרוואָס האָסטו גאָרנישט גערעדט צו אים? פאַרוואָס האָסטו אפילו נישט אויפגעהויבן דיין קאָפּ פון ספר און געקוקט אויף אים? אליהו! אליהו!! כ׳רעד דאָך צו דיר!!! וואָס וועסטו אַזוי אַלץ אַריינקוקן אין ספר און טראַכטן וועגן בחירה חפשית און שכר ועונש? וואָס וועסטו אַזוי לאַנג אַריינטראַכטן ווי אַזוי די וועלט ווערט געפירט, צי אַלץ איז באַשטימט פון פריער, פון רבונו של עולם, אָדער צי דער מענטש ברענגט אויף זיך אַליין אַלע זיינע צרות און ישועות? אליהו... כ׳רעד דאָך צו דיר!!! פאַרוואָס האָסטו אים נישט געענטפערט? פאַרוואָס האָסטו נישט גערעדט מיט אים? אליהו! געוואַלד געשריִען... אליהו — —!!!

# קאַפּיטל עלף

## תוהו ובוהו

### 1.

אַנשטאָט צו גיין אַהיים, וואַרטן דאָרטן אויף אסתרס ידיעה פון האָטעל, האָט זיך דזשאָ רובין פאַרנומען צום געשעפט.

זיין שטענדיקע אַריינגעטאָנקייט אין די ביזנעס איז איצט געווען נישט נאָר קלענער ווי אין די פאַרגאַנגענע עטלעכע טעג, נאָר ממש נול. ס׳איז אים נישט אָנגעגאַנגען וואָס דאָרטן גייט אָן, וואָס מ׳דאַרף האָבן, ווי גרויס דער איינקונפט פון פאַרקויף איז. גאָרנישט. ער האָט זיך אָבער פאַרנומען אַהינצו צוליב געלט וואָס ער האָט אין זינען מיטצונעמען מיט זיך, אויב אסתר וועט פאַרלאַנגען פון אים אַז ער זאָל נאָך היינט קומען אין האָטעל אַריין.

צוליב וואָס ער דאַרף מיטנעמען געלט אַהינצו? די עצה, וואָס דאָקטער ראָזנער האָט געגעבן וועגן הילדען, איז באַלד ביי איר געבוירן ווערן נישט געווען קיין געראָטענע. זי האָט נישט געהאַט קיין האַפּט און שכל און וויטן בליק. אָט אַזוי ווי ער, רובין, האָט זי גלייך דערזען. און אָט אַזוי ווי זי האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזן צו זיין ביים סוף פון די רייד וואָס ער, רובין האָט מיט טרערן אין האַלדז, אָבער אָן הצלחה, גערעדט צום רב. איז וואָס בלייבט איצט פאַר אים, רובינען, צו טאָן? צוריקגיין צו דאָקטער ראָזנער? פרעגט זיך, נאָך וואָס? בלייבט, לויטן פשוטן פאַרשטאַנד, איין זאַך צו טאָן — צו ברענגען סאַלן אַהיים פון האָטעל. איז וואָס מיינט עס דעמאָלט? דעמאָלט מיינט עס, אויסשטעלן אים צו שאַנד און שפּאָט ביי מענטשן, אָדער צו זייער מיטלייד מיט אים. און דאָס איז ס׳ערגסטע וואָס קאָן געשען צו טאַטע־מאַמע. איז וואָס פאַרט בלייבט צו טאָן? דער איינציקער אויסוועג איז דעריבער — אַוועקצושיקן סאַלן, צוזאַמען מיט דער מוטער, ווייט אַוועק פון שטאָט. לאָמיר זאָגן, קיין מיאַמי ביטש. צום ווייניקסטנס ביז איבער פּסח. און נאָכדעם, אויב קיין ענדערונג צום בעסערן וועט נישט זיך ווייזן אין סאַלס געמיט, וועט ער, דזשאָ, אים צוריקברענגען קיין ניו־יאָרק און גלייך אַוועק מיט אים אין אַ שפּיטאָל פאַר גייסטיק־קראַנקע. אמת, ער איז נישט זיכער צי אסתר וועט איינגיין אויף זיין פּלאַן...

אָבער אויב יאָ, װײַל ער האָבן מיט זיך געגנוג געלט צו געבן איר, װען ער װעט זײַן בײַ איר הײַנט אין האָטעל.

אַרום די גאַסן, װאו ער איז געגאַנגען, האָט געקלאַפּט און געטומלט. פֿאַרנדיק אין קעגנאיבערדיקע ריכטונגען האָבן אויטאָמאָבילן און לאָסטװעגענער זיך שטאַרק געאײַלט. זײ האָבן טרעװאָגעדיק געהאַלטן אין אײן מינטערן די מענטשן אויף די טראַפֿיק־זײַטן דורך די בלאָז־טרובעס. אויך האָט זיך געטראָגן אַ גערויש און אַ מישמאַש־געפּלאַפּל פֿון פֿאַרהאַװעטע מענטשן, װאָס טײל פֿון זײ האָבן געפּירט געשעפֿטן אײנער מיטן אַנדערן אונטערן פֿרײַען הימל, אַדער זיך געקריגט, אַדער אַנגעזאָגט בשורות װעגן שימחות.

פֿאַר דזשאָ רובין איז אָבער דאָס אַלץ געװען װי אַ טײל פֿון אַן איבערגעקערטער װעלט. אַלע אויטאָמאָבילן און אַלע מענטשן האָבן זיך פֿאַר זײַנע אײַנגעשמעלערטע אויגן געדרײט אין לופֿטן מיט די רעדער און פֿיס אַרויף, און מיט די דעכער און קעפּ אַראָפּ. זײ זענען געװען אַרומגענומען מיט אַ נעפּל, און כװאַליעס מיט ברומעניש און קאָכעניש האָבן זיך געטראָגן פֿון דאָרטן מיט אַזאַ געבײזער און געװויטער, אַז ער איז שיר־נישט אומגעפֿאַלן. אויך זענען די גערײדן, מחלוקתן און הוקענישן פֿאַרקנוילט געװאָרן אין אַ ירגזונדיקן הוראַקאַן, װאָס פֿון זײַן אינעװײניק האָבן זיך אַרויסגעריסן אומגעהאַרישע געשרײַען, עלעהײ מחנות קעץ און הינט װאָלטן צװישן זיך געפֿירט אַ רײס און בײס מילחמה און אַרויסגעמרוטשעט פֿון זיך אַלערלײ דזשאַנגל־קװיטשן פֿון אַנגסט און הריגה. אויך זענען די הײַזער און קראָמען נישט געשטאַנען אויף אײן אָרט. זײ זענען אָפּגעריסן געװען פֿון זײערע פֿונדאַמענטן און האָבן געשװאומען אין לופֿטן איבערגעקערטע, מיט די סופּיטן אַראָפּ און מיט די שװעלן אַרויף.

און ער, דזשאָ רובין, גופֿא? אין זײַן קאָפּ האָט איצט זײער שטאַרק געזעצט. ס׳איז געװען אַזאַ שפּיציק, אָנאויפֿהערנדיק געקלאַפּ, אַז ס׳האָט אים שיר־נישט געמאַכט לעכער אין די שלײפֿן. ער האָט נישט פֿאַרגעסן, בעתן גײן צום געשעפֿט, אַז ער לײדט פֿון הויכן בלוט־דרוק, און אַז פֿון צײַט צו צײַט קריגט ער קאַפּװײטיק, װאָס שפּרײט זיך אויס ביז אַראָפּ צום נאַקן. אָבער אַזאַ מין קאָפּװײטיק װאָס זאָל אים צעמורשטשען די זע־קראַפֿט, דאָס געדענקט זיך אים נישט פֿאַר קײן פֿאַל.

.2

— האַלאָ, אַנקל דזשאָ! — האָט ריװע, זיצנדיק בײַם רעגיסטער, און אָנגעטאָן אין אַ שװאַרץ סװעטערל אויף אַ װײַסער בלוזקע, אַ שרײ געטאָן מיט פֿרײד און איבערראַשונג, װען רובין האָט זיך באַװיזן אין דער טיר פֿון דער קראָם. — כ׳האָב געװאַרט צו הערן פֿון דיר... װען ביסטו צוריקגעקומען פֿון האָטעל?

דזשאָ איז געבליבן שטײן בײַם רעגיסטער, האָט זײַטיק געקוקט איבער דער לענג און ברײט פֿון „סטאָר״, װאו ס׳איז געװען געפּאַקט מיט קונים, און אויסגעדרײט דאָס פּנים צו ריװען:

— נעכטן בײַנאַכט.

— נאָך נעכטן בײַנאַכט? — רײַסט ריװע אויף ברײט אירע פֿיש־אויגן און קוקט מיט חידוש אויף אים. — איז פֿאַרװאָס ביסטו געקומען אין סטאָר אַרײַן אַזױ שפּעט?

— כ׳האָב זיך נישט געפֿילט גוט.

— יאָ, זעסט טאַקע נישט אויס מיט אַלעמען... איז פֿאַרװאָס האָט זיך סאַל נאָך נישט געװיזן?

— ער איז נאָך פאַרבליבן אין האָטעל.

— נאָך פאַרבליבן אין האָטעל? וואָס ז׳דער מער?

— די מומע אסתר האָט זיך באַשטימט צו פאַרברענגען דאָרטן אַ טאָג, צוויי... — איז זי צוגעשטאַנען צו סאָלן, אַז ר׳זאָל צוואָוואַרטען און אהיימקומען צוזאַמען מיט איר.

ריווע האָט איצט אַ קוק געטאָן אַרום זיך און גענומען רעדן שטילער צום פעטער.

— אַנקל דזשאָ, — זאָגט זי און פאַרשמעלערט אירע אויגן, בעת אויף איר ברייטן שטערן צעלייגט זיך אַ טיפער קנייטש, — ד׳ווייסט גאָרנישט ווי כ׳האָב אַרויסגעקוקט אויף דיר. כ׳האָב גאָרנישט געקאָנט איינזיצן. כ׳האָב נאָר געהאַלטן אין איין אַרויסקוקן דורך די שויבנטירן צום דרויסן. כ׳האָב געמיינט אָט־אָט קומסטו שוין. אָט־אָט... ווייסטו פאַרוואָס?

רובין האָט גאָרנישט געזאָגט. ער האָט בלויז געקוקט זייטיק און געזען אין „סטאָר" אַזאַ מישמאַש ווי אין דרויסן.

— אַלע סיילסלייט — זאָגט זי ווידער מיט אַ שטיל קול — האָבן נעכטן שפעט אין אָוונט געהאַט אַ מיטינג אין דער יוניאָן... און ז׳האָבן אָפּגעמאַכט צו שיקן דיר אין די נאָנטסטע טעג אַ פאָדערונג פון עטלעכע פונקטן. איינס, צו אָנערקענען די יוניאָן ווי די איידזשענסי וואָס רעדט אין נאָמען פון דיינע אָנגעשטעלטע. צוויי, אַז די אַרבעטס־שעהן זאָלן זיין ווייניקער. דריי, אַז די שכירות זאָלן געהעכערט ווערן. און פיר, אַז פאַר דער צייט נאָך דעם נאָרמאַלן נייעם אַרבעטס־טאָג זאָלסטו צאָלן מיט פופציק פראָצענט מער ווי פאַר דער געוויינלעכער שעה. נו, האָסטו שוין געהערט פון אַזאַ אומזין און אומגעטריישאַפט? כ׳מיין פון די אָנגעשטעלטע אונדזערע... כ׳מיין פון דיינע... זיי זאָגן דאָך אַלעמאָל, אַז זיי זענען דיר געטריי ווי די הינט! אַז ס׳גייט זיי שטאַרק אָן די ביזנעס זאָלן וואַקסן... איז ווי קאָנען די ביזנעס וואַקסן, אַז די הוצאות ווערן פאַרגרעסערט?

רובין האָט ווידער נישט געענטפערט אויף אירע רייד און געקוקט אין דער פאַרנעפלטקייט אַריין.

— און ווייסטו וואָס נאָך? — רעדט זי צו אים ווידער. — כדי צו זיין זיכער, אַז ז׳וועלן האָבן דערפאָלג, האָבן זיי באַשטימט צו ווירקן אויף מיר, אַז כ׳זאָל אויך גיין האַנט אין האַנט מיט זיי, ווי אַלע אַנדערע אָנגעשטעלטע. ס׳הייסט, אַז דער גאַנצער סטעף זאָל זיין פאַראייניקט. קיינער זאָל נישט פעלן. איז ווי אַזוי מיינסטו, אַנקל דזשאָ, ווילן זיי דאָס דערגרייכן? זיי ווייסן דאָך זייער וואויל אין זייערע גניבהשע הערצער, אַז ליבערשט וועל׳ך געוען האָבן צו זען ווי זיי גיבן צוריק דאָס פאַראַיאַריקע עסן וואָס זיי האָבן אַריינגעשטאָפּט אין זיך, איידער צולייגן מיין קלענסטן פינגער צו אַ זאַך וואָס וועט פאַרשאַפן דעם אַנקל מיינעם דאָס מינדסטע עגמת־נפש. איז וואָס האָבן זיי געטאָן? נאָך אַלעם, קיין גאַנצע אידיאָטן זענען זיי דאָך נישט. זיי קענען דאָך גוט מיין כאַראַקטער און מיין געטריישאַפט צו דיר. האָבן זיי צווישן זיך אָפּגעמאַכט, אַז ז׳זאָלן שיקן צו מיר אַ ספּעציעלן מענטש, אַ גענעראַל, אַ כישופמאַכער, דעם גדול שבגדול... ווייסטו ווער? וועסט נישט טרעפן...

זי האָט אויפגעהערט רעדן און געוואַרט אַז דער אַנקל דזשאָ זאָל פּרובירן טרעפן, אָדער פרעגן מיט נייגער ווער דער דאָזיקער דעלעגאַט איז. געזען אָבער אַז ער זאָגט גאָרנישט, האָט זי ווידער גענומען רעדן:

— מעקסן... מיין געוועזענעם מאַן...

רובין איז אָבער ווידער געשטאַנען אין אַזאַ פּאָזע פון שוואַכקייט ווי פריער און האָט זיך נישט אויסגעדרייט צו איר.

ריווע האָט אים באַטראַכט מיט אויסגעגלאָצטע אויגן, אָבער אין אַ ווײַלע אַרום ווידער גערעדט:

— שוין געהערט, אָנקל דזשאָ, פון אַזאַ ווילדקייט? כע, כע, כע... מיין געוועזענעם מאַן... מיין אַמאָליק באַשיינעכץ... און ווערסט טאָקע שטוינען: ס'האָט נישט געדויערט לאַנג און ער האָט מיר טאַקע טעלעפאָנירט. באַלד נעכטן ביינאַכט... כ'זאָג דיר, אַז ווען כ'וואָלט געהערט דאָס קול פון אַ יידן־שונא, אַ המן, וואָלט'ך נישט געווען אַזוי אויפגעצאַרנט ווי ווען כ'האָב דערהערט דאָס חניפהדיק שטימעלע פון מיין געוועזענער כאַליערע... ס'האָט מיך צעטראָגן. אַלץ האָט זיך מיט מיר געוואָרפן ווי אין קדחת... נו, איז וואָס זאָגסטו צו דעם?...

רובין האָט ווידער נישט געענטפערט.

ריווע האָט איצט אָנגעשפּיצט די אויגן און מיט מער נייגער גענומען אים באַטראַכטן.

— ס'טוט דיר עפּעס ווײ, אָנקל דזשאָ? — פרעגט זי נאָך אַ ווײַלע שווייגן.

רובין האָט זיך אויסגעדרייט צו איר. זיין פּנים איז געווען ווייס, זיינע אויגן זענען געשטאַנען אומבאַוועגלעך ווי אין היץ. ער האָט נישט געענטפערט אויף אירע רייד און געפרעגט:

— האָסטו אַ סך מזומן אין רעגיסטער?

— קנאַפּע צוויי טויזענט דאָלער, — זאָגט זי און קוקט מיט צעטומלעניש אויף אים.

— וואָס איז דען, אָנקל דזשאָ?

זיינע ליפּן האָבן געציטערט ווי ס'וואָלט אים געווען שטאַרק קאַלט אין קערפּער.

— ווערסט מיר געבן פינף הונדערט דאָלער — זאָגט ער מיט שטאַמל — און אַריינשרייבן אין די ביכער.

ביי ריוועס זענען די אויגן געבליבן שטיין אין אַ שיקל און זיי האָבן געקוקט מיט פאַרוואונדערונג. פינף הונדערט דאָלער? צו וואָס דאַרף ער אַזאַ גרויסע סומע געלט אויף איינמאָל?

— שוין... — ווערט זי צוריק רירעוודיק און שאָקלט מיטן קאָפּ צום אָנקל. — כ'וועל דיר גלייך אויסציילן.

אַרויסגערוקט דאָס שופלעדל פון רעגיסטער און אָפּגעציילט די באַנקנאָטן, האָט זי אַריינגעפּאַקט דאָס געלט אין אַ קאָנווערט און גלייכצייטיק גערעדט צום אָנקל:

— ס'איז אַריינגעקומען אַ גרויסע צאָל טשעקס פון קאָסטאָמערס, אָנקל דזשאָ. זיי געפינען זיך אין אָפיס. ווערסט אַזוי גוט זיין און זיי אינדאָרסירן, וועל'ך זיי באַלד קאָנען אַריינגעבן אין דער באַנק.

דזשאָ האָט גאָרנישט געענטפערט. ער האָט גענומען פון ריוועס דאָס פּעקל געלט, אַריינגעלייגט עס אין דער מאַנטל־קעשענע און זיך פאַרקירעוועט צום אָפיס.

## .3

אַריבערגעבויגן איבערן דעסק, ביי וועלכן ער איז געזעסן, האָט ער געקוקט אויף אַ ברוינעם טשעק, וואָס איז געלעגן פאַר אים, און געזוכט מיט די אויגן דאָס פּלאַץ, וואו ער דאַרף אונטערשרייבן. דער טשעק האָט איצט אין זיינע אויגן אויסגעזען גרוי, און קנוילן שוואַרצע פּינטעלעך האָבן זיך איבער אים געוויקלט ווי דיקע קוימען־רויכן איבער אַ דאַך. אַ לענגערע ווײַלע איז ער אַזוי געזעסן און ער האָט אַנחושימדיק געקוקט. מיטאַמאָל האָבן זיך זיינע אויגן־לעדלעך אַראָפּגעלאָזט — און ער האָט איינגעדרעמלט. אַז די

פּליס־פּען איז אַרויסגעפּאַלן פון זיין האַנט, האָט ער זיך איבערגעוועקט און גענומען זוכן אי די פּליס־פּען און אי דעם טשעק.

— קאָנ׳ך אייך העלפן געפינען וואָס איר זוכט, מיסטער רובין? — האָט איִם געפרעגט דאָס בלאָנדע, הויכע אָפיס־מיידל, גרייסי, וואָס האָט געאַרבעט אויף דער שרייבמאַשין ביים צווייטן דעסק.

רובין, זיצנדיק אין מאַנטל און אין קאַפּעליוש, האָט זיך אויסגעדרייט צו איר און גאָרנישט געזאָגט. ער האָט געקוקט אויף איר מיט צעטומלטער איבערראַשונג. וואָס טוט דאָ דאָס יונגע מיידל? — טראַכט ער. — ווער איז זי? און וואָס טוט ער דאָ? וואָסער פּלאַץ איז דאָס?

זינט ער איז דאָ אַריינגעקומען האָט דאָס זיבעצניעריקע אָפיס־מיידל געהאַט אַ געפיל, אַז ס׳איז עפּעס דער מער מיט מיסטער רובין. ער האָט געקוקט אויף איר, אָבער נישט געזען זי דייטלעך. ער האָט גערעדט וועגן אונטערשרייבן טשעקס און געפּלאָנטערט מיט דער צונג. ער האָט אַריינגעמישט ווערטער וואָס האָבן נישט געהאַט קיין שייכות נישט מיט די טשעקס און נישט מיטן אונטערשרייבן. און אַז זי האָט אים דערלאַנגט אַ פּעקל טשעקס האָט ער זיך געזעצט צום דעסק ווי ס׳דאַרף טאַקע זיין, אָבער זינט דעמאָלט איז שוין אַוועק אַ היפּשע צייט און ער האָט נאָך נישט אפילו קיין איין מאָל אָנגעשריבן זיין נאָמען. אויס דרך־ארץ צו אים האָט זי נישט געפרעגט גאָרנישט. זי האָט אָבער נישט אַראָפּגענומען קיין אויג פון אים, כאָטש זי איז געווען באַשעפטיקט ביי דער שרייבמאַשין. דאָס זעלבע, ווען ער האָט איינגעדרעמלט. געזען אָבער אַז נאָכן איבערוועקן זיך זוכט ער עפּעס, האָט זי מער נישט געקאָנט זיך צוריקהאַלטן און אים געפרעגט צי זי קאָן עס אים העלפן געפינען. אַנשטאָט ענטפערן איר, האָט ער אָבער בלויז אויסגעדרייט דעם קאָפּ און גענומען קוקן מיט אויגן פון אַ קראַנקן וואָס האָט הויכע טעמפּעראַטור.

— איר פילט זיך נישט געזונט, מיסטער רובין? — פרעגט זי אים אַ שטאַרק אומרואיקע.

— יאָ, — זאָגט ער און קערט אָפּ דעם קאָפּ פון איר. — כ׳זע נישט אויף די אויגן. אַלץ דרייט זיך... און מיין קאָפּ איז מיר זייער שווער. כ׳קאָן אים נישט טראָגן אויף מיר. ער וועגט אַ משא... כ׳זע נישט אונטערצושרייבן מיין נאָמען.

— וועט איר אונטערשרייבן אינדערפרי, מיסטער רובין, — זאָגט גרייסי מיט מיטגעפיל. — גייט אַהיים און לייגט זיך אין בעט אַריין. און מאָרגן, אַז איר׳ט זיך נישט פילן ווי אַרויסצוגיין פון הויז, וועל איך אַריבערקומען צו אייך מיט די טשעקס.

רובין האָט גאָרנישט געזאָגט און איז אויפגעשטאַנען.

גרייסי איז אויך אויפגעשטאַנען און האָט מיט באַזאָרגטקייט געקוקט אויף אים.

— זאָל׳ך אפשר אָנקלינגען אייער דאָקטער, מיסטער רובין?

רובין האָט געדרייט מיטן קאָפּ אויף ניין און זיך פאַרנומען צום אַרויסגאַנג.

## 4.

— אָט קומט ער אַרויס פון אָפיס, מיסעס האָרוויץ! — האָט ריווע, זיצנדיק ביים רעגיסטער, געזאָגט צו דבורהלען, די רביצין, און אָנגעוויזן איר מיט אַ פינגער אויף מיסטער רובין.

די רביצין — אָנגעטאָן אין אַן אָפּגעטראָגענעם ווינטער־מאַנטל, אין וואַכעדיקע הויז־שיכלעך, אין דעם קאַשטאַן־ברוינעם שייטל וואָס זי טראָגט אין וואָכנטעג — איז

געהאַט אַריינגעקומען אין „סטאָר" שטאַרק באַטריבט און אין געאייל. זי האָט זיך רעכט נישט געהאַט אַרומגעקוקט אויף די אַרומשמייענדיקע קונים, וואָס האָבן זיך צונויפ־געשטויסן איינער מיטן אַנדערן בעתן גיין אַרום און אַרום, אָדער הין און צוריק. זי איז געבליבן שטיין ביים רעגיסטער און געפרעגט ריווען מיט שרעק:

— איז מיסטער רובין אין סטאָר?

— יאָ, — האָט ריווע געענטפערט.

— קאָנ׳ך אים זען?

— געוויס, רביצין. גייט אַריין אין אָפיס.

ווי נאָר זי האָט געהאַט אַרויסגעזאָגט די ווערטער האָט זי דערזען דעם אָנקל און געלאָזט וויסן דער רביצין:

— אָט קומט ער אַרויס פון אָפיס, מיסעס האָרוויץ!

די רביצין האָט איצט מער קיין מגע־ומשא נישט געהאַט מיט ריווען און זיך געלאָזט גיין צו מיסטער רובין.

— כ׳בין געקומען אייך זאָגן, מיסטער רובין... — איז זי געבליבן שטיין עטלעכע טריט פאַר אים און האָט כאַפּנדיק, מיט געוויין אין קול, גענומען רעדן. — כ׳בין געקומען אייך זאָגן, אַז דער רב האָט חלילה נישט געמיינט פּוגע בכבוד צו זיין אין אייך... כ׳מיין, ווען ער האָט אייך נישט געענטפערט אויף אייער בקשה. חס וחלילה. ער איז, נעבעך, אַליין אויך צעטראָגן איבער הילדען...

רובין האָט נישט געוואוסט ווער זי איז. פאַר זיינע פאַרנעפּלטע אויגן האָבן זיך געזען אַ סך מענטשן אין דער קראָם — און זי איז געווען איינע פון דעם עולם. אַלע אַנדערע זענען געווען קונים — און זי איז אויך געווען איינע פון דעם אָנגעלאָף. אַלע אַנדערע האָבן זיך געדרייט, זיך געפּאָרעט, זיך פאַרפּלאָנטערט איינער מיטן צווייטן, עפּעס אַ קאַרוסעל־המון — און זי איז אויך געווען איינע פון די פּאַסאַזשירן רונדאַרום... צו זיינע אויערן איז דערגאַנגען אַ מישמאַש פון מריטשן, מענערשע און ווייבלעכע — און איר שטים איז אויך געווען איינע פון די פיל מריטשענדיקע קולות.

מיטאָמאָל איז אַלץ — די טישן מיט באַלנס סחורות, די ווערטיקאַלע געשטעלן מיט אויסגעשפּרייטע מוסטערן, און דער ים מיט מענטשן — נעלם געוואָרן אין אַ נעפּל. דאָס איינציקע וואָס האָט זיך יאָ געזען דורכן נעפּל איז געווען די קופּער־רויטקייט וואָס האָט געברענט אויף די שויבן פון די קראָם־טירן.

קעגן אָט די שויבנטירן, וואו דער זון־פאַרגאַנג האָט אין זיינע פלאַמען פאַרצערט די רעשטלעך טאָג, האָט זיך רובין געלאָזט גיין מיט זיין צעפּאָרענעם קאָפּ. אין זיין מוח האָט געשטורעמט מיט צעברויזטע כוואַליעס ווי אין פאַרשווענקטע טרייב־מאַשינען פון אַ שיף וואָס גייט אונטער אין אַ צעבושעוועטן ים, און אין זיינע אויגן איז געוואָרן אַלץ מער און מער טונקל.

די שמאָלינקע רביצין האָט זיך האַסטיק צוריקגערוקט פאַר אים. ווען זי כאַפּט זיך נישט בייצייטנס און טרעט נישט צוריק אויף אַ זייט, בעת ער איז ווי אַ בלינדער געגאַנגען גלייך אַרויף אויף איר, וואָלט ער זי געוויס אומגעוואָרפן און צעמערשטעטט. זי האָט עס אָבער געהאַלטן פאַר אַ צופאַל. זייער אָפט האָט זי אים געזען אין „סטאָר" אַ פאַרטראַכטן אין עסקים, אַזוי אַז ער האָט נישט באַמערקט קיינעם אַרום. טייל מאָל איז ער אַריינגעגאַנגען אין טישן, אין ווענט. און גאָר אָפט האָט ער אָנגעטראָטן אויף די פיס פון קונים, וואָס האָבן אים נישט באַמערקט, פּונקט אַזוי ווי ער האָט זיי נישט געזען.

— שוין עטלעכע טעג אַזוי... — איז זי אים נאָכגעגאַנגען און האָט גערעדט צו

אים וועגן רב. — זינט די טאָכטער איז אַוועק פון הויז. און צו זיין גענויער, — זאָגט זי ווייטער, — אַ שטיק צייט נאָך איידער זי איז אַוועק . . . שוין דעמאָלט האָבן זיך אָנגע־הייבן ווייזן סימנים פון צעטראָגנקייט אין זיין אויפפירן זיך.

פאַר רובינען זענען אָבער אַלע אירע רייד געווען אַ טייל פון דעם גערויש און ווירוואַר — און ער איז אַרויס פון „סטאָר".

די רביצין האָט אָבער נאָכגעפאָלגט. זי איז געגאַנגען זייט ביי זייט מיט אים אויפן טראָטואַר און האָט נישט אויפגעהערט צו פּרובירן לינדערן זיין פאַרדראָס אויפן רב:

— איז פאַרוואָס זאָלט איר זיך פילן באַליידיקט פון אים, מיסטער רובין? איר ווייסט דאָך, אַז מיין מאַן איז קיינמאָל אַזוי נישט געווען. ער איז אַ נוח לבריות. ער איז איידל צו מענטשן. נישט קיין חילוק ביי אים וואָס איינער איז. אַלע מענטשן זענען דעם רבונו־של־עולמס קינדער. איז פאַרוואָס זאָל ער זיך האַלטן גאַווהדיק? ס'איז דאָך איינס פון די גרעסטע זינד. און אוודאי וואָלט אים גאַרנישט איינגעפאַלן אויפצופירן זיך אַזוי לגבי אייך. ווען איר זאָלט אים אפילו האָבן ווי געטאָן מיט אַלע האַרבקייטן, וואָלט ער עס נישט געטאָן. אייך, דעם איינציקן מענטש וואָס האָט זיך מוסר־נפש געווען פאַר אונדז פון דער ערשטער מינוט אָן, ווען מיר האָבן באַטראָטן די היגע ערד, אייך וואָלט ער חלילה געוואָלט פאַרשאַפן עגמת־נפש? אייך, אונדזער אמתן פריינד . . . שוין אָפּגערעדט דערפון וואָס אייך און אונדז האָט געהאַלטן צונויפגעבונדן, ווי אין אַ מישפּחה, דאָס האַרציקע צונויפלעבן זיך פון אונדזערע קינדער, דאָס וואָס זיי האָבן נושא־חן געווען איינס ביים צווייטן, אויך זייער ווערן חתן־כּלה . . . אייך וועט מיין מאַן, חלילה, גורם זיין כּאַטש אַ ברעקל צער? אייך? . . . ס'איז דאָך נישתּומם צו ווערן! דעם רב קומט דאָך קיינמאָל נישט אויפן רעיון קיין בייזע מחשבה נישט אפילו וועגן אַ פרעמדן. ער איז דאָך דאָס רחמנות אַליין. מכּל־שכּן נאָך צו אייך . . . איר זענט דאָך ווי אייגן בלוט און פליש . . . קיין נענטערס קאָן דאָך גאַרנישט געמאָלט זיין . . .

רובין האָט נישט געהערט קיין איין וואָרט. פאַר אים איז איר גערייד געווען אַ טייל פון דעם אָנענדלעכן טומל און געטראַסק אין דער גאַס. ער איז נאָר געגאַנגען. און געגאַנגען איז ער דורך זייטיקע גאַסן אַהיים, וואוהין די געוואוינהייט צו גיין דעם זעלבן וועג אין משך פון פיל יאָר האָט אים געפירט ווי אַ טאַפּנדיקער שטעקן פירט אַ בלינדן.

צוגעקומען צו די טרעפּ פון זיין טענעמענט־הויז, וואו ער וואוינט, איז די רביצין אָבער געבליבן שטיין. זי האָט נישט געוואָלט נאָכפאָלגן אים, אויב ער פאַרבעט זי נישט אַריינצוגיין אין זיין דירה. אַז ער איז אַריין אין קאָרידאָר און האָט זיך אפילו נישט אומגעקוקט אויף איר, האָט זי אָבער יאָ גענומען נאָכפאָלגן. וואָס וועט זי וואַרטן איצט אויף כּבוד? דער כּעס אין מיסטער רובין איז דאָך איצט אַזוי שטאַרק, אַז ער דערלאָזט נישט ביי אים קיין יישוב־הדעת, אויך נישט קיין בכּבודיק באַנעמען זיך צו אַ מענטש, דערצו נאָך ווען דער מענטש איז אַ נוגע בדבר.

ווי נאָר זי איז אַריין אין קאָרידאָר און האָט גענומען אים נאָכפאָלגן, האָט זי אָבער דערזען, אַז אפילו איר דערנידעריקן זיך, און נאָכגיין אַ נישט־פאַרבעטענע, האָט אים נישט מילדער געמאַכט. מיסטער רובין האָט געעפנט די טיר פון זיין אַפּאַרטמענט און זיך ווידער נישט אויסגעדרייט צו איר, כאָטש ער האָט, אָן ספק, גאַנץ וואויל געוואוסט, אַז זי פאָלגט אים נאָך און אַז זי איז אָפּגערוקט פון אים בלויז אַ פופצן טריט. און נישט בלויז דאָס. אַז ר'איז שוין געווען אויף יענער זייט שוועל, האָט ער נאָך אַ לאָז אָפּ געטאָן די טיר מיט אַזאַ האַסט און רציחה, אַזוי, אַז אויב זי, די רביצין, האָט געהאַט בדעה אַריינצוכאַפּן זיך גיך דורך דער עפענונג זאָל זי צעשמעטערט ווערן פון דעם אימפּעטיקן

קלאַפּ, מיט וועלכן די טיר האָט זיך פאַרהאַקט.

— מיסטער רובין! — האָט זי אין צעטומלעניש געגומען שרייען, ווען די טיר האָט זיך פאַרהאַקט פאַר אירע אויגן. — מיסטער רובין! כ׳האָב נאָך נישט פאַרענדיגט רעדן צו אייך... כ׳וויל זיך נאָך ז׳ורכרעדן מיט אייך... מיסטער רובין!!

די פאַרהאַקטע טיר האָט אָבער אָפּגעשטעלט ביי דער רביצין נישט בלויז איר געשריי און בקשה. זי האָט אויך אויסגעלאָשן ביי איר דעם גלויבן צו קאָנען, מיט השם־יתברכס הילף, צוריקברענגען מיסטער רובין צום רב. די רביצין איז געשטאַנען מיט אַן אָפּן מויל, מיט אַ פאַרגליווערטער שטוינונג אין אירע אַרויסגעזעצטע, סאַמעט־שוואַרצע אויגן, און דער גוף אירער איז געווען אַזוי פאַרשטייפט, אַז קיין סימן פון אַ רירעוודיקן גליד איז ביי אים נישט געווען קענטיק.

# קאַפּיטל צוועלף

## דער קאָמוניסטישער טעאָרעטיקער

### .1

נישט אין אירע מיידלשע יאָרן און נישט זינט זי איז געוואָרן דאָס ווייב פון רב ר׳ אליהו האָט די רביצין האָרוויץ געקראָגן אַזאַ וויסטן קבלת פנים ווי דעם, מיט וועלכן מיסטער רובין האָט זי פריער מכבד געווען. דאָס איז געווען אַזאַ מין ברוך־הבא, וואָס דער מחותן האָט דורך אים, אָן צוריקהאַלט, זייער שאַרף און בולט, מיט אַלע זיינע רמ״ח־אברים געזאָגט, אויבוואויל אָן ווערטער, „פאַרנעמט זיך איינס־צוויי פון מיינע אויגן, איר מיאוס קריך־באַשעפעניש, וואָרן אַנישט וועל׳ך אייך אַ כאַפּ טאָן ביי אַלע פיר, דערלאַנגען אַ זעץ אין די ציינער און דערצו נאָך אייך אַוועקהאָגלען פון מיר מיט אַזאַ זאַווי פון נבול־פה, אַז איר׳ט האָבן וואָס מקנא־צו־זיין אַ משוגענעם הונט וואָס מ׳כאַפּט און מ׳יאָגט אים אַריין אַ קויל אין קאָפּ״.

און נישט נאָר איז דאָס געווען פאַר איר אַן אומגעוויינלעכע בושה. ס׳האָט זי אויך אַזוי שפּלדיק געמאַכט, אַז זי האָט אפילו נישט געקאָנט טראַכטן קלאָר. אַז זי האָט זיך אַרויסגעשאַרט פון קאָרידאָר, וואו דער שול־פּרעזידענט האָט פאַרהאַקט פאַר איר די טיר פון זיין אַפּאַרטמענט, איז זי געבליבן שטיין אין גאַס און האָט נישט געוואוסט וואָס מיט זיך צו טאָן. זי האָט אפילו גאָרנישט געזען פאַר אירע אויגן. אירע ליפּן זענען געווען אויסגעקרימט, און די הענט, מיט צונויפגעשלאָסענע פינגער, זענען געלעגן אויף די פאַדערשטע מאַנטל־קנעפּ צווישן די צוויי היפּטן־קעשענעס. ערשט ווען פאַרבייגייענדיקע מענטשן האָבן זיך אָפּגעשטעלט, געקוקט אויף איר און געפרעגט צי זיי קאָנען איר מיט עפּעס העלפן, האָט זי זיך גערירט און גענומען גיין.

וואוהין? צוערשט האָט זי נישט געוואוסט. אָפּגעגאַנגען אַ בלאָק, צוויי בלאָקן, האָבן אָבער אירע פיס, פשוט פון געוואוינהייט, זי געפירט צו איר היים.

אין דער היים — האָט זיך ביי איר אין קאָפּ געטראַכט — וועט זי זיך אָוועקזעצן און זיך גוט אויסוויינען אויף דעם, צו וואָס די טאָכטער האָט מיט איר היתנהגות אַלץ דערפירט. אָבער ווי נאָר זי האָט דערנענטערט צום הויז האָט זי זיך האַסטיק צוריק

אויסגעדרייט און גענומען גיין מיט אַ צווייטער גאַס וואָס פירט ערגעץ אַנדערש — צום פלאַץ, וואו ס׳געפינט זיך די טאָכטער.

אַ טאָג נאָך איר אַוועקגיין פון הויז האָט הילדע טעלעפאָנירט און געלאָזט וויסן, אַז זי איז נישט אַוועק אויף אַפּצופרעמדן זיך פון טאַטע־מאַמע. זי וויל בלויז האָבן אַ דעה איבער איר אייגן לעבן, אַזוי ווי זי זעט פאַר פּאַסיק. און אויב זיי, טאַטע־מאַמע, וועלן קריגן איינזעעניש מיט איר, דעמאָלט וועט זי זיך צוריקקערן. דערביי האָט זי אָנגעגעבן דעם אַדרעס פון איר וואוין־אָרט. אויב די עלטערן וועלן בייטן זייער דעה, זאָלן זיי וויסן וואוהין צו ווענדן זיך מיט זייער בשורה. דערווייל האָט נישט דער פאָטער און נישט זי, די מוטער, חרטה געקראָגן אויף זייער טענה צו איר פאַר איר קרומען דרך. און עס פעלט איר גאָרנישט איין, אויך נישט דעם מאָן אירן, צו האָבן דעם מינדסטן ספק אין זייער פּאַריבל. אָבער איצט מוז זי, די מוטער, סייווי גיין צו דער טאָכטער און האָבן מיט איר אַ דרינגענדיקן און אַפּענעם שמועס. זי טאָר קיין איין מינוט נישט וואַרטן. און דאָס, נאָך איידער דער רב קומט אַהיים פון מנחה־מעריב אין שול. זי איז אַראָפּ אין דער סאַבוויי־סטאַנציע, וואָס איז נישט ווייט פון איר היים, און האָט איינגעשטיגן אין אַ וואַגאָן פון אַן אַנגעקומענער באַן וואָס פאָרט אַפּטאַון.

.2

אין וואַגאָן איז געווען אַ שטאַרק געדרענג פון פּאַסאַזשירן וואָס זענען געפאָרן אַהיים פון דער אַרבעט. דאָס האָט אָבער נישט געאַרט די רביצין. נו, מילא, האָט זי נישט וואו צו זיצן. זי האָט ליבערשט געוואָלט זיך קוועלן און נישט אַרויסזען זיך מיט איר פאַר־קלאָגט פּנים, איידער זיצן באַקוועם און יעדער זאָל זי קאָנען באַמערקן.

געווען איז עס דאָס ערשטע מאָל וואָס זי איז געפאָרן אַהין צו יענעם וואוין־אָרט, וואו איר הילדע האַלט זיך אויף זינט שבת־צונאַכטס. דאָס דאָזיקע פלאַץ איז געווען די היים פון איר בכור, דעם בן־יחיד, וואָס איז איינער פון די אייבערשטע פירערס פון דער קאָמוניס־טישער פּאַרטיי אין אַמעריקע און אויך איינער פון די הויפּטשרייבערס אין די צייטונגען און זשורנאַלן וואָס די דאָזיגע מחנה גיט אַרויס אויף ענגליש אין לאַנד.

צוליב וואָס איר זון איז צוגעשטאַנען צו אָט דער דאָזיקער פּאַרטיי, וואָס באַשטייט פון אַפּיקורסים און אַלערליי נישט־צופרידענע מענטשן, און וואָס פּלאַנירט בסוד אַז אין אַ שעת־הכושר זאָל זי אויפשטעלן איר אייגענע רעגירונג אין וואַשינגטאָן, דאָס איז גאָרנישט צו באַנעמען מיטן שכל. אַ מאַלצייט האָט אים נישט געפעלט, אַ מלבוש אויך נישט. און אַז ס׳רעדט זיך וועגן גוטסקייט צו אַ קינד, קאָן נישט געמאָלט זיין קיין גרעסערע ליבשאַפט ווי די וואָס זיינע טאַטע־מאַמע האָבן אַרויסגעוויזן צו אים. מ׳איז געווען אויסערגעווייגלעך צוגעזאָטן צו אים. איז וואָס, אויב אַזוי, האָט אים געטריבן צו יענער חברה?

אמת, נאָך אין זיינע יונגע יאָרן האָט מען געזען אין אים עפּעס אַזוינס וואָס צוליב דעם זאָגט מען אויף איינעם אַז ר׳איז אַן איפּכא־מסתבראַניק, ס׳הייסט, אַ פּאַרשוין וואָס טראָגט זיך אַרום מיט קאַפּוירדיקע מחשבות וועגן אַלעם. שוין דעמאָלט האָט אים געצויגן צו פרעגן קשיות אויף אַלץ. ער האָט געהאַט ספקות וועגן יעדן דין, וועגן יעדן מינהג, און וועגן דעם גאַנצן פירערכץ אַרום, נישט נאָר ביי יידן, נאָר אויך ביי גויים. און אויך אין דער מלוכה. ער איז קיינמאָל נישט געווען צופרידן מיט די ענטפערס וואָס מ׳האָט אים געגעבן. האָט די תשובה געמעגט זיין לויט די טיפסטע רעיונות וואָס גרויסע למדנים האָבן אַרויס־

געזאָגט. ער האָט אַלץ אַוועקגעמאַכט מיט דעם האַנט: „שטות, בטלנות, האַר־שפּאַלטעריי...״

פון וואַנען האָט זיך גענומען צו אים אַזאַ חוצפּה, אַזאַ מידת־הדין און אַזאַ עקשנות אויף אָפּצולייקענען אַלץ? ס'איז געווען שווער צו ענטפערן דערויף מיט יאָרן צוריק, און ס'איז אויך נישט גרינג היינט. איינס איז אָבער שוין געווען קלאָר נאָך אין יענע צייטן, און דאָס איז, אַז ער וועט זיך נישט האַלטן ביים הויז. ער וועט נישט זיין צוגעבונדן צו די עלטערן, ער וועט אַוועק אויף אַ וועג וואָס וועט ברענגען די טאַטע־מאַמע חרפּות און בושות.

דער אָנזאָג אויף דעם אַלעם האָט זיך אין אָנהויב גענומען אַרויסווייזן אין דעם וואָס ער האָט זיך גענומען באַקלאָגן אויף זיינע מלבושים. אָט איז אים נישט געפעלן געווען דער מאַנטל וואָס ער האָט געטראָגן, נישט דאָס רעקל, די הויזן, דאָס העמד. און אָט האָט ער גענומען טריצן מיט די מאָלצייטן, ס'געפעלן אים נישט די געריכטן וואָס זי, די מוטער, גרייט־צו. די זופּ האָט נישט קיין טעם, ס'פליייש איז ווי ליים, ס'געבעקס בלייבט אים ליגן אין מויל ווי קיט, און די קעל פאַרמאַכט זיך, וויל עס נישט דורכלאָזן, ס'איז נישט זיס, נישט זויער און נישט ביטער. „וואָס פאַר אַ הויז איז דאָס?״ — האָט ער זיך אָפּט געשריען, „מ'קאָן דאָך דאָ פון גאָרנישט קיין הנאה האָבן!״

שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז אים ציט צו רייכקייט, צו אַ ברייט לעבן. און אַז ער האָט דאָס נישט געקאָנט קריגן אין דער היים, איז ער געפאַלן אויף אַ געדאַנק, ער וועט אַרבעטן אין די שעהן ווען ר'איז פריי פון דער ישיבה. און אַזוי איז טאַקע געווען. אָט האָט ער געאַרבעט ביי אַ בוטשער, אָט אין אַ דעליקאַטעסן־סטאָר, און אָט אין אַ דראַג־סטאָר. „ווי שעמסטו זיך נישט צו טאָן אַזאַ זאַך?״ — האָט מען אים יעדעס מאָל געפרעגט, ווען ר'איז געקומען אַהיים פון דער אַרבעט. — „ווי קאָנסטו מבייש זיין דעם טאַטן, די מאַמע? ד'טראַכסט גאָרנישט אַז פאַר דיר אַליין איז עס נישט קיין כבוד? אין עטלעכע יאָר אַרום וועסטו דאָך קריגן סמיכה אויף רבנות און דאַרפן אָנקומען צו בעלי־בתים וועגן אַ שטעלע אין אַ שול!״ ס'האָט אָבער נישט געהאָלפן. ער האָט צונויפגעלייגט די פאַרדינסטן, געקויפט זיך שיינע העמדער, פראַנטישע קאַפּעליושלעך, אָנצוגלעך פון די נייסטע פאַסאָנען, און שיך פאַר אַלערליי געלעגנהייטן.

אין זיינע קאָלעדזש־יאָרן האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן נאָך עפּעס. אים האָט געצויגן נישט בלויז צו אַ רחבותדיק לעבן. אים האָט געצויגן אויך צו יונגעלייט וואָס זענען ווייט פון פרומקייט. ער האָט זיך אָנגעהויבן חברן מיט אַפּיקורסישע סטודענטן. ער איז אַרום־געגאַנגען מיט זיי ביז שפּעט אין די אָוונטן. ער האָט געגעסן אין רעסטאָראַנען, וואו ס'איז נישט געווען קיין שפּור פון כשרות. ער איז געגאַנגען אין טעאַטערס, צו מואוויס, אין הייזער פון וואָדעוויל, פון בורלעסק — אַלץ אַזוינע פּלעצער, וואוהין אַ פרום־אָפּגעהיי־טענער יידישער בחור וועט קיינמאָל נישט אַריינשמעקן. ער איז אָפּגעלעגן אין טאַנצזאַלן, געקומען אַהיים פאַרטאָג. נישט זי, די מוטער, און נישט דער פאָטער האָט געקאָנט שלאָפן פון באַזאָרגטקייט. זיי האָבן נאָר געטראַכט וואָס צו טאָן, וויאַזוי צוריקברענגען אים אויפן גלייכן וועג. זיי האָבן אָבער נישט דערוואַרט אַז עפּעס ערגערס קומט אָן. פּלוצעם איז ער אַוועק פון דער ישיבה, אָפּגעזאָגט זיך פון קריגן סמיכה און איז וואָס וויי־ניקער געגאַנגען מיטן פאָטער אין שול אַריין צום דאַוונען.

אין הויז האָט זיך גענומען וועבן אַ פרעמדקייט צווישן רב און זיין בן־יחיד. און פון דער פרעמדקייט צו מחלוקתן איז געווען בלויז איין טריט. כמעט יעדן טאָג האָבן זיך געהערט געשרייען. דער פאָטער האָט געקלאַפּט אין טיש מיט זיין פויסט, געוואָרנט מיט

אַלערליי שטראָפן. אָבער דער זון איז נישט געווען אָפּגעשראָקן. ער האָט צוריקגעשריען, אפילו באַליידיקט דעם פאָטער מיט דערדריקנדיקע רייד. „ווער דאַרף דיך אין דער היינטיקער וועלט ?״ — האָט ער געגוואַלדעוועט און מבטל געווען דעם פאָטער אַן צוריק־האַלט און בושה. — „וועגן וואָס האַלטסטו דרשות אין די שבתים און ימים־טובים ? וואו נעמסטו די חוצפה און דעם מוט אָוועקצושטעלן זיך פאַר אַן עולם און רעדן אין אַזאַ געמיט ווי ד׳וואָלסט געהאַט דעם אמת ביי זיך אין קעשענע ? וואָסערע באַווייזן קאָנסטו צושטעלן, אַז גאָט און מלאכים האָבן טאַקע גערעדט צו אברהם ? און מיט וואָס קאָנסטו באַווייזן, אַז משה און די נביאים זענען געשיקט געוואָרן מיט שליחותן פון גאָט ? וואָסער יסוד האָסטו פאַר דיין גלויבן, אַז ס׳איז דאָ אַזאַ זאַך ווי עולם־הבא אַלס געטלעכער שכר פאַרן ערלעכן מענטש, און גיהנום ווי אַ הימלישער עונש פאַרן אויסוואורף ? מיט וואָס ביסטו אַזוי זיכער, אַז גאָט, וואָס נייטיקט זיך אין גאָרנישט, האָט געוואָלט האָבן עמעצנס באַוואונדערונג און דערפאַר זיך באַשאַפן דעם מענטש צו זען דעם באַשעפערס שטערן, גראָזן און אַלע אַנדערע זאַכן ? . . . אויב גאָט דאַרף גאָרנישט האָבן, איז פאַרוואָס אַרט אים, ווערדליק דיין השגה, אַז אַ מענטש פאַלט נישט אַראָפּ ביי זיך, כאָטש ער זעט די וואונדער אין אַנענדלעכן רוים ? קאָנסטו מיר זאָגן צו וואָס, למשל, ער דאַרף האָבן דאָס לויבן און גרויסן אים פון אַזאַ מענטש ווי דו ? ווער ביסטו וואָס ער דאַרף זיך איבער־נעמען פון דיין היתפעלות ? . . .״ אַזוי לאַנג און ברייט, ביז איינמאָל אין אַן אָוונט איז ער, דער זון, אַריינגעפאַלן אין הויז מיט אימפּעט, האָט זיך איינגעפּאַקט זיינע זאַכן אין צוויי וואַליזעס און פאַרלאָזט די היים אַן אַ וואָרט.

אַ שטיק צייט שפּעטער האָט מען דערטראָגן דעם הויז, אַז איידער דער זון האָט נאָך פאַרענדיקט קאָלעדזש האָט ער זיך געשאַפן אַ שטעלע אין אַ באַנק. און דאָרטן איז ער געשטיגן פון אַ קלערק ביי אַ פענסטערל, וואו מ׳נעמט אַריין און מ׳גיט אַרויס געלט און טשעקס, ביז אויף אַ געהילף־מענעדזשער.

ס׳האָט אָבער נישט געדויערט לאַנג ווי ער איז געבליבן אַן אַ שטעלע. געווען איז דאָס דעמאָלט ווען אין לאַנד האָט געגרוילט אַ שטאַרקער עקאָנאָמישער קריזיס. ביזנעס־לייט האָבן נישט געקראָגן קיין באַשטעלונגען. אַרבעטאָרערס האָבן זיך אַרומגעדרייט ליידיק. הייזער־אייגנטימערס האָבן געמוזט אַרויס פון זייערע היימען, ווייל זיי האָבן נישט געקאָנט צאָלן די ראַטעס אויף זייערע „מאָרגעדזשעס״. וועטעראַנען פון דער ערש־טער וועלט־מלחמה האָבן נישט געקראָגן זייערע באָנוסעס, וואָס די רעגירונג האָט געהאַט צוגעזאָגט צו געבן. און באַנקן האָבן באַנקראָטירט און זיך געשלאָסן.

אויך האָט זיך דעמאָלט פאַרמאַכט די באַנק, וואו איר זון איז געווען געהילף־מענעדזשער, און זי האָט זיך שוין מער נישט צוריק געעפנט.

איז וואָס האָט ער נאָכדעם געטאָן, איר בן־יחיד ? פון וואָס האָט ער זיך מפרנס געווען ? אַ לאַנגע צייט האָט מען נישט געוואוסט. שפּעטער האָבן אָבער מענטשן דער־טראָגן, אַז זיי האָבן אים געזען אין קאַפעטעריעס, וואו ס׳איז אַן אָפּלאַג פון קאָמוניסטן. אויך אַז זיי האָבן אים געזען אויף קאָמוניסטישע דעמאָנסטראַציעס. אויך אַז זיי האָבן אים געהערט רעדן ביי אַ קאָמוניסטישן פּאַראַד פון ערשטן מיי. אויך אַז זיי האָבן געליינט זיינס אַן אַרטיקל אין אַ קאָמוניסטישער צייטונג, און זיינס אַן אַנדערן מאמר אין אַ קאָמוניסטישן זשורנאַל. דערנאָך, אין לויף פון יאָרן, איז ער געוואָרן אַזוי באַוואוסט אין לאַנד, אַז ס׳האָבן וועגן אים געשריבן נישט נאָר די קאָמוניסטישע בלעטער. דאָס האָט זיך דאָך געלייגט אויפן שכל. ס׳האָבן אָבער וועגן אים געשריבן אויך די אַנדערע צייטונגען, יענע וואָס זענען אויסגעשפּראָכן קעגן די קאָמוניסטן. ס׳איז דאָרטן ציטירט

געוואָרן וואָס ער האָט געזאָגט אין זיינע אַרטיקלען, וואָס ער האָט גערעדט ביי דעמאָנ־סטראַציעס קעגן געוויסע קאָנגרעסלייט און סענאַטאָרן, און אויך קעגן דער אויסלענ־דישער פּאָליטיק פון דער רעגירונג.

היינט־צו־טאָג, אַז געוויסע מענטשן נעמען אַ קאָמוניסטישע צייטונג אין האַנט אַריין, אויס טשיקאַוואָסט, וואַרפן זיך דאָרטן באַלד אין זייערע אויגן גרויסע מעלדונגען וועגן „לעקטשור״־טורס וואָס איר זון מאַכט אין דער לענג און ברייט פון לאַנד. אויך אָנאָנסן וועגן ביכער וואָס ער האָט געשריבן וועגן עפּעס אַ גסיסה־צושטאַנד פון קאַ־פּיטאַליזם און וועגן דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי וואָס וועט בויען אַ נייע אָרדענונג, אָן וואָל־סטריט, אָן דער מיליטערישער קאָמאַנדע אין פּענטאַגאָן, אָן באַלעבאַטים פון פאַבריקן און בענק, און אָן לאַנגע אַרבעט־שעהן. יענע מענטשן וואָס כאַפּן אַמאָל אַ קוק אין די קאָמוניסטישע צייטונגען, און וואָס גיבן איר איבער וועגן דעם גרויסן נאָמען וואָס איר זון האָט זיך געמאַכט ביי זיינע מענטשן, האָבן אויך אַ סך ידיעות וועגן זיין מאַטעריעלער הצלחה. „ער איז ווייט פון אַ מיליאָנער״, זאָגן זיי, „אָבער אַן אָרעמאַן איז ער אויך נישט. און דאָס וואָס ר׳האָט זיך דערוואָרבן האָט ער קיינעם נישט צו פאַרדאַנקען, נאָר זיך אַליין. ער איז זייער אַ פּעאיקער. ער אַרבעט זייער שווער. און די חסידים פון זיינע חלומות האָבן אים שטאַרק ליב. זיי פּראַפּן אָן די זאַלן, וואו ער האַלט לעקציעס, און זיי צעכאַפּן זיינע ביכער, עלעהיי זיי וואָלטן געווען רפואות פאַר אַלערליי קראַנקייטן, אָדער, להבדיל, הייליקע ספרימלעך קעגן שרעק און געפאַרן.״

נו, מילא, ווער קאָן וויסן דעם איבערשטנס וועגן? כאָטש דעם זונס אויפפירן זיך איז אָפּשיילעך, דאָך קאָן מען אין אמתן נישט אָפּלייקענען, אַז עפּעס גוטס איז פאַראַן דאָ אין זיין טאָן. דאָס וואָס ער טוט, למשל, פאַר דערשלאָגענע אַרבעטאָרערישע לייט איז דאָך, אָן ספק, אַ שיינע מידה. און דאָס וואָס ער וועקט ביי מענטשן בטחון אויף אַ בעסערן מאָרגן איז דאָך אויך אַ הויכע מדרגה. אָבער קאָן מען נישט טאָן דאָס־אַ־אַלץ און אין דער זעלבער צייט זיין צוגעבונדן צו יידישקייט? ער איז אָבער אַ ביטערער שונא קעגן אַזאַ שותפות.

און נישט נאָר דאָס. אפילו אין צוקלייבן זיך אַ מיידל פאַר אַ פרוי האָט ער געבראַכט חרפּה אויף די קעפּ פון זיינע טאַטע־מאַמע.

ביז ער איז געגאַנגען וואוינען מיט איר איז זי געווען אַ מאָדעל־מיידל אין שעפּער פון פרויען־קליידער, אין שעפּער פון מינק־מאַנטלען, אין סטודיאָס ביי מאָלערס. ס׳זענען געווען ציטן ווען זי איז אויך געווען אַ זינגערין אויף ראַדיאָ, אויך איינע פון אַ גרופּע גויאישע אַקטיאָרן און אַקטריסעס וואָס זענען אַרומגעפאָרן איבערן לאַנד. ס׳זענען אויך דאָ זיכערע ידיעות, אַז עטלעכע מאָל איז זי געווען מעוברת און האָט געלאָזט מאַכן אויף זיך אָפּעראַציעס אָפּצוטרייבן דאָס וואָס די זינדיקע זוימען פון מענער האָבן געשאַפן אין איר פאַרשייטן טראַכט.

און וואָס אָנבאַלאַנגט איר פאָטער איז ער — זאָגן די דאָזיקע זיכערע ידיעות — אפילו קיין ייד נישט געווען. ער האָט געוואוינט מיט איר מוטער אָן אַ רעליגיעזער צערעמאָניע. ער האָט זיך בלויז פאַרשריבן מיט איר ביים באַאַמטן פון „מערידזש־לייסנס״ אין סיטי־האָל. אָבער אין עטלעכע יאָר שפּעטער האָט ער זי איבערגעלאָזט מיט אַ קינד, און ביז היינט־צו־טאָג ווייסט מען נישט וואו זיין געביין געפינט זיך.

אָט פון די דאָזיקע טאַטע־מאַמע האָט זיך איר בן־יחיד גענומען זייער פּראָדוקט פאַר אַ ווייב און איינגעריכט מיט דער פאַרשוינטע אַ היים לויטן גוסט פון אַזאַ „רבי״ ווי ער איז. שבת איז ביי אים קיין שבת נישט, יום־טוב קיין יום טוב נישט. אפילו די

קינדער, וואָס זיין טרייפענע פרוי האָט אים געבוירן, קריגן נישט קיין יידישע דערציאונג. בקיצור, ער האָט איבערגעהאַקט הינטער זיך די קייט פון יחוס, פון דורות יידישקייט, און געגומען פירן אַזאַ מין לעבן וואָס . . . נו, הלוואי וואָלט זי מפיל געווען מיט אים, אַנשטאָט צו ברענגען אים אויף דער וועלט.

צו אָט דעם דאָזיקן זון מוז זי איצט פאָרן. ס'איז איר ווי און ווינד וואָס זי דאַרף באַטרעטן זיין שוועל, דערצו אָן דעם רבס וויסן. וואָרעם ווען דער מאַן אירער וואָלט געוואוסט דערפון, וואָלט זי נישט געקאָנט מאַכן אָט די נסיעה. ווען זי וואָלט אפילו געוויינט און געקלאָגט פאַר אים, געבעטן רחמים, וואָלט זי גאָרנישט געפועלט. אַלץ וואָס זי וואָלט געקאָנט טאָן איז זיצן אין שטוב אַ פאַרקלעמטע. אָבער כאָטש ס'איז איר נישט ניחא צו טאָן וואָס זי טוט איצט, הינטער דעם מאַנס רוקן, דאָך פילט זי אַז זי מוז עס דורכפירן. ס'איז טאַקע נישט גלייך אַזוי זיך אויפצופירן צו אַ מאַן, אָבער נאָר השם־יתברך ווייסט, אַז זי טוט עס נישט גערן, און אוודאי נישט מיט דער כוונה אָפּצונאַרן אים.

פּאַסאַזשירן אַרום איר, אין וואַגאָן, האָבן באַמערקט ווי זי האַלט אַ טיכעלע ביי די אויגן און ווישט זיך די טרערן. קיינער האָט אָבער נישט געפרעגט פאַרוואָס. זיי האָבן בלויז זייטיק זי אָבסערווירט.

3.

געוואוינט האָט איר זון אין דעם שטרענג־זויבערן און געמיטלעך־שטילן געגנט, קעגנאיבער סענטראַל־פּאַרק — אַ געגנט מיט גיגאַנטישע אַפּאַרטמענט־געביידעס, וואו אין פּאַלאַציסע היימען, טיילוויז לויטן ענגליש־קאָלאָניאַלן סטיל, זענען געווען איינגעאָרדנט רייכע פאַמיליעס פון אַלט־אַמעריקאַנישן יחוס, אויך יונג־אויפגעקומענע מיליאָנערן וואָס זענען געווען באַלעבאַטים פון פאַרשידענע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, און אויך באַרימטע דאָקטוירים־ספּעציאַליסטן, וואָס טייל פון זיי האָבן זיך נישט לאַנג צוריק אַרויסגעראַטעוועט פון נאַצי־דייטשלאַנד.

אַרויסגעקומען פון דער טיפער סאָבוויי־סטאַנציע, וואָס אין די זעכציקער גאַסן, האָט די רביצין האַרוויץ גלייך געגומען זוכן דעם נומער פון הויז, וואו איר זון האָט זיין דירה.

אָפּגעשטעלט האָט זי זיך פאַר אַ הויכער, גרוי־געטינקטער געביידע וואָס האָט אין איר אַרויסגערופן ספק צי זי האָט דעם ריכטיקן אַדרעס. דער בלוי־ברעזענטענער, פאַראַדנער באַלדאַכין, וואָס האָט זיך געהאַלטן אויף פיר ניקלנע שטאַנגען, צווי ביים טראָטואַר־ברעג, און צווי ביים אַריינגאַנג פון דער געביידע, האָט אַריינגעיאָגט אַ פראָסט אין אירע ביינער. אויך אַזוי דאָס הויכע, קיניגלעכע געשטאַלט פון דעם גרייזגרויען באַדינער אין דעם גענעראַלסקן, גרינעם אוניפאָרם ביי דער אָפענער טיר, וואָס איז געווען אַרומגעזוימט מיט שימערירנדיקן קופּער. דאָסגלייכן די באַלאָן־לאָמפּן — גרינע, געלע, בלויע און רויטע — אין פאָיער, וואָס איז געווען גרויס ווי אַ טאַנצזאַל און אויסגעשטאַט פאַרבלענדנדיק. דער דיל — מיט דיקע טעפּעכער, די ווענט — מיט גרויסע געשליפענע שפּיגלען און מיט גאָלד־גערעמטע געמעלן.

כאָטש מענטשן האָבן איר געהאַט געזאָגט, אַז דער זון וואוינט אין אַ לוקסוריעזן אַפּאַרטמענט, דאָך האָט זיך איצט נישט געוואָלט גלייבן אירע אייגענע אויגן. אין אַזאַ געמאַך וואוינט ער? . . . אַ חשק האָט איר אָנגענומען — גלייך זיך צוריקציען, זיך צוריקקערן אַהיים, און שאַ־שטיל, גאָרנישט דערמאָנען פאַרן רב, אפילו נישט מיט אַ

וואָרט, וועגן איר געהיימער נסיעה צום זון. אָבער ווי אין טויט־אַנגסט פֿאַר אַ רוצח וואָס וואָלט זיך פֿאַרלייגט אויף אויסלעשן בײַ איר דאָס לעבן, אַזוי איז זי באַהערשט געוואָרן פֿון שרעק פֿאַרן אומזיניקן באַגער וואָס איז אָנגעשטאַנען אין איר האַרץ. זי האָט זיך געשטאַרקט קעגן איר אַראָפּפֿאַל פֿאַרן גרויסאַרטיקן הויז און זיך גלייך דערנענטערט צום אָפֿענעם אַרײַנגאַנג.

— מעג איך וויסן, ליידי, צו וועמען איר גייט? — האָט דער הויכער, גרייזגרויער באַדינער אין גענעראַלסקן אוניפֿאָרם זיך אַראָפּגעבויגן צו איר און געפֿרעגט מיט אַ שטיל, איידל קול.

— צו מײַן זון, — זאָגט זי.

— מעג איך וויסן דעם נאָמען פֿון אײַער זון, ליידי?

— שיעלע האָרוויץ, — זאָגט זי.

— ווער? — פֿרעגט ער און אַנטשולדיקט זיך פֿאַר מכלומרשט נישט דערהערן דעם נאָמען.

— עקסקיוז מי . . . — זאָגט זי, ווערט רויט אין פּנים און נעמט שטאַמלען. — כ׳מיין דזשעסי האָרוויס . . .

— אָ, דהי פֿיימאָס מיסטער האָרוויס! — האָט דער קיניגלעך אויסקוקנדיקער „דאָר־מען״ זיך אויסגעגלייכט ווי אַ מיליטערמאַן וואָס גרייט זיך סאַלוטירן אַ העכערן ראַנג. ער האָט געקוקט מיט רעספּעקט אויף דער מוטער פֿון דעם באַרימטן מאַן אין אַמעריקע און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. — שוין, ליידי האָרווים. כ׳לאָז גלייך וויסן אײַער זון, אַז זײַן מוטער איז געקומען אים זען.

ער איז אַרײַן אין אַ גרין־באַלייכטן, זײַטיקן צימערל, נישט ווײַט פֿון דער טיר, האָט אַראָפּגענומען פֿון וואַנט דאָס טרײַבל פֿון דעם אינטערקאָמוניקאַציע־טעלעפֿאָן און נאָך עטלעכע ווײַלעס רעדן צוריק עס אונטערגעהאַנגען.

— פּליז . . . קומט צום עלעוויײטער, ליידי . . . — זאָגט ער מיט גרויס דרך־ארץ צו מיסעס האָרוויץ און ער לאָזט זיך פֿאָרויס צו פֿירן זי צום עלעוויײטער.

אויפֿן פֿערטן שטאָק האָט דער עלעוויײטער־מאַן, אויך אין אוניפֿאָרמירטער, זי צוגעפֿירט צו מיסטער האָרוויס׳ אַפּאַרטמענט און אַ דריק געטאָן אויפֿן עלעקטרישן טיר־קנעפּל.

.4

געפֿנט די טיר האָט אַ שטענגל־דין נעגעריש מיידל.

— זענט איר די מוטער פֿון מיסטער האָרוויס? פֿרעגט זי בעתן האַלטן די טיר אָפֿן.

— יאָ, — שאָקלט די רביצין מיטן קאָפּ.

— קומט אַרײַן, מיסעס האָרוויס, — האָט דאָס נעגערישע הויזמיידל אָנגעוויזן דער רביצין מיט איר האַנט אויפֿן אַפּאַרטמענט און גלײַכצײַטיק זיך אָפּגערוקט פֿון דער טיר. — פּליז . . .

עטלעכע שפּאַן פֿון נעגערישן הויזמיידל איז געשטאַנען אַ הויכער, ווערבע־דינער מאַן פֿון קרוב צו פֿערציק. זײַן קאָפּ שאַטינענע האָר — צעשויבערט. זײַן אַנגלאָ־זאַקסישע, גלייך געווירעטע נאָז — מיט שוואַרצגערעמלטע ברילן, און אין ווינקל פֿון זײַנע דינע ליפּן, וואָס האָבן אַלעמאָל געהאַט אַן אויסדרוק פֿון אומעט, האָט זיך געניײגט אַרויף און אַראָפּ אַ ציגאַרעטל, פֿון וואַנען ס׳האָט זיך אַרויסגעדרייוולט אַ צוגעדושעט רויכל. אַנ־

געטאָן איז ער געווען אין אַ בלוי־געקעסטלטן העמד. דער קאָלנער — צעקנעפּלט, אָן אַ קראַוואַט. און די גרויע טוויד־הויזן, וואָס ר׳האָט געטראָגן מיט אַ שוואַרצן פּאַסעק, זענען געווען צעקנייטשט ווי ביי אַ האָרעפּאַשניק וואָס פּראַצעוועט לאַנגע שעהן ביי אַ שווערער אַרבעט.

לויט זיין שמאָלן, בלייכן פּנים האָט ער אויסגעזען ייִנגער פון זיינע יאָרן. אָבער דער קאַלטער, דורכבויערנדיקער בליק פון זיינע שטאָל־גרויע אויגן און די טיפע קנייטשן אויף זיין שטערן — אַ שטערן פון אַ וויסנשאַפטסמאַן, אָדער אַ דענקער — האָבן אים געגעבן דעם אויסזען פון אַ פיל־געליטענעם, פרי אַלט־געוואָרענעם מאַן. געשטאַנען איז ער אין אַ פּאָזע פון איינעם וואָס וואַרט אין אַ רייזע־סטאַנציע אויף אַ באַנטן וואָס דאַרף אָנקומען פון אַ ווייטער נסיעה. ער האָט געהאַלטן די הענט פאַרלייגט אויף הינטן, פּאַמעלעכינקע, מיט באַטראַכטקייט געפּופט אויפן ציגאַרעטל, און בעת דעם איז ער געווען אַזוי רואיק ווי ער וואָלט נישט געווען איבערראַשט פון אַ נאַר־וואָס אָנגעזאָגטער בשורה וועגן אַן אָפּגעזוכטער פערזאָן וואָס איז שוין לאַנג פאַררעכנט געוואָרן פאַר פאַר־לוירן. געווען איז ער דער קאָמוניסטישער שרייבער און לעקטאָר: דזשעסי האַרוויס.

ביז אַ ווײַלע צוריק איז ער אין משך פון עטלעכע שעה געזעסן אין אַ ווינקל פון זיין שלאָפצימער און ער האָט געשריבן אַן אַרטיקל פאַר איינעם פון די קאָמוניסטישע זשורנאַלן אין ניו־יאָרק. אַז דאָס נעגערישע הויזמיידל האָט אים אָנגעזאָגט די בשורה וועגן זיין מוטער, האָט ער מער נישט געקאָנט אַרבעטן און ער איז אַ לענגערע ווײַלע געזעסן ווי ער וואָלט געהאַט פאַרלוירן דעם זכרון. ער האָט געקוקט אויף איר, עלעהיי ער וואָלט זי נישט דערקענט. פּאַמעלעך איז ער אָבער געקומען צו זיך און ער איז אויפ־געשטאַנען צו באַגעגענען דעם אומגעריכטן גאַסט ביי דער טיר.

— סקאָצל קומט, מאַמע! — זאָגט ער אי מיט פרייד און אי מיט אומחשק.

די מוטער, אַ באַטריבטע, האָט גאָרנישט נישט געענטפערט. זי האָט נאָר זייטיק און אומגערן אַ קוק געטאָן אויף אים מיט צוגעשמעלערטע אויגן און זיך אַריבערגעקליבן איבער דער שוועל.

— האָסטו כאָטש נישט געבלאָנדזשעט אַהערצו פון דער איסט־סייד? — רעדט דזשעסי ווידער צו דער מוטער, אָבער דאָס מאָל מיט נייגער.

אין פּירעקיקן פּאָיער, וואו די מוטער, ווידער אַ שווייגנדיקע, איז געבליבן שטיין, האָבן זיך אין ווינקלען געזען מאַסיווע אויפהענג־געשטעלן פאַר געסטס מלבושים, אויך שטולן מיט ווייסן לעדער אויף די געזעסלעך און אויך שויבנשענק מיט ביכער.

די רביצין האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף די יוסטע מעבל־שטיקער וואָס זענען געווען אַן אָנדייט אויף אַ רייך־אויסגעשטאַטער היים. אירע פאַרשמעלערטע אויגן האָבן האַסטיק און פון אַ זייט נאָר געהאַלטן אין וואַרפן בליקן צו דער ווייטער ליווינג־רום, וואָס האָט זיך געזען מיט אירע אָנגעצונדענע שענדעליר־לעמפּלעך.

— וואָס זוכסטו אַזוי מיט דיינע אויגן, מאַמע? — פרעגט דזשעסי, נאָכדעם ווי דאָס נעגערישע הויזמיידל האָט פאַרמאַכט די פּאָיער־טיר הינטער זיין מוטער און איז נעלם געוואָרן.

די מוטער האָט אויפסניי גאָרנישט געענטפערט און צוגעמאַכט די אויגן.

— ד׳ביסט עלטער געוואָרן אויפן פּנים, מאַמע, — זאָגט דזשעסי מיט טרויער אין קול און קוקט אויף איר מיט באַטריבטע אויגן. — זעסט אויס עלטער ווי ד׳ביסט.

די מוטער האָט זיך ווידער מיט גאָרנישט געלאָזט הערן.

— און ווי פילט זיך דער טאַטע ?

די מוטער האָט געצוקט מיט די ליפּן, אָבער קיין קלאַנג איז פון איר מויל נישט אַרויסגעקומען.

— פיל מאָל אין די לעצטע צען יאָר — זאָגט ער — האָב׳ך אייך אַנטלעפּאַנירט, געוואָלט רעדן מיט אייך. אָבער ווי נאָר איר האָט געהערט מיין קול האָט איר אויפ־געהאַנגען. איז עס רעכט אַזוי ? איז דאָס לויטן פּסוק „כרחם אב על בנים״ ? דאַרפן טאַטע־מאַמע זיך אַרומטראָגן מיט אַזאַ האַס צו אַ קינד ?

ביי דער מוטער האָבן זיך איצט באַוויזן טרערן אין די אויגן.

— ביים ברית פון מיין בכור — זאָגט דזשעסי ווייטער — האָב׳ך שטאַרק געוואָלט, אַז דו און דער טאַטע זאָלן זיין פון די הויפּט בעלי־שימחה . . . אָבער ווידער ס׳זעלבע. איר האָט מיר אפילו נישט געגעבן קיין געלעגנהייט צו זאָגן וואָס כ׳וויל. איר האָט באַלד אויפגעהאַנגען דאָס טעלעפאָן־טרייבל. און שפּעטער, ווען מיין טעכטערל איז געבוירן געוואָרן, האָב׳ך ווידער אָנגעקלונגען, אָבער איר האָט אויפסניי אַראָפּגעלאָזט אַ וואַנט צווישן מיר און אייך. איז דאָס, ווי איר רופט, יידישקייט ?

די מוטער האָט איצט גענומען כליפּען ספּאַזמאַטיש.

— אָבער . . . — זאָגט דזשעסי ווייטער מיט ווייטיק אין קול. — אָבער כ׳טראָג נישט קיין בייז האַרץ אויף אייך. כ׳וועל נישט אַנטלויפן, אויב איר׳ט זיך דערנענטערן צו מיר. מיר זענען דאָך איין בלוט און פלייש !

די מוטער האָט זיך הויך צעיאָמערט.

— איך בין נישט קיין נקמה־נעמער. — רעדט דזשעסי איצט מיט מיטלייד צו דער מוטער, וואָס שטיקט אין זיך אירע ענטפערס. — כ׳פאַרשטיי אייך. איר זעט די וועלט דורך אייערע ברילן . . . אָבער פאַרוואָס ווילט איר נישט תופס־זיין מיך ? איך זע ס׳לעבן אינגאַנצן אַנדערש ווי איר. נו, איז וואָס ? דאַרף מען דערפאַר ווערן פרעמדע איינער צום צווייטן ?

די מוטער האָט אַרויסגענומען דאָס טיכעלע פון איר האַנטבייטל און זיך געווישט די אויגן.

— קום אַריין אין ליווינג־רום, — נעמט דזשעסי אָן די מוטער ביי אַן אָרעם. — וועסט זיך זעצן.

די מוטער האָט זיך אָבער נישט גערירט.

— אַ שאָד — זאָגט ער — וואָס סאַנדראַ, כ׳מיין די פרוי מיינע, און די קינדער זענען אַצינד נישטאָ אין הויז. ווען ד׳קומסט פריער וואָלסטו געהאַט אַ געלעגנהייט צו זען זיי. וואָלסט געזען ווי שיין און געראָטן די קינדער זענען. מיין זון זעט אויס אינגאַנצן ווי מיין טאַטע. און די טאָכטער, ווי דו . . . נו, זעסט ? די נאַטור ווייסט נישט פון קיין פרעמדקייט, פון קיין גרעניצן, פון מיין און דיין . . . נאָר מענטשן . . . זיי צעטיילן די וועלט אין קלאַסן, אין פעלקער און רעליגיעס . . . אָבער לאָמיך נישט פאַרגעסן וועגן מיין פרוי . . . יאָ, זי איז אַוועק מיט די קינדער צו אַ געבורטסטאָג־פּאַרטי, וואָס אַ יונג פּאָרפאָלק, פריינד אונדזערע, האָבן צוגעגרייט פאַר זייערס אַ קינד.

די מוטער האָט צוריקגעלייגט דאָס טיכעלע אין האַנטבייטל אַריין און זייטיק געקוקט אויפן זון:

— וואו איז הילדע ?

— זי איז אין מיין שרייבצימער.

— כ׳וועל זי אַריינרופן, — שאָקלט דזשעסי מיטן קאָפּ.
— דאַרפט זיך נישט מטריח זיין.
— ס׳איז נישט קיין טירחה.
— כ׳קאָן גיין אַליין צו איר.
— קאָנסט נישט... — זאָגט דזשעסי. — זי איז נישט אַליין.

די מוטער האָט איצט גענומען קוקן אויפן זון מיט אָנגעצונדענע אויגן און געוואָלט פרעגן מיט וועמען הילדע פאַרברענגט דאָרטן אין שרייבצימער איינע אַליין. זי האָט אָבער צוגעפּרעסט די ליפּן און געשוויגן.

געזען אַז ר׳האָט זי איינגעשטילט, כאָטש דער בליק פון אירע אויגן איז נאָך אַלץ געווען פייער, האָט ער זי אויפסביי אָנגענומען ביי אַן אָרעם און זי אַריינגעפירט אין דער באַלייכטער ליווינג־רום, הגם זי האָט זיך שטאַרק געווערט.

— זעץ זיך, — ווייזט ער אָן אויף דער סאָפע, ביי וועלכער ער איז געבליבן שטיין מיט דער מוטער, — און איכ׳ל לאָזן וויסן הילדען וועגן דיין באַזוך.

די רביצין האָט געקוקט אויף דזשעסין ווי ער וואָלט זי אַריינגעשלעפּט אין אַ טמא פּלאַץ, און נישט געזעצט זיך, כאָטש זי האָט נישט געקאָנט שטיין אויף אירע מידע, קראַנקע פיס.

# קאַפּיטל דרייצן

## הילדעס דיאַלעקטיק

.1

מיטן רוקן צו אַ לאַנגער ריי ביכער־שאַפעס, וואָס אין שטח האָבן זיי פאַרנומען די גאַנצע ברייט פון דער וואַנט, איז ביי אַ גרויסן שרייבטיש געשטאַנען אַ קערפּערלעך־געטאָקטע, יונגע בלאָנדינקע און האָט גערעדט צו אַ גרופּע פון פינף־און־צוואַנציק מיידלעך, וואָס זענען געזעסן אויף שטולן, אין אַ האַלבן קרייז, אַרום די ווענט פון דזשעסיס שרייבצימער.

די מיידלעך, צווישן אַכצן און צוואַנציק יאָר אַלט, זענען געווען קאַלעדזש־סטודענט־קעס. אייניקע האָבן שטודירט אין ברוקלין קאַלעדזש. אַנדערע — אין ניו־יאָרק אוני־ווערסיטעט און די איבעריקע — אין האַנטער קאַלעדזש און אין קאָלומביע אוניווערסיטעט. טייל — מיט די פיס פאַרוואָרפן איינער איבערן צווייטן, אָדער מיט די הענט פאַרלייגט אויפן שויס, צי פאַרקרייצט אונטערן בוזעם. אַלע זענען געזעסן געמיטלעך. זיי האָבן מיט רעספּעקט, אויך מיט באַוואונדערונג, אויך מיט שטאַרקן נייגער אין זייערע אויגן, געקוקט אויף דער סימעטריש־שיין מאָדעלירטער בלאָנדינקע, צו וועלכער זיי האָבן זיך צוגעהערט מיט טיפן נאָכטראַכטן.

אָנגעטאָן איז די רעדנערין געווען אין אַן אויסגעפּאַסט שוואַרץ קליידל, וואָס האָט בולטער געמאַכט דעם קאָנטראַסט פון דער מילך־ווייסער הויט פון איר שמאָלן פּנים, פון דעם דעקאָלט און פון די נאַקעטע אָרעמס. אירע לאַנגע האָר זענען געווען אַרויפ־געקעמט צום קאָפּ־דעקל און פאַררונדיקט דאָרטן אין אַ שיניאָן. און פון אירע גרויסע,

בלויע אויגן האָט אַרויסגעקוקט אַ פֿאַרשערישער, באַטריבטער בליק.

— זאָל מען עס אילוסטרירן מיט בײַשפּילן פֿון אונדזערע אײגענע הײמען, — זאָגט זי, די שלאַנקע בלאָנדינקע, צו דער גרופּע סטודענטקעס. — זאָל מען באַטראַכטן די מאָראַל־פּראָבלעם פֿון אונדזער הײנטיקער געזעלשאַפֿט אויף דער באַזע פֿון אויפֿפֿירונג, פֿון פֿאַקטן, וואָס איר און איך האָבן באַמערקט, און באַמערקן, בײַ אונדזערע אײגענע עלטערן. איך דערלויב זיך צו נעמען דאָס פֿערזענלעכע און געזעלשאַפֿטלעכע לעבן פֿון אונדזערע טאַטע־מאַמע פֿאַר אַ מוסטער אין מײַן איצטיקן שמועס מיט אײַך, ווײַל נאָר דאָס איז רעפּרעזענטאַטיוו . . . כ׳מײן, ווײַל נאָר דורך דעם אַנטפּלעקט זיך דער גאַנצער פּיקולאַרער מאָראַל־כאַראַקטער פֿון דער גאַנצער סאָציאַלער סטרוקטור פֿון דער הײנטי־קער „סאָסײַעטי“ אין אַמעריקע און אויך אין אַנדערע לענדער מיט אַ קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג.

— — — איך טו דאָס אויך דערפֿאַר, ווײַל כּדי צו האָבן אַן אויטענטישן מוסטער פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג מוז מען פֿריער גוט קענען דאָס סאָציאַלע און עקאָנאָמישע לעבן פֿון מענטשן. און ווער איז נאָך אַזאַ גוטער פֿאַרש און אַנטפּלעק־מאַטעריאַל ווי אונדזערע אײגענע טאַטע־מאַמע? ס׳וועט נישט זײַן פֿון מײַן זײַט, גלײב איך, קײן צײכן פֿון באַרימערײַ, אָדער אַראָגאַנץ, צו באַהויפּטן דאָ, אַז איך האָב אַ גוטע קענטשאַפֿט פֿון דער סבֿיבֿה, פֿון וועלכער איר זענט אַרויסגעוואַקסן, פּונקט ווי איך האָב אַ פֿול בילד פֿון מײַן אײגענער פֿאַמיליע . . . אײניקע פֿון אײַך קומען פֿון עלטערן וואָס זענען מאַנופֿעקטשורערס. אַנדערע — פֿון הײמען, וואו דער פֿאָטער איז אַ דאָקטער, אַן אַדוואָקאַט, אָדער אַ ביזנעסמאַן אין ריל־עסטײט. און אויב ס׳איז אמת וואָס זיגמונד פֿרויד לערנט אונדז, און ס׳איז זיכער אמת (לײנט זײַן ווערק וואָס איז איבערגעזעצט אויף ענגליש, „דהי בײסיק רײַטינגס“), אַז קלײנע קינדער, טראָץ זײער יונגן עלטער, באַמערקן שוין דעם היפּאָקריטישן מאָדוס אָפּעראַנדי פֿון זײערע עלטערן, ס׳הײסט, זײ זעען שוין אַז דאָס וואָס דערוואַקסענע טוען איז אין קעגנזאַץ צו דעם וואָס זײ מאָנען בײַ אַנדערע אויף דער באַזע פֿון גערעכטיקײט — אויב דאָס איז אַזוי, און אוודאי איז עס אַזוי, טאָ מיט ווײַט מער אָבסערוויר־קראַפֿט זענען צוגעגרײט אַזעלכע דערוואַקסענע, רײפֿע מענטשן ווי מיר, כ׳מײן, איר און איך? . . .

— — —. מיר זענען דאָך נישט נאָר רײַך אין אונדזער באַאָבאַכטן, אין אונדזער באַנעם. מיר האָבן אויך די אַקאַדעמישע בילדונג, דאָס אַנאַליטישע וויסן צו קאָנען קלאַסיפֿיצירן בײַם מענטש צו וועלכער קאַטעגאָריע זײַנע האַנדלונגען געהערן. מיר ווײסן ווען דעם מענטשס אַ שלעכטע טאַט קומט פֿון נויט, און ווען פֿון אַנטוישונג, פֿון דורכפֿאַל. פֿאַרוואָס געוויסע מענטשן, נאָכדעם ווי זײ האָבן אָנגעזאַמלט גרויס רײַכקײט, מערסטנס אויפֿן חשבון פֿון אַנדערע, הערן אויף צו זײַן אַגרעסיוו, ווערן ברײטהאַרציק, ווערן פֿילאַנטראָפּן, הומאַניסטן . . . און מיר ווײסן אויך פֿאַרוואָס אַנדערע מענטשן ווערן קײנמאָל נישט מיד פֿון יאָגן זיך נאָך מער עשירות, נאָך מער אַנזען, נאָך מער כּבֿוד, און וועלן צעטרעטן יעדן אײנעם וואָס איז זײ אַ שטער אויפֿן וועג צו אַן אַלץ גרעסערן און אימפּאָזאַנטערן פֿאַרנעם . . .

בײַ דער טיר, הינטער די סטודענטקעס, איז געשטאַנען דזשעסי און ער האָט געקוקט מיט געמישטע געפֿילן אויף זײַן שוועסטער הילדע, וואָס האָט גערעדט צו די קאָלעדזש־מײדלעך.

אַרײַנגעקומען איז ער צו לאָזן איר וויסן וועגן דער מוטער. אָבער ער האָט זיך גלײַך צוריקגעהאַלטן דערפֿון. ווי קאָן ער איבעררײַסן איר אין רעדן? אַלץ וואָס בלײַבט,

דערפאַר, צו טאָן איז צו וואַרטן ביז זי וועט פאַרענדיקן. דאָס איז, אין אמתן, דער שכלדיקסטער אויסוועג. אָבער וועט אויך די מוטער אין ליווינג־רום האָבן געדולד צו וואַרטן? וועט זי נישט זיין אונטערן איינדרוק, אַז עפּעס ווערט פלאַנירט קעגן איר, און אַז הילדע וועט זיך אפשר נישט וועלן באַגעגענען מיט איר?

— כ׳וועל אָנהייבן מיט מיין פאָטער, — זאָגט די שלאַנקע בלאָנדע הילדע נאָך אַ ווײַלע שווייגן און קוקן אויף דער גרופּע סטודענטקעס. — כדי צו זיין ערלעך אין אונדזער פאַרשטיין דעם אמת פון מאָראַל אין דער היינטיקער געזעלשאַפט מוז מען זיין אָפנהאַרציק, אפילו ווען ס׳טוט ווי... לעבט מיין פאָטער לויטן געבאָט פון מאָראַל? טיף אין זיין האַרץ באַגערט ער עס. דאָס איז אָן דעם מינדסטן ספק. ער איז אַן אידעלער און העכסט־עטישער מענטש, סיי לויט זיין נאַטור, און סיי לויט זיין גרויס קענטעניש. אָבער פירט ער זיך אויף לויט זיין באַגער? ווי אַן עדות וויל איך זאָגן: ליידער... אַבסאָלוט נישט!

זי האָט געשוויגן אַ ווײַלע, געקוקט אויף די סטודענטקעס מיט אַ דורכבויערנדיקן בליק און ווידער גענומען רעדן.

— פאַרוואָס איז עס אַזוי? — און זי האָט גלייך געענטפערט. — ווייל ס׳איז גרינגער צו לעבן ווי אַ פּאַראַזיט איידער לויטן געבאָט פון מאָראַל. כדי צו לעבן לויטן געבאָט פון מאָראַל דאַרף מען זיך אָנשטרענגען, דאַרף מען אַרבעטן שווער. אויף צו לעבן ווי אַ פּאַראַזיט פאָדערט זיך גאָרנישט. פרעגט זיך, אין וואָס דריקט זיך אויס דאָס פּאַראַזיטישע לעבן פון מיין פאָטער? וועל׳ך אייך זאָגן... אין דעם וואָס ער איז אַ רב פון אַ שול וואָס דאַרף קיין רב נישט האָבן, און דאָך וועט ער זיך נישט שיידן פון איר. די שול האָט נישט גענוג דאַוונערס אויף אויסצוהאַלטן אַ גייסטיקן פירער. זי האָט אויך נישט קיין אַקטיוויטעטן. דער רב טוט דאָרטן גאָרנישט אויסער געבן אַ דרשה אין אַ שבת. און פאַר וויפל ייִדן, מיינט איר, רעדט ער? אפשר פאַר דריי פינפטל פון אייער צאָל ביים איצטיקן מיטינג. און וואָס וועגן זיין דרשה? ער אַרבעט נישט אויף איר. זי איז אַן אַלטע, אַן נייע קאָמענטאַרן... איז וואָס דאַרף זיין די האַנדלונג פון אַ גייסטיקן פירער ביי אַזאַ צושטאַנד? די לאָגישע האַנדלונג דאַרף זיין, אַז דער רב זאָל אַוועק פון אַזאַ חורבה. טוט ער דאָס? ניין. פאַרוואָס? ווייל ס׳איז דאָ אַ געוויסער רייכער מאַן וואָס דריי פערטל פון די שכירות קומען פון זיין קעשענע. פאַרוואָס טוט יענער דאָס? צוליב אַ דורכאויס פערזענלעכן מאָטיוו... דאַרף אָבער דער רב נעמען אַזאַ געהאַלט? דאַרף ער געניסן פון אַ מענטש, ווייל יענער איז אַ קרבן פון אַ מאָטיוו? אוודאי נישט און אַז ער טוט עס יאָ, קאָנען מיר עס אָנרופן מאָראַליש?

זי איז ווידער שטיל געוואָרן, און אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי אויפסניי פאַרגעזעצט:

— און אַצינד וועגן די מאַנופעקטשורערס...

אייניקע סטודענטקעס, וואָס זייערע פאָטערס זענען געווען פאַבריקאַנטן פון פרויען־קליידער, פון מענער־מלבושים, פון מעבל, האָבן זיך אַ דריי געטאָן אויף די שטולן, און אין זייערע באַקן האָבן זיך גענומען בייטן קאָלירן — פון רויט אויף ווייס, און פון ווייס אויף ראָז.

— זיי ווייסן גאַנץ גוט — זאָגט הילדע וועגן די פאַבריקאַנטן — וויאַזוי זיי זענען רייך געוואָרן... פון וואַנען זיי האָבן געהאַט צו קויפן מינק־מאַנטלען פאַר זייערע פרויען... שיקן זייערע קינדער אין פּריוואַטע קאָלעדזשעס, וואו דער לערן־אָפּצאָל איז אַ הויכער... צו אַראַנזשירן לוסטרייזעס פאַר זיך און זייערע מישפּחות... זיי ווייסן גאַנץ גוט פון וואַנען זיי האָבן געהאַט צו קויפן זיך באַקוועמע היימען, אָדער

אינוועסטירן גרויסע קאַפּיטאַלן אין ריל־עסטייט . . . זיי ווייסן, אַז דאָס אַלץ קומט דערפון וואָס יענע וועלכע שאַפן אָט די מעגלעכקייטן, יענע, וואָס דאַרפן זיין שותפים צו דער אָנגעקליבענער רייכקייט, זענען לויט די געזעצן פון דער היינטיקער געזעלשאַפט נישט באַרעכטיקט צו מער ווי נאָר בלויז צום אַנעמישן לוין וואָס זיי קריגן לויט דער צאָל שטונדן פון אַרבעט דורך דער וואָך. איז ווי פילן זיך די דאָזיקע לייט וואָס שאַרן אַלץ צו פאַר זיך? כ'וויל נישט זאָגן, אַז זיי האָבן נישט קיין געפיל פאַר מאָראַל, אַז זייער געוויסן פלאָגט זיי נישט, ווען זיי זעען ווי זייערע אַרבעטסלייט קאָנען נישט געבן זייערע הויזגעזינדן דאָס אַלץ וואָס זיי, די רייכע, קאָנען יאָ . . . אַז זייערע לוין־מענטשן קאָנען נישט פאַרזיכערן זיך און נישט די מישפּחות מיט חיונה אין צייט פון אַ קרענק, אָדער פון פאַרקריפּלונג, פיזישער אָדער גייסטיקער. אוודאי ווייסן זיי און פילן אָט דאָס אַלץ. אָבער ווי לעבן זיי און ווי פירן זיי זיך אויף? זיי לעבן און פירן זיך אויף אין קעגנזאַץ צו דעם וואָס זיי פילן און ווייסן! קאָנען מיר דאָס אָנרופן מאָראַליש?

די סטודענטקעס, וואָס זייערע פאָטערס זענען געווען פאַבריקאַנטן, האָבן זיך איצט אָנגעקוקט איינע מיט דער אַנדערער, און זייערע בליקן האָבן אָנגעדייט, אַז זיי זענען איינשטימיק מיט דער רעדנערין.

— און אַציגד — זאָגט הילדע — לאָמיר באַטראַכטן די מאָראַלישע פּערזענלעכקייט פון אַ דאָקטער . . .

אַן אומרו האָט איצט באַהערשט די טעכטער פון דאָקטוירים. איניקע האָבן צעעפנט זייערע האַנטבייטלען און גענומען זיך פאַררייכערן ציגאַרעטלעך.

— ווען אַ דאָקטער — קערט הילדע אָפּ אירע אויגן פון סופיט, וואוהין זי האָט געקוקט אַ ווײַלע אַ פאַרטראַכטע — אונטערזוכט אַ פּאַציענט, מאַכט ער אַ דיאַגנאָז און ער פאַרשרייבט אַ מעדיצין. דאָס איז אַ סטאַנדאַריזירטע פּראָצעדור. איז ער אָבער טאַקע זיכער, הונדערט פּראָצענט זיכער, אַז זיין אַנאַליז איז אַ ריכטיקער? נישט געקוקט אויף זיין פעאיקייט צו מאַכן אַ רעזומע פון די סימפּטאָמען וואָס ער האָט דערזען, אָדער געפונען ביים קראַנקן, קאָן ער דאָך נישט זיין אַבסאָלוט זיכער, אַז ער האָט זיך דערגראָבן צו דער סיבה און אַנטוויקלונג פון דער קראַנקייט. און אַז ער איז נישט זיכער, איז פאַרוואָס נעמט ער באַצאָלט?

זי איז ווידער שטיל געוואָרן, און אין אַ ווײַלע אַרום גענומען רעדן מיט איינגע־האַלטנקייט אין קול:

— כ'זאָג נישט אַז דאָקטוירים זענען אוממאָראַלישע פּערזענלעכקייטן. פאַרקערט. זיי זענען גענוג געבילדעט און אינטעליגענט צו וויסן אַז אַ מענטש דאַרף זיך אויפפירן עטיש. די היפּאָקראַטישע שבועה וואָס זיי נעמען אויף זיך צו זיין פולשטענדיק ערלעך אין זייער פּראָפעסיע איז אייגנטלעך אַ דערמאָנונג אויפן גאַנצן לעבן, אַז זיי זאָלן אַלעמאָל זיין מאָראַליש גאַנץ. און דאָך . . . דאָך, זאָגט מיר צי האָט איר שוין באַגעגנט אַ דאָקטער וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט פון נעמען באַצאָלט, כאָטש ער איז נישט זיכער וואָס דאָס חולאת איז? זאָגט מיר, קאָן אַ געשעפטמאַן פאַרלאַנגען פון אייך באַצאָלט פאַר צוויי שיך, ווען ער גיט אייך בלויז איינעם? און איז דען אַ דאָקטערס דיאַגנאָז מערסטנס מער ווי בלויז איין שוך אָנשטאָט צוויי? . . .

איניקע טעכטער פון דאָקטוירים האָבן זיך איצט איבערגעקוקט, אַ וואונק געטאָן מיט די אויגן און מיטאַמאָל זיך צעלאַכט.

— יאָ, — זאָגט הילדע ווידער, און דאָס מאָל מיט אַ שמייכל, — טיילמאָל טרעפט אַז אַ דאָקטער וועט יאָ צוגעבן אַז ער ווייסט נישט און וועט פאָרלייגן צו רופן אַ ספּעציאַ־

ליסט. אָבער אפילו אין אַזאַ פאַל נעמט ער באַצאָלט. דאָס מאָל, מוז מען צוגעבן, האָט ער עס זיך כשר פאַרדינט. ער האָט כאָטש געזאָגט דעם אמת, אַז ער ווייסט נישט. דאָס איז אַ געוואָגטע זאַך אין אונדזער געזעלשאַפט . . . ס׳וואָלט אָבער געווען ערלעכער פון זיין זייט ווען ער גיט אויך צו אַז ר׳האָט זיך נישט פאַרדינט דאָס וויזיט־געלט און ער גיט עס צוריק. ווי זאָגט זיך אין לאַטיין ? . . . עקס ניהילאָ ניהיל פיט, פון גאָרנישט מאַכט מען גאָרנישט. אָבער אויף צו זיין אַזוי מאָראַליש דאַרף מען מן הסתם געבוירן ווערן אַ גייסטיקער הערקולעס כדי צו קאָנען זיך קעגנשטעלן דער לוסט נאָך געלט.

אַ ווײַלע איז געווען שטיל. ס׳האָט זיך בלויז געהערט אַ הוסטן, אַ רוקן מיט שטולן אויף איין אָרט, און אַ צינדן מיט שוועבעלעך ביים פאַררייכערן ציגאַרעטלעך.

— און אַצינד — זאָגט הילדע, נאָכדעם ווי די סטודענטקעס האָבן זיך ווידער געפונען אין אַ געמיטלעכן צושטאַנד — לאָמיר זען ווי פּרודיש, ווי צניעותדיק ס׳איז דאָס פּראָפעסיאָנעלע אויפפירן זיך פון אַ לאַיער. ווי באַוואוסט איז אַ לאַיער צוגעגרייט געוואָרן אין סקול פון געזעץ צו זיין שטענדיק דער באַשיצער פון דעם אָרנטלעכן בירגער, פון זיין רעכט אויף אַרויסזאָגן פריי זיינע געדאַנקען; צו זיין דער אומפּשרהדיקער אָנ־קלאָגער פון יעדער פּערזאָן וואָס מאַכט אַ בילבול אויף אַן אַנדערן מענטש, אָדער אויף אַן אָרגאַניזאַציע, צי דאָס איז אויס פּערזענלעכער נקמה־זוכעניש, אָדער איבער מאַטע־ריעלן, צי פּאָליטישן נוצן.

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף אַ באַשריבענעם, ווייסן בויגן פּאַפּיר, וואָס איז געלעגן אויפן שרייבטיש, נאָכדעם צוריק אויפגעהויבן די אויגן און גענומען קוקן אויף די סטודענטקעס:

— אויפן צעטל, וואָס ליגט פאַר מיר, האָב איך געמאַכט נאָטיצן פון אַ סך גרויסע פּראָצעסן וואָס זענען געפירט געוואָרן אין פיל לענדער, אַריינגערעכנט אַמעריקע. דאָס זענען פּראָצעסן קעגן איינצלנע פּערזאָנען וואָס זענען באַשולדיקט געוואָרן אין פאַרבּרעכנס וואָס זיי זענען נישט באַגאַנגען, אָדער פאַר דער זינד וואָס זיי האָבן געהאַט אַנדערע אידייען ווי ס׳האָט די געזעלשאַפט, אָדער פאַר אָנגעהערן צו אַ פאָלק וואָס איז אָפּגעצאַמט געוואָרן אין אַ געטאָ פאַר מכלומרשט זיין אַ געפאַר פאַר מלוכות, פאַר רעליגיעס, אָדער פאַר דער גייסטיקער היגיענע פון דער מענטשהייט. די באַשולדיקונגען, מיט וועלכע די אָנקלאָגערס זענען אַרויסגעקומען אין די געריכטן, זענען געווען פול מיט שקרים, און די געלערנטע, כאָטש זיי האָבן געוואוסט דעם אומזין, האָבן זיך נישט וויסנדיק געמאַכט דערפון. איך וועל זיך אַצינד נישט אָפּשטעלן אויף זיי . . .

— — — די געשיכטע־ביכער וואָס דערציילן וועגן סאָקראַטעס אין גריכנלאַנד, וועגן ר׳ עקיבא אין ארץ־ישראל, וועגן קאָפּערניק אין פּוילן, וועגן שפּינאָזאַ אין האָלאַנד, וועגן בּרונאָ דזשאָרדאַנאָ אין איטאַליע, וועגן דזשאָן הוס און היעראָנימוס אין טשעכן, וועגן דער אינקוויזיציע אין שפּאַניע, וועגן דזשאָרדזשווישאַרט אין סקאָטלאַנד, וועגן וויקליף און טינדייל אין ענגלאַנד, וועגן דרייפוס אין פראַנקרייך, וועגן מענדל בייליס אין רוסלאַנד, וועגן סאַקאָ און וואַנזעטי אין די פאַרייניקטע שטאַטן — די דאָזיקע אַלע געשיכטע־ביכער וואָס דערציילן זייער אַ סך וועגן די גרויזאַמע באַשולדיקונגען און אורטיילן אויף אומשולדיקע מענטשן, קאָנט איר אַליין לייענען . . . אויף וואָס איך וויל זיך אַצינד אָבער יאָ אָפּשטעלן איז אויף דעם טאָג־טעגלעכן אויפפירן זיך נישט פון די באַשולדיקערס, נאָר פון דעם פאַרטיידיקער, דעם לאַיער, וואָס דאַרף זיין דער מענטש מיט מאָראַל, מיט רחמנות צום אָנגעקלאָגטן.

— — — איך זאָג נישט אַז ער איז אוממאָראַליש. פאַרקערט . . . יעדער מענטש

ווערט געבוירן מיטן מאָראַל־געפּיל אין אים. אָבער פירט זיך אויף אַט דער אַדוואָקאַט לויט דעם דאָזיקן איינגעבוירענעם מאָראַל־געפּיל?

זי האָט גענומען דעם באַשריבענעם בויגן פּאַפּיר פון שרייבטיש, צונויפגעלייגט אים עטלעכע מאָל, צוגעפּרעסט אים מיט די פינגער פון דער רעכטער האַנט און ווידער געקוקט אויף די סטודענטקעס.

— ניין! — האָט זי אַ זאָג געטאָן מיט ערגערניש אין קול און צונויפגעצויגן אירע ליפּן מיט ביטערקייט. — וויפל מענטשן נעמט ער זיך אונטער צו פאַרטיידיקן אין געריכט, כאָטש ער ווייסט אַז די קליענטן זענען שווינדלערס, שאַרלאַטאַנען און מיסרעפּרעזענטי־רערס? וויפל גטן קריגט אַ לאָיער אַרויס פון געריכט־הייזער פאַר פרויען, אָדער פאַר מענער, אויף דער באַזע פון פאַבריצירטע באַווייזן, אין וועלכע ער אַליין, אָדער אַן אונטערגעקויפטער, איז געווען אינסטרומענטאַל?! וויפל קאָרפּאָריישאָנס קומען אָפּ מיט קליינע שטראָפן, אָדער ווערן ריינגעוואַשן פון אָנקלאַגעס, בלויז אַדאַנק די מאַנעווערס פון דעם פאַרטיידיקונג־אַדוואָקאַט וואָס ווייסט גאַנץ וואויל אַז אין אמתן האָט ער באַשיצט קאָרופּטירטע מאַגנאַטן און זייערע עקזעקוטיוו־לייט? די פראַגע איז אַלעמאָל געווען און איז, פאַרוואָס טוט ער דאָס? ער איז דאָך דער סימבאָלישער ריטער פון גערעכטיקייט!

ביי אייניקע סטודענטקעס האָבן זיך באַוויזן אַנגעשוואָלענע, בלויע אָדערן אויף די העלדזער, אונטער די גאָמבעס. ביי אַנדערע סטודענטקעס האָבן זיך אָפּטער באַוועגט די בוזעמס אַרויף און אַראָפּ פון פאַרשטאַרקטן אָטעמען. אַלע האָבן געקוקט אויף דער בלאָנדער רעדנערין ווי זי וואָלט געווען נישט בלויז צוואַנציק יאָר אַלט, נאָר פינף־און־זיבעציק. זייערע פּנימער — ביז אַהער מיט אויסדרוק פון גרויסן זיך מיט איר, מיט באַוואונדערונג — האָבן איצט אַנטפּלעקט פאַרכט און דערדריקטקייט פאַר איר גע־בייזער און ווייטיק. זיי האָבן זיך איינגעהערט מיט אַ פאַרטראַכטקייט וואָס איז געווען מער אויפנעמעריש ווי איבער דער גאַנצער צייט פון מיטינג.

— און אַצינד . . . — זאָגט הילדע נאָך אַ ווײַלע שווייגן און צוגלעטן זיך די האָר אַרום די אויערן מיט דער לינקער האַנט. — אַצינד לאָמיר זען ווי די ריל־עסטייט לייט באַציען זיך צו דער מאָראַל. האָט איר געליינט די אַלטערטימלעכע געשיכטע וועגן די כנענים, ווי אַזוי זייערע פּריסטערס האָבן זיך אויפגעפירט ביים אַלטאַר פון דער געטין עשתורת? כ׳גלייב אַז איר האָט געליינט. און אַז איר האָט געליינט געדענקט איר דאָך געוויס ווי די פּריסטערס האָבן דורכגעפירט סעקס־אָרגיעס מיט אומשולדיקע מיידלעך פאַר די „אויגן” פון דער געטין, כדי זי זאָל אַזוי גוט זיין און געבן גערעטענישן אויף תבואות . . .

באַמערקט ווי די סטודענטקעס האָבן זיך צעשמייכלט, האָט הילדע געשוויגן אַ ווײַלע, נאָכדעם ווידער גערעדט:

— אָט אַזוי פאַרגוואַלטיקן די ריל־עסטייט לייט די אומשולדיקע מאָראַל פאַר די אויגן פון דער געטין וואָס רופט זיך קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט, כדי צו קריגן גרעסערע און גרעסערע גערעטענישן אין פּראָפיטן . . .

כאָטש דזשעסי איז געווען שטאַרק באַזאָרגט וועגן דער מוטער, וואָס איז געווען איינע אַליין אין דער ליווינג־רום, באַזאָרגט וואָס זי האָט שוין דאָרטן מסתמא פאַרלוירן דאָס געדולד צו וואַרטן, דאָך איז ער נישט ווילנדיק אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער אָפּהאַנדלונג וועגן דער וועלט פון מאָראַל וואָס די שוועסטער האָט געשילדערט פאַר די סטודענטקעס. ער איז אַזוי אַנטציקט געוואָרן פון איר מאָלן, לויט זיין מבינות,

בילדעריש־שיין און געדאַנקלעך־רייך, די שלעכטע מערכה פון דער מאָראַל ביי מענטשן אין דער געזעלשאַפט וואָס איז געבויט אויף פאַנאַטיזם און קאַפּיטאַל, אַז ער האָט געוואָלט הערן וואָס מער און מער.

.2

דאָס איז נישט געווען ס׳ערשטע מאָל וואָס הילדע האָט גערעדט פאַר סטודענטקעס. אין די פאַרגאַנגענע עטלעכע וואָכן איז זי אויפגעטראָטן מיט לעקציעס פאַר אַ סך גרופּעס שטודירנדיקע מיידלעך וואָס זענען זיך צונויפגעקומען — לויט אַ פּלאַן פון דער קאָמוניסטישער יוגנט־פירערשאַפט — אין באַזונדערע היימען פון עלטערע פּאַרטיי־חברים. אויך האָט זי גערעדט פאַר שטודירנדיקע בחורים.

פון די באַריכטן וואָס האָבן אים, דעם ברודער דזשעסי, דערגרייכט האָט הילדע געמאַכט אַ פּוראָר מיט אַלעמען — מיט דער פירערשאַפט און מיט די סטודענטן. און דאָס, נישט נאָר צוליב איר שיינקייט, צוליב איר אימפּאָזאַנטן געשטעל און צוציענדיקער פּערזענלעכקייט. געוויס צוליב דעם אויך. אָבער מער צוליב איר יחוס, אויך צוליב איר גרויס וויסן אין רעליגיע, אין אַקאַדעמיש־וועלטלעכע קעגנשטאַנדן, און דער עיקר צוליב איר גרויס בקיאות אין מאַרקסיזם און לעניניזם. די עלטערע פּאַרטיי־חברים, וואָס אין זייערע היימען איז הילדע אויפגעטראָטן מיט אירע לעקציעס פאַר גרופּעס סטודענטן און סטודענטקעס, האָבן זיך גאַרנישט געקאָנט געבנוג אָפּלויבן הילדען פאַר אים, דזשעסין.

— דזשעסי, איר ווייסט גאַרנישט וואָסער כוח די קאָמוניסטישע יוגנט האָט צוגע־קראָגן אין אייער שוועסטער.

— נישט נאָר איז די קאָמוניסטישע יוגנט רייכער געוואָרן אין אינטעלעקט. מיט דער צייט וועט עס אויך פילן די קאָמוניסטישע פּאַרטיי.

— פאַרוואָס האָט זיך אייער שוועסטער נישט געוויזן פריער ?

— מיט אירע באַלערנדיקע לעקציעס און גרויס וויסן פאַרענטפערט זי דאָך די צומערסטן נישט־פאַרדייעטע פּראָבלעמען, מיט וועלכע די סטודענטן און סטודענטקעס טראָגן זיך אַרום וועגן דער מאָראַל פון דער קאַפּיטאַליסטישער דעמאָקראַטיע !

— אין צוגאָב צו איר וויסן איז זי דאָך אויך אַ הערלעכע רעדנערין !!

— פאַרוואָס איז זי געקומען צו אונדז אַזוי שפּעט ?

דער אמת איז, אַז אין משך פון עטלעכע יאָר האָט ער, דזשעסי, געהאַט לענגערע שמועסן מיט איר וועגן אַריינטרעטן אין דער קאָמוניסטישער יוגנט. ער האָט איר אויפגעוויזן, אַז מיט איר קולטור און פּערזענלעכקייט קאָן זי געבן דעם אַוואַנגאַרד פון דעם פּראָגרעסיוון טייל פון דער מענטשהייט, ס׳הייסט דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, זייער אַ סך. ס׳איז פּשוט אַ פאַרברעך וואָס אַזאַ יונגער מענטש, ווי זי, מיט אַזוי פיל וויסן און פעאיקייטן, זאָל נישט העלפן בויען די צוקונפטיקע געזעלשאַפט. אָבער זי האָט זיך אַלעמאָל אָפּגעשאָקלט דערפון.

— כ׳העלף בויען אייגענע, וויכטיקע, יידישע השקפות און השגות . . . — האָט זי אָפּט אים אָפּגעענטפערט. — כ׳בין אַנגעשלאָסן אין „יאַנג איזראַעל”. כ׳העלף שטאַרקן די רעליגיע ביי יונגע מענטשן. רעליגיע איז אייביק. די מענטשהייט אין דער צוקונפט וועט מוזן זיין אַ רעליגיעזע, אַן אמת־גלייביקע, אַן אמת־אָפּגעהיטענע אין די האַנדלונגען פון איינעם צום צווייטן. און איך טו אויך אַ סך אַרבעט אין „דזשוניאָר הדסה” און אין „יאַנג דזשודעאַ”. כ׳העלף בויען די נאַציאָנאַלע היים אין ארץ־ישראל פאַרן אויסגע־

וואָרצלטן יידישן פאָלק וואָס איז צעשפּרייט איבער אַלע טיילן וועלט.

יעדעס מאָל וואָס ער, דזשעסי, האָט געהערט אירע טענות האָט ער זיי אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט:

— דאָס איז דאָך פּינצטעריש און שאָוויניזם, הילדע! כ׳מיין די רעליגיע און דעם נאַציאָנאַלן שטאַט. וועלכער מאָדערנער מענטש מיט אַקאַדעמישער בילדונג, מיט אַ קריטישן בליק אויף געשיכטע, אויך אויף דער פאַרשידנקייט פון דעם גייסטיקן וועלט־באַנעם ביי מענטשן, לאָזט זיך ווי אַ זוכער און פאַרשער איינשרומפּן פון רעליגיע וואָס אין תוך איז זי נישט מער ווי מיטאָלאָגיע? דערצו איז דאָך רעליגיע נישט בכוח אָפּצושאַפן די קינאה־שינאה צווישן מענטשן, אויך נישט דעם באַגער נאָך מאַכט. לייען די געשיכטע פון רעליגיעזע מילחמות וועסטו זען . . . די וועלט איז צעטיילט אויף פיל אמונות. און צווישן זיי גייט־אָן אַ שטענדיקע רייסעריי. איינע פאַרלייקנט די צווייטע. און וואָס אָנבאַלאַנגט נאַציאָנאַליזם, ווער דאַרף דאָס? ס׳רייצט דאָך אָן פעלקער איינס קעגן צווייטן! איז פאַרוואָס נישט בויען איין רעליגיע, אַ רעאַליסטישע, אַ שכלדיקע, ווי דאָס איז קאָמוניזם, און איין נישט־צעטיילטע וועלט־מישפּחה? . . . פאַרוואָס נישט אָפּגעבן זיך איינגאַנצן דעם אַלגעמיינעם גליק פון אַלע בירגער, ווער זיי זאָלן נישט זיין, יידן, ענגלענדער, איטאַליענער, פראַנצויזן... די וועלט איז פאַר אַלעמען. זי טאָר נישט זיין אַ יאַטקע פאַר די הינטישע אַפּעטיטן פון קלאַסן און נאַציעס . . .

געזען אַז ער וועט גאָרנישט קאָנען אויפטאָן מיט איר, האָט ער איר געגעבן ביכער צו לייענען. און מיט דעם האָט ער נישט געהאַט קיין שוועריקייט. זי איז געווען די איינציקע פון רבנישן הויז וואָס איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט אים. זי האָט אָפט טעלעפאָנירט צו אים, אָדער זי איז געקומען צו אים אין הויז אַריין. און ביים צוריקקערן זיך אַהיים האָט זי אַלעמאָל מיטגענומען ביכער אין ענגליש, אָדער אין דייטש. אין משך פון עטלעכע יאָר האָט זי געהאַט דורכשטודירט אַ שאַפע מיט ווערק וועגן סאָציאָלאָגיע און דער פילאָזאָפיע פון היסטאָרישן מאַטעריאַליזם. צווישן זיי:

| | |
|---|---|
| דער אָנהויב פון אומגלייכהייט | — פון זשאַן זשאַק רוסאָ |
| עסייען — מאָראַלישע און פּאָליטישע | — פון דייוויד יום |
| רייכטום פון פעלקער | — פון עדעם סמיט |
| פּרינציפּן פון סאָציאָלאָגיע | — פון הוירבערט ספּענסער |
| פּרינציפּן פון עטיק | — פון הוירבערט ספּענסער |
| דער אָפּשטאַם פון מענטשן | — פון טשאַרלז דאַרווין |
| די נאַטירלעכע געשיכטע פון באַשאַף | — פון ערנסט העקל |
| דאַרוויניזם און סאָציאַליזם | — פון פרידריך ביכנער |
| דער קאָמוניסטישער מאַניפעסט | — פון מאַרקס און ענגעלס |
| דער קאַפּיטאַל | — פון קאַרל מאַרקס |
| סאָציאַליזם — אוטאָפּיסטישער און וויסנשאַפטלעכער | — פון פרידריך ענגעלס |
| אימפּעריאַליזם — די העכסטע שטופע פון קאַפּיטאַליזם | — פון ניקאָליי לענין |

אָבער אויך נאָכדעם האָט זי נישט איבערגעריסן אירע פאַרבינדונגען מיט די רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס, כאָטש אָפט האָט זי זיך מודה געווען פאַר אים, דזשעסין, אַז זי האָט געביטן איר באַציאונג צו אַ צאָל קרעדאָס, וואָס זי האָט געהאַט געמיינט אַז זיי זענען די איינציקע, אוניווערסאַלע אמתן.

אַ שטויס געטאָן זי אויף אָפּצוזאָגן זיך פון אַלע אירע אַלטע באַגריפן האָט אָבער

אַ פינף־און־צוואַנציק יעריקער יונגערמאַן, וואָס איז דער פאָרזיצער פון איצטיקן מיטינג.

געווען איז דער יונגערמאַן זעקס פוס הויך און שלאַנק. זיינע שוואַרצע האָר פון קאָפּ זענען געווען פאַרקעמט אויף אַהינטער. פון זיינע טינט־שוואַרצע אויגן האָט אַרויסגעברענט אַ דורכנעמענדיקער בליק. און אין אַ ווינקל פון זיין מויל, וואָס האָט אויסגעדריקט ערנסט, האָט געשטעקט אַ ליולקע, צי זי האָט זיך גערייכערט, אָדער נישט. געווען איז ער אַ זון פון אַ ניו־יאָרקער רייכן פאַבריקאַנט פון מענער־מלבושים. מיט דריי יאָר צוריק האָט ער גראַדואירט פון קאָלומביע־אוניווערסיטעט מיט די העכסטע אויסצייכענונגען אין זשורנאַליזם. נאָכדעם איז ער פאַר זיינע גרויסע שרייב־פעאיקייטן און אויך פאַר זיין אומגעהייער מיליטאַנטישן סטאַזש פון מאַרקסיסטיש־לעניניסטישער אַגיטאַציע אויפן קאַמפּוס גערופן געוואָרן פון דער העכסטער ביוראָ פון קאָמיוג צו ווידמען זיין גאַנצע צייט דעם אידעאַל — און ער האָט, אָן דעם מינדסטן יישוב־הדעת, אָנגענומען. זינט דעמאָלט איז ער איינער פון די עקזעקוטיוו־לייט וואָס פירן אָן מיט די קאָמוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס איבערן לאַנד. גערופן האָט מען אים: דייוויד שפּיראָ, אָדער בלויז דייוויד.

נאָך אַ באַקאַנטשאַפט מיט הילדען האָט ער זי גענומען מיט זיך צו מיטינגען פון דער אָרגאַניזאַציע. אין די ערשטע צייטן איז זי געווען שטיל און האָט זיך איינגעהערט אין די לעקציעס און דיסקוסיעס. זי האָט זיך אויך גוט איינגעקוקט אין די פּנימער פון די יונגע מענטשן וואָס זענען געווען פאַרזאַמלט. זי האָט געוואָלט וויסן זייער אָפּשטאַם, זייער געשמאַק, זייער כאַראַקטער. שפּעטער האָט זי אַליין אויך גענומען אַ וואָרט, געשטעלט פראַגעס . . . אַזוי ברייט און אַזוי ווייט, ביז די פאַרזאַמלטע האָבן אָנגעהויבן קוקן אויף איר מיט נייגער, מיט באַוואונדערונג, און גענומען צושטיין צו איר, אַז זי זאָל אַרויסטרעטן מיט לעקציעס פאַר די גרופּעס.

ס׳איז איר, פאַרשטענדלעך, נישט אָנגעקומען גרינג צו באַשליסן זיך אויף צו ווערן אַ מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער יוגנט־ליגע און אַרויסטרעטן מיט לעקציעס. וויבאַלד זי האָט אָבער ביי זיך אָפּגעמאַכט צו טאָן דאָס, איז זי גלייך געוואָרן אַזוי טעטיק, און צוליב דעם אַזוי שטאַרק באַרימט, אַז מ׳האָט זיך אָנגעהויבן רייסן איבער איר מער ווי איבער אַנדערע אינטעליגענטע און געבילדעטע רעדנערס.

כאָטש ער איז אַ ברודער, דאָך איז אים, דזשעסיקן, נישט אויסגעקומען ביז איצט צו הערן זיין שוועסטער רעדן . . . ער איז אַלעמאָל געווען פאַרנומען, און צו די מיטינגען פון דער קאָמוניסטישער יוגנט האָט ער נישט געדאַרפט גיין. אפילו די איצטיקע פאַרזאַמלונג פון די סטודענטקעס און הילדעס לעקציע, וואָס זענען, לויטן פּלאַן פון דער קאָמיוג־פירערשאַפט, באַשטימט געוואָרן פאַרצוקומען אין זיין היים, האָט ער אויך נישט געקאָנט באַזוכן. ער האָט געדאַרפט אָנשרייבן און צושטעלן דאָס אַרטיקל פאַר איינעם פון די פאַרטיי־זשורנאַלן נאָך הייַנט אָוונט. ער האָט דערפאַר איבערגעגעבן דאָס שרייבצימער פאַר דער גרופּע און אַליין זיך געזעצט אין זיין שלאָפצימער צו טאָן די אַרבעט.

איצט אָבער, אַז ער הערט ווי זיין שוועסטער רעדט, פאַרשטייט ער שוין פאַרוואָס די גרוסן וועגן איר זענען געווען אַזעלכע ענטוזיאַסטישע. ער אַליין איז אויך פול מיט שטראָמען באַגייסטערונג פאַר איר. זי רעדט נישט נאָר מיט איר חנעוודיק מויל. זי רעדט אויך מיט אירע בלויע אויגן, מיט די קנייטשן אויף איר הויכן שטערן, מיט די צוקן פון אירע שמאָלע אַקסלען, מיט די זשעסטן פון אירע שניי־ווייסע הענט, מיט צייכנס וואָס זי מאַכט אין לופטן פון צייט צו צייט מיט אירע לאַנגע, שיינע פינגער. און איר קול,

עטוואָס צוגעדעמפט, פון בוזעם אַרויס, איז אַזוי וואַרעם, אַזוי דורכנעמענדיק, אַז מ׳פאַרגעסט זיך וואו מ׳איז . . .

.3

— האָט איר באַמערקט אין דער טעגלעכער פרעסע . . . — קוקט הילדע אויף די סטודענטקעס און זעצט פאָר איר לעקציע וועגן דער מאָראַל פון ריל־עסטייט לייט. — האָט איר דאָרטן באַמערקט די פולע זייטן מיט רעקלאַמעס וועגן ניי־אויפגעבויטע אַפּאַרטמענט־הייזער און אויך מאָדערנע היימען פאַר איינציקע מישפּחות, אָדער צוויי פאַמיליעס ?

זי האָט געשוויגן אַ ווײַלע, זייטיק געקוקט אויף יענע מיידלעך וואָס זייערע טאַטעס פאַרנעמען זיך מיט בויען און פאַרקויפן הייזער, געוואָלט זען צי זיי ערגערן זיך פון איר רייד, און נאָכדעם ווידער זיך אַדרעסירט צו אַלע פאַרזאַמלטע :

— אויב איר האָט עס נישט באַמערקט, האָט איר אָבער געוויס געזען ווי נײַע געביידעס זענען אויפגעקומען, און קומען אויף, אין אייערע געגנטן... מיט עטלעכע וואָכן צוריק האָב איך געמאַכט אַ טור אין ברוקלין, אין די בראָנקס, אין לאָנג־איילאַנד . . . אומעטום מיט דער כוונה צו זען מיט מיינע אייגענע אויגן ווער עס זענען די ריל־עסטייט לייט און וואָס זיי האָבן אויפגעבויט, אָדער האַלטן אין בויען. דעם טור האָב׳ך געמאַכט אין אַן אויטאָמאָביל. און מיין באַגלייטער איז געווען אונדזער באַרימטער פירער און מאַרקסיסטישער שרייבער, דער קאַמעראַד דייוויד, וועמען מיר זענען שטאַרק דאַנקבאַר פאַר זיין ווילִיקייט צו זיין פאַרזיצער פון איצטיקן מיטינג . . .

אַלע סטודענטקעס האָבן גענומען קוקן אויפן קאַמעראַד דייוויד, וואָס איז געזעסן ביים שרייבטיש, מיט דער ליולקע אין מויל.

— כ׳האָב געזען געגענטן מיט נײַע זעקס־שטאָקיקע אַפּאַרטמענט־געביידעס וואָס האָבן געהאַט די מאָדערנסטע איינריכטונגען, — האָט הילדע פאָרגעזעצט. — כ׳האָב אויך געזען געגנטן וואָס ביז נישט לאַנג צוריק זענען זיי געווען מידבריות, היינט זענען זיי אָבער גן־עדנס מיט פּאַלאַצן און קאָלירפולע סקווערן פאַר האַנדל און איינקויף. כ׳האָב אויך געזען גאַסן וואָס ביז נישט לאַנג צוריק האָבן זיי אויסגעזען מיט זייערע האַלב־חרובע הייזער ווי פאַרצייטיקע וואוין־קאַמערן, וואָס זענען אויסגעגראָבן געוואָרן פון פאַרזינקעניש דורך אַרכעאָלאָגן. אַצינד איז שוין אָבער דאָרטן קיין סימן דערפון נישטאָ. וואָס זעט מען אַצינד דאָרטן יאָ ? לאַנגע רייען פּראַכטפולע היימען פאַר איינציקע פאַמיליעס און פאַר צוויי מישפּחות, שיינע טראָטואַרן, ביימער אין פראָנט פון די הייזער, אויך גערטנער . . . זיי מאַכן דעם איינדרוק ווי דעם פאַרשמייעטן, גרויסשטאָטישן מענטש האָט זיך ענדלעך פאַרבענקט נאָך אַ ביסל עסטעטישקייט, און אוודאי נאָך נאַטור־שיינקייט, וואָס אין פאַרלויף פון פיל יאָרן האָט ער זיך זייער וויניק געדאגהט וועגן זייער אָפּוועזנהייט. איז דאָך דאָס אַ וואונדערלעכע, בויעריש־געשמאַקפולע דערגרייכונג. נישט אַזוי ? אונדז גייט אָבער אַצינד אין עפּעס אַנדערש. מיר פרעגן, ווי אַזוי איז דאָס דערגרייכט געוואָרן ? און דאָ קומען מיר צום עיקר.

אויפן שרייבטיש איז געשטאַנען אַ וויסע, באַר־פאָרמיקע קאַראַפינקע מיט וואַסער, און אין דער נאָנט — אַ גלאָז. הילדע האָט אַריינגעגאָסן אַ ביסל וואַסער אין גלאָז און אַ זופּ געטאָן.

— כדי אונטערצונעמען אַזעלכע גיגאַנטישע פּראָיעקטן מוז מען האָבן אַ סך

קאַפּיטאַל, — האָט זי ווייטער גערעדט. — האָבן אָט די ריל־עסטייט אונטערנעמערס געהאַט די בייטיקע קאַפּיטאַלן? אוודאי נישט. ס׳זענען אָבער פאַראַן צוויי וועגן וואָס פירן צו דעם. איין וועג פירט צו די בענק. דער צווייטער — צו פּריוואַטע געלט־לייערס. נו, איר האָט דאָך געוויס געהערט ווי פּאָרזיכטיק ס׳זענען די בענק ווען ס׳קומט צו לייען געלט. זיי האָבן זיך שטאַרק אָפּגעבריט אין די צייטן פון פּרעזידענט הואווער. אויף טויזנטער היימען האָבן זיי געהאַט באַוואָרענישן. און אַז די באַלעבאַטים פון די היימען האָבן, איבער דעם עקאָנאָמישן קריזיס אין לאַנד, נישט געקאָנט צאָלן זייערע חובות, האָבן די בענק איבערגענומען די היימען און זיי פאַרקויפט. איז וויפל האָבן זיי געקראָגן, בעת קיינער האָט זיך דעמאָלט נישט אומגעקוקט אויף טויזנטער אַנדערע מציאות? כאָטש דער קריזיס איז אַצינד נישט אַזוי שאַרף ווי פריער, דאָך זענען די בענק סייווי שטאַרק פּאָרזיכטיק. דערצו קאָנען זיי נישט אַרויסוואַרפן די באַלעבאַטים פון זייערע היימען, ווען יענע האָבן נישט קיין מעגלעכקייט צו צאָלן די ראַטעס. אונטער דער אַדמיניסטראַציע פון פּרעזידענט רוזוועלט מוזן די בענק זיין איינגעהאַלטן. דער אָרעמער באַלעבאָס פון זיין פּריוואַטער היים איז גענוג געשיצט קעגן „פאַרקלאָזשור״, ס׳הייסט קעגן דעם אַלטן געריכטלעכן אורטייל, אַז די באַנק האָט אַ רעכט אַוועקצונעמען דאָס שטיקל נחלה פון אייגנטימער וואָס קאָן נישט צאָלן. דאָס לייגט אַרויף אויף די בענק־פאַרוואַלטערס אַ פיינלעכע פליכט פון פּאָרזיכטיקייט. צענדליקער פּראָיעקטן, וואָס בוי־אונטערנעמערס ברענגען צו זיי, באַטראַכטן די בענק־פאַרוואַלטערס פאַר נישט־פּראַקטיש, פאַר אַ ריזיקע. איבערהויפּט, אַז דער עקאָנאָמישער קריזיס אין לאַנד איז נאָך גרויס. איז וואָס טוען די ריל־עסטייט לייט ווען די טירן פון די בענק זענען פאַרהאַקט פאַר זיי?

זי האָט ווידער צוגעטאָן ס׳גלאָז צו אירע ליפּן, גענומען אַ שלוק וואַסער, און אויפסניי גערעדט.

— זיי פאַרלייגן נעצן אַרום מענטשן, מערסטנס פון מיטלקלאַס, וואָס האָבן נאָך אַ ביסל אָפּגעשפּאָרט געלט פון אַמאָל, און וואַרטן אויפן פאַנג . . . אוודאי שטרעבנגען זיך אָן די מיטלקלאַס־מענטשן אַז זיי זאָלן נישט אַריינפאַלן . . . זיי זענען פיש מיט דערפאַרונג. זיי פאַרשטייען צוליב וואָס אַ וועדקע שווימט אַרום אין וואַסער . . . אָבער די בוי־אונטערנעמערס זענען אויך נישט אַבי־ווער. זיי וויסן ווי איבערצוקליגלען די קלוגיטשקע. זיי באָטן אָן אַזעלכע הויכע פּראָצענטער אויף הלוואות, אַז די מיטלקלאַס־לייט קאָנען נישט ווידערשטיין דעם לוסט — און גיבן זיך אונטער. שטעלט זיך פאָר, אַז זיי קריגן דריי מאָל, אָדער פיר מאָל, אָדער פינף מאָל אַזויפיל פאַר לייען געלט ווי זיי קריגן אין די בענק. און באַוואָרנט דורך לאָיערס זענען זיי אויך! איז פאַרוואָס זאָלן זיי דורכלאָזן אַזאַ זעלטענע געלעגנהייט?

זי האָט צוגעטראָגן ס׳גלאָז וואַסער צו אירע ליפּן, אָבער זי האָט נישט געטרונקען.

— אַצינד פרעגט זיך, ווייסן נישט די ריל־עסטייטניקעס אַז זיי וועלן נישט קאָנען צאָלן אַזעלכע הויכע פּראָצענטער אויף די געבאָרגטע געלטער? אוודאי ווייסן זיי. וואָס, זיי זענען דען נישט קיין וואוילקענערס אין אַריטמעטיק? און אויב זיי אַליין זענען דאָס נישט, קריגן זיי אַ קלאָר בילד פון זייערע לאָיערס. די ריל־עסטייטניקעס האָבן אָבער אַ פּראַקטישן פּלאַן. און דאָס, אין פאָרויס. זיי וועלן צאָלן אַזוילאַנג ווי ס׳וועט זיך זיי לוינען. אָבער ווי נאָר ס׳וועט זיך ווייזן אַ מינערונג אין זייערע פּראָפיטן, וועלן זיי, די האָנאָראָווע לייט, אָן חרפּה צעפויקן פאַר דער וועלט, אַז זיי האָבן נעבעך נישט פון וואַנען צוריק צו צאָלן, און וועלן דערקלערן זיך באַנקראָט . . . איז וואָס קאָן דעמאָלט דער געלט־לייער טאָן? ער קאָן, פאַרשטייט זיך, קלאָגן אויף זיין חורבן, אויף זיין צוטרוי

צו מענטשן, צו לאַיערישע פּאַפּירן. ער וועט קלאָגן לאַנג. זײַער לאַנג. אָבער מיט דער צײַט וועט ער מוזן באַשטיין אויף אַן אויסגלײַך. וואָס וועט זײַן דער אויסגלײַך? צו קריגן בלויז אַ ברוכצאָל פֿון זײַן אַוועקגעגעבענעם קאַפּיטאַל. דאָס איז אַ טייל פֿון חוב וואָס די געריכטן וועלן אים צופּסקענען אויף דער באַזע פֿון די געשעפֿטלעכע דאָקומענטן, וואָס די ריל־עסטייטניקעס, מיט דער הילף פֿון גוט־באַצאָלטע לאַיערס, וועלן צושטעלן.

זי האָט זיך אָפּגערוט, געגומען אַ שלוק וואַסער און געקוקט אויף די סטודענטקעס וואָס זײַערע טאַטעס זענען אין ביזנעס פֿון ריל־עסטייט.

— עמעצער קאָן אַרויסדרינגען פֿון אַזאַ אומעטיש־אויסקאַלקולירטן פּלאַן, — זאָגט הילדע ווידער, — אַז ריל־עסטייט לײַט האָבן נישט קיין געוויסן. זיי לעבן הפקר . . . דאָס געוויין פֿון לײַדנדיקן גײַט זיי נישט אָן. דאָס, ווײַל איך דאָ באַהויפּטן מיט מײַן גאַנצער דערפֿאַרונג, איז נישט אמת. די דאָזיקע באַשעפֿטיקונג עסט נישט אויף בײַ זיי דאָס געוויסן, פּונקט ווי נישט בײַ אַנדערע. דאָך, פֿאַרוואָס באַגייען זיי זיך אַזוי געוויסנלאָז מיט מענטשן? פֿאַרוואָס פֿאַרגוואַלטיקן זיי די מאָראַל צוליב פּראָפּיט? און פֿאַרגעסט נישט, אַז זיי זענען נישט די גרעסטע מאָראַל־פֿאַרברעכערס . . . מיט נאָך גרעסערע זינד קעגן דער מאָראַל זענען אָנגעהאַרבט אַזעלכע מאַגנאַטן ווי די אייגנטימערס פֿון קוילן־גרובן, אָדער פֿון אויל־קוואַלן, אָדער פֿון טעקסטיל־פֿאַבריקן, אָדער פֿון אויטאָ־מאָביל־פּלענטס, אָדער פֿון אַנדערע אינדוסטריעס מיט אַ נאַציאָנאַלן, אָדער אינטער־נאַציאָנאַלן פֿאַרנעם. די שולד פֿאַר אָט דעם פֿאַרברעכן טראָגט דאָס געבײַ פֿון דער הײַנטיקער סאָציאַלער אָרדענונג . . . און דערפֿאַר דאַרפֿן מיר באַטראַכטן יעדן מאָראַל־פֿאַרברעכער מיט פֿאַרשטענדעניש און מיטלייד . . .

זי האָט זיך ווידער אָפּגערוט אַ ווײַלע, און נאָכדעם אויפֿסנײַ געפֿירט איר געדאַנק.

— אָבער מיט בלויז פֿאַרשטענדעניש און מיטלייד קאָנען מיר נישט עלימינירן דאָס פֿאַרברעכן קעגן דעם מאָראַל־געפֿיל וואָס איז אײַנגעוואָרצלט אין מענטש. מיר מוזן אויך וויסן וואָסער מעדיצין צו פֿאַרשרײַבן. און דאָס איז — — — די קאָמוניסטישע געזעל־שאַפֿט . . . די דאָזיקע נײַע אָרדענונג אין דער וועלט וועט אַוועקשטעלן דעם מענטש אין אַזאַ פּאָזיציע, אַז ער וועט נישט דאַרפֿן לעבן אוממאָראַליש. ער וועט קאָנען לעבן לויט זײַן געוויסן . . . ער וועט נישט זײַן געצוואונגען צו מאַכן אַלערלײַ שאַכערישע מאַנעווערס כּדי צו האָבן אַ קוואַל פֿון פּרנסה פֿאַר זײַן מישפּחה, כּדי צו קאָנען לעבן שענער, כּדי צו קאָנען זען און געניסן דאָס, צו וואָס זײַן האַרץ גלוסט. אויף אַזאַ וועג צו אַזאַ אידעאַלער געזעלשאַפֿט איז שוין אַצינד סאָוועט־רוסלאַנד . . .

געזען אַז די שוועסטער האַלט שוין בײַם סוף פֿון איר רעדע, האָט זיך דזשעסי שטאַרק דערפֿריידט. אָט, אָט, אין אַ מינוט אַרום, אָדער צוויי, וועט ער זיך אַ לאָז טאָן צו הילדען און ער׳ט איר אָנזאָגן די בשורה וועגן דער מוטער . . .

# קאַפּיטל פערצן

## די חתונה־באַקאַנטשאַפט

### .1

דאָס וואָס הילדע האָט אַרויסגעשטעלט סאָוועט־רוסלאַנד פאַר דעם איינציק־פּיאָנערישן בויער פון אַ מוסטערהאַפטער, סאָציאַלער געזעלשאַפט, וואו דער מענטש וועט זיך קאָנען אויפפירן לויט זיין געוויסן, וועט נישט דאַרפן באַגיין קיין פאַרברעכנס קעגן דער מאָראַל, ווי אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, — דער דאָזיקער אויסגעשפּראָכענער, נישט־וואַקלדיקער זאָג האָט אַזוי אויפגערודערט די סטודענטקעס, אַז ס'איז פאַר זיי געוואָרן פּיינלעך צו זיצן און שווייגן. אין משך פון לאַנגע צייטן האָט זיך יעדע איינע אַרומגעטראָגן מיט ספקות וועגן אַזאַ באַהויפּטונג, וואָס ווערט אָפט אַרויסגעזאָגט אין דער קאָמוניסטישער ליטעראַטור און פּרעסע. זיי האָבן אָבער געשטיקט אין זיך די סקעפּטישקייט. איצט אָבער — אויס פאַרדראָס אויף הילדען פאַר איר געוואַגט אַראָפּרייסן די אוממאָראַלישע אויפפירונג פון זייערע טאַטעס, כאָטש ווי קאָמוניסטקעס האָבן זיי איינגעשטימט מיט איר — האָט יעדע געפילט אַ ברענענדיקן חשק צו כאַפּן זי ביי אומפּינקטלעכקייטן און אַזוי־אַנאַך צו ווייזן איר, אַז זי איז נישט דער גאַנצער אויטאָריטעט. און ווי נאָר זי האָט פאַרענדיקט די לעקציע האָבן טאַקע די מער דרייסטע נישט געקאָנט לענגער וואַרטן און גענומען אַרויסקומען מיט זייערע טענות.

— קאַמעראַד דייוויד — — —

— קאַמעראַד דייוויד... כ'וויל בעטן קאַמעראַד הילדען צו ענטפערן מיר צי די מאָראַל פון סאָוועט־רוסלאַנד איז נישט באַפלעקט געוואָרן פון די געשעענישן וואָס זענען דאָרט פאַרגעקומען מיט אַ צייט צוריק. כ'מיין די טויט־אורטיילן וואָס דער רעוואָלוציאָנערער טריבונאַל אין מאָסקווע האָט אַרויסגעטראָגן אויף די באַרימטסטע באָלשעוויקעס, פּאַרטיי־פירערס, אַז זיי זענען געווען פאַררעטערס צום אויפבוי פון דער נייער אָרדענונג.

— און איך וויל בעטן קאַמעראַד הילדען צו ענטפערן מיר צי די באַשולדיקונג פון דער רוסישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אַז די באַרימטסטע הויפּט־קאָמאַנדירן פון דער רויטער אַרמיי זענען געווען אין אַ פאַרשווערונג מיט נאַצי־דייטשלאַנד קעגן זייער אייגענעם סאָוועטישן פאַטערלאַנד, איז טאַקע געווען הונדערט פּראָצענט אויטענטיש. כ'מיין, וואָס גיט אונדז די זיכערקייט, אַז די באַשולדיקונג איז נישט געווען פאַבריצירט אויס פּערזענלעכער שינאה. האָט דאָך דאָס פראַנצויזישע מיליטערישע געריכט אויך געהאַט געגלייבט אין דעם פאַרראַט פון קאַפּיטאַן דרייפוס, ביז ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס'איז געווען אַ בילבול און פּלאַנירט געוואָרן פון זיינס אַ שונא. און אויב דאָס זעלבע איז געשען, אָדער געשעט, אין סאָוועט־רוסלאַנד, איז ווי קאָן מען באַהויפּטן אַז דאָרטן קומט נישט פאָר קיין פאַרברעכן קעגן מאָראַל?

— און איך וויל פרעגן קאַמעראַד הילדען צי איז אויך פאַררעכנט פאַר מאָראַל דאָס וואָס די סאָוועטישע פּאָליטיק צווינגט אַרויף אַ סיסטעם אויף מענטשן וואָס גלייבן נישט דערין. כ'האָב אין זינען די מערהייט פּויערים אין רוסלאַנד. לויט די באַריכטן וואָס ס'גיבן איבער אין דער פּרעסע גוט־אינפאָרמירטע זשורנאַליסטן, וואָס האָבן פאַרבראַכט

פיל יאָרן אין רוסלאַנד, זענען אומגעקומען דורך פייניקונגען און דערשיסן פיל מיליאָנען פויערים, וואָס האָבן נישט געוואָלט גיין אַרבעטן אויף קאָלעקטיווע פאַרמס . . . שוין לאַנג ווי כ׳טראַכט וועגן דעם . . . און מיין עלטערער ברודער, אַ לאָיער און סאָציאַליסט, וואַרפט דאָס מיר פאָר ביי יעדן באַגעגעניש מיינעם מיט אים. „נו", פרעגט ער מיך, „ווען צעשיסט דיין פראָלעטאַרישע דיקטאַטור אין רוסלאַנד נאָך עטלעכע מיליאָן אָרעמע ערד־אַרבעטער?"

— און איך וויל בעטן קאַמעראַד הילדען צו דערקלערן, פאַרוואָס שטיצט סאָוועט־רוסלאַנד אַלע נאַציאָנאַלע באַוועגונגען אין דער וועלט, אַלע פאָלקס־פאַרטייען וואָס ווילן זיין זעלבסטשטענדיק נאַציאָנאַל־קולטורעל און אויך ווי אַ מלוכה, אָבער זי איז קעגנעריש צום ציוניזם? שטימט דאָס אויך מיט דער איינגעבוירענער, אוניווערסאַלער מאָראַל, וואָס איר, קאַמעראַד הילדע, האָט אַזוי קלאָר און שיין אַרומגערעדט פריער? אויב סאָוועט־רוסלאַנד טוט עס צוליב פּאָליטיק, איז ווי קאָן מען זאָגן, אַז זי איז די באַשיצערין פון דער אַבסאָלוטער ריינקייט פון מאָראַל? און אויב דאָס איז די מאָראַל פון סאָוועט־רוסלאַנד, איז מיט וואָס איז זי אַנדערש פון דער אַזוי־גערופענער מאָראַל פון אַנטיסעמיטישע רעגירונגען אין קאַפּיטאַליסטישע לענדער?

— אויך איך וויל פרעגן דאָס זעלבע, קאַמעראַד הילדע . . . אין דער היים ביי מיינע עלטערן גייען־אָן דיסקוסיעס וועגן דעם . . . מיין טאַטע איז אַ ציוניסט, און מיין מאַמע איז אַ טוערין אין „הדסה" . . .

בעת די סטודענטקעס האָבן גערעדט האָט דייוויד געהאַלטן די ליולקע אין האַנט און געקוקט אויף יעדער איינער מיט אַנטוישונג . . .

אַז ביי די מיטינגען פון די סטודענטן און סטודענטקעס זאָלן אויסגעדריקט ווערן ספקות, דאָס איז נישט געווען קיין נייס פאַר אים. ער האָט זיי אָפט געהערט. די כוונה פון האָבן מיטינגען מיט זיי איז דאָך טאַקע געווען, אַז מ׳זאָל דורך לעקציעס אי אָנרעגן זיי אַרויסצוקומען מיט זייערע מיינונגען און אי זיי קלאָר מאַכן מיט ענטפערס — אין ליכט פון מאַרקסיזם־לעניניזם. דער כאַראַקטער פון די פּראָבלעמען וואָס די סטודענטקעס ביים איצטיקן מיטינג האָבן באַרירט איז אָבער געווען פאַר אים אַן איבערראַשונג, און נאָך מער — אַן אַנטוישונג. און נישט נאָר דער כאַראַקטער. אויך די שאַרפקייט פון דעם אופן פרעגן. איז דאָס דער צוטרוי וואָס זיי, די יונגע קאָמוניסטקעס, האָבן צו סאָוועטן־רוסלאַנד, דער פירערין צו דער אמתער וועלט־גערעכטיקייט?

דאָך האָט ער זיך נישט פאַרלוירן. ער האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז הילדע איז בכח צו ענטפערן אויף אַלץ. ס׳האָט שוין נישט איין מאָל געטראָפן אַזעלכעס. ער קאָן זיין רואיק אויך איצט. אָבער נישט אַראָפּנעמען כאָטש אַ טייל פון דעם פּאַק מאַטעריאַל, וואָס זי וועט דאַרפן טראָגן אויף איר קאָפּ בעתן ענטפערן יעדער אומצופרידענער סטודענטקע באַזונדער, וואָלט דאָך געמיינט אויסמאַטערן זי גייסטיק. און מאָרגן אינדערפרי וואָלט זי געווען מיד צו גיין אין אָפיס אַריין צו דער אַרבעט. אַז די סטודענטקעס האָבן זיך שוין געהאַט אַרויסגעזאָגט וועגן אַלץ, וואָס האָט זיי געמאַטערט, האָט ער, דייוויד, צוריק אַריינגעטאָן די ליולקע אין מויל און זיך אויסגעדרייט צו הילדען מיט אַ שמייכל:

— דאָס מאָל, קאַמעראַד הילדע, וועל׳ך דיר אַרויסהעלפן . . . ס׳איז צופיל פאַר דיר צו ענטפערן אַלעמען. וועסט אינדערפרי נישט קאָנען אויפשטיין פון בעט.

הילדע האָט איצט געהאַלטן אין עפענען איר האַנטבייטל וואָס איז געלעגן אויפן שרייבטיש, ביי וועלכן זי איז געזעסן. זינט זי האָט פאַרענדיקט די לעקציע און זיך געזעצט האָט זי זיך שוין געהאַט צוגעקעמט די האָר וואָס זענען אין טייל פלעצער

אויפן קאָפּ געווען לויז. אויך האָט זי מיט אַ טיכעלע זיך געהאַט אַרומגעווישט די ווינקלען פון מויל. און איצט האַלט זי אין עפענען דעם האַנטבייטל כּדי אַרויסצונעמען פון דאָרטן דאָס פּודער־קישעלע און דעם ליפּסטיק. געהערט דעם קאַמעראַד דייווידס אָנבאָט, האָט זי זיך אויסגעדרייט און גענומען קוקן אויף אים מיט שטוינונג און געררירטקייט.

זיין אָנבאָט, דערצו מיט מיטגעפיל, מיט אַ שמייכל, האָט זי אַזוי דורכגענומען, אַז די ערנסטקייט וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון איר פּנים ביז איצט איז אַנטרונען געוואָרן ווי אַ שאָטן פאַר דער זון.

דזשעסי, וואָס איז נאָך געשטאַנען ביי דער טיר, נאָך אַלץ נישט געהאַט צו וויסן געטאָן הילדען וועגן דער מוטער, זיך געשראָקן, אַז ווי נאָר זי וועט אַרויס פון דאַנען וועט זי זיך שוין אַזוי גיך נישט צוריקקערן, האָט איצט געזען אין דער שוועסטערס אויגן דאָס פייער וואָס דער זעקס־פוס הויכער פאַרזיצער פון מיטינג, דייוויד, צינדט־אָן אין איר. דאָס איז געווען דאָס זעלבע פייער וואָס דערמיט האָט ער פאַרברענט איר צובונד צו מיסטער רובינס זון, סאָל. דאָס איז אויך געווען ס׳זעלבע פייער וואָס דערמיט האָט ער זי אַריינגעבראַכט אין די רייען פון דער קאָמוניסטישער יוגנט־ליגע. און דאָס איז אויך געווען ס׳זעלבע פייער וואָס ער האָט זי דערמיט איצט אַרויסגענומען פון איר פאַרטראַכטקייט און כמורנעם געמיט.

הילדע — מיט צעפינקלטע אויגן, מיט צניעותדיקער דאַנקבאַרקייט אויפן פּנים — האָט אַ לאַנגע ווײַלע געקוקט אויפן מיטינג־פירער, דייווידן, און פון געררירטקייט נישט געוואוסט וואָס צו זאָגן.

.2

באַקענט האָט זי זיך מיט דייווידן עטלעכע חדשים נאָך אירע תנאים מיט סאָלן. ס׳איז געשען אויף אַ חתונה פון אירס אַ פריינדין. הילדע און איר חתן סאָל זענען דעמאָלט בעתן מאָלצייט געזעסן ביי אַ טיש פאַר נישט־פאַרהייראַטע, יונגע מענטשן. ביים זעלבן טיש איז אויך געזעסן דייוויד וואָס איז אַ קוזין צום יונגנמאַן, מיט וועמען הילדעס פריינדין האָט חתונה געהאַט.

צוליב דער געוואוינהייט זיינער צו האַלטן אָפּט די ליולקע אין מויל, און אויך צוליב דעם וואָס מערסטנס איז ער געווען אין אַ געמיט פון פאַרטיפטער מעדיטאַציע, האָט דעמאָלט יעדער איינער זייטיק געוואָרפן אויף אים אַן אָבסערווירנדיקן בליק און זיך געוואונדערט וואָס ער באַטייליקט זיך זייער זעלטן אין די שמועסן צווישן די געסט ביים טיש.

בעתן מאָלצייט זענען אַלע יונגעלייט און מיידלעך ביים טיש — חוץ הילדע, סאָל און דייוויד — אויפגעשטאַנען און אַוועק אין מיטן זאַל צום טאַנצן.

אין איר קרייז איז הילדע געווען באַוואוסט פאַר אַן אויסגעצייכנטער טענצערין. און ווען נאָר ס׳האָט זיך איר געמאַכט אַ געלעגנהייט האָט זי זיך גענומען באַוועגן צום טאַקט פון פאַרווילערישער מוזיק. טאַנצן — דאָס איז ביי איר געווען אַ תאווה. זי האָט אָנגעקוואָלן פון זיך ווען אירע שיינע פיס און הענט, צוזאַמען מיט איר בייגיק־שלאַנקן קערפּער, האָבן זיך ריטמיש און פלינק באַוועגט איבערן דיל פון אַ צימער.

דער חתן אירער, סאָל, איז אָבער געווען דער היפּוך. ער האָט פיינט געהאַט צו טאַנצן. איבערהויפּט צווישן מענטשן. ער האָט זיך געפילט אומגעשיקט. און כאָטש ער האָט זיך שטאַרק באַמיט צו זיין דרייסט, דאָך איז עס אים נישט געלונגען.

ביים אָפּט פּאַרטראַכטן דייווידן, פּונקט ווי ביי איר, הילדען, איז אָבער דאָס טאַנצן אויך געווען אַ ליידנשאַפט. ווען נאָר ס'האָט זיך דערהערט טאַנץ־מוזיק האָט דאָס פּנים ביי אים אויפגעשיינט און ער האָט זיך געלאָזט אין אַ געווירבל איבערן דיל. צום קוזינס חתונה איז ער אָבער געקומען אָן אַ מיידל. און אַז ס'יונגוואַרג איז אַוועק פון טיש, זיך געלאָזט אין געשוועב צום טאַקט פון אָרקעסטער, איז ער געזעסן אַ פאַרטרויערטער, אַ פאַרבענקטער, האָט גערוקט די ליולקע אין מויל פון איין ווינקל צום צווייטן, און זיך באַמיט צו טראַכטן וועגן זיינע שווערע פליכטן אין דער פירערשאַפט פון דער קאָמוניס־טישער יוגנט־ליגע, און אויך וועגן טעזיסן פון אַרטיקלען וואָס ער האָט געדאַרפט שרייבן פאַר די זשורנאַלן פון דער באַוועגונג.

אויפגעפלאַנטערט דעם קנויל האָט אָבער דעמאָלט נישט קיין אַנדערער ווי נאָר סאָל.

— פאַרוואָס גייט איר נישט טאַנצן ? — האָט ער זיך געווענדט צו הילדען און דייווידן מיט פאַריבל פון אַן אמתן דזשענטלמאַן. — פאַרוואָס זאָלט איר נישט אויסנוצן די געלעגנהייט צוליב מיר ? כ'זאָג אייך מיט מיין גאַנצער אויפריכטיקייט, אַז אייער טאַנצן צוזאַמען וועט מיר פאַרשאַפן אַ סך פרייד.

דער אמת איז געווען, אַז ביידע, סיי הילדע און סיי דייוויד, האָבן עס שטאַרק באַגערט. און נישט נאָר צוליב זייער תאווה צום טאַנצן. ווי נאָר זיי האָבן זיך באַגעגנט ביים טיש האָבן זייערע הערצער געגומען קלאַפּן שטאַרקער. און במשך דעם מאָלצייט האָבן זיי געפילט, אַז די אומבאַקאַנטשאַפט צווישן זיי צעדריוולט זיך, צעפאַלט, ווערט נעלם. זיי האָבן צווישן זיך עפּעס געמיינשאַפטלעכס וואָס האָט געוואַרט אויף זיי פון זייער לאַנג צוריק. ס'וויל זיי איצט צונויפבינדן און פירן צו אַ שותפותדיקן ציל אין לעבן.

— שטימט איר איין, מיס האָרוויץ, מיט אייער חתנס אָנבאָט ? — האָט דייוויד אַרויסגענומען די ליולקע פון מויל און געפרעגט הילדען מיט שעמעוודיקייט און מיט פאַרבעפּלטער פרייד אין זיין ערנסטן פּנים.

— אויב איר'ט מיר נישט פאַרוואַרפן, אַז כ'בין אַן אומגעשולטע טענצערין, וועל'ך צושטימען צו מיין חתנס באַגער, — האָט זי, הילדע, געלאַכט מיט איר קלינגענדיקער שטימע און געקוקט מיט גיריקע אויגן, ווי אַ דאָרשטיקער קוקט אויף אַ קרוג וואַסער וואָס ווערט אים דערלאַנגט צום טרינקען.

בעתן טאַנצן און דעם ווירוואַר פון אַנדערע שוועבנדיקע פאַרלעך האָט דייוויד געקוקט אויף איר, הילדען, מיט געצאַמטער פרייד, מיט שעמעוודיקייט אין זיינע אויגן, און געזאָגט מיט ציטער אין קול:

— איר טאַנצט זייער עלעגאַנט !

— אַ דאַנק, — האָט זי געלאַכט מיט איר קלינגענדיקער שטימע, וואָס איז געווען אָנגעקוואָלט מיט לוסטן וואָס האָבן זיך געטראָגן פון איר שויס, פון אירע קיילעכדיקע היפּטן און פון איר פול־אַנטוויקלטן בוזעם.

— איר זענט אַזאַ שיינע . . . —האָט ער פּלוצעם געשעפּטשעט מיט אַ הייזעריקלעך קול. און ער האָט געקוקט מיט אַזאַ בליק, גלייך ווי ער וואָלט געווען אין אַ צושטאַנד פון פאַרלירן דעם פאַרשטאַנד.

— אַ דאַנק, — האָט זי ווידער געלאַכט.

— האָט איר אַמאָל פּרובירט ווערן אַ מאָדעלקע פאַר באַל־קליידער, אָדער ווערן אַן אַקטריסע ? — האָט ער אין אַ ווײַלע אַרום געפרעגט.

הילדע האָט זיך דאָס מאָל אַזוי שטאַרק צעלאַכט, אַז זי האָט זיך געמוזט אָפּשטעלן אויף אַ ווײַלע פון טאַנצן.

— ווייסט איר, מיסטער שפּיראָ, — האָט זי געזאָגט, — אַז איך בין אַ רבנישע טאָכטער ?

— כ'האָב אַרויסגעדרונגען דאָס פון דעם שמועס ביים טיש, — האָט ער געקוקט אויף איר מיט שמייכלענדיקע אויגן.

— נו ?... — האָט זי געפרעגט און געלאַכט.

— נו ?... — האָט ער איבערגעפרעגט איר באַדייטנדיקע קורצע טענה. — כ'האָב אויך פאַרשטאַנען פון שמועס מיט אייך ביים טיש, אַז מיסטער דזשעסי האַרוויס, אייער פון די אינטעלעקטואַלן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין אַמעריקע, איז אייער ברודער... און ווי אַ ברודער איז ער דאָך אויך אַ זון פון די זעלבע רבנישע עלטערן. איז עס נישט אַזוי ? — שמייכלט ער.

— אָ, ער ?! — האָט זי, הילדע, אַ קרעכץ געטאָן און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. אָבער אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי זיך ווידער צעלאַכט. — כ'גלייב איר זענט גערעכט... מיר זענען פון די זעלבע טאַטע־מאַמע...

— ס'איז אַזוי גוט צו הערן אייך לאַכן, מיס האַרוויץ... האָט ער ווידער געקוקט אויף איר מיט געצאַמטער פרייד און שעמעוודיקייט אין זיינע אויגן.

— לאַכט איר קיינמאָל נישט ? — האָט זי געפרעגט מיט געמאַכטער נאַאיווקייט.

— איר לאַכט אַנדערש... — האָט ער שמייכלענדיק געזאָגט און זי ווידער גענומען צום טאַנצן.

— ווי אַנדערש ? — האָט זי געפרעגט בעתן טאַנצן. — ווי אַ נאַריש מיידל ?

— ניין, — איז ער געוואָרן עטוואָס בייזלעך אויף איר פאַר מאַכן אים צו נאַר. — איר לאַכט ווי אַ העכסט קלוגע, טיף עמאָציאָנעלע, און אין דער זעלבער צייט ווי אַ נישט איבעריק גליקלעך מיידל...

הילדע האָט זיך אַפּגעשטעלט אין טאַנצן.

— פאַרוואָס מיינט איר אַזוי ? — האָט זי אים געפרעגט אַן איבערראַשטע און מיט בייגער אין די אויגן.

— אויף דעם דאַרף מען [illegible] אַ סך צייט צו דערקלערן, — האָט ער געענטפערט מיט אַ סך ליבשאַפט אין קול.

— קאָנט איר עס נישט מאַכן קורץ ? גלייך אַצינד ?

— ניין, — האָט ער געדרייט שטאַרק ערנסט מיטן קאָפּ, נעמענדיק זי ווידער צום טאַנצן. — אויב איר באַגערט, מיס האַרוויץ, קאָנען מיר זיך באַגעגענען ערגעץ... און דאָרטן וועלן מיר רעדן.

זי האָט ווידער אויפגעהערט טאַנצן.

— כ'האָב דאָך אַ חתן ! — האָט זי אַ קוק געטאָן אויף אים אַ ברוגזע.

— איך גיי אייך נישט אַוועקנעמען פון אייער חתן, — האָט ער געזאָגט מיט פאַרדראָס. — ער איז זייער אַ סימפּאַטישער און וואוילער...

— געוויס ! — האָט זי אַקוק געטאָן אויף אים מיט אַ פּאָר וואָלפיש־אויפגערייצטע אויגן, פילנדיק אַז מיט זיין לויב פאַר סאָלן האָט ער מן־הסתם גלייכצייטיק אָפּגעשאַצט אויך איר ווערט, ס'הייסט, נישט קיין גרויסן ווערט.

— ווילט איר ? — האָט ער אויפסניי געפרעגט וועגן אַ באַגעגעניש, בעת נעמען זי ווידער צום טאַנצן.

— נישט קיין ספּעציעלע באַגעגעניש, קיין ראַנדעוואו, — האָט זי געפליסטערט. — אויב איר ווילט קאָנט איר מיך טרעפן אין דער ביבליאָטעק־געביידע פון דער צוויי־און־

פּערציקסטער גאַס. כ׳זיץ לעצטנס אין דעם רעפּערענץ־זאַל צווישן פֿינף און צען אַזייגער.

— וואָס טוט איר אין דעם רעפּערענץ־זאַל? אויב כ׳מעג פֿרעגן . . . — האָט ער געקוקט אויף איר מיט נײַגער און גלײַכצײַטיק איז אַלץ אין אים געוואָרן עקזאַלטירט פֿון איר צושטימען אויף זײַן אָנבאָט.

— כ׳אַרבעט אויף אַן אָפּהאַנדלונג . . . ס׳איז וועגן דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע און דער ענגלישער קאָלאָניאַלער רעגירונג. ס׳איז פֿאַר אַ מאַסטער־דעגרי. כ׳מוז לייענען אַ סך ביכער און מאַכן נאָטיצן.

— פֿאַרוואָס קומט איר דאָרטן אַזוי שפּעט? — האָט ער ווידער געפֿרעגט מיט נײַגער.

— ווײַל בײַטאָג אַרבעט איך אין אַן אָפֿיס . . . בײַם יידישן קאָנגרעס.

— נו, גוט . . . — האָט ער מיט שטאַרקערער אויפֿגעלייגטקייט גענומען שמועסן מיט איר. — וועל׳ך אײַך זען דאָרטן מאָרגן צווישן פֿינף און צען.

געקומען איז ער אָבער נישט צווישן פֿינף און צען, נאָר האַלב נאָך פֿיר. און אַז זי האָט זיך באַוויזן, מיטן לעדערנעם פּאָרטפֿעל אונטער איר אָרעם, און דערזען אים וואַרטן אויף איר, האָט זי שוין מער נישט געהאַט בדעה אַרויסצונעמען די ביכער וואָס זי האָט געדאַרפֿט האָבן. זי איז אַרויס מיט אים פֿון רעפּערענץ־זאַל, אַרײַן אין לאַנגן, פּאַלאַציש־קילבלעכן קאָרידאָר, און זיי האָבן זיך געזעצט אויף איינער פֿון די מאַרמאָרענע בענק.

— ס׳וואָלט געווען אַזוי אָנגענעם, אַזוי ציכטיק און וואַרעם, ווען מ׳וואָלט אַלעמאָל געקאָנט פֿאַרברענגען אין אַזאַ געמיטלעכער אַטמאָספֿערע פֿון ביכער און לייענערס . . .

— האָט זי געקוקט אַרויף צום געוועלבטן סופֿיט און געדערדט ווי אין אַ חלום.

— פֿון אויסלעבן זיך תּמיד אין אַזאַ אומגעבונג — האָט ער געקוקט אויף איר מיט באַגײַסטערונג אין זײַנע אויגן און געזאָגט — וואָלט די געזעלשאַפֿט גאָרנישט געוואונען. כ׳געדענק נאָך ווי דער היברו טיטשער פֿון דער תּלמוד־תּורה, וואו כ׳האָב געלערנט אין מײַנע יונגע יאָרן, האָט געפֿלעגט שרײַען אויף מיר, אויך אויף אַלע אַנדערע ייִנגלעך, און אונדז מוסרן . . . לכל זמן, אויף יעדער זאַך איז דאָ אַ צײַט . . . און איך זאָג אײַך, מיס האַרוויץ, אַז דער געלערנטער מענטש, איבערהויפּט ער, טאָר זיך נישט אָפּזונדערן פֿון דעם קאָלעקטיוו. ער מוז נוצן זײַן וויסן פֿאַר דער טובֿה פֿון דער וועלט.

— און איך זאָג אײַך, מיסטער שפּירא, — האָט זי נאָך אַלץ געקוקט אַ פֿאַרחלומטע צום סופֿיט און לאַכנדיק געענטפֿערט, — אַז דאָרטן, אין קהלת, פֿון וואַנען אײַער היברו טיטשער האָט ציטירט, ווערט אויך געזאָגט עפּעס אַנדערש . . . כּי מה הוה לאדם בכל עמלו . . . נו, איז וואָס אַז דער מענטש האָט שוין געהאָוועט אַלע זײַנע יאָרן און זיך אָפּגעגעבן צו כּלל־באַדערפֿענישן? וואָס בלײַבט אים פֿון זײַן גאַנצער מי? מײַן פֿאָטער, ווען ער האָט געלערנט מיט מיר, און געלערנט האָט ער מיט מיר תּנ״ך, גמרא, דעם רמב״ם, האָט זיך אָפֿט פֿאַרטראַכט וועגן אָט דער קהלת־שטעלע. און אויך איך . . .

דעם צווייטן טאָג איז ער געקומען נאָענט צו זיבן אין אָוונט, לויט איר שטרענגן אָנזאָג. און אַז זי איז פֿאַרטיק געוואָרן מיט די נאָטיצן פֿון געוויסע שטעלן אין די געליִינטע ביכער, איז זי געגאַנגען אַוועק מיט אים אין אַ רעסטאָראַן, וואָס ער האָט רעקאָמענדירט, און וואָס איז געווען באַוואוסט פֿאַר סערווירן כּשרע מאכלים.

— וואָס מיינט איר, מיס האַרוויץ, האָט ער געזאָגט לאַכנדיק, — אַז אַ ראַדיקאַל האָט פֿײַנט אַ כּשר מאָלצײַט?

הילדע האָט מיטגעלאַכט מיט אים.

— איר האָט נישט פֿײַנט, — האָט זי געזאָגט, — אָבער איר זאָגט זיך אויך נישט אָפּ פֿון עסן טרפֿות. מאַך איך אַ טעות?

— אויב ס׳באַליידיקט די געפילן פון אַ פריינד וועל׳ך זיך אָפּזאָגן פון עסן טרפות,
— האָט ער געענטפערט און געקוקט אויף איר מיט אַנטציקונג.
— בין איך איינע פון אַזוינע פריינד?
— יאָ . . .

ביים מאַלצייט האָבן זיי פאַרבראַכט אין גרויס אויפגעלייגטקייט, און זיי האָבן אויך אַ סך געלאַכט.

נאָך אָט דעם אָוונט האָבן זיי זיך באַגעגנט אויף טיימז־סקוועער צווײ, דריי מאָל אַ וואָך. זיי זענען געגאַנגען אין מואווים, אין טעאַטערן, אין דער אָפּערע, אין מוזייען, און האָבן געגעסן אין רעסטאָראַנען.

ענדלעך האָט זי אָנגעהויבן זען אין וואָסער וועלט זי געפינט זיך, און זי האָט געוואוסט וואָס זי דאַרף טאָן. פּאַמעלעך און מיט אינערלעכער פעסטקייט האָט זי געלאָזט וויסן אירע עלטערן, אַז דער שידוך מיט סאָלן איז איר מער נישט צום האַרץ. און מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער, שבת־צו־נאַכט, איידער די רובינס זענען אַריבערגעקומען צו אירע טאַטע־מאַמע צו רעדן מיט זיי וועגן איר געביטענער באַציאונג צו סאָלן, און אויך וועגן דער חתונה, האָט זי זיך אויפגעהויבן און איז אַנטרונען דאָ אַהער, צום ברודער.

„אַצינד״ — האָט זי יענעם שבת־צונאַכט געזאָגט דעם ברודער דזשעסין, נאָך אַ שמועס וועגן איר באַציאונג צו דייווידן, — „איז איינס פון די צוויי. . . אָדער די עלטערן הערן אויף מיט זייער עקשנות, ס׳הייסט מיט נישט געבן זייער הסכמה אויף מיין פאַרבינדן זיך מיט דעם וואָס זיי רופן „כופר בעיקר״, אָדער איך קער זיך מער נישט צוריק אַהיים״.

דעם זעלבן אָוונט האָט זי צו וויסן געטאָן דייווידן וואָס זי האָט געטאָן און וואו זי געפינט זיך. און זינט דעמאָלט איז דייוויד שטאַרק באַזאָרגט וועגן איר יעדן קער און ווענד. ער וואַכט איבער איר יעדן טריט און שריט. און טאָמער דאַרף זי ערגעץ גיין, אָדער עפּעס טאָן, באַט ער זיך גלייך אָן צו פירן זי מיט זיין אויטאָמאָביל, אָדער צו העלפן איר אין דער אַרבעט.

דאָס זעלבע, אויך איצט.

— אַ דאַנק, דייוויד, — זאָגט זי ענדלעך צו אים, — פאַר דיין אָנבאָט צו נעמען אויף זיך אַ טייל פון די ענטפערס וואָס איך דאַרף געבן. זייער באַרעכנדיק פון דיין זייט. אָבער ס׳וועט נישט זיין צופיל פאַר מיר. כ׳האָב גערן אַזעלכע דרייסטע, אָפּפרעגערישע שמועסן . . . מיט צייטן צוריק האָב איך אַליין זיך אויך געראַנגלט מיט אַזעלכע גע־דאַנקען . . . ס׳זענען געווען נעכט, ווען כ׳האָב נישט געקאָנט איינשלאָפן.

מיטאַמאָל האָט זי אויפגעהערט רעדן און גענומען קוקן אויף דזשעסין, וואָס איז נאָך געשטאַנען ביי דער טיר. אויך האָט דייוויד געקוקט אויף אים. און אויך האָבן די סטודענטקעס אָנגעצילט זייערע בליקן אויף אים. אַלע האָבן געהערט אַ פרויס געשריי, וואָס איז געקומען פון דזשעסיס אַפּאַרטמענט. יעדער האָט אים געוואָלט פרעגן וועגן דעם באַדייט דערפון. קיינער האָט זיך אָבער נישט געוואָלט אַרויסכאַפּן מיט קיין וואָרט. וואָרעם ווי אומשולדיק דאָס פרעגן זאָל נישט זיין וואָלט עס אים אפשר געבראַכט אין גרויס פאַרלעגנהייט.

— וואו איז כיבוד־אָם? . . . — האָט די פרוי געשריען. — וואו איז דרך־ארץ פאַר אַ מאַמען? . . . ווייסט מען שוין נישט דאָ אין הויז אפילו פון קיין פיצל לייטיש אויפפירן זיך צו אַ מאַמען וואָס וואַרט און וואַרט? . . . ווי לאַנג וועט מען מיך דאָ האַלטן אין וואַרטן? . . . וואָס מיינען זיי בין איך? איז שוין דאָ ביי די דאָזיקע מענטשן אַ מאַמע נישט מער ווי אַ הונט? ווי טיף קאָנען נאָך אָט די גאַטלאָזע לייט פאַלן? . . .

דער הױכער, װערבע־דינער דזשעסי איז איצט געװען װײס אין פּנים. די אױגן בײַ אים זענען געװען פֿאַרדרײט. ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט אַ האַנט צו דײװידן און צו די סטודענטקעס, אַז זײ זאָלן זיך באַרואיקן, און ער איז צו צו הילדען.

— זײ אַזױ גוט, הילדע, — זאָגט ער שטיל צו איר, — און לאָז דערװײַל די ענטפֿערס צו דײװידן. ד׳מוזט זיך אַנטשולדיקן פֿאַר אַלעמען דאָ און גײן אין ליװינג־רום אַרײַן . . .

## קאַפּיטל פֿופֿצן

## דער צונױפֿשטױס

### 1.

מיט די הענט פֿאַרבײַלט אין פֿױסטן, די ליפּן אין פֿיבער, איז די רביצין געשטאַנען אין מיטן פֿון דער ליװינג־רום און האָט מיט אָנגעצונדענע אױגן געקוקט אױף הילדען, װאָס האָט זיך באַװיזן פֿון דזשעסיס שרײַבצימער.

— פֿאַרװאָס האָט דיר גענומען אַזױ לאַנג אַרױסצוקומען צו מיר? — האָט זי מיט צאָרן געפֿרעגט. — האָסט געהאַט בילכערע זאַכן װי מיך צו באַגעגענען? אָדער האָסטו אפֿשר דאַרטן אין צימער זיצן דײַן קאָמוניסטישן זיװוג, דעם אַפּיקורסישן מיסיאָנער, װאָס פֿאַרלײקנט אַלץ אױסער די נײַע יױזלס, מאַרקס און לענין, װאָס יידן װעלן נאָך איבער זײ האָבן צו זינגען און צו זאָגן, פּונקט װי איבער דעם ערשטן יױזל? יאָ? איז דאָס פֿלױדערן מיט אים װעגן דער תּורה פֿון די צװײ טױטע געטער מער פֿאַרגעניגן פֿאַר דיר, מער חוב, אײדער אױסצוהערן מחמת װאָס דײַן מאַמע האָט זיך אַהערגעשלעפּט אַזאַ װײַטן װעג?

אַ בלאַסע, מיט שרעק אין די אױגן, איז הילדע געבליבן שטײן עטלעכע טריט פֿון דער מוטער און במשך אַ לענגערער װײַלע האָט זי נישט געקאָנט עפֿענען אירע ליפּן.

— צו װאָס ביסטו געקומען, מאַמע? — האָט זי ענדלעך געפֿרעגט.

די רביצין האָט לאַנג נישט געלאָזט װאַרטן אױף אַ תּשובה.

— צו װאָס? — האָט זי זיך אָנגעכאַפּט אין דער טאָכטערס װערטער און געפֿרעגט מיט ביטערניש און גרעסערן צאָרן. — אװדאי װעל׳ך דיר זאָגן . . . אַ מענטשס לעבן איז אין סכנה . . . און דו, אױב ד׳האָסט נאָך כאָטש אַ פּונק ײדישקײט אין דײַן האַרץ, דאַרפֿסטו נישט באַלעמוטשען קײן אײן רגע און גלײַך אַװעק אים העלפֿן אַרױסצוקומען פֿון געפֿאַר. פֿאַרװאָס דו, װעסטו פֿרעגן? װײַל דו, צום באַדױערן, ביסט די פּערזאָן װאָס קאָן אים אפֿשר אָפּראַטעװען.

דער כּעס, אױך די אָנגרײַפֿעריש־ביטערע קריגערישקײט, װאָס האָט אַרױסגעבו־שעװעט פֿון דער מוטערס אָנבושהדיקן שרײַען, דערצו דאָס פּאַנאַטיש מבטל זײַן דײַװידן, װײַל ר׳איז אַן אַנדערש טראַכטנדיקער — דאָס אַלץ האָט אַזױ צעטומלט הילדען, אַזױ פֿאַרשעמט זי אין אירע אײגענע אױגן, אַזױ דערנידעריקט זי פֿאַר איר אײגענער חשיבֿות, אַז די ידיעה װעגן „אַ מענטשס לעבן איז אין סכנה״, װאָס די מוטער האָט מיט הוראַקאַנישן געפֿילדער אָנגעזאָגט, איז איצט פֿאַר איר, הילדען, נישט געװען מער װי אײנעמס אַ הילף־רוף צו אַ געלײמטן. אין צוגאָב צו דעם האָט זי דערװאַרט, אַז פֿון דזשעסיס שרײַבצימער װעלן אָנהײבן אַרױסלױפֿן די סטודענטקעס, אױך דײװיד, און צוקוקן זיך צום נישט־אײדעלן אױפֿפֿירן זיך פֿון איר מוטער, װאָס מחמת זי איז אַ רביצין האָבן זײ זיך אױסגע־

מאָלן אין דער פֿאַנטאַזיע, אַז זי איז אַן אויסנעמלעכע פּרוי, מיט פֿיינע מאַניערן, און מיט כאַראַקטער צו קאָנען פֿאַרשווייגן עוולות.

אָן אַ וואָרט האָט זי זיך פֿאַרקירעוועט צו אַ ווייטן ווינקל פֿון ליווינג־רום, וואו מ׳קאָן זי נישט זען פֿון שרייבצימער, זיך אָפּגעשטעלט דאָרטן און, מיט פֿאַרלייגטע הענט אויפֿן בוזעם, גענומען קוקן אויף דער מוטער.

— ווער איז עס אין סכנה וואָס איך קאָן אים העלפֿן? — האָט זי, נאָך אַ ווײַלע שווײַגן, געפֿרעגט.

בײַ דער מוטער זענען די אויגן געווען פֿאַרדרייט און די ליפּן צונויפֿגעפּרעסט. אין הילדעס בייטן דאָס פּלאַץ האָט זי געזען נישט בלויז האַס, נאָר אויך אַ טיפֿן באַגער פֿון אָפּפֿרעמדן זיך, פֿון זײַן ווײַט פֿון טאַטע־מאַמע אפֿילו אין שטח. זי האָט נישט בדעה געהאַט נאָכצופֿאָלגן. זי האָט אין זינען געהאַט צו שטיין אַזוי לאַנג אויפֿן זעלבן אָרט, ביז די טאָכטער וועט זיך צוריקקערן. געדענקענדיק אָבער אַז זי דאַרף זיך צוויילן כדי אָנצוקומען אַהיים נאָך איידער דער רב באַווייזט זיך דאָרטן פֿון שול האָט זי אַראָפּגעשלונגען דעם אומדרך־ארץ, וואָס די טאָכטער האָט אַרויסגעוויזן, און מיט דריבנע טריטעלעך, ווי אויף אַ וואַקלדיק בריקל, גענומען צוגיין נענטער צו דער בת־יחידה.

— ווילסט וויסן ווער ס׳איז אין סכנה? ׳ — — — אַ? סאָל...

הילדע האָט זיך מיטאַמאָל אויסגעגלייכט, אַראָפּגעלאָזט די הענט, וואָס זי האָט געהאַלטן פֿאַרקרייצט אויפֿן בוזעם, און געקוקט אויף דער מוטער אי מיט חשד און אי מיט גלויבן אין דער מעגלעכקייט פֿון דער אומגעריכטער בשורה.

— סאָל? — האָט זי מיט שטוינונג געפֿרעגט.

די מוטער האָט נישט געענטפֿערט. זי האָט בלויז געקוקט מיט גליאיקע אויגן.

— וואָס איז געשען? — האָט הילדע ווידער געפֿרעגט.

— ער גייט אַראָפּ פֿון זינען, — האָט די מוטער איצט געברומט.

— וו־אָ־ס? — האָט הילדע בעתן פֿרעגן און אויך אַ היפּשע צייט נאָכדעם נישט אַראָפּגענומען אירע אויגן פֿון דער מוטער.

די רביצין איז איצט נישט געווען אין קיין געמיט איבערצוגעבן דאָס וואָס איז פֿאָרגעקומען אין מיטן טאָג בײַם רב אין ספֿרים־שטיבל, וואו מיסטער רובין, אַ געפֿאַלענער בײַ זיך, אַ צעבראָכענער, איז געזעסן און האָט געבעטן מ׳זאָל אים העלפֿן ראַטעווען זײַן איינציק קינד, זײַן בן־יחיד, זײַן אויג אין קאָפּ. זי האָט עס אָבער נישט געקאָנט אָפּלייגן. אפֿילו איין ווײַלע וואָלט געווען אַן אייביקייט. און זי האָט גלייך גענומען דערציילן.

## .2

אויסגעהערט אַלץ וואָס די מוטער האָט איבערגעגעבן, אויך אַלץ וואָס זי האָט נאָכדעם פֿאַרלאַנגט, האָט זיך הילדע אַ רוק אָפּ געטאָן פֿון איר און אין אויפֿגערעגטקייט געפֿרעגט:

— איז צוליב דעם ביסטו געקומען? יאָ? ס׳הייסט, כ׳זאָל אַרויסווייזן סאָלן חרטה און באַציען זיך צו אים ווי אין די פֿריערדיקע יאָרן?

— וואָסער מלער איז אין דעם? — האָט די מוטער געקוקט מיט איבערראַשונג אין די אויגן און געפֿרעגט מיט פֿאַריבל. — ד׳העלפֿסט דאָך אַ מענטש אין אַן עת־צרה. ס׳איז דאָך נישט מער ווי אויסשטרעקן אַ האַנט צו איינעם וואָס טרינקט זיך...

— דאָס — שרייט הילדע צו איר מוטער — איז בײַ דיר נישט מער ווי העלפֿן אַ מענטש אין קלעם? נישט מער ווי אויסשטרעקן אַ האַנט צו איינעם וואָס טרינקט זיך?

ניין, נישט מער? וואָס טוט זיך מיט דיר, מאַמע?

— און ווען אפילו ס'מיינט מער, — פרעגט די מוטער מיט קידוש־השם גרייטקייט פון אַ צדקת, — איז פאַרוואָס זאָל'ס דיך אָפּהאַלטן פון ראַטעווען אַ נפש? זאָג מיר, פאַרוואָס? דיין חתן קאָן דאָך ווידער געזונט ווערן! און אויב, חלילה, ד'זאָלסט נישט אַרויסווייזן קיין חרטה, קיין ווילן אָפּצוגיין מיט אים ווי אין די יאָרן ביז אַ שטיק נאָך די תנאים, וועט ער דאָך איינגאַנצן חסר־דעה ווערן . . .

— כ'בין אָבער נישט מחויב צו גאָרנישט! — האָט הילדע ווידער געשריען און געקוקט מיט פאַרפלאָמטע אויגן. — כ'בין נישט מער זיין כלה. און צוריקגיין צו אים מיינט אויפלעבן אין אים דאָס וואָס ער וויל . . . און אַז ער'ט זען ס'איז נישט מער ווי צייטווייליק וועט ער דאָך ווידער אַנטוישט ווערן.

— פון וואַנען ווייסטו אַזינד, אַז ער וועט זיך שפּעטער ווידער מייאש זיין?

— אויב ער האָט זיך געפילט דערדריקט דאָס מאָל, ווען כ'האָב איבערגעריסן מיט אים, איז פאַרוואָס זאָל ער זיך נישט פילן דערשלאָגן שפּעטער, ווען כ'וועל זיך ווידער דערווייטערן פון אים, נאָכדעם ווי ער'ט זיך שוין פילן בעסער?

— איז וואָס דאַרפסטו טראַכטן וואָס ס'וועט זיין שפּעטער? זאָל ער נאָר אַרויסקומען פון דעם שלעכטן מעמד.

— ניין, מאַמע. כ'וועל דאָס נישט טאָן. צום צווייטן מאָל וועט זיין ערגער. אויב דאָס איבעררייסן מיט אים האָט זיך אַזוי שלעכט אָפּגערופן אויף אים, איז דאָס אַ באַווייז, אַז זיין געזונט הענגט אָפּ פון מיין גוטער באַציאונג צו אים. און גוטע באַציאונג קאָן נאָר אַרויסווייזן איינע וואָס איז פאַרליבט אין אים. איך קאָן דאָס אָבער נישט. ווען אפילו כ'זאָל שוין זיין גרייט צו מאַכן דעם אָנשטעל פון חרטה אויף אַ קורצער צייט.

— איז וועסטו זיין אַזוי האַרצלאָז? — האָט די מוטער מיט אומגלויבן אין די אויגן געפרעגט. — וועסטו נישט טאָן דאָס וואָס יעדער מענטש מיט רחמנות, מיט גוטע מידות, דאַרף טאָן, ווען ס'געזונט פון אַ קראַנקן הענגט אויף אַ מישקולת?

— אין אַנדערע פאַלן יאָ, — האָט הילדע געזאָגט מער פון פליכט ווי צוליב קלאָר מאַכן. — אָבער פאַר סאָלן נישט. איך בין נישט מער זיין כלה. און כ'וויל מער נישט ווידער אָנגיין פאַר דער, וואָס כ'בין נישט. כ'וועל זיך מער נישט צוריקקערן צו דער פאַלשער ראָלע. כ'בין נישט קיין אימפּאָסטער.

איצט האָט זיך די רביצין אָפּגערוקט פון דער טאָכטער ווי פון אַ האַרטהאַרציקער רוצחטע און געעפנט דעם האַנטבייטל וואָס זי האָט געטראָגן מיט זיך. זי האָט אַרויסגעצויגן פון דאָרטן אַ טיכעלע און גענומען זיך ווישן די עטוואָס פאַרשוימטע ליפּן און די נאַסלעכע נאָזלעכער.

— הייסט עס . . . — האָט זי געזאָגט אין אַ ווייַלע אַרום, ווען זי האָט געהאַט צוריקגעלייגט דאָס טיכעלע אין האַנטבייטל אַריין. — הייסט עס, אַז ד'וועסט בעסער לאָזן אַ מענטש אומקומען איידער צו מאַכן אַ פּשרה מיט דיינע זעלבסטזיכטיקע געפילן.

הילדע האָט נישט געענטפערט.

— הייסט עס, — האָט די רביצין ווידער געזאָגט, — אַז ד'קאָנסט זען ווי פאַר אַ מענטש קערט זיך איבער די גאַנצע וועלט און דיך זאָל'ס נישט אַרן.

הילדע האָט ווידער גאָרנישט געענטפערט.

— הייסט עס, — האָט די רביצין ווידער געטענהט, — אַז ווען אָנשטאָט איין סאָל זאָלן זיין צענדליקער סאָלס, הונדערטער סאָלס, טויזנטער סאָלס, מיליאָנען סאָלס, און דו וואָלסט צו אַלע געהאַט פּריקרע געפילן ווי צום איינעם סאָל, וואָלסטו אַלצאיינס זיך

צוגעקוקט אַ גלייכגילטיקע, כאָטש זייער געשריי נאָך הילף וואָלט זיך געריסן הימל־הויך, און כאָטש די גאַנצע וועלט וואָלט זיך אויסגעלאָשן אין זייערע קעפּ, האַ? דו וואָלסט אפילו מיט אַ פינגער קיין קלאַפּ נישט געטאָן, אויבוואויל ווען ד׳טוסט עס יאָ וואָלטן זיי גענעזן געוואָרן און געוועזן גאַנצע, נאָרמאַלע מענטשן?

הילדע האָט ווידער גאַרנישט געענטפערט.

— הייסט עס, — האָט איצט די רביצין גענומען רעדן העכער, מיט געשריי אין קול, — אַז דיין פאַרכליניעטע ליבשאַפט צו דעם כ׳וויס־ווער מאַכט דיך אַזוי שטיינהאַרט, אַז די גאַנצע וועלט מיט מענטשן מעג זינקען, אַבי אין דיינע אייגננוץ־געפילן זאָל זיך נישט אריינכאַפּן קיין פּגם, קיין פינטל פון אַ שטער?

הילדע האָט ווידער גאַרנישט געענטפערט.

— אָדער . . . — האָט די רביצין ווידער געשריען, — אָדער איז דאָס אפשר דיין כאַראַקטער וואָס ביז אַצינד האָב׳ך אפילו נישט געחלומט אַז ד׳באַזיצט אַזאַ טייוואָלישע נאַטור אין זיך? און אויב ס׳איז נישט די טייוואָלישע נטיה אין דיר, נאָר דיין ליבשאַפט צו יענעם וואָס זיצט אין דעם אַנדערן צימער, איז ווי קאָנסטו זיין בעסער פון יענע לייט וואָס ד׳האָסט מיר לעצטנס געזאָגט וועגן זיי, אַז צוליב זייער תאווה צו געלט און עשירות וועלן זיי זיך נישט אומקוקן אויף זייערע שכנים, ווען זיי זענען גורם אַ סך ליידן? וואָסער ליבשאַפט איז עס ביי דיר, אַז ס׳האָט נישט קיין אָרט פאַר רחמנות צו אַ פאַר־קלעמטן? און אַז דאָס איז אַן עגאָאיסטישע ליבשאַפט, ווי זי ווייזט זיך טאַקע אַרויס צו זיין אַזעלכע, טאָ ווי זיכער קאָן ער זיין, דער זיווג דיינער, דער נאָכפאָלגער פון די קאָמוניסטישע יויזלס, וואָס זאָגט, אַז ר׳איז שטאַרק איבערגענומען מיט דיר, אַז מאָרגן וועסטו נישט זיין אַזוי רוצחיש־קאַלט צו אים ווי ד׳ביסט צו סאָלן אַצינד? אויב דיין טייוואָלישע תאווה אין דיר האָט דיך אָפּגערעדט פון חתן, קאָן זי דאָך דיך אויך אָפּרעדן פון אים! מיט וואָס איז ער אַזוי זיכער אַז נישט?

אומגעריכט זענען דער רביצינס אויערן פאַרטויבט געוואָרן פון אַ קוויטש.

— שווייג! — האָט הילדע אַ געשריי געטאָן אויף דער מוטער און זי האָט זיך אָנגעכאַפּט מיטביידע הענט ביי די באַקן וואָס זענען געווען פאַרפלאַמט ווי פון פייער. — שוין גיי פון דאַנען!!!

אַ לענגערע ווילע האָט זיך די רביצין נישט באַוועגט. אירע ליפּן זענען געווען צונויפגעפּרעסט, און די אויגן — ברייט צעעפנט. זי האָט געקוקט אויף דער טאָכטער וואָס האָט אויסגעזען אַזוי, עלעהיי זי אַליין וואָלט געווען ערב אַזאַ צושטאַנד, אין וועלכן זי האָט אַריינגעטריבן סאָלן. זי האָט נישט געוואוסט צי זי זאָל האָבן איינזעעניש מיט איר, אָדער נישט. ענדלעך האָט זי זיך גערירט און אַ שווייגנדיקע זיך פאַרנומען צום אַרויסגאַנג.

### 3.

ביי דער שוועל איז זי אָבער שטיין געבליבן און האָט זיך ווידער אויסגעדרייט צו הילדען.

— און מיין נישט, — זאָגט זי מיט וואָרנונג אין טאָן און מיט שרעק אין קול, — אַז דיין טאַטנס רבנות־שטעלע וועט נישט געטשעפּעט ווערן, כאָטש ד׳ביסט גזלניש־קאַלט צו מיין בקשה וועגן סאָלן.

הילדע האָט איצט געהאַלטן אירע הענט פאַרפינגערט אויף הינטן, אירע אויגן

פֿאַרשמעלערט, מיטן זעלבן כעס אין איר בליק, ווי פֿריער, געקוקט זײַטיק אויף דער מוטער און זיך נישט אָנגערופֿן.

— יאָ, — זאָגט די מוטער ווידער, — זײַן רבנות־שטעלע וועט נישט נאָר לײַדן דערפֿון . . . ער׳ט זי אײַנגאַנצן נישט האָבן. ער׳ט בלײַבן אָן אַ שול, און אין שטוב וועט נישט זײַן אויף קיין חיונה.

הילדע, ווידער אין זעלבן געמיט, האָט אַפֿילו ווייניק געהערט וואָס די מוטער זאָגט.

— דאַרף איך דיר זאָגן ווער ס׳שטייט איבער דער גאַנצער צײַט הינטער דײַן טאַטנס רבנות־שטעלע? דאַרף איך דיר זאָגן, אַז ווען נישט דער גרויסער טייל פֿון די שכירות וואָס מיסטער רובין טראָגט־צו פֿון זײַן אייגענער קעשענע וואָלט געוועזן אוממעגלעך דורכצוקומען אַ טאָג? און וואָס וועט זײַן אַצינד, אַז מיסטער רובין וועט זען, אַז דו ביסט טויב צו זײַן געבעט, דערצו אין אַזאַ עת־צרה פֿאַר אים? דערוואַרטסטו נאָך, אַז ער זאָל האָבן רחמנות אויפֿן טאַטן דײַנעם און נאָך אַלץ באַשטיין אַז דער רב זאָל קריגן פֿולע שכירות? מיינסטו אַז אין זײַן האַרץ וועט זיך נישט וועקן דאָס נקמה־געפֿיל און רופֿן אָפּצורעכענען זיך מיט אונדז פֿאַר דײַן דערפֿירן זײַן קינד צו אַזאַ מעמד. און, אין צוגאָב, נישט וועלן העלפֿן, ווען דײַן הילף קאָן זײַן אַ רפֿואה?

הילדע האָט זיך ווידער נישט אָנגערופֿן אויף דער מוטערס מוסר.

— און אַז דאָס קאָן געשען, אָדער וועט זיכער געשען . . . — האָט די מוטער איצט געשטעלט עטלעכע טריט נענטער צו הילדען מיט דער קראַפֿט פֿון אַן איבערצייגטער אמת־טרעגערין, — און אַז דאָס וועט זיכער געשען, האָט באַוויזן דאָס וואָס איז פֿאָרגע־קומען מיט עטלעכע טעג צוריק.

הילדע האָט געקוקט מיט אומגערן אויף דער מוטער וואָס האָט זיך צוריקגעקערט אין ליווינג־רום אַרײַן.

— ביז אַצינד — זאָגט די מוטער מיט פֿײַער אין אירע פֿאַרגרעסערטע אויגן — האָב׳ך עס נישט געוואָלט ברענגען איבער מײַן מויל. כ׳האָב דיר נישט געוואָלט ווי טאָן. כ׳האָב נישט געהאַט קיין האַרץ צו פֿאַרשאַפֿן דיר עגמת־נפֿש. אָבער אַצינד וועל׳ך זיך מער נישט צוריקגעהאַלטן דערפֿון.

הילדען איז נישט געווען קיין חילוק וואָס די מוטער וועט אָפּדעקן פֿאַר איר. זי האָט געהאַט איין באַגער: די מוטער זאָל וואָס גיכער פֿאַרלאָזן דעם אַפּאַרטמענט.

— מיט עטלעכע טעג צוריק — זאָגט די מוטער מיט הנאה וואָס זי האָט זיך אויף וואָס אָנצושפּאַרן און צו גיין אויף אַ זיכערער בריק — האָט דער שול־פּרעזידענט אָפּ־געזאָגט דעם היברו־טיטשער, אַהיימגעשיקט די קינדער און פֿאַרמאַכט די תּלמוד תּורה . . . צוגעשלאָסן זי אויף שטענדיק.

זי האָט געהאַלטן דעם האַנטבײַטל אויפֿן בויך מיט בײדע הענט, געקוקט אויף הילדען מיט דער הנאה פֿון אַן אָפּגעהאַלטענעם נצחון און געפֿילט, אַז אירע ווערטער וועלן עפּענען בײַ דער טאָכטער דעם מוח.

— נו, — זאָגט זי אויפֿסניי אין אַ ווײַלע אַרום, — האָט זיך מיסטער רובין געשראָקן פֿאַר עמעצן, אָדער געשעמט? אין גאַס, פֿאַר דער תּלמוד־תּורה, זענען געשטאַנען אַ סך מענטשן . . . לכתּחילה, אַז ז׳האָבן דערזען דעם היברו טיטשער מיט די תּלמידים אַרויס־קומען אין דרויסן זייער פֿרי, האָבן זיי נישט געוווּסט וואָס ס׳איז געשען. אַז ז׳האָבן זיך יאָ דערוווּסט זענען זיי געוואָרן להרוג־זולאבד אויף מיסטער רובין. און ז׳האָבן דאָס אַרויסגעוויזן, ווען ער האָט זיך באַוויזן פֿון דער תּלמוד־תּורה מיטן שליסל אין האַנט און גענומען פֿאַרשליסן די טירן. דער עולם האָט גענומען פֿרעגן, נאָכשרײַען אים,

אָבער ער האָט זיך דערוויטערט און גאָרנישט זיך געמאַכט פון זייערע טענות.

זי איז ווידער שטיל געוואָרן אויף אַ ווײַלע און נאָכדעם האָט זי אויפסניי געהאָגלט מיט אירע טענות.

— דאָס איז געווען דער ערשטער אָנזאָג, אַז מיסטער רובין וועט נעמען נקמה אין אונדזער הויז. ס׳איז געווען אַ התראה פון אָפּרעכענען זיך פאַר דיין אָפּברעכן דעם שידוך. און אַצינד, אַז ד׳ווילסט אפילו נישט צולייגן קיין פינגער אויף צו העלפן זיין זון, וועט ער זיך דען אָפּשטעלן פאַר עפּעס, אַזוי אַז מיר זאָלן זיך פילן גוט דערדריקט?

זי האָט געקוקט מיט פאַרשערישע אויגן אויף הילדען און געוואַרט אויף אירס אַ וואָרט — אַ וואָרט פון ספק, אָדער פון שרעק פאַר דער מעגלעכקייט פון דעם וואָס קאָן געשען. אַז זי האָט אָבער ווידער גאָרנישט געהערט, האָט זי אויפסניי גענומען טענהן.

— נו, מיינסטו, — זאָגט זי מיט באַדויער אויף דער טאָכטערס גלייכגילטיקייט, — אַז אויף אַזאַ נקמה וועט ער זיך נישט דערלויבן? זי איז אַ צו־גרויסע? און וואָס איז דער מער מיט דער אַנדערער נקמה, דאָס פאַרמאַכן די תלמוד־דורה? איז זי דען קלענער?

ווידער נישט געקראָגן קיין ענטפער, האָט די מוטער, נאָך אַ לאַנגער ווײַלע שווייגן, גענומען שאָקלען מיטן קאָפּ און מיט טיפן צער אין איר קול אָנגעהויבן אי וויינען און אי באַדויערן:

— אָט דאָס וועט געשען ווען מיסטער רובין וועט הערן, אַז ער קאָן פון דיר גאָר־נישט דערוואַרטן. און אָט דאָס וועט געשען גלייך נאָך דעם ווי די נקמה צו אונדזער שטוב וועט זיך אָנצינדן אין אים. ער׳ט פאַרחושכן אונדזער שטוב, פונקט אַזוי ווי זיין הויז איז אים פאַרפינצטערט געוואָרן. קאָנסטו אים דערפאַר אפשר אָנרופן רשע? ביסטו דען באַרעכטיקט דערצו? דו?... ביסטו דען בעסער ווי ער, אויב ער פירט זיך אויף אָן געוויסן?

זי האָט ווידער געוואַרט עפּעס צו הערן. הילדע איז אָבער געווען אַזוי בלייך פון כעס, ווי פריער. אירע ליפּן זענען געווען צונויפגעפּרעסט, אַזוי אַז מער ווי אַ וואָרט פון ירגזון וואָלט נישט אַרויסגעקומען פון איר מויל, אפילו ווען זי וואָלט זיך יאָ אָפּגערופן אויף דער מוטערס טענות.

— און זאָג מיר נישט, — טענהט די מוטער אין אַ ווײַלע אַרום, — אַז דער טאַטעשי קאָן זיך אַן עצה געבן... אַז ער קאָן קריגן אַ צווייטע רבנות־שטעלע. ד׳ווייסט גאַנץ גוט אַז פאַר אים, פונקט ווי פאַר רבנים פון זיינס גלייכן, איז נישטאָ קיין בטחון אויף אַ צווייטער שול. דער עולם וויל נישט מער אַזעלכע גייסטיקע מדריכים.

אויך איצט האָט זיך הילדע מיט גאָרנישט אָנגערופן.

— האָסטו גאָרנישט וואָס צו זאָגן אויף אַלע מיינע וואָרנונגען? — האָט די רביצין געפרעגט.

הילדע איז געווען אַזוי שטום ווי פריער.

כאָטש דער שטראָם פון טענות און מוסר האָט גאָרנישט געהאָלטן אין שוואַכער ווערן ביי דער רביצין, און באַגער צו שטיין דאָ, צו שרייען, צו וואָרענען האָט איר אויך נישט געפעלט, דאָך האָט זי, די מוטער, זיך געמוזט פאַרטראַכטן וועגן דער פּעולה דערפון. וואָס איז דער זין פון נישט אָפּטרעטן פון דאַנען און האַלטן אין איין רעדן? וויפל איז דער שיעור? וואָלט זי דען געגאָסן וואַסער, יאָ, אפילו ווען איינפאַך וואַסער, אין אַ פאַס וואָס איז אָן אַ דנאָ? אוי, טאַטע אין הימל... פאַרוואָס האָט זיך איר הויז געדאַרפט אַזוי פאַרענדיקן? פאַרוואָס אַזאַ גזר? אָפּגעפרעמדקייט, ביטערניש און עלנט... פאַרוואָס, רבונו של עולם? פאַרוואָס?

מיטאַמאָל האָט זי אָפּגעקערט אירע אויגן פון דער טאָכטער, אַרויסגעלאָזט אַ כליפּ פון איר האַלדז, און זיך פאַרנומען צוריק צום אַרויסגאַנג. דאָס מאָל אָבער — שוין מער נישט צוריקצוקערן זיך מיט דער דערוואַרטונג אויף אַ בעסערער מערכה ביי דער טאָכטער ווי זי האָט עס דערוואַרט פריער. שוין, נישט מער.

# קאַפּיטל זעכצן

## אויפן וועג אַהיים

.1

איבער דער גאַנצער צייט וואָס די רביצין האַרוויץ האָט אַנגעוויזן אויף די פּליכטן, פון וועלכע הילדע קאָן נישט און טאָר נישט זיך אָפּטרייסלען, איז דזשעסי — מיט אַרויפגעראָלטע העמד־אַרבל, מיט אַ ציגאַרעטל אין ווינקל פון מויל, און מיט אַן אָנגעשטרענגטן בליק פון אַ פאָרשערישן וויסנשאַפטמאַן אין דער לאַבאָראַ־טאָריע — געשטאַנען עטלעכע טריט פון זיין שרייבטישמער, וואו די טיר איז געווען פאַרמאַכט, און האָט מיט געמישטע געפילן זיך צוגעהערט צו יעדן וואָרט פון דער מוטערס שאַרף־מוסרדיקער טענה.

כל־זמן די מוטער האָט גערעדט וועגן דעם נס וואָס הילדע קאָן באַווייזן דורך באַנייען אירע אַלטע באַציאונגען מיטן קראַנק־געוואָרענעם חתן, האָט ער, דזשעסי, זי באַדויערט. וואָסער פּרימיטיוון, פאַרצייטיקן באַגריף זי האָט וועגן פּסיכישע קראַנקייטן! — האָט ער געטראַכט מיט מיטלייד וועגן דער מוטער וואָס איבער איר אומוויסן אין דעם געביט פון נשמה־פאָרשונג האָט זי גערעדט שטות. אַ וועלט מיט פּסיכאָלאָגן, פּסיכאָ־אַנאַליטי־קערס און פּסיכיאַטערן קאָן זיך נישט קיין עצה געבן מיט גייסטיקער צערודערונג ביי מענטשן, וועט הילדע, דורך בייטן איר באַציאונג צום חתן, פון קאַלט אויף וואַרעם, גלייך באַווייזן וואונדערס. ממש מיסטישע טעראַפּיע... געגנוי ווי דער קריסטלעכער משיח — לויט די פיר עדות פון נייעם טעסטאַמענט — האָט מיט עטלעכע ווערטער געהיילט לאָמע, בלינדע און קרעציקע.

שטאַרק אין כעס איז ער אָבער געוואָרן אויף דער מוטער, ווען זי האָט מיט האַרצ־רייסנדיקן נביאות געלאָזט וויסן, אַז מיסטער רובין וועט אויפהערן שיקן דעם רב די וועכנטלעכע טשעקס, אויב הילדע וועט זיך נישט אָפּזאָגן פון איר אומפּשרהדיקייט, ס׳הייסט, אויב זי׳ט נישט ווערן נאָענט צו סאָלן.

איז דאָס נישט אָפּענע, היסטערישע מורא פאַר פאַרלירן דעם מאַטעריעלן קיום — און דערפאַר די גרייטקייט אויף גייסטיקער קנעכטשאַפט צו אַ פינאַנציעל־מעכטיקן מאַן וואָס קאָן לינדערן, אָדער באַזייטיקן די שרעק פאַר וואַקלדיקער עקזיסטענץ?

ער איז געוואָרן אומרואיק. דאָס בלוט איז אים אָנגעלאָפן צו די שלייפן מיט אַ געבערויז און האָט גענומען קלאַפּן אין קאָפּ. ער האָט זיך געוואָלט רירן פון אָרט און האַסטיק צוגיין צו דער מוטער מיט אַ געשריי: „מיט וואָס ביסטו בעסער פון די אַמאָליקע בני־ישראל וואָס האָבן געוואָלט צוריקגיין פון מידבר קיין מצרים? מיט וואָס איז דער טאַטע בעסער? יענע יידן האָבן באַשטאַנען אויף קנעכטשאַפט אַבי צו האָבן דעם טאָפּ

פלייש, און איר, דו און דער טאַטע, וועלן אויף אַ פֿאַרשטעלטן אופן צורעדן אייער טאָכטער צו פֿאַרברעכן קעגן אירע געפֿילן, קעגן איר געוויסן, אַבי דער רייכער לענדלאָרד און ביזנעסמאַן, מיסטער רובין, זאָל נישט אָפּשטעלן שיקן זיין פֿערזענלעך־מאָטיווירטע שטיצע צו אייך. איז דאָס יידישקייט? קאָנט איר נאָך זיין באַרעכטיקט צו קריטיקירן מיך, אַז כ׳וויל איינפֿירן אין דער וועלט אַ רעזשים וואָס וועט דערשטיקן דעם פֿרייען ווילןביים מענטש? באַווייזט דען נישט אייער אויפֿפֿירן זיך, אַז אין צוגאָב צו דעם וואָס איר זענט קנעכט צום טאָפּ פֿלייש האָט איר אפֿילו נישט קיין פֿעסט־מאָראַלישן פּרינציפּ צו וועלן זיך אויסלייזן פֿון אַזאַ אומעטיש לעבן?״

צוליב דער מוטערס עלטער און דערשלאָגנקייט האָט ער אָבער זי נישט געוואָלט דערנידעריקן. אויך צוליב דעם וואָס זי האָט זיך געפֿונען ביי אים אין הויז. מערסטנס אָבער אויך דערפֿאַר וואָס ביז דעם איצטיקן באַזוך אירן האָט ער זי נישט געזען אין משך פֿון אַ סך יאָרן. איז צו וואָס זי מכבד זיין מיט אַזאַ ברוך־הבא?

אַז די מוטער איז אַוועק האָט ער זיך אָבער יאָ געריירט און דערנענט צו הילדען.

— נו? — האָט ער געפֿרעגט. — דערנאָך מיט אַז אונדזער מוטער וואָלט געקומען אַזאַ ווייטן וועג פֿון דער איסט־סייד און גערעדט צו דיר מיט אַזויפֿיל האַרץ וועגן העלפֿן דיין געוועזענעם חתן, ווען איר מאָטיוו זאָל נישט זיין קיין עגאָאיסטיש־מאַטעריעלער?

הילדע איז געווען בלייך, האָט געקוקט ערגעץ זייטיק און נישט געענטפֿערט.

— כ׳וויל נישט מאַכן דעם איינדרוק פֿון אַ ציניקער. אָפּלאַכעריי איז מיר דער־ווידער. אָבער אונדזער מוטערס הומאַניזם מיינט... טשעקס. טשעקס. מיסטער רובינס טשעקס. איינס איז אָפּהענגיק פֿון צווייטן. מיסטער רובינס טשעקס זענען דער סינאָנים פֿון אונדזער מוטערס רחמנות צו דיין געוועזענעם חתן.

הילדע האָט ווידער נישט געענטפֿערט.

— ס׳עקלט מיך, הילדע, פֿון אַזאַ מענטשן־ליבשאַפֿט... ביסט גערעכט געווען, הילדע, אין דיין פֿריערדיקער לעקציע פֿאַר די סטודענטקעס. דאָס איז די מאָראַל ביי מענטשן אין אַ בורזשואַזנער געזעלשאַפֿט. אַן חילוק פֿון קלאַס און אינטעלעקט. יעדער זוכט פֿערזענלעכע קאָמפּענסאַציע פֿאַר טאָן עפּעס פֿאַר אַ צווייטן. נישטאָ קיין טובה אָן אַ מאָטיוו. איך האָב די זעלבע מיינונג וואָס דו. ס׳איז עכטער מאַרקסיסטיש־לעניניסטישער אַנאַליז.

הילדע איז ווידער געשטאַנען אַזוי פֿאַרטרויערט, באַזאָרגט, אַריינגעטאָן אין עפּעס ווייטס, און האָט גאָרנישט געענטפֿערט.

— כ׳בין זיכער, — האָט דזשעסי אויפֿסניי גערעדט מיט פֿאַרדראָס, מיט קריגע־רישקייט, — אַז ווען נישט די מורא פֿאַר דער חיונה וואָלט די מאַמע נישט גערעדט צו דיר מיט אַזאַ זעלאָטישקייט, מיט אַזאַ פֿייערדיקן מוסר, וועגן דיין פֿליכט צו מיסטער רובינס זון. זי האָט עס אָפֿן, אין איר פּשוטקייט, אין איר צעקאָכטקייט, אַליין צוגעגעבן. שוין דאָס וואָס זי האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דער נקמה וואָס מיסטער רובין וועט נעמען אין אונדזער טאַטן, פּונקט ווי ער האָט דאָס געטאָן מיט דער תּלמוד־תּורה, שוין דאָס גופֿא האָט עס באַוויזן.

הילדע האָט ווידער גאָרנישט געזאָגט.

— כ׳וועל דיר זאָגן מיט דער גאַנצער אויפֿריכטיקייט, — האָט דזשעסי ממשיך געווען, — וואָלט איך געוואוסט אַז די עלטערן אונדזערע וועלן זיך נישט אָפּטרייסלען דערפֿון, וואָלט איך זיי געקומען צו הילף מיט חודשלעכער, אָדער וועכנטלעכער געלט־שטיצע. פֿאַרוואָס נישט? ווער איז דען אַזוי נאָענט ווי אַ קינד? אַז טאַטע־מאַמע זענען

מחוסרי־לחם, אין נויט, איז פון וועמען זאָלן זיי דערוואַרטן אַ דערבאַרעמדיקע באַציאונג אויב נישט פון אַן אייגן קינד? אָבער אומזיסטע רייד. אונדזער פאָטער וועט זיך נישט צורירן צו מיינס אַ דאָלער. „טמא...״ — וועט ער זאָגן. „שקץ תשקצנו...״ פאַרוואָס? ווייל כ׳בין אַן אפיקורס, אַ קאָמוניסט... מיינסטו דאָך אפשר, אַז הינטער דעם שטייט אַ מענטש מיט הויכע פרינציפן, יאָ? אויב דאָס איז אַזוי, איז ווי קומט עס וואָס ווען ער גייט אַרום שאַפן געלט פאַר ישיבות רייסט ער אָפּ די פאָלעס אויך ביי מחלל־שבתניקעס און אפילו ביי פריידענקערס? זייער געלט איז יאָ כשר? אונדזער פאָטער וואָלט אָבער נישט געוואָלט נהנה זיין פון מיינס אַ פעני איבער אַ פסיכישער דילעמע. ער וואָלט זיך געפילט באַזיגט, ווען ער נעמט מיין שטיצע. אויב כ׳האָב אים נישט מנצח געווען דירעקט מיט רייד, מיט אַרגומענטן, מיט סברות, מיט פילאָזאָפישע רעיונות, האָב איך אים — וואָלט ער געפילט — באַגוועלטיקט און גייסטיק אַנטבלויזט, אויסגעהוילט און צעבראָכן אין דעם נויט־צושטאַנד, אין וועלכן דער שול־פרעזידענט האָט אים אַריינגעטריבן. אָט דאָס איז עס. ער פירט אַ מילחמה קעגן מיר. אַן אידייען־מילחמה. און ער וועט נישט אויפהערן צו דראָען מיך, צו מבטל זיין מיך, אַזוי לאַנג ווי ער וועט זיין ביים קלאָרן געדאַנק און נישט אָננעמען פון מיר קיין הילף — — — He detests me!

הילדע האָט זיך איצט אויסגעגלייכט. זי האָט צו רעכט געמאַכט אויף זיך דאָס קליידל, די האָר אַרום די שלייפן, אַ קוק געטאָן אויפן ברודער מיט אַ בליק פון איינעם וואָס איז ברוטאַל איבערגעוועקט געוואָרן פון אַ טיפן שלאָף, און אָן אַ וואָרט צו אים זיך געלאָזט אין שרייבצימער אַריין.

2.

ביז איר צוריקקערן זיך זענען די סטודענטקעס אין שרייבצימער געזעסן געמיטלעך און האָבן מיט טיפן באַגער און שטאַרקער אויפמערקזאַמקייט זיך איינגעהערט אין די ענטפערס וואָס דייוויד האָט געגעבן אויף זייערע פריערדיקע קריטישע אָפּרופן. ער איז געשטאַנען ביים שרייבטיש, די ליולקע אין דער רעכטער האַנט, און האָט באַפעסטיקט זיינע אויפקלערונגען מיט פיל ציטאַטן פון מאַרקס און לענינס שריפטן, וואָס ער האָט אין משך פון יאָרן שטודירט גרינטלעך און וואָס צענדליקער זייטלעך זייערע מיט באַגרינ־דונגען האָט ער געקענט אויף אויסווייניק.

איצט, נאָכדעם ווי הילדע האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים שרייבטיש, האָבן די סטודענטקעס זייטיק געוואָרפן בליקן אויף איר, געפאָרשט איר באַטריבט פנים און געזוכט אַ שייכות צווישן די געשרייען, וואָס האָבן זיך פריער געהערט דאָ פון דער ליווינג־רום, און הילדעס איצטיקער פאַרצאָגטקייט. אָפט האָבן זיי אפילו פאַרפעלט צו הערן ווערטער, זאַצן און געדאַנקען וואָס דייוויד האָט אין זיינע אויפקלערונגען אַרויסגעזאָגט. זיי האָבן אָבער נישט געקאָנט ווידערשטיין זייער נייגער וועגן הילדעס דערשלאָגנקייט און אויפסניי געוואָרפן בליקן אויף איר.

הילדע האָט נישט געוואוסט וואָס עס גייט אָן אַרום איר. זי האָט געהאַלטן די אויגן אַראָפּגעלאָזט און כמעט ווי נישט געהערט וואָס איר אַרויסהעלפער, קאָמעראַד דייוויד, רעדט. ווי פון הינטער אַ דיקער וואַנט זענען צו אירע אויערן דערגאַנגען אָפּגעריסענע ווערטער, שטיקלעך זאַצן פון געדאַנקען וואָס דייוויד האָט אין זיינע אויפקלערונגען פאַר די סטודענטקעס אַרויסגעבראַכט. צווישן יענע שטיקלעך און ברעקלעך זענען געווען אַזעלכע אויסדרוקן ווי „בורזשואַזנע פסיכיק... פערזענלעכע אַמביציעס... אויך געוויסע

קאָמוניסטישע פּירערס זענען אַנגעשטעקט מיט לוסט צו מאַכט... יאָ, אוודאי זענען אויטענטיש די באַוויזן פון רעוואָלוציאָנערן טריבונאַל אין מאָסקווע... די באַשולדיקטע האָבן זיך אַליין מודה געווען אין דעם פאַרראַט... געוויס זענען די טויט־אורטיילן געווען באַרעכטיקט... נאַציאָנאַלע דערוואַכונג ביי קאָלאָניאַלע פעלקער טראָגט אין זיך אויך די זוימען פון סאָציאַלער רעוואָלוציע... ציוניזם ווי אַ פּאָליטישע וועלט־באַוועגונג?... ציוניזם, איבערהויפּט אין דער דיאַספּאָרע?... דאָס מיינט אָפּציען די יידישע מאַסן פון דער רעוואָלוציאָנערער פאַרברידערונג מיט די סאָציאַל־פּראָגרעסיווע באַוועגונגען פון פעלקער, צווישן וועלכע זיי וואוינען..." כאָטש די דאָזיקע אויסדרוקן, און אויך אַנדערע, זענען געווען געטריי לויט דער פּאָליטיש־טעאָרעטישער אָפּשאַצונג פון דער פּאַרטיי, און דייוויד האָט זיי אַרויסגעבראַכט מיט אייגענער, געוויסנהאַפטיקער איבערצייגונג, דאָך האָבן זיי איצט גאַרנישט געמיינט פאַר הילדען, סיי איר האַרץ, סיי איר מח —ביידע זענען איצט געווען כמעט ווי פאַרשלאָסן פאַר זיי.

בדרך כלל איז דעם געמיט אירן אַלעמאָל מער ניחא געווען צו הערן רעדן וועגן דעם מאָראַלישן קריזיסביים מענטש פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. זי אַליין, ווען נאָר זי האָט גערעדט ביי אַ פאַרזאַמלונג, האָט זיך טאַקע, דער עיקר, פאַרנומען מיט דער מאָראַל פון מענטש וואָס איז אין שטענדיקער סכנה פאַר זיין עקזיסטענץ, אָדער אין מורא פאַר זיין מאַטעריעלער ירידה. אָט אַזוי ווי זי האָט גערעדט פריער פאַר די סטודענטקעס. די טרוקן־טעאָרעטישע ספּעקולאַציעס און פעסטשטעלונגען, וואָס זענען אַרויס פון דייווידס מויל און דערגאַנגען צו אירע אויערן, האָבן זי אָבער נאָך מער דערדריקט ווי זי איז געווען.

מיטאַמאָל איז זי אויפגעשטאַנען און האָט זיך אַנטשולדיקט פאַר דייווידן און די סטודענטקעס.

— איר'ט אַזוי גוט זיין און מיר פאַרגעבן... — האָט זי מיט געבעט אין קול געזאָגט. — כ'מוז אַוועקגיין.

דייוויד האָט אויפגעהערט רעדן.

— אויב איר באַגערט, — האָט זי איצט גערעדט בלויז צו די סטודענטקעס, — וועלן מיר ביים קומענדיקן מיטינג באַנייען דעם שמועס וועגן די פּראָבלעמען וואָס גיבן אייך נישט קיין רו, און וואָס קאַמעראַד דייוויד האָט, טיילוויז אין מיין אָפּוועזנהייט, געגעבן זיין ענטפער אויף זיי. דערווייל... זייט מיר מוחל. כ'מוז שוין אַוועק פון דאַנען.

די סטודענטקעס, איבערראַשט פון דער אומגעריכטער מעלדונג, האָבן אַ וואָרף געטאָן זייערע אויגן אין אַ שיקל און פאַרשפּיצט די ליפּן. אויך אַזוי דייוויד.

— נו, אויב זי מוז — האָט ער זיך באַהערשט און גענומען רעדן צו די סטודענטקעס וועגן הילדען — וועלן מיר קאַמעראַד הילדען געוויס נישט צוריקהאַלטן.

הילדע האָט גענומען איר האַנטבייטל, וואָס איז געלעגן אויפן שרייבטיש, און איז אַרויס.

אין ליווינג־רום, וואו זי איז דורכגעגאַנגען צום אַרויסגאַנג שוין אָן אָנגעטוענע אין מאַנטל און היטעלע, איז אויסגעוואַקסן דזשעסי. ער איז געהאַט אַרויסגעקומען פון שלאָפצימער, וואו ער האָט געהאַלטן אין מיטן שרייבן.

— וואוהין גייסטו? — האָט ער זי אָפּגעשטעלט מיט באַזאָרגטקייט אין קול.

— אַהיים... — האָט הילדע געענטפערט אַ פאַרטרויערטע.

— נאָך וואָס?

הילדע האָט געשוויגן אַ ווײַלע.

— וועגן סאָלן . . . — האָט זי אַרויסגערעדט די ווערטער אַזוי שטיל, אַז דזשעסי האָט זיי קוים געקאָנט הערן.

דזשעסי האָט מער נישט געפרעגט און איז געשטאַנען שטום.

אין קאָרידאָר, וואו הילדע האָט געוואַרט אויפן עלעווייטער, איז אין געאייל דער־שינען דייוויד.

— וואוהין גייסטו, הילדע? — האָט ער געפרעגט אַ באַאומרואיקטער.

הילדע האָט נישט געענטפערט.

— וואוהין ד׳זאָלסט זיך נאָר פאַרנעמען, — זאָגט ער האַסטיק אין מיט ציטער אין קול, — וועל׳ך דיך נישט לאָזן גיין אַליין. כ׳וועל דיך צופירן מיט מיין אויטאָמאָביל.

הילדע האָט ווידער נישט געענטפערט.

דייוויד האָט געהאַט אַ חשד, אַז זי שווייגט ווייל זי וויל נישט רעדן וועגן זיך. אויב אַזוי וועט ער רעספעקטירן איר וואונטש. ס׳איז אים אָבער נישט געווען אַנגענעם נאָכ־צופאָלגן איר אַ שטומער. איז וואָס קאָן ער טאָן? יאָ, ס׳וועט זי געוויס פאַראינטערעסירן צו הערן וואָס די סטודענטקעס וועלן טאָן אין זיין אַפּוועזנהייט. אויף דעם וועט זי זיך אָפּרופן. אפילו ווען זי לעבט איבער אַ טיף פערזענלעכע פּיין וועט זי נישט זיין גלייכ־גילטיק צו זיין אינפאָרמאַציע. און ער האָט טאַקע גלייך ווידער גענומען רעדן.

— אַלע גייען באַלד אַריין אין דיינינג־רום און וועלן פאַרברענגען דאָרטן ביז כ׳וועל זיך צוריקקערן. כ׳מיין די סטודענטקעס. . .

הילדע האָט אָבער ווידער געשוויגן. ווי אין אַנדערע היימען פון פּאַרהייראַטע קאָמע־ראַדן, ביי וועמען ס׳קומען פאַר מיטינגען, איז אויך ביי דזשיעסין צוגעגרייט געווען דער טיש פאַר די סטודענטקעס. זי, הילדע, האָט אפילו געהאַט געגעבן דעם נעגערישן מיידל אינסטרוקציעס — וואו, ווען, און וואָס צו סערווירן. און דער טיש אין עס־צימער איז טאַקע שוין געווען געגרייט מיט אַלערליי געטראַנקען, מיט סענדוויטשעס און מיט פרוכט. זי, הילדע, האָט זיך אפילו אינערלעך געהאַט געגרייט מיט גרויס פאַרגעניגן צו פאַר־ברענגען מיט דער יונגער חברותא. איצט איז איר אָבער אפילו דאָס אונטערהאַלטן זיך פון די סטודענטקעס נישט געלעגן אין זינען. זי האָט געהאַט איין באַגער — וואָס גיכער צו זיין אויפן וועג אהיים.

.3

דעם גאַנצן וועג איז זי, הילדע, געזעסן אָפּגערוקט פון דייווידן, וואָס האָט געטריבן דעם אויטאָמאָביל, און זי האָט געשוויגן. זי האָט געקוקט דורך דער פאָדערשטער שויב, אָבער נישט געוואוסט אין וועלכע גאַסן זי פאָרט. זי האָט אפילו נישט געוואוסט ווי ווייט זי געפינט זיך פון איר היים. אַלץ, וואָס פאַר אירע אויגן, איז געווען פאַרנעפּלט. ערשט ווען דייוויד איז געבליבן שטיין אין גאַס מיט זיין אויטאָמאָביל און האָט אַ זאָג געטאָן צו איר, „אָט ביסטו שוין ביי דיינע עלטערנס וואוינונג“, דעמאָלט האָט זי אָנגעהויבן זען אין דרויסן סימנים פון איר אַלט־היימישער סביבה און אפילו דערשמעקן גערוכן פון באַקאַנטע געקעכצן. אָבער נישט נאָר דאָס. זי האָט אויך גענומען רעדן.

— כ׳גיי אַראָנזשירן — האָט זי געזאָגט צו דייווידן — צו באַגעגענען זיך מיט סאָלן.

דייוויד האָט אַראָפּגענומען די הענט פון טרייב־רעדל און געקוקט אויף איר מיט איבערראַשונג:

— מיט דיין געוועזענעם חתן?

הילדע האָט נישט געענטפערט אויף דעם. זי האָט נאָר ווייטער גערעדט:

— און ס׳קאָן זיין אַז כ׳וועל נישט קאָנען זיין מיט דיר אַזוי אָפּט צוזאַמען ווי ביז היינט.

דייוויד האָט נאָך אַ׳לץ געקוקט אויף איר מיט איבעררֹאַשונג און געפרעגט אין איין אָטעם:

— פאַרוואָס? וואָס איז געשען?

הילדע האָט זיך צוריקגעהאַלטן פון ענטפערן. זי האָט נישט געוואָלט אַנטפּלעקן אפילו פאַר אים דאָס וואָס איז פאַר איר צו־פערזענלעך. זי האָט אָבער געפילט אַז ער וועט מאַכן דערפון אַ גרויס וועזן, אַזעלכעס וואָס איז אפשר קעגן אים. נישט ווילנדיק האָט זי יאָ געענטפערט:

— ער איז גייסטיק קראַנק. און דאָס האָט צו טאָן מיט מיר.

— מיט דיר? — האָט דייוויד מיט אומגלויבן געפרעגט.

— אָן ספק, — זאָגט איצט הילדע זייער שטיל און מיט שטומען געבעט אַז דאָס זאָל אים נישט באַאומרואיקן.

— פאַרוואָס מיינסטו אַזוי? — פרעגט ער ווידער מיט שטוינונג.

אין הילדעס זכרון האָבן איצט אויפגעוואַכט פיל געשעענישן צווישן איר און סאָלן, געשעענישן וואָס האָבן געפירט דערצו אַז איר געוועזענער חתן זאָל פאַרלירן די מיושב־דיקייט אין זיין אויפפירן זיך. איין געשעעניש געדענקט זי נאָך פון די צייטן ווען זי איז געווען דרייצן יאָר, און סאָל מיט צוויי יאָר עלטער. ס׳איז געווען אין אַן אָוונט, ווען ער האָט זי געפירט אַהיים פון אַ חנוכה־פייערונג אין דער ישיבה, וואו ביידע האָבן געלערנט. אַריינגעקומען אין קאָרידאָר פון דער טענעמענט־געביידע, האָט סאָל זי אַ דריק־צו געטאָן צו אַ ווינקל, וואָס איז געווען קאַרגלעך באַלייכט, און זי אָנגעהויבן צו קושן. זי האָט אים דעמאָלט אַ שטופּ־אָפּ געטאָן און געוואָרנט צו מאַכן אַ געוואַלד, אויב ער׳ט זיך אויפסניי דערנענטערן צו איר און פּרובירן טאָן ס׳זעלבע. אָבער נישט נאָר האָט ער זיך נישט צוגערירט צו איר — ער איז געשטאַנען ווי פאַרשטיינערט, נישט געקאָנט זיך באַוועגן, און האָט געקוקט אויף איר זייטיק, מיט נישט־מיושבע אויגן.

— דאָס איז נישט שיין, — האָט זי דעמאָלט געזאָגט שטיל צו אים בעתן אָננעמען דעם קנאָפּ פון איר אַפּאַרטמענט־טיר. — אַזוי פירט זיך נישט אויף אַ פרום יינגל. און ווי׳ז דיר גאָר איינגעפאַלן אַז איך וועל דאָס דיר דערלויבן? איך... אַ רבס אַ טאָכטער...

מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, ווען זיי זענען געווען היי־סקול סטודענטן, האָט זי אים יאָ דערלויבט צו קושן זי. און זיי האָבן זיך געקושט אַ סך. עטלעכע מאָל, ווען זיי זענען געבליבן אַליין ביי איר אין שטוב, אָדער ביי זיינע עלטערן אין אַפּאַרטמענט, האָט ער זיך אָבער נישט באַנוגנט מיט קושן. מיט גוואַלט האָט ער זי אויסגעצויגן אויף דער סאָפע און זיך גלייך אַרויפגעוואָרפן אויף איר מיט זיין גאַנצן קערפּער. יעדעס מאָל האָט זי געמאַכט אַ געוואַלד, אים געוואָרנט, אַז זי וועט מער נישט בלייבן מיט אים אַליין, און זיך אַרויסגעריסן פון זיינע אָרעמס. פּונקט ווי מיט עטלעכע יאָר צוריק אין קאָרידאָר, אַזוי איז ער אויך יעדעס מאָל נאָכדעם, ווען זי האָט אים אָפּגעשטויסן פון זיך, געבליבן שטיין מיט אַ נישט־מיושבדיקן בליק און מיט אויסגעקרימטע, פיבערדיקע ליפּן.

דאָס ערגסטע און נישט־דערוואַרטע איז אָבער געשען נאָך די תנאים. ס׳איז געווען נאָך פסח, אין די קעטסקיל־בערג, ביי אַ צוזאַמענפאָר פון דער „יאַנג איזראַעל״. סאָל האָט געהאַט אַ באַזונדער צימער אין האָטעל, און אויך זי אַ באַזונדער צימער. ביידע זענען געווען דעלעגאַטן פון דעם איסט־סיידער צווייג. אָבער אַנשטאָט צו זיצן ביי

דעם צוזאַמענפּאַר, צוהערן זיך צו די רעדנערס, מאַכן נאָטיצן פון די רעדעס און פון די אָנגענומענע רעזאָלוציעס, כדי צו קאָנען אָפּגעבן אַן ערלעכן באַריכט פאַר די מיטגלידער פון צווייג, האָט ער גאָר געהאַלטן אין איין רעדן צו איר, אַז חתן־כלה קאָנען לעבן ווי מאַן און פרוי, און דאָך זאָל דערפון נישט אַרויסקומען קיין סכנה. ער האָט אפילו נישט געוואַרט אויף איר נייגער און אַליין געענטפערט:

— וויאַזוי? מ׳באַנוצט זיך מיט אַ פאַרהיטונג־מיטל...

און ער האָט איר דערציילט אַ מעשה, וועגן פאַרטלען וואָס ער האָט גענוצט כדי צו דערוויסן זיך וואו ער קאָן קריגן אָט דאָס פאַרהיטונג־מיטל. ער האָט אויך דערציילט וויפל ער האָט געקויפט. און בעת ער האָט דאָס אַלץ איבערגעגעבן האָט ער געלאַכט מיט אַזאַ נישט־קלוג געלעכטער, אַז ס׳האָט זי געעקלט פון אים. זיין פנים איז געוואָרן אַלערליי קאָלירן און אויך אומהיימלעך באַגאָסן מיט אַ שוויס.

שפּעט אין אָוונט, ווען זי איז געווען אין איר האָטעל־צימער, זיך געגרייט צו גיין שלאָפן, איז ער פלוצים אַריינגעפאַלן — און ער האָט זיך גענומען אויסטאָן.

— וואָס טוסטו? — האָט זי אַ דערציטערטע גענומען פרעגן.

— וואָס פרעגסטו אַזוי נאַאיוו? — האָט ער געענטפערט מיט פאַרשייטקייט.

— האָב איך דען ווייניק געוואַרט אויף אַזאַ געלעגנהייט? מיר זענען דאָך שוין חתן־כלה? קיינער וועט נישט וויסן.

און ער האָט אַרויסגעכאַפּט פון דער הויזנקעשענע דאָס פאַרהיטונג־מיטל און געטרייסלט דערמיט אין לופטן:

— זעסט? האָט ער געזאָגט. — דאָס וועל׳ך נוצן ווען מירן ליגן צוזאַמען אין בעט. זעסט? קיין געפאַר פאַר דיר... און קיין פויגל וועט נישט וויסן.

און נאָך איידער זי האָט באַוויזן צוריק צו נעמען אויף זיך די קליידער, וואָס זי האָט געהאַט אַראָפּגעצויגן פון זיך, האָט ער זי שוין געהאַלטן אין זיינע אָרעמס, געדריקט זי צו זיך און געשלעפּט זי צום בעט.

זי געדענקט נישט גענוי ווי אַזוי זי האָט עס מיט אירע כוחות באַוויזן. זי געדענקט אָבער אַז זי האָט זיך אַזאַ וואָרף געטאָן אין זיינע אָרעמס, אַז ער איז דערפון צוגע־ שליידערט געוואָרן צו דער טיר — און ער האָט זיך גלייך נאָכדעם גענומען האַלטן ביים קאָפּ מיט ביידע הענט.

אַ שטיק צייט איז זי דעמאָלט געשטאַנען אויפן זעלבן פלאַץ און האָט געקוקט מיט מיטלייד אויף אים. זיין פנים איז געווען וויס ווי קרייד. זיינע אויגן האָבן געקוקט ווי ביי אַ קראַנקן. און דער גאַנצער קערפּער זיינער איז געווען געבויגן אַזוי, עלעהיי די פיס וואָלטן זיך אונטער אים געבראָכן.

דער אמת איז, אַז גלייך נאָכדעם האָט זי חרטה געהאַט. אויב נישט איבערגעבן זיך צו אים געשלעכטלעך ווי אַ פרוי, האָט זי אָבער געדאַרפט מיטפילן מיט אים אין זיין סעקסועלן אויפרודער. זי האָט זיך געדאַרפט לאָזן אַרומנעמען פון אים, ווערן נאָענט צו אים מיט יענע קערפּערלעכע טיילן וואָס מ׳קאָן דערלויבן אַ מאַן, כאָטש מ׳איז נאָך נישט פאַרהייראַט צו אים, און באַרואיקן זיין געמיט. ס׳איז אָבער שוין געווען שפּעט. ער איז געווען שטאַרק צעבראָכן, דערנידעריקט, און מיט האַס צו איר. דערצו זענען אַ שטיקל צייט שפּעטער אונטערגעקומען אירע באַגעגענישן מיט אים, דייוויד׳ן, באַגע־ געגנישן וואָס האָבן זי דערוווייטערט פון סאָלן אַלץ מער און מער.

„נו, האָט דען דאָס אַלץ מילדער געמאַכט זיין סעקסועלן הונגער? האָט דען דאָס אים נישט מער אויפגערייצט, מער באַאומרואיקט און צעטומלט? און איז עס דען נישט

איר שולד וואָס ער איז אין אַזאַ אומגליקלעך גייסטיקן צושטאַנד ?

ביז איצט האָט זי אים, דייווידן, נישט געוואָלט דערציילן וועגן אָט די אַלע געשע־עניש. זיי וואָלטן אין זיינע אויגן געמאַכט אויסקוקן סאָלן זייער אומקולטורעל. און נישט נאָר אים. זיי וואָלטן אויך נישט אויפגעהויבן זי, הילדען, פאַר איר קאָנטאַקט מיט אַזאַ פערזאָן אין אירע רייפע יאָרן. זי האָט אָבער נישט געקאָנט צוריקהאַלטן דעם אמת פון אים — און אַנטפּלעקט.

— כאָטש מיין זאָרג — זאָגט זי נאָכן איבערגעבן אַלץ — וועגן דער מאַטעריעלער אָפּהענגיקייט פון מיינע עלטערן איז שוין געווען היפּש שטאַרק ווען כ׳האָב אָנגעהויבן ווערן טיף פאַראינטערעסירט אין דיר, געפּייניקט מיך אַז מיין איבעררייסן מיט סאָלן וועט ברענגען אויף מיין היים די נקמה פון די רובינס, און ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר ריכטיק פריער פון מיין מוטערס נייס, דאָך האָב איך נישט געטראַכט צו טאָן אַנדערש. אַצינד איז אָבער געשען ערגערס... כ׳האָב עס נישט דערוואַרט. און כ׳פיל, אַז כ׳מוז עפּעס טאָן כדי צו פאַרריכטן פאַר מיין שולד. כ׳מיין, אַנשטאָט צו פאַרנעמען מיך מיט דער לאַגע פון מיינע עלטערן זאָל׳ך בעסער טראַכטן וועגן די פערזענלעכע ליידן וואָס כ׳האָב אים, סאָלן, גורם געווען.

— וואָס קאָנסטו אָבער טאָן כדי צו קאָמפּענסירן פאַר דיין שולד ? — פרעגט דייוויד, וואָס איז שוין איצט געווען באַרואיקט.

— כ׳ווייס נאָך נישט גענוי... אפשר פאַרברענגען מיט סאָלן אַ שעה, אָדער צוויי אַן אָוונט. אפשר... — זאָגט זי מיט דערדריקטקייט אין קול. — אפשר קאָנסטו מיר העלפן.

— מיט וואָס ? — קוקט דייוויד אויף איר מיט מיטלייד, מיט איבערגעגעבנקייט, און איז גרייט צו טאָן אַלץ וואָס זי וועט פון אים פאַרלאַנגען.

— פאַרגיב מיר, זאָגט זי, — אויב כ׳וועל דיך נישט קאָנען זען אין די קומענדיקע טעג, אָדער וואָכן, אַזוי פיל ווי דו און אויך איך וואָלטן עס באַגערט.

אַנשטאָט ענטפערן האָט ער צוגעטאָן זיין פּנים צו אירס, געהאַלטן אירע הענט אין זיינע, נאָכדעם געעפנט פאַר איר די טיר פון אויטאָמאָביל.

— ווּעסטו אָבער שטיין אין פאַרבינדונג מיט מיר, הילדע ? — פרעגט ער, ווען זי איז שוין געווען אויפן טראָטואַר. — ווּעסטו מיר טעלעפאָנירן ?

זי איז געשטאַנען אַ דערשלאָגענע, געקוקט אויף אים מיט אומבאַוועגלעכע, טריבע אויגן. זי האָט נישט געקאָנט עפענען אירע ליפּן. זי האָט בלויז אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ צו אים און איז אַריין אין קאָרידאָר פון דער טענעמענט־געבּיידע.

# קאַפּיטל זיבעצן

## אין הויז

### 1.

פאַר דער רביצין איז נישט געווען קיין איבערראַשונג, ווען זי האָט געעפנט די טיר און געזען די טאָכטער.

פאַרחידושט איז זי אָבער יאָ געווען אַ ווײַלע פריער. זי איז דעמאָלט געשטאַנען אין גאַסטצימער, ביי אַ פענסטער, און האָט געקוקט אין דער גאַס אַריין. געקוקט אַהינצו האָט זי פון באַזאָרגטקייט איבערן רב. יעדן טאָג נאָך מנחה־מעריב אין שול בלייבט ער דאָרטן אַ שעה, אָדער צוויי, און לערנט אַ פּרק משניות מיט עטלעכע אַלטע יידן וואָס

שטענדיק שטעלן זיי מיט זיך פֿאָר דעם גרעסטן טייל פֿון מנין ביים דאַווענען. היינט איז אָבער געווען אַן איבערקערעניש אין דעם רבס רגילות. ווען זי האָט זיך צוריקגעקערט אַהיים פֿון זון איז שוין געווען אַריבער דער צייט וואָס דער רב פֿאַרברענגט אין שול — און זי האָט דערוואַרט צו טרעפֿן אים אין שטוב. אויסגעלאָזט האָט זיך אָבער אַז ער איז נאָך נישט געווען אין הויז. מסתמא — האָט זי געטראַכט — האָט ער זיך פֿאַררעדט דאָרטן ביים לערנען. און אויב נישט ביים לערנען, איז נאָכדעם. וואָס, ס׳פֿעלט אַצינד וועגן וואָס צו האָבן לאַנגע גערײדן אין שול?

געזען האָט זי, אגב, דעריין דעם רבונו של עולמס חסד צו איר. איבערן גאַנצן וועג צוריק אַהיים פֿון זון איז זי געווען אין איין שרעק. וואָס וועט זי ענטפֿערן דעם רב, אַז ער וועט זי נעמען חוקר־ודורש זיין, באשר וואו זי איז געווען אַוועק אַזאַ לאַנגע צייט? און אויב זי האָט געוואוסט, אַז זי דאַרף אַוועקגיין, איז מחמת וואָס האָט זי אים נישט געזאָגט דערפֿון? וואָס, וואָס, אָבער ס׳וואָלט אים נישט אָנגעקומען שווער צו דערגיין אַ טאָלק. און דאָס, צוליב איר אָפּגעהיטנקייט מיט אַ וואָרט. זי וואָלט נישט נאָכגעגעבן דעם יצר־הרע אויף אויסטראַכטן אַ מעשה וואָס איז פֿול מיט תירוצים און שקרים. חס וחלילה. זי וואָלט דערציילט דעם אמת. איי, ס׳וואָלט אַרויסגעקומען אַ מהומה איבער דעם? אוודאי וואָלט אַרויסגעקומען. וואָסער אויסוועג איז דען געווען?

האָט אָבער דער רבונו של עולם זיך צוגעהערט צו איר שטילער תפֿילה און ער האָט געהאָלפֿן. ער האָט געמאַכט אַזוי, אַז דער רב זאָל זיך פֿאַררעדן אין שול מיט זיינע אַלטיטשקע לייט און נישט האָבן קיין סיבה אויף נאָכקלערן וועגן איר, ווען ער׳ט אַריינקומען אין הויז און זי טרעפֿן.

— אַ דאַנק דיר, טאַטעניו — האָט זי געקוקט צום סופֿיט און געגעבן אַ שבח, ווען זי איז געקומען אַהיים און נישט באַגעגנט דעם רב. — אַ דאַנק דיר פֿאַר פֿאַרהיטן מיין הויז פֿון אַ מחלוקת, און מיך פֿון אַ שטרויכלונג. וואָרעם ווער קאָן דען תמיד משיג זיין די וועגן פֿון יצר הרע? ס׳קאָן זיין, אַז דאָס מאָל וואָלט ער געערעדט צו מיר מיטן לשון פֿון אַ גוטן ייד צו ברענגען דעם רב צו אַן עבירה קעגן זיין זון. אַ דאַנק דיר, גאָטעניו, פֿאַר דעם...

אַז ס׳איז אָבער אַוועק נאָך אַ שטיקל צייט, און ווידער אַ היפּשע צייט, און דער רב האָט זיך נאָך אַלץ נישט געהאַט צוריקגעקערט פֿון שול, איז זי געוואָרן שטאַרק באַזאָרגט און איז צו צום פֿענסטער פֿון גאַסטצימער — אַרומצוקוקן אין די באַלייכטע טיילן פֿון גאַס צי איר מאַן איז שוין אויפֿן וועג אַהיים.

אַנשטאָט דער מאַן האָט זיך אָבער מיטאַמאָל באַוויזן די טאָכטער.

ביי איר, דער מוטער, איז דאָס האַרץ שיר־נישט אויסגעגאַנגען פֿון איבערראַשונג און אַלערליי נישט־קלאָרע, אַלאַרמירנדיקע מחשבות. צו וואָס קומט זי, הילדע, אַהיים? — האָט זי געטראַכט. וואָס איז דער זין דערפֿון? זי איז דאָך געווען איינגעשפּאַרט און האָט נישט געוואָלט הערן וואָס זי, די מוטער, האָט געבעטן ביי איר וועגן סאָלן. קומט זי אפֿשר אַהיים נאָך דער רעשט פֿון אירע פּערזענלעכע חפצים, וואָס זי האָט שבת־צונאַכט נישט געהאַט מיטגענומען אין איר וואַליז? יאָ, איז עס דאָס, ווייל נאָכדעם וויל זי מער נישט אַריבערטרעטן די שוועל פֿון אירע עלטערנס היים? יאָ? קומט זי דאָס טאָן אויס כעס, ווייל זי, די מוטער, האָט זיך פֿריער, אַן צוריקהאַלט צעשריען אויף איר ביים ברודער אין דער וואוינונג, געמוסרט זי אָן רחמנות, און אויך נישט געשאָנעוועט דעם יונגמאַן וואָס דער נישטגוטער האָט אים אונטערגעשיקט פֿאַר איר זיווג? איז עס

דערפאַר האָט זי זיך דאָס אַזוי אַוועקגעאיילט פון אויטאָמאָביל און האַסטיק זיך געלאָזט אַהער צו דער עלטערנס דירה?

מיט גרויס צעטומלטקייט איז זי אַרויס פון גאַסטצימער, ווען ס׳האָט זיך דערהערט דאָס געקלונג פון עלעקטרישן גלעקל, געעפנט די טיר און האָט געקוקט אויף הילדען מיט אָנגעשטרענגטע אויגן.

.2

— כ׳בין געקומען — זאָגט הילדע — צו לאָזן וויסן דיר און דעם טאַטן אַז כ׳בין גרייט צו טאָן וואָס מיסטער רובין האָט געבעטן.

די רביצין איז געוועזן אויסער זיך פון דער בשורה. אירע אויגן האָבן זיך צעפינקלט און דאָס פנים האָט זיך צעבליט ווי אַ רויז. האָט זי — טראַכט זי וועגן הילדען — דערפילט אַז דאָס האַרץ וועט איר קיין מנוחה נישט געבן, אויב זי וועט זיך אָפּזאָגן פון מיסטער רובינס בקשה? האָט זי דערפילט אַז מיט דעם וואָס זי וועט בלייבן איינגעשפּאַרט צו מיסטער רובינס באַגער וועט זי מיט אירע אייגענע הענט מאַכן אַ סוף צו די עלטערנס חיונה, כאָטש ס׳איז קיינמאָל נישט געווען מער ווי בצימצום?

זי האָט פאָרט אַן איידל האַרץ! — האָט זי געטראַכט אין איין אָטעם וועגן דער טאָכטער. זי וועט זיך נישט אָפּזאָגן אַפילו פון מסירת־נפש אַבי צו ראַטעווען ס׳געזונט פון אַ צווייטן מענטש. ווי דען אַנדערש? קאָן דען די דערציאונג וואָס אַזאַ קינד האָט געקראָגן אין אַ רבנישער היים זיין אינגאַנצן אָן פעולה? און ערשט איר צוגעבונדנקייט צו טאַטע־מאַמע... ווי נאָר זי האָט באַנומען אַז איר עקשנות קאָן, חלילה, טאַקע גורם זיין אַ צרה אין דער עלטערנס אויסקומעניש, איז זי גיך געקומען אויף מיסטער רובינס פאַרלאַנג כדי צו פאַרהיטן איר היים פון אַן אומגליק.

— און געקומען בין איך — זאָגט הילדע ווידער, שטייענדיק אין דער אָפענער טיר־ראָם — נישט ווייל כ׳וויל פאַרמיידן אַז מיסטער רובין זאָל אָפּשטעלן זיין פרנסה־הילף פאַר אייך. ניין. דאָס וואָלט מיך נישט געבויגן צו מיסטער רובינס פאַרלאַנג. כ׳בין געקומען איבער עפּעס אַנדערש.

— איבער וואָס? — האָט די מוטער, אָן פריערדיקן ענטוזיאַזם אין די אויגן און אָן דעם רויז־קאָליר אין פנים, געפרעגט מיט ציטער אין קול.

— איבער אַזעלכעס וואָס... — זאָגט הילדע מיט אויפרעגונג אין איר שטים.

— איבער אַזעלכעס וואָס איז גרויליקער ווי ווען איר וואָלט געהונגערט.

— וואָס איז עס? — האָט די מוטער ווידער געפרעגט מיט ציטער אין קול. — כ׳פאַרשטיי דיך נישט.

— דאָס איז די שולד וואָס עס טראָגט די רבנישע היים דאָ, און אויך די פרומע דערציאונג וואָס איר האָט מיר געגעבן.

די רביצין האָט געוואָלט אַ געשריי טאָן מיט אומגלויבלעכקייט, „וו—אָ—ס?“. זי האָט אָבער דערשטיקט אין זיך דאָס געשריי. זי האָט בלויז געקוקט מיט פאַרגרעסערטע אויגן וואָס זענען געווען פול מיט שטוינונג און כעס.

— יאָ, — זאָגט הילדע ווידער און שטעלט אַריין עטלעכע טריט אין קאָרידאָר, וואו זי פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר. — ביז אַצינד האָב איך צו דיר נישט גערעדט וועגן דעם. ס׳האָט געהייסן אַז ס׳איז נישט שיין, נישט אָנשטענדיק, ס׳פּאַסט נישט פאַר אַ רבנישער טאָכטער, און אַז ס׳איז אויך אַ זינד צו ברענגען אַזעלכע ווערטער אויף די

ליפּן. אָבער אַצינד װיל׳ך עס דיר און דעם טאַטעשין זאָגן אין פּנים אַרײַן. און דאָס דערפֿאַר, װײַל דו ביסט געקומען צו לויפֿן צו מיר אין דזשעסיס אַפּאַרטמענט מיט אַ געװאַלד, אַז איבער מיר איז סאָל קראַנק געװאָרן, און אַז אויב איכ׳ל גאָרנישט טאָן צו העלפֿן אים, װעל איך קײנמאָל נישט האָבן קײן רו אין מײַן לעבן. דאָס האַרץ װעט מיך פּײַניקן פֿאַר מײַן זינד. בקיצור, אַלץ איך און איך... נאָר איך... איך... און װאָס װעגן אײַך? איר פֿרומע, הײסט עס, זענט רײן פֿון אַלעם. איר זענט גאָט די נשמה שולדיק. איר האָט נישט קײן חלק אין דעם אומגליק װאָס האָט געטראָפֿן סאָלן. איר זענט אינגאַנצן אומשולדיק, װי אַן ערשט־געבוירן קינד, האַ? נו װעל׳ך דיר און דעם טאַטעשין אַצינד זאָגן װאָס בײַ מיר אין האַרץ האָט זיך אָנגעקליבן קעגן אײַך אין אַ לאַנגער צײַט.

זי האָט זיך אַראָפּגענומען די הענטשקעס פֿון די הענט, צעקנעפּלט זיך דעם מאַנטל און לויז געמאַכט דעם װײס־זײַדענעם האַלדזטוך, װאָס די עקן זײַנע זענען געװען פֿאַרשלײפֿט צװישן דער גאָמבע און דעם טיפֿן דעקאָלט פֿון שװאַרצן קלײד.

— װאָס האָב איך אַלע יאָרן געהערט פֿון דיר, מיטן טאַטעשיס הסכמה? — שפּאַרט זי זיך אָן מיטן רוקן אויף דער װאַנט, האַלט מיט בײדע הענט דעם גרױסן, לעדערנעם בײַטל אויפֿן פּאָדערשטן שלעסל פֿון דעם קלײד־פּאַסיקל און קוקט אויף דער מוטער מיט פֿאַרדראָסיק פֿרעגנדיקע אויגן. — װאָס איך האָב געהערט פֿון דיר איז געװען, אַז כ׳טאָר זיך נישט קושן מיט אַ בחור, כ׳טאָר אים נישט לאָזן אַרויפֿלײגן זײַנע הענט אויף מיר, נישט נאָר אויף די טײלן װאָס זענען פֿאַרדעקט, נאָר אפֿילו נישט אויפֿן קאָפּ, אויפֿן פּנים, װאָרעם דאָס אַלץ פֿירט צו שלעכטע מחשבֿות און צו זינד. אפֿילו מיט סאָלן, האָסטו געזאָגט, טאָר איך זיך נישט קושן. כ׳טאָר אים נישט לאָזן צוקומען נאָנט צו מײַנע פֿאַרדעקטע טײלן, כאָטש ער איז שוין מײַן חתן. אַ מײדל, האָסטו געזאָגט, דאַרף זײַן שטאַרק אָפּגעהיטן, דאַרף זײַן רײן, צניעותדיק. זי דאַרף זײַן אַ בתולה ביז צו דער נאַכט פֿון איר חתונה. דעמאָלט װערט זי אָפּגעזונדערט צוזאַמען מיט איר חתן אין אַ שטיבל, װאו זײ בלײַבן צו דערקענען אײנס דאָס אַנדערע צום ערשטן מאָל.

זי האָט אַרויפֿגעטאָן אויפֿן לינקן אַקסל דאָס לאַנגע פּאַסיקל פֿון האַנטבײַטל, פֿאַרקרײַצט נאָכדעם די הענט אונטערן בוזעם און װידער געקוקט אויף דער מוטער.

— װײסטו, מאַמע, װאָס דו האָסט אויפֿגעטאָן מיט אָט דער דערציאונג װאָס איך האָב אויסגעפֿאָלגט? סאָל האָט געליטן דערפֿון. יאָ, ער איז געװאָרן דער קרבן פֿון דײַן און דעם טאַטעשיס פֿרומקײט װאָס דו האָסט אַרײַנגעהעמערט אין מײַן קאָפּ און אין מײַן געבײן. װי אַזוי, װעסטו פֿרעגן, ס׳איז געקומען דערצו, אַז ער זאָל לײדן און קראַנק װערן? גאַנץ פּשוט. װען נאָר ער און איך האָבן זיך געפֿונען אַלײן זענען אים די בלוטן געקומען אין קאָפּ אַרײַן און ער איז אַרויפֿגעפֿאַלן אויף מיר װי ער װאָלט פֿאַרװילדעװעט געװאָרן. ער האָט מיך געדריקט, גענומען אָפּהילן, געװאָלט צוקומען צו מײַנע פֿאַרדעקטע טײלן, אַרומקוקן מיך, װאַנדערן מיט זײַנע הענט אַרום מײַן לײַב. ער האָט נישט געװאוסט װאָס ס׳געשעעט מיט אים. און נאָך מער װילד איז ער געװאָרן װען כ׳האָב אים געטריבן פֿון מיר, געשריען מיט כעס, מיט טרערן אין די אויגן. כ׳האָב געמײנט אַז װען כ׳װעל אים דערלויבן צו געבן מיר אַ קוש אויף דער באַק װעט דאָס אים באַרויִקן. אָדער װען איך װעל אים געבן אַ קוש אויף זײַן פּנים... אָבער ס׳איז געװען אומזיסט. כ׳האָב געזען אַז ער אָטעמט שװער, ער סאָפּעט, ער פֿאַרלירט כּוחות... כ׳האָב זיך אים אָבער נישט איבערגעגעבן... כ׳האָב זיך געהאַלטן בײַ דעם װאָס דו, מיטן טאַטעשיס הסכמה, האָסט מיך געלערנט און געװאָרנט נישט אָפּצוטרעטן דערפֿון.

מיטאַמאָל האָט זי אַ נעם אַרויס געטאָן פֿון מאַנטל־קעשענע אַ פּעקעלע ציגאַרעטלעך,

פאַררייכערט זיך, און גענומען פּופן מיט צוקנדיקע ליפּן.

די רביצין האָט געקוקט מיט אומגלייבלעכע אויגן. ביז איצט האָט זי נישט געזען ביי איר טאָכטער קיין ציגאַרעטן. אפילו פון סאָלן, וואָס האָט יאָ גערייכערט, האָט זי קיינמאָל נישט גענומען זיין ציגאַרעט צו פאַרזוכן דעם טעם פון רייכערן. ווען זי טוט עס יאָ, וואָלט עס געווען אַ טייל פון אויסגעלאַסנקייט. איצט אָבער האָט זי, הילדע, נישט נאָר גערייכערט. זי האָט עס אויך געטאָן מיט אומדרך־ארץ, מיט חוצפה פון אַ פרעך מיידל.

— ווייסטו וואָס נאָך סאָל האָט געטאָן? — זאָגט הילדע ווידער און לאָזט אַרויס פון מויל איין לאַנגן רויך־וואָלקן נאָכן אַנדערן. — ער איז אפילו ‑געקומען צו מיר עטלעכע מאָל מיט פאַרהיטונג־מיטלען, וואָס וועלטלעך יונגוואַרג, אָדער נישט־אָרטאָ־דאָקסישע, פאַרהייראַטע פאַרפעלקער נוצן אין זייערע סעקס־באַציאונגען, כדי נישט צו האָבן קיין קינדער. מיינסטו אפשר אַז ער איז סתם געקומען צו מיר מיט זיי? אָדער אפשר זיך געבעטן ביי מיר אַז כ׳זאָל אים דערלויבן צו ווערן נאָענט מיט מיר? דאָס האָט ער מסתמא אין זינען געהאַט איידער מיר זענען געבליבן אַליין אין אַ שטוב. אָבער ווי נאָר ער האָט געזען אַז קיינער איז נישטאָ אין צימער...

זי האָט ווידער אַריינגעטאָן דאָס ציגאַרעטל אין מויל, געגעבן עטלעכע פּוף, און אויפּסניי גערעדט:

— אוודאי איז ער געווען עטלעכע טעג ברוגז אויף מיר, ווייל כ׳האָב זיך געוועהרט קעגן אים. ער האָט מיר פאַרגעוואָרפן אַז כ׳האָב נישט אין זינען אים, נאָר דאָס רייכקייט וואָס כ׳וועל האָבן ביי אים. ווייסטו מסתמא זאָגן, אַז כ׳האָב אים באַדאַרפט אויפקלערן. זאָג איך דיר, אַז כ׳בין אים נישט שולדיק געבליבן קיין ענטפער. כ׳האָב אים דערקלערט אַז ס׳איז נישט אַזוי, אַז מיין אומווילקייט נעמט זיך פון עפּעס אַנדערש, פון מיין גלויבן אין אָנשטענדיקייט, אין צניעות, ביז דער חופה. ס׳האָט אָבער נישט געהאָלפן. ער איז געוואָרן ערגער פון טאָג צו טאָג. ער איז נישט געווען מער דאָס וואָס מיט צייטן צוריק. נו, ווייסטו נאָך אַצינד ווידער זאָגן אַז איך בין די שולדיקע אין זיין אומגליק, האָ? ווייסטו נאָך אויך אַצינד דיך האַלטן פאַר אומשולדיק, דיך און דעם טאַטעשין, און זאָגן אַז איר האָט נישט קיין חלק אין דער צרה וואָס איז געקומען אויף סאָלן?

אין משך פון עטלעכע מינוט האָט זי, הילדע, געהאַלטן דאָס ציגאַרעטל צווישן די פינגער פון איר רעכטער האַנט און געהוסט. נאָכדעם האָט זי זיך אויסגעגלייכט און ווידער גענומען רעדן צו דער מוטער.

— מיין נישט, — זאָגט זי, — אַז כ׳האָב זיך איבער דער גאַנצער צייט נישט צוגעהערט וואָס אַנדערע האָבן צו זאָגן וועגן די באַציאונגען צווישן אומפאַרהייראַטע יונגע מענטשן. מיין נישט אַז כ׳האָב זיך בלויז פאַרלאָזט אויף דעם וואָס דו האָסט מיר געזאָגט. ווערסט האָבן אַ טעות אויב ד׳ווערסט אַזוי טראַכטן. פון די סטודענטן און סטו־דענטקעס אין סיטי־קאָלעדזש האָב איך זייער פיל געהערט. און כ׳האָב אפילו געליינט ווי מיידלעך און בחורים איבער אַמעריקע און אין אַנדערע לענדער פירן זיך אויף, כדי זיי זאָלן וויסן צי זיי זענען צוגעפּאַסט סעקסועל איינס צום צווייטן איידער זיי באַשטימען צו הייראַטן. יאָ, איך בין נישט געווען אינגאַנצן אומוויסנדיק וועגן דעם. אָבער...

זי האָט אויסגעלאָשן דאָס ציגאַרעטל, צעקוועטשט מיט אירע פינגער די נישט־אויסגערייכערטע, צווייטע העלפט, און געהאַלטן צוגעדריקט דעם צעריבענעם טייל אין איר פויסטל.

— אָבער — זאָגט זי נאָך אַ לענגערער ווײַלע שווייגן און קנייטשן מיט די ליפּן —

כ׳בין אלציינס געבליבן ביי דעם ווי ד׳האָסט מיך דערצויגן.

זי האָט געשטעלט עטלעכע טריט אין דער זייט פון דער קיך, וואו ס׳האָט זיך געלייכט, און זיך באַלד צוריקגעקערט.

— מייבסטו אפשר, מאַמע, — זאָגט זי ווידער, ווען זי איז געבליבן שטיין קעגן־איבער דער מוטער, — אַז כ׳האָב דיך און דעם טאַטעשין באַשולדיגט אין דערציען מיך אַזוי ווי איר האָט מיך אויפגעבראַכט? ניין, גאָט באַהיט. נישט איך האָב עס געטאָן פריער און נישט איך טו עס אַציגד. איר קאָנט נישט אַנדערש. איך האָב נישט געקאָנט דערוואַרטן פון אייך אַז איר זאָלט מיר דערלויבן איבערצוגעבן זיך סאָלן קערפּערלעך, ווי ס׳דערלויבן יענע עלטערן, פרייע און טיילוויז פרייע, ביי אונדז אין לאַנד און אין אַנדערע לענדער. אמת, סאָל וואָלט זיך נישט געפינען אין זיין איצטיקן צושטאַנד, ווען כ׳וואָלט זיך אויפגעפירט לויט זיין באַגער. אָבער איר וואָלט נישט געגעבן אייער הכשר דערויף, אפילו ווען איר וואָלט געוואוסט אין פאָרויס אַז ס׳וואָלט פון אים פאַרמיטן געוואָרן די קרענק, אויב ער וואָלט געקאָנט לעבן מיט מיר פריי ביז די חופּה־וקידושין.

איצט האָט זי צונויפגעפרעסט אירע ליפּן און געראַנגלט זיך מיט אַ צאָל האַרבע ווערטער, וואָס זענען שוין געווען גרייט אַראָפּצושפּרינגען פון איר צונג, אָבער וואָס זי האָט זיי געהאַלטן פאַר צו־שאַרף...

— איך וואָלט עס נישט געטאָן, — האָט זי צום סוף זיי בייגעקומען און ווידער געוועדט צו דער מוטער, — ווייל אַזאַ איז אייער אמונה. יהרג ואל יעבור... דעם דאָזיקן פּרינציפּ פון האַלטן זיך ביים גלויבן, ביי קערפּערלעכער אָפּגעהיטקייט, האָט דאָך מיין טאַטע איינגעפּלאַנצט אין מיר ווען נאָר ער האָט געלערנט מיט מיר די גמרא סנהדרין, אָדער דעם סדר נשים, אָדער דעם אבן העזר פון שולחן ערוך. נישט עובר זיין, הייסט עס, אויפן דין, און נישט אַריבערטרעטן דעם גדר, אפילו ווען דאָס לעבן איז אין סכנה. נו, האָט איר געטאָן וואָס איר האָט געפילט אַז ס׳איז רעכט צו טאָן. אָבער אויך די באַטור האָט געטאָן ס׳איריקע. זי האָט באַשטראָפט סאָלן פאַר נישט קאָנען מיך באַצווינגען אין מיין ווידערשטאַנד, און פאַר נישט קאָנען אַרויסרייסן פון מיר אייער שטרענגע וואָרנונג וואָס איז געוואָרן מיין עקשנות, מיין נישט נאָכגעבנדיקער ווילן... יעדער איז, אין לעצטן סך־הכל, גערעכט, נאָר בלויז איך, לויט דיינע טענות צו מיר אין דזשעסיס וואוינונג, בין די שולדיקע. אָבער איך בין געקומען דיר זאָגן עפּעס אַנדערש. און דאָס איז, אַז אויב איך בין טאַקע שולדיק, זאָלט איר וויסן אַז איר טראָגט די אחריות פאַר דעם, דו און דער טאַטעשי. און אַציגד... אַציגד וויל׳ך זען דעם טאַטעשין.

זי האָט זיך ווידער אַ לאָז געטאָן אין דער זייט פון דער קיך, אָבער דאָס מאָל האָט די מוטער זי צוריקגעהאַלטן:

— צו וואָס ווילסטו זען דעם טאַטעשין?

— צו זאָגן אים דאָס זעלבע.

— ער איז נאָך נישט אַהיימגעקומען פון שול.

הילדע האָט גענומען קוקן מיט שטוינונג.

— „נאָך נישט", האָסטו געזאָגט?

— יאָ, נאָך נישט.

— פאַרוואָס?

— כ׳ווייס נישט.

אַ ווײַלע האָט הילדע געשוויגן און נאָכגעקלערט.

— נו, זאָגט זי, — שולדיק, אָדער נישט שולדיק, סיווי ועל׳ך גיין לאָזן וויסן

מיסטער רובין אַז כ׳וועל טאָן פאַר סאָלן וואָס נאָר כ׳וועל קאָנען. דאָס פאַרענטפערן זיך, אַז כ׳וואָלט געווען באַגאַנגען אַ זינד, לויט אַלע פרומע ספרים, וועז כ׳גיב זיך איבער צו סאָלן, וועט דאָך סאָלן נישט געזונט מאַכן! לאָמיך זען צי מיין פאַרברענגען מיט אים וועט אים פיל־ווייניק כאָטש זיין אַ פאַרלייכטערונג.

.3

אין אַ קורצער צייט אַרום איז הילדע געשטאַנען ביי דער טיר פון מיסטער רובינס אַפּאַרטמענט און האָט געדריקט אויפן עלעקטרישן קלינג־קנעפּל.

יעדן אָוונט, אַרום דער איצטיקער צייט, איז מיסטער רובין די לעצטע יאָרן געווייגלעך אין דער היים. ער גייט פרי אַוועק פון געשעפט און פאַרברענגט אין הויז מיט דער פרוי מער ווי אין די אַמאָליקע צייטן.

ס׳האָט זיך אָבער נישט געהערט קיין ענטפער פון אַפּאַרטמענט, כאָטש הילדע האָט געקלונגען עטלעכע מאָל.

איז ער היינט נישטאָ אין דער היים? אַ סברה אַז נישט. צוליב דעם וואָס סאָל געפינט זיך אין אַ האָטעל בלייבט מיסטער רובין געוויס לענגער אין די ביזנעס. דאָרטן אַהין האָט זי אָבער נישט געהאַט קיין חשק צו גיין. זי וויל נישט אַז ריווע און די אַנגע־שטעלטע זאָלן אויף איר קוקן מיט פאַרדראָסיקע און פאַרשנדיקע אויגן. זיי ווייסן דאָך שוין געוויס אַז זי האָט אָפּגעבראָכן דעם שידוך!

זי האָט געקלונגען אויפסניי. אַז מיסטער רובין איז אין געשעפט, איז דאָך געוויס די מיסעס רובין אין הויז!

אויך איצט האָט זי נישט געהערט קיין ענטפער פון אינעווייניק. אויבוואויל זי, הילדע, האָט געקלונגען אַ שפּאַר ביסל. וואָס זאָל דאָס באַדייטן? איז אויך זי, מיסעס רובין, נישטאָ אין שטוב? זאָל זי אפשר פון אומהיימלעכקייט צווישן די פיר ווענט זיך האָבן פאַרנומען אין געשעפט אַריין? יעדנפאַלס, ס׳איז אומזיסט צו שטיין דאָ. זי מוז זיך גלייך פאַרנעמען אַהין דאָרטן, וואוהין זי האָט ביז אַ ווײַלע צוריק נישט געהאַט קיין חשק צו גיין.

ס׳האָט טאַקע נישט געדויערט לאַנג — און זי איז אַריין אין געשעפט, וואו ס׳איז נאָך געווען טומלדיק מיט קונים, כאָטש ס׳איז שוין נישט געווען פרי אין אָוונט.

— קאָן איך זען מיסטער רובין? — איז זי געבליבן שטיין ביים צאָל־טיש און געפרעגט ריווען.

ריווע, וואָס איז געזעסן ביים רעגיסטער, פיילנדיק זיך די פינגער־נעגל, האָט אויפ־געהויבן די אויגן מיט אַזאַ האַסט, גלייך ווי מ׳וואָלט זי דערשראָקן אויף טויט.

— הילדע?! — האָט זי געקוקט מיט איבעררעשונג אויף דער רבנישער טאָכטער.

— שוין לאַנג נישט געזען דיך . . . וואָס הערסטו פון סאָלן?

פון דעם הייטערדיקן אויפנעם און פון די רייד האָט הילדע באַנומען אַז ריווע האָט נישט קיין ידיעה וועגן דעם וואָס ס׳איז פאַרגעקומען מיטן שידוך. די רובינס האָבן נישט געלאָזט פאַלן קיין וואָרט פאַר איר. זיי האָבן זיך געוויס געשעמט.

— זייער פיין . . . — האָט זי געמאַכט דעם אָנשטעל פון אויפגעלייגטקייט. — ער פאַרברענגט גוט . . .

— מיר בענקען נאָך אים... — האָט ריווע פאַרגעזעצט מיט גרויס אויפגע־טראָגנקייט. — ער פעלט דאָ אונז אויס זייער שטאַרק.

— נו, פֿאַרשטענדלעך... געװיס... — האָט הילדע געזאָגט און װידער געפֿרעגט צי זי קאָן זען מיסטער רובין.

— מיסטער רובין? — האָט ריװע געפֿרעגט, װי זי װאָלט זיך דערמאָנט אין עפּעס װאָס זי האָט געהאַט פֿאַרגעסן. אַ װײַלע נאָכדעם האָט זי גענומען רעדן מיט באַזאָרגטקייט: — מיסטער רובין?... כ׳װײס שױן טאַקע נישט װאָס איבערצוקלערן. כ׳האָב שױן עטלעכע מאָל אָנטעלעפֿאָנירט אַהײם צו אים און נישט געקראָגן קײן ענטפֿער. ס׳זענען געװען אַ סך ביזנעס־אָנגעלעגנהייטן װאָס כ׳האָב זיך באַדאַרפֿט באַראָטן מיט אים װעגן זײ. און אױך צוליב מיסעס רובין...

— צוליב דער מיסעס רובין? — האָט זיך הילדע נישט װילנדיק אַ כאַפּ אַרױס געטאָן מיט נײַגער.

— יאָ, — האָט ריװע געדרײט מיט אירע אױגן אין גרױס באַזאָרגטקייט. — ד׳װײסט דאָך געװיס אַז זי װיל שױן אַהײמקומען פֿון האָטעל. האָט זי מיר אײן מאָל דאָ אַרײַנ־טעלעפֿאָנירט און געפֿרעגט אױף מיסטער רובין. זי האָט געװאָלט אַז ער זאָל אַרױסקומען נאָך איר מיטן אױטאָמאָביל. האָב׳ך איר געזאָגט אַז ער איז אַװעק אַהײם שפּעט נאָכמיטאָג פֿון סטאָר. האָט זי טעלעפֿאָנירט אַהײם און נאָכדעם װידער דאָ אַרײַנגעקלונגען. זי האָט נישט קײן ענטפֿער פֿון הױז. האָט זי מיר געזאָגט, און געבעטן כ׳זאָל אים געפֿינען. האָב׳ך איר פֿאַרזיכערט גלײַך צו טאָן דאָס. אָבער װאו קאָנ׳ך אים קריגן? כ׳האָב שױן אַרומ־טעלעפֿאָנירט צו באַקאַנטע, צו ביזנעסלײַט, אפֿילו צו דאָקטער ראָזנער, און נאָכדעם װידער צו אים אַהײם. אָבער אומזיסט. אױך דײַן טאַטעשי האָט געדאַרפֿט רעדן װעגן עפּעס צו מיסטער רובין. ער איז דאָ געװען אַ שטיקל צײַט צוריק און האָט זיך געפֿרעגט אױף אים.

— מײַן טאַטעשי? — האָט הילדע װידער נישט װילנדיק, אָבער מיט נײַגער, אַ פֿרעג געטאָן.

— יאָ, — האָט ריװע אַ שאָקל געטאָן מיט׳ן קאָפּ. — פֿאַר דעם איז ער געװען בײַם מחותנס װאױנונג און האָט געקלונגען אין דער טיר. און אַז ס׳איז נישט געװען קײן ענטפֿער האָט ער זיך פֿאַרנומען אַהערצו.

— אױך געװען בײַ מיסטער רובינס װאױנונג? — האָט הילדע פֿרעגנדיק גערעדט מער צו זיך װי צו ריװען.

— דער קאָפּ טוט מיר שױן װײ פֿון נאָכקלערן, — האָט ריװע געזאָגט מיט באַזאָרגט־קייט. — װאו קאָן ער זײַן? און פֿאַרװאָס האָט ער מיר נישט געלאָזט װיסן װאו צו פֿאַר־בינדן זיך מיט אים טעלעפֿאָניש, אױב מ׳װעט אים דאַרפֿן?

— ער׳ט מסתּמא זיך לאָזן הערן אײדער דו װעסט שליסן דעם סטאָר, — האָט הילדע געטרײסט ריװען און זיך פֿאַרנומען צום גײן. — װעסט אַזױ גוט זײַן, ריװע, און זאָגן מיסטער רובין, אַז כ׳האָב אים געװאָלט זען װעגן דעם װאָס ר׳האָט געבעטן מײַנע עלטערן הײַנט בײַטאָג, און אַז כ׳װעל אים שפּעטער אָפּרופֿן אױפֿן טעלעפֿאָן.

— אָלרײַט, הילדע, — האָט ריװע זיך צעשמײכלט מיט װאַרעמקײט צו סאָלס כּלה און נאָכגעקוקט דעם הױכן, פֿאַרבלענדנדיק שײנעם מײדל װי זי פֿאַרנעמט זיך צום אַרױסגאַנג.

## .4

אומצופרידן וואָס דאָס באַגעגעניש מיט מיסטער רובין איז נישט צו שטאַנד געקומען, איז הילדע געשטאַנען אין דרויסן און האָט געטראַכט וואוהין זי זאָל זיך פאַרקלייבן איצט.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי זיך גערירט און איז אַוועק צוריק אַהיים.

— מאַמעשי, — זאָגט זי צו דער מוטער וואָס האָט געעפנט די טיר, — כ׳וועל מוזן אָפּלייגן מיין באַגעגעניש מיט מיסטער רובין אויף מאָרגן.

— פאַרוואָס קאָנסטו דאָס נישט דורכפירן אַצינד ? — פרעגט די מוטער מיט חידוש.

— ווייל מיסטער רובין איז נישטאָ אין דער היים און נישט אין סטאָר.

— אויב אַזוי, איז קאָנסטו דאָך דאָ איבערנעכטיקן. צו וואָס זאָלסטו זיך אויס־מאַטערן מיטן פאָרן הין און צוריק ? וואָס, כ׳וועל דיך נישט לאָזן איבערשלאָפן די נאַכט ? כ׳האָב דען ווען־ס׳איז געבערענגט איבער מיין מויל אַז דאָ איז נישט דיין היים ? דו, מיט דיין אייגענעם ווילן, ביסט׳אַך אַוועק פון דאַנען. איך האָב דאָך דיר גאָרנישט געזאָגט. אויך האָט דיר גאָרנישט געזאָגט דער טאַטעשי.

— לאָמיר, מאַמעשי, — זאָגט הילדע מיט אומגעדולד, — נישט רעדן אַצינד דערפון. כ׳וועל קומען מאָרגן. דערצו... כ׳וואָלט סייווי נישט געבליבן. כ׳מוז צוריקגיין צו דזשעסין.

— פאַרוואָס מוזטו ? דער „בויפרענד" וואַרט דאָרטן אויף דיר ?

— דאָס טאָקע אויך. אָבער נאָך עפּעס.

— וואָס איז דער נאָך עפּעס ?

— אַ מיטינג.

— אַ מיטינג ? וועגן וואָס אַ מיטינג ?

— וועגן אַזעלכעס וואָס וועט דיך נישט אָנגיין.

— נו, דאַרף מען דיך דאָרטן האָבן צום רומל ?

הילדע האָט זייטיק אַ פאַרדראָסיקן קוק געטאָן אויף דער מוטער, אָבער געענט־פערט מיט דרך־ארץ :

— כ׳גלייב אַזוי.

די רביצין האָט גענומען שאָקלען מיטן קאָפּ און ברומען מיט באַטריבטקייט און באַדויער :

— ס׳וועט שוין פון דיר ווערן אַ שיין לייט, אַז ד׳וועסט זיך געפינען אונטער דיין ברודערס פליגלען. ער גיט דיר אַ מקום־מיקלט און אַ געלעגנהייט צו באַקענען דיך מיט מענטשן... אָבער די דאָזיקע לייט זענען סם פאַר דיר.

הילדע האָט געוואָלט ענטפערן, דער עיקר וועגן דעם סם... זי האָט זיך אָבער מיישב געווען. בעסער נישט איבערלאָזן די מוטער אין אַ געמיט פון ווייטקייט און ייאוש.

— אַ גוטע נאַכט, מאַמעשי... — האָט זי אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און זיך פאַרנומען צום אַרויסגאַנג.

די רביצין האָט אַריינגעטאָן ס׳פנים אין די הענט, פאַרפלייצט די פינגער מיט די טרערן פון אירע אויגן, און זיך געשאָקלט מיטן גאַנצן קערפּער אַ שטומע.

# קאַפּיטל אַכצן

## דער שול־קאָנטראַקט

### 1.

ווי איינער וואָס איז אָקאָרשט באַגאַנגען אַן עוולה קעגן עמעצן, און דאָס געמיט ביי אים איז צעטראָגן דערפון, אַזוי האָט אויסגעזען דער רב ר׳ אליהו ווען ער האָט זיך באַוויזן אין הויז נאָך אַ לאַנגן און שטומען אַוועקזיין.

ער איז אַריינגעקומען פאַמעלעך, דער קאָפּ איינגעבויגן, די ליפּן צונויפגעפּרעסט, און פון זיין פּנים האָט אַרויסגעטריבט אַ דריקנדיקע מידקייט.

ס׳איז געווען אַ היפּשע צייט נאָכדעם ווי הילדע איז אַוועק. די רביצין איז געזעסן אין קיך. דערהערט דאָס עפענען זיך פון דער קאָרידאָר־טיר, איז זי האַסטיק אויפגעשטאַנען און האָט אַרויסגעאיילט.

— פאַרוואָס ביסטו אַהיימגעקומען אַזוי שפּעט, אליהו? — איז זי געבליבן שטיין אין קאָרידאָר און האָט געקוקט אויף אים מיט שרעק. — כ׳האָב זיך דאָך די אויגן אויסגעקוקט. נישט געוואוסט וואָס איבערצוקלערן. דערצו איז דאָך ס׳גאַנצע מאָלצייט שוין איבערגעשטאַנען. וואָסער טעם וועט עס האָבן? ס׳איז שוין געווען אָפּגעקאָכט און צוגעגרייט נאָך מיט שעה׳ן צוריק.

דער רב האָט נישט געענטפערט און איז געגאַנגען אין דער זייט פון זיין ספרים־שטיבל. ער איז געווען צופרידן וואָס די רביצין האָט זיך נישט פאַרנומען צו פאָרשן פאַרוואָס ער איז אַהיימגעקומען שפּעט. אָנשטאָט דעם האָט זי גאָר גערעדט וועגן דעם פאַרדראָס וואָס זי האָט איבער דעם איבערגעשטאַנענעם מאָלצייט.

ס׳האָט אָבער נישט גענומען לאַנג און די רביצין איז צוריקגעקומען צום ערשטן.

— ד׳האָסט דאָך מיר נישט געענטפערט, אליהו, אויף דעם וואָס כ׳האָב דיך געפרעגט, — האָט זי אים נאָכגעפאָלגט טריט ביי טריט און גענומען חוקר־ודורש זיין. — פאַרוואָס זאָגסטו מיר נישט וואָס ס׳האָט דיך אָפּגעהאַלטן פון אַהיימקומען אין צייט, ווי אַלע מאָל?

אַריינגעקומען אין ספרים־שטיבל, האָט דער רב אַראָפּגענומען פון קאָפּ דעם ברייט־ראַנדיקן, שוואַרצן קאַפּעליטש, אונטער וועלכן ער האָט געטראָגן אַ יאַרמעלקע, אַוועקגעלייגט אים אויף אַ ספרים־שענקל, נאָכדעם אַראָפּגעצויגן פון זיך דעם שוואַרצן ווינטער־מאַנטל און אים אַריינגעהאָנגען אין מלבושים־קלאָזעט.

— ביי די שול־גבאים ... — האָט ער, נאָך אַ לענגערער ווײַלע שווייגן, אַ פּליסטער געטאָן. דערנאָך אַרויפציענדיק אויף זיך דעם שלאָפראָק, וואָס ר׳האָט אַראָפּגענומען פון אַ הענגער, האָט ער זיך געלאָזט גיין צו דער קיך. — ד׳ווּעסט גרייטן צום טיש.

— אוודאי וועל׳ך גרייטן צום טיש, — האָט זי אים נאָכגעפאָלגט פון ספרים־שטיבל און געטענהט מיט פאַרדראָס. — וואָס דען, כ׳וועל נישט גרייטן? שוין צייט מ׳זאָל עסן. איך אַליין האָב איבער דיר אויך גאָרנישט טועם געווען. ס׳האָט דען געהאַט אַ זין זיך אַוועקצוזעצן עסן, ווען ס׳האַרץ איז מיר געווען באַזאָרגט וועגן דיר? דער ביסן וואָלט דאָך מיר געבליבן שטעקן אין האַלדז.

אין קיך איז זי געבליבן שטיין און האָט פאַרקרייצט די הענט אונטערן בוזעם:

— איז ביסטו, הייסט עס, געווען ביי די שול־גבאים ...

— יאָ, — ענטפערט ר׳ אליהו און פאַרנעמט זיך צום וואַסער־קראַן.

— וואָס האָסטו געהאַט צו טאָן ביי די שול־גבאים ?

— וואָס הייסט וואָס כ׳האָב געהאַט צו טאָן ביי די שול־גבאים ? — האָט דער רב אַריינגעבורטשעט אין זיך בעתן וואַשן זיך צום עסן. — ווי אַלע מאָל...

נאָכדעם האָט ער גענומען זאָגן „שאו ידיכם" אין דער שטיל.

די רביצין האָט געקוקט אויף אים אַ ווײַלע מיט אַ פאַרשעמישן בליק און דערנאָך אַוועקגעלייגט אויפן טיש אַ האַלבן לאַבן ברויט, וואָס זי האָט אַרויסגענומען פון אַ בלעכענעם געבעקס־קעסטעלע.

דעם רבס ענטפער, „ווי אַלע מאָל", איז איר אָבער נישט אַרויס פון קאָפּ. ביים טיש־שופלעדל, פון וואַנען זי האָט אַרויסגענומען לעפל־גאָפל־מעסער, האָט זי געטראַכט וועגן דעם און צעלייגט די דריי ווערטער אויף זילבן און איינציקע אותיות, עלעהיי זי וואָלט צעשניטן פיש און אַריינגעקוקט אין זייער אינעווייניק.

אויסער מיט מיסטער רובין, דעם שול־פרעזידענט, האָט זי געטראַכט, איז ווען האָט ער, דער מאַן אירער, אַ מגע־ומשא מיט די גבאים, וואָס רופן זיך וויצע־פרעזי־דענטן ? אמת, אַז מ׳דאַרף אַמאָל אַריינלייגן עקסטרע אַרבעט פאַר דער שול, ס׳הייסט, ווען מ׳דאַרף אונטערטרייבן די אָפּגעלאָזטע שול־טוערס, וואָס פאַרנאַכלעסיקן אַ סך, דעמאָלט גייט דער רב אַריבער צו די גבאים און רעדט זיך דורך מיט זיי וועגן אַ ביסעלע מער אָנשטרענגונג פון זייער זייט. דאָס קומט פאַר מערסטנס פאַר די ימים־נוראים. דער רב איז דעמאָלט באַזאָרגט וועגן דעם פאַרקויף פון די זיצפּלעצער. אויך איז ער נישט אָן דאגות ערב די שלש־רגלים. דעמאָלט רעדט ער אַרום מיט זיי וועגן וואַשן און רייניקן די שול פון חמץ פאַרן פסח, אָדער וועגן באַהענגען די שול־ווענט מיט גרינס לכבוד שבועות, אָדער וועגן אָנשטעלן אַ בעל־תפילה און צוגרייטן אַ לולב מיט אַן אתרוג פאַר סוכות. יאָ, אַז ער׳ט נישט וועקן, דערמאָנען, אָדער שטיין איבער זיי, די וויצע־פרעזידענטן, ווי אַ פּאָליציימאַן, וועלן זיי נישט געדענקען בייצייטנס. און אַז זיי וועלן זיך שוין יאָ כאַפּן אין צייט, וועלן זיי איבערלאָזן די אַרבעט איינער צום אַנדערן.

אָבער היינט ? וואָס האָט ער געהאַט צו טאָן היינט ביי די גבאים ? ס׳איז דאָך נאָך ווייט צו פּסח ! מ׳האָט נאָך אפילו דעם פּורים נישט געפּראַוועט. נישט אַנדערש, נאָר ער איז געגאַנגען זיי דערציילן וועגן דעם צושטאַנד ביי מיסטער רובין אין הויז. ער האָט געוואָלט זיי זאָלן וויסן אַז די שול וועט אינגאַנצן פאַרנאַכלעסיקט ווערן, אויב זיי וועלן זיך פאַרלאָזן אויפן פרעזידענט. זיי וועלן מוזן ווערן מער טעטיק.

— גערעדט מיט זיי וועגן מיסטער רובין ? — האָט זי געפרעגט מיט נייגער בעתן אַוועקלייגן די לעפל־גאָפּל־מעסער אויפן טיש, ביי וועלכן ס׳איז שוין געזעסן איר מאַן.

— יאָ, — האָט דער רב אַ פּליסטער געטאָן נאָך דעם ווי ר׳האָט זיך אָפּגעשניטן אַ רעפטל ברויט, באַשפּרענקלט עס מיט זאַלץ פון אַ גלעזערנעם זאַלצמעסטל, געזאָגט די ברכת־המוציא און גענומען אַ ביסן.

— אַלץ פאַרציילט ? — האָט די רביצין, שטייענדיק שוין דאָס מאָל ביים גאַז־אויוון, אים געפרעגט.

— יאָ... — האָט דער רב ווידער געפּליסטערט. איצט האָט ער געהאַלטן די אויגן אַראָפּגעלאָזט צום טישטעך און געפילט ווי דאָס כזית ברויט, וואָס ר׳האָט גענומען אין מויל אַרייַן, איז אים געבליבן שטעקן אין דער קעל.

— כ׳האָב עס זיך אַזוי פאַרגעשטעלט... — האָט זי געזאָגט אַ צופרידענע און דערלאַנגט אים אויפן טיש אַ טעלער מילכיקע זופּ, פאַרקאָכט מיט גרינסן.

דער רב האָט נישט אויפֿגעהויבן די אויגן פֿון טישטעך און נישט געענטפֿערט. איצט האָט ער זיך אָבער געראַנגלט נישט בלויז מיטן כזית ברויט, נאָר אויך מיט זײַן אָפּגעהיטנקייט בײַם אַרויסרעדן אַ וואָרט. וואָרעם טאָמער קומט אַראָפּ פֿון זײַנע ליפּן אַן איבעריק וואָרט, וואָלט עס גלײַך געעפֿנט פֿאַר דער רביצין דעם אמתן זין פֿון זײַן באַזוך בײַ די גבאים.

אין דער זעלבער צײַט האָט אָבער אָט די אָפּגעהיטנקייט זײַנע געשאָפֿן בײַ דער רביצין אַ פֿאַלשן באַגריף. זי גלייבט, הייסט עס, טאַקע באמונה שלמה, אין דעם וואָס ער האָט מיט זײַנע פֿאָרזיכטיקע ענטפֿערס געמאַכט אויסזען וואָר, אָבער וואָס אין אמתן איז עס אינגאַנצן עפּעס אַנדערש. ער האָט איר אָבער נישט געקאָנט זאָגן דעם אמת, כאָטש ער האָט גאַנץ וואויל געוואוסט ווער ס׳איז דער יעניקער וואָס רעדט אים צו צום זאָגן שקר. ס׳איז, פֿאַרשטייט זיך, געווען דער יצר־הרע. ער האָט זיך אָבער נישט געקאָנט העלפֿן. ווען ער היט זיך נישט מיט קיין וואָרט און ער קומט יאָ אַרויס מיט דער וואָר, וואָלט די רביצין, אָן ספֿק, אַרויס פֿון די כלים און קראַנק געוואָרן. איז פֿאַרוואָס זאָל ער עס גורם זײַן? איז דען נישט מער יושרדיק צו פֿאַרבײַגן טיילמאָל דעם אמת צוליב מיטלייד מיט אַ מענטש? איז דען נישט דאָס אַ גרעסערע טובה ווי דער אמת וואָס אין געוויסע פֿאַלן קאָן ער זײַן אי שטאַרק אכזריותדיק און אי די סיבה פֿון אַ גרויסער צרה?

.2

נאָכן בענטשן איז דער רב אויפֿגעשטאַנען, אַוועקגעגאַנגען פֿון טיש, כאָטש די רביצין האָט נאָך נישט געהאַט פֿאַרענדיקט איר אָוונטמאָל, און ער האָט זיך פֿאַרנומען צו זײַן ספֿרים־שטיבל.

אין ספֿרים־שטיבל איז ער געבליבן שטיין בײַ אַ הויכער, מעטאַלענער ביוראָ־שאַפֿע, וואָס האָט זיך געפֿונען צווישן פֿאָליצעס מיט ספֿרים, און האָט געטראַכט וואו צו זוכן דאָס וואָס ער דאַרף האָבן.

אין אייבערשטן שופֿלעדל האָט ער געהאַט אַ טייל פֿון קלאָר אָנגעשריבענע דרשות וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער שול מקוה־ישראל דורך די יאָרן וואָס ער איז דאָרטן געווען רב. אַלע זענען געווען סאָרטירט לויט דער סדרה פֿון דער וואָך.

אין צווייטן שופֿלעדל איז געווען דער המשך פֿון די געזאַמלטע דרשות.

אין דריטן שופֿלעדל האָט ער געהאַט ליגן נישט־געדרוקטע חיבורים. אייניקע האָט ער אפֿילו, מיט צײַטן צוריק, געגעבן זײַן בת־יחידה הילדע צו לייענען און זאָגן אַ מיינונג. געווען זענען זיי פֿינף אין צאָל.

חיבור איינס: וועגן דעם געטלעכן באַשאַף און דער נוצרי־לעגענדע. ווען נאָר מ׳קוקט אַרײַן אין די ספֿרים וואָס דערציילן וועגן אברהם אָבינו — האָט ער דאָרטן געשריבן — קומט אויפֿן רעיון דער חילוק צווישן דער גײַסטיקער רײַפֿקייט פֿון דעם יונגן אברם, וואָס איז שפּעטער געוואָרן אברהם אבינו, און דעם קינדישן גאָט־באַנעם פֿון די אומות העולם דורך אַלע טויזנטער יאָרן ביז הײַנט.

אברהם האָט זיך איינמאָל אײַנגעקוקט אין דעם הימל, אין דער זון, אין דער לבֿנה, אין די שטערן, און ער איז שטאַרק נישתומם געוואָרן. ווי אַזוי איז דאָס אַלץ געשען? — האָט ער געפֿרעגט אַ פֿאַרחידושטער. — טאָג איין, טאָג אויס, נאַכט איין, נאַכט אויס — און אַלץ איז דאָרטן, וואו ס׳איז געווען נעכטן און מיט צײַטן צוריק. איז דען מעגלעך, אַז די אַלע זאַכן אויבן האָבן זיך אַוועקגעשטעלט דאָרטן פֿון זיך אַליין? אַז זיי האָבן זיך

אַנגעצונדן און גענומען לייכטן דורך אַ צופאַל? איז דען מעגלעך אַז איבער זיי איז נישטאָ עמעצער, וואָס האָט געהאַט אַ פּלאַן, אַ צוועק, און נאָכדעם גענומען זיך צו דער אַרבעט און באַשטימט יעדן אויף אַ פּאַסיק אָרט?

יאָ, — האָט אברם אויסגעשריען, — די דאָזיקע אַלע וואונדער אין הימל זענען עדות אַז ס'איז דאָ אַ באַשעפער אין דער וועלט. זיי זענען עדות, אַז ער פירט אויך אָן מיט'ן לעבן פון אַלע ברואים אויף דער ערד (אויפן סמך פון בראשית רבה, פרשה לט).

און אברם, שפּעטער אברהם, איז געוואָרן דער פּאָטער פון עם חכם ונבון.

אָבער פאַרוואָס זענען אָט די הימלישע עדות נישט געווען גענוג פאַר די פעלקער פון דער וועלט?

לויטן תהלים האָבן די אומות העולם נאָך אין די אַלטע צייטן אָפּגעחוזקט פון עם־ישראל. „איה־נא אלהיהם" — וואו געפינט זיך ערגעץ דער גאָט פון דעם דאָזיקן פאָלק? פאַרוואָס לאָזט ער זיך נישט זען, אויב ער איז ערגעץ פאַראַן?

אָבער נישט נאָר די אַמאָליקע פעלקער, וואָס זענען געווען געצנדינערס, האָבן דערוואָרט אַזעלכעס פון גאָט. אויך די פעלקער, וואָס האָבן אָנגענומען די לעגענדע וועגן דעם זון פון דער בתולה, האָבן געמוזט, און מוזן, האָבן אַ קערפּערלעכן באַווייז, אַז דער אומגעזעענער גאָט איז ערגעץ פאַראַן. דער קאָסמאָס מיט זיינע וואונדערס איז אויך פאַר זיי נישט גענוג ווי אַ באַווייז פון גאָטס עקזיסטענץ. זיי האָבן געמוזט האָבן אַ מעשה־נורא, אַז גאָט האָט אַראָפּגעשיקט אויף דער ערד זיין רעפּרעזענטאַנט... אָן דעם וואָלטן זיי נאָך אַלץ געגלייבט אין אַ יופּיטער מיט זיינע ווייבער און „געטלעכע" ממזרים... בקיצור, די אומות העולם זענען געווען געצנדינערס און פאַרבליבן אַזעלכע ביז — — — ווער ווייסט ווי לאַנג נאָך. מיט זייער גאַנצן פּראָגרעס און זייער ציוויליזאַציע האָבן זיי נישט געקאָנט, און קאָנען נישט, זען דאָס וואָס אברם, אין זיינע קינדער־יאָרן, אין עלטער פון בלויז דריי יאָר, האָט דערזען. בן שלש שנים הכיר אברהם את בוראו (נדרים, לב).

וועגן דעם דאָזיקן חיבור האָט הילדע געהאַט אַ סך טענות. די נביאים, האָט זי געזאָגט, האָבן נישט־ווילנדיק געשאַפן דעם באָדן פאַר אָט דער מעשה־נורא וועגן גאָט און זון. און זי האָט ציטירט אַ שפּאַר ביסל פּסוקים פון ישעיה, מיכה, מלאכי, און אַנדערע. ווען די נביאים וואָלטן גערעדט אין אַ קלאָר לשון וועגן אַ גואל, אַ משיח, וואָלטן די שאַפערס פון דער נוצרי־לעגענדע און דעם „נייער טעסטאַמענט" נישט געהאַט אויף וואָס זיך אָנצושפּאַרן. די שפּראַך זייערע איז אָבער געווען פאַרנעפּלט. און איבער דעם האָבן זיי, די נביאים, נישט־ווילנדיק געבראַכט אַ סך צרות אויפן יידישן פאָלק.

חיבור צוויי: וועגן ברוך שפּינאָזע און זיינע פאַרטיידיקערס. פאַרוואָס — האָט ער, ר' אליהו, דאָרטן געפרעגט — זאָלן זיינע פאַרטיידיקערס זיך חידושן אויף די אַמסטער־דאַמער רבנים וואָס האָבן אויסגערופן אַ חרם אויף דעם חקרן ברוך שפּינאָזע? אמת, סיי ער, דער חקרן, און סיי די חז"ל האָבן געזען געטלעכקייט אין אַלעם. אָבער געטלעכ־קייט האָט ביי אים געמיינט עפּעס אַנדערש ווי ביי די חז"ל. לויט דעם חקרן שפּינאָזע איז גאָט, וועלט, און אַלץ אין איר, איינס און דאָס זעלבע. אויסער דער זעלביקייט איז גאָרנישט פאַראַן. ס'איז, הייסט עס, נישטאָ פאַר וועמען אַראָפּצורעדן זיך פון האַרץ. דער מענטש, ווי אַ טייל פון דער זעלביקייט, איז אי גאָט און אי מאַטעריע. און דער אויטאָמאָביל, למשל, איז פּונקט אַזאַ געטלעכער יחסן ווי ס'זענען געטלעכע יחסנים די אינזשעניערן און מעכאַניקערס וואָס האָבן אים פאַרטראַכט און צונויפגעשטעלט.

די חז"ל זענען אָבער דעם ענין אינגאַנצן אַנדערש. ס'איז טאַקע אמת אַז די וועלט

איז אין גאָט — און דאָס מאַכט דעם איינדרוק, אַז ביידע, ס׳הייסט, גאָט און די וועלט, זענען איינס און דאָס זעלבע. אָבער מיט דעם איינדרוק ענדיקט עס זיך. וואָרים כאָטש די וועלט איז אין גאָט, דאָך איז גאָט נישט אין איר „שהוא מקומו של עולם ואין עולמו מקומו״ (בראשית רבה, פרשה סח).

לויט דעם חקרן שפּינאָזע קאָן זיך גאָט נישט אָפּזונדערן פון דער וועלט. ער און זי זענען דאָך דאָס זעלבע! לויט די חז״ל קאָן אָבער גאָט טאָן מיט דער וועלט וואָס ער וויל. פאַרוואָס? ווייל ער איז לאַנג־לאַנג געווען אינגאַנצן אַליין. שפּעטער איז די וועלט געוואָרן זיין יצירה. זי איז צו שטאַנד געקומען מחמת זיין ווילן, און זי קאָן אונטערגיין ווען דאָס איז זיין באַגער. ער איז דער האַר איבער אַלעם!

וואָס אַנבאַלאַנגט דעם דאָזיקן חיבור האָט הילדע געזאָגט, אַז ער, דער פּאָטער, איז נישט גערעכט אין אַלץ וואָס ער זאָגט דאָרטן. לויט׳ן תנ״ך — האָט זי געטענהט — איז גאָט אי אַן אל נקמות און אי אַן אל רחום וחנון. נו, איז דאָך אויך דער מענטש אי אַ נקמה־דאָרשטיקער און אי אַ בעל־רחמים. באַווייזן נישט אָט די מידות פון ביידן אַז גאָט און מענטש האָבן בשותפותדיקע אייגנשאַפטן? דאָס איז בלויז אַן איינצלנער ביישפּיל אַז שפּינאָזע איז געווען גערעכט אין זיין „עטיק״, וואו ער לערנט אַז גאָט אַנטפּלעקט זיינע אַטריבוטן דורך אַלץ אין דער וועלט. בלויז אַזוי וויט גייט זי אָבער מיט שפּינאָזען. פאַרוואָס נישט וויטער? ווייל זאַכן — קערפּערלעכע, אָדער מאַטעריעלע — ווערן קראַנק, וועלקן, פוילן, און פאַרשווינדן. אפילו אידייען, פילאָזאָפישע, אָדער פּראַקטישע, שרומפּן־איין מיט דער צייט און פאַרלירן זייער וועגווייזערישן כוח. קאָן מען זיך פאָרשטעלן אַז גאָט איז אויך אונטערגעוואָרפן די זעלבע צושטאַנדן פון פונאַנ־דערפאַל? ס׳איז אומזין! די וועלט וואָלט זיך נישט געהאַלטן לאַנג. און דאָס איז אַ באַווייז, אַז גאָט עקזיסטירט אויסער די זאַכן — און ער איז אייביק. גלייכצייטיק איז זי אָבער קיינמאָל נישט געווען בשלום מיט זיך וועגן דעם עיקרדיקן ציל פון גאָט. אויב דער באַגריף וועגן גאָט מיינט אַז ער איז איבער אַלעם, ער דאַרף פאַר זיך גאָרנישט, איז צו וואָס האָט ער געדאַרפט באַשאַפן די וועלט? ער האָט זיך דאָך נישט געדאַרפט פאָרשטעלן מיט זיינע טאַלאַנטן פאַר די באַשעפעניש, וואָס ער האָט באַשאַפן, כדי צו קריגן פון זיי לויב פאַר זיין גרויסקייט און זיינע מייסטערווערק!

חיבור דריי: וועגן אַפּיקורסות. ס׳איז דאָ — האָט ער געזאָגט אין דעם חיבור — אַ יחידיש אַפּיקורסות און אַן אַפּיקורסות מיט אַ פּראָגראַם. דאָס יחידישע איז נישט קיין סכנה פאַרן ציבור. ס׳איז פאַר זיך, אָפּגעריסן פון כלל. און יעדער יחיד קאָן טאָן וואָס ער באַגערט. ער טראָגט דאָס אחריות פאַר זיינע מעשים. אָבער דער אַטעאיזם פון אַ פּאַרטיי, ווי פון, לאָמיר זאָגן, דער קאָמוניסטישער, דער דאָזיקער אַטעאיזם, ווען ער קומט צו דער מאַכט, איז אַ גרויס געפאַר. דער עיקר איז ער אַ סכנה פאַרן יידישן פאָלק. וואָרעם אָן רעליגיע האָט עם־ישראל נישט קיין אייגן פּנים.

כאָטש — האָט הילדע קאָמענטירט — זי זעט נישט איין פאַרוואָס יידן קאָנען נישט האָבן קיין אייגן גייסטיק פּנים אָן רעליגיע, דאָך איז זי נישט אָן זאָרג וועגן דעם. אייגענע, נאַציאָנאַלע קולטור, צוליב אירע גרויסע הומאַניסטישע ווערטן, קאָן באַצייכנט ווערן ווי אַן ענלעכקייט צו די נאַציאָנאַלע קולטורן פון אַנדערע פעלקער. איז וואָס בלייבט טאַקע דעמאָלט פון דעם יידס גייסטיקן פּנים? אפילו אַן אייגן לאַנד קאָן דאָס נישט באַוואָרענען. דער עיקר איז זי אָבער באַזאָרגט וועגן די פריידענקערישע יידן וואָס וואוינען צווישן אַנדערע אומות. אָן רעליגיע — וועלן זיי פאַרשווינדן.

חיבור פיר: וועגן ציוויליזאַציע. אין דער דאָזיקער שריפט האָט ער, ר׳ אליהו,

געזאָגט, אַז די ציוויליזאַציע האָט באַוויזן וואונדער. זי האָט געשאַפֿן און אויסגעברייטערט די מאַטעריעלע באַקוועמלעכקייטן. דאָס איז טאַקע נייטיק געווען. און דער מענטש האָט געדאַרפֿט זען אין דעם ווי גוט ס׳איז גאָטס וועלט, וואו ס׳זענען אָנגעגרייט פֿאַר אים נישט־אויסשעפּלעכע אוצרות פֿאַר אַ שיין און ווירדיק לעבן. אָבער אַנשטאָט צו זען דערין אַ צייכן, אַז ער דאַרף ווערן פֿרום, אַז ער דאַרף דאַנקן דעם רבונו של עולם פֿאַר זיין חסד, האָט ער זיך גאָר אַריינגעלאָזט אין אַלערליי לויערנדיקע תאוות און ער טאַנצט אַ פֿאַרשיכורטער אַרום אַ גאָלדן קאַלב.

זי איז זיכער — האָט הילדע דערקלערט — אַז בטבע זענען מענטשן בלאָנדזשענדיקע באַשעפֿענישן. טראַץ דעם גאַנצן פּראַכט אַרום, פּילן זיי זיך דאָך אָרעם, איינזאַם און פֿאַרלוירן. זיי זוכן שטענדיק אָנצושפּאַרן זיך אויף אַ מעכטיקן, אויף אַן אָנגעזעענעם, אויף אַ פֿירער. און אויב זיי קאָנען נישט האָבן דאָס, באַגערן זיי צו פֿאַרטרינקען זיך אין אַלערליי וואוילטאָגן וואָס דאָס לעבן האָט גרייט פֿאַר זיי. דאָס איז אַ טייל פֿון דעם מענטשס קאָמפּליצירטער נאַטור. זי, די נאַטור, ליווערט מער אַנטוישונג, מער טרויער ווי פֿרייד. און בלויז מוסר קאָן דאָ גאָרנישט פֿאַרריכטן.

חיבור פֿינף: וועגן ציוניזם און וועלט־געוויסן. אויב די פֿעלקער אין דער וועלט — האָט ער, ר׳ אליהו, דאָרטן געשריבן — וועלן זיך נישט צוהערן צו דער גערעכטער טענה פֿון ציוניזם, וועלן זיי דערמיט באַרעכטיקן די אַוואַנטורעס פֿון אימפּעריאַליסטישע מלוכות.

ציוניזם דערמאָנט דעם געוויסן פֿון דער וועלט, אַז דאָס אידישע פֿאָלק איז היסטאָריש אַ קרבן פֿון אַמאָליקע קאָלאָניאַלע רעגירונגען. ס׳איז פֿאַרטריבן געוואָרן מיט גוואַלט פֿון ארץ־ישראל. אַלע אַנדערע פֿעלקער, וואָס האָבן זיך נאָכדעם איינגעאָרדנט דאָרטן, האָבן נישט געהאַט קיין אייגנטום־רעכט אויפֿן לאַנד. פּשוט דערפֿאַר, ווייל זיי האָבן געלעבט אין אַ פּרעמדער „דירה“, בעת די באַלעבאַטים פֿון דער „דירה“, און שפּעטער זייערע יורשים, די קינדס־קינדער פֿון די פֿאַרטריבענע בני־ישראל, האָבן געלעבט און לעבן. זיי האָבן זיך קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט פֿון זייער אייגנס און זיי פֿאָדערן מ׳זאָל זיי לאָזן צוריקגיין צו זייער היים. און אויב די פֿעלקער וועלן זיין טויב צום וויי־געשריי פֿון יידישן פֿאָלק, דעם לעבעדיקן יורש, דעמאָלט וועלן אַלע זייערע רייד קעגן אימפּעריאַליזם זיין שקר־וכזב. עוולות מוזן פֿאַרריכט ווערן. נישט קיין חילוק ווי אַלט זיי זענען — צוויי טעג, צוויי חדשים, אָדער צוויי טויזנט יאָר. פֿאַר אַ פֿאַרברעך, דערצו ווען ס׳איז אַ היסטאָריש פֿאַרברעך, איז נישטאָ, און ס׳טאָר נישט זיין, קיין באַגרענעצטע צייט.

ביסט גערעכט, — האָט הילדע געזאָגט צום פֿאָטער וועגן זיין געדאַנק אין חיבור, — אָבער אין טראַנס פֿון דיין יסורימדיק אַראָפּרעדן זיך פֿון האַרץ האָסטו דערווייל פֿאַרגעסן געשיכטלעכע געשעענישן. למשל דאָרטן, וואו דו האָסט געשריבן וועגן דעם היסטאָרישן פֿאַרברעך... וואָס וואָלט געווען ווען די אַלט־כנענישע פֿעלקער וואָלטן נישט פֿאַרשוואונדן אין די מילחמות מיט די אַריינדרינגענדיקע מידבר־יידן, שפּעטער מיט די איינגעזעסענע שבטים, און וואָלטן נאָך איצט ערגעץ געלעבט? וואָלטן זיי דען נישט געווען באַרעכטיקט צו זאָגן אויף זיך אַז זיי זענען די אמתע יורשים פֿון ארץ־כנען, און אַז די יידן זענען געווען די לאַנד־פֿאַרכאַפּערס? ס׳איז אָבער געווען אַ העכערע סיבה וואָס האָט גורם געווען אַז די פֿעלקער פֿון כנען זאָלן אויף אייביק פֿאַרשווינדן — און די יידן זאָלן ווערן די איינציקע און שטענדיקע באַלעבאַטים פֿון יענעם לאַנד. וואָס די סיבה איז? כדי דאָס לאַנד, אין די הענט פֿון די יידן, זאָל ווערן דער באָדן וואו ס׳זאָל

זיך צעוואַקסן די לערע וועגן אחדות־הבורא, און וואו ס׳זאָלן אויפגיין די אוניווערסאַלע אידייען וועגן סאָציאַלער גערעכטיקייט. אָן די יידן וואָלט דאָס דאָזיקע לאַנד קיינמאָל נישט געוואָרן דאָס וויגל פון אַ גייסטיק נייער ציוויליזאַציע. דערפאַר דער האַרבער אָנזאָג פון משה רבינו צו די בני־ישראל, אין נאָמען פון גאָט, „והורשתם את כל יושבי הארץ מפניכם ואבדתם את כל משכיתם ואת כל צלמי מסכתם תאבדו ואת כל במותם תשמידו״ (במדבר, לג, נב), פאַרטרייבן זאָלט איר די איינוואוינערס פון לאַנד וואָס פאַר אייך, פאַרטיליקן זייערע שטיינערנע אָפּבילדער, זייערע געגאָסענע אָפּגעטער, און אויך חרוב־מאַכן זייערע פלעצער פאַר געצנדינסט. אָט אין דעם זכות, ס׳הייסט, פאַר אויס־פאָלגן און פאַר איבערפורעמען דאָס לאַנד אין אַ מאָראַל־טעמפּל פאַר דער וועלט, איז דאָס פאָלק ישראל געוואָרן דער אייביקער באַלעבאָס פון ארץ־כנען.

די דאָזיקע אַלע חיבורים וואָלטן שוין לאַנג געזען די ליכטיקע שיין, ווען דער מחבר זייערער וואָלט נישט געווען קיין בושת־פנים, ווען ער וואָלט זיך געוואָלט דורכ־שמועסן מיט באַקאַנטע, חשובע באַלעבאַטים, וואָס גיבן געלט אויף אַרויסצוגעבן ספרים. אָבער ער, ר׳ אליהו? ! ער וועט גיין בעטן? . . .

אין פּערטן שופלעדל האָט ער געהאַט ליגן זייער פיל בריוו פון רבנים וואָס האָבן געוואוינט אין פאַרשידענע לענדער, ווי פּוילן, אונגאַרן, ארץ־ישראל, קאַנאַדע, פאַרייניקטע שטאַטן, און אַנדערע. די רבנים האָבן זיך דורכגעשריבן מיט אים וועגן דער ירידה פון יידישקייט אומעטום, וועגן דעם ריס צווישן עלטערן און קינדער. און ער האָט זיי געענטפערט מיט זיינע קלאָגעניש.

אין סאַמע אונטערשטן שופלעדל, נאָנט צום דיל, זענען געלעגן דאָקומענטן וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות מיט מישפּחה, מיט דער מלוכה און מיט דער קאָנגרעגאַציע פון דער שול מקוה־ישראל.

איינעם פון די דאָקומענטן האָט ער איצט זייער נייטיק געדאַרפט האָבן. ער האָט זיך אַראָפּגעבויגן פאַמעלעך, וואָרעם איבער זיין שווערן גוף, אויך איבער דער אָנגע־בלאָזנקייט פון בויך נאָכן מאָלצייט, און דער עיקר איבער זיין שוואַך האַרץ, וואָס איז אים באַשעדיקט געוואָרן פון אַן אַטאַקע מיט עטלעכע יאָר צוריק, האָט ער געמוזט זיין זייער פאָרזיכטיק. אַרויסגערוקט דאָס שווער־אָנגעלאָדנטע שופלעדל, האָט ער עס אויפ־געהויבן, זיך דערנענטערט דערמיט צום לערן־טיש, אָנגעצונדן דעם לאָמפּ וואָס איז געשטאַנען אויף אים, און גענומען נישטערן אין די פּאַפּירן.

איין דאָקומענט, וואָס ר׳האָט אַרויסגעצויגן, איז געווען די כתובה. זי האָט געהאַט געלע פליאַמעס דאָ און דאָרטן, אָבער צוליב דעם דיקן פּאַפּיר איז זי נאָך אַלץ געווען גאַנץ. ער האָט זי אָוועקגעשאַרט ווי אַן אַלטע, פּסולע שיימע און געזוכט צווישן אַנדערע פּאַפּירן.

אַ וויַיט, אַלט געשעעניש האָט אָבער מיטאַמאָל אַ טויך־אויף געטאָן אין זיין זכרון — און דאָס האַרץ האָט ביי אים גענומען קלאַפּן האַסטיקער. ער האָט אויפגעהערט זוכן, אָנגענומען די אָוועקגעשאַרטע כתובה, צעעפנט זי און געקוקט אויף די געדרוקטע שורות, וואו ס׳זענען געווען צוגעשריבן ווערטער מיט אַ פּען.

געוויזן האָבן די צוגעשריבענע ווערטער, אַז די חתונה זיינע איז פאָרגעקומען מיט פערציק יאָר צוריק, אין אַ שטאָט פון דער ראַדאָמער גובערניע, קאָנגרעס פּוילן, וואָס איז געווען אונטער דער הערשאַפט פון רוסלאַנד. און די עדות זענען געווען די רבנים פון אָסטראָוועצע און אָפּט.

פאַר זיינע אויגן האָט זיך אומגעריכט באַוויזן אַ טומלדיקע קאַפּעליע מיט פידלען,

טראָמפּייטן, פּויקן. און הינטער איר — אַ שרייענדיקער עולם יידן וואָס האָט פּאַרפּלייצט די גאַסן. די קאַפּעליע האָט זיך פאַרנומען צו זיינע, אליהוס, פּאָטער און מוטער, וואָס האָבן זיך אין הויז משמח געווען מיט פיל געסט, אָנגעפּאַרענע און אָרטיקע. די אויגן זיינע האָבן זיך פאַרשמעלערט. די ליפּן האָבן זיך געגומען קנייטשן. און דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט מיט מער אימפּעט.

אין אַ ווײַלע אַרום איז אים געקומען אין דער האַנט אַריין אַ קאָנווערט, וואו ער האָט, נאָכ׳ן עפענען אים, געזען ליגן אַ געשטעמפּלט קאַרטל. געווען איז עס דער אימי־גראַציע־דאָקומענט וואָס ער האָט געקראָגן אין עליס־איילאַנד פון די גרענעץ־באַאַמטע, נאָכן אַראָפּגיין פון דער שיף. אויך דאָס האָט ער אַ שאַר אַוועק געטאָן ווי ס׳וואָלט געווען עפּעס וואָס האָט זיך אים געפּלאָנטערט אַרום די פיס. אָבער באַלד האָט ער אויך דאָס צוריקגענומען אין האַנט און געקוקט דערויף מיט באַטריבטקייט. געוויזן האָט עס די דאַטע פון זיין אָנקומען אין דעם נייעם לאַנד. ס׳איז געווען 1912. ער האָט פאַרשמע־לערט די אויגן און געטראַכט וועגן די רעיונות וואָס ער האָט דעמאָלט געהאַט וועגן זיין בן־יחיד.

שיעלע, וואָס רופט זיך היינט דזשעסי, איז געווען אַ יינגל פון אַ יאָר עלף. אין עליס־איילאַנד, פּונקט ווי אויף דער שיף, האָט ער נישט אָפּגעטראָטן פון אים, דעם פּאָטער. ער האָט געקוקט אים אין מויל אַריין און געוואַרט אויף אַ וואָרט כדי צו קאָנען גלייך אויספּאָלגן. ער איז געווען דורכגעדרונגען מיט גרענעצלאָזער איבערגעגעבנקייט. און ער, אליהו, האָט געהאַט גרויסע פּלענער פאַר אים. ער זאָל ווערן אַ שטאַרקער אָנשפּאַר פאַר יידישקייט אין נייעם לאַנד. אָבער וואָס איז געוואָרן פון די אַלע פּלענער?

מיט אַ ציטערדיקער האַנט האָט ער צוריקגעלייגט דאָס אימיגראַציע־קאַרטל אין דעם קאָנווערט — און ער האָט אָנגעטאַפּט אַן אַנדערן דאָקומענט. פונאַנדערגעלייגט אים, האָט ער דערזען אַז דאָס איז טאַקע דאָס געשריפט וואָס ער האָט געזוכט.

געווען איז עס דער קאָנטראַקט צווישן דער שול מקוה־ישראל און אים, אליהון, וועגן דער רבנות־שטעלע. אין דעם קאָנטראַקט האָט זיך געזאָגט, אַז דער רב ר׳ אליהו ווערט אָנגענומען אויף דער שטעלע אויפן גאַנצן לעבן. דאָס הייסט, אַז קיינער פון דער שול — צי דאָס איז דער פּרעזידענט, אָדער אַ פּרעזידיום, אָדער די גאַנצע עקזעקוטיוו־„באָאַרד״, אָדער די מערהייט שול־מיטגלידער — קאָן אים נישט אָפּזאָגן.

אין אמתן איז דאָס געווען מיסטער רובינס אויפטו. זיין כוונה איז געווען אַז דער צוקונפטיקער מחותן זיינער, ר׳ אליהו, זאָל קיינמאָל נישט וויסן פון קיין דאגת־פּרנסה. און דאָס איז אים נישט אָנגעקומען שווער. ער איז דאָך סייווי געווען דער גאַנצער באַלע־באָס פון דער שול. נישט נאָר אין טאָן אַרבעט. אויך אין דעקן די מערסטע הוצאות. איז אַז ר׳איז אַרויסגעקומען מיטן פּלאַן, האָט זיך אים קיינער נישט קעגנגעשטעלט. דערצו איז פּאַקטיש נישט געווען ווער וואָס זאָל האָבן צו זאָגן אַ שלעכט וואָרט אויפן רב.

און געשען איז דאָס מיט אַ פינף יאָר צוריק. אָבער איצט גייט ער, ר׳ אליהו, נעמען אָט דעם קאָנטראַקט און אים צוריקגעבן. ער וויל נישט קיין קאָנטראַקט — און וויל מער נישט זיין רב פון דער שול.

בעת זיין צוריקטראָגן דאָס שופלעדל מיט דאָקומענטן צו דער מעטאַלענער ביוראָ־שאַפע איז אַריינגעקומען די רביצין. זי איז געבליבן שטיין, גענומען קוקן אויפן פאַראָכנדיקן מאַן, אויך אויפן געדיכט־באַשריבענעם פּאַפּיר, וואָס איז געלעגן אויפן לערן־טיש, און אין איר קאָפּ האָבן אָנגעהויבן לויפן אַלערליי אַלאַרמירנדיקע מחשבות.

.3

געװײנלעך האָט די רביצין נישט גערן צו פֿאַרלאָזן זיך אויף דעם װאָס דאָס האַרץ זאָגט איר. ס׳איז פֿאַראַן אַ סך שטות און פֿאַרפֿירערישקייט אין דעם װאָס װערט אָנגערופֿן „געפֿיל", אָדער „די שטים פֿון האַרץ". דאָך, נישט אַלע מאָל. און דער יוצא־מן־הכלל האָט זיך באַשטעטיקט אויך מיט דעם װאָס זי האָט אָנגעטראָפֿן איצט אין ספֿרים־שטיבל.

אײגנטלעך האָט זיך איר חשד אָנגעהויבן נאָך פֿריער אין קיך, בעת דער מאַן איר׳ער איז געזעסן בײַם טיש און האָט געגעסן. נאָך דעמאָלט האָט זי באַמערקט אַז ער איז עפּעס צעטראָגן. ער קוקט נישט אויף איר. און װען ער טוט עס יאָ, טוט ער עס נישט גלײַך, נאָר זײַטיק. און דאָס עסן זײַנס איז אָן אַפּעטיט, װי ער װאָלט זיך געצװאונגען דערצו. דאָס האַרץ האָט איר דעמאָלט געזאָגט, אַז ס׳איז עפּעס דער מער מיט אים. אויך, אַז זי דאַרף זיך שרעקן... ס׳קאָן זײַן אַז ער פֿילט זיך נישט מיט אַלעמען. און ס׳װאָלט נישט געדאַרפֿט זײַן פֿאַר איר קײן איבערראַשונג װען ער װאָלט קראַנק געװאָרן אויפֿן האַרץ איבער דער טאָכטער, פּונקט װי ענלעכס איז געשען מיט יאָרן צוריק איבער דעם זון...

װאָס אמת, האָט זי אין קיך געװאָלט זאָגן עטלעכע װערטער װעגן הילדען. אפֿשר װעט ער זיך פֿילן אויפֿגעהײטערט פֿון איר צושטימען צו באַװיליקן מיסטער רובינס בקשה. נאָך אַלעמען, האָט דאָך מיסטער רובינס מעמד, און זײַן צעקלאָגן זיך דאָ אין הויז הײַנט בײַטאָג, זיך אָפּגערופֿן זײער שטאַרק אויף איר מאַנס געמיט. ער איז אויפֿגע־טרײסלט געװאָרן אַזױ טיף, אַז ר׳האָט אפֿילו נישט געהאַט גענוג כּוח צו קאָנען גײן אין שול אַרײַן צו מנחה־מעריב. זי האָט אָבער פֿאַרשװיגן װעגן הילדען אויס מורא, אַז דאָס יאָ דערצײלן װאָלט געעפֿנט אַ נײַע װאונד אין אים. װאָרעם װי לאַנג װאָלט דען גענומען, אַז זי זאָל מודה זײַן װיאַזוי ס׳איז געקומען דערצו, אַז די טאָכטער זאָל זיך דערװיסן װעגן דער צרה מיט סאָלן?

נאָך מער האָט אָבער דאָס האַרץ אירס גענומען אַלאַרמירן, װען באַלד נאָכן בענטשן האָט ער זיך אויפֿגעהויבן און איז אַרויס פֿון קיך. געװײנלעך גײט ער נישט אַװעק פֿון טיש אַזױ לאַנג װי זי װערט נישט פֿאַרטיק מיט איר מאַלצײַט. מחמת דרך־ארץ... דאָס מאָל איז ער אָבער אַװעק און ער האָט זיך אפֿילו נישט פֿאַרענטפֿערט פֿאַר איר מיט קײן װאָרט. גאָרנישט. װי אַ שטומער און בײזער.

בײַ אַזאַ צושטאַנד האָט זי זיך דעמאָלט שוין נישט געקאָנט װערן קעגן דעם װאָס מ׳זאָגט „געפֿיל", אָדער „די שטים פֿון האַרץ". און װי נאָר זי האָט צװואַשן ס׳געפֿעס האָט זי זיך גלײַך געלאָזט אַהערצו, כּדי אַ קוק טאָן צי איר פֿאָרגעפֿיל איז געװען אַ װיסטער חלום.

אָבער װאָס האָט זיך אַרויסגעװיזן?

— װאָס הייבסטו עפּעס אָזאַ גרויסע משא? — האָט זי אים געפֿרעגט נאָכדעם װי זי האָט געכאַפּט אַ בליק אין דעם באַשריבענעם פּאַפּיר און דערקענט דערין דעם קאָנ־טראַקט. — ד׳טאָרסט זיך דאָך נישט אָנשטרענגען. האָסט שוין פֿאַרגעסן װאָס דער דאָקטער האָט דיר אָנגעזאָגט װעגן הײבן און טראָגן? פֿאַרװאָס פֿאָלגסטו נישט אויס?

דער רב האָט נישט געענטפֿערט.

— און צו װאָס האָסטו אַרויסגענומען דאָס כּתב? — האָט זי אָנגעװיזן אויפֿן קאָנטראַקט. — צו װאָס דאַרפֿסטו עס האָבן?

איצט האָט דער רב דערפֿילט אַז נאָך אַ מאָל זאָגן אַ ליגן, ס׳הייסט פֿריער אין קיך

און איצט דאָ, וואָלט שוין פאַרפירט צו־וויט. ס׳וואָלט געווען אַ מעשה אָן אַ סוף. געגוג וואָס ער האָט אפילו אין ערשטן ליגן געזען אַ סתירה צו דער בחירה חפשית ביים מענטש. אויב צווישן אמת און שקר האָט ער אויסגעקליבן דאָס צווייטע, כאָטש געטאָן האָט ער עס צוליב דער רביצינס טובה וועגן, איז ווי אָפּגעהיטן איז ער, אויבוואויל ער טענהט, אַז מ׳דאַרף זיך האַלטן נאָר ביים אמת, אפילו ווען דאָס נפש איז אין געפאַר? וואָרעם סיבות פאַר געפינען זכותן פאַר זיך, ס׳הייסט פאַר אַרויסדרייען זיך פון זאָגן דעם אמת, וועלן דאָך קיינמאָל נישט פעלן!

נאָכן אַריינרוקן ס׳שופלעדל אין דער ביוראָ־שאַפע האָט ער זיך אויסגעגלייכט, אָפּגעאָטעמט טיף, אַוועקגעשאַרט די האָר־מאַסע אַרום זיין מויל און פאַרלייגט די הענט אויף פאַרנט.

— כ׳גיב צוריק ס׳כתב צו די גבאים, — האָט ער געקוקט זייטיק און גערעדט אַזוי שטיל, אַז די רביצין האָט קוים געהערט זיינע ווערטער.

— וואָס איז דער מער? — האָט זי געפרעגט מיט צונויפגעשפּיצטע ליפּן און געקוקט אויף אים מיט צוגעמרוזשעטע, פאַרשנדיקע אויגן. — געפונען אין אים עפּעס אַ טעות?

— יאָ, — האָט ער געזאָגט נאָך אַ יישוב־הדעת.

— למשל? — האָט די רביצין געפרעגט מיט חידוש.

— ס׳זאָגט זיך נישט דעריז, — האָט ער געענטפערט און זיך פאַרקירעוועט צום פענסטער וואָס גייט אַרויס צו דער גאַס, — אַז מיין רבנות־שטעלע האַלט זיך אויף קיצבה.

די רביצין, אָן אויפגעטרייסלטע, האָט זיך דערנענטערט צו אים מיט אַ קרייד־ווייס פּנים:

— וואָס האָסטו געזאָגט?

— ס׳שטייט נישט דאָרטן געשריבן, — האָט דער רב אַרויסגעקוקט דורכן פענסטער און בעת דעם גערעדט, — אַז דעם גרעסטן חלק פון מיינע שול־שכירות גיט מיסטער רובין פון זיין אייגענער קעשענע.

— צו וואָס דאַרפסטו דאָס האָבן אַריינגעשריבן? — האָט די רביצין געקוקט מיט פאַרווילדעוועטע אויגן און געפרעגט מיט באַזאָרגטקייט וועגן אים.

— ס׳דאַרף געזאָגט ווערן דער אמת, — האָט ער געענטפערט מיט ביטערניש און נישט געקוקט אויף איר.

— צו וואָס דאַרפסטו האָבן אַזאַ אמת? ווער שרייבט אַריין אין אַ קאָנטראַקט אַזעלכע ווערטער?

— איך וויל אַז זיי זאָלן יאָ זיין אַריינגעשריבן, — האָט ער געזאָגט מיט גאַל אין מויל.

— וואָס וועסטו האָבן דערפון, אויסער זען זיי אויפן פּאַפּיר?

— ס׳וועט געבן מיין רבנות־שטעלע מער האַפט, — האָט ער געענטפערט און דערביי געווען צופרידן וואָס די דאָזיקע פּוסטע רייד גיבן אים אַ געלעגנהייט ווידער נישט אַרויסצוקומען מיטן אמת. — אַז ס׳וועט נישט זיין אַריינגעשריבן, קאָן דאָך מיסטער רובין אויפהערן מיר געבן זיין טייל צו מיינע שכירות, פּונקט ווי ער האָט אויפגעהערט צאָלן דעם תלמוד־תורה לערער. איז וואָסער שטאַרקייט האָט דעמאָלט דער קאָנטראַקט וואָס פאַרזיכערט מיר די שטעלע אויפן גאַנצן לעבן?

אַ ווײַלע איז געווען שטיל. די רביצין האָט געזען אַ סך שכל אין דעם מאַנס רייד. וואָס דען, דער מיסטער רובין קאָן נישט אָפּטאָן אַזאַ נבלה? דערצו איצט, נאָכן אָפּברוך פון שידוך...

— ביסט גערעכט, אליהו... — האָט זי געזאָגט מיט מילדקייט אין קול. — ס׳דאַרף טאַקע זיין אַריינגעשריבן. אָבער אַצינד, ווען מיסטער רובין איז אַזוי אָנגעשטויסן אויף אונדז?

אויפֿן רעיון איז איר געקומען אַ געדאַנק, אַז אפשר איצט וואָלט מיסטער רובין יאָ געטאָן וואָס דער מאַן אירער וויל האָבן אין קאָנטראַקט. איצט — ווייל ער׳ט הערן אַז הילדע איז גרייט צו באַווייליקן זיין בקשה... זי איז געווען אַזוי אויפגעלייכט פון דעם דאָזיקן געדאַנק, אַז זי איז אפילו גרייט געווען צו אַנטפלעקן וועגן איר באַזוך ביים זון און אויך וועגן הילדען. אָבער נאָך איידער זי האָט עס באַוויזן, האָט זי געהערט דעם מאַנס ענטפער.

— אוודאי איז אַצינד נישט די צייט, — האָט ער געזאָגט מיט אַזאַ כוונה וואָס דער זין דערפון איז געווען בלויז טיילווייז קלאָר פאַר דער רביצין. — כ׳האָב גאָרנישט געטראַכט צו בעטן דאָס אַצינד.

— אויב אַזוי, — האָט די רביצין געפרעגט מיט נייגער, — איז צו וואָס גייסטו צוריקגעבן דעם קאָנטראַקט?

— ווייל... — האָבן זיינע ליפן געציטערט בעת ער האָט געענטפערט, — ווייל כ׳וויל מער נישט לעבן פון קיין קיצבה.

ביי דער רביצין האָט זיך אַרויסגעריסן אַ געשריי פון האַלדז:

— וו־אָ־ס???

איצט האָט זיך דער רב אויסגעדרייט מיטן פּנים צו איר און גערעדט העכער ווי פריער, אפילו מיט כעס:

— אין קאָנטראַקט איז נישט געווען אַריינגעשריבן די קיצבה, אָבער יעדער האָט געוואוסט אַז מיין חיונה האַלט זיך אויף מיסטער רובינס הילף. מ׳האָט עס נישט אַריינ־געשריבן אין קאָנטראַקט, ווייל ס׳איז געווען אַ חרפּה אַזאַ זאַך צו טאָן, און ווייל מ׳האָט נישט געוואָלט מיך מבייש זיין. אָבער, — האָט ער גענומען שרייען, — אָבער איך האָב סיפּוּרי איבער דער גאַנצער צייט געגעסן דאָס ברויט מיט טרערן אין דער קעל און מיט אַ געקלעמט האַרץ. מיין בלוט איז מיר פאַרגליווערט געוואָרן, און כ׳האָב געפילט אַז מיין געזונט ווערט שוואַכער פון מאָלצייט צו מאָלצייט. כ׳האָב אַלעמאָל געזוכט אַן אויסוועג, געוואָלט מאַכן אַ סוף צו דעם בעטל־ברויט, אָבער נישט געקאָנט. זינט הילדעס אָפּברוך מיטן שידוך, און, נאָך מער, זינט דער מעשה מיט דער תּלמוד־תּורה האָב׳ך אָנגעהויבן איינזען, אַז אַצינד איז דער שעת־הכּושר. אַצינד מוז נעמען אַ סוף דערצו.

ער איז שטיל געבליבן און האָט זיך איינגעהערט אין דער רביצינס קלאָגן. זי האָט געהאַלטן ס׳פּנים אין די הענט, געשאָקלט זיך ווי בעת ימים־נוראים תּפילות, און געכליפּעט העכער און העכער.

— נאָך מנחה־מעריב — האָט ר׳ אליהו ווידער גענומען רעדן — האָב׳ך זיך דערפאַר פאַרנומען צו מיסטער רובין. כ׳האָב געטראַכט, ער וועט דעמאָלט זיין אין הויז צום אָוונט־מאָל. און כ׳וועל אים זאָגן, אַז כ׳באַפריי זיך פון דער רבנות־שטעלע. ער איז אָבער נישט געווען אין דער היים. קיינער נישט, אַ סברה, ווייל קיינער האָט נישט געעפנט די טיר, כאָטש כ׳האָב געקלונגען אַ סך מאָל. האָב׳ך זיך אויפגעהויבן און כ׳בין אַוועק אין סטאָר אַריין. אַז ר׳איז נישטאָ אין דער היים, האָב׳ך געטראַכט, איז ער דאָך געוויס אין געשעפט. אָבער אויך דאָרטן איז ער נישט געווען. איז וואָס וועל׳ך וואַרטן? — האָב׳ך צו זיך געזאָגט. — שוין גענוג געוואַרט אַזוי פיל יאָרן! האָב׳ך זיך פאַרנומען פון דער קראָם און כ׳בין אַוועק צו די גבאים. צוערשט צו איינעם, נאָכדעם צום צווייטן.

יעדן האָב׳ך געזאָגט וואָס כ׳האָב ביי זיך אָפּגעמאַכט, און זיי פאַרזיכערט אַריבערצו־ברענגען דעם קאָנטראַקט און צערייסן אים אין זייער בייזיין. מחמת וואָס אין זייער בייזיין, וועסטו פרעגן? דאָס איז דערפאַר, ווייל אויב נישט, ס׳הייסט אויב דער קאָנטראַקט געפינט זיך ביי מיר, האָב איך דאָס רעכט צו רופן זיי צו אַ דין־תורה, נאָכדעם ווי מיסטער רובין וועט אויפהערן מיר שיקן זיין וועכנטלעכע שטיצע. ס׳הייסט, כ׳קאָן מאָנען ביי זיי די פולע שכירות. אָט אַזאַ מחשבה וועט זיי געוויס איינפאַלן מיט דער צייט, און דאָס וועט זיי שטאַרק פייניקן און שרעקן. פאַרשטייסט?... דעריבער האָב׳ך מבטיח געווען צו באַגעגענען זיך מיט זיי ביי איינעם פון זיי אין הויז און דורכפירן דעם סוף פון מיין בושה.

אוודאי האָט ער דערוואָרט צו הערן פון דער רביצין אַ סך טענות, באשר דאָס, באשר עפּעס אַנדערש. אָבער זי האָט נישט געפרעגט. זי האָט נאָר געקלאָגט. און ווען זי וואָלט אפילו יאָ אַרויסגעשטעלט צו אים די דערוואַרטע טענות, וואָלט ער איר מיטן גאַנצן אמת טאָקע געזאָגט, אַז זי איז גערעכט, אָבער נאָכדעם ווי זיינע אייגענע קינדער זענען אַוועק פון וועג, אויף וועלכן ער איז געגאַנגען און גייט, האָט ער בכלל נישט קיין רעכט צו לערנען אַנדערע ווי צו זיין פרומע יידן און ווי מדריך צו זיין זייערע קינדער. בקיצור, ער וויל מער נישט זיין אַ רב.

מיט איר קלאָגן האָט זי אים אָבער פאַרשפּאָרט אַרויסצוברענגען זיינע אַלע מחשבות. און ס׳איז געווען בעסער אַזוי. וואָרעם ווען פאַרקערט, וואָלט עס געווען מער אויל אויפן פייער, וואָס ברענט אין איר האַרץ און טאַקע אויך אין גאַנצן הויז.

ער האָט אַראָפּגענומען פון זיך דעם שלאָפראָק, אַריינגעהאָנגען אים אין מלבושים־קלאָזעט, צוריק זיך אָנגעטאָן דעם ווינטער־מאַנטל, אויך דעם קאַפּעליטש און האָט אַריינגעלייגט אין קעשענע דעם כתב...

— כ׳וועל זיך נישט זאַמען דאָרטן צו־לאַנג, — האָט ער געפליסטערט צו דער רביצין און איז אַרויס פון הויז.

די רביצין האָט אפילו נישט געהערט וואָס ער האָט געזאָגט. זי האָט נאָר געקלאָגט.

## קאַפּיטל נײַנצן

## אין ישיבה

.1

שוויינגנדיק, מיט עגמת־נפש אין זייערע פּנימער, זענען די צוויי וויצע־פּרעזידענטן פון דער שול מקוה־ישראל, ר׳ יעקב מאָרגנשטערן און סיד ליפּמאַן, געזעסן אין גאַסטצימער, ביים גרויסן, וויים־באַדעקטן טיש, איבער וועלכן ס׳האָט זיך געלייכט אַ זשיראַנדאָל, און האָבן נאָכגעקוקט דער שטוב־באַלעבאַסטע, מיסעס מאָר־גנשטערן, וואָס איז געגאַנגען צו דער טיר, פון וואַנען ס׳האָט זיך געהערט אַ קלונג.

ר׳ יעקב מאָרגנשטערן, אַ ספרים־הענדלער — אין די פופציקער, הויך, דאַר, מיט גרויע אויגן, און מיט אַ פאַרשפּיצטער, לאַנגער נאָז — האָט איצט נישט דערוואַרט קיינעם אין דעם אַפּאַרטמענט אַחוץ דעם רב ר׳ אליהו.

אָן אַנדערש מאָל, אַז ער האָט געוואוסט דער רב דאַרף קומען, איז ער געווען מלא־שימחה. אַלע אבֿרים האָבן בײַ אים געפּיבערט פֿון הנאה. געוויינלעך האָט דער רב נישט פֿאַרברענגט לאַנג אין הויז. בײַ קיינעם נישט. ער איז געזעסן אַ ביסל, אויסגעפֿרעגט זיך וועגן יעדן פֿון די בני־בית, געוואָלט וויסן ווי ס'דערגייט אין פּרנסה, און איז אויפֿגעשטאַנען. אָ, ווי מתיקותדיק ס'איז געווען די קורצע צײַט פֿון זײַן באַזוך! זײַן שטיל רעדן... די וואַרעמקייט אין זײַנע רייד... די ליבשאַפֿט זײַנע צו יעדן... ס'האָט זיך אַלע מאָל געבענקט נאָך ווײַטערדיקע וויזיטן זײַנע.

איצט אָבער איז דאָס וואַרטן אויף זײַן קומען פֿול מיט ביטערניש. ווי וואויל ער האָט געוואוסט, אַז דער רב האָט גרויס בזיון פֿון זײַן קיצבהדיקן מעמד, דאָך האָט ער, ר' יעקב מאָרגנשטערן, נישט דערוואַרט אַז דער רב זאָל זיך אָפּזאָגן פֿון דער רבנות־שטעלע. ווי האָט ער דאָס געקאָנט? ס'איז דען געשטאַנען אָפּן פֿאַר אים אַן אויסוועג צו אַ בעסערער חיונה? דאָס נישט־דערוואַרטע איז אָבער יאָ געשען. און איצט פֿילט ער זיך, ר' יעקב מאָרגנשטערן, דער ערשטער וויצע־פּרעזידענט, אַזוי דערדריקט, עלעהיי ער וואָלט געהאַט אַ היפּשן חלק אין דער שולד פֿאַר דעם רבס באַדנלאָזיקייט.

און נישט בלויז ער. אויך דער צווייטער וויצע־פּרעזידענט, סיד ליפּמאַן, וואָס האָט אַ קראָם פֿון מענערשע העמדער, אונטערוועש און זאָקן.

סיד ליפּמאַן — אַ מיטלוואוקסיקער, אין די זעכציקער, תמיד מיט אַן אויסדרוק פֿון מיטגעפֿיל אין זײַן געלבלעך, רונדיק פּנים און אין זײַנע שוואַרצע אויגן — האָט גערעדט זייער ווייניק זינט ער איז דאָ פֿריער אַרײַנגעקומען אָפּצוּוואַרטן דעם רב. יעדעס וואָרט, וואָס ער האָט אַרויסגעברענגט פֿון זײַן מויל, איז געווען אַ שטיקל מוסר אויף זיך זעלבסט. וואָס האָט ער געטאָן, אַז דער רב זאָל נישט אַרײַנפֿאַלן אין אַזאַ ייאוש? איצט זיצט ער בײַם טיש אײַנגאַנצן שטום. ער קוקט נאָר נאָך דער מיסעס מאָרגנשטערן וואָס איז געגאַנגען עפֿענען די טיר.

דערזען דעם רב ר' אליהו אַריבערטרעטן די שוועל, זענען בײדע וויצע־פּרעזי־דענטן אויפֿגעשטאַנען. ר' יעקב מאָרגנשטערן איז געגאַנגען אים באַגעגענען האַלבוועג.

— ס'איז מיר באמת איבער דער טבֿע, רבי, — האָט ער געזאָגט, ווי נאָר ער האָט זיך צוריקגעקערט מיטן רב אין גאַסטצימער אַרײַן, — וואָס איר האָט נישט באַוויליקט אײנעם פֿון אונדז גבאים צו קומען צו אײַך נאָך דעם כּתבֿ. באשר וואָס? איר אַליין האָט זיך געמוזט מטריח זײַן און אַריבערקומען דערמיט? און חוץ מזה, וועמען פֿון אונדז גבאים איז דען געלעגן אויפֿן רעיון צו מאַכן זיכער, אַז דאָס כּתבֿ זאָל זיך נישט געפֿינען בײַ אײַך, נאָר בײַ אונדז? מיר האָבן דען חושד געווען אַז איר'ט זיך אַמאָל באַנוצן מיטן קאָנטראַקט און רופֿן אונדז צו אַ דין־תּורה? ווער פֿון אונדז גבאים זעט דען אין דעם באַשרײַבענעם שטיקל פּאַפּיר אַ סכּנה? נו, איז וואָס אַז מיסטער ליפּמאַן און איך האָבן אונדזערע חתימות לעבן דער אונטערשריפֿט פֿון מיסטער רובין דעם פּרעזידענט? וועמען פֿון אונדז בײדן, כ'מיין מיסטער ליפּמאַן און מיך, וואָלט אײַנגעפֿאַלן אַזאַ בײזע מחשבה אין קאָפּ, אַז איר'ט זיך אַמאָל נישט־וויסנדיק מאַכן פֿון האָבן זיך אָפּגעזאָגט פֿון דער שטעלע און פֿאָדערן פֿון אונדז פֿולע שכירות?

געזען די שלעכטע שטימונג בײַ די מאַנסבילן, האָט מיסעס מאָרגנשטערן — אַ מיטלוואוקסיקע, אַ שווערלײַביקע, מיט אַ באַטריבט פּנים — געוואָלט פֿאַרלײַכטערן זייער געמיט און זיך אָנגערופֿן, נאָך אײדער דער רב האָט געענטפֿערט:

— איר'ט אַזוי גוט זײַן, רבי, און זיך זעצן צום טיש. און אויך איר, מיסטער ליפּמאַן. און אויך דו, מײַן שטוב־באַלעבאָס, יעקב. כ'וועל שטעלן טיי.

ר׳ אליהו האָט שווייגנדיק געדרייט צו איר מיטן קאָפּ אויף ניין. נאָכדעם, מיט טרויעריקע אויגן, האָט ער גענומען קוקן אויף ר׳ יעקב מאָרגנשטערן.

— גלייכער אַזוי . . . האָט ער געזאָגט שטיל און פּאַמעלעך, אַרויסברענגענדיק די ווערטער פון מויל אָן באַגער. — אַזוי איז גלייכער . . . ס׳טאָר נישט איבערגעלאָזט ווערן דער מינדסטער חשד, אַז דאָס כתב, ווען אין מיין רשות, קאָן מיך אַמאָל דערפירן צו האָבן אַ טענה צו אייך גבאים. אַזוי איז בעסער. כ׳בין נישט מער אויף דער שטעלע ביי דער שול, איז אויס מיטן כתב. און איר . . . אָן דאגות וועגן מיר . . .

ער האָט אַרויסגעצויגן דעם שול־קאָנטראַקט פון דער מאַנטל־קעשענע און אים אַוועקגעלייגט אויפן טיש.

— אַצינד ווערט צוגענומען יעדער מעגלעכער פאַרדאַכט וועגן מיר, — האָט ער ווידער געזאָגט שטיל און פּאַמעלעך. — דאָס איבערלאָזן דאָ דעם קאָנטראַקט וועט לייטערן די מחשבה ביי יעדן.

ער האָט אָפּגעדעכעט, אויסגעדרייט זיך מיטן פּנים צום אַרויסגאַנג, געטראַכט צו פאַרנעמען זיך גלייך פון דאַנען, אָבער אָנשטאָט דעם האָט ער זיך צוריק אויסגעדרייט און אויפסניי געקוקט אויף ר׳ יעקב מאָרגנשטערן:

— און וואָס שייך מיין קומען אַהער, איז פּשוט . . . לעולם האָב׳ך געהאַט בדעה אויסצוהיטן די רביצין במשך אַ שטיקל צייט פון מיין החלטה. זי וואָלט עס באַטראַכט פאַר אַ מעשה־רע . . . אָדער אַז כ׳בין, חס־וחלילה, כ׳וויס . . . איז צו וואָס פאַרשאַפן איר צער? זי מוז עס דען וויסן גלייך אויף דער רגע? דערפאַר האָב׳ך נישט געוואָלט אייך מטריח זיין צו קומען צו מיר. אָבער . . . ס׳איז, ווייזט אויס, געווען באַשערט אַז זי זאָל זיך סייווי דערוויסן באַלד. נו, מילא . . . וואָס קאָנ׳ך טאָן? אַזוי איז דער גורל . . .

דער צווייטער וויצע־פּרעזידענט, מיסטער ליפּמאַן, האָט איצט, נאָך אַ לאַנגן יישוב־הדעת, געוואָלט אַ פרעג טאָן דעם רב צי ער האָט זיך נישט אַ ביסל צו־שטאַרק אונטערגעאיילט מיט זיין פּסק אויף זיך, ס׳הייסט, מיט זיין אָפּזאָגן זיך פון דער רבנות־שטעלע. אפשר האָט ער נאָך געדאַרפט צוואַרטן אַ שטיקל צייט, אַריינטראַכטן אין דעם? זיינע ווערטער זענען אים אָבער געבליבן שטעקן אין האַלדז — און ר׳ אליהו האָט זיך פאַרנומען צום אַרויסגאַנג.

.2

כאָטש די נאַכט איז געווען אַ פינצטערע און דאָס וועטער קילבלעך, דאָך איז דער רב נישט געגאַנגען אַהיים. ער האָט אַרומגעבלאָנקעט אין די גאַסן, אין אַ סך גאַסן. סתם אַזוי. אָן באַגער און אָן אַ ציל. אָפט איז ער אפילו געגאַנגען עטלעכע מאָל אין די זעלבע גאַסן — און ער האָט נישט געוואוסט וואו ער איז.

ערשט נאָענט צו האַלבער נאַכט האָט ער זיך צוריקגעקערט אַהיים.

אין אַלע צימערן, אַחוץ אין שמאָלן קאָרידאָר, איז געווען פינצטער. דער רב האָט צוגעשלאָסן די טיר, פאַרפעסטיקט זי מיטן קייטל וואָס אויף דער פּוטרינע, און זיך געלאָזט צו דער קיך צו וואַשן זיך דאָרטן די הענט און זאָגן קריאת־שמע. פאַרבייגעשלייכט פאַר דער שלאָפשטוב, האָט ער געהערט אַ שטיל כליפּען. געקומען איז עס פון דער רביצין וואָס איז שוין געלעגן אין בעט. ער האָט נישט געקאָנט גיין ווייטער און איז געבליבן שטיין. אין עטלעכע ווילעס אַרום האָט ער זיך אָבער יאָ גערירט און זיך אַריינגעוואַקלט אין דער קיך, וואו ער האָט אָנגעצונדן די עלעקטרע. ער האָט זיך גענומען גרייטן צו

דעם וואָס ער האָט בדעה געהאַט צו טאָן פריער.

פאַרטיק געוואָרן, האָט ער געלאָשן די עלעקטרע און אין דער פינצטער אַריינגעשלייכט אין שלאָפשטוב. דאָ האָט ער אַראָפּגענומען פון זיך די מלבושים און זיך פאַרקליבן צום בעט.

אַ שטיק נאַכט איז אַוועק זינט דער צייט, ווען ער האָט זיך געלייגט, און דאָך האָט דאָס כליפּען פון דער רביצין נישט אויפגעהערט. און אַזוילאַנג ווי זי האָט געיאָמערט איז ער געווען וואַך — און אַלערליי רעיונות האָבן זיך געדרייט אין זיין מוח.

מיטאַמאָל איז די רביצין שטיל געוואָרן, אָדער זי איז אפשר איינגעשלאָפן קעגן איר ווילן, און נישט לאַנג נאָך דעם איז אויך ער, דער רב, איינגעזונקען אין דעם צושטאַנד פון באַוואוסטלאָזיקייט און קערפּערלעכן אָנמאַכט.

ביים זון־אויפגאַנג איז ער אַראָפּ פון בעט און אַריין אין וואַשצימער. נאָכן אָרומוואַשן זיך האָט ער זיך צוריקגעקערט אין שלאָפצימער, וואו ער האָט גענומען די מלבושים וואָס ער האָט נעכטן ביינאַכט געהאַט אַראָפּגעצויגן פון זיך. טראָגנדיק זיי אַריבערגעוואָרפן איבערן אָרעם איז ער אַריין אין ספרים־שטיבל, וואו ער האָט זיך אָנגעטאָן צום אַוועקגיין.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז ער אַרויס פון דאַנען און ער האָט זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג. ער איז געווען אָנגעטאָן ווי יעדן אינדערפרי — אין זיין שענערן, שוואַרצן קאַפּעליטש, אין זיין בעסערן, שוואַרצן מאַנטל — און ער האָט אונטערן רעכטן אָרעם געטראָגן טלית און תפילין וואָס זענען געלעגן אין אַן אויסגעהעפטן, בלוי־פּליושן זעקעלע.

די גאַסן זענען נאָך געווען ליידיק. דער בלייך־בלויער הימל, די שטומקייט איבערן אַספאַלט און איבער די טראָטואַרן, אויך די שטומקייט אַרום די הייזער — אַלץ האָט אויסגעזען ווי ס׳וואָלט געווען אַן אויסגעמאָלט בילד. ס׳איז געווען תמימותדיק, שלווהדיק און פריש.

דאָס פלאַץ, וואוהין ר׳ אליהו האָט זיך איצט פאַרנומען, איז געווען אַ ישיבה אויף איסט־בראָדוויי. דאָס איז געווען ס׳ערשטע מאָל וואָס ער איז געגאַנגען דאַווענען ערגעץ אַנדערש, אויסער אין זיין שול מקוה־ישראל.

אין משך פון לאַנגע צייטן האָט מען זיך דאָרטן אין דער ישיבה זייער שטאַרק געמוטשעט. צו קריגן תלמידים פאַר דער ישיבה איז געווען אַזוי ווי רייסן שטיינער פון גרודעס מיט הוילע הענט. און אַז מ׳האָט שוין געקראָגן אַ געוויסע צאָל בחורים איז עס אָבער באַגלייט געוואָרן מיט אַן אָנאויפהערלעכער זאָרג אויף אָפּהאַלטן זיי פון אַנטלויפן. גאָר חושך איז אָבער געווען ווען ס׳איז געקומען צום שאַפן געלט אויף צו דעקן די הוצאות פון דער געביידע און פון דער גאַנצער חינוך־אינסטיטוציע. לעצטנס האָט זיך אָבער דאָרטן געמערקט אַ פאַרבעסערונג אין אַלע פּרטים. מ׳האָט געזאָגט, אַז צוליב דער גרויסער צאָל מישפּחות, וואָס זענען געצוואונגען געווען צו פאַרלאָזן זייערע היימען אין דייטשלאַנד, וואו ס׳איז אויפגעשטאַנען אַ נייער עמלק קעגן יידן, האָט די ישיבה געקראָגן אַ היפּשע בלוט־איינשפּריצונג. און די פירערס פון דער ישיבה גייען מער נישט אַרום מיט קיין צער אין זייערע אויגן. אַלץ איז דאָרט באַלעבט מיט אַ נייעם כוח.

אין דער דאָזיקער חינוך־אינסטיטוציע איז אין די לעצטע יאָרן אויך נישטאָ קיין דאגה וועגן אַ מנין אינדערפרי, ווי ס׳איז, למשל, אין דער שול מקוה־ישראל. אפילו נאָך איידער די ישיבה־בחורים קומען זיך צונויף קאָן מען שוין דאָרטן אָנטרעפן עטלעכע צענדליק יידן צום שחרית. איז אָט צו דעם תורה־בנין האָט איצט געשלייכט דער רב ר׳ אליהו.

## .3

ביי די לאַנגע רייען בענק און אויך אַרום דעם ארון־קודש פון דעם גרויסן בית־מדרש איז געווען טומלדיק מיט שמועסנדיקע און האַוועדיקע יידן וואָס זענען געקומען צום ערשטן מנין. ס׳האָט געראַיעט ווי אין אַ בינשטאָק.

דערזען דעם רב ר׳ אליהו, איז דער עולם איבערראַשט געוואָרן, און זייער גערייד, אויך דאָס אַרומשמייען, האָט מיטאַמאָל אויפגעהערט, גלייך ווי אַפּגעהאַקט פון אַ פּאַראַליז. אַלע האָבן געקוקט מיט פאַרשמעלערטע אויגן אויפן גאַסט, וואָס איז געווען באַוואוסט אונטערן נאָמען „דער פּוילישער רב״, און געפרעגט שטומשווייגנדיק איינער ביים אַנדערן:

— דער פּוילישער רב דאָ ביי אונדז?

— געקומען דאָ דאַוונען?

— וואָס ז׳געשען אין זיין שול?

אַז ער האָט זיך צוגעזעצט אויף איינער פון די בענק, האָט דער עולם דערנענט און אים האַרציק מקבל־פּנים געווען:

— שלום עליכם, רבי.

— וואָסער כבוד!

— האָ, האָ!

— צו קומען אין אונדזערע מקומות...

— דערצו זיך מצרף זיין צו אונדזערס אַ מנין.

— וואָסער זכיה...

— סאַראַ איבערראַשונג...

די גאַנצע היתפּעלות איז אָבער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין צער, ווען דער רב — נאָך אַ היפּשער צייט שוויגן און יישובן זיך צי יאָ, אָדער נישט אַרויסקומען מיטן אמת — האָט גענומען דערציילן וועגן דעם וואָס האָט גורם געווען זיין קומען דאָ היינט צום דאַוונען. די מענטשן האָבן געקוקט איינער אויפן אַנדערן מיט פאַרכמורעטע אויגן. זייערע געמיטער זענען געווען דערדריקט. און דאָס שטיין אַרום אים האָט אויסגעזען גלייך ווי אַ געזעמל פאַרקריפּלטע לייט וואָלטן זיך געפונען ביי אַ טייך, געזען ווי אַ מאַן טרינקט זיך, אָבער זיי וואָלטן אים מיט גאַרנישט געקאָנט העלפן.

ס׳איז נישטאָ דער מינדסטער ספק, האָט יעדער געפילט, אַז אין הימל איז איצט אַ גרויסע טרעוואָגע. דורות רבנים און סתם גוטע יידן, די עלטער־זיידעס פון דעם רב ר׳ אליהו, וואָס זענען שוין לאַנג אין גן־עדן, לויפן איצט געוויס אַרום מיט אַן אַלאַרמי־רנדיקער בקשה פון איין אָרט צום אַנדערן, כדי צו קאָנען אָנקומען דאָרטן וואו מ׳דאַרף און זיך משתדל זיין פאַר דעם אומגליקלעכן רב ר׳ אליהו, וואָס דאַרף איצט האָבן פון אויבן גרויס רחמנות מיט אים. הלוואי זייער טירחה, האָט יעדער געבעטן, זאָל נישט זיין אָן פּעולה.

דאָס דאַוונען איז נאָכדעם נישט געווען אַזוי ווי אַלע מאָל. ס׳האָט געפעלט דאָס צונויפגיסן זיך פון געפיל און מחשבה אין איין שטראָם, וואָס זאָל זיך אַוועקכוואַליען צו די עולמות העליונים, צו דער כסא־הכבוד, צום באַשעפער פון אַלע וועלטן, צום שופט פון גוטס און שלעכטס, דעם פאַרויסוויסער פון מענטשנס אַלע מעשים, דעם זעער פון דעם גאַנצן געוועב וואָס שפינט זיך אויס אויף דער זינדיקער ערד. יעדנס האַרץ איז געווען פאַרקלעמט איבער דעם רב ר׳ אליהוס ביטערן מצב און האָט געברענגט אויפן רעיון אַלערליי דערדריקנדיקע מחשבות.

פון צייט צו צייט האָבן אייניקע מתפללים אָוועקגענומען דעם טלית־זוים, וואָס האָט פאַרשטעלט די אויגן, און זייטיק געקוקט אויפן רב. זיי האָבן געוואָלט זען זיין פּנים, זיין געמיט בעתן דאַוונען, און זיינע העוויות. ס׳איז אָבער נישט געווען מעגלעך עפּעס צו באַמערקן.

ר׳ אליהו איז געשטאַנען ביי דער ארון־קודש וואַנט, מיטן פּנים צו מיזרח. ער איז געווען איינגעהילט אין טלית פון קאָפּ ביז די פיס, אַזוי אַז מ׳האָט אפילו קיין ברעקל פון זיין פּנים נישט געקאָנט זען. און וואָס שייך אויפגעהייטערטקייט, אָדער טרויער, וואָס דאַוונערס ווייזן געוויינלעך אַרויס דורך שאָקלען זיך — אויך דאָס איז ביי אים נישט געווען קענטיק. ער האָט זיך לחלוטין נישט באַוועגט. ער איז נאָר געשטאַנען ווי אַ פאַר־אייזטער באַרג שניי.

נאָכן דאַוונען האָט דער גאַנצער עולם באַגלייט דעם רב ביז דער טיר און, אָן ווערטער, בלויז מיט וואַרעמע אויגן געוואונטשן אים אַ בעסער מזל און אַ גיכע ישועה.

אַ היפּש שטיקל וועג אַרויס פון דער געביידע איז אָבער מיטגעגאַנגען מיט אים דער ראש־ישיבה ר׳ מרדכי כהן. געווען איז ער אַ מיטלוואוקסיקער, פון אַ יאָר עטלעכע און פערציק, מיט שוואַרצע אויגן און מיט אַ ציכטיקער, שוואַרצער באָרד.

איבער דער גאַנצער צייט פון דאַוונען האָט ער זיך געפונען לעבן רב, ביי מיזרח־וואַנט. ער האָט אָבער נישט געעפנט זיין מויל צום חשובן גאַסט אפילו אויף קיין איין ווילע נישט. ער האָט נאָר אַריינגעקוקט אין סידור, נאָכגעפאָלגט דעם שליח־ציבור און געהאַלטן אין איין שאָקלען זיך. נישט בעסער — אויך אויפן וועג נאָכן אַרויסקומען פון דער ישיבה־געביידע. ער האָט נאָר געשוויגן. פון צייט צו צייט האָט ער בלויז זייטיק, ווי געהיטן זיך, אַ קוק געטאָן אויפן רב וואָס איז געווען מיט עטלעכע קעפּ העכער פון אים.

ביי אַ ראָג גאַס איז ער אָבער געבליבן שטיין און האָט אָנגענומען דעם רבס רעכטע האַנט.

— זייט מיר מוחל, רבי... — האָט ער געזאָגט מיט צעבראָכנקייט אין קול בעת ער האָט געדריקט און געשאָקלט דעם רבס האַנט. — זייט מיר מוחל וואָס כ׳האָב נישט אַרויסגעבראַנגט קיין וואָרט צו אייך ביז אַצינד. אין מלים בפי... כ׳האָב פּשוט נישט געקאָנט. ס׳האָרץ איז מיר פאַרקלעמט געווען פון דער ידיעה וועגן אייך און דער שול. זייט מיר מוחל. כ׳בעט אייך, רבי...

## .4

דורכשלייכנדיק דעם קאָרידאָר פון דער דירה האָט ר׳ אליהו געזען די רביצין זיצן אין קיך ביים טיש. זי איז געווען אַריבערגעבויגן איבער אַן אָפענעם סידור אין אירע הענט און האָט זיך שטומשווייגנדיק געשאָקלט. אָן אַ וואָרט צו איר און אָן חשק צו בלייבן שטיין דאָ אויף אַ ווילע איז ער פאַרבייגעגאַנגען די קיך און האָט זיך פאַרנומען צום ספרים־שטיבל.

יעדעס מאָל, ווען ער איז געקומען אַהיים פון דאַוונען, איז די רביצין שוין לאַנג פאַרטיק געווען מיט איר „זאָגן" און האָט זיך געפּאָרקעט ביים גאַז־אויוון. און ווי נאָר זי האָט דערהערט זיינע טריט איז זי צוגעקומען צו דער קיך־טיר און אים באַגעגנט מיט אויפגעהייטערטקייט. „גוט־מאָרגן, אליהו. ווי׳ז דיר דערגאַנגען ביים דאַוונען? פילסט זיך גוט? לייג אַוועק די טלית־און־תפילין און קום אַריין אין קיך צו נעמען עפּעס אין מויל אַריין. טאָרסט נישט אַרומגיין לאַנג מיט אַ ניכטערנעם מאָגן. דער האַרץ־דאָקטער

האָט מיר אָנגעזאָגט צו האָבן דאָס גוט אין זינען. הזהר והזהר... צו דערמאָנען דיך חעגן דעם עטלעכע מאָל אין טאָג". איצט איז זי אָבער נאָך נישט פּאַרטיק געווען מיטן דאַוונען. און כאָטש זי האָט געהערט אים אַריינקומען פון דער גאַס, דאָך איז זי נישט אויפגעשטאַנען צו באַגריסן אים. און נישט נאָר דאָס. זי איז אפילו געזעסן מיטן רוקן צו אים, ווען ער איז פאַרבייגעגאַנגען די קיך. זי איז, הייסט עס, נישט נאָר ברוגז אויף אים, נאָר צעקריגט מיט אים. און זי גיסט טאַקע איצט אויס איר האַרץ פאַרן רבונו של עולם און בעט אים צו האָבן איינזעעניש מיט איר פאַר איר ווידערגעפּיל צום מאַן.

אַוועקגעלייגט דאָס פליושענע טאָרבעלע מיט טלית און תפילין אין איינעם פון די שויבנשענקלעך מיט ספרים, האָט ער אַראָפּגענומען פון זיך דעם מאַנטל, אַריינגעהאָנגען אים אין מלבושים־קלאָזעט, אויך אַראָפּגענומען דעם קאַפּעליטש, און מיט דער יאַרמעלקע אויפן פּליכיקן קאָפּ זיך אויסגעצויגן אויפן בעטל וואָס איז געשטאַנען דאָ אין אַ ווינקל.

ער איז געווען שטאַרק מיד. ס׳קאָן זיין אַז די מידקייט איז געקומען דערפון וואָס ער האָט נישט געגעסן געגוג נעכטן אָוונט, און אויך דערפאַר וואָס היינט, זינט ער איז אויפגעשטאַנען פון שלאָף, האָט ער נאָך גאָרנישט געהאַט אין זיין מויל. געוויינלעך איז די רביצין יעדן פרימאָרגן, אין משך פון יאָרן, אַראָפּ פון בעט אין דער זעלבער צייט וואָס ער, איז אַריין אין קיך און האָט צוגעגרייט וואַרעם וואַסער מיט מילך, אַז ער זאָל האָבן צו טרינקען נאָך איידער ער גייט אַוועק צום דאַוונען. היינטיקן באַגינען איז זי אָבער נישט אַראָפּ פון בעט, כאָטש זי איז נישט געשלאָפן, און ער האָט זיך אַרויסגעלאָזט פון הויז אויפן ניכטערנעם מאָגן.

ס׳איז אָבער אויך מעגלעך, אַז די מידקייט האָט זיך גענומען פון זיין עגמת־נפש אין די לעצטע עטלעכע טעג, און, דער עיקר, זינט נעכטן, ווען מיסטער רובין איז געקומען בעטן וועגן הילדעס הילף פאַר סאָלן. און צופיל עגמת־נפש איז נישט געזונט פאַר זיין האַרץ. וועד איז אָבער ביכולת אויסצוהיטן זיך פון גריזאַטעס און אַנדערע צרות?

וואָס די סיבה זאָל נישט זיין, איינס איז אָבער זיכער — ער האָט מער נישט געקאָנט שטייך אויף זיינע פיס. ער האָט זיך געמוזט אַוועקלייגן און רוען. און מעגלעך אויך שלאָפן. אַלע אברים האָבן אים געצויגן צום שלאָפן.

ס׳האָט טאַקע נישט גענומען לאַנג — און ער איז געבליבן ליגן אומבאַוועגלעך ווי אַ שטיק קאַלך.

# קאַפּיטל צוואַנציק

## די בשורה וועגן דעם מחותן

.1

כאָטש ס׳איז נישט געווען לאַנג, זינט דער רבֿ איז אַוועק־געפאַלן אַ מידער, אַ צעבראָכענער, און דער שלאָף זיינער איז געווען אַזאַ נישט־דורכ־דרינגלעכער, גלייך ווי אַלע זיינע חושים וואָלטן געווען אין אייביקער מנוחה, דאָך האָט ער אָן עפן געטאָן די אויגן און אונטערגעהויבן דעם קאָפּ פון קישן ווען אין ספרים־שטיבל האָט זיך אַריינגעריסן אַ דרויסנדיקער טומל פון אַ גרויסן עולם.

פאַר דעם רבס אויגן איז אַלץ געווען פאַרנעפּלט. ס׳האָט זיך נישט געזען קיין

צייכן פון די ספרים־פּאַליצעס, פון דעם טיש, און נישט פון קיין אַנדערע זאַכן. אין מוח האָט זיך אים געמישט. און דער גאַנצער קאָפּ, ביז אַראָפּ צום נאַקן, איז געווען שווער און שטייף. דאָך האָט ער געהערט ווי אין לופטן פון דער זעקס־שטוביקער דירה האָט זיך צעטראָגן אַ צעברעקלט געקלונג פון דעם עלעקטרישן טיר־גלעקל, און ווי באַלד דערנאָך האָט אַ שטראָם אַריין געטאָן אין דער וואוינונג אַ ליאַרעמדיקער עולם פון דער גאַס.

אַלץ אין אים האָט זיך אָנגעהויבן אויסטשוכען פון דעם פּאַראַליזירנדיקן, קורצן שלאָף. דער נעפּל אין שטיבל האָט זיך צעדריוועט. און די קאָנטורן פון די חפצים האָבן זיך גענומען אַנטפּלעקן אַלץ מער און דייטלעכער.

דער רב איז שוין איצט געזעסן אויפן בעט, מיט די פיס אויפן דיל. די הענט האָט ער געהאַלטן אויפן מאַטראַץ צו שיצן זיך, טאָמער טוט ער זיך אַ וואַקל. וואָס עס איז אָנגעגאַנגען אין די ווייטע צימערן מיטן עולם האָט ער נישט געהאַט קיין אַנונג, כאָטש ער האָט געהערט אַ האַרמידער און הילכיקע געשרייען, וואָס זענען געווען דורכגעדרונגען מיט טרויער, אָכצעניש און געוויין. ער האָט נישט געקאָנט אויפכאַפּן דעם זין פון די ווערטער. אין מוח זיינעם איז נאָך אַלץ געווען אַ יאַריד, און די דריקנדיקע משא אין קאָפּ ביז אַראָפּ דעם נאַקן איז נאָך גאַרנישט געוואָרן לייכטער.

ס׳האָט אָבער נישט געדויערט לאַנג ווי ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן הערן ווייטע טריט, וואָס האָבן זיך דערנענטערט אַהער צום ספרים־שטיבל. און באַלד האָט זיך דאָ באַוויזן די רביצין. זי איז געקומען אַנזאָגן דאָס נייס וועגן דעם טומל.

זי איז געשטאַנען ביי זיין בעט, דער קאָפּ אַראָפּגעהאָנגען אין טרויער, און די הענט־פינגער פאַרבראָכן אונטערן בוזעם.

ביז צום אָנגעלאָף פון עולם איז זי נישט אַרויסגעטראָטן פון דער קיך. אַלע מאָל, אַז זי געפינט זיך דאָרטן ,צי אין אַן אַנדער צימער, און ס׳הערט זיך גאַרנישט פון ספרים־שטיבל, וואו דער מאַן לערנט, אָדער ליגט אויפן בעט, ווערט זי שטאַרק באַזאָרגט, אומרואיק, און זי לאָזט זיך גלייך אַהערצו זען וואָס עס איז געשען. דער מאַן איז דאָך אַ האַרץ־קראַנקער. ווער ווייסט וואָס עס האָט געטראָפן?... היינט איז עס אָבער איר נישט אָנגעגאַנגען — נישט בעת זי האָט געדאַוונט און נישט נאָכדעם ווי זי האָט געהאַט צוגעמאַכט דעם סידור. זי איז געווען פאַרהאַסט אויף אים אַזוי, אַז אַלע אירע יאָרן וואוינען מיט אים, אויך אַלע זיינע גוטסקייטן צו איר, האָבן גאַרנישט געקאָנט מילדערן. זי איז נאָר געזעסן ביים קיך־טיש און האָט פּלאַנירט חרוב צו מאַכן אַלץ וואָס דער מאַן אירער האָט נעכטן אָוונט אָפּגעטאָן. אַזאַ פּלאַן וואָלט איר קיינמאָל פריער נישט געקומען אויפן געדאַנק, אָבער דאָס מאָל האָט זי געפילט אַז דער מאַן אירער האָט עס זיך פאַרדינט. אויב אַ מענטש זאָגט זיך אָפּ פון אַ פּרנסה, בעת ער האָט נישט קיין אויסזיכט אויף אַן אַנדערער, קאָן מען מיטן גאַנצן האַרץ אויף אים זאָגן אַז ער איז אַ מאבד עצמו לדעת. און וועמען וועט פאַררעכנט ווערן פאַר אַ זינד דאָס אָפּהאַלטן אַזאַ מענטש פון באַגיין זעלבסטמאָרד? יאָ, זי וועט מאַכן אַ תל פון אַלץ וואָס ער האָט אָפּגעטאָן.

וואָס זי וועט טאָן? זי וועט אַוועק צו מיסטער רובין און אים זאָגן, דער רב האָט נעכטן נישט געגלייבט אַז הילדע וואָלט געווען גרייט איינצוגיין אויף דעם מחותנס בקשה. ער איז געווען שטאַרק דערשלאָגן. ווי אַ פּאָטער האָט ער זיך געפילט אָנמעכטיק, איגנאָרירט. און ווי אַ רב, וואָס דאַרף זיין דער מורה־דרך, האָט ער שוין לאַנג איינגעזען אַז ר׳איז אַן וועלכער־ס׳איז השפּעה. ער איז מחוץ למחנה. ער איז געקומען צום אויספיר אַז ער טראָגט אומזיסט דעם טיטל מורה־מורנו, אָדער מנהיג רוחני, אָדער מרא־דאתרא. ער האָט דערפאַר מער נישט געוואָלט זיין פאַר זיין הויז, צי פאַר מענטשן אין גאַס, דאָס

וואָס ער איז נישט. און ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דער רבנות־שטעלע. איצט איז אָבער אַנדערש. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז הילדע וויל יאָ טאָן פאַר סאָלן אַלץ וואָס דער מחותן האָט פאַרלאַנגט. און דאָס האָט דעם מאַן אירן צוריקגעגעבן די אמונה אין זיין חשיבות ווי אַ טאַטע, אויך ווי אַ רב — און ער האָט חרטה געקראָגן אויף זיין איבערגע־איילטן טריט. זי בעט דערפאַר מיסטער רובין — וועט זי אים זאָגן — אַז ער זאָל נישט צושטימען צו איר מאַנס אָפּזאָגן זיך פון דער שטעלע און אים מודיע זיין וועגן דעם גלייך אָן אָפּלייג. און אַז מיסטער רובין וועט זיך אָנכאַפּן אין דעם ווי אין אַן אבן־טוב — דאָס איז אויסער יעדן ספק. מיט זיין הסכמה וועט ער דאָך פאַרשטאַרקן הילדעס ווילִיקייט צו טאָן אַלץ לויט זיין פאַרלאַנג!

ווי נאָר זי איז אויפגעשטאַנען פון טיש צו פאַרקלייבן זיך צום שלאָפצימער, וואו זי האָט הענגען אירע מלבושים, און נעמען זיך דאָרטן איבערטאָן פאַרן באַזוך, האָט זיך דערהערט דאָס געקלונג פון דעם עלעקטרישן טיר־גלעקל, און זי האָט אָפּגעקירעוועט פון וועג. אָנשטאָט גיין אַהין, וואו זי האָט געזאָלט גיין, האָט זי זיך גאָר פאַרנומען צו דער טיר און צו עפענען זי פאַרן עולם.

און איצט, נאָכן אַריינלאָזן דעם עולם און הערן זייער שליחות, איז זי געקומען דאָ, אין ספרים־שטיבל, מיט אַ בשורה צום מאַן.

## 2.

— אונדזער מחותן — האָט זי געזאָגט מיט אַ זייער שטיל קול — איז פאַרביי... נישטאָ מער... געשטאָרבן פון אַ בלוט־שטורץ אין קאָפּ.

ר' אליהו, אין אָנמאַכט, האָט פּאַמעלעך, אָן חשק, אויפגעהויבן די אויגן צו דער פרוי און געקוקט אויף איר אַזוי, עלעהיי זי וואָלט זיך געברעקלט מיט אים און וואָלט געזאָגט אַז ער איז גלייך ווי אַ טויטער. וואָרעם וואָס איז דען אַן אָרעמאַן? עס זאָגט זיך, עני חשוב כמת. און אַזוי איז עס טאַקע. זיין פּנים, אַלעמאָל ווי ביי אַ תימנער, איז געווען בלייך, און די ליפּן זענען געווען צונויפגעדריקט. ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער די ווערטער זענען אים געבליבן שטעקן אין דער קעל.

— מ'האָט אים געפונען מיט אַ שעה צוריק אין זיין דירה, אויפן דיל, — האָט די רביצין ווידער געזאָגט. — ער איז געלעגן מיטן פּנים אַראָפּ. זיין מויל איז געווען אויסגעקרימט.

ביי ר' אליהון זענען די ליפּן געווען אַזוי צונויפגעדריקט ווי פריער. אָבער איצט האָבן די אויגן זיינע גאָרנישט געזען. זיי זענען געשטאַנען אומבאַוועגלעך. ס'האָבן זיך געזען אין זיי בלויז די ווייסלען.

—געפונען האָט אים די מיסעס רובין, — האָט די רביצין ווידער געזאָגט. — זי איז געקומען צו פאָרן פון אַ האָטעל אין די קעטסקיל־בערג. און ווי נאָר זי איז אַריבער די שוועל האָט זי דערזען איר גרויס אומגליק. ער איז שוין געווען פאַרביי...

דער רב האָט אַ קנייטש געטאָן מיט די ליפּן און געוואָלט עפּעס זאָגן. ס'איז אָבער גאָרנישט געוואָרן דערפון.

— זי וואָלט נאָך נישט געווען געקומען פון האָטעל, — האָט די רביצין ווידער גערעדט. — אָבער זי האָט געהאַט אַ געפיל אַז עפּעס איז קשה. און דאָס איז נישט געשען פון דער העלער הויט. נעכטן ביינאַכט האָט זי געהאַלטן אין איין טעלעפאָנירן פון האָטעל צו מענטשן דאָ אין שטאָט און געפרעגט וועגן מיסטער רובין. געטאָן האָט זי דאָס דערפאַר,

ווײַל פֿריער האָט זי געהאַט געקלונגען אַ סך מאָל צו איר הײם, און ס'איז נישט געווען קײן ענטפֿער. הײַנט אינדערפֿרי האָט זי ווידער אָנגעקלונגען. זי איז געווען זיכער אַז דאָס מאָל וועט ער זײַן אין הויז. וואו דען וועט ער זײַן אינדערפֿרי אויב נישט בײַ זיך אין דער הײם? אָבער אַז אויך דאָס מאָל איז נישט געקומען קײן ענטפֿער האָט זי געכאַפּט אַ טעקסי און איז גלײַך געקומען אין שטאָט אַרײַן. ס'איז איר גאָבער פֿינצטער געוואָרן אין די אויגן ווען זי האָט אַרײַנגעשטעלט אַ פֿוס אין אַפּאַרטמענט... אַצינד איז איר קלאָר געוואָרן פֿאַרוואָס ס'איז נישט געווען קײן ענטפֿער ווען זי האָט טעלעפֿאָנירט אַהײם.

בײַם רב איז איצט דאָס מויל געשטאַנען אָפֿן, גלײַך ווי ער וואָלט געהערט אַ מעשׂה־נוראָ וועגן בלינדע וואָס זענען געוואָרן זעעוודיק, און וועגן שטומע וואָס האָבן געקראָגן לשון. פֿון זײַנע ליפּן איז אָבער גאָרנישט אַראָפּגעקומען.

— און דער דאָקטער, — האָט די רביצין ווידער גערעדט, — וואָס שכנים האָבן גלײַך גערופֿן, ווי נאָר ז'האָבן געהערט ס'געוויין און די קולות פֿון מיסעס רובין, האָט געזאָגט אַז מיסטער רובין איז שוין טויט זינט נעכטן פֿאַר אָוונט...

געזען אַז דער מאַן קוקט אויף איר אַזוי ווי ער וואָלט ווייניק באַנומען פֿון אירע רייד, האָט זי ווידער איבערגעגעבן וואָס דער אַרײַנגעקומענער עולם האָט דערציילט.

— עמעצער האָט באַלד געלאָזט וויסן צו פֿאַרמאַכן ס'געשעפֿט, און אײנער פֿון די אָנגעשטעלטע איז גלײַך אַוועקגעפֿאָרן צו די קעטסקיל־בערג אַהײמצוברענגען סאָלן פֿון האָטעל.

פֿון רבס מויל האָט זיך אָבער אַלצײַנס נישט געהערט קײן פּיפּס — און די רביצין, אײַנגעבויגן, און מיט די הענט פֿאַרבראָכן אונטערן בוזעם, האָט פֿאַרגעזעצט מיט טרויער אין קול:

— און אַצינד איז דער בר־מינן שוין אין „פֿיונערל פּאַרלאָר", און איבער דער מיסעס רובין, נעבעך, וואַכט כסדר דאָקטער ראָזנער אין איר שלאָפֿצימער... זי געפֿינט זיך אין אַ זײער שלעכטן מעמד... ממש ס כ נ ת ־ נ פ ש ו ת...

געזען אַז דער רב קוקט נאָך אַלץ אויף איר אין צעטומלטקייט, האָט זי אַרויסגעלאָזט אַ הילכיק געיאָמער און איז צוריק אַרײַן אין קאָרידאָר, וואו ס'האָט זיך געפֿונען דער עולם.

3.

צווישן עולם האָבן זיך געפֿונען מענער און פֿרויען פֿון דער געבײַדע, וואו די רובינס וואוינען. אויך עטלעכע אָנגעשטעלטע פֿון רובינס געשעפֿט. אויך באַקאַנטע פֿון דער נאָנטער געגנט. אויך הויז־שכנים און שכנות פֿון דער האָרוויץ־מישפּחה.

געקומען זענען זײ אָנזאָגן דער רבנישער מישפּחה די ביטערע בשׂורה. אָבער נישט נאָר צוליב דעם. גלײַכצײַטיק האָבן זײ געוואָלט אויסגעפֿינען פֿון דעם „הויז" דאָ וויאַזוי ס'איז געקומען דערצו אַז אַזאַ ענערגישער מענטש ווי מיסטער רובין, נאָך גאַנץ יונג, נישט געליטן פֿון קײן ערנסטער קרענק, זאָל מיטאַמאָל אַוועק פֿון דער וועלט. אמת, ער האָט געהאַט הויכן בלוט־דרוק, אָבער ווער אין דער הײַנטיקער וועלט דרייט זיך נישט אַרום מיט דעם? נו, שטאַרבט יעדער אײנער דערפֿון? הײַנטיקע צײַטן זענען דאָך פֿאַראַן פֿיל רפֿואות וואָס שוואַכן אָפּ, אָדער באַזײַטיקן דאָס געפֿאַר פֿון דעם סאָרט לײַדן!

אַז די רביצין איז אַרײַן צום רב אין ספֿרים־שטיבל האָבן זײ אויפֿגעהערט צו קאָכן זיך, צו איבערשרײַען אײנער דעם אַנדערן, צו קרעכצן, קלאָגן, און גענומען וואַרטן

אויפֿן רב. זאָל מען הערן וואָס ער האָט צו זאָגן וועגן דעם אומגעריכטן סוף פֿון זיין מחותן.

זייער אויסקוק האָט זיך אָבער אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט. די רביצין האָט זיך צוריקגעקערט פֿון דעם ספרים־שטיבל. אָבער זי האָט נישט געקוקט אויף קיינעם און איז אַריין אין קיך מיט אַ פּיל באַדייטנדיק געיאָמער.

דער עולם האָט זיך איבערגעקוקט — און די בליקן האָבן אויסגעדריקט איבער־ראַשטקייט, אַנטוישונג און אויך באַדויער. פֿון דאָ און דאָרט האָבן זיך גענומען הערן טענות פֿון מורמלענדיקע מענטשן וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן פֿילן שולדיק פֿאַר דער־וואַרטן דאָס דערשיינען פֿון רב פֿאַר זיי:

— וואו'ז געווען אונדזער שכל, וואו?

— האָבן חוצפּה צו דערוואַרטן פֿון רב אַרויסצוקומען צו אונדז?

— באַדאַנקען פֿאַר דער בשורה?...

— אָדער אפֿשר האַלטן אַ דרשה וועגן דעם אומגליק.

— אַנישט זיך גאָר ברעכן די הענט פֿאַר אונדז אין פּנים...

— צו וואָס שטייען מיר נאָך דאָ?

— אויף וואָס וואַרטן מיר?

— אָפּגעטאָן ס'אונדזעריקע, גענוג...

— אַצינד דאַרף מען גיין.

— יאָ, גערעכט.

— געגאַנגען.

ס'האָט טאַקע נישט גענומען לאַנג און דער עולם, אַחוץ איין שכנטע, האָט זיך אַרויסגעקליבן פֿון דאַנען. געווען איז די שכנטע — מיסעס גאָטליב.

זי איז אַריין אין דער קיך און האָט זיך געזעצט צום טיש, ביי וועלכן ס'איז געזעסן די רביצין.

די רביצין, אַ קלאָגנדיקע, האָט געהאַלטן די הענט צונויפֿגעלייגט אין שויס, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט צום בוזעם, און זיך געשאָקלט אָן אויפֿהער.

די מיסעס גאָטליב האָט נישט געוואוסט וואָס צו זאָגן. און איבערלאָזן די רביצין אַליין האָט זי איצט נישט געוואָלט. ווי קאָן זי? ס'האָט זיך אָבער באַלד געמאַכט פֿאַר איר עפּעס צו טאָן.

פֿון דעם עלעקטרישן טיר־גלעקל האָט זיך דערהערט אַ קלונג. אָן אַנדערש מאָל אַז זי, די איינגייערין דאָ אין הויז, הערט אַ קלונג, פֿרעגט זי די רביצין צי זי זאָל עפֿענען די טיר. איצט האָט זי אָבער אַליין גענומען אויף זיך די הויז־פֿליכט און איז אַרויס אין קאָרידאָר.

צוריקגעקומען איז זי מיט דער אָנפֿאַרטרויטער אַלצטוערין פֿון מיסטער רובינס געשעפֿט — מיט ריווען.

דאָס פּנים, ריוועס, איז דאָס מאָל געווען נאָך מער כמורנע ווי אין געוויינלעכע צייטן. אירע שטענדיק־קאַלטע פֿיש־אויגן האָבן אויסגעזען איצט ווי פֿאַראייזטע שייבלעך. אירע האָר — קיינמאָל גלאַטיק נישט פֿאַרקעמט — זענען געווען מער צעשויבערט. זי האָט געטראָגן אַ שוואַרץ־לעדערנעם דזשאַקעט, געהאַלטן די הענט אין די קעשענעס, און איז געשטאַנען פֿאַר דער רביצין מיט אַן איבערגעלאָדנט־ביטערער פֿאַראַנטוואָרט־לעכקייט. אין איר קורצער נאָז האָט זיך נישט געוויזן קיין צוק. אויך נישט אין אירע פּלאַכע באַקן וואָס האָבן דאָ און דאָרט געהאַט פֿלאַמיקע פּרישטשעס. זי האָט גערעדט טרוקן און מיט אַ טאָן פֿון אַ קרימינאַל־וועכטער:

— פון דער גאַנצער רובין־מישפּחה בין איך די איינציקע וואָס אויף מיר איז געפאַלן דער ביטערער גורל צו גרייטן די לוויה פאַר מיין אַנקל דזשאָ. די פאַמיליע, ווי איר ווייסט, איז זייער אַ קליינע. אַמאָל זענען געווען אַ סך קרובים. זיי זענען שוין אָבער לאַנג נישטאָ. און אויך פון מיין מומע אסתר קאָן מען אַצינד גאָרנישט דערוואַרטן. מ׳קאָן אַפילו צו איר נישט צוקומען. זי איז נישט די זעלבע. זי איז נאָכאַנאַנד אונטער דאָקטער ראָזנערס אויפזיכט. האָב איך זיך אונטערגענומען צוצוגרייטן אַלץ... ביז׳ך דערפאַר געקומען אייך זאָגן אַז דער רבי זאָל מספּיד זיין דעם מחותן... כ׳ווייס באַשטימט אַז ווען דער אַנקל מיינער וואָלט געשריבן אַ צוואה ביים לעבן וואָלט ער געוויס געבעטן אַז דער רב זאָל מאַכן דעם הספּד איבער אים. און דאָס זעלבע, קאָנ׳ך זאָגן מיט זיכערקייט, וואָלט פאַרלאַנגט מיין מומע אסתר, ווען זי איז נישט אין אַזאַ צושטאַנד, ווען זי קאָן אַרויסרעדן כאָטש עטלעכע ווערטער. דעריבער בינ׳ך געקומען צו לאָזן וויסן דעם רב וועגן מיין בקשה, און אויך וועגן דער צייט פון דער לוויה.

— ווען וועט זיין די לוויה? — האָט מיסעס גאָטליב, וואָס איז שוין ווידער געזעסן ביים טיש, געפרעגט ריוון.

— אַזוי גיך ווי מ׳קומט מיט סאָלן אַהיים פון זיין וואַקאַציע.

— וואו? אין וועלכן פיונערל־פּאַרלאָר?

ריווע האָט געענטפערט — און מיט צונויפגעפּרעסטע ליפּן זיך געלאָזט אַרויס.

4.

אַרום צוויי נאָכמיטאָג איז ר׳ אליהו אַרויסגעקומען פון זיין ספרים־שטיבל. אויך איצט איז ער געווען אָנגעטאָן אין זעלבן טראַכט ווי אינדערפרי — אין שוואַרצן קאַפּעליטש און אין שוואַרצן מאַנטל. ער איז אַרויסגעקומען אומגערן, האָט געקוקט פאַר זיך מיט פאַרטרויערטע אויגן און געהאַלטן די הענט אין די קעשענעס ווי ער וואָלט געפרירט.

אין דער קיך זענען געזעסן די רביצין און מיסעס גאָטליב ביים טיש, גענוי ווי פאַר מיטאָג. זיי זענען אָבער געווען אָנגעטאָן אין אַנדערע מלבושים. נישט לאַנג צוריק האָט ריווע אַריינטעלעפאָנירט און געזאָגט אַז סאָל איז שוין דאָ צוריק אין דער היים. אויך האָט זי געלאָזט וויסן וועגן דער פּינקטלעכער צייט פון דער לוויה. דעמאָלט איז מיסעס גאָטליב גלייך אַוועק אַהיים צו איבערטאָן זיך אין אַנדערע קליידער, כדי צו קאָנען גיין באַגלייטן דעם מת צו זיין אייביקער רו. און אויך די רביצין איז אויפגעשטאַנען. זי איז אַריין אין ספרים־שטיבל, האָט מודיע געווען דעם רב וועגן אַלעם און נאָכדעם זיך געלאָזט אין שלאָפצימער אַריין צו איבערטאָן זיך. אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן זיך ביידע פרויען ווידער באַגעגנט אין קיך, געזעצט זיך און געוואַרט וואַרטן אויפן רב.

איצט, ווי נאָר זיי האָבן אים געזען פאַרבייגיין אין קאָרידאָר, זענען זיי אויפגעשטאַנען און צוזאַמען האָבן זיי געגנומען אים נאָכפאָלגן צום „פיונערל־פּאַרלאָר".

אין הספּד־זאַל, וואָס איז געווען אויסגעשטאַט מיט לאַנגע טעמפּל־בענק פאַר עטלעכע הונדערט מענטשן, זענען כמעט אַלע זיצפּלעצער געווען באַזעצט מיט מאַנס־בילן און פרויען. צווישן עולם האָבן זיך געזען צענדליקער איינוואוינערס פון מיסטער רובינס טענעמענט־הייזער. אויך איינוואוינערס פון שכנותדיקע גאַסן. אויך צענדליקער פאַמיליעס פון קראָמען אויף דילענסי סטריט, אויף גרענד סטריט, קאַנאַל סטריט, איסט־בראָדוויי, און אַנדערע האַנדלס־גאַסן. אויך האָבן זיך געזען מאַנופעקטשורערס פון

„גאַרמענט־סענטער", וואו ס'ווערן אויפגעננייט מלבושים פאַר מענער, פרויען און יונג־וואַרג. אויך זענען געווען די וויצע־פּרעזידענטן פון דער שול מקוה־ישראל. אויך די זקנים וואָס קומען אין שול אַריין יעדן אינדערפרי און צו מנחה־מעריב. אויך זענען דאָרטן געווען די אָנגעשטעלטע פון רובינס געשעפט. און אויך אַ סך בחורים און מיידלעך פון דעם „דאַון־טאַון"־צענטער „יאַנג איזראַעל", וואו סאָל איז געווען פּרעזידענט אין משך פון אַ סך יאָרן.

געשטאַנען אַ ווײַלע ביי דער אָפענער טיר פון הספד־זאַל, האָט ר' אליהו זיך פאַרנומען צו אַ לײדיקן דורכגאַנג ביי אַ וואַנט, און פון דאָרטן צום אבלים־צימער, וואו ס'וואַרטן קרובים פון פאַרשטאָרבענע ביז ס'הייבט זיך אָן דער הספד איבער דעם בר־מינן. די רביצין און מיסעס גאָטליב האָבן אָבער גענומען זוכן זיצפּלעצער פאַר זיך צווישן עולם.

ווי נאָר זיי האָבן געפונען האָט די רביצין גלייך גענומען זיך אַרומקוקן אין זאַל און זוכן הילדען. פאַרמיטאָג, נאָכן אָנזאָגן דעם רב די ביטערע בשורה, האָט זי טעלע־פאָניש זיך פאַרבונדן מיט דער טאָכטער און איר געלאָזט וויסן וועגן מיסטער רובינס טויט. און שפּעטער, ווען ריווע האָט אָנגעגעבן די צייט פון דער לוויה, האָט זי, די רביצין, אויפסניי געהאַט אַ שמועס מיט דער טאָכטער — און הילדע האָט געזאָגט אַז זי וועט קומען צו דער לוויה. איצט האָט זי, די רביצין, אָבער אין ערגעץ נישט געזען די בת־יחידה.

— אפשר דערזע איך נישט, — האָט זי שטיל און קרעכצנדיק געזאָגט צו מיסעס גאָטליב. — זייט אַזוי גוט און טוט אַ בליק צי מיין הילדע געפינט זיך צווישן עולם. מעגלעך איר'ט זי דערזען.

מיסעס גאָטליב האָט שטומשווייגנדיק אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ צו דער רביצין, איז אויפגעשטאַנען פון זיצפּלאַץ און האָט גלייך גענומען אַרומבליקן אין זאַל.

— ס'טוט מיר לייד, רביצין... — האָט זי נאָך אַ לענגערער ווײַלע אויפגעהערט זוכן און געשעפּטשעט צו דער אומגעדולדיק־וואַרטנדיקער רביצין. — אויך מײַנע אויגן דינען מיר נישט צו גוט.

די רביצין איז געוואָרן מער פאַראומערט און האָט זיך גענומען שאָקלען און קרעכצן.

פון אבלים־צימער, וואָס הינטער דעם הספד־זאַל, האָט זיך באַוויזן אַ הויכער, דאַרער בחור, מיט רויטע פּרישטשעס אויפן פּנים. געווען איז ער — סאָל. געפירט האָט אים ריווע. און הינטער זיי האָט נאָכגעפאָלגט אַ גרופּע פון דריי לייט: אַן אַלטער, אומבאַקאַנטער רב מיט אַ סידור אין האַנט, אַ הויכער, יונגער חזן, אויך מיט אַ סידור אין האַנט, און דער באַלעבאָס פון דעם „פיונערל־פּאַרלאָר", אַ קליינגעוויקסיקער, פון אַ יאָר זעכציק, אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצן גאַרניטור, מיט אַ יאַרמעלקע אויפן קאָפּ. ריווע האָט אַוועקגעזעצט סאָלן אויף דער פאָדערשטער באַנק, קעגנאיבער דעם שוואַרץ־באַדעקטן ארון, וואו ס'איז געלעגן מיסטער רובין, און נאָכדעם האָט זי זיך אַראָפּגעלאָזט לעבן אים. די דריי מאַנסלייט זענען אַרויף אויף דער בימה, וואו ס'זענען געשטאַנען עטלעכע שטולן און אַ שטענדער.

— וואו איז מיין מאַן? — האָט די רביצין זיך אַ הייב־אונטער געטאָן און גענומען קוקן מיט פאַרחידושטע אויגן צו דער בימה. — וואו איז דער רב? — האָט זי זיך אויסגעדרייט צו מיסעס גאָטליב און זי געפרעגט מיט שרעק. ער איז דאָך נישטאָ אויף דער בימה. ער האָט דאָך געזאָלט מספּיד זיין. וואָס איז געשען מיט אים?

אויך איז די מיסעס גאָטליב געוואָרן צעטראָגן פון דעם וואָס זי האָט נישט געזען

דעם רב ר׳ אליהו אויף דער בימה. זי האָט אָבער נישט געהאַט וואָס צו ענטפֿערן דער רביצין.

— זאָל׳ס אפשר זײַן, — האָט זי געזאָגט אין אַ ווײַלע אַרום צו דער רביצין — אַז די רובין־מישפּחה האָט אויך באַשטעלט אַ צווייטן רב, און דערפֿאַר האָט אייער מאַן זיך אָפּגעזאָגט מאַכן דעם הספּד?

די רביצין האָט דערויף נישט געענטפֿערט. די גאַנצע זאַך האָט זיך איר נישט געלייגט אויפֿן שׂכל. נישט די רובין־מישפּחה וואָלט באַשטעלט נאָך אַ רב, און נישט איר מאַן, וואָס האָלט זיך נידעריק, איז אַ מסתפּק־במועט, וואָלט זיך באַליידיקט דערפֿון וואָס אַ צווייטער רב וועט זיך אויך באַטייליקן אין דעם הספּד. זי האָט זיך אָבער נישט געקאָנט אויפֿהייבן איצט צווישן עולם, וואָס איז געזעסן פֿאַרגליווערט, און גיין אויס־געפֿינען וואָס עס איז געשען. קעגן איר ווילן האָט זי זיך גענומען אײַנהערן אין די רייד פֿון דעם „פּיונערל־פּאַרלאָר״ אייגנטימער, וואָס איז געשטאַנען בײַם שטענדער און האָט פֿאַרגעשטעלט דעם אומבאַקאַנטן, אַלטן רב. זי איז געזעסן אַ דערדריקטע. זי האָט זיך געשאָקלט — און אויפֿן זיבעטן זענען איר געקומען די שרעקלעכסטע מחשבֿות וועגן איר מאַן.

# קאַפּיטל איין־און־צוואַנציק

## אין הספּד־זאַל

### 1.

בעת דער פֿרעמדער רב איז געשטאַנען אויף דער בימה, בײַם שטענדער, און האָט מספּיד געווען דעם פּריצייטיק־פֿאַרשטאָרבענעם מיסטער רובין האָט זיך דורכן זאַל געטראָגן אַ געשלוכץ און אַ געיאָמער פֿון פֿרויען.

דער רב האָט באַוויינט דעם ניפֿטר מיט פּסוקים פֿון דער תּורה, פֿון קהלת, פֿון תּהלים, און אויך פֿון איובֿ — פּסוקים וואָס זענען פּאַסיק בײַ אַזאַ טרויער. ער האָט באַצייכנט מיסטער רובין ווי אַ גרויסן בעל־צדקה, אַ מאַן מיט אַ גרויס וואַרעם האַרץ. ער האָט געהאָלפֿן מענטשן און אינסטיטוציעס אָפֿענערהייט, און נאָך מער בסתר, קיינער זאָל נישט וויסן. אויך האָט דער רב אים באַצייכנט ווי אַ מענטש מיט געדולד פֿון אַ צדיק. און פֿאַר אַ באַווייז דערצו האָט ער דערמאָנט דאָס וואָס דער ניפֿטר איז במשך פֿון אַ סך יאָרן געווען פּרעזידענט פֿון זײַן שול וואָס האָט שוין לאַנג נישט געהאַט קיין פֿינאַנציעלן אָנשפּאַר אויף אירע „מעמבערס״. אויך האָט ער געלויבט דעם ניפֿטר ווי אַ געטרייען האַרציקן מאַן צו זײַן פֿרוי, און ווי אַן איבערגעגעבענעם ליבן פֿאָטער צו זײַן זון.

די רביצין האָרוויץ האָט זיך אָבער נישט געקאָנט באַטייליקן אין דעם אַלגעמיינעם צער אויפֿן טויט פֿון איר מחותן. זי איז געווען צעדרודערט פֿון די שרעק־מחשבֿות וואָס האָבן אָן אויפֿהער געוווימלט אין איר קאָפּ, עלעהיי ווי שלאַנגען וואָס קריכן אַרויס פֿון דער ערד נאָך אַ רעגן. זי האָט אפֿילו נישט געשענקט קיין אויפֿמערקזאַמקייט די רייד וואָס האָבן זיך געהערט פֿון אייניקע פֿרויען, הינטער וועלכע זי איז געזעסן. זיי האָבן זיך געחידושט, די פֿרויען, וואָס מ׳זעט נישט דעם רב האָרוויץ, און אויך וואָס זײַן

טאַכטער, די כּלה צו מיסטער רוביגס זון, געפינט זיך נישט אין זאַל. גלייכצייטיק האָבן זיי זיך גאָרנישט געקאָנט דערקלערן דאָס רעטעניש מיט מיסעס רובין. זי איז דאָך אינגאַנצן נישטאָ ביי דער לוויה!

מיטאַמאָל האָט זיך די רביצין אַ שטעל־אויף געטאָן און, אָן אַ פּיפּס צו מיסעס גאָטליב, זיך געלאָזט צו דער וואַנט, ביי וועלכער זי האָט זיך גענומען שאַרן אַרויף צו דער סאַמע פאָדערשטער באַנק, וואו ס׳זענען געזעסן סאָל און ריווע.

צוגעקומען צו דער באַנק, האָט זי זיך צוגעזעצט לעבן ריווען און שטיל, קוים וואָס מ׳האָט זי געהערט, געפרעגט:

— וואו איז דער רב? וואָס איז געשען מיט מיין מאַן? פאַרוואָס האָסטו גענומען אַ צווייטן רב צו מאַכן דעם הספּד? האָסט׳אַך געהאַט באַשטעלט אַז מיין מאַן זאָל מספּיד זיין...

ריווע איז געזעסן אַזוי, גלייך ווי קיינער וואָלט צו איר נישט גערעדט. זי האָט נאָר געקוקט אויף דעם אַלטיטשקן, קליינגעוויקסיקן, גרויען רב וואָס האָט געקרעכצט מיט אַ תּשעה־באבֿ ניגון, עלעהיי ער וואָלט געזאָגט קינות. פּלוצעם איז זי אָבער געגעבן אַ שטיי־אויף און האָט געזאָגט צו דער רביצין מיט זודיקן כּעס אין קול:

— קומט אַריין אין וואַרטצימער פאַר אבֿלים, מיסעס האַרוויץ, וועל׳ך אייך אינפאָרמירן...

גייענדיק מיט שטרענגקייט, נישט אויסדרייענדיק זיך אפילו אַ קוק צו טאָן צי די רביצין פאָלגט איר נאָך, אָדער נישט, איז זי אַריין אין דעם דערבייאיקן אבֿלים־צימער און זי האָט גענומען וואַרטן אויף דער רביצין. אַז די רביצין האָט זיך באַוויזן איז זי, ריווע, איר אַקעגנגעגאַנגען אַ טראָט, צוויי טריט, און האָט זיך באַלד אַ וואָרף געטאָן אויף איר מיט אַ מבול ווערטער וואָס זענען געווען שוועבל און פייער:

— וואו דער מאַן אייערער איז, ווילט איר וויסן? האַ?... הלוואי וואָלט ער געווען דאָרטן, וואו מיין אָנקל איז אַצינד. הלוואי... און פאַרוואָס כ׳האָב באַשטעלט אַ צווייטן רב מספּיד צו זיין? כ׳האָב געמיינט אַז אין איין צייט וועט ער דאַרפן מאַכן אַ הספּד אויף איבער אייער מאַן... איר פאַרשטייט, איר ווערמיק נפש?... וואָס האָט׳יר געמיינט, כ׳וועל נאָך צולאָזן אייער מאַן צו באַוויינען מיין אָנקל? יאָ?... ענטפערט, איר שימפּאַנזי! איר, וואָס ווייקט זיך אין ליבשאַפט צו גאָט און וואָס קוקט פון אויבן אַראָפּ אויף פּשוטע מענטשן און פון קליינעם יחוס, ענטפערט!

זי האָט צונויפגעדריקט די ליפּן, אַריינגעצויגן איינע, נאָכדעם די צווייטע צווישן די ציין, געביסן יעדע מיט צעיושעטקייט און ווידער געקוקט אויף דער רביצין מיט רציחישע אויגן:

— ביז מיט אַ קורצער צייט צוריק האָב׳ך נישט געוואוסט אַז איר און אייער מאַן און הילדע זענט שולדיק אין מיין אָנקלס פריצייטיקן טויט. כ׳בין געווען בלינד... כ׳האָב גאָרנישט געזען... אָבער מיין טאַנטע אסתּר, שטאַמלענדיק, מיט קוים אַרויס־גערעדטע, געציילטע ווערטער, האָט מיר פריער אַלץ איבערגעגעבן. זי האָט נישט געקאָנט זיין ביי דער לוויה. זי איז חרובֿ־קראַנק. דאָקטער ראָזנער האָט פאַראָרדנט מ׳זאָל זי גלייך אָוועקפירן אין שפּיטאָל אַריין. און פאַרן אַרויסטראָגן זי פון הויז האָט זי מיך צוגערופן צו איר בעט און מיר דערציילט אַלץ וועגן דעם שידוך... אַלץ וואָס האָט פּאַסירט... און זי האָט מיך געבעטן, מיט אַ געקלאָג אין אירע רייד, נישט לאָזן דערנענטערן צו איר מאַנס אָרון נישט דעם רב, נישט אייך און אויך נישט הילדען... נישט דאָ ביים הספּד און נישט אויפן בית־עלמין. איר זענט געווען די מערדערס פון איר מאַן, און איר

זענט שולדיק אין חורבן פון איר הויז... נו, פאַרשטייט איר שוין אַצינד, איר שעפּסן־פּנים, פאַרוואָס אייער מאַן האָט נישט געטאָרט באַקלאָגן מיין אָנקל?

אָפּגערעדט, האָט זי נישט פאַרלוירן קיין איין ווייל מער מיט דער רביצין. זי האָט זיך אָפּגעקערט פון איר מיט עקל און אייליק זיך געלאָזט צוריק אַריין אין הספד־זאַל.

## 2.

פון די יינגסטע יאָרן אירע, וואָס זי געדענקט זייער גוט, ביז היינט, איז זי, די רביצין, נישט געווען אַזוי טיף באַליידיקט פון קיינעם ווי זי איז עס אַזוי געוואָרן איצט פון ריוועך. זי איז געווען אַזוי שטאַרק דערשלאָגן פון דעם דאָזיקן אָנפאַל אויף איר אַז זי האָט מיטאַמאָל אָנגעהויבן האָבן ספקות וועגן זיך צי זי איז טאַקע דאָס וואָס זי האָט אַלע יאָרן געטראַכט אַז זי איז.

געבוירן געוואָרן איז זי ביי חסידיש־נגידישע עלטערן אין פּוילן. איר פאָטער און מוטער, אייגנטימערס פון אַ וויין־געשעפט, זענען געווען שטאַרק אָנגעזען און רעספּעקטירט אין שטאָט סיי ביי ייִדן און סיי ביי גויים. און מיט דער זעלבער מאָס דרך־ארץ האָט די באַפעלקערונג זיך באַצויגן צו איר. ווען נאָר זי האָט זיך באַוויזן אין גאַס האָבן קליין און גרויס זי באַגריסט. אויך האָבן שטענדיק אַרויפגעקוקט צו איר די אייגענע חברטאָרנס וואָס אַ סך פון זיי זענען געווען קריסטלעכע מיידלעך, מיט וועלכע זי, די רביצין, אין אירע יונגע יאָרן, האָט צוזאַמען געלערנט אין דער פּריוואַטער גימנאַזיע פון שטאָט. דאָס זעלבע האָט אָנגעהאַלטן אויך שפּעטער, ווען איר פאָטער איז געשטאָרבן — און זי האָט געגומען צוהעלפן דער מוטער אין געשעפט. קונים — מערסטנס מאַנסבילן פון פאַרשידענעם עלטער — האָבן גערעדט צו איר מיט יראת־הכבוד. און בעתן רעדן זענען זיי געווען פאָרזיכטיק נישט צו באַנוצן זיך מיט אַן אומפּאַסיק וואָרט, כדי זי זאָל זיך נישט פילן געערגערט פון דער „גרזעלשאַפט".

אַזאַ באַנעמען זיך צו איר האָט זי אויך באַגעגנט ווען זי איז געוואָרן דאָס ווייב פון דעם יונגנמאַן אליהו וואָס איז געווען דער בן־יחיד פון דעם שטאָטישן רב. אליהו איז שוין דעמאָלט געווען באַרימט איבער אַ שטיק פּוילן. דאָס איז געווען פאַר זיין חריפותדיקן קאָפּ און זיינע שאַרפע, אָפּטע אַרויסטריטן קעגן באַוואוסטע רבנים און רביים, פּוילישע און גאַליציאַנער, וואָס האָבן פאַרשריען דעם ציוניזם פאַר אַפּיקורסות, אָדער פאַר אַ צווייטן שבתי־צבי פאַרפירעניש. ער האָט זיי אויך אָנגעוויזן אַז אין דער זעלבער צייט וואָס זיי דערלאָזן נישט אַנדערע צו טאָן עפּעס פאַר דער נאַציאָנאַלער צוקונפט פון יידישן פאָלק האָבן זיי אַליין גרויס נחת פון זיך און וואָס זיי זענען די אַפּוטרופּסים איבער גרויסע מאַסן נידערגעשלאָגענע און עם־הארציש גלייביקע, פון וועמען זיי קריגן געלט, אָנזען און בלינדע נאָכפאָלגערשאַפט. און אין וואָסער צייט איז דאָס פאָרגעקומען? אין אַ צייט ווען דער עקאָנאָמישער און בירגערלעכער צושטאַנד פון די יידן, סיי אין די שטעט, סיי אין די דערפער, איז געוואָרן אַלץ מער פיינלעך. ווי האָט דען געקאָנט זיין אַנדערש? די קריסטלעכע בויקאָטן, שטילע און אָפּענע, זענען דאָך געוואָרן זייער שטאַרק. אויך האָבן זיך געמערט די קריסטלעכע קאָאָפּעראַטיוון. און אויך האָבן געהעצט קעגן יידן די קאַטשאָלן, אַנטיסעמיטישע געזעלשאַפטן און רעגירונג־פירערס.

און אַרויפגעקוקט צו איר האָבן מענטשן אויך אין אַנדערע שטעט.

איבער איר מאַנס שטרענגקייט צו זיך און צו די דעה־זאָגערס אין דער קהילה האָט ער אָפּט געמוזט בייטן איין רבנות־שטעלע אויף אַ צווייטער. אָפּגעווען אין אַ שטאָט

עטלעכע יאָר און — ויסעו... דאָס זעלבע אין אַן אַנדערער שטאָט. אָבער אומעטום, נישט געקוקט דערויף וואָס מיט איר מאַן זענען אַ סך פּרנסים געווען צעקריגט, דאָך האָבן זיי צו איר נישט אַרויסגערעדט קיין איין שלעכט וואָרט. ביים פאַרלאָזן אַ שטאָט האָט מען איר אַפילו דערלאַנגט שיינע מתנות.

און דאָס אייגענע איז געווען דאָ אין אַמעריקע. דאָ, וואו שול־באַלעבאַטים האָבן בכלל ווייניקער דרך־ארץ פאַר רבנים ווי אין דער אַלטער היים, האָט מען זי אויך באַהאַנדלט מיט זיידענע הענטשקעס. מ׳האָט נישט געלאָזט פאַלן קיין שטויבעלע אויף איר. דאָס איינציקע מאָל וואָס זי האָט זיך דערפילט איבערראַשנדיק געפלעפט פון אַן אומדערוואַרטער ביטול־באַציאונג צו איר איז געווען נעכטן — מצד דעם מחותן, ווען ער האָט נאָך געלעבט. ער האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף איר סיי אין געשעפט זיינעם, און סיי אויפן וועג צו זיין היים. אָבער אין פאַרגלייך מיט דעם ווי ריווע איז אַרויסגע־טראָטן איז דאָך די האַנדלונג פון מיסטער רובין, וואָס איז נעבעך פאַר דער צייט אַוועק פון דער וועלט, ווי טאָג קעגן נאַכט!

און ווער איז דאָס די דאָזיקע ריווע וואָס האָט זיך דערלויבט אויף אַזאַ אויסטערלישן און נישט־איידעלן גאַב? די מוטער אירע — מיסטער רובינס שוועסטער, אַ געבוירענע אין פּוילן — איז געווען אַ קעלנערקע אין אַ רעסטאָראַן ערגעץ לעבן בראָדוויי. געשטעלט אַ חופה האָט זי אויך גיך מיט אַ קעלנער נאָך אַ פיר־חדשימדיקער פריינדשאַפט — און צוואַנציק וואָכן שפּעטער איז געבוירן געוואָרן אָט דאָס מענטש וואָס רופט זיך ריווע. און זי אַליין, ריווע, וואָס איר מוטער און פאָטער האָבן זיך צעשיידט נאָך אַ קורצער צייט וואוינען צוזאַמען, האָט אויך נישט געפּירט קיין אָנשטענדיק לעבן ווי אַ מיידל. אין איינעם אַן אָוונט האָט זי אָנטעלעפאָנירט איר „אָנקל דזשאָ״, אַז זי האָט אַרויסגענומען „מערידזש לייסנס״ אין סיטי־האָל. מיסטער רובין, ווי ער האָט איבערגעגעבן שפּעטער, איז געווען אויסער זיך פון פרייד און ער האָט גיך גענומען ווינטשן:

— מזל־טוב דיר! ס׳אַראַ טייערע, ליכטיקע בשורה! ווער איז דער יונגערמאַן?

— ער אַרבעט אין ד׳זעלבער יוניאָן וואָס איך, — האָט זי געענטפערט.

— אין אָפיס?

— ניין. ר׳איז אַ דעלעגאַט. ער אָרגאַניזירט נישט־יוניאָן שעפער.

— איז ווען שטעלסטו די חופה? — האָט מיסטער רובין געפרעגט אָנקוועלנדיק.

— די חופה?... — האָט זי צוריקגעפרעגט מיט שטוינונג. — איך גלויב נישט אין קיין פורים־שפּיל.

— וואָס האָסטו געזאָגט? — האָט ער געפרעגט אַ צעטומלטער. — פורים־שפּיל?! ס׳הייסט, וועסט לעבן מיט אַ מאַן אָן חופה וקידושין?

— ליבע דאַרף נישט האָבן די ברכה פון קיין רבנים און נישט פון קיין גויאישע גייסטלעכע, — האָט זי געענטפערט ווי אַ לערערין וואָס קנעלט מיט אַ תלמיד. — ליבע איז אין זיך אַליין אַ ברכה... און די פרומע מאַראַל־היטערס, די זשאַנדאַרן וואָס גאָט האָט זיי נישט אָנגעשטעלט פאַר זיינע רעפּרעזענטאַנטן, נאָר וואָס האָבן זיך אַליין גענומען דאָס רעכט צו זאָגן דעות ווי צו פירן זיך, אָט די לייט זענען נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר מיקראָבן וואָס האָדעווען זיך אויף דער נאַאיווקייט פון מענטשן וואָס גייען אַלעמאָל מיט דער סטאַדע.

— און אַז דו האַלטסט נישט פון זיי, — האָט שוין מיסטער רובין געשריען דאָס מאָל, — מיינט עס דען אַז די גאַנצע וועלט מיט יידן, קלוגע, געלערנטע און פרומע,

זענען שוטים, אידיאָטן, נאַר דו, חצופה, גראָב נפש, ביסט ערלעכער, פאַרשטייסט מער און זעסט ווייטער?

— מ׳דאַרף נישט זיין קליגער, אָדער מער געלערנט, — האָט זי געענטפערט מיט פאַרדראָס אויף זיין נישט־איידעלן אָנרייסן זיך אויף איר. — ס׳האַרץ זאָגט אַלץ... און מיין האַרץ זאָגט מיר צו פירן אַ קריג קעגן די צערעמאָניעס פון די רעליגיעזע האָקוס־פּאָקוס לייט. מיין אינגעווייד פילט חלשות פון דעם אַלעם.

— און דער דעלעגאַט וואָס ד׳האָסט דיר אויסגעקליבן פאַר אַ זיווג, — האָט מיסטער רובין ווידער געשריען, — האָט גאָרנישט קיין דעה דערין?

— ער איז אויך נישט קיין חסיד פון די מיקלאָמפּערשטע אַלצוויסערס און זייער פרומען אויגן־גלאָצעניש צום הימל, — האָט זי אויפסניי געערעדט מיט פאַרדראָס צום אַנקל פאַר זיין נישט רעכענען זיך מיט איר אינטעליגענץ. — אדרבה, ער איז נאָך מער ווי איך פאַרהאַסט אויף די רבנים. און דאָס, איבער זייער אומפאַרשעמטקייט צו רעדן וועגן גליק און שטראָף פאַר מענטשן, גלייך ווי מ׳וואָלט דאָס זיי אין פאָרויס געלאָזט וויסן פון הימל. מיין מאַן איז אַ מאָדערנער מענטש, אַ קאָמוניסט...

צוויי יאָר נאָך דעם גרויסן יום־טוב אירן איז אָבער געקומען אַ קלאָג אויף איר קאָפּ. דער מאַן אירער, דער מאָדערנער מענטש וואָס האָסט די דורות־אַלטע פירעכצער, איז אַוועק פון איר — און זינט דעמאָלט וואָגלט זי אָפּ איר לעבן איינע אַליין. ווען נישט איר „אַנקל דזשאָ״, וואָס האָט זיך מרחם געווען אויף איר און זי אַריינגענומען אין זיין געשעפט, וואָלט זי, איבער איר גרויסן מויל און נישט־איידעלן כאַראַקטער, אפילו נישט געקאָנט אָנהאַלטן קיין שטעלע פאַר אַ קורצער צייט ביי אַ פרעמדן. און אָט דאָס דאָזיקע באַשעפעניש האָט דאָס געוואָגט אַרויפצוואַרפן זיך מיט איר מענה־לשון אויף איר, דבורהלען, דער אָפּשטאַמיקער פון אַ יחוסדיקער מישפחה, דער געוועזענער סטודענטקע מיט די העכסטע עקזאַמען־צייכנס, און דער פרוי פון דעם באַרימטן רב ר׳ אליהו וואָס מ׳רופט אים, לויטן זיין געאָגראַפישן געבורט־אָרט, „דער פּוילישער רב״.

אין האַלדז אירן האָט זיך געוויקלט אַ קנויל. אין די אויגן זענען געשטאַנען טרערן. איר קאָפּ איז געווען אַראָפּגעהאָנגען. און די הענט זענען געלעגן פאַרבראָכן אונטער איר בוזעם ווי אין אַ גרויס אומגליק. קיין שלעכטס האָט זי נישט געוואונטשן ריווען. זי האָט געפילט אַז דאָס דאָזיקע מענטש האָט שוין גענוג געליטן אין איר לעבן. אפילו איר מוטער האָט זי נישט געהאַט אויף לאַנג. און איצט איז זי דאָך אוודאי עלנד... דאָך, אין האַרץ האָט זי, די רביצין, סיווי געפילט אַ וואונד פון דער באַליידיקונג.

ווי לאַנג זי איז אַזוי געשטאַנען אין אבלים־צימער האָט זי נישט געהאַט קיין אַנונג. אָבער ווען זי האָט זיך גערירט האָט זי געפילט אַז צוריקגיין צו ריווען — דאָס טאָר זי מער נישט. זי דאַרף זיך גאָר פאַרנעמען אויף אַן אַנדערן וועג. זי דאַרף אויסגעפינען וואָס עס איז געשען מיט איר מאַן, נאָכדעם ווי ער האָט געקראָגן אַזאַ פּאַטש אין פּנים...

## .3

אין הספד־זאַל, וואו די רביצין איז צוריק אַריין, איז ביים שטענדער, אויף דער בימה, שוין געשטאַנען דער חזן און ער האָט מיט אַ וויינענדיק קול געמאַכט די מלא...

מיסעס גאָטליב, וואָס איז ביז איצט געזעסן ווי אויף שפּילקעס, איז אויפגעשטאַנען ווי נאָר זי האָט דערזען די רביצין צוריק אַרויסקומען פון אבלים־צימער. זי איז אַוועק פון איר זיצפּלאַץ, האָט זיך גלייך געלאָזט צו דער רביצין, וואָס האָט זיך געשאַרט, ווי

אַ בעטלעריז, ביי אַ ווייטער וואַנט, און איז געבליבן שטיין מיט איר אין אַ ווינקל הינטער דער לעצטער באַנק.

— איר זוכט דעם רב? — האָט זי שעפּטשענדיק געפרעגט. — ער זיצט עטלעכע רייען בענק פון דאַנען. כ׳האָב אים צופעליק באַמערקט. וואָס איז געשען? פאַרוואָס האָט ער נישט געמאַכט דעם הספד?

פון דער רביצינס אויגן האָבן זיך גענומען גיסן טרערן — און אירע ליפּן זענען געוועזן פאַרשלאָסן.

מיסעס גאָטליב האָט משער געווען אַז עפּעס פיינלעכס איז געשען — און מער נישט געוואָלט פרעגן. זי האָט געוואַרט אַז די רביצין אַליין זאָל מגלה סוד זיין.

די רביצין האָט אָבער נישט געעפנט אירע ליפּן. אַז דער חזן און דער פרעמדער רב זענען אַראָפּ פון דער בימה און האָבן מיט תפילות אָנגעהויבן פירן די לוויה אַרויס פון זאַל, איז זי, אין באַגלייטונג פון מיסעס גאָטליב, אַריבער צום מאַן און האָט אים געפרעגט:

— וואָס גייסטו טאָן, אליהו? וועסט באַגלייטן דעם ארון ביז אַרויף צום גוטן אָרט?

ר׳ אליהו האָט נישט געענטפערט און אפילו נישט געקוקט אויף איר.

— דאַרפסט זיך נישט היטן פאַר מיר, — האָט די רביצין ווידער גערעדט צו אים.

— כ׳ווייס שוין ווי דעם ניפטרס שוועסטערן־טאָכטער איז אַרויסגעטרעטן קעגן דיר...

כ׳ווייס שוין וואָס זי האָט דיר פאַרזאָגט אין נאָמען פון איר מומע, מיסעס רובין...

ר׳ אליהו האָט ווידער נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט. איצט איז ער אָבער געשטאַנען, פונקט ווי דער גאַנצער עולם, און האָט געקוקט אין דער זייט פון דער בימה, ביי וועלכער אַ געזעמל מענטשן האָבן גענומען טראָגן דעם ארון.

מיטן דורכגאַנג צו דער טיר האָט זיך איצט געצויגן די לוויה, וואָס אין איר שפּיץ זענען געגאַנגען דער פרעמדער, ווייסבאָרדיקער רב און דער חזן. געטראָגן דעם ארון האָבן די צוויי וויצע־פּרעזידענטן פון דער שול מקוה־ישראל, ר׳ יעקב מאָרגנשטערן און סיד ליפמאַן, און אויך עטלעכע גבירים פון דער מלבושים־אינדוסטריע אין ניו־יאָרק, מאַנופעקטשורערס וואָס האָבן געקויפט טעקסטיל־סחורות ביי מיסטער רובין.

די ערשטע הינטער דעם ארון זענען נאָכגעגאַנגען סאַל און צוויי פאַרשטייערס פון דער „יאַנג איזראַעל" אין דער איסט־סייד. זיי האָבן אים געפירט ביי די אָרעמס. סאַל האָט געהאַט אַ קרענקלעכן אויסזען און ער האָט געקוקט ווי מיט גלעזערנע אויגן. דער־בליקט דעם רב ר׳ אליהו, האָט ער גענומען פיבערן מיט זיינע ליפּן. ער איז געוואָרן שטאַרק בלייך און האָט זיך אַ וואַקל געטאָן. אין אַ ווייל אַרום האָט ער זיך אויסגע־גלייכט און ווידער גענומען קוקן ווי מיט גלעזערנע אויגן. דאָס מאָל איז ער אָבער נישט געגאַנגען שטיל ווי פריער, נאָר מיט אַ הויך געוויין, וואָס האָט אויסגעבראָכן ביי אים מיטאַמאָל.

דער עולם אָרום איז געוואָרן מער דערדריקט, און זייערע טריט, בעתן נאָכגיין הינטער דעם ארון, האָבן זיך גענומען פאַרקלענערן. פון פיל זייטן האָט זיך איצט געהערט אַ פאַרשטאַרקט כליפּען פון פרויען. און פון צווישן די מאַנסבילן האָט זיך צעטראָגן אַ געדיכט שעפּטשען, אָבער מיט געהיטענע, נישט־געהערטע ווערטער.

ווייט הינטער ריוען, וואָס צוויי פרויען, פאַרהייראַט צו צוויי פון רובינס געשעפט־אָנגעשטעלטע, האָבן זי געפירט, האָט אויך ר׳ אליהו גענומען נאָכגיין. הינטער אים האָבן נאָכגעפאָלגט די רביצין און מיסעס גאָטליב. דער עולם אַרום האָט נישט אַראָפּ־גענומען די אויגן פון די מחותנים. אָבער דער רב און די רביצין האָבן זיך נישט

אומגעקוקט. זיי האָבן זיך נאָר געררוקט צוזאַמען מיט דער מענטשן־ריי, וואו זיי האָבן זיך געפונען.

אין דרויסן איז ר׳ אליהו געבליבן שטיין אויפן טראָטואַר, קעגנאיבער אַ לאַנגער שורה אויטאָמאָבילן, וואָס זענען געווען אָנגעפּראַפּט מיט מענער און פרויען, גרייט צו באַגלייטן דעם ארון ביז אַרויף אויפ׳ן בית־עלמין. איינער פון די וויצע־פּרעזידענטן, ר׳ יעקב מאָרגנשטערן, האָט זיך פון ערגעץ צווישן דרויסנדיקן עולם אַ באַוויז געטאָן פאַר ר׳ אליהון און געפרעגט מיט צעטומלטקייט:

— ווייסט איר, רבי, מיט וועמען איר פאָרט צום בית־חיים?

דער רב האָט נישט געענטפערט. ער האָט געקוקט ווייט און אין ערגעץ נישט.

— האָט ווער באַשטעלט אַז עמעצער זאָל אייך נעמען מיט אַן אויטאָמאָביל צום בית־עולם? — האָט ר׳ יעקב מאָרגנשטערן ווידער געפרעגט. — האָט מען אייך מודיע געווען?

ר׳ אליהו — מיטן קאָפּ איינגעצויגן אין די ברייטע אַקסלען, ווי ס׳וואָלט אים קאַלט געווען — האָט איצט געקוקט מיט צוגעשמעלערטע, טריבע אויגן אויף דעם שוואַרצן לימוזין וואָס איז געשטאַנען אין שפּיץ פון דער לאַנגער ריי אויטאָמאָבילן און וואָס אין אים האָט זיך געפונען דער ארון מיטן בר־מינן.

אין זיין דימיון איז איצט דורכגעגאַנגען אַלץ וואָס האָט אים געהאַלטן נאָנט צו מיסטער רובין אין משך פון קנאַפּע דרייסיק יאָר. דאָס איז געווען זינט דעם טאָג ווען ער, דער רב, איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע, ביז דעם נעכטיקן וויזיט וואָס מיסטער רובין האָט אָפּגעשטאַט ביי אים אין ספרים־שטיבל. ס׳איז געווען דאָס אַרבעטן צוזאַמען מיט אים פאַר דער שול. ס׳איז אויך געווען דאָס האַלטן זיך נאָנט פוןביידע מישפּחות. און ס׳איז אויך געווען דאָס וויסן איינער דעם צווייטנס ליידן און פריידן. צומייסטנס קלאָר איז אין רבס דימיון אָבער געווען דער קבלת־פּנים וואָס מיסטער רובין האָט אים געגעבן ביי זיך אין הויז דעם זעלבן טאָג ווען ער, דער רב, איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע מיט זיין פרוי און דעם בן־יחיד שיעלע.

— רבי, — האָט מיסטער רובין דעמאָלט ביים קבלת־פּנים געזאָגט, — אַצינד אַז איר פאַרנעמט דעם כסא־הרבנות ביי אונז אין שול וועט די קאָנגרעגאַציע קריגן אַ נייעם רוח־חיים. דער פּירסום פון אייער נאָמען אין פּוילן האָט זיך שוין לאַנג־לאַנג געהאַט אַריבערגעטראָגן אויך צו אונדז אין אַמעריקע. דאָס איז געווען פאַר אונז ווי ליכט פאַר אַ סגי־נהור. מיר האָבן זיך שטאַרק געניייטיקט אין אַזאַ מנהיג רוחני ווי איר זענט. מיר האָבן אין אונדזער שול אַן עדה יידן וואָס לעכצן נאָך אַן אמתדיק וואָרט. נישט קיין חניפה און נישט קיין אויבנאַראָפּ־קוקן אויף זיי ווי אויף אַן ערב־רב... ניין. זיי זענען יידן וואָס קאָנען אַריינקוקן אין אַ ספר. זיי ווילן זיך מתעסק זיין מיט העכערע ענינים, אַנשטאָט פּטרן אָוונטן און שבתים אין אַרומגיין פּוסטעפּאָס ווי אַ סטאַדע שאָף אָן אַ פּאַסטעך. און זיי זענען אויך שטאַרק באַזאָרגט וועגן זייערע קינדער. די זין און טעכטער זייערע האָבן זייער וויניק ידיעות אין יידישקייט. און זיי קימערן זיך נישט דערפון. זיי ווערן בלויז פאַרכאַפּט פון די קאָלעדזשעס און די גאָלדענע געלעגנהייטן וואָס יענע לערן־אינסטיטוציעס גרייטן־צו פאַר דיפּלאָמירטע מענטשן. כ׳בין זיך מודה ומתודה, רבי, אַז איך אַליין דאַרף אויך האָבן אַ גרויסע גייסטיקע רפואה וואָס זאָל מיך דערמוטיקן צו אַ מער רעליגיעז לעבן. אין אַמעריקע דאַרף מען האָבן איבער זיך אַן אויסערגעוויינלעכן כוח וואָס זאָל אָפּהאַלטן פון אַראָפּזינקען איינגאַנצן אין דעם זומפּ פון וואָכעדיקייט און פון תאווה צו שוואוילטאָג, צו גרויסע פאַרדינסטן און צו אַלץ

גרעסער עשירות. און איר, רבי, מיטן רבונו־של־עולמס חסד, זענט, גלייב איך, אַט דער גייסטיקער כוח. און נישט נאָר פאַר מיר, אויך פאַר אַלע אונדזערע שול־יידן. איר קאָנט אַריינגעבן אַ נייע נשמת־חיים. וואָס אליהו הנביא האָט געטאָן פאַרן טויטן קינד, דאָס קאָנט איר, רבי, טאָן פאַר אונדזער גייסטיק פאַרשמאַכטער קאָנגרעגאַציע...

דער עולם וואָס איז דעמאָלט געווען פאַרזאַמלט אין הויז, געזעסן אַרום די ווענט, אויך אַרום טישן — אַלע האָבן זיך אָנגעגאָסן גלעזלעך וויין, אויך אַנדערע געטראַנקען, אויפגעהויבן זיי צו אים, אליהו, און געוואונטשן אים הצלחה און אריכת־ימים. מער ווי אַלע אַנדערע האָט אָבער אין ווינטשן איבערגעשטיגן מיסטער רובין, כאָטש ער איז נאָך דעמאָלט נישט געווען דער שול־פּרעזידענט.

יאָ, — האָט ר׳ אליהו געטראַכט, — מיסטער רובין האָט דעמאָלט, ס׳הייסט מיט קנאַפּע דרייסיק יאָר צוריק, געשמאַכט נאָך אַ גייסטיקער רפואה וואָס זאָל פאַרשטאַרקן זיין פרומקייט. און די שוועסטערן־טאָכטער זיינע, ריוועַ, האָט פריער באַשולדיקט אים, דעם רב, אַז ער האָט געבראַכט דעם טויט אויף איר אָנקל דזשאָ. איז וואָס האָט ער, אליהו, טאַקע געגעבן אים, מיסטער רובין?... איז עס געווען די גייסטיקע רפואה, אָדער דעם טויט?

געכאַפּט זיך אַז עמעצער רעדט צו אים, האָט ער גענומען פינטלען מיט די אויגן, ווי פון קוקן גלייך אין דער זון אַריין, נאָכדעם געזען דעם שול־גבאי ר׳ יעקב מאָרגנשטערן.

— אַ? — האָט ער געפרעגט אין צעטומלעניש. — איר האָט עפּעס געזאָגט?

— יאָ, רבי, — האָט ר׳ יעקב מאָרגנשטערן גענומען שטאַמלען איבער דעם נישט־געוויינלעכן בליק אין דעם רבס אויגן. — יאָ... כ׳האָב געפרעגט צי עמעצער האָט אייך געלאָזט וויסן מיט ווען צו פאָרן צום בית־עולם.

דער רב האָט נישט געענטפערט. ער האָט געקוקט אויף דעם גבאי ווי ער וואָלט אים נישט געזען, נאָכדעם זיך ווידער אויסגעדרייט מיטן פּנים אַהין צום שוואַרצן לימוזין.

— קיינער האָט מיר נישט געזאָגט... — האָט ער זיך, אין אַ ווײַלע אַרום, צוריק אויסגעדרייט צו ר׳ יעקב מאָרגנשטערן און גערעדט אַזוי, אַז מ׳האָט אים קוים געהערט.
— ס׳איז דען גערעדט געוואָרן אַז מ׳זאָל מיר יאָ צו וויסן טאָן?

— פאַרוואָס דער ספק, רבי? — האָט ר׳ יעקב מאָרגנשטערן געפרעגט מיט חידוש.
— ס׳איז מיר נאָר שווער תופס צו זיין פאַרוואָס אַ פרעמדער רב האָט מספּיד געווען און נישט איר. נו, וואָס איז שייך אַצינד צו רעדן דערפון?... אויב קיינער האָט אייך נישט מודיע געווען, איז עס געוויס געווען אַ פאַרזען. מאַלע וואָס אין אַזאַ צייט קאָן געשען. אַלץ איז מעגלעך. סײַווי, אַז קיינער האָט אייך נישט געלאָזט וויסן, איז ווען ס׳יר פאָרן אין מיין אויטאָמאָביל.

— אַ דאַנק... — האָט דער רב גערעדט אין דער באָרד אַריין מיט אַ קוים געהערטן קול. — כ׳פיל זיך נישט מיט אַלעמען... — כ׳מוז גיין אַהיים... זייט אַזוי גוט און בעט אים מחילה פאַר מיר. כ׳מיין מיין מחותן... בעט אים טעלעפאָן מאָל...

דער הויכער, דאַרער ר׳ יעקב מאָרגנשטערן האָט נישט געקאָנט באַנעמען דעם רבס אויפפירן זיך און זיינע רייד. ער איז געווען פאַרחידושט און האָט געוואָלט פרעגן. אָבער דער רב האָט זיך שוין געהאַט אָפּגעקערט פון אים און זיך פאַרנומען אויפן וועג אהיים.

די רביצין און די מיסעס גאָטליב האָבן אין באַטריבטקייט אים נאָכגעפאָלגט.

.4

צוגעקומען צום טענעמענט־הויז, וואו ער וואוינט, האָט זיך אָבער דער רב אַ שטאַרקן וואַקל געטאָן און ער איז אַראָפּגעפאַלן צום טראָטואַר.

די רביצין האָט אַרויסגעלאָזט אַן אומגעהאַריש געשריי. נאָך איר — די מיסעס גאָטליב. אויףביידנס געוואַלדן זענען אָנגעלאָפן מענטשן פון שכנותדיקע הייזער און געשעפטן. אויך זענען צוגעקומען פאַרבייגייערס וואָס האָבן זיך געהאַט געאײַלט אין פאַרקערטע ריכטונגען. אויך זענען גיך אַהערגעלאָפן פּאָליציילייט וואָס האָבן זיך געפונען אויף די ראָגן פון דער גאַס. יעדער האָט זיך צוגערוקט, אָדער צוגעדרענגט צום אויסגעשטרעקט־ליגנדיקן רב, אַרײַנגעקוקט אין זיין צוקלאָז־בלייכן פּנים, באַטראַכט זיינע צוגעשלאָסענע אויגן, די צונויפגעדריקטע ליפּן. יעדער האָט געגעבן עצות, געראָטן צו טאָן איין זאַך, אָדער צו טאָן עפּעס אַנדערש. ס׳איז געווען אַזאַ צעמישעניש, אַזאַ מהומה, אַז קיינער האָט נישט געקאָנט, אָדער נישט געוואָלט הערן וואָס דער צווייטער זאָגט.

צום סוף איז געטאָן געוואָרן וואָס די פּאָליציילייט האָבן צווישן זיך באַטראַכט. צוזאַמען מיט עטלעכע ציווילע מענטשן האָבן די אוניפאָרמירטע אָרדענונג־היטערס אַרײַנגעטראָגן דעם רב אין זיין דירה און אָנגעזאָגט די אַנדערע פון דעם אָנגעלאָפענעם עולם — נישט דערוועגן זיך נאָכצופאָלגן.

# קאַפּיטל צוויי־און־צוואַנציק

## אין שפּיטאָל

.1

איינגעהאַלטן, כאָטש מיט אַ שלוכץ אין קול, איז מיסעס גאָטליב געזעסן ביי די האַרוויצעס אין גאַסטצימער און האָט גערעדט אויפן טעלעפאָן צו דער פאַרבינדונג־טעלעפאָניסטקע פון יידישן קאָנגרעס:

— זייט אַזוי גוט און לאָזט מיך רעדן צו מיס הילדע האַרוויץ. ס׳איז זייער נייטיק.

אין עטלעכע ווײַלעס אַרום האָט זיך אין מיסעס גאָטליבס טעלעפאָן־טרייבל געהערט הילדעס קלינגענדיקע שטים:

— האַלאָ... ווער רעדט?

— איך... מיסעס גאָטליב...

— מיסעס גאָטליב? וואָס איז דער מער? — האָט הילדע געפרעגט מיט איבער־ראַשטקייט און שטאַמל. — ס׳איז דאָך נישט אייער געוואוינהייט אָפּצורופן מיך אויפן טעלעפאָן, כאָטש ס׳וואָלט מיר געווען זייער אָנגענעם.

מיסעס גאָטליב האָט דערפילט אַן ענגקייט אין האַלדז און נישט געקאָנט ענטפערן. זי האָט זיך אָבער געשטאַרקט און ווידער צוגעטאָן די ליפּן צום מווילשטיק פון טרייבל.

— כ׳האָב נישט קיין האַרץ אָנצוזאָגן אַזאַ בשורה... — האָט זי גערעדט מיט אַ כליפּ אין קול. — אָבער עמעצער מוז עס טאָן. נו, בין איך, ווייזט אויס, אויסגעקליבן געוואָרן אין הימל צו זיין די שליחטע.

— וועגן וואָס? — איז הילדע געוואָרן נייגעריק, אויך שטרענג, אָבער גלייכ־צייטיק מיט איינזעעניש צו מיסעס גאָטליב. — וואָס אַזעלכער באַגערט איר צו לאָזן מיר וויסן?

— דיין טאַטעשי איז אין שפּיטאָל.

— אין שפּיטאָל?! — האָט הילדע אַ געשריי געטאָן מיט אומגלויבן. פאַר אַ ווײַלע האָט זיך גאָרנישט געהערט פון איר. ס׳איז געווען טויט־שטיל. דערנאָך האָט זיך ווידער געהערט איר שטים. דאָס מאָל אָבער מיט געוויין. — מיין טאַטעשי?...

— מ׳האָט גאָרנישט געקאָנט טאָן פאַר אים אין דער היים, — איז מיסעס גאָטליב אויפסניי אָנגעגאַנגען מיטן איבערגעבן די בשורה. — פּאָליציילייט האָבן זיך אָנגעשטרענגט אַז ער זאָל ווידער קאָנען אָטעמען אָן שוועריקייטן... אויך אַ דאָקטער פון דער שכנישאַפט... מ׳האָט אָבער צו־לאַנג נישט געקאָנט וואַרטן... און אַן אַמבולאַנס האָט אים גיך אָפּגעפירט אין שפּיטאָל אַריין.

— אין וועלכן שפּיטאָל? — האָט הילדע געפרעגט און הויך געיאָמערט.

— אין בית־ישראל, — האָט מיסעס גאָטליב אַריינגעקרעכצט אין טרייבל מיט אַ צעבראָכן, שטיל קול. — כ׳וואַרט נישט קיין איין רגע און פאַרנעם זיך אויך גלייך אַהין אַצינד.

— וואָס? — האָט הילדע געפרעגט. — איר רעדט נישט פון שפּיטאָל?

— נייך, טייערע... — האָט מיסעס גאָטליב געענטפערט. — פון דיינע עלטערנס הויז רעד איך. קיינער איז דאָ נישטאָ. ווי נאָר מ׳האָט אַרויסגענומען דיין טאַטעשין פון דאַנען האָט די מאַמע דיינע מיך געבעטן צו לאָזן דיר וויסן וועגן דעם, און זי איז מיט־געפאָרן מיט אים אין אַמבולאַנס...

מער האָט הילדע נישט געפרעגט. זי האָט כליפּענדיק בלויז געדאַנקט מיסעס גאָטליב פאַר צו וויסן טאָן און געזאָגט אַז זי איילט גלייך אַוועק צום שפּיטאָל.

## 2.

אַריינגעקומען אין דער שפּיטאָל־לאָבי, וואו אין איניקע וועגט געפינען זיך פענס־טערלעך און טירן צו אַ היפשער צאָל אָפיסעס, האָט מיסעס גאָטליב געטראָפן דאָ אַ געזעמל פרויען פון „איר" הויז.

פאַרנומען האָבן זיי זיך אַהערצו ווי נאָר דער אַמבולאַנס מיטן רב איז אַוועק פון דער טענעמענט־געביידע. אָנגעקומען דאָ, האָבן זיי געהאַלטן אין איין פרעגן אין אינפאָרמאַציע־אָפיס וועגן דעם רבס צושטאַנד. און כאָטש זיי האָבן גאָרנישט געקראָגן, ס׳איז נאָך געווען צו־פרי, דאָך האָבן זיי נישט געוואָלט אָפּטרעטן. זיי האָבן זיך געזעצט אויף די לעדערנע שטולן, וואָס ביי ווענט, און גענומען וואַרטן ביז זיי וועלן זיך עפּעס דערוויסן.

— וואו איז די רביצין? — איז די מיסעס גאָטליב געבליבן שטיין פאַר די שכנטעס און האָט געפרעגט.

עטלעכע פרויען האָבן געענטפערט מיט אַ מאָל:

— וואו זאָל זי זיין?

— מיטן רב.

— זי האָט געוואָלט זען וואָס די דאָקטוירים טוען פאַר אים.

— זיי האַלטן אים אין אַ צימער פאַר אָטעמען...

— ס׳האַרץ זיינס איז שטאַרק באַשעדיקט.
— דאָס איז אַלץ וואָס מ׳האָט אַרויסגעקראָגן פון אָפיס...
— זיי זענען דאָרטן קאַרג אויף אַ וואָרט ווי ז׳וואָלטן געהאַט צאָן־ווייטאָג.

לכתחילה האָט מיסעס גאָטליב, ביים אָנקומען פון גאַס, אין זינען געהאַט צו פאַרנעמען זיך גלייך צום פענסטערל פון אינפאָרמאַציע־אָפיס און פרעגן עטלעכע קשיות. געהערט אָבער פון די שכנטעס ווי שווער ס׳איז צו קריגן אַן ענטפער, האָט זי נישט געוואָלט זיך מאַכן צו לייטנס געלעכטער און אָנגעהויבן וואַרטן אויף הילדעס אָנקום.

— אַ ליאַדע מינוט דאַרף דאָ אָנקומען דעם רבס טאָכטער, — האָט זי, שטייענדיק, אַ רעד געטאָן צו זיך, אָבער ס׳איז געווען געגנוג הויך אַז די שכנטעס זאָלן דערהערן.

— ווער? — האָט אַ שכנטע אַ פרעג געטאָן כדי צו מאַכן זיכער צי זי האָט געהערט ריכטיק. — הילדע?

— יאָ, — האָט די מיסעס גאָטליב זייטיק אַ ברום געטאָן און געקוקט צו דער אַריינגאַנג־טיר צי זי עפנט זיך און צי ס׳קומט אַריין הילדע.

איצט, פונקט ווי פריער, האָבן די שכנטעס ווידער גענומען רעדן אַלע מיט אַ מאָל:

— זי איז שוין געקומען!
— לאַנג צוריק.
— זי׳ז געלאָפן ווי זי וואָלט נישט געווען ביים קלאָרן שכל.
— צוערשט איז זי אַוועק צום אינפאָרמאַציע־אָפיס, דערנאָך צום עלעווייטאָר.
— זי האָט אויסגעזען שוואַרץ ווי קויל.
— די טרערן זענען ביי איר געריננען ווי טייכן.

מיסעס גאָטליב האָט געקוקט אויף די שכנטעס מיט פאַרגרעסערטע אויגן. נאָך גיכער ווי דערוואַרט? זי האָט גאָרנישט באַלעמוטשעט? געלאָזט אַלץ ליגן אין אָפיס און גלייך דאָ אַהערגעאײלט?

אַז די שכנטעס האָבן מער גאָרנישט געהערט פון דער מיסעס גאָטליב, האָבן זיי אָפּגעקערט די אויגן פון איר און גענומען רעדן צווישן זיך וועגן הילדען, עלעהיי ביז איצט האָבן זיי נישט געהאַט גוט אַרומגעטראַכט אַלץ אין שייכות מיט איר:

— פון וואַנען איז זי געקומען?
— וואו איז זי געווען?
— ווען האָט מען זי געזען ס׳לעצטע מאָל?
— שבת־צונאַכט.
— יאָ, שבת־צונאַכט. גלייך נאָך דער הבדלה.
— ווען זי איז אַוועק אין גאַס מיט אַ וואַליז.
— ווייזט אויס אַז זי׳ז טאַקע געווען ווייט פון שטאָט.
— ריכטיק.
— זי האָט דערפאַר נישט געקאָנט קומען אין צייט צום מחותנס לוויה.
— אין הספד־זאַל האָב׳ך זיך די אויגן אויסגעקוקט...
— אויך איך. געזוכט און געזוכט, אָבער אין ערגעץ זי נישט געזען.
— יאָ, זי האָט געמוזט זיין טויזנטער מייל ווייט.

אַז ס׳איז שוין דערמאָנט געוואָרן הילדעס אָפּוועזנהייט אין הספד־זאַל האָבן אייניקע פרויען אויפגעהויבן די אויגן צו מיסעס גאָטליב און געקוקט אויף איר מיט נייגער:

— אָבער פאַרוואָס האָט אַ געדונגענער רב גערעדט?
— יאָ, פאַרוואָס האָט דער רב האָרוויץ נישט מספיד געווען?

— טאַקע, טאַקע... וואָס ז'געווען די מעשה?
— איר, מיסעס גאָטליב, דאַרפט דאָך וויסן!.

.3

קענטיק אַז די ידיעה וועגן דעם רבס אָוועקפאָלן אין גאַס פון אַ האַרצשלאַק האָט זיך פאַרשפּרייט בליצשנעל צווישן פריינד און באַקאַנטע. וואָרעם אַ שטיק צייט פאַר די וויזיט־שעהן האָבן זיך אין דער שפּיטאָל־לאָבי שוין גענומען ציען רייען מענער און פרויען צו טאָן אַ קוק אויף ר׳ אליהון, אָדער צו הערען אַ וואָרט פון דער רביצין, צי פון הילדען, וועגן זיין געזונט־צושטאַנד.

צווישן די באַזוכערס זענען אויך געווען די וויצע־פּרעזידענטן פון דער שול מקוה־ישראל, יעקב מאָרגנשטערן און סיד ליפמאַן. אויך זענען געווען די זקנים וואָס קומען צום דאַווענען אין שול יעדן אינדערפרי און אָוונט. אויך רבנים פון שולן אין דער איסט־סייד. אויך רביים פון שטיבלעך. אויך אָנפירערס פון געלט־זאַמלונגען פאַר יתומים־אַנשטאַלטן אין ארץ־ישראל. אויך מנהלים פון קליינע ישיבות. און אויך ר׳ מרדכי כהן, דער הויפּט פון דער גרויסער ישיבה, וואו דער רב ר׳ אליהו האָט היינט אינדערפרי געדאַוונט.

ער, ר׳ מרדכי כהן, מיט זיינע פאַרטרויערטע, שוואַרצע אויגן, האָט דערקענט אין מיסעס גאָטליב אַ באַקאַנט פּנים. זי האָט זיך זייער שטאַרק געפּאַרעט ביים רב האָרוויץ אין הויז, מיט אַ יאָר צוריק, ווען ס׳זענען געפּראַוועט געוואָרן די תנאים פאַרן רבס טאָכטער און דעם שול־פּרעזידענטס זון. ער, דער ראש־ישיבה, האָט זיך געהאַט באַטייליקט אין יענער שימחה. איצט האָט ער זיך אַנטשולדיגט פאַר זיינע ישיבה־אַרויס־העלפערס, וואָס זענען מיטגעקומען מיט אים, און דערגענט צו דער מיסעס גאָטליב.

— זייט מוחל, — איז ער געבליבן שטיין לעבן איר און האָט געפרעגט מיט נישט־דרייסטקייט אין קול, — זענט איר די פרוי וואָס האָט פאַרגאַנגענעם יאָר געהאָלפן גרייטן די טישן ביי די תנאים פאַר דעם רבס בת־יחידה און מיסטער רובינס זון? אָדער מאַך איך אפשר אַ טעות?...

מיסעס גאָטליב, אַן איינגעדרעמלטע פון וואַרטן ביז די וויזיט־שעה׳ן, האָט אַן עפן געטאָן די אויגן, איז געוואָרן בלייך אין פּנים און האָט גענומען דרייען מיטן קאָפּ אין דער ברייט:

— צי איר מאַכט אַ טעות? ניין, רבי... איר מאַכט נישט קיין טעות.

— ס׳הייסט, — האָט ר׳ מרדכי כהן ווידער געפרעגט מיט נישט־דרייסטקייט אין קול, — אַז איר זענט זייער נאָנט צום רבס הויז...

— יאָ, רבי... — האָט זי, שוין אַ אויסגעטשוכעטע, געענטפערט און איז אויפ־געשטאַנען אויס דרך־ארץ.

— אויב אַזוי, — האָט דער ראש־ישיבה זיך אָנגענומען ביי דער באָרד און געקוקט אויף דער אישה, — ווייסט איר דאָך געוויס וואָס ס׳הערט זיך מיטן רב.

— יאָ, רבי... — האָט מיסעס גאָטליב געשאָקלט מיטן קאָפּ. — די טאָכטער איז דאָ פריער דורכגעגאַנגען די לאָבי... האָב׳ך זי אָפּגעשטעלט און געפרעגט...

— איז וואָס האָט זי געזאָגט?

— זי האָט געזאָגט אַז מ׳האָט שוין דעם פאָטער אַרויסגענומען פון דעם באַזונדערן צימער, וואו מ׳האָט אים געגעבן קינסטלעכע לופט צום אָטעמען, און אים אַריבערגעפירט אין דעם גרויסן זאַל פאַר אַלגעמיין קראַנקע.

— הייסט עס, אַז ר׳איז שוין אַרויס פון דער סכנה? — האָט דער ראש־ישיבה געפרעגט מיט פאַרלייכטערונג אין קול.

— ניין, רבי, — האָט מיסעס גאָטליב געקרעכצט. — ר׳איז נאָך אין גרויס געפאַר. ס׳איז געווען די ערגסטע האַרץ־אַטאַקע זיינע.

ר׳ מרדכי כהן האָט באַדאַנקט דער מיסעס גאָטליב און זיך פאַרנומען צוריק צו זיינע געהילפן.

די רבנים און רביים, אויך די וויצע־פּרעזידענטן פון דער שול מקוה־ישראל, אויך די אַנדערע באַזוכערס — אַלע האָבן געהאַט געקוקט מיט נייגער אויף דעם ראש־ישיבה, ווען ער איז געווען אַריינגעטאָן אין שמועס מיט דער מיסעס גאָטליב וואָס די מערסטע פון זיי האָבן אפילו נישט געוואוסט ווער זי איז. זיי האָבן אָבער תופס געווען אַז דער שמועס, וואָס דער ראש־ישיבה האָט מיט איר, איז, אָן ספק, וועגן דעם קראַנקן רב. דערפאַר, ווי נאָר זיי האָבן געזען אים דערנענטערן צו זיינע ישיבה־געהילפן זענען זיי באַלד אַוועק פון די פּלעצער, וואו זיי האָבן זיך געפונען, און האָבן אים אַרומגערינגלט מיט אַזעלכע לעכצנדיקע אויגן ווי ביי פאַרחלשטע פון הונגער און דאָרשט:

— דערוואוסט זיך עפּעס וועגן דעם רבס מעמד?

— איז די דאָזיקע פרוי אַ קרובה צום רב?

— ווי האַלט עס?

— ווי פילט ער זיך?

— וואָס זאָגן די דאָקטוירים?

— ווער איז מיט אים אַצינד?

— רעדט ער עפּעס?

— דערקענט ער אַ מענטש?

צעטראָגן פון די לעצטע ווערטער, וואָס ער האָט געהאַט געהערט פון דער מיסעס גאָטליב, האָט דער בטבע געלאַסענער ר׳ מרדכי כהן נישט געענטפערט קיינעם אויף די אימפּעטיק־געפרעגטע קשיות. ער איז נאָך געשטאַנען אַזוי ווי ער וואָלט געווען ערגעץ אין אַ וויסטע איינער אַליין און וואָלט זיך געפילט היפּש פאַרדולט אין מוח. אויס דרך־ארץ צו מענטשן, און דער עיקר צו בני־תורה, האָט ער אָבער אין אַ ווײַלע אַרום אויפגעהויבן זיינע פאַרטרויערטע אויגן צו די רבנים, רביים, אויך צו די אַנדערע לייט, און געמורמלט קרעכצנדיק:

— דער רבונו של עולם זאָל זיך מרחם זיין אויף אים . . .

## 4.

גרופּעסוויז און שטיל זענען די באַזוכערס אַריין אין עלעוויי טער און אַרויפגעפאָרן צו איינעם פון די הויכע שטאָקן, וואו ס׳געפינט זיך דער רב ר׳ אליהו.

צווישען די סאַמע ערשטע זענען געווען די מיסעס גאָטליב און ר׳ מרדכי כהן.

אין די פענסטער פון די דיקע ווענט האָט פול מיט סודות געשוויגן די פינצטערע נאַכט. אין לאַנגן קאָרידאָר, וואו ס׳האָבן געלייכט גרויסע, עלעקטרישע לאָמפּן, האָט אָבער געפיבערט מיט באַרעמהאַרציקער אַרבעט. הין און צוריק האָבן זיך געאיילט יונגע און מיטליעריקע קראַנקן־שוועסטערס. זיי האָבן געטראָגן מעדיצין־פלעשלעך, גלעזלעך מיט טערמאָמעטערס, ווייס־עמאַלענע בעקנס פאַר מענטשלעכע באַדערפענישן, און פריש בעטוועש, אָדער חולאים־העמדער. אויך האָבן זיך פאַרבייגעטראָגן יונגע און

עלטערע דאָקטוירים, אָנגעטאָן אין ווייסע רעקלעך, אָדער כאַלאַטן, מיט סטעטאָסקאָפּן אויף זייערע ברוסטקאַסטנס. דורך אַ זייטיקער טיר, וואָס איז געשטאַנען אָפן און האָט געפירט צו דער קיך, האָבן פרויען אַרויסגעפירט וועגעלעך מיט גרויסע, ניקלנע קאַסטנס, וואו ס׳האָבן זיך געפונען טעפּ מיט הייס געקעכץ און אויך געשיר, ווי טעלערס, גאָפּלען, מעסערס און לעפלען.

ס׳איז געווען די צייט פון אָוונטמאָל און וויזיט־שעהן.

איינע אַליין, אָפּגעריסן פון דער גרופּע באַזוכערס, וואָס צוזאַמען מיט ר׳ מרדכי כהן זענען זיי געבליבן שטיין נישט ווייט פון עלעוויטער, איז אין דער ריכטונג פון דעם גרויסן קראַנקן־זאַל געגאַנגען די מיסעס גאָטליב. אייגנטלעך איז זי נישט געגאַנגען — ס׳האָט זי געטראָגן. זי איז געווען אַזוי אויסגעהונגערט צו זען די רביצין, צו הערן פון איר וועגן די געזונט־סימנים אין רבס צושטאַנד, זינט מ׳האָט אים אַרויסגענומען פון דעם צימער פאַר גיכער הילף, אַז אַלץ אין איר איז געוואָרן באַגוועלטיקט פון אַ ברענענדיקן אומגעדולד און עס האָט זיך געיאָגט מיט אַן אייגענעם כוח, נישט זייענדיק אָפּהענגיק פון דעם קערפּערס פיס, אָדער פון באָדן.

אַריינגעקומען אין גרויסן קראַנקן־זאַל, האָט זי דערזען אין ווייטנס די רביצין זיצן ביים בעט, וואו ס׳איז געלעגן דער רב. די רביצין איז געווען איינגעבויגן, האָט געהאַלטן די הענט פאַרבראָכן אין שויס, און דער קאָפּ איז אַראָפּגעהאָנגען ווי אַן עפּל פון אַ צווייג.

געבליבן שטיין לעבן איר, האָט מיסעס גאָטליב אַרומגענומען די רביצין מיטביידע הענט אַרום די אַקסלען, פאַרגאָסן אַ היפּש ביסל טרערן, און נאָכדעם זיך אויסגעגלייכט.

— ווי פילט זיך אַצינד דער רב? — האָט זי מיט אַ פליסטער געפרעגט די רביצין.

די רביצין האָט זיך אויסגעגלייכט און געהויבן מיט די אַקסלען:

— שווער צו וויסן. דאָקטוירים האָבן אָנגעזאָגט נישט צו רירן אים. ער ליגט ווי אין הינערפּלעט.

מיסעס גאָטליב האָט זיך איינגעקוקט אין רב.

דער רב איז געלעגן אונטער אַ וואָלענער קאָלדרע וואָס איז געווען באַצויגן מיט אַ ווייסן איבערצוג. אַרויסגעזען האָט מען בלויז זיין פּנים. דער קאָפּ, מיט אַ שוואַרצער יאַרמעלקע איז געלעגן אויף אַ קישן, און די גרויע באָרד איז געווען צעפּעכערט אויפן איבערדעק. זיינע אויגן זענען געווען פאַרשלאָסן, און די דינע ליפּן, צונויפגעפרעסט, האָבן זיך פון צייט צו צייט אַ קנייטש געטאָן, עלעהיי אַ פליג וואָלט זיך אָפּגעשטעלט אויף זיי און אַ ביס געטאָן.

לויט דעם געלן קאָליר פון זיינע איינגעפאַלענע באַקן און וועדליק דער רואיקייט פון זיינע נאָזפליגלען איז נישט געווען קיין סימן אַז אין בעט ליגט אַ לעבעדיקער מענטש. אָבער דער צוק פון זיינע ליפּן, כאָטש דיער זעלטן, האָט באַרעכטיקט דער רביצינס איינדרוק אַז דער מאַן אירער ליגט ווי אין הינערפּלעט.

מיסעס גאָטליב האָט זיך צוריק אויסגעדרייט צו דער רביצין.

— כ׳וויל אייך זאָגן — האָט זי געשעפּטשעט — אַז דער וואַרט־זאַל אין שפּיטאָל איז פול מיט מענטשן וואָס זענען געקומען מבקר־חולה זיין דעם רב. און ביי דער טיר, נישט ווייט פון דאַנען, שטייען אַ צאָל באַזוכערס וואָס וואַרטן אַהערצוקומען צום בעט. איר וועט זיי דערלויבן? כ׳האָב זיי צוגעזאָגט אָנצופרעגן ביי אייך און זיי לאָזן וויסן.

די רביצין האָט אַ ווײַלע געשוויגן און געקוקט אויף איר מאַנס פּנים.

— זאָלן זײ קומען... — האָט זי נאָכדעם געזאָגט און איז אױפֿגעשטאַנען פֿון דער שטול. — פֿאַרװאָס זאָלן זײ נישט אַהערקומען? זאָלן זײ אַהערקומען און אים װינטשן אַ רפֿואה שלימה.

די מיסעס גאָטליב איז גלײַך אַװעק מיט דער באַװיליקונג.

## 5.

אױפֿן סמך פֿון דערפֿאַרונג און ידיעות װעגן אַזעלכע קראַנקע װי ס'איז דער רב האָרװיץ האָבן די באַזוכערס געװאוסט אַז זײ דאַרפֿן נישט צוקומען צו־נאָענט צום בעט. די לופֿט װערט געדיכט — און דאָס שטערט דעם חולה צום אָטעמען. אױך איז נײטיק אַז דער נאָענטער שטח אַרום זאָל זײַן אָן גערױש, אָן באַװעגונג, אפֿילו אָן אַ שאָרך. דער מינדסטער סקרוך קאָן אים איבערװעקן, װאָרעם דער שלאָף, אָדער דרעמל, נאָך אַ האַרצשלאַק איז זײער אַ דעליקאַטער. די מענטשן, װאָס האָבן געהאַט געװאָרט בײַ דער עלעװײטער־טיר, האָבן זיך דערפֿאַר דערנענט שטיל און פּאַמעלעך און זענען געבליבן שטײן עטלעכע שפּאַן פֿון קראַנקן־בעט. זײ האָבן צװישן זיך אפֿילו נישט אַרױסגעלאָזט די פּאַרע פֿון מויל. זײ האָבן בלױז געקוקט פֿון װײטנס אױפֿן רבס אַראָפּגעלאָזטע אױגן־לעדלעך, אױף זײַן געלן פּנים מיט דער צעפּעכערטער גרױער באָרד, און געשטיקט אין זיך אַ טרױער װאָס האָט זיך פֿאַרקנױלט אין דער קעל.

אײנער פֿון דעם געזעמל איז אָבער לאַנג נישט געשטאַנען אױפֿן װײטן שטח. געװען איז ער — ר' מרדכי כהן. מיט דריבנע טריטעלעך, שטיל, עלעהײ ער װאָלט געטראָגן װײכע לאַטשן, מיט די הענט פֿאַרלײגט אױף הינטן, האָט ער מיט אַן אומעטיק פּנים דערנענט צו דער רביצין און גערעדט צו איר פּליסטערנדיק.

— כ'װיל אײַך זאָגן, רביצין, — האָט ער גערעדט צעצױגן און מיט אַ פֿײַכט קול, — אַז װען דער רב װעט אם ירצה השם געזונט װערן װעט ער האָבן אַ בכבודיקע שטעלע אין מײַן ישיבה. ער װעט לערנען יורה־דעה מיט די עלטערע תּלמידים װאָס גרײטן זיך אױף סמיכה. דאָס האָב איך דורכגעפֿירט הײַנט בײַ אַן אסיפֿה פֿון דעם װעד־הישיבה. דעם דאָזיקן געדאַנק אױף דורכצופֿירן דאָס האָב איך נישט געװאָלט מגלה זײַן צום רב הײַנט אײַנדערפֿרי, װען כ'האָב אים באַגלײט אַהײם אַ שטיקל װעג פֿון דער ישיבה, װאו ער האָט געדאַװנט, מחמת כּמה וכמה טעמים... כ'האָב פֿרײער געװאָלט זיך דורכ־רעדן מיט די געהילפֿן מײַנע, און ערשט שפּעטער, בײַ מנחה־מעריב, װען כ'האָב דער־װאַרט װידער צו זען דעם רב בײַ אונדז אין דער ישיבה, האָב איך אים געװאָלט דערפֿון זאָגן. כ'זאָג אײַך בהן שלי, אַז זינט כ'האָב געהערט פֿון אים, ס'הײסט הײַנט אײַנדערפֿרי, אַז ער איז געבליבן אָן חיונה, ער איז מער נישט דער רב פֿון מקוה־ישׂראל, האָב'ך מער נישט געקאָנט רוען. כ'האָב געהאַט אי צער איבער זײַן מעמד, און אי געפֿילט אַ חוב עפּעס צו טאָן פֿאַר דעם גרױסן בן־דור אונדזערן... לײדער איז מיר נישט באַשערט געװען צו דערפֿרײען דעם רב מיט דער גוטער בשׂורה. און אַנשטאָט דעם האָב'ך בײַ מנחה גאָר געהערט װעגן דעם אומגליק...

כאָטש די רביצין האָט גאַנץ װאױל געװאוסט אַז זי טאָר עס נישט טאָן, דאָך האָט זי אַ הילך אַרױס געגעבן מיט אַ געיאָמער, װען דער ראש־ישיבה האָט פֿאַרענדיקט זײַנע האַרציקע און באַדױערנדיקע װערטער. די מיסעס גאָטליב, װאָס איז געשטאַנען אין דער נאָענט, איז געװען אַזױ באַשראָקן דערפֿון, אַז זי האָט גיך אָנגענומען די רביצין בײַ אַן אָרעם, אַװעקגעפֿירט זי אַ צענדליק שפּאַן פֿון בעט און פּרובירט זי אײַנשטילן.

— ער וועט געזונט ווערן, רביצין... — האָט זי געגעבן דער רביצין בטחון. — איר׳ט זען, דער רבונו של עולם וועט העלפן. איר׳ט נאָך האָבן אַ סך פרייד. איר זעט דאָך... אַלץ ווייזט אָן אויף גוט... דער רב איז אַרויס פון דער סכנה... און אַצינד האָט דער ראש־ישיבה אָנגעזאָגט אַזאַ בשורה וועגן דער שטעלע פאַרן רב. איר׳ט נאָך דערציילן אין נחת וועגן אַלץ... באַרואיקט זיך, רביצין. הערט אויף וויינען — — —

ס׳האָט גענומען לאַנג ביז די רביצין האָט אויפגעהערט קלאָגן. דערווייל זענען פון דער לאָבי אַרויפגעקומען די אַנדערע באַזוכערס — און אין קראַנקן־זאַל איז געוואָרן געדיכט מיט רבנישע, שוואַרצע קאַפּעליטשן, מיט לאַנגע בערד און מיט שוואַרצע, לאַנגע קאַפּאָטעס.

אַז די רביצין האָט זיך צוריק דערנענט צום קראַנקן־בעט האָט זי געזען ווי דער מאַן איר׳ער ליגט מיט איין באַק אויפן קישן און ווי זיינע ליפּן שעפּטשען עפּעס. זי האָט זיך אַראָפּגעבויגן און זיך אָנגעשטרענגט צו הערן וואָס ער זאָגט. זי האָט אָבער נישט געקאָנט אויפכאַפּן. זי איז געווען צו־שטאַרק צעטראָגן. ערשט ווען מיסעס גאָטליב האָט זיך אַריבערגעבויגן צו אים האָט זי באַנומען וואָס ער האָט אין זיין שעפּטשען פאַרלאַנגט. זי האָט זיך אויסגעדרייט צו דער רביצין און זיך צעיאָמערט:

— ווידוי... דער רב בעט מ׳זאָל מיט אים זאָגן ווידוי...

# קאַפּיטל דריי־און־צוואַנציק

## ווידוי

### 1.

לאַנג, לאַנג, לאַנג איידער ר׳ אליהו האָט אַרויסגעשעפּטשעט דורך זיינע קוים צעעפנטע ליפּן, מ׳זאָל זאָגן ווידוי מיט אים, האָבן אין זיין זכרון אויפגעטויכט די קוויטשן און קללות, מיט וועלכע די יונג־פאַרלאָזטע פרוי ריווע איז אים, דעם רב, באַפאַלן בייטאָג אין אבלים־צימער ביים הספד־זאַל.

געשען איז דאָס אַ שטיקל צייט נאָך דעם ווי מ׳האָט אים אַריינגעבראַכט דאָ פון צימער וואָס פאַר קינסטלעכער לופט. ער האָט זיך געפילט עטוואָס בעסער. דעמאָלט האָבן אַלערליי געשעענישן, וואָס זענען פאַרלאָפן דורכן טאָג, זינט זון־אויפגאַנג, ביס־לעכווייז אויפגעטויכט אין זיין זכרון. צומייסטן קלאָר און פריש, עלעהיי ס׳וואָלט געטראָפן אָט נאָר־וואָס, זענען אָבער געווען די קוויטשן און קללות פון ריווען, וואָס האָט אויף אים געוואָרפן די שולד פאַר איר פעטערס טויט.

דער דאָזיקער אויפטויך, פונקט ווי דאָס געשעעניש גופא בייטאָג, האָט אים ווידער געהאַט שטאַרק אויפגעטרייסלט.

איז ער טאַקע שולדיק אין מיסטער רובינס טויט? — האָט ער דעמאָלט געטראַכט.
— איז ער טאַקע חייב? אמת, ער האָט אויסגעמיטן מיסטער רובין. ער האָט נישט געוואָלט אַרויסקומען און זאָגן אים אַז הילדע איז קעגן איר שידוך. און אַז נישט דאָס, איז וואָס אַנדערש האָט ער געקאָנט טאָן? האָט ער אפשר געזאָלט קוקן מיסטער רובינען גלייך אין פּנים אַריין און זאָגן:

— דיין זון איז קראַנק אויפן קאָפּ. דו דאַרפסט אים אַריינגעבן אין אַ פּלאַץ פאַר

אַזעלכע וואָס זענען, נעבעך, געקרירט פֿון זינען. און דו דאַרפֿסט נישט האָבן קיין פֿאַריבל אויף מײַן טאָכטער וואָס זי האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון די תּנאים. וואָרעם על־פּי שׂכל ווערן תּנאים סיװוּי בטול, אויב דער חתן אָדער די כּלה האָט חרטה אויפֿן שידוך פֿאַר דער חתונה. חוץ מזה איז עס אַ בפֿירושער דין אין דער מסכתא קידושין אַז אַ מײדל וואָס איז עלטער פֿון 12 און אַ האַלב יאָר מוז מיט איר אײגענעם ווילן צושטימען צו ווערן דאָס ווײַב פֿון אײנעם וואָס האָט זיך אָנגעבאָטן פֿאַר איר מאַן. דערפֿון איז געדרונגען אַז אויב דאָס מײדל איז נישט מסכּים קאָן מען זי נישט צווינגען. דערצו נאָך, הײַנט איז דער מינהג בײַ תּנאים אַן אַנדערער ווי אין צײַטן פֿון דער משנה. דעמאָלט האָט דער חתן מקדש געווען די כּלה גלײַך בײַ די תּנאים. און דאָס האָט זײ אויפֿן אָרט געמאַכט פֿאַר מאַן און ווײַב, און אַרויפֿגעלײגט אויף זײ באַוואָרענישן און הגבלות, באַגרענעצונגען. הײַנט זענען אָבער די תּנאים נישט מער ווי אַ לויזער אָפּמאַך צווישן צוויי צדדים וואָס באַשטימען די חופּה־וקידושין אויף אַ שפּעטערער צײַט. דער אָפּמאַך הערט אויף צו זײַן גילטיק, אויב אײן צד זאָגט זיך אָפּ פֿון דעם פֿאַרשטײענדיקן שותּפֿות... און הילדע האָט זיך אָפּגעזאָגט! דײַן זון, מחמת כּמה וכמה טעמים, איז מער נישט פֿאַר איר...

נו, האָט ער געקאָנט זאָגן אַזעלכעס צו אַ טאַטן? וואָלט עס נישט געווען אײנס פֿון די גרויסע זינד צו פֿאַרשעמען אַ מענטש? און וואָס אַזוינס איז געגליכן צו פֿאַרגיסן בלוט, צו רציחה? כּל המלבין פּני חברו ברבים כּאילו שופך דמים (בבא מציעא, נח, עמוד ב). און ער, אליהו, איז מוסיף צו אָט דער תּלמודישער מימרא, אַז אַפֿילו ווען אַנדערע לײַט זענען נישטאָ דערבײַ, ס'הײסט אַז אַפֿילו ווען מ'איז אַלײן מיט אַ מענטש טאָר מען אים נישט מצער זײַן. און נאָך, כאָטש ס'איז אַ בפֿירושער אָנזאָג נישט צו זאָגן קײן ליגן, ולא תשקרו איש בעמיתו (ויקרא יט, יא), דאָך דאַרף זיך דער מענטש אין געוויסע פֿאַלן אָפּהאַלטן פֿון זאָגן דעם אמת, אויב ס'דראָט אַז דער אמת זאָל צעברעכן דאָס געמיט פֿון דעם וואָס איז נישט גענוג שטאַרק צו הערן אים. מכּל־שכּן נאָך, ווען אַזאַ אמת דאַרף געזאָגט ווערן צו אַ פֿאָטער וואָס קינדער האָבן זיך פֿריער בײַ אים נישט געהאַלטן, און דאָס אײנציקע קינד וואָס האַלט זיך יאָ בײַ אים, מיטן רבונו של עולמס חסד, ווערט גאָר באַטראַכט פֿון אַן אַנדערן פֿאַר אַ קראַנקן אויפֿן קאָפּ, פֿאַר אַ מטורף. איז פֿאַרוואָס זאָל זי, די ריווע, וואַרפֿן די שולד אויף אים, אליהו, פֿאַרן טויט פֿון איר פּעטער?

לויטן גלײַכן שׂכל האָט מיסטער רובין אַלײן געדאַרפֿט פֿאַרשטײן פֿאַרוואָס ער, אליהו, האָט נישט געוואָלט אַרויסקומען מיט אָפֿענע רייד. נאָך אַלעמען, ער, אליהו, האָט דאָך געוואוסט אַלץ וואָס מיסטער רובין איז דורכגעגאַנגען אין לעבן מיט קינדער. ער, אליהו, איז דאָך געווען צו אים ווי אַ ברודער. און ער האָט נישט געקאָנט מצער זײַן אים, מיסטער רובינען, אַפֿילו נישט מיט קײן אָנצוהערעניש.

דאָס איז אָבער נישט געווען דער אײנציקער אָפּהאַלט.

דער צווייטער אָפּהאַלט איז געווען זײַן בושה, אליהוס, צו אַנטפּלעקן פֿאַרן מחותן אַז הילדע גײט אַרום מיט אַ צווייטן יונגנמאַן. דערצו נאָך, ווער איז דער דאָזיקער יונגערמאַן? ער איז טאַקע אַ געלערנטער, ווי הילדע האָט אים אויסגעלויבט אין הויז, אָבער ער איז פֿאָרט אַזאַ וואָס גלייבט נישט אין דער הײליקײט פֿון דער תּורה, און אויך נישט אין דעם אַז זי איז געגעבן געוואָרן פֿון הימל.

דער אמת איז, אַז נישט די רביצין און נישט ער, אליהו, האָבן במשך אַ לאַנגער צײַט חושד געווען הילדען אַז זי איז גרייט, אָדער גרייט זיך, צו פֿאַרבינדן זיך מיט דעם

דאַזיקן יונגנמאַן. מאַלע וואָס אַ מיידל האָט זיך באַקענט מיט אַ בחור און באַגעגנט זיך מיט אים פון צייט צו צייט! ס׳שטעקט דען דערין אַ סכנה? אַז דערין איז יאָ געווען אַ געפאַר, דאָס האָט זיך ערשט אַרויסגעוויזן מיט עטלעכע טעג צוריק, מוצאי־שבת, ווען הילדע איז אַוועק פון הויז מיט אירע זאַכן נאָך איידער דער מחותן רובין און די מחותנתטע זענען געקומען האָבן אַ שמועס וועגן איר אויפפירן זיך קעגן זייער זון, און אויך וועגן מאַכן די צוגרייטונגען צו דער חתונה.

קאָן דען עמעצער באַנעמען וואָסער קלאַפּ דאָס אַוועקגיין אירס פון הויז איז געווען פאַר אים, אליהון? און דער עיקר, ווען איז דאָס געשען? ס׳איז פאַרגעקומען אין אַ צייט, ווען זיין האָפענונג אויפן בן־יחיד, שיעלע־דזשעסי, אַז ער וועט זיך צוריקקערן צום אַלטן יידישן דרך, איז שוין געווען אינגאַנצן אויסגעלאָשן — און הילדע איז געבליבן זיין איינציקע טרייסט, זיין נחת־רוח.

מיט איר, הילדען, האָט ער אייגנס געלערנט מער יידישקייט ווי מיטן זון. ער האָט געטראַכט, אפשר איז אויך נייטיק מער האַרציקייט, מער געדולד פון אַ טאַטן אין מדריך זיין אַ קינד. אפשר דאַרף אַלץ אויך געטאָן ווערן מיט מער פלייס. און ער האָט דאָס אַלץ טאַקע דורכגעפירט אַזוי, ווי ער האָט תופס געווען. ער האָט אפילו נישט געשפּאָרט קיין צייט. ער איז געזעסן מיט איר איבער ספרים, אפילו איבער חקירה־ספרים, אין זיין באַזונדער שטיבל, און האָט נישט דורכגעלאָזט אומפאַרענטפערט קיין איין קשיא וואָס זי האָט געפרעגט בעתן לערנען.

צום סוף... צום סוף האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן אַז אפילו זיין גרויסע מי איז געווען אומזיסט. דער דיפּלאָמירטער יונגערמאַן פון קאַלעדזש, דער נישט־גלייביקער, האָט מער אויפגעטאָן פאַר איר אין עטלעכע חדשים ווי ער, דער פאָטער, אין פאַרלויף פון יאָרן.

נו, איז וואָס האָט ער, דער פאָטער, געזאָלט טאָן? האָט ער געזאָלט דערציילן דעם מחותן רובין אַז הילדע איז אַרויס צו תרבות־רעה? האָט ער געזאָלט זאָגן אַז זי האָט זיך פאַרבונדן מיט אַ יונגנמאַן וואָס זיין נישט־גלייבן אין יידישקייט, זיין בילבול אויף דער תורה — באשר זי איז אַ זאַמלונג פון פאָלקס־פאַנטאַזיעס, צונויפגעקליבן און צוגע־שניטן פון געוויסע נאַציאָנאַלע פירערס — אַז אָט דאָס אַלץ איז געוואָרן איר אמונה? האָט ער געקאָנט אָפּדעקן פאַר מיסטער רובין דעם זומפּ פון זיין הויז וואָס פון דאַנען האָבן געדאַרפט אַרויסקומען ליכטיקעביישפּילן פאַר אַנדערע עלטערן ווי־ צו דערציען זייערע קינדער? האָט ער אים געדאַרפט זאָגן אַז אַרויסגעקומען איז גאָר עפּעס אַנדערש? איז דאָס נישט קיין באַווייז אַז ער, דער פאָטער, איז אַלע זיינע יאָרן געגאַנגען אויף אַ שלעכטן וועג, כאָטש יעדן איינעם האָט ער געהאַלטן פאַר אַן עוולה וואָס מ׳טוט אים נישט נאָך? קאָן ער נאָך האָבן אַזוי פיל דרייסטקייט ווי ער האָט געהאַט אַמאָל און זאָגן אַנדערע מוסר, אָדער באַמיען זיך איינצושטילן עמעצנס מישפחה־צרות מיט טרייסט, מיט דער אייביקער הבטחה: אם ירצה השם...

טרערן זענען אים געקומען אין די אויגן אַריין ווען די טאָכטער האָט יענעם מוצאי־שבת איינגעפּאַקט אירע זאַכן און פאַרלאָזט די היים. אַלץ ביי אים איז געוואָרן שוואַך. ער האָט נישט געפילט די הענט, די פיס. פאַר די אויגן האָט אים געגומען שווינדלען. דאָך האָט ער זיך געשטאַרקט און ער איז אַוועק אין דער גאַס, כדי נישט דאַרפן אויסגיסן אויף זיך די תוכחה ווען די מחותנים וועלן קומען האָבן דעם שמועס.

ער האָט זיך דעמאָלט אַרומגעדרייט אין די גאַסן, כאָטש ס׳האָט אים געשווידערט פון קעלט. ער האָט געפילט אַז ער גייט איין. און צו שרייען צו עמעצן, צו וואַרפן די

שולד אויף עמעצן פאַר זיין מעמד, דאָס האָט ער נישט געטאָן. וואָרעם ווער ווייסט דען אויף זיכער וואו ס׳ליגט די שולד?

אָבער זי, מיסטער רובינס שוועסטערן־טאָכטער... זי איז זיכער אַז זי האָט די באַווייזן. זי ווייסט, אַן דעם מינדסטן ספק, ווער ס׳איז שולדיק אין איר פעטערס טויט. און זי האָט עס אַרויסגעזאָגט מיט געשרייען און קללות אויף אים, אליהון.

דאָך, אפשר איז ער יאָ שולדיק אין מיסטער רובינס טויט? אַ מענטש קאָן דען וויסן וואָס זיינס אַ נישט־פריינדלעך וואָרט, אָדער זיין פאַרשוויגן אַן עוולה, קאָן טאָן צו איינעם וואָס איז אַ נוגע בדבר? וויסן ווייסט ער אַז ער איז נישט חייב אין גאָרנישט. לחלוטין אין קיין זאַך נישט. אָבער קיין גוטס האָט אים דאָס באַשולדיקן, ריוועס, נישט געטאָן. ער האָט עס געפילט גלייך דאָרטן אין אבלים־צימער ביים הספד־זאַל. און כאָטש נאָך דעם ווי מ׳האָט אים אַריינגעברענגט דאָ פון צימער, וואָס פאַר גיכער הילף, האָט ער זיך אַ ווײַלע געפילט בעסער, דאָך האָט ער געשפּירט, און ער שפּירט עס נאָך אַלץ, אַז עפּעס זינקט אין אים. ער ווייסט נישט וואָס דאָס איז. ער פילט אָבער אַז ס׳קומט דער סוף. און איידער ס׳דערנענטערט זיך צו יציאת־נשמה וויל ער זאָגן ווידוי.

## 2.

צום בעט איז צוגעקומען ר׳ מרדכי כהן.

לכתחילה האָט ער נישט געוואָלט צוגיין. דאָס וואָס קומט פאַר איצט מיטן רב איז געווען אינגאַנצן דער היפּוך פון דעם וואָס איז פאָרגעקומען אַרום האַלבן טאָג ביי אַן אסיפה פון מחנכים און באַלעבאַטים אין זיין ישיבה. ביי דער אסיפה האָט מען מיט גרויס שימחה גערעדט וואָסער נחת־רוח ס׳וועט זיין פאַר דער ישיבה דאָס אויפנעמען דעם באַרימטן פּוילישן רב ר׳ אליהו פאַר אַ מחנך. אַז די ישיבה־בחורים, וואָס גרייטן זיך אויף סמיכה, וועלן הערן דאָס דאָזיקע נייעס וועלן זיי אַריין אין גרויס היתפּעלות. זיי וועלן זיך אָננעמען ביי די הענט און לאָזן זיך טאַנצן אין אַ קאַראַהאָד. פאַר פרייד וועלן זיי זיך אפילו צעזינגען.

פאַרוואָס אַזאַ גדולה?

אָפּט זענען זיי געגאַנגען שבת צום דאַווענען אין דער שול מקוה־ישראל כדי צו הערן דעם רבס דרשה. און שפּעטער האָבן זיי גאָרנישט געקאָנט אויפהערן רעדן וועגן דעם אין דער ישיבה:

— ס׳אַראַ רעיונות!

— וואָסער עמקות!

— היינט־זשע זיין כוח־הדימיון...

— און אַצינד דאָס זיסקייט פון זיין לשון...

— און זיין אופן רעדן...

— פלאי־פלאים!

— ס׳איז גאָרנישט נישטאָ קיין גלייכן צו אים...

אָבער פון היינט אָן וועלן זיי נישט דאַרפן לויפן אין שול אַריין צו הערן אים דרשענען. זיי וועלן אים האָבן ביי זיך אין דער ישיבה. ער׳ט זיין זייער מחנך! איז דאָס נישט אַ קלאָרער באַווייז אַז אין הימל האָט מען זיך צוגעהערט צו זייער בענקעניש נאָך אַזאַ מורה־דרך ווי ס׳איז דער פּוילישער רב ר׳ אליהו? און נאָך אַ באַווייז איז, אַז אין הימל האָט מען דערפאַר געביטן מיסטער רובינס פריינדשאַפט אויף שינאה צום רב,

כדי דער מרא־דאתרא ר׳ אליהו זאָל זיין געצוואונגען זיך אָפּצוזאָגן פון כסא־הרבנות און מוזן זיך מפרנס זיין פון עפּעס אַנדערש.

יעדער ביי דער אסיפה האָט געפילט און איינגעשטימט מיטן רעיון אַז די ישיבה וועט פון היינט אָן קריגן מער חשיבות ביי למדנים און יידן־פילאַנטראָפּן וואָס זענען פריער געשטאַנען אין אַ זייט. זיי וועלן אָנהייבן קוקן אויף דער תורה־פעסטונג מיט אַנדערע אויגן. איינער פון די באַלעבאַטים איז אַוועק פון טיש און אין אַ ווײלע אַרום האָט ער געבראַכט אַ פלעשל משקה און אייער־קיכלעך פון דער קיך.

— יידן! — האָט ער אויסגערופן, — לאָמיר זיך ווינטשן מזל־טוב!

און די פאַרזאַמלטע אַרום דעם טיש האָבן אין גרויס אויפגעלייגטקייט געמאַכט אַ האָפּעדריקן לחיים...

און איצט? אינגאַנצן דער היפּוך. בלויז עטלעכע שעה זענען אַוועק זינט דער אסיפה — און שוין זעט זיך אַ חורבה פון אַלע רייד, פון אַלע דערוואַרטונגען און פון דער גרויסער שימחה. איז ווי האָט ער, דער ראש־ישיבה, געקאָנט צוגיין צום קראַנקן־בעט און זאָגן ווידוי מיטן רב?

— כ׳בין נישט אין קיין געמיט צו טאָן דאָס... — האָט ער געזאָגט דער רביצין וואָס האָט אַ פאַרקלאָגטע געהאַט געבעטן אים צו טאָן דעם רבס בקשה. — דער האַלדז איז מיר פאַרשלאָסן. און די צונג מיינע איז ווי געליימט.

דער עולם אַרום איז אָבער צוגעשטאַנען צו אים:

— איר זענט דער איינציקער, ר׳ מרדכי, וואָס איז געווען נאָנט מיטן רב.

— איר טאָרט זיך נישט אָפּזאָגן.

— ס׳אַ גורלדיקע מינוט...

— קיינער ווייסט נישט וואָס ס׳וועט זיין שפּעטער.

— מ׳טאָר נישט וואַרטן.

— שטאַרקט אייך, ר׳ מרדכי.

— ס׳איז אפשר די רגע צווישן דער דאָאיקער וועלט און יענער...

— באַלעמוטשעט נישט.

— די סכנה איז זייער גרויס.

— און די מיצווה צו זאָגן ווידוי מיטן חולה איז אוודאי גרעסער.

אין זיינע אויגן, ר׳ מרדכיס, האָבן זיך געשטעלט טרערן — און ער איז צו צום בעט מיט דריבנינקע טריט.

איצט האָט ער געקוקט אויפן רבס געל־וואַקסענעם פּנים, אויף זיינע אַראָפּגעלאָזטע, בלוי־אָדערדיקע אויגן־לעדלעך, אויף זיינע שעפּטשענדיקע, בלייכע ליפּן, וואָס מ׳האָט נישט געהערט קיין וואָרט פון זיי, און ער האָט אַרויפגעטאָן זיין רעכטע האַנט אויף דעב רבס לינקער, וואָס איז געלעגן אין אָנמאַכט אויף דער וויס־באַצויגענער איבערדעק.

— כ׳האָב אָקאָרשט גערעדט מיט דער רביצין... — האָט ער געזאָגט מיט אַן עטוואָס צוגעדושעט קול צום רב. — וועגן אייך האָב׳ך גערעדט. כ׳האָב איר געזאָגט אַז ביי אַן אסיפה היינט אין דער ישיבה איז יעדער מיט גרויס פרייד מרוצה געווען אויפצונעמען אייך פאַר דעם מדריך און מחנך פון די בחורים וואָס גרייטן זיך אויף סמיכה. בכלל... איר זאָלט זיין אונדזער מורה־דרך... יעדער פון אונדז וועט זען אַז אין אונדזער מוסד־התורה זאָלט איר האָבן דאָס וואָס איר האָט אַלע מאָל געזוכט. זייט זיך נישט מייאש, רבי... אוודאי, יעדער ייד, און דערצו נאָך יעדער אָפּגעהיטענער ייד, איז מחויב נישט אָפּצולייגן אויף שפּעטער... קיינער ווייסט נישט וואָס ס׳קאָן מיט

אים טרעפן אין עולם התחתון. מ׳דאַרף אַלע מאָל זײַן צוגעגרייט צום מישפט בײַם בית־דין של מעלה. מ׳איז זיך דערפאַר מיתוודה יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק אויף אונדזערע אייטלקייטן און אַנדערע חטאים. אויך טוט מען עס ערב שבת. אויך יעדן ערב ראש־חודש. כמעט ווי אין דעם הייליקסטן טאָג, יום־כיפור. יעדער גרייט זיך צו... און אוודאי טוט מען עס ווען מ׳איז, חלילה, נישט געזונט. דעמאָלט טוט מען געווײַנלעך זיך דערמאָנען אין די נישט גוטע מעשים וואָס מ׳האָט געטאָן אין די פאַרגאַנגענע יאָרן. אויך אין יענע זאַכן וואָס מ׳האָט נישט־ווילנדיק געהאַט וועגן זיי אַ נישט־ריינע גלוסטונג, כאָטש ס׳איז נישט געקומען צו אַן אמתער פעולה. דאָך איז מען זיך נוהג צו טאָן עס. דאָס העלפט דעם ירא־שמים, וואָס געפינט זיך נעבעך אין אַ קראַנקן מעמד, צו פילן זיך געלײַטערט און צו קאָנען אויפסניי שטײַן מיט זײַנע תפילות פאַר די שערי־רחמים און בעטן פאַר זיך אַ רפואה שלימה — — — —

אין אַ ווײַלע אַרום האָט דער רב ר׳ אליהו אויפגעהערט צו שעפּטשען די רייד, וואָס זענען געווען אומפאַרשטענדלעך, און שטיל און פאַמעלעך נאָכגעזאָגט די ווערטער וואָס ר׳ מרדכי האָט מיט אַ פייכט קול און מיט שווערקייט אַרויסגעשטאַמלט אין לשון־יחיד:

— אשמני, בגדני, גזלני — — —

פון צווישן עולם, וואָס איז איצט געשטאַנען נישט ווײַט פון בעט, האָט זיך געהערט אַ שטיל קרעכצן און אויך אַ געשטיקט כליפּען. אויך האָבן זיך געהערט אומעטיקע געשפּרעכן פון רבנים און באַלעבאַטים:

— ער זאָגט נאָך וואָרט בײַ וואָרט.

— אָבער ער עפנט נישט זײַנע אויגן.

— ס׳קומט אים אָן שווער צו אָטעמען.

— מ׳דאַרף אַוועקנעמען די רביצין פון בעט.

— מיט איר שטײַן דאָרטן און קלאָגן באַשווערט זי דעם רבס געהער.

— און זי צעמישט אים מן־הסתם ס׳ביסל לויטערע מחשבות וואָס ר׳האָט נאָך אפשר אַצינד.

אָפּגעזאָגט ווידוי מיטן רב, איז ר׳ מרדכי נאָך צוגעשטאַנען אַ שטיקל צײַט. נאָכדעם האָט ער זיך פאַרנומען צוריק צום עולם, וואו ס׳האָבן זיך געפונען די רבנים און באַלעבאַטים. ווי נאָר ער איז אָפּגעגאַנגען עטלעכע טריט האָט אים אָבער די רביצין צוריקגערופן:

— דער רב וויל עפּעס רעדן צו אײַך, ר׳ מרדכי.

ר׳ מרדכי האָט זיך צוריקגעקערט.

— דער ראש־ישיבה וואַרט אויף דײַן בקשה... — האָט די רביצין געזאָגט צום מאַן, ווען ר׳ מרדכי האָט געלאָזט וויסן בײַם בעט וועגן זײַן גרייטקייט צו הערן, אָבער נישט געקראָגן קיין ענטפער פון רב.

— אויב דאָס זענען מײַנע לעצטע טעג... — האָט דער רב געשעפּטשעט, מיט לאַנגע הפסקות, און דערבײַ נישט געעפנט זײַנע אויגן. — אויב ס׳איז דעם באַשעפערס רצון נישט צו פאַרלענגערן מײַן צײַט אויף דער וועלט, וויל׳ך אײַך בעטן, ר׳ מרדכי, צו טאָן עפּעס פאַר מיר נאָך די שלושים... כ׳מיין, נאָך מײַן פּטירה...

די רביצין, אײַנגעבויגן, האָט אַרײַנגעטאָן דאָס פּנים אין די הענט און זיך שטיל צעכליפּעט.

— בײַ מיר אין ספרים־שטיבל — האָט ער ווידער געשעפּטשעט — געפינען זיך

אַ צאָל חיבורים. אין אַ מעטאַלענער שאַפע געפינען זיי זיך. די רביצין וועט אייך אָנווייזן וואו...

די רביצין האָט זיך איצט שטאַרק צעוויינט בעתן כליפּען.

— צווישן זיי געפינט זיך אויך אַ חיבור וועגן השארת־הנפש. דאָס ספר באַשטייט פון צוויי טיילן. כ׳האָב געאַרבעט דערויף צוואַנציק יאָר. כ׳האָב אַריינגענומען דאָרטן אַלץ וואָס ווערט געזאָגט אין אונדזערע כתבי־הקודש וועגן דער אומשטערבלעכקייט פון דער נשמה... אַריינגענומען אויך פון דער משנה, פון דער גמרא... אויך די רעיונות און מחלוקות וועגן דעם פון אַלע שפּעטערדיקע, יידישע בעלי־מחשבות... פון שפּאַניע ביז אונדזער צייט... און אויפן סמך פון די אַלע געדאַנקען און פלוגתות האָב׳ך געמאַכט מיין אייגענעם אויספיר. דאָס איז, אַז אויסער דעם וואָס אמונה אין דער אומשטערב־לעכקייט פון דער נשמה איז אַן עיקר ביי אַ פרום־אָפּגעהיטענעם ייד, דאַרף מען דאָס, ס׳הייסט דאָס השארת־הנפש, אויך שפּירן ווי אַ ממשותדיקע זאַך. מ׳דאַרף עס פילן אין זיך... און איך האָב אַלע מיינע טעג, זינט כ׳האָב אָנגעהויבן שרייבן דעם חיבור, אַרויסגעפילט מיט אַלע מיינע רמ״ח אברים אַז וועגן דער אייביקייט פון דער נשמה קאָן נישט זיין דער מינדסטער ספק. אַ באַוויז דערויף?

ער האָט אויפגעהערט רעדן און גענומען אָטעמען שווער. דערנאָך איז ער געלעגן מיט צוגעמאַכטע אויגן. אַ מינוט, צוויי, דריי — און קיין באַוועג מיט די נאָז־פליגלען, אָדער מיט די ליפּן האָט מען נישט געזען ביי אים, עלעהיי ער וואָלט פאַרגעסן אַלץ ביז איצט. מיטאַמאָל האָט ער אויפגעעפנט די אויגן, געקוקט אַ ווייַלע אויף ר׳ מרדכין און ווידער גענומען שעפּטשען:

— ווי נאָר מ׳הייבט אָן פילן אַ מידקייט אין זיך, אַ מידקייט פון דאגות, פון צרות, און אפילו פון שטענדיק די זעלבע השגות און וויכוחים אויף דער דאָאיקער וועלט, דעמאָלט ווערט די מידקייט באַגלייט פון אַ טיף־טיף בענקעניש... אויבנאויף זעט עס אויס צו זיין אַ בענקעניש נאָך רו פאַרן גוף. ס׳איז אָבער נישט אַזוי. ס׳איז אַ בענקעניש נאָך עפּעס וואָס איז ווייט... העט ווייט... וואו ס׳איז דאָ אייביקע שלווה... און פון ווענען איז דאָס בענקעניש? ס׳איז נישט פון גוף. וואָרעם ביינער, פלייש... זיי קאָנען נישט בענקען. זיי זענען דאָך נישט מער ווי חומר. און מאַטעריע, כידוע, פילט נישט און בענקט נישט. זי איז צייטווייליק. זי פאַרגייט. טאָ וואָס דען בענקט? אָט דאָס איז די נשמה, דאָס פלעמל פון דעם אייביק וואַכיקן... דאָס פלעמל וואָס דער רבונו של עולם האָט אָנגעצונדן אין דעם באַפרוכפּערנדיקן זוימען ווי נאָר דאָס האָט זיך אָנגעהויבן געשטאַלטיקן אין אַ מענטש ביי דער פרוי אין טראַכט. און זי, די נשמה, ווערט סוף־כל־סוף אומרואיק און הייבט אָן בענקען נאָך איר היים... ס׳איז פּונקט ווי מיט אַ רייזנדיקן מענטש וואָס געפינט זיך לאַנג אונטערוועגנס. הגם ער האָט נהנה געווען פון אַלע תענוגים אין דער פרעמד, און ער האָט זיך געפילט שטאַרק גליקלעך, דאָך איז אים מיטאַמאָל באַפאַלן אַ מידקייט פון אַלעם, און ער האָט גענומען בענקען נאָך זיין שטענ־דיקער היים... די דאָזיקע היים, אויב זי איז אַן אמתע היים, גיט אים וואָרצלען, זאַפט און געמיטלעכקייט. אָט אַזוי איז מיט דער נשמה. נאָך אַ צאָל יאָרן פון איר נסיעה אויף דער אונטערשטער וועלט אונדזערער ווערט זי מיד פון צוקוקן זיך צום מענטשס אַלערליי אויבנאויפיקע תענוגים אויף אונדזער ערד, און זי בענקט צוריקצוקערן זיך צו איר פריערדיקער היים, דאָס איז צום באַשעפער פון דער וועלט, צו דער אייביקייט...

— יאָ... — האָט ר׳ מרדכי אַ זאָג געטאָן. אָבער גלייך נאָך דעם האָט ער זיך געיישובט צי ער זאָל רעדן ווייטער, אָדער נישט. צום סוף האָט ער איינגעזען אַז זיינע

ווערטער וועלן מיט גאָרנישט מינערן פון דעם רבס לאַנגיאָריקער אַרבעט. אדרבה, זיי וועלן איר נאָך צוגעבן מער חשיבות. און ער האָט גענומען מורמלען. — יאָ, ווי ס׳זאָגט זיך אין תהלים, קאַפּיטל מב, צמאה נפשי לאלקים, מיין נשמה דורשט נאָך דעם באַשעפער... און אין קאַפּיטל סג, צמאה לך נפשי, צו דיר דורשט מיין נשמה...

— ריכטיק... — האָט ר׳ אליהו געפּיבערט מיט זיינע ליפּן. — כ׳האָב דאָס זעלבע אויסגעפונען דורך מיין אייגענעם צער. דורך מיין אייגענער איינזאַמקייט... און דאָס אַלץ באַגרינדעט מיט געפיל און הסברה...

די רביצין האָט זיך איצט הילכיק צעיאָמערט.

— נעמט אַלע די חיבורים, ר׳ מרדכי... — האָט ר׳ אליהו ווידער געשעפּטשעט.

— זיי זענען איבגאַנצן אין אייער רשות. איר קאָנט טאָן מיט זיי וואָס נאָר איר׳ט איינזען פאַר רעכט...

די רביצין האָט אַראָפּגענומען די הענט פון איר פּנים, אויפגעהויבן דעם קאָפּ און געקוקט אויפן מאַן מיט שטאַרע אויגן.

— אַמאָל — האָט דער רב ווייטער געמורמלט — האָב׳ך געטראַכט צו רעדן צו באַלעבאַטים וועגן זיי... צו העלפן מיר ברענגען די חיבורים צו דער יידישער וועלט... כ׳האָב עס אָבער קיינמאָל נישט געטאָן. ס׳האָט מיר געפעלט... דער... דער... ווי רופט מען עס?... כ׳מיין... יאָ... כ׳מיין, ס׳האָט מיר געפעלט אמץ־לב, מוט...

די רביצין האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ. זי האָט געוואָלט זאָגן, „אמת, אמת... ער איז שטענדיק געווען אַ צוריקגעהאַלטענער, אַ בושת־פּנים...״ זי האָט אָבער בלויז געקוקט און געשוויגן.

— אַמאָל האָב׳ך אויך געטראַכט — האָט דער רב ווידער געפּליסטערט — אַז מיינע קינדער וועלן עס טאָן. נו, איז דער זון מיינער אַוועק אויף אַנדערע וועגן... אַלץ וואָס כ׳שטעל מיט זיך פאָר, און אַלץ וואָס כ׳האָב געטאָן, באַלאַנגט, לויט זיין מישפּט, אויפן קברות... איז האָב׳ך מיין בטחון געלייגט אויף מיין טאָכטער. כ׳האָב געמיינט אַז זי איז צוגעבונדען מיט אַלע שטריק צו די דרכים פון אונדזערע פרומע דורות. זי האָט דאָך געקענט אַ בלאַט גמרא... און איבערן מורה־נבוכים איז זי געזעסן יאָרן און זי האָט אים באַוואונדערט. אָבער...

די רביצין האָט איצט ווידער אַריינגעטאָן דאָס פּנים אין די הענט און זיך צעקלאָגט.

— אָבער... — האָט ר׳ אליהו ווידער געזאָגט, — אויך פון איר קאָן׳ך אַצינד שוין גאָרנישט דערוואַרטן... זי האָט זיך אָפּגעריסן פון אַלע קנופּן און איז אַרויס אויף תרבות־רעה... — ער האָט זיך אָפּגערוט אַ ווײַלע, נאָכדעם ווידער געפּליסטערט. — איבער דעם טאָקע האָב׳ך געשוויגן נעכטן, ווען מיין מחותן, עליו השלום, איז געקומען צו מיר מיט אַ בקשה אַז מיין טאָכטער זאָל עפּעס טאָן פאַר זיין קראַנקן זון. מיין האַרץ איז מיר געווען פאַרוואונדיקט פון זיין צעבראָכן געמיט. אָבער וואָס האָב׳ך אים געקאָנט זאָגן? האָב איך אים געזאָלט מגלה זיין אַז מיין טאָכטער האָט זיך אָפּגעקערט פון מיר? ס׳איז דאָך מיר געווען אַ בושה דאָס צו אַנטפּלעקן...

די רביצין האָט אויפגעהערט וויינען און געקוקט אויפן רב מיט צעטומלטע אויגן.

— דעריבער, ר׳ מרדכי... — האָט דער רב געצויגן זיינע ווערטער פּאַמעלעך און מיט קורצן אָטעם, — דעריבער... גיב איך אייך כוח־הרשאה איבער אַלע מיינע חיבורים, און טוט ווי איר פאַרשטייט... וועט איר זיין ביכולת צו שאַפן אַ פאָנד אויף צו דרוקן זיי, איז גוט... מהיכא־תיתי... אפשר וועט מיין פרוי עפּעס נהנה זיין דערפון... ס׳שניידט מיר ביים האַרץ. כ׳לאָז איר דען איבער עפּעס אויף חיונה?

גאַרנישט. לחלוטין גאַרנישט. אוי ווי איז מיר... ווי צו מיינע היתחייבותן פאַר מיין פרוי... ווי, וואָסער מערכה זי האָט געהאַט ביי מיר... אַרויסגעקומען פון אַ הויז וואָס מיט תורה און זאַטקייט... און ביי מיר... ווי איז איר... אוי, ר׳ מרדכי, ר׳ מרדכי... — ער האָט זיך אָפּגערוט אַ ווײַלע, נאָכדעם ווידער געשעפּטשעט. — איז הערטזשע, מיין טייערער פריינד... וואו האָב׳ך געהאַלטן? ביי די מנדבים? יאָ, ביי די מנדבים... כ׳מיין, אם לאו נישט, ס׳הייסט אויב זיי, די פאַרמעגלעכע באַלעבאַטים, וועלן נישט זיין גענייגט צו אייער בקשה... נו, מילא... וואָס קאָן מען טאָן? איז זייט־זשע אַזוי גוט און געפינט פאַר די חיבורים מיינע אַ שטיקל פלאַץ אין אייער ישיבה, אָדער ערגעץ אַנדערש, אָדער... אָדער...

די רביצין האָט איצט ווידער אַריינגעטאָן דאָס פּנים אין די הענט און אויפסניי זיך שטאַרק צעכליפּעט.

## 3.

נאָענט צום סוף פון דער וויזיט־צייט האָט זיך אין קראַנקן־זאַל באַוויזן הילדע.

פאַר די קראַנקע לייט אין די בעטן האָט איר קאָפּ בלאָנדע האָר אַ בלענדנדיקן לייכט געטאָן אין זייערע אויגן, עלעהיי די לבנה וואָלט זיך דאָ געהאַט אַראָפּגעלאָזט. און איר שלאַנקער גוף אין אַ קרייד־קאָליר מאַנטל ביז די קניען, אויך די ריטמישע טריט וואָס אירע שיין־געפורעמטע לאַנגע פיס האָבן האָסטיק געשטעלט איבערן דיל — אַלץ האָט מאַגנעטיזירט און געצויגן נאָך זיך די בליקן פון די חולאים.

אויך די מאַנסלייט און פרויען, וואָס זענען געקומען מבקר־חולה זיין דעם רב, האָבן איר נאָכגעקוקט. זיי האָבן זי באַטראַכט מיט נייגער און איבערראַשונג. פון צווישן די פרויען האָט זיך געהערט אַ מורמלען:

— פון וואַנעט קומט זי?

— און וואו איז זי געווען ביז אַצינד?

— וואָס ז׳דער מער מיט איר?

— זי פירט זיך דאָך אויף ווי אַלע היינטצייטיקע מיידלעך...

— קיין זאָרג און קיין געפיל פאַר אַ טאַטן און אַ מאַמען...

— דערצו נאָך ווען דער פאָטער איז אַזוי באַקליידט...

געקומען איז הילדע איצט פון אירע עלטערנס היים. אַהינצו האָט זי נישט לאַנג צוריק געבראַכט איר וואַליז מיט די פערזענלעכע זאַכן וואָס זי האָט געהאַט ביי איר ברודער דזשעסי אין דער וואוינונג. ביי טאָג, ווען זי איז דאָ געווען און האָט געזען אין וואָסער מעמד איר פאָטער געפינט זיך, האָט זי געפילט אַז זי קאָן נישט, און טאָר נישט, לאָזן די מוטער אַליין. אין דער היים וועט זיין אומעטיק און וויסט. וואָרעם דער פאָטער וועט אַזוי גיך נישט אַרויסקומען פון שפּיטאָל. איז ווי קאָן זי זיך האַלטן פון ווייטנס? וואָסער באַרעכטיקונג קאָן זי זיך מאַכן פאַר אַזאַ באַציאונג? און וואָסער רעכט אין שפּעטערע יאָרן וועט זי האָבן צו שטראָפן אירע אייגענע קינדער, ווען זי וועט אין זייער אויפפירן זיך באַמערקן אַן אָפּקער פון אירע וועגן? אַרום זון־פאַרגאַנג איז זי דערפאַר גיך אַוועק פון דאַנען, וואו זי האָט זיך געהאַט געפונען אַ היפּשע צייט ביים פאָטערס בעט, האָט זיך געלאָזט צום ברודערס וואוינונג און זיך איינגעפּאַקט די חפצים.

— מאָרגן אינדערפרי — האָט זי איצט געזאָגט צו דער מוטער, נאָכדעם ווי זי איז צוגעקומען צו איר — וועט קומען צום טאַטעשין אַ גרויסער דאָקטער. דער גרעסטער

האַרץ־ספּעציאַליסט אין שטאָט. ס׳איז געװען אוממעגלעך צו קריגן אים אויף הײַנט אָװנט. און װאָס ער׳ט הײסן טאָן, דאָס װעט מען טאָן. ער האָט שױן אָפּגעראַטעװעט אַ סך מענטשן װאָס האָבן געהאַט ערגערע האַרץ־קראַנקײטן װי ס׳האָט דער טאַטעשי...

די רביצין, שטײענדיק צופֿוסנס פֿון רבס בעט, האָט נישט געקוקט אויף הילדען. זי האָט אַפֿילו נישט געהערט די מערסטע װערטער װאָס די טאָכטער האָט אין איר בשורה אַרױסגערעדט. זי האָט נאָר געהאַלטן די ליפּן צונויפֿגעדריקט און מיט פֿאַר־טראַכטע אויגן געקוקט אויפֿן מאַן.

פּונקט אַזױ גלײַכגילטיק איז זי, די מוטער, געװען צו הילדען נאָכן סוף פֿון דער װיזיט־צײַט, װען די באַזוכערס האָבן אײנער נאָכן אַנדערן פֿאַרלאָזט דעם זאַל.

— קום, מאַמעשי, אַהײם, — האָט הילדע אָנגענומען די מוטער בײַ אַן אָרעם און גערעדט צו איר מיט װײכקײט, מיט געבעט אין קול. — כ׳װעל דיך נישט לאָזן אַלײן. כ׳האָב אַלע מײַנע זאַכן צוריקגעבערענגט אַהײם... קום...

די מוטער האָט אָבער נישט געענטפֿערט. זי איז נאָר געשטאַנען בײַם בעט און האָט געקוקט אויפֿן מאַן.

הילדע האָט אָנגענומען די צװײ עקן פֿון דעם גרין־זײַדענעם שאַליקל, װאָס איז געװאָרן לױז אַרום איר האַלדז, פֿאַרשלײפֿט זײ, און װידער זיך אַ קער געטאָן צו דער מוטער:

— פֿאַרקנעפּל זיך דעם מאַנטל, מאַמעשי. אין דרויסן האָט זיך געמאַכט קאַלט.

די מוטער האָט איצט אויך גאָרנישט געענטפֿערט, אָבער זי האָט זיך אַװעקגערירט פֿון מאַנס בעט.

.4

באַגינען האָט אַ טעלעפֿאָן־קלונג אױפֿגעװעקט דאָס רבנישע הױז.

באַשראָקן פֿון דעם פֿאַרטאָגיק־אַלאַרמירנדיקן קלונג, זענען בײדע, סײ די רביצין און סײ הילדע, מיט ציטער אין האַרץ אַראָפּ פֿון די בעטן. די רביצין איז געלאָפֿן פֿון איר שלאָפֿצימער, און הילדע פֿון אירן. בײדע האָבן פֿאַרגעסן אָנצוצינדן די עלעקטרע און זענען אין דער פֿינצטער געלאָפֿן אין דער זײַט פֿון גאַסטצימער, װאו ס׳איז געװען דער טעלעפֿאָן.

די ערשטע אַרײַנצוקומען אין גאַסטצימער איז געװען הילדע. דאָ האָט זי, גלײַך נאָכן אַריבערלױפֿן די שװעל, מיט אַ פֿינגער־דריק אויף אַן עלעקטרע־קנעפּל אָנגעצונדן די װאַנט־לעמפּלעך און זיך געאײַלט צום טעלעפֿאָן, װאָס האָט נאָך אַלץ געהאַלטן אין אײן טרעװאָגעדיק קלינגען.

— האַלאָ?... — האָט הילדע אַ פֿרעג געטאָן דורכן מויל־שטיק פֿון טעלעפֿאָן־טרײַבל.

צו איר אויער האָט זיך דערטראָגן אַ װײכע פֿרויען־שטים, װאָס האָט געפֿרעגט מיט שטילע, פֿאַרזיכטיקע װערטער:

— איז דאָס דעם ראַבײַ האָרװיצס רעזידענץ?

— יאָ... — האָט הילדע מיט צעטומלטקײט און מיט שלאָף אין קול געענטפֿערט.

— קאָן איך רעדן צו עמעצן פֿון דער האָרװיץ־פֿאַמיליע?

— איך בין פֿון דער האָרװיץ־מישפּחה, — האָט הילדע געענטפֿערט. — אַ טאָכ־טער... װער רעדט?

— אַ נוירס פון שפּיטאָל, וואו ראַבּיי האָרוויץ...

הילדע האָט איבערגעריסן די קראַנקן־שוועסטער אין מיטן רעדן:

— וואָסווילט איר זאָגן?

די קראַנקן־שוועסטער האָט געענטפערט מיט עטלעכע לאַנגע זאַצן וואָס האָבן מיט זיך געטראָגן מיטגעפיל צו דער מישפּחה, און אויך גלויבן אין דעם וועלט־באַשעפערס רחמנות און חסד.

עטלעכע ווײַלעס איז הילדע געזעסן שטיל. זי האָט געקוקט אויפן טעלעפאָן מיט גלעזערנע אויגן און געהאַלטן דאָס מויל אָפן. איז דאָס מעגלעך? — האָט זי געטראַכט.

— האָט אַזאַ זאַך געקאָנט טרעפן?

מיטאַמאָל האָט זי אָבער אַ הילך אַרויס געטאָן מיט אַ יאָמערלעך געוויין און גענומען זיך אַרומקוקן. זי איז צוגעלאָפן מיט צעשפּרייטע הענט צו דער מוטער, וואָס איז געשטאַנען גאָפנדיק בײַם גרויסן עסטיש, פאַרוואָרפן די אָרעמס אַרום איר, און כליפּענדיק גענומען זיך וויגן ווי אין משוגעת.

פון דער טאָכטערס אויפפירן זיך האָט די רביצין באַנומען וואָס עס איז געשען. אין משך פון אַ ווײַלע האָט זי געהאַלטן איר קאָפּ אין דער טאָכטערס אָרעמס, עלעהיי זי וואָלט געווען קראַנק און נישט געקאָנט עפענען אירע ליפּן. דערנאָך האָט זי זיך אָבער געזעצט צום טיש, אַרײַנגעטאָן דאָס פּנים אין די הענט — און אַ געוויין ווי פון אַ טויטלעך־פאַרוואונדעט קינד האָט זיך צעטראָגן איבער אַלע צימערן.

הילדע — באַרוועס און אין שלאָפהעמד — האָט זיך איצט צוריקגעקערט צום טעלעפאָן, זיך געזעצט לעבן אים און אַראָפּגענומען דאָס טרײַבל.

— דזשעסי... — האָט זי גענומען רעדן צום ברודער נאָך דעם ווי זי האָט עטלעכע מאָל אַרומגעדרייט דאָס פאַרבינדונג־רעדעלע. — זײַ מיר מוחל פאַר איבער־וועקן דיך...

— וואָס איז דער מער?... — האָט זיך געהערט דזשעסיס קול וואָס איז געווען פאַרשלאָפן, אָבער גלייכצייטיק פול מיט שרעק. — זאָג מיר נישט אַז עפּעס סכנותדיקס האָט זיך צוגעטשעפּעט צום טאַטנס שלאָפקייט...

— ניין, דזשעסי... — האָט הילדע כליפּענדיק געענטפערט. — ס׳האָט זיך גאָר־נישט צוגעטשעפּעט. ס׳איז שוין נאָך אַלעמען... די שפּיטאָל־אָנגעשטעלטע האָבן אים שוין אַראָפּגעפירט אין מאָרג אַריין.

במשך אַ ווײַלע האָט זי נישט געקאָנט מער עפענען דאָס מויל. די צוויי שורות ציין זענען געווען בײַ איר ווי צונויפגעשרויפט. נאָכדעם האָט זי כליפּענדיק אָבער ווידער גענומען רעדן:

— קאָנסטו דיר צוגלייבן, דזשעסי, אַז אונדזער פאָטער זאָל ליגן אין אַ טוכלען, קאַלטן קעלער, ווייט פון ספרים, אָפּגעריסן פון אַ שול, וואו ער זאָל אויסגיסן זײַן הארץ אין תפילות צום באַשעפער פון דער וועלט?... קאָנסטו דיר פאָרשטעלן אַז אונדזער פאָטער, דער ערלעכער מענטש, דער קלאָגער אויף רישעות אין דער וועלט, זאָל ליגן אין מתים־קעלער, אין איין ריי מיט טויטע גנבים, רויבערס, מערדערס און שיכורים? קאָנסטו געפינען אַן ענטפער אויף אַזאַ סוף, און פאַרוואָס קיין אַנדערער גורל איז נישט געווען פאַר אַזאַ אָפּגעהיטענעם מענטש, ווי ס׳איז געווען אונדזער פאָטער, וואָס דער תהלים זאָגט וועגן אַזעלכן, „אור זרע לצדיק״, אַז אַ ליכט איז פאַרזייט פאַרן גאָטפאַרכטיקן מאַן? קאָנסטו באַנעמען פאַרוואָס זײַן געפלאָגט לעבן, געפלאָגט און דאָך עטיש, פול מיט גייסטיקע זוכענישן, האָט זיך נישט פאַרדינט קיין בעסערע געזעלשאַפט

נאָך זיין פּטירה ווי נאָר די מסיבה פון דער סאָסייעטיס אָפּפאָל ? . . .

— הייסט עס, — האָט דזשעסי געפּליסטערט מיט טרערן אין קול, — אַז דער טויט איז דעם דאָקטער פאַרלאָפן דעם וועג . . . כ׳מיין דעם גרויסן האַרץ־ספּעציאַליסט וואָס כ׳האָב באַשטעלט צו קומען היינט אינדערפרי צום טאַטן. דער טויט האָט געהאַט אַנדערע פּלענער . . . ער האָט נישט געוואָלט וואַרטן . . . נישט געוואָלט אַז אונדזער טאַטע זאָל זיך אַרומדרייען נאָך אַ שטיקל צייט אויף אונדזער וועלט . . .

— אַצינד, דזשעסי, — האָט הילדע געזאָגט, דאַרף מען וואָס גיכער אַרויסנעמען דעם טאַטנס קערפּער פון צווישן די „חברים" זיינע אין טויטן־קעלער און צוגרייטן די לוויה.

— אוודאי, הילדע, — האָט דזשעסי מיט אַ שלוכץ אין קול געענטפערט. — כ׳נעם זיך שוין אָנטאָן און וועל באַלד זיין מיט דיר . . .

## קאַפּיטל פיר־און־צוואַנציק

## די לוויה

### 1.

אָנגעטאָן אין אַ גרויען מאַנטל פון ענגלישן טוויד, אויפן קאָפּ אַ שוואַרצער קאַפּעליוש, איז דער הויכער, ווערבע־דינער דזשעסי, אַ באַטריבטער, מיט די ליפּן צונויפגעפּרעסט, געשטאַנען אין קאָרידאָר פון זיינע עלטערנס אַפּאַרטמענט און האָט געהאַלטן די טיר אָפן פאַר דער מוטער און הילדען וואָס זענען אַרויס פון הויז צו דער לוויה.

ס׳איז געווען אַרום האַלבן טאָג.

זינט באַגינען, ווען ער, דזשעסי, איז אַריבערגעקומען אַהער פון זיין היים, איז ער בלויז איין מאָל געהאַט אַרויס פון דאַנען. דאָס איז געווען באַלד נאָך זיין דערשיינען דאָ. דעמאָלט איז ער אַוועק צום שפּיטאָל אַרויסצונעמען דעם פאָטער פון דאָרטיקן מתים־קעלער. דערנאָך אַז ער האָט אים געבראַכט אַהיים, איז ער שוין דאָ געבליבן. ער האָט דורכן טעלעפאָן אַרויסגערופן די חברה־קדישא, אויך זיך דורכגערעדט מיט אַ צאָל מענטשן וועגן אַ פּאַסיקן קבר, און שפּעטער האָט ער געטאָן איינס פון די ביידע — אָדער ער איז געזעסן, אָדער ער האָט געשלייכט פון שטוב צו שטוב. בעתן שלייכן האָט ער נישט־ווילנדיק אָבסערווירט ווי דער אַפּאַרטמענט ווערט וואָס אַמאָל אַלץ מער געפּאַקט מיט מענטשן. און טיילמאָל האָט ער סתם אַזוי זיך צוגעקוקט צו דעם וואָס געוויסע לייט טוען.

אין איין שטוב האָט זיך די חברה־קדישא געפּאַרקעט אַרום דעם ניפטר וואָס איז געלעגן אויף אַ טהרה־ברעט. אין אַ צווייטער שטוב זענען געזעסן רבנים און רביים און האָבן זיך געוויגט איבער צעעפנטע ספרים. און אין אַ דריטער שטוב האָבן אייניקע לייט צוגעגרייט די ווייסע הלבשה פאַר זיין פאָטער.

איצט — אַחוץ מיסעס גאָטליב, וואָס דאַרף פאַרשליסן די דירה — איז קיינער נישט געווען אין דער וואוינונג. אָקאָרשט האָט מען אַרויסגעטראָגן פון הויז די מיטה מיט זיין פאָטער אין דער גאַס אַריין. דאָרטן האָט אַן עולם געוואַרט מיט דער לוויה

אויף דער רבנישער מישפּחה וואָס איז געווען די לעצטע אַרויסצוגיין פון דעם ניפטרס היים.

צוערשט איז אַרויס זיין מוטער. זי איז געווען אָנגעטאָן אין שוואַרצע מלבושים און האָט געהאַלטן די אויגן כמעט פאַרשלאָסן. הינטער איר האָט נאָכגעפאָלגט הילדע. זי האָט געטראָגן אַ טונקעלן ספּאָרט־מאַנטל און אַ שוואַרץ היטעלע. און הינטער זיי איז מיט שלאָבעריקע פיס נאָכגעגאַנגען ער, דזשעסי.

כאָטש איבער דער שפּעטער צייט זענען נישט דערשינען אין דער פּרעסע קיין מודעות וועגן ר׳ אליהוס פּטירה, דאָך איז די גאַס געווען שוואַרץ מיט מענטשן. די ביטערע בשורה האָט זיך געהאַט געטראָגן פון מויל צו מויל. זי איז אויך פאַרשפּרייט געוואָרן דורך טעלעפאָנען. און ווי נאָר ס׳האָט אַ בליאַסק געטאָן אויף טאָג האָבן מענטשן אָנגעהויבן קומען אַהער פון אַלע זייטן. צוערשט האָבן זיך באַוויזן די שכנים און שכנות פון די טענעמענט־הייזער. נאָכדעם — רבנים און רביים. נאָך זיי — לאַנגע רייען בחורים פון ישיבות. אויך חסידים פון רביאישע שטיבלעך. אויך געזינדלעך פון לאַנדסמאַנשאַפטן. אויך מחנות פון אגודת־ישראל, פון מזרחי, פון יאַנג־איזראַעל. אויך די וויצע־פּרעזידענטן פון דער שול מקוה־ישראל מיט זייערע מישפּחות. און אויך די „מעמבערס" און זקנים פון יענער שול.

ווייט־וואוינענדיקע פּרויען, וואָס האָבן זיך געהאַט דורכגעדרענגט דורכן עולם איינצוקויפן דאָ אין שפּייז־קראָמען און קליידער־„סטאָרס", האָבן געטראָפן די געשעפטן פאַרמאַכט, און זיי זענען אומגערן געבליבן שטעקן — נישט אַהין, נישט אַהער. יעדער שפּאַן באָדן, סיי פון די טראָטואַרן און סיי פון אַספאַלטענעם מיטנוועג, איז געווען אַ שלאַכטפעלד פאַר פיס וואָס האָבן זיך געראַנגלט פאַר אַ פּיצל שטח. און דאָס אַלץ — כאָטש פון פאַרכמורעטן הימל איז געפאַלן אַ נאַסער, מאַרצאָווער שניי.

פּאָליציייליט, אין גומענע רעגנמאַנטלען, האָבן פאַרהאַלטן אויטאָמאָבילן, פּושקאַרטס און לאַסטאויטאָס, וואָס זענען צוגעקומען נאָנט צום לוויה־בלאָק כדי דורכצופאָרן, און זיי פאַרקירעוועט צו אַנדערע ריכטונגען. זיי האָבן בלויז אַריינגעלאָזט פּוסגייערס וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דעם טרייער־עולם.

.2

אָנגעפירט מיט דער לוויה האָט ר׳ מרדכי כהן.

אייגנטלעך האָט אָט דער קליין־געוויקסיקער און קנאַפּ־רעדעוודיקער ראש־ישיבה אָנגעפירט מיט אַלץ. אַ קורצע צייט נאָך דעם ווי די בשורה וועגן ר׳ אליהוס פּטירה איז אים אָנגעזאָגט געוואָרן האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן צו די האַרוויצעס אין הויז אַריין און געגעבן אליין אַליין געגעבן באַשטימען די הכנות פאַר דער לוויה און קבורה. צוערשט — און דאָס איז געווען פאַרטאָג — האָט ער זיך געהאַט דורכגערעדט מיטן רבס איינציקן זון, דזשעסי, גלייך אַרויסצונעמען דעם ניפטר פון שפּיטאָל־מאָרג און אים ברענגען אַהיים צו טאָן זיין רעכט. דערנאָך, ווען די חברה־קדישא האָט זיך באַוויזן, האָט ער געהאַט אַ שמועס מיט זיי ווי זיי זאָלן זיך נוהג זיין מיטן ניפטר בעת דער טהרה, כאָטש זיי האָבן אַליין אַלץ געוואוסט. און הגם ער איז געווען זיכער אַז זיי וועלן נישט מאַכן קיין טעות לויטן דין און מינהג, דאָך האָט ער זיך נישט פאַרלאָזט אויף זיין זיכערקייט, אויך נישט אויף דער זיכערקייט פון דער חברה־קדישא, און ער האָט זיך אָפּט באַוויזן אין ספרים־שטיבל, וואו ס׳איז געמאַכט געוואָרן די טהרה. אויך האָט ער נישט געלאָזט

אויסן אויג די מפורסמים פון אַלע עקן שטאָט — די רבנישע און רביאישע גאונים — און למדנים, וואָס זענען געזעסן אין גאָסטצימער און האָבן מיט צעבראָכענע הערצער געזאָגט תהלים, אַריינגעקוקט אין ישעיה, אין משלי, קהלת, דניאל. דאַסגלייכן האָט ער גופא גערופן דעם פרומען עולם צו זאָגן הויך אויפן קול און בציבור די טרויער־תפילות, איידער מ׳האָט אַרויסגעטראָגן די מיטה מיטן ניפטר.

און איצט, אַז דעם רבס מישפחה האָט זיך באַוויזן אין דרויסן, געשטעלט זיך הינטער דעם ארון, האָט ער, ר׳ מרדכי כהן, אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ צו די רבנים און רביים וואָס האָבן געטראָגן די מיטה — און די לוויה האָט זיך גערירט פון אָרט.

אין קראָם־טירן און הינטער הייזער־פענסטער האָבן זיך באַוויזן נייגעריקע מענטשן און געקוקט אויף דעם געדיכט־קעפּיקן עולם וואָס האָט פּאַמעלעך, טריט ביי טריט, געצויגן דורך די גאַסן. פאַרבייגייערס האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף די טראָטואַרן און געפרעגט אייניקע פון עולם וועגן דער חשיבות פון ניפטר. די באַגלייטערס זענען נישט געווען אין קיין געמיט צו רעדן. דאָך, כדי נישט מבטל זיין מיט שווייגן, האָבן זיי שטיל און מיט טרויער געענטפערט:

— אַ גרויסער רב...

— אַ צדיק.

— אַ מוסטער פון ערלעכקייט.

— ס׳גאַנצע לעבן זיינס געליטן און מייסטנס געשוויגן.

— געזען פיין און נישט געצווייפלט אין אמונה.

— געזען גדולה און רייכקייט ביי אומווערדיקע און נישט געפרעגט פאַרוואָס...

— אין אַלץ האָט ער געזען דעם רבונו־של־עולמס פלאַן.

— ער איז געווען פון די ווייניקע אין אונדזער דור.

פאַרהאַלטן האָט זיך דער לוויה־עולם ביי דילענסי סטריט, וואו דער פאַרקער פון מענטשן און אויטאָמאָבילן, שטראָמענדיק אין פיל ריכטונגען, איז געווען, ווי אַלעמאָל, זייער ברויזנדיק און אין שטאַרקן געאייל.

מחמת רעספּעקט צום הייליקן מאַן פון דער איסט־סייד האָבן פּאָליציילייט אָפּגע־שטעלט דעם פאַרקער פון אויטאָמאָבילן און מענטשן — און דער געדיכט־קעפּיקער לוויה־עולם איז אַריבערגעגאַנגען די גאַס אָן שטער און מיט ווירדע.

ביי די טרעפּ פון דער שול מקוה־ישראל איז אָבער ר׳ מרדכי כהן געבליבן שטיין מיט דער לוויה — און דער עולם האָט גענומען קוקן צו די צעפּראַלטע שול־טירן, וואוהין ס׳האָט זיך דערנענט אַ הויכער, דאַרער מאַן.

.3

געווען איז דער מאַן — דער וויצע־פּרעזידענט פון דער שול, ר׳ יעקב מאָרגנשטערן.

צוגעקומען צו די שול־טירן, האָט ער זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צום עולם און האָט גענומען פיבערן מיט זיינע ליפּן. ער האָט אַריינגעטאָן די רעכטע האַנט אין דער מאַנטל־קעשענע, אַרויסגענומען פון דאָרטן אַ ווייס טיכעלע, צוגעטאָן עס צום מויל און זיך אָנגעהויבן וויגן אויף רעכטס און לינקס. דער עולם האָט געזען אַז ער וויל רעדן. ס׳איז אים אָבער שווער צו עפענען די ליפּן. ענדלעך האָט ער אַוועקגענומען דאָס טיכעלע פון מויל, איז געשטאַנען אַ ווײַלע ווי פאַרשטייפט, האָט זיך געשטאַרקט און אָנגעהויבן מיט אַ כלישטש אין קול.

— אין די לעצטע צען יאָר — האָט ער שטאַמלענדיק געזאָגט — איז מיר אָפּט

אויסגעקומען צו זיין אין נאָנטן באַריר מיטן רב פון אונדזער שול. אויף מיין ווייניקייט איז אויסגעפאַלן צו זיין איינער פון די גבאים. און כ׳קאָן דאָ עדות זאָגן, אַז נאָך אַזאַ מסתפק במועט, ווי ס׳איז געווען דער גאון הרב ר׳ אליהו, האָב׳ך נישט באַגעגנט אין אַלע מיינע יאָרן. און וואָלט דאָ געקאָנט זיין דער ערשטער גבאי פון דער שול, מיסטער רובין, וואָס איז צו אונדזער גרויסן צער, ווי איר ווייסט, שוין אויך נישטאָ צווישן די לעבעדיקע, וואָלט ער בכבודו ובעצמו דאָ געשטאַנען און געזאָגט דאָס זעלבע וואָס איך. און נישט נאָר אַ מסתפק במועט איז געווען אונדזער רב. ער איז אויך געווען אַ גרויסער בעל־בטחון און טרייסטער אין שייכות מיט יידישע צרות אין דער וועלט — —

כ׳וועל אָבער אַצינד נישט רעדן וועגן דעם. כ׳וועל בלויז זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן זיין נישט אַריינפאַלן אין ייאוש וואָס אָנבאַלאַנגט גלייכגילטיקע יידן . . . אין פריער־דיקע צייטן, ווען אונדזערע יידן זענען נאָר וואָס געהאַט געקומען פון דער אַלטער היים, איז געקומען אין אונדזער שול אַריין צום דאַוונען אַ גרויסער עולם יעדן טאָג אין וואָך. היינט איז די שול מער ווי דריי פערטל ליידיק אפילו אין שבת. נו, דאָס האָט אונדז, גבאים, פאַרשאַפט אַ סך צער. וואָס וועט זיין, רבי? — האָבן מיר אָפט געפרעגט דעם רב. האַלט יידישקייט, חס וחלילה, ביים אָפּגעשוואַכט ווערן? ביים אונטערגיין? אַ, רבי?

שטאַרקט זיך, יידן . . . — האָט אונדזער מרא־דאתרא געענטפערט מיט טרייסט. — ס׳איז נישט ס׳ערשטע מאָל. זייט זיך מטריח און קוקט אַריין אין ספרים וועט איר זען, אויף אַזאַ מעמד האָבן שוין אונזערע נביאים געקלאָגט. און שפּעטער האָבן רבנים און קהילה־פירערס פון האָלאַנד, פראַנקרייך, דייטשלאַנד און רוסלאַנד גערעדט און געשריבן וועגן דעם דאָזיקן צושטאַנד ביי יידן אין זייערע מדינות. און דאָך . . . וואָס זעען מיר? מיר זעען אַז ס׳האָט זיך נאָך דעם געענדערט צום בעסערן. און ס׳אייגענע היינט . . . כ׳בין בטוח אַז אויך דער היינטיקער טרויעריקער מצב וועט נישט האָבן קיין לאַנגן קיום. מ׳זעט שוין סימנים דערפון אין דעם נייעם געמיט ביי די היגע יידן. זיי ווייזן אַרויס גרויס זאָרג בשייכות מיט די פלענער וואָס די נאַצישע ממשלה אין דייטש־לאַנד האָט קעגן אונדזער פאָלק . . . יידישע פאַרטייען דאָ אין לאַנד רופן אַ סך מיטינגען . . . אויך האָט דער יידישער קאָנגרעס אסיפות . . . מ׳זאָרגט זיך . . . מ׳איז זיך מישתדל ביי רעגירונגען . . . און דער סוף וועט זיין, ווי אַלע מאָל . . . ס׳וועט זיך אַרויסווייזן די שוואַכקייט פון פאַרלאָזן זיך אויפן צוזאָג פון שררות, אויבוואויל מ׳דאַרף אויך צו זיי אָנקומען אין אַן עת־צרה . . . און די ליידנדיקע יידן אונדזערע וועלן אין זייערע הערצער אָנהייבן פילן אַ באַדערפעניש אויסצואווייגען זיך פאַרן רבונו של עולם . . . איר׳ט זען . . . די וואָס האָבן פאַרלאָזט וועלן זיך צוריקקערן צו אמונה און צו דער שול . . .

מיט צער וויל׳ך אָבער דאָ מודיע זיין, אַז אַ טאָג פאַר זיין יציאת־נשמה האָט דער רב זיך אָפּגעזאָגט פון דעם כסא־הרבנות — — —

כ׳ווייס נישט וואָס דער גורם איז געווען. כ׳בין אָבער מער ווי זיכער אַז נישט די אָרעמקייט פון דער שול איז געווען די סיבה. אונדזער באַליבטער רב וואָלט זיך נישט געשיידט מיט דער שול אפילו ווען ער וואָלט געדאַרפט ציען חיונה פון עפּעס אַנדערש. דאָס זענען געווען זיינע ווערטער צו מיר נישט לאַנג צוריק. און אַז ער האָט זיך יאָ געשיידט, איז עס געווויס געווען איבער אַזעלכעס וואָס מיר ווייסן נישט דערפון אַצינד. אָבער . . . אַז מירן זיך אַמאָל יאָ דערוויסן, וועט עס, אָן וועלכן־ס׳איז ספק, נאָך מער פאַרשענערן דעם דורות־אַלטן יהדות־וועג, וואָס פון אים איז ער נישט אָפּגעטראָטן, אפילו נישט אויף קיין שפּליטער פון אַ רגע, זיין גאַנץ הייליק לעבן.

**4.**

פֿון דער שול האָט דער ראש־ישיבה, ר׳ מרדכי כהן, געפֿירט די לוויה צוריק איבער דילענסי סטריט, אויך דורך אַנדערע גאַסן, און זיך אָפּגעשטעלט בײַ זײַן ישיבה אויף איסט־בראָדוויי.

דאָ איז פֿאַר דעם טרויער־עולם דערשינען דער ראש־ישיבה אַליין. ער איז געשטאַנען אויף די טרעפּ, לעבן די ישיבה־טירן וואָס זענען געווען צעפּראַלט, און זײַן פּנים איז געווען ווײַס ווי בײַ אַ חלוש.

אין מיטן פֿון עולם, און ווײַטער צום הינטערגרונט, האָבן מענטשן אויפֿגעהויבן ייִערע קעפּ. זיי האָבן געוואָלט זען און הערן דעם מיטלוואוקסיקן ראש־ישיבה. זיי האָבן פֿאַרריסן זייערע קעפּ אַזוי הויך, אַזוי פֿיל אַריבער די קאַפּעליושן און היטלען פֿון אַנדערע לײַט, אַז פֿון פֿאַררײַסן זענען בײַ זיי די אויסגעצויגענע העלדזער געוואָרן לאַנג און דין ווי בײַ גענדז.

צו ר׳ יעקב מאָרגנשטערן, וואָס איז געשטאַנען נישט ווײַט פֿון דער ישיבה־געבײַדע, איז צוגעקומען אַ בלאָנדהאָריקער, הויכער יונגערמאַן. ער האָט געטראָגן אויף אַן אַקסל אַ פֿאָטאָגראַפֿישן אַפּאַראַט און אין האַנט אַ ברוין־לעדערנעם פּאָרטפֿעל.

— איך בין אַ רעפּאָרטער, — האָט דער יונגערמאַן אינפֿאָרמירט. — געשיקט געוואָרן פֿון דער גרעסטער ענגלישער צײַטונג אין שטאָט... צו באַשרײַבן די לוויה פֿון דעם רעספּעקטירטן איסט־סײַדער רב, דעם פֿאָטער פֿון קאָמוניסטישן פֿירער, מיסטער דזשעסי האַרוויס, און אויך אַראָפּנעמען בילדער...

— נו, איז שרײַבט און נעמט אַראָפּ בילדער! — האָט ר׳ יעקב מאָרגנשטערן זײַטיק און באַלעסטיקט אַ ברום געטאָן צום ייִדיש־רעדנדיקן רעפּאָרטער. — ווער לאָזט אײַך נישט?

— אַנטשולדיקט... — האָט דער רעפּאָרטער נישט אָפּגעלאָזט ר׳ יעקב מאָרגנשטערן וואָס האָט זיך גענומען אַוועקשאַרן. — וועגן דער לוויה האָב איך שוין געשריבן. אויך וועגן דעם רב... אַ מאַן האָט מיר געגעבן דעם רבס ביאָגראַפֿיע ווען איר האָט גערעדט בײַ דער שול.

— נו, האָט'יר דאָך שוין אַלץ! — האָט ר׳ יעקב מאָרגנשטערן בײַזלעך זיך גענומען דערווײַטערן פֿון דעם רעפּאָרטער. — וואָס נאָך ווילט'יר?

— אַנטשולדיקט... — איז דער רעפּאָרטער אים פֿאַרלאָפֿן דעם וועג... אײַער ביאָגראַפֿיע... עטלעכע קורצע אײנצלהייטן... אײַער סטאַטוס... און אויך דעם סטאַטוס פֿון דעם מאַן וואָס רעדט אַצינד...

— צו וואָס דאַרפֿט איר מיך? האָט ר׳ יעקב מאָרגנשטערן זיך אָפּגעזאָגט פֿון דעם כבוד. — ווער בין איך וואָס איר דאַרפֿט מיך באַשרײַבן? איך בין בלויז אַ פּשוטער בשר־ודם. שרײַבט וועגן דעם מאַן וואָס רעדט אַצינד, אויב איר דאַרפֿט האָבן עפּעס תוכיקס. ער איז אַ חשובער, וויכטיקער מענטש, אַ רב... אַ גרויסער קענער... ער איז הײמיש אין יעדן בלאַט פֿון תלמוד, פֿון קבלה... ער האָט צוויי הי־געבוירענע קינדער. אַ זון און אַ טאָכטער. אויך זיי האָבן שאַרפֿע קעפּ. דער זון האָט זיך אָבער אַ ביסל באַנאַרישט. ער איז געוואָרן אַ רעפֿאָרם־ראַבײַ... די טאָכטער איז פּראָפֿעסאָר פֿון... ווי רופֿט מען דאָס משוגעת?... יאָ, פֿון פּסיכאָלאָגיע... אַזוי, דאַכט זיך מיר, רופֿט מען דאָס.

— אויסגעצייכנט... — האָט דער רעפּאָרטער געשאָקלט מיטן קאָפּ פֿון אַנט־

ציקונג פּאָר די ביאָגראַפישע פּרטים. — וואונדערלעך. און וואָס נאָך?

ר׳ יעקב מאָרגנשטערן האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט פון פּטרן איצט צייט. ער האָט געוואָלט הערן דעם ראש־ישיבה און נישט פאַרפעלן די וויכטיקע מחשבות וואָס ער ברענגט אַרויס אין זיין הספד איבער דעם גאון און צדיק ר׳ אליהון.

— שפּעטער... — האָט ער זיך כמעט ווי געבעטן ביים רעפּאָרטער אָפּצולאָזן אים אויף אַ ווײַלע. — נאָך דעם ווי דער גרויסער מאַן, דער ראש־ישיבה, וועט פאַר־ענדיקן רעדן.

— אָלרייט, — האָט דער רעפּאָרטער צוגעשטימט. — כ׳וועל וואַרטן.

ר׳ יעקב מאָרגנשטערן האָט שוין נישט געהערט וואָס דער רעפּאָרטער האָט געענטפערט און איז געוואָרן אינגאַנצן צוהאָרכנדיק אויער צו דעם וואָס ר׳ מרדכי כהן האָט געזאָגט.

ס׳האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן אַז דאָס וויכטיקסטע פון ר׳ מרדכיס הספד האָט ער סיידוי געהאַט פאַרפעלט, כאָטש ער האָט זיך געאײַלט. ער האָט געהאַט גרויס צער דערפון, אָבער געשוויגן.

— אויף מיין צעטל פון ספדנים — האָט דער ראש־ישיבה גערעדט שטיל און פּאַמעלעך ביים סוף פון זיין הספד — האָב איך אַ צאָל פון די חשובסטע נעמען, פון באַוואוסטע גאונים. זיי געפינען זיך דאָ אַצינד מיט אונדז. און זייערע הערצער יאָמערן אויף דער פּטירה פון דעם באַליבטסטן אין אונדזער מחנה. אויך האָב איך די נעמען פון פאַרשטייערס פון אגודת־ישראל, פון מזרחי, פון יאַנג איזראַעל און אַנדערע חשובע אָרגאַניזאַציעס. אַלע האָבן אַ סך צו זאָגן... גרויסע שבחים... לדאבוני, צו מיין גרויסן צער, וועל׳ך זיך אָבער נישט קאָנען באַניצן מיט מיין רשימה. ס׳איז שפּעט. נישט געבליבן קיין סך צייט צו קבלת־שבת. צוליב אונדזער ישיבה באַגערט אָבער אַלץ אין מיר כ׳זאָל זאָגן נאָך עטלעכע ווערטער. און דאָס, צו דער מישפּחה וואָס דער גאון הדור, הרב ר׳ אליהו האָרוויץ, האָט געלאָזט נאָך זיך. כ׳באַגער אַז איר זאָלט וויסן... איר, רביצין, און אויך איר, זון און טאָכטער... אַז נישט איר אַליין זענט פאַריתומט געוואָרן. אויך מיר, מנהלים פון דער ישיבה. אָפט האָב איך זיך שואל־עצה געווען מיט אים וועגן לימוד אין אונדזער תורה־אינסטיטוציע. ער איז געווען מיין וועגווייזער, הגם איך בין דער ראש־ישיבה. און אַצינד פיל איך צו זאָגן אין נאָמען פון אַלע מחנכים אין אונדזער מוסד־התורה, און אויך אין מיין אייגענעם נאָמען, אַז מיר זענען שטאַרק פאַראייניזאָמט געוואָרן. מיר פילן זיך ווי שאָף, וואָס בעת זיי האָבן זיך געפונען אין מיטן פּאַשע־פעלד איז פון זיי אַוועקגעריסן געוואָרן דער פאַסטעך זייערער. מיר האָבן נישט דערוואַרט אַזאַ גיכע אבידה און מיר זענען לגמרי נישט געווען צוגעגרייט דערצו...

צווישן עולם איז געוואָרן זייער שטיל. ס׳איז געווען אַזאַ שטילקייט וואָס האָט געשטיקט אין האַלדז מיט טרערן. אין דער דאָזיקער שטילקייט האָט זיך דערהערט דאָס געוויין פון דער רביצין. און נאָך דעם — אויך דאָס געוויין פון הילדען.

ר׳ מרדכי איז אַראָפּ פון די טרעפּ און האָט געגעבן אַ צייכן מיט דער האַנט אַז מ׳זאָל אַריינטראָגן דעם ארון אין אויטאָמאָביל וואָס אַ „פיונערל פּאַרלאָר" האָט געהאַט צוגעשטעלט — און די נושאי־מיטה האָבן גלייך אויסגעפאָלגט.

צו דער רביצין און הילדען, וואָס האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען, האָט איצט דערנענט דזשעסי. איבער דער גאַנצער צייט וואָס די לוויה האָט זיך געצויגן דורך די גאַסן, און אויך בעת די ספדנים האָבן גערעדט, האָט ער זיך געפונען הינטער די מוטער און שוועסטער. איצט איז ער אַריין צווישן זיי, אַנגענומען זייערע אָרעמס און האָט זיי

צוגעפירט צו אַן אויטאָמאָביל וואָס דער זעלבער „פיונערל פּאַרלאָר״ האָט אויך געהאַט צוגעשטעלט.

אויך רבנים און רביים, און אויך אַ גרויסע צאָל פון עולם, האָבן זיך פאַרנומען צו אויטאָמאָבילן וואָס האָבן געוואַרט אין גאַס צו פירן זיי ביז אַרויף צום בית־עלמין.

.5

אַ שווערע לאָפּעטע, וואָס האָט געשטעקט אין אַ באַרג פריש־אויסגעגראָבענער ערד, ווען די אָנגעפאַרענע לייט זענען צוגעקומען צום קבר, איז איצט געגאַנגען פון האַנט צו האַנט. אַט האָט אַ ייד, מיט אַ לאַנגער באַרד, אַ נעם געטאָן זי אין זיינע הענט, און אַט אַ ייד מיט אַ געגאָלט פנים. אַט אַ זקן, און אַט אַ יונגערמאַן. איינער נאָכן אַנדערן האָבן די לייט אַריינגעשאָטן אין קבר אַריין עטלעכע מאָס ערד און זיי זענען געבליבן שטיין מיט אַן ענגקייט אין האַלדז.

ר׳ אליהו — אין תכריכים, אין אַ קיטל, און מיט אַ טלית איבערן קאָפּ — איז שוין געלעגן אין קבר, מיט שערבלעך אויף די אויגן און מיט ברעטלעך אַרומגעלייגט אויף אַלע זייטן. אין אָנהויב האָט זיך עפּעס געהאַט דורכגעוויסלט דורך די שפּאַרונעס צווישן די ברעטלעך, אָבער ס׳איז גלייך פאַרשוואונדן געוואָרן. אייניקע מאָל האָט זיך געהערט אַ קנאַק, אַ ברוך פון עפּעס וואָס איז געווען שוואַך אונטער דעם טויטן גוף, אָבער קיינער האָט נישט פאַרלוירן קיין וואָרט וועגן דעם. די ערד, וואָס איז אַריינגעשאָטן געוואָרן אין קבר, האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן אין דער הייך, איבערן מת, און וואָס אַ מאָל אַלץ מער אָפּגעווישט די סימנים פון דעם גרוב.

— זאַמט זיך נישט, יידן... — האָט ר׳ מרדכי, וואָס איז אויך דאָ אויפ׳ן פעלד געווען ענערגיש און פּינקטלעך, זיך געבעטן ביי די מענטשן וואָס האָבן אין טרויער און מיט געלאַסנקייט געשאָטן ערד אויפ׳ן קבר. — ס׳איז אַ קורצער פרייטיק. מ׳וועט נאָך, חלילה, מחלל שבת זיין.

איינער נאָכן אַנדערן האָבן די מענטשן גענומען אַוועקגיין פון קבר, ווען ס׳איז שוין געווען אויסגעגלייכט מיטן ראַנד, און זיך געלאָזט צו די אויטאָמאָבילן.

פון אַלע באַגלייטערס איז בלויז די רביצין געווען די איינציקע וואָס האָט זיך נישט גערירט. דער מאַרצאָווער, נאָסער שניי, וואָס האָט זיך פריער געדרייט פּאַוואָליע אין לופטן, איז איצט געווען געדיכט און איז געפאַלן האַסטיק. שטיקער אויפגעטייעטער אייז האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט מיט געיעג אויף אירע שלייפן און אויף איר נאַקן. דאָס דינע לייב אירס האָט אָבער נישט געפילט די קאַלטע נאַסקייט. זי איז נאָר געשטאַנען איבערן קבר, געבויגן, מיטן פנים אין די הענט, ווי זי וואָלט נישט געהאַט קיין שייכות מיט איר גוף. זי האָט זיך געשאָקלט און געיאָמערט.

יעדער, וואָס איז געקומען באַגלייטן, איז אַוועק מיט וויטאָג, מיט טרויער, און מיט געדעכעניש וועגן איר מאַן. אָבער זי האָט דאָ ליגן פערציק יאָר פון איר לעבן. יעדער וועט זי באַדויערן, אָבער זי וועט שוין נישט קריגן צוריק דאָס וואָס איז דאָ באַגראָבן געוואָרן. מיט אים האָט זי געהאַט אַ היים. איצט האָט זי אָבער נישט צו וואָס אַוועקצוגיין פון דאַנען. אירע קינדער זענען אָפּגעפרעמדט פון איר. און קיין פרנסה וואָס זאָל קומען פון אירע אייגענע הענט איז נישט געווען און זי קאָן נישט דערוואַרטן. קאָן זי זיך אַצינד שיידן פון דעם וואָס האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט די היים, דעם אָנשפּאַר אין ציט פון בשותפותדיקן צער מיט אים איבער די קינדער? קאָן זי זיך שיידן פון דעם

וואָס איז געווען איר רום, איר קרוין, איר באַשיינער? זי וואָלט גאָרנישט געהאַט קעגן דעם רבונו של עולם, ווען ער פאַרקירצט אויך אירע טעג, ווי די טעג פון איר מאַן, און זי בלייבט שוין דאָ. זי האָט שוין סיווי נישט צו וואָס מער צו לעבן. אַלץ איז איצט פאַר איר פרעמד, טונקל און וויסט. איז צו וואָס זאָל זי אַוועקגיין פון דאַנען, וואו ס'געפינט זיך איר מלכות און איר נשמה?

איר געיאָמער האָט זיך פאַרשטאַרקט — און ווייט און ברייט פון בית־עלמין, וואָס איז געווען געדיכט פאַרזייעט מיט מצבות, האָט זיך געהערט איר געשלוכץ.

דזשעסי און הילדע, וואָס זענען געהאַט אָפּגעגאַנגען אַ שטיקל וועג פון פאָטערס קבר, געשטאַנען אָפּגעזונדערט פון דער מוטער כדי צו געבן איר אַ געלעגנהייט צו זיין אַליין מיטן שטיק ערד, וואו ס'ליגט דער טייערסטער טייל פון איר לעבן, האָבן זיך איצט צוריקגעקערט.

— מאַמעשי... — האָט הילדע געזאָגט און אָנגענומען די מוטער ביי אַן אָרעם.

— ס'ווערט שפעט. ס'איז שוין נישט ווייט צו זון־פאַרגאַנג. קום. לאָמיר אַהיימפאָרן.

די רביצין האָט זיך העכער צעקלאָגט. זי האָט זיך געוויגט מיט איר גאַנצן גוף איבערן קבר, ווי אַ דין ביימל אין געהייל פון אַ שטורעמווינט.

דזשעסי האָט גאָרנישט געזאָגט. ער האָט נאָר געקוקט אויף דער מוטער — און טרערן האָבן אים געשטיקט אין האַלדז. געזען אָבער אַז ס'וועט נישט נעמען קיין סוף, האָט ער דערנענט און געהאָלפן הילדען אַוועקפירן די מוטער פון קבר.

# קאַפּיטל פינף־און־צוואַנציק

## שבת

### 1.

אין דער פינצטער, די טיר פון איר שלאָפצימער פאַרמאַכט, איז הילדע געלעגן אין בעט — און אירע אויגן זענען געווען צוגעשלאָסן, כאָטש נישט פון שלאָף.

זי איז געווען וואַך — און אין איר קאָפּ האָבן זיך געוועבט געדאַנקען וועגן אַלץ וואָס איז פאַרלאָפן דאָ אין הויז אין משך פון די פאַרגאַנגענע עטלעכע טעג.

דאָס שבת־מאָלצייט, וואָס די מיסעס גאָטליב האָט אויף גיך געהאַט צוגעגרייט נאָכן צוריקקערן זיך פון בית־עלמין, איז שוין לאַנג געווען פאַרענדיקט. אויך איז דאָס געפעס געווען צעוואַשן און אַוועקגעראַמט. און די שכנים און שכנות, וואָס זענען געהאַט אַריינגעקומען אין הויז נאָכן מאָלצייט, האָבן זיך שוין פון לאַנג צוריקגעקערט צו זייערע היימען. איצט איז געווען שטיל אין גאַנצן הויז. פון די עלטערנס שלאָפצימער, וואָס איז גלייך הינטער דער וואַנט, וואוהין די מוטער האָט זיך פאַרקליבן באַלד נאָכדעם ווי דער עולם איז אַוועק, האָט מען נישט געהערט אפילו קיין שאָרך, עלעהיי דאָרטן וואָלט קיינער נישט געווען. אויך האָט מען נישט געהערט קיין באַוועג פון אַן אַנדער שלאָפצימער, וואָס איז הינטער דער צווייטער וואַנט, וואוהין דזשעסי האָט זיך פאַרנומען צו לייגן זיך אויף אַ געלעגער — צוגעגרייט פאַר אים. בלויז פון דרויסן האָבן זיך געהערט שטילע, פאַמעלעכינקע טריט פון אַ פאָליצײ־מאַן. ער איז געגאַנגען הין און צוריק אויפן ליידיקן

טראָטואַר, אין זיין מיטנאַכטיקער שמירה, און האָט געהאַלטן אַן אויג אויף די פּאָר־שלאָסענע געשעפטן, אויך אויף די אָפענע קאָרידאָרן פון די טענעמענט־הייזער, אַז קיין שלעכטס זאָל דאָרט נישט אָפּגעטאָן ווערן.

ווי לאַנג ס׳האָבן זיך געגאָסן טרערן פון אירע, הילדעס, אויגן ביז איצט, און ווי לאַנג זיי וועלן נאָך ווייקן איר פּנים, איר האַלדז און נאַכטהעמד — אויף דעם האָט זי אפילו נישט געוואָלט פאַרלירן קיין איין רגע. כאָטש אַ שטים אין איר האַרץ האָט אָפּט געמאָנט אַן ענטפער. ס׳האָט זי אויך נישט געאַרט וואָס אין די באַקן אירע האָט זיך גענומען איינעסן דאָס זאַלץ פון די טרערן, און וואָס די ליפּן זענען געוואָרן איינגעטרוקנט. זי איז נאָר געווען אַריינגעטאָן אין דעם וואָס איז פאָרגעקומען דאָ אין הויז, אין פאַרלויף פון דער וואָך, און האָט אַלץ מער אָנגעהייבן פילן אַז זי איז געווען, און איז, די שולדיקע אין אַלעם.

דער פאָטער האָט טאַקע געהאַט אַ שוואַך האַרץ, אָבער ער וואָלט זיכער נאָך געקאָנט לאַנג לעבן ווען ריווע, די עזות־פּנימניצע, וואָלט זיך נישט אַרויפגעוואָרפן אויף אים מיט קללות, מיט באַליידיקנדיקע, מיאוסע רייד, און נישט אַראָפּגעשליידערט אים מיט איר גיפטיקער צונג צו אַ רינשטאָק פאַר אַלערליי שמוציקן אָפּפאַל . . . אָבער פאַר־וואָס האָט זי זיך דערלויבט אויף אַזעלכעס ? ווייל זי, הילדע, איז געווען די סיבה.

און נישט בלויז וואָס אָנבאַלאַנגט איר אייגענעם הויז. אויך אין שייכות מיטן הויז פון די רובינס איז זי, הילדע, די שולדיקע. איז זי דען נישט געווען דער גורם אין דעם טויט פון מיסטער רובין ? און אין ז׳ער קרענק פון מיסעס רובין האָט זי דען נישט דעם גרעסטן חלק ? און אין סאָלס נישט־געוויינלעכן אויפפירן זיך איז זי דען אינגאַנצן אומשולדיק ?

איז ווי קאָן זי, ווען נישט איז, פאַרגעסן וואָס ס׳האָט זיך אַלץ אָפּגעטאָן איבער איר ? ווי קאָן זי, ווען נאָר ס׳איז, זיך צונויפגיין מיט דייווידן, וואָס מיט זיין דערשיינען אויף דער חתונה פון אירס אַ „סקול״־פריינדין האָט זיך אָנגעהויבן וועבן דורך איר האַרץ דאָס אומגליק אויף ביידע הייזער — אויפן הויז פון די רובינס און אויפן הויז פון אירע עלטערן ? ווי קאָן זי זיך זען צוזאַמען מיט דייווידן אונטער איין דאַך, ווי פרוי און מאַן, אַז דאָס אומגליק פון ביידע מישפּחות וועט קיינמאָל נישט אָפּטרעטן פון איר דימיון און האַרץ ? קאָן זי אַרומגיין מיט אַזוי פיל זינד אויף איר געוויסן און דאָך קאָנען בויען איר אייגן גליק, איר ליבלעכע היים ?

ס׳איז געווען אַ שטיק נאָך האַלבער נאַכט, ווען זי איז אַראָפּ פון בעט און האָט געעפנט די טיר. זי איז אַריין אין דער קיך, וואו אין סופית האָט געלייכט אַן עלעקטריש לעמפּל וואָס ברענט איבער גאַנץ שבת. זי איז צו צום גאַזאויוון, וואו אַ טשייניק מיט וואַסער איז געשטאַנען אויף אַ קליין שבת־פייערל, וואָס מיסעס גאָטליב האָט געלאָזט ברענען פאַר זון־פאַרגאַנג, און זי האָט זיך צוגעגרייט אַ גלאָז טיי.

פון לאַנג ווייבען איז איר געווען טרוקן אין האַלדז. ס׳האָט זי געשטיקט אין דער קעל. אויך האָט זי געליטן פון קאָפּווייטאָג. איצט, זיצנדיק ביים טיש, האָט זי געהאַלטן די ליפּן ביים געשליפענעם ראַנד פון גלאָז און געפילט אַ פאַרלייכטערונג אַדאַנק דער הייסער פּאַרע אין איר נאָז. ס׳האָט אָבער נישט אָנגעהאַלטן לאַנג. אַנשטאָט טרינקען און קומען צו זיך איז זי ווידער אַריינגעפאַלן אין טרויעריקע מחשבות — און זי האָט פאַרגעסן צוליב וואָס זי איז דאָ געהאַט אריינגעקומען.

.2

אינדערפרי איז זי, הילדע, אַרויס פון איר שלאָפצימער און האָט זיך פאַרנומען צו דער מוטער. איר פּנים איז געווען בלייך. און פון נישט שלאָפן כמעט אַ גאַנצע נאַכט זענען אירע אויגן געווען שמעלער און פאַרנעפּלט. געטראָגן האָט זי אַ שוואַרץ פּיליך־היטעלע, אַ שוואַרצן מאַנטל מיט אַ ווייס מינק־קעלנערל, און שוואַרצע שיך.

צוגעקומען צו דער מוטערס שלאָפשטוב, האָט זי געזען ווי די מוטער פאַרנעמט זיך צום אַרויסגאַנג.

— ביסטו שוין גרייט, מאַמעשי ? — האָט זי געפרעגט.

— יאָ, — האָט די רביצין אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און איז אַריבער די שוועל.

— כ'בין געקומען דיר העלפן זיך אָנטאָן, — האָט הילדע געזאָגט נאָכפאָלגנדיק די מוטער. — כ'האָב געמיינט אפשר דאַרפסטו מיין הילף.

— כ'האָב זיך אַליין געקאָנט אַן עצה געבן, — האָט די רביצין געענטפערט מיט אַ שטיל קול.

אויך זי, די רביצין, איז געווען אָנגעטאָן אין שוואַרצע קליידער און שיך. בלויז דאָס שייטל, וואָס זי האָט געטראָגן, איז געווען פון אַן אַנדער קאָליר, קאַשטאַן־ברוין.

אויפן וועג צום אַרויסגאַנג פון אַפּאַרטמענט האָט זיך צו זיי אונטערגעשאַרט דזשעסי. ער איז געווען אָנגעטאָן אין די זעלבע מלבושים, וואָס נעכטן, און האָט געוואַרט אין גאַסטצימער צו גיין צוזאַמען מיט דער מוטער און שוועסטער, ווען זיי וועלן זיך פאַרנעמען צו דער שול. און ווי נאָר ער האָט זיי דערזען האָט ער אַ שווייגנדיקער גענומען זיי נאָכפאָלגן.

אין דרויסן איז געווען קילבלעך. די לופט — פריש. און דער הימל — לויטער, העל־בלוי. די פענסטער־שויבן פון די אייבערשטע שטאָקן אין די טענעמענט־הייזער האָבן שפּיגלדיק געגלימערט פון דער זילבערדיק שימערירנדיקער זון וואָס איז געשטאַנען הויך איבערן איסט־ריווער, מיט שטאָלץ, ווי אַ מאַמע וואָס נעמט אַרום מיט אַ וואַרעמען בליק איר באַלעבאַטישקייט און דאָס הויזגעזינד. אין דער גאַס איז געווען שטיל. די טירן פון געשעפטן זענען נאָך געווען געשלאָסן. און קיין פּושקאַרטס מיט סחורות האָבן זיך נאָך נישט געזען אויף די טראָטואַרן. איינצלנע מענער און פרויען, אָנגעטאָן אין וואָכעדיקע מלבושים, האָבן זיך געאיילט צו די סאָבוויי־סטאַנציעס, פון וואַנען זיי וועלן פאָרן צו דער אַרבעט. דאָ און דאָרטן האָבן זיך געזען באַבאָרדיקטע און געראַזירטע יידן, אָנגעטאָן אין שבתדיקן אויסשטאַט. זיי זענען געגאַנגען צום דאווענען מיט אַ פייערלעכער מנוחה אויף זייערע פּנימער. און פון איינעם אַ הויכן טענעמענט־עטאַזש האָט זיך געטראָגן אַ פאַרטרויערט קול פון אַן עלטערן ייד וואָס האָט מעביר געווען די סדרה פון דער וואָך. דאָס קול איז געווען צוגעכריפּעט, אָבער מיט אַ טיף־כוונהדיקער זינגעוודיקייט וואָס האָט דערמאָנט אין דער שטים פון רב ר' אליהו, ווען ער איז שבת אינדערפרי געזעסן איבער אַ חומש און האָט מעביר געווען די סדרה איידער ר'איז געגאַנגען אין שול אַריין צום דאַוונען.

געגאַנגען איז די רביצין מיט די קינדער צו דער זעלבער שול, וואו איר מאַן איז געווען רב ביז אַ טאָג פאַר זיין פּטירה. דער ראש־ישיבה, ר' מרדכי כהן, האָט זי, אגב, נעכטן פאַרבעטן צו קומען מיט די קינדער דאַוונען אין דער ישיבה, וואו ס'איז דאָ אַ גרויסער עולם. אָבער זי האָט מיט העפלעכקייט נישט אָנגענומען דעם אָנבאָט. אמת, אַ טאָג פאַר זיין טויט האָט זיך דער מאַן אירער אָפּגעזאָגט פון דעם כסא־הרבנות,

אָבער וואָס מיינט דען דאָס? דאָס אָפּזאָגן זיך איז דאָך געווען נישט איבער טענות צו דער שול, נאָר איבער דעם שידוך. אַזוי, אַז זי קאָן רעכענען די שול פאַר איר שטענדיק געבעט־הויז.

דורכגעגאַנגען די פאָדערשטע שול־טירן, האָט זיך די מישפחה צעטיילט. די רביצין און הילדע זענען אַרויף מיט די באַטעפּעכטע טרעפּ צום באַלקאָן וואָס פאַר פרויען, און דזשעסי האָט זיך פאַרנומען צום „גראַונד פלאָר" וואָס פאַר מענער.

אויפן באַלקאָן זענען שוין געזעסן עטלעכע פרויען, כאָטש דאָס דאַוונען האָט זיך נאָך נישט געהאַט אָנגעהויבן. זיי זענען געווען די ווייבער פון די שול־גבאים און פון דעם „היברו־טיטשער". ווי נאָר זיי האָבן דערזען די רביצין מיט דער בת־יחידה אַריינקומען זענען זיי אַלע מיטאַמאָל אויפגעשטאַנען פון זייערע פלעצער און אַקעגנ־געגאַנגען.

מיסעס מאָרגנשטערן, די פרוי פון דעם ערשטן וויצע־פּרעזידענט, האָט אָנגענומען די רביצין ביים אָרעם און צוגעפירט זי צו איר שטענדיקן זיצפּלאַץ. מיסעס ליפּמאַן, די פרוי פון דעם צווייטן וויצע־פּרעזידענט, האָט מיט אַ האַנט אַרומגענומען הילדען ביי די אַקסלען און צוזאַמען מיט איר נאָכגעפאָלגט די ערשטע פּאָר. און די פרוי פון דעם תלמוד־תורה לערער, איז איינע אַליין נאָכגעגאַנגען הינטער אַלעמען.

אַלע האָבן זיך געזעצט אין דער ערשטער ריי פון באַלקאָן — און באַלד האָט זיך דערהערט אַ געשלוכץ פון דער רביצין.

אין פאַרלויף פון יאָרן — האָט די רביצין געמאַכט אַ קורצן סך־הכל פון איר לעבן — איז זי יעדן שבת און יום־טוב געזעסן דאָ. דעמאָלט איז אָבער איר מאַן געווען דער רב פון דער שול, און זי, די רביצין, האָט געוואָרט אויף זיין דרשה וואָס ער האָט געהאַט צוגעגרייט צו האַלטן נאָך קריאת־התורה. וואָס איז אָבער איצט? ווי וואויל די פרויען גיבן איר נאָך אָפּ כבוד, דאָך פילט זי אַז דאָס וועט נישט זיין אויף אייביק... און זיי וועלן זיין גערעכט. נאָך איר מאַנס טויט איז זי דען באַרעכטיקט צו טראָגן דעם טיטל „רביצין"? מענטשן וועלן מיט דער צייט פאַרגעסן וואָס זי איז געווען און זיך באַציען צו איר ווי צו איינער פון זייערע געוויינלעכע באַקאַנטע. דאָס העכסטע וואָס זי קאָן דערוואַרטן פון זיי איז רחמנות — מיטלייד מיט איר אין דעם אַראָפּפאַל אירן. איז ווי זעט אויס אַ מענטש וואָס די וועלט טוט אים באַדויערן?

— קלאָגט נישט, רביצין, — האָט געזאָגט די מיסעס מאָרגנשטערן. — איר ווייסט דאָך בעסער ווי מיר אַז שבת טאָר מען נישט טרויערן.

— ווען דער רב זאָל איצינד קאָנען רעדן, — האָט צוגעהאָלפן די זויבערלעך געפּוצטע מיסעס ליפּמאַן, — וואָלט ער אייך געוויס געזאָגט נישט צו וויינען אין הייליקן טאָג.

די פרוי פון דעם תלמוד־תורה לערער, אַ הויכע, מיט טריבע, ברוינע אויגן, האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אויף אַלץ וואָס די צוויי חשובע פרויען האָבן מיט גרויס געפיל געזאָגט.

## .3

אַ קורצע צייט נאָכדעם ווי דאָס דאַוונען האָט זיך אָנגעהויבן זענען אונטן, אין שול, אָנגעקומען אַ גרופּע יונגעלייט און זיי האָבן זיך פאַרנומען צו דער פאָדערשטער באַנק, קעגנאיבער דעם ארון־קודש.

די יונגעלייט האָבן געטראָגן מיט זיך סידורים און חומשים וואָס זיי האָבן געקראָגן, ווי אַנדערע מתפללים, פון אַ גבאי ביי דער טיר. דערנענט צו דער באַנק, האָבן זיי אַראָפּגענומען פון זיך די מאַנטלען, אַריבערגעוואָרפן זיי איבער דער הילצערנער פּלייצע פון די זיצפּלעצער און זיך געזעצט. זיי האָבן אָוועקגעלייגט די חומשים, געעפנט די סידורים און זיך איינגעהערט אַ ווײַלע אין דער תפילה פון בעל־שחרית, וואָס איז געשטאַנען ביים שטענדער, אויף דער בימה, מיטן פּנים צום ארון־קודש. געכאַפּט וואו ער האַלט, האָבן זיי אויפגעמישט דעם אָנהויב פון שחרית און גענומען דאַווענען בחיפּזונדיק, כדי אָנצויאָגן דעם בעל־תפילה — און מיטהאַלטן מיט אים צוזאַמען מיטן עולם.

צווישן די יונגעלייט איז געווען סאָל — אָנגעטאָן אין שוואַרצע מלבושים. ער איז געזעסן אין מיטן און האָט זיך נישט אָנגערופן מיט קיין וואָרט, כאָטש פון צייט צו צייט האָבן די יונגעלייט, אויף רעכטס און לינקס, עפּעס געשושקעט צו אים. ער האָט זיך אַפילו נישט אומגעקוקט. ער איז געזעסן גלייך, אָן באַוועג, ווי אַ גיפּסענע פיגור אין אַ שויפענסטער. און אין זיין פּנים האָט זיך נישט געזען קיין צוק, קיין קנייטש מיט די ליפּן בעת ער האָט אַריינגעקוקט אין דעם צעעפנטן סידור, וואָס ער האָט מיט ביידע הענט געהאַלטן אויפן שויס. ס'איז געווען קענטיק פון זיין גאַנצן אויסקוק אַז זיין פאָטערס טויט האָט אים טיף צעטרייסלט, אַז ער, דאָס איינציקע קינד און מיט אַ קראַנקער מאַמען, זעט נישט קיין אות אין סידור, און אַז זיין געדאַנק איז נישט קאָנצענטרירט אויפן דאַווענען, כאָטש ער קוקט אויף די אויפגעמישטע בלעטלעך.

אין הילדעס אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן. דערזען האָט זי, סאָלן פון איר זיצפּלאַץ, אויפן באַלקאָן, אַזוי גיך ווי ער האָט זיך באַוויזן אונטן מיט דער גרופּע יונגעלייט. זי האָט מער נישט צוריקגעקערט אירע אויגן צום סידור און נאָר געקוקט אויף אים.

דאָס איז געווען ס'ערשטע מאָל אין עטלעכע וואָכן וואָס זי האָט אים געזען. דאָס פריערדיקע, און לעצטע, מאָל איז געווען אין אַן אָוונט ביי איר אין דער היים. ער איז דעמאָלט געקומען זי נעמען צו אַ באַנקעט, וואָס דער „יאַנג איזראַעל" צענטער אין דער איסט־סייד האָט איינגעאָרדנט לכבוד אַ באַוואוסטן ראַביי, אַ געלערנטן אין יידישער פילאָזאָפיע. זי, הילדע, האָט זיך אָפּגעזאָגט פון גיין צום באַנקעט. שוין לאַנג ווי ס'איז איר געווען דערווידער דאָס באַגעגענען זיך מיט מענטשן פון „יאַנג איזראַעל", דאָס באַטייליקן זיך אין זייערע אונטערנעמונגען, און דאָס אויסהערן די לעקציעס פון זייערע באַשטעלטע לעקטאָרן.

זי האָט געהאַט רעליגיעז איבער די אויערן נאָך איידער זי האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער קאָמוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע. דאָס אידעאַליזירן דעם אַמאָליקן לעבנס־שטייגער פון פרומע יידן איז איר שוין געקראָכן פון האַלדז. פון לייענען האָט זי געוואוסט אַז די אַמאָליקע פרומע האָבן אויך געמוסרט זייערע אייגענע בני־דור און אָנגעוויזן אויף אַ פיל ווייטערן אַמאָל, ווען דער דעמאָלטדיקער לעבענסשטייגער איז געווען אַ מוסטער. און אַזוי האָבן די שטרענגע אָנזאָגן פון שולחן־ערוך ווי צו פירן זיך אין טאָג־טעגלעכן לעבן אַרויסגערופן אין איר אַ סך ספקות צי ס'איז נייטיק אַזאַ דיסציפּלין, כדי צו זיין אַ גוטער ייד.

אויך האָט צוגעהאָלפן צו איר סקעפּטיציזם דער קאָלעדזש, וואו אויסער אַנדערע קעגנשטאַנדן האָט זי אויך געלערנט פילאָזאָפיע, קולטור־געשיכטע פון פעלקער און פּאָליטישע עקאָנאָמיע. אָבער גאָר שטאַרק איז צעטרייסלט געוואָרן איר אָנהאַלט אין רעליגיע איבער דעם נאַצישן דייטשלאַנד וואָס האָט ביי זיך אין לאַנד געמאָרדעט יידן

און אַרויסגעטריבן פֿון דער מדינה יענע וואָס האָבן נאָך געלעבט. דאַרף דאָס אויס־דערוויילטע פֿאָלק טאַקע שטענדיק לײַדן? — האָט זי זיך געפֿרעגט. מוז עס ווערן די כּפּרה פֿאַר אַלערלײַ ווילדע אינסטינקטן און זינד פֿון פֿרעמדע? און ווען אַפֿילו עס האָט אַלײן פֿאַרבראָכן קעגן דער מאָראַל, מוז עס דערפֿאַר טײַער באַצאָלן בעת אַנדערע פֿעלקער, גרויסע רשעים, קומען אָפּ מיט גאָרנישט? פֿאַרוואָס אַזאַ אומזיניקער תּירוץ פֿון רעליגיעזע מענטשן?

סאָל האָט געוווּסט וועגן איר טיפֿן צווייפֿל און איר בונטאַרישקייט. זי האָט אָבער אַלע מאָל נאָכגעגעבן, ווען ער איז געקומען זי אַרויסנעמען צו דער „יאַנג איזראַעל״ אָרגאַניזאַציע. ווען זי וואָלט געטאָן פֿאַרקערט, וואָלט עס געפֿירט צו אַ מחלוקת. ס׳וואָלט געוויזן אַז זי האָט נישט קיין בשותּפֿותדיקן וועג מיט אים נאָך איידער זיי האָבן חתונה. דאָס מאָל, ס׳הייסט מיט עטלעכע וואָכן צוריק, ווען ער איז געקומען צו איר אַהיים אַרויסנעמען זי צום באַנקעט, האָט זי זיך אָבער אויסדריקלעך אָפּגעזאָגט. דאָס מאָל דערפֿאַר, ווײַל זי האָט געזוכט אַ תּוכיקן צופֿיר אויף איבעררײַסן דעם קאָנטאַקט מיט אים און אָפּלאָזן דעם שידוך. און דאָס איז געווען פֿאַר איר די בעסטע געלעגנהייט צו ערגערן אים, אויפֿרעגן און צווינגען אים עפּעס צו טאָן. דאָס איז אויך געווען די בעסטע געלעגנ־הייט צוליב נאָך עפּעס. אַ שטיקל צײַט פֿריער האָט זי אים צוגעזאָגט יאָ צו גיין מיט אים צום באַנקעט.

און אַז ער האָט איר דאָס דערמאָנט, האָט זי אים דערויף געענטפֿערט אַז ס׳אַרט זי נישט וואָס זי האָט צוגעזאָגט. פֿון דעם ענטפֿער אירן איז ער געוואָרן אַזוי צעטראָגן, אַזוי שניי־ווײַס, אַז ער האָט אַפֿילו נישט געקאָנט עפֿענען דאָס מויל. ער איז געשטאַנען אַזוי, עלעהיי ער וואָלט נישט געווען קיין לעבעדיק באַשעפֿעניש, נאָר אַן אָפּגעקאַלכטער מאַנעקין אין אַ שויפֿענסטער.

און דאָך איז גאָר נישטאָ קיין פֿאַרגלײַך פֿון זײַן איצטיקן אויסזען מיט זײַן דעמאָלט־דיקן אויסקוק. איצט זעט ער אויס אַזוי, אַ שטייגער ווי אָט־אָט — און ס׳וועט מיט אים געשען אַזעלכעס וואָס ווערט בײַ יעדן אײנעם אַרום אָפּנעמען דאָס לשון.

ס׳איז זייער אײדל פֿון דער גרופּע יונגעלײַט — האָט זי געטראַכט — וואָס זיי זענען צוגעזאָגן צו אים און באַציִען זיך צו אים, ספּעציעל איצט, מיט טיפֿן מיטגעפֿיל. ער איז דאָך אײנגאַנצן אָן מאַנסבילשע קרובֿים! זיי, די בחורים פֿון דער גרופּע, זענען געווייען די פּירערס פֿון דער „יאַנג איזראַעל״ אין דער איסט־סײַד. אײנער, אַ הויכער, אַ טונקעלער, מיט ברילן אויף דער נאָז, איז געווען דער פּרעזידענט פֿון דער אָרגאַניזאַציע, זינט סאָל האָט פֿאַרענדיקט זײַן טערמין. ער האָט שטודירט אויף אַדוואָקאַט. אַ צווייטער, אַ מיטלוואוקסיקער, אַ העלער, מיט אַ פֿול פּנים און ברייטע אַקסלען, איז געווען דער סעקרעטאַר. ער האָט שטודירט אויף דאָקטער. אַ דריטער — אַ לערער אין אַ פּאָבליק סקול — איז געווען דער קאַסירער. און פֿון די לעצטע צוויי — אויך פֿאַרטראָטן אין דער פֿאַרוואַלטונג — איז אײנער געווען אַ סטודענט פֿון קאָלעדזש בײַ דער ישיבֿה ר׳ יצחק אלחנן, און דער אַנדערער אַן אָנגעשטעלטער אין אַ מעבל־געשעפֿט.

אַלע זענען געווען סאָלס לאַנגיאָריקע פֿרײַנד. זיי זענען געקומען צו אים אין הויז, האָבן פֿאַרברענגט צוזאַמען מיט אים אין גאַס, און פֿון צײַט צו צײַט זענען זיי מיטגעגאַנגען מיט אים צו איר, הילדען, אַהיים. זיי האָבן אַפֿילו איר געגעבן מתּנות צוליב אים. זיי זענען געווען אַזוי איבערגעגעבן צו אים, אַז אַפֿילו בײַ „פּאַרטיס״, וואו די קאָנווענציאָנעלע עטיקעט דערלויבט אַ סך זאַכן, האָבן זיי זיך אָפּגעהאַלטן פֿון פֿאַרבעטן זי, הילדען, צום טאַנצן, ביז זיי האָבן זיך פֿריער נישט אָנגעפֿרעגט בײַ אים. כּדי ער זאָל נישט האָבן

דעם מינדסטן חשד אַז עמעצער פון זיי וויל ביי אים צונעמען זיין כלה פאַר זיך, האָבן זיי שטענדיק געהאַלטן אין לויבן סאָלן פאַר איר מיט די העכסטע שבחים. און דאָס האָבן זיי געטאָן, כאָטש זיי, נישט פאַרהייראַטע, זענען גאָרנישט געווען גלייכגילטיק צו איר. ביי שימחות אין דער אָרגאַניזאַציע, אָדער ביי שבת־צונאַכטיקע פאַרווייַלונגען אין סאָלס הויז, אָדער אין אַ היים ביי איינעם פון דער גרופּע פריינד, האָט יעדער געקאָנט באַמערקן די באַזונדערע באַציאונג וואָס זיי האָבן געהאַט צו איר. ווי וואויל זיי האָבן זיך געהיט מיט זייערע געפילן, האָבן זייערע שעמעוודיקע שמייכלען און פינקלדיקע בליקן דאָך אַלץ אַנטפּלעקט. ווייטער איז עס אָבער ביי זיי נישט אַוועק. זיי האָבן זיך געפּייניקט — און נישט פאַרראָטן.

און אויך איצט זעט זיך זייער ריינע פריינדשאַפט. ס׳קאָן נישט זיין דער מינדסטער ספק אַז זיי זענען געווען ביי דער לוויה פון סאָלס פאָטער. און זינט דעמאָלט האָבן זיי געוויס נישט געלאָזט אים אַליין. דאָס וואָס זיי זענען צוזאַמען מיט אים געקומען אין שול אַריין איז באַין אופן נישט געווען קיין צופאַל. נישט לאַנג צוריק זענען זיי, אָן צווייפל, אַוועק צו אים אַהיים און פון דאָרטן אים גענומען צום דאַווענען.

די פריינדשאַפט זייערע האָט זי אַזוי גערירט, אַז טרערן פון דאַנקבאַרקייט צו זיי האָבן נישט אויפגעהערט פליסן פון אירע אויגן. אָט איז ער, סאָל, אינגאַנצן צעבראָכן. ער האָט נישט צו וואָס מער צו לעבן .אַלץ איז ביי אים געזונקען. און דאָ קומען פריינד און רינגלען אים אַרום מיט מיטגעפיל, מיט צוגעבונדנקייט און מיט ברידערלעכער שוץ אויף טריט און שריט.

4.

שפּעט נאָכמיטאָג האָט זיך אין איר היים, הילדעס, באַוויזן סאָל.

ער איז נישט געווען באַגלייט פון קיינעם. ער איז אַריינגעקומען פּאַמעלעך, ווי ער וואָלט געווען`אויף אַ פאַרזיכטיקער רעגירונגס־מיסיע אין אַ פרעמד לאַנד, און איז געבליבן שטיין אין קאָרידאָר. ער האָט מיט אַ נישט־זיכערן בליק געקוקט אויף מיסעס גאָטליב, וואָס האָט געעפנט פאַר אים די טיר, און געפרעגט זי צי ער קאָן זען די האָרוויץ־מישפּחה.

— אוודאי, — האָט זי געהאַלטן די הענט פאַרקרייצט אויף פאָרנט און געקוקט אויף אים מיט איבערראַשונג פאַר דעם ספק אין זיין פרעגן. — הילדע און איר ברודער זענען אין גאַסטצימער. און די רביצין איז אין רבס ספרים־שטיבל. זי זאָגט ברכי נפשי.

ציטערדיק און אויך אַ ביסל צוריקגעהאַלטן, ווי ער וואָלט געגאַנגען באַגעגענען דורכאויס פרעמדע מענטשן צום ערשטן מאָל, האָט סאָל מיט קליינינקע טריטעלעך דערגרייכט צום גאַסטצימער. ער איז געבליבן שטיין ביי דער שוועל, וואָס איבער איר איז נישט געווען קיין טיר, און האָט מיט טרויער אין קול געשעפּטשעט:

— גוט שבת.

הילדע, אין אַ שוואַרץ קלייד, די בלאָנדע האָר גלאַטיק צוגעקעמט, איז געזעסן אויף דער סאָפע. און דזשעסי, אין אַ שוואַרצן גאַרניטור, מיט אַ יאַרמעלקע אויפן קאָפּ, איז אויך געזעסן אויף דער סאָפע, קעגנאיבער דער שוועסטער.ביידע זענען געווען שטאַרק באַטריבט און האָבן געהאַלטן אין מיטן פון אַ שמועס. דערזען סאָלן, האָבן זיי אויפגעהערט רעדן, פאַרגעסן וועגן וואָס זיי האָבן זיך אָקאָרשט געשפּאַרט, און אָנגעהויבן קוקן אויף אים מיט נישט־מיושבע בליקן.

— גוט שבת, סאַל . . . — איז הילדע, נאָך אַ ווײַלע שווייגן, אויפגעשטאַנען און האָט מיט צעטומלטקייט פאַרלייגט די הענט אויף פאַרנט.

— גוט שבת . . . — איז אויך דער פילאָזאָפיש־פאַרטראַכטער דזשעסי אויפגעשטאַנען און האָט מיט טיילווייז צוגעמאַכטע ליפּן אַרויסגעבורטשעט.

הילדע האָט געשטעלט עטלעכע טריט אין סאָלס זייט און אַראָפּגענומען די הענט פון אונטער דעם בוזעם.

— נעם זיך אַראָפּ דעם מאַנטל, סאַל, און זעץ זיך, — האָט זי געזאָגט מיט אַ גאַסט־פריינדלעכן, שטילן טאָן און אים אָנגעוויזן אויף אַ געבעטער שטול, נישט ווייט פון דער סאָפע.

סאַל האָט זיך נישט באַוועגט. ער האָט געקוקט אַ מאָל אויף דזשעסין און אַ מאָל אויף הילדען:

— ס׳ווילט זיך מיר נאָך אַלץ נישט גלייבן, — האָט ער געזאָגט אַזוי, עלעהיי ער וואָלט געשעפּטשעט צו זיך, — אַז אויך אייער פאָטער איז מער נישטאָ.

הילדע האָט זיך צעוויינט. דזשעסי האָט אַרויפגעטאָן די הענט אויף היינטן און צונויפגעפּרעסט די ליפּן.

— און אויך איז שווער, ממש אוממעגלעך, אָנצונעמען, האָט דזשעסי, נאָך אַ ווײַלע שווייגן, געזאָגט צו סאַלן, — אַז דיין פאָטער, אַזאַ דינאַמישער, איז מער נישטאָ . . .

סאַל האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אין טרויער, געצוקט מיט די ליפּן, אָבער גאָרנישט געקאָנט זאָגן.

הילדע האָט דערנענט צו סאַלן און אויסגעשטרעקט די הענט צו אים:

— גיב מיר דיין מאַנטל, סאַל, און זעץ זיך.

סאַל האָט אַראָפּגענומען פון זיך דעם מאַנטל, אָבער נישט געגעבן אים צו הילדען. ער האָט אים אַוועקגעלייגט אויף אַן אָרעם פון דער געבעטער שטול, וואו הילדע האָט אים געהאַט אָנגעוויזן צו זעצן זיך, און זיך געזעצט.

פילנדיק זיך אַן איבעריקער, האָט דזשעסי זיך אַנטשולדיקט צו הילדען, אויך צו סאַלן, און איז אַרויס.

הילדע האָט זיך צוריקגעקערט צו דער סאָפע, זיך געזעצט און נישט אַראָפּגענומען אירע אויגן פון סאַלן.

— אַ דאַנק דיר, סאַל, פאַר קומען מיט אַ באַזוך צו מיר אַצינד . . . האָט זי געזאָגט נאָך אַ ווײַלע ראַנגלען זיך מיט ווערטער אויף די ליפּן.

סאַל האָט געהאַלטן די הענט אויף די קניען, געקוקט צום דיל און גאָרנישט געענטפערט.

—ס׳טוט מיר שטאַרק וויי — האָט הילדע ווידער געזאָגט — וואָס כ׳בין נישט געווען ביי דיין טאַטנס לוויה. כ׳האָב געוואָלט . . . אָבער . . . נישט געקאָנט.

סאַל האָט ווידער גאָרנישט געענטפערט.

— אוודאי האָב איך דאָס געפילט, — האָט הילדע געקוקט זייטיק און גערעדט ווי צו זיך, — אַז דו באַשולדיקסט מיך אין דיין טאַטנס טויט. כ׳האָב אויך דאָס געפילט, אַז מיין יאָ קומען צו דער לוויה וואָלט גאָרנישט געענדערט אין דיין באַשולדיקן מיך. אָבער פאַר מיר אַליין פיל איך נישט קיין באַרעכטיקונג. דאָס נישט באַטייליקן זיך אין דעם טרויער אויף דיין גרויסן פאַרלוסט פּייניקט מיך זייער שטאַרק.

סאַל האָט ווידער גאָרנישט געענטפערט.

— ווי פילט זיך דיין מאַמע? — האָט הילדע אין אַ ווײַלע אַרום געפרעגט.

— נישט בעסער, — האָט סאָל געשעפּטשעט, קוקנדיק נאָך אַלץ צום דיל. — כ׳קום אַצינד פון שפּיטאָל.

וואָס איז איר?

— די דאָקטוירים ווייסן נאָך נישט. זי רעדט נישט און האַלט די אויגן פאַרמאַכט.

הילדע האָט אַריינגעטאָן דאָס פּנים אין די הענט און זיך צעכליפּעט.

מיסעס גאָטליב האָט זיך באַוויזן ביי דער שוועל:

— ווילסט אפשר, הילדע, כ׳זאָל סערווירן טיי?

הילדע האָט זיך אויסגעגלייכט, אויסגעווישט זיך די אויגן און גענומען קוקן אויף סאָלן:

— מיר׳ן אַריינגיין אין קיך, סאָל, און האָבן טיי.

סאָל איז אויפגעשטאַנען און האָט געדרייט מיטן קאָפּ אויף ניין:

— אַ דאַנק, — האָט ער געזאָגט. — כ׳וויל זען דיין מאַמע, הילדע. כ׳וויל איר זאָגן עטלעכע ווערטער...

— גיי, — האָט הילדע געזאָגט מיט צערטלעכקייט אין קול. — אָבער נאָכן שמועס מיט דער מאַמען קום אין קיך אַריין. מ׳וועט האָבן טיי צוזאַמען.

סאָל האָט אויף דעם גאַרנישט געענטפערט. ער האָט אויסגעזען ווי ס׳וואָלט אים נישט אָנגעגאַנגען. ער האָט זיך בלויז אָפּגעקערט פון הילדען און זיך פאַרנומען צו דער רביצין וואָס האָט זיך געפונען אין דעם רבס ספרים־שטיבל.

## קאַפּיטל זעקס־און־צוואַנציק

## חשבון הנפש

### .1

פּאַמעלעך, אָן געריוש און אָן געבראַזג האָבן זיך אויפן קיכ־טיש באַוויזן גלעזער מיט שעלעכלעך, לעפעלעך, אַ צוקערניצע, סערוועטקעס, און אייערקיכלעך. אַלץ איז סערווירט געוואָרן אַזוי, ווי ס׳וואָלט נישט געווען לכבוד אַ גאַסט. נאָר עלעהיי עמעצער, אין לאַנגווייליקייט, וואָלט עס געטאָן בלויז צוליב איין צוועק — צו פאַרטרייבן פון זיך דעם אומעט. און דאָס, דורך סתם זיך באַשעפטיקן מיט עפּעס.

מיסעס גאָטליב, וואָס האָט אַלץ אַליין סערווירט אויפן קיכטיש, האָט זיך אָבער נישט געפילט לאַנגווייליק אין רבנישן הויז. און אוודאי האָט זי נישט געדאַרפט סתם טאָן עפּעס כדי צו פאַרטרייבן פון זיך דעם אומעט. אמת, זי איז געווען דורכגענומען מיט טיפן טרויער איבער אַלץ וואָס איז פאַרלאָפן ביי דער רבנישער מישפּחה, אַזוי שטאַרק דורכגענומען, אַז די חושים אירע האָבן כמעט אינגאַנצן אויפגעהערט צו זיין טעטיק. און אויך איז איר ווילן געווען ווי געליימט. דאָך, גלייך נאָך דעם רבס פּטירה, האָט זי פרייוויליק גענומען אויף זיך די פליכט פון אַ באַזאָרגערין, פון טאָן דאָ אַלץ פאַרן הויז. און זינט דעמאָלט טוט זי עס ממש ווי פאַר אייגענע, מיט אַנאויסשעפּלעכער הילף־גרייטקייט. דאָס טאָן אירס איז אָבער געווען אַזוי פּאַמעלעך, אַז ס׳האָט זיך שיר־נישט געגרענעצט מיט געליימטקייט.

אַז זי איז געגאַנגען, האָט מען נישט געהערט אירע טריט. האָט זי עפּעס צוגעגרייט,

האָט מען נישט געהערט קיין גערויש, קיין געבראַזג, אפילו קיין שאָרך נישט. כאָטש בטבע איז זי געווען אַ געלאַסענע, אַ פּאָרזיכטיקע, אָבער אַזוי געלאַסן און פּאָרזיכטיק ווי זי איז געווען, זינט זי האָט איבערגענומען די באַלעבאַטישקייט דאָ, האָט זיך קיינמאָל פריער נישט געמערקט ביי איר. די גאַנצע באַוועגונג אירע איז געווען ווי אַ שלעפּעריקער ריטעם פון איר טרויעריקן געמיט. און דער דאָזיקער שאַ־שטיל פון איר גאַנצן אויפפירן זיך האָט נישט נאָר אויסגעדריקט דעם צער פונעם הויז דאָ. ער האָט אויך טייער געהאַלטן דאָס דיבינקע געוועב פון דעם מישפחה־ווייטאָג און געהיטן אַז עס זאָל נישט צעוויכערט ווערן פון אַ הויך וואָרט, אָדער אַ גערודער.

דערפאַר האָט זי אויך איצט סערווירט אויפן קיכטיש — אַן גערויש און אָן קענטי־קער פּאָרקעניש. און נאָך דעם האָט זי, אפילו אָן אַ פּיפּס פון איר מויל, גענומען וואַרטן אויפן „גאַסט" כדי אָנצוגיסן טיי אין די צוגעגרייטע גלעזער.

געזעסען איז זיביים טיש. זי האָט געקוקט זייטיק, אין ערגעץ נישט, עלעהיי זי וואָלט געווען מיד און נישט געקאָנט אפילו אויפשטיין צו גיין זיך צולעגנען. אין אמתן האָט זי געהאַלטן איר גאַנץ געהער אָנגעשטעלט צום קאָרידאָר. זי האָט געוואָלט הערן ציַ סאָל קערט זיך שוין צוריק פון דעם ספרים־שטיבל, וואוהין ער איז געהאַט אַוועק צו ביטן דער רביצין „גוט שבת" און זאָגן עטלעכע טרייסט־ווערטער.

ס'איז אָבער שוין געווען אַ היפּש שטיקל צייט ווי ער איז געהאַט אַוועק — און קיין טריט פון זיין צוריקקער האָט זיך נאָך אַלץ נישט געהערט.

אויך איז ביים זעלבן טיש געזעסן הילדע. אויך זי האָט געוואַרט אויף סאָלן. זי האָט געוואָלט טרינקען טיי צוזאַמען מיט אים. געזען אָבער אַז ער זאַמט זיך ביי דער מוטער לענגער ווי ס'איז געווען נייטיק ביי אַזעלכע טרויער־אומשטענדן, האָט זי גענומען נאָכקלערן. קומט אפשר דאָרטן פאַר אַזעלכעס וואָס איז נישט אָנגענעם פאַר ביידן? רעדן זיי אפשר אַזעלכעס וואָס איז נישט קיין טובה פאַר קיינעם?

— כ'וועל גיין און אים רופן, — האָט הילדע מיטאַמאָל גענומען פליסטערן און קוקן זייטיק צום אַרויסגאַנג. — כ'וויל נישט אַז איינער דעם צווייטן זאָל דאָרטן ווייַ טאָן מיט עפּעס. ס'איז זייער מעגלעך...

— גאַנץ גלייך, — האָט מיסעס גאָטליב צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און געקוקט אויף הילדען מיט באַטריבטע אויגן.

הילדע איז אויפגעשטאַנען און איז אַרויס אַ דערדריקטע.

.2

צוגעקומען עטלעכע שפּאַן פון פאָטערס ספרים־שטיבל, האָט הילדע געהערט סאָלס קול. זי איז געבליבן שטיין אין קאָרידאָר, נישט ווייט פון דער אָפענער טיר, און האָט, אָן באַגער, זיך איינגעהערט אין זיינע רייד.

ווייזט אויס אַז די מערסטע צייט האָט בלויז ער אַליין, סאָל, געהאַלטן דאָרטן אין איין רעדן. דאָס איז געווען קענטיק לויט דעם פאַרנעם פון זיין מאָנאָלאָג. ער האָט גערעדט פּאַמעלעך, מיט רחמנות צו זיך, מיט באַדויער אויף זיינע פאַרגאַנגענע יאָרן. ער האָט גערעדט צו דער רביצין ווי זי וואָלט געווען זיין מוטער. און וואָס מער ער האָט גערעדט, אַלץ מער האָט זי, הילדע, אָנגעהויבן באַנעמען דעם זין פון זיין אַראָפּרעדן זיך פון האַרץ. און דער איצטיקער שטראָם פון זיינע רייד איז געווען דער אויספיר פון זיין באַקלאָגן זיך אויף זיין איינזאַמקייט און אויף די פאַרפלויגענע טעג און יאָרן זיינע.

— כ׳וועל אַצינד אָנהייבן אַלץ פונסניי, — האָט ער דאָרטן מיט אַ טריב קול נאָך אַ קורצן אָטעם־אָפּכאַפּ, פאַרגעזעצט פאַר דער רביצין. — דער טויט פון מיין טאַטן האָט ביי מיר אָפּגענומען דעם חשק אָנצוגיין ווייטער מיט די ביזנעס. צו וואָס? וואָס וועל׳ך דאָרטן טאָן? מאַכן נייע באַשטעלונגען ביי פירמעס? פאַרקויפן מער סחורות? וואָס וועל׳ך האָבן דערפון? און וואָס האָט מיין טאַטע געהאַט דערפון? איז ער אַוועק פון דער וועלט אַ צופרידענער, כאָטש ער האָט מצליח געווען אין געשעפט און אין ריל־עסטייט? כ׳ווייס נישט געגנוי אין וואָס כ׳וועל זיך באמת קאָנען אויסלעבן. כ׳טראַכט פון גיין אין קאָלעדזש, אָדער לערנען אין דער ישיבה ר׳ יצחק אלחנן, אָדער אפשר נעמען קורסן אין טעאָלאָגישן סעמינאַר. כ׳ווייס נאָך נישט פּינקטלעך וואו און וואָס. כ׳גלייב, כ׳וועל זיך פריער דאַרפן אַן עצה האַלטן מיט די רעגיִסטראַרן פון די אינסטיטוציעס. אָבער איין זאַך ווייס איך אויף זיכער, כ׳וועל אָנהייבן אַלץ פונסניי.

ער האָט זיך אָפּגערוט אַ ווײַלע און ווידער גערעדט:

— כ׳קאָן מער נישט לעבן אַזוי ווי ביז אַצינד. דער טויט פון מיין טאַטן האָט מיך אַרויסגעריסן פון דעם שטייגער לעבן מיינעם ביז אַהער. כ׳פיל, אַז כ׳דאַרף אָנהייבן זוכן אַן אַנדערן זין פאַר מיינע ווייטערע יאָרן. פריער בינ׳ך געווען אַ ביסל לייכט. אַלץ איז דאָך מיר אָנגעקומען גרינג. כ׳האָב נישט געטראַכט וועגן קיין זאַך מיט ערנסט. כ׳האָב געלאַכט ביי דער מינדסטער געלעגנהייט. און כ׳בין געווען געשטימט מיט חוזק צו מענטשן וואָס האָבן געטראַכט מיושבדיק.

ער האָט ווידער אויפגעהערט — און אין אַ ווײַלע נאָכדעם אויפסניי גערעדט:

— אין די שעהן פון שבעה וואָס כ׳האָב אָנגעהויבן זיצן נאָך מיין טאַטן, אויך אין די נעכט, זינט מיין טאַטנס טויט, האָב׳ך אָבער אָנגעהויבן פילן אַן ענדערונג אין מיר. אין „יאָנג איזראַעל״ בינ׳ך געווען שטאַרק טעטיק, נישט דערפאַר ווייל כ׳האָב מיטן גאַנצן האַרץ געגלייבט אין יידישקייט, אין אַן אייגענער מלוכה אין ארץ־ישראל. ניין, כ׳בין געווען דאָרטן טעטיק נאָר בלויז דערפאַר ווייל די חברים מיינע האָבן דאָרטן אַ סך געטאָן. כ׳האָב זיי נאָכגעטאָן אויס קינאה צו זייער אָנזען. און פאַר פּרעזידענט פון דעם „יאָנג איזראַעל״ צענטער האָט מען מיך אויסגעקליבן, נישט ווייל כ׳בין עס ווערט געווען. דאָס איז נישט אמת. ס׳איז געטאָן געוואָרן בלויז דערפאַר ווייל מיט מיין שטיין אין שפּיץ, האָבן די חברים געפּילט, וועל׳ך געבן מער געלט פון מיין קעשענע. דאָס האָט דאָך אין אמתן טאַקע געהאָלפן אָנגיין מיט די דאָרטיקע אַקטיוויטעטן און אויך באַשאַפן נייע פּראָיעקטן . . .

ער האָט גענומען הוסטן, וואָס דערפון איז געווען קענטיק אַז ער איז צוגעקילט, און דערנאָך ווידער גערעדט:

— און דאָס קלעפּן צו מיר פון מיינע פריינד, זייער פאַרזאַמלען זיך אין מיין היים אין די שבת־צונאַכטן, און אין אַנדערע טעג, דאָס אַלץ איז נישט געווען דערפאַר ווייל זיי האָבן דערוואַרט צו געניסן עפּעס פון מיר גייסטיק. ניין. דאָס אויך נישט. זיי האָבן אַרויסגעוויזן אַזוי פיל פריינדשאַפט צו מיר בלויז דערפאַר ווייל מיין היים איז געווען מער באַקוועם פון זייערע היימען צו פאַרברענגען דאָרטן אַן אָוונט. און אויך ווייל מיין מאַמע, מער ווי זייערע מאַמעס, האָט געהאַט פאַרגעניגן פון מיר פאַר מיין אָנגעזעענקייט צווישן די יונגעלייט, און זי האָט דערפאַר געבאַקן, געקאָכט און סערווירט דעם טיש ווי צו אַ חתונה.

אין משך פון אַ ווײַלע האָט ער ווידער געשוויגן, ציִ סתם געטראַכט וועגן עפּעס. נאָכדעם האָט ער זיך אויפסניי געלאָזט הערן:

— ס׳איז אָבער אַלעמאָל דאָ עמעצער װאָס זעט אָט די אַלע פֿאַרבאָרגנקײטן. עמעצער װאָס פֿאַרשטײט זיך אויף דעם אָנשטעל און די פֿאַלשקײטן. און אַזאַ עמעצער, גלײב איך, איז געװען הילדע. זי האָט געזען דעם לײדיקן כבוד װאָס די פֿרײַנד און די חברים פֿון „יאָנג איזראַעל" האָבן מיר צוגעטײלט, די חניפֿה װאָס זײ האָבן גענוצט װען זײ האָבן גערעדט צו מיר, און װי פּראָסט און באַנאַל ס׳זענען געװען מײַנע מײַנונגען װען כ׳האָב זיך באַטײליקט מיט אַ װאָרט אין שמועסן צװישן מענטשן. און װי פֿול מיט שפּאָט ס׳איז געװען דאָס װאָס דער עולם האָט צוגעשטימט צו מײַנע אַרויסגעזאָגטע געדאַנקען. זי, הילדע, האָט געזען אַז איך בין נישט קײן פּאַרטיקער מענטש. אַלץ אַרום מיר איז װי אַ נעפּל װאָס װעט פֿריִער אָדער שפּעטער צערינען װערן. דעמאָלט װעל׳ך שטײן אַ נאַקעטער, אַן אָפּגעלאַכטער. און נאָך ערגער... צוזאַמען מיט מיר װעט אויך זי, הילדע, אָפּגעלאַכט װערן. מ׳װעט זי אויך באַדויערן. מ׳װעט האָבן מיטלײד מיט איר פֿאַר האָבן זיך אויסגעקליבן אַזאַ מאַן, װי איך בין, פֿאַר דעם גײַסטיקן שותּף אין איר פֿאַרהײראַט לעבן.

ער האָט זיך װידער אָפּגערוט, מן הסתּם זיך פֿאַרטראַכט, און אויפֿסנײַ גענומען רעדן:

— דערפֿאַר, רביצין, זאָלט איר נישט זײַן אין כּעס אויף איר װאָס זי האָט איבער־געריסן מיט מיר. כ׳האָב עס פֿריִער נישט פֿאַרשטאַנען. איבער דעם האָב׳ך עס זיך גענומען צום האַרץ. כ׳בין שיִר־נישט אַראָפּ פֿון זינען. דעם טאַטנס טויט האָט אָבער מיך געלערנט אַ סך. כ׳זע אין דעם טאַטן דעם זעלבן גורל װאָס האָט אויך מיך דערװאַרט. אויך מײַן טאַטע האָט געמײנט אַז ר׳איז װיכטיק בײַ מענטשן. ער האָט נישט געזען אַז די בכבודיקע באַציאונג צו אים איז געװען אַן אָנשטעל. װען נישט זײַן פּאָזיציע אין האַנדל, אין ריל־עסטײט, װאָלט ער דאָך דאָס אַלץ נישט געקראָגן, אפֿילו נישט אויפֿן שפּיץ מעסער. און אַז עס איז געקומען צו אַ קריזיס, אַז ער האָט אָנגעהויבן זען דעם אמת, איז ער פֿונאַנדערגעפֿאַלן. ער האָט געמוזט פֿאַרענדיקן אַזוי װי ער האָט פֿאַרענדיקט.

כ׳װײס נישט צי אַ מענטש שטאַרבט טאַקע דעמאָלט װען ס׳קומט זײַן צײַט, אָט אַזוי װי מ׳פֿאַרשטײט אין פֿרומקײט, אָדער צי דער מענטש שטאַרבט איבער אַ רײ קריזיסן און קלעמענישן אין אים. כ׳װײס נישט... אָבער אין אײנס בין׳ך זיכער. מײַן טאַטע װאָלט געקאָנט לעבן לענגער װען ער װאָלט געװען געלערנט, װאָלט געװען גײַסטיק שטאַרק, פֿאַרשטאַנען זיך אויף דעם אַרום, און געזען די װאָרע, די טיפֿע סיבות װאָס האָבן געצװאונגען הילדען אָפּצולאָזן דעם שידוך מיט מיר.

און װײַל ער איז נישט געװען אָט דאָס אַלץ, און ער האָט אויך נישט פֿאַרשטאַנען נישט מיך און נישט הילדען, ליגט ער דערפֿאַר אַצינד אין קבֿר נאָך אַ יונגער מענטש, און די שולד פֿאַלט נישט אויף קײן אַנדערן װי נאָר אויף אים אַלײן.

ער האָט אויפֿסנײַ געשװיגן עטלעכע רגעס און נאָכדעם װידער גערעדט:

— איך אָבער האָב זיך געכאַפּט אַז אַזױ טויג נישט. לײדער, ערשט בײַ אַזאַ צושטאַנד... כ׳װײס נישט צי דאָס טראַכטן װאָס איך טראַכט, זינט דעם טאַטנס טויט, איז איבער די אומשטענדן, אָדער דערפֿאַר װאָס כ׳זע אָפֿט מײַן טאַטן פֿאַר די אויגן. יאָ, ער שטײט אָפֿט פֿאַר מײַנע אויגן און קוקט אויף מיר. סײַ בײַטאָג, װען כ׳זיץ שבֿעה, און סײַ בײַנאַכט, װען כ׳ליג אויפֿן געלעגער, װאו ס׳נעמט מיר שעהן ביז כ׳קאָן אײַנשלאָפֿן. ער האַלט אין אײן קוקן. און כאָטש ער האַלט די ליפּן שטאַרק צונויפֿגעדריקט, דאָך הער איך זײַן קול װאָס װאָרנט מיך... װילסט אָנגײן אין לעבן, װאָרנט עס מיך, אַזוי װי איך, דײַן טאַטע, בין אָנגעגאַנגען? װילסט אָפּלעבן אין הוילע שבֿחים און אין לײדיקן כּבֿוד? װילסט זיך באַנוגענען מיט אײַנרעדענישן אַז ד׳ביסט אָנגעזען? װילסט

נישט צולאָזן צום געדאַנק אַז בעת מענטשן רעדן צו דיר מיט פאַרערונג און לויב לאָכן זיי אָפּ פון דיר אין זייער האַרץ?

יאָ, רביצין... כ׳ווייס נאָך נישט וואָס ס׳וועט זיין מיטן געשעפט. כ׳מיין, ווער ס׳וועט פירן די ביזנעס. ס׳קאָן זיין אַז די שטענדיקע פירערין פון געשעפט וועט זיין מיין קוזינע ריווע, כאָטש קיין צו־פיל צוטרוי צו איר האָב׳ך נישט. זי איז אַ קאַלטער מענטש. זי האָט נישט קיין מיטגעפיל מיט קיינעם. און אַזאַ מענטש איז אויך נישט ערלעך. און ס׳קאָן אויך זיין אַז מיין מאַמע וועט שטיין אין געשעפט און האַלטן אַן אויג אויף איר, כאָטש קיין שטאַרקן גלויבן אין מיין מאַמע ווי אַ ביזנעס־פרוי האָב׳ך נישט. אָבער ס׳איז נאָך שווער צו וויסן צי דאָס ביסל וואָס זי קאָן יאָ וועט זי קאָנען ניצן. מ׳ווייסט דאָך נאָך נישט מיט וואָס ס׳וועט זיך אויסלאָזן איר קרענק. ס׳קאָן זיין אַז זי וועט נישט אַרויסקומען פון איר קרענק. און ס׳קאָן זיין אַז אפילו ווען זי׳ט יאָ אַרויסקומען פון דעם קריזיס וועט זי שוין אויך נישט זיין געזונט שטאַרק צו באַטייליקן זיך אין די טראַנזאַקציעס פון געשעפט. יעדנפאַלס, די ביזנעס וועלן אין פאַרלויף פון אַ שטיקל צייט אָנגיין אַזוי ווי פריער. אָבער איך וועל זיך איינגאַנצן אָפּגעבן צו מאַכן עפּעס פון זיך.

אוודאי ווייס איך נישט וואָס ס׳וועט אַרויסקומען פון מיר אין יאָרן שפּעטער. כ׳וועל זיך אָבער קאָנען טרייסטן דערמיט וואָס כ׳האָב זיך פאַרשטאַנען אויף זיך און גענומען עפּעס טאָן פאַר מיר. וואָרן צו בלייבן אַזוי ווי כ׳בין געווען פריער וואָלט איך מיט דער צייט געמוזט אָנקומען אין אַ משוגעים־הויז. און דאָס וואָלט געווען אַ סוף אָן אַ צוועק. אַ נישט־קלוגער, ביטערער סוף. מיינט איר אפשר, רביצין, אַז כ׳האָב נישט דורכגעטראַכט מיין לאַגע מיט אַ קלאָרן שכל?

וואָס סאָל האָט נאָך אין זינען געהאַט, אָדער געפילט, צו זאָגן האָט הילדע מער נישט געהאַט קיין באַגער צו הערן. פון דעם וואָס זי האָט געהערט ביז איצט איז זי אַזוי דורכגעדרונגען געוואָרן מיט מיטלייד צו סאָלן, אַז ווען ער וואָלט נאָך גערעדט אַ ביסל לענגער וואָלט זי נישט געקאָנט מער איבערטראָגן — און זי וואָלט אויסגעבראָכן אין אַ געיאָמער. זי האָט זיך דערפאַר גענומען אין די הענט אַריין און איז אַריין אין פאָטערס ספרים־שטיבל, כאָטש דאָס האָט נישט געמיינט בכיוון צו שטערן סאָלן אין זיין אַראָפּ־רעדן זיך פון האַרץ פאַר איר מוטער וועגן זיינע גייסטיקע קלעמעמענישן.

— קום אַריין אין קיך, סאָל, — האָט זי געזאָגט צו אים ווי נאָר זי איז אַריבער די שוועל. — אַלץ איז געגרייט אויפן טיש.

סאָל האָט אַ קוק געטאָן אויף הילדען און גאָרנישט געזאָגט. ער האָט זיך צוריק אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער רביצין.

די רביצין — אויף אַ שטול ביים גרויסן טיש, וואו דער רב האָט געפלעגט אַריינקוקן אין ספרים — האָט געהאַלטן אירע עלנבויגנס אויפגעשטעלט אויפן ברעג פון טיש, דאָס פּנים איינגערעמט אין די הענט, און געקוקט דאָ אויף דער טאָכטער און דאָ אויף סאָלן. פון סאָלס בליק האָט זי באַנומען אַז ער וואָלט געוואָלט נאָך רעדן. זי האָט געפילט אַז זי טאָר אים נישט אָפּזאָגן אָט דעם באַגער. זי האָט אָבער אויך געפילט אַז זי וועט זיך פאַרשפּעטיקן מיטן ברכי נפשי וואָס זי האָט אָנגעהויבן פריער צו זאָגן. אָבער נישט געקאָנט פאַרענדיקן איבער סאָלס באַזוך. דער סידור, אַן אויפגעמישטער, איז געלעגן אויפן טיש, צווישן אירע עלנבויגנס, און האָט געוואָרט... ער האָט געוואָרט אומגעדולדיק, ווייל דער טאָג האָט געהאַלטן ביים פאַרגיין. זי האָט זיך אויסגעגלייכט, גענומען דעם סידור אין די הענט אַריין און מיט מוטערלעכער וואַרעמקייט אין קול געזאָגט:

— גײ, גײ, סאָל. טרינק אַ ביסל װאַרעמס. און נאָך דער שבֿעה, בלי נדר, קום װידער אַרײַן. ד׳װײסט דאָך, כ׳האָב אַלע מאָל געגרן צו רעדן מיט דיר...

סאָל איז אױפֿגעשטאַנען פֿון דער שטול, װאו ער איז איבער דער גאַנצער צײַט געזעסן, און האָט געהאָרכיק נאָכגעפֿאָלגט הילדען.

3.

דורכאױס אַנדערש װי אין ספֿרים־שטיבל האָט זיך סאָל אױפֿגעפֿירט אין דער קיך בײַם טיש בעתן טרינקען טײ. אין ספֿרים־שטיבל איז ער געװען באַרעדעװדיק. דאָ בײַם טיש, זיצנדיק קעגנאיבער הילדען, האָט ער אָבער נישט אַרױסגעלאָזט קײן אײן װאָרט פֿון מױל. ער איז געװען אַזױ שטום, אַז אפֿילו דאָס זופּן די טײ האָט מען נישט געהערט פֿון אים. ער איז נאָר געװען אַריבערגעבױגן מיטן קאָפּ איבערן טיש און האָט מיט בײדע הענט געהאַלטן דאָס גלאָז טײ בײַ זײַנע ליפּן.

אַנדערש איז אָבער געװען מיט הילדען. פֿריער, אין קאָרידאָר, האָט זי געהערט װי סאָל רעדט זיך אַראָפּ פֿון האַרץ פֿאַר איר מוטער. איצט, זיצנדיק בײַם טיש, קעגנ־איבער סאָלן, האָט זי געטאָן דאָס זעלבע װאָס ער אין ספֿרים־שטיבל. אױך זי האָט זיך אַראָפּגערעדט פֿון האַרץ. אָבער נישט פֿאַר אים, אױך נישט פֿאַר קײן אַנדערן, נאָר פֿאַר זיך גופֿא. זי האָט זיך געזען װי אין אַ שפּיגל — און גערעדט צום געשטאַלט װאָס איז געװען איר אינטימסטער צוהערער... גערעדט האָט זי אָבער אָן װערטער. זי האָט געקוקט זײַטיק מיט באַטריבטע אױגן בעתן טרינקען די טײ און גערעדט...

ער — האָט זי „גערעדט״ צום אײגענעם אָפּבילד װעגן סאָלן, — װײסט שױן װאָס ער װיל. ער האָט שױן אַ פּלאַן. אָבער זי װײסט גאָרנישט. ער לײַדט דערפֿון װאָס איבער זײַן קנאַפּער אינטעליגענץ איז פֿון שידוך גאָרנישט געװאָרן. און ער נעמט זיך דערפֿאַר איבערבױיִען. מיט איר, הילדען, איז אָבער אַנדערש. זי האָט נישט קײן עגמת־נפֿש װאָס ־ װעט מער נישט האָבן קײן שידוך־פֿאַרבינדונג מיט אים, כאָטש ס׳טוט איר װײ װאָס ־ר איז צעבראָכן געװאָרן דערפֿון. אָבער װאוהין גײט זי?

אמת, אױב קערפּערלעכע צוגעפּאַסטקײט איז אַ װיכטיקער באַדינג — און עס איז אַ װיכטיקער באַדינג — אין דער פּרױס פֿאַרבינדן זיך מיט אַ מאַן, דעמאָלט קאָן זי, הילדע, האָבן עס אין איר צונױפֿקומען זיך מיט דײװידן. און אױב אײדלקײט, שכל און געלערנטקײט זענען אױך װיכטיקע באַשטאַנד־טײלן אין דעם צונױפֿהעפֿט פֿון אַ חתונה־געהאַטן, אינטעליגענטן פּאָרפֿאָלק — און אין דעם איז דאָך געװיס אױך נישטאָ דער מינדסטער ספֿק — דעמאָלט האָט זי אױך גאָרנישט צו באַקלאָגן זיך אױף דײװידן. ער באַזיצט אָט דאָס אַלץ װאָס איר האַרץ האָט געלעכצט צו זען אין איר אױסדערװײלטן מאַן. זי קאָן האָבן מיט אים אַן אידעאַלע צוקונפֿט.

אָבער װיל זי טאַקע נישט מער װי נאָר דאָס? װעט זי קאָנען לעבן בלױז אױף די פֿאַרגעניגנס אין שלאָפֿשטוב און אױף די אינטעלעקטועלע שמועסן אין גאַסטצימער? װעט זי אײַנגאַנצן זײַן צופֿרידן פֿון דעם קרײַז מענטשן, װאָס דײװיד פֿאַרקערט צװישן זײ, און װאָס ער װעט פֿון צײַט צו צײַט פֿאַרבעטן אַהײם אױף מיטאָג צו פֿאַרברענגען מיט זײ? װעט דער דאָזיקער קרײַז מענטשן, נאָך אַלע שמועסן און נאָכן אַװעקגײן, איבערלאָזן אַ געפֿיל אַז ער האָט צוגעהאָלפֿן, אָדער כאָטש אָנגערעגט, אײַנצוגראָבן גײַסטיקע װאָרצלען אין הױז, װאָרצלען פֿון אײגנס, טיף אײגנס, װאָרצלען װאָס מאַכן אַ)הײם פֿאַר אַן אינספּירירנדיק װינקל? קאָן זי דען נישט פּאָרױסזען, נאָך אײדער זי

קריגט לעבעדיקע באַווייזן דערפון ,אַז ווען ס׳וועט קומען אַ שבת, אַ יום־טוב, און אין איר הויז וועט נישט זיין קיין סימן פון דעם, אַז דעמאָלט וועט איר נישט זיין צום האַרץ נישט די באַזוכן פון דעם קרייז מענטשן, נישט די אָנגענעמע איבערלעבענישן מיט איר מאַן אין שלאָפשטוב און נישט די אינטערעסאַנטע און באַלערנדיקע שמועסן מיט אים אין גאַסטצימער? ווייסט זי דען נישט אין פאָרויס אַז אירע טעג וועלן זיין ווי אָפּגעריסענע קאַלענדאַר־בלעטלעך, אויב זי וועט נישט האָבן די איבערלעבונג פון עפּעס וואָס איז העכער פון קערפּערלעכער הנאה און פון שמועסן וועגן אַלערליי געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען ? ווייסט זי דען נישט אין פאָרויס אַז זי וועט אָנהייבן בענקען אויף צוריק — נאָך איר פאָטערס אַלטע וועגן, כאָטש זיי האָבן זיך איר אָפּגעמיאוסט מיט זייער האַרבקייט, מיט זייער דריקנדיקער דיסציפּלין און מיט זייער פאַרפאַנצערטקייט קעגן יעדן וואָס האָט וועלכן־ס׳איז ספק אין זייער מכלומרשט איינציקן אמת ?

יאָ, זי האָט עס דערפילט און דערזען באַלד ווי זי האָט באַנומען אַז אין דער פּערזאָן דיוויד האָט זי געפונען איר אַריינפירער אין דער שענערער וועלט וואָס אין פאַרלויף פון אַ לאַנגער צייט האָט זי שטאַרק געבענקט אַריינצורייסן זיך דאָרטן מיט איר גאַנצן לייב און לעבן. זי האָט געוואוסט אַז דער דאָזיקער מאַן, וואָס האָט זיך צו איר באַוויזן ווי דורך אַ נס, וועט איר נישט פאַרווערן אַריינצוברענגען אין זייער ביידנס היים די טראַדיציאָנעלע אַטמאָספערע און פירונגען, אויב זי וועט זיי באַגערן. און זי האָט עס אין זינען געהאַט צו טאָן, כאָטש זי איז אַ קאָמוניסטקע. זי האָט אָבער גלייכצייטיק אויך געוואוסט אַז אָן זיין באַטייליקן זיך מיטן גאַנצן האַרץ אין דער דאָזיקער אַטמאָספערע, און אין איר איינפיר, וועט אַלץ זיך פאַרענדיקן פּרוכטלאָז און אין אומעט. יאָ, אפילו דאָס צונויפקומען זיך מיט אים אין אינטימע מינוטן וועט אויך אָנווערן דעם רייץ און די נייטיקייט. די היים וועט מיט דער צייט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אַרענע פאַר ברוגזן און שטעכווערטלעך, פאַר באַליידיקונגען און קללות, פאַר סטראַשונקעס און ביטערע קריגערייען. איבערהויפּט וועט אָט דאָס אַלץ ווערן אַ טאָג־טעגלעכער אויסברוך ווען ס׳וועלן זיין קינדער אין הויז און זיי וועלן וואַקסן אָדער אונטער דעם פאָטערס אַטעאיסטישער אויפזיכט, אָדער אונטער איר השגחה.

דער פאַקט וואָס אין הויז וועט נישט זיין קיין איינהייטלעכע דערציאונג, וואָס דער גייסטיקער ריס צווישן פאָטער און מוטער וועט זיין אַ גאַליקער, אַן אָפענער — דאָס אַליין וועט זיין גענוג אויף צו צעטומלען די קינדער אין זייער געהאָרכזאַמקייט צו די עלטערן. זיי וועלן נישט וויסן אין וועמעס פוסטריט צו גיין, וועמען צו פאָלגן. דער סוף וועט זיין — אַ היים אָן אויטאָריטעט.

קאָן זי אַריינגיין אין אַזאַ וועלט מיט אַ געזונטן קאָפּ און מיט פאַרמאַכטע אויגן? קאָן זי אויף זיך נעמען גייסטיקן זעלבסט־מאָרד, נאָכדעם ווי זי האָט רעבעלירט קעגן אַן אַנדערן מין מעגלעכן זעלבסטמאָרד, אַן עמאַנציפּאַנעלן, וואָס זי האָט פאָרויסגעזען אין פאַרבינדונג מיט דעם דאָזיקן מענטש, מיט סאָלן, וואָס זיצט קעגנאיבער איר ?

— אָנגיסן דיר אַ צווייט גלאָז טיי? — האָט זי מיטאַמאָל אים געפרעגט, ווען זי האָט באַמערקט ווי ער האָט אַוועקגערוקט דאָס גלאָז אַ ליידיקס.

— אַ דאַנק, — האָט סאָל געזאָגט און איז אויפגעשטאַנען. — ס׳איז צייט צו גיין אין שול אַריין צו מנחה. מיינע פריינד וואַרטן שוין אוודאי אויף מיר אין מיין היים. זיי האָבן צוגעזאָגט צו גיין מיט מיר אין שול אַריין.

איצט איז אויך הילדע אויפגעשטאַנען.

— אויב אַזוי וועל׳ך לאָזן וויסן מיין ברודער אַז אויך פאַר אים איז שוין צייט צו

גיין אין שול אַריין. ער האָט זיך מן־הסתם צוגעלעגט אויפן בעט.

— נו, אַ גוטן שבת, הילדע... — האָט ער געזאָגט און זיך פאַרנומען צום גאַסטצימער, וואו ער האָט געהאַט זיין מאַנטל.

— אַ גוטן שבת, סאַל...

אַז ער איז שוין געווען אין קאָרידאָר האָט ער זיך אויסגעדרייט און גענומען קוקן אויף הילדען וואָס איז געווען אויפן וועג צו דזשעסין.

— איז שוין צווישן אונדז טאַקע אַלץ אויס? — האָט ער געפרעגט מיט דער־שלאָגנקייט אין קול און געוואַרט מיט געבעט אין זיינע אויגן אויף אַן ענטפער.

הילדע האָט אויסגעמיטן צו ענטפערן. זי האָט געפיבערט מיט אירע ליפּן און בלויז געזאָגט ווי צו אַ גוטן פריינד:

— כאַפּ זיך אַריין דאָ ווען נאָר דו קאָנסט.

סאַל האָט מער גאָרנישט געפרעגט. ער האָט איר נאָכגעקוקט, געזען ווי זי שטעלט ריטמישע טריט מיט אירע שיינע, לאַנגע פיס, ווי אירע רונדיקע היפּטן וויגן זיך ווי שעלעכלעך אויף אַ הענג־וואָגל — און מיט שוואַכע טריט זיך צוריק אויסגעדרייט צום אַרויסגאַנג.

# קאַפּיטל זיבן־און־צוואַנציק

## דזשעסיס פרעמדקייט

### 1.

איבערן אייזערנעם בעט וואָס איז געשטאַנען ביי דער לאַנגער וואַנט פון שלאָפצימער, וואו דזשעסי האָט זיך געפונען, איז אין לופטן געהאַנגען אַ שטויב פון ווייַן־קאָליר, דורכגעלייכט מיט זילבערנע שטרייפן. אין איין ווינקל פון דער קעגנ־איבערדיקער טירוואַנט, ביים דיל, איז געווען טונקל־גרוי. און אויף די אונטערשטע שויבן פון דעם איינציקן פענסטער דאָ איז געלעגן אויסגעשפּרייט אַ פּייערל, ווי ס׳וואָלט געווען דער איינציקער איבערבלייב פון אַ חורבן.

פאַר אַן אבל וואָס דאַרף גיין זאָגן קדיש איז דער זון־פאַרגאַנג געווען אַ גוטער אָנזאָג צו גיין אין שול אַריין.

דזשעסי האָט זיך אָבער נישט גערירט. ער איז געלעגן אויפן בעט, אין די הויזן, אין העמד, האָט געהאַלטן די הענט אונטערן קאָפּ און די אויגנלעדלעך אַראָפּגעלאָזט. ער האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט נישט געוואוסט וואו ער איז. ער האָט אפילו נישט געעפנט די אויגן ווען ס׳האָט זיך צעפּראַלט די טיר.

— ס׳איז שוין צייט צו גיין צו מנחה־מעריב... — האָט זיך פון דער אָפענער טיר־ראַם געהערט הילדעס שטיל, נישט דרייסט קול, עלעהיי זי וואָלט זיך געפילט שולדיק אין עפּעס.

דזשעסי האָט זיך אָבער נישט אונטערגעהויבן. ער האָט בלויז אַ קנייטש געטאָן מיט די ליפּן און איז ווידער געלעגן.

הילדע האָט דערזען אין זיין פּנים די זעלבע פאַרביטערטקייט וואָס פריער, ווען זי און ער זענען געזעסן אין גאַסטצימער, איידער סאַל איז אַריינגעקומען אין הויז. זיי האָבן דעמאָלט גערעדט וועגן זיין שטיין דאָ אין הויז ביז נאָך דער שבעה.

אַ קורצע צייט פֿאַר דעם שמועס האָט דזשעסי געלאָזט פֿאַלן פֿאַר איר אַ וואָרט, אַז לענגער ווי ביז זון־פֿאַרגאַנג קאָן ער דאָ אין הויז נישט זיין. נישט ער קאָן און נישט ער וועט. ער האָט גרויסע פּאַרטיי־פֿליכטן. דערצו נאָך, מאַכט אים די מוטער אומבאַקוועם אין הויז. ער פֿילט זיך נישט מער היימיש דאָ. ער פֿילט נישט אַז ער האָט באַלאַנגט דאָ ווען־ס׳איז אין זיין לעבן. און דערפֿאַר וועט נישט זיין אַן עוולה פֿון זיין זייט אַז ער זאָל זיך איינגאַנצן דערווייטערן פֿון אָט דער סביבה און אויפֿפֿירן זיך אַזוי צו דער מוטער ווי זי פֿירט זיך אויף צו אים.

— און אין דעם גייט נישט אַריין — האָט ער ווייטער געזאָגט — ווי די מאַמע האָט זיך באַצויגן צו מיר אין די פֿאַרגאַנגענע יאָרן. ניין. אין דעם גייט אַריין בלויז דער היינט. ווי זי באַנעמט זיך צו מיר איבער דער גאַנצער צייט וואָס כ׳געפֿין זיך דאָ אין הויז.

ווען זי, הילדע, — האָט ער דעמאָלט ווייטער גערעדט — האָט אים נעכטן פֿאַרטאָג אָנגעזאָגט די בשורה וועגן דעם פֿאָטערס טויט האָט ער געמיינט אַז מיט זיין קומען אין הויז אַריין, דערצו אין אַזאַ אויסנעמלעכער צייט, וועט די מוטער נישט אין זינען האָבן די אַלע טענות וואָס זי, צוזאַמען מיטן פֿאָטער, האָט געהאַט צו אים אין די פֿריער־דיקע יאָרן. זי וועט קוקן אויף אים ווי אויף אַ בצערטן זון וואָס האָט פֿאַרלוירן אַ טאַטן. ווי נאָר ער האָט אַריבערגעטראָטן די שוועל האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן אַז ער האָט געהאַט אַ טעות. זי האָט מיט אים נישט געהאַט קיין מגע ומשא, גלייך ווי ער וואָלט געווען ווייניקער ווי אַ ווילד־פֿרעמדער, און אַפֿילו ווייניקער פֿון איינעם וואָס האָט נישט די מינדסטע שייכות מיט דער לוויה פֿון איר מאַן, אָדער מיט דער קבורה. ווען נישט זי, הילדע, וואָלט ער אַפֿילו נישט געוואוסט מיט וועלכע מענטשן צו פֿאַרבינדן זיך כּדי צוצוגרייטן די לוויה.

און נישט נאָר דאָס. די מוטער האָט אַפֿילו נישט פֿאַרגעסן אין דעם עקל אירן אויך צו זיין פּרוי סאַנדראַ.

ווי נאָר ס׳איז געוואָרן טאָג איז סאַנדראַ אַראָפּגעקומען אין הויז אַריין און האָט אים, דזשעסין, געפּרעגט אויף דער מוטער. די מוטער איז דעמאָלט געזעסן אין שלאָף־צימער, אַרומגערינגלט פֿון פֿרויען וואָס האָבן געוואוינט אין דער זעלבער געבײדע. כאָטש סאַנדראַ האָט קיינמאָל פֿריער נישט געזען די שוויגער, דאָך האָט זי נישט געוואָלט האָבן קיינעם וואָס זאָל איר אָנווייזן אויף איר. זי האָט געשפּירט אַז זי וועט שוין אַליין משער זיין ווער זי איז. אויך האָט זי נישט געוואָלט האָבן קיין שתדלנות פֿון קיינעם צו זאָגן עטלעכע גוטע ווערטער וועגן איר. זי האָט געוואוסט אַז אויף קיין גוטע געפֿילן צו איר, סאַנדראַ, דאַרף זי זיך נישט רעכנען פֿון דער שוויגער. גלייכצייטיק האָט זי אָבער געשפּירט אַז אין אַזאַ צייט וועט זיי די רביצין נישט אַרויסווייזן. ס׳איז נישטאָ קיין פּלאַץ פֿאַר קיין טענות און פֿאָרוואורפֿן ביי אַזאַ געלעגנהייט. און זי איז דערפֿאַר אַריין צו דער שוויגער נישט נאָר אָן עמעצנס פּראָטעקציע. זי איז אַריין מיט דערוואַר־טונג, אין אַ גרויסער מאָס, אויף מיטגעפֿיל, אויף טאָלעראַנץ.

קיין איינע פֿון די שכנטעס האָט נישט געוואוסט ווער זי איז. אָבער הילדע, וואָס איז אויך דאָרט געווען, האָט גלייך געלאָזט וויסן דער מוטער ווער ס׳איז אַריינגעקומען. אָנשטאָט זאָגן גאָרנישט, זיצן אַ שווייגנדיקע אין איר צעבראָכנקייט ווי זי איז געזעסן, האָט די מוטער אָבער אַ הילך אַרויס געטאָן מיט אַ געיאָמער, אַזוי אַז אַלע פֿרויען האָבן גענומען קוקן איינע אויף דער אַנדערער און נישט געוואוסט וואָס ס׳איז פּלוצעם מיט איר געשען.

סאַנדראַ האָט זיך אָבער גלײַך געכאַפּט איבער װאָס די שװיגער איז אַרױס פֿון די כּלים. זי האָט לענגער נישט געקאָנט דאָרט שטײן און איז אַרױס פֿון הױז.

אין דער גאַס איז זי אַרײַן אין אױטאָמאָביל, װאָס זי איז געהאַט געקומען מיט אים פֿון דער הײם, און האָט דאָרטן געװאַרט ביז דער לװיה־עולם איז אַװעק מיטן ניפֿטר צום קבֿרות. װאוהין זי האָט זיך אױך געלאָזט.

אַרױסגעקומען פֿון בית־עלמין, האָט דזשעסי געװאָלט פֿאָרן צוריק צו זיך אַהײם צוזאַמען מיט סאַנדראַן. און ער האָט דאָס גלײַך מודיע געװען איר, הילדען. זי, די שװעסטער, האָט זיך געהאַט צעװײנט און איז צוגעשטאַנען צו אים מיט געבעט — נישט צו לאָזן זי און די מוטער אַלײן.

— צוליב דעם כּבֿוד פֿון אונדזער פֿאָטער — האָט זי געהאַט אײַנגעטענהט מיט אים — דאַרפֿסטו דאָס נישט טאָן, דזשעסי. צוליב אים דאַרף אַצינד די קלײנע מישפּחה אונדזערע זײַן צוזאַמען. אױב נישט איבער מענטשן, װאָס זײ װעלן טראַכטן און זאָגן, איז כאָטש צוליב אונדז אַלײן. ס'איז טאַקע אמת אַז אַ סך װעגן צעשײדן דיך און די מאַמע, דאָך . . . אין בלוט, דזשעסי, אין האַרץ זענען מיר אַלע אײן מישפּחה. מיר פֿילן עס. און דו דאַרפֿסט נישט שװערער מאַכן דעם צער און די אײנזאַמקײט אונדזערע אין אַזאַ צײַט.

כאָטש ער, דזשעסי, האָט זיך נישט באַטראַכט פֿאַר דעם שולדיקן, — האָט ער פֿריער אין גאַסטצימער געזאָגט, — דאָך האָט ער זיך נעכטן צוגעהערט צו איר, הילדען, און איז, אָנשטאָט פֿאָרן אַהײם מיט סאַנדראַן, געקומען דאָ אין הױז אַרײַן. און נישט נאָר געקומען. ער האָט זיך אױפֿגעפֿירט אַזױ, אַז די מוטער זאָל נישט שפּירן קײן חילול־שבת אין דעם מינדסטן.

קעגן זון־פֿאַרגאַנג איז ער געגאַנגען אין שול אַרײַן צו קבלת־שבת. צוריקגעקומען פֿון שול, איז ער אַרײַן אין גאַסטצימער, װאו ס'איז געװען געגרײט דער טיש. דאָ האָט ער געזונגען שלום עליכם, געמאַכט קידוש, געװאַשן זיך צו דער חלה, און בעתן עסן דאָס מאָלצײַט אַפֿילו געזונגען זמירות. און אױפֿן זעלבן שטײגער האָט ער זיך אױפֿגעפֿירט הײַנט. אײנדערפֿרי האָט ער מעבֿיר געװען די סדרה. נאָכדעם האָט ער באַגלײט די מוטער און הילדען אין שול אַרײַן צום דאַװנען. נאָך קריאת התורה איז ער צו צום עמוד און ער האָט געדאַװנט מוסף פֿאַרן עולם. שפּעטער, אין הױז דאָ, האָט ער װידער געמאַכט קידוש איבער װײַן, געװאַשן זיך צום עסן, געזונגען זמירות, און װידער געזאָלט גײן אין שול אַרײַן צו מנחה־מעריבֿ.

מיטאַמאָל האָט זיך אָבער אין אים עפּעס אָפּגעריסן — און ער האָט דערפֿילט אַז ער קאָן אַזױ װײַטער נישט אָנגײן. ער װעט צושטײן ביז זון־פֿאַרגאַנג און פֿאַרלאָזן דאָס הױז.

— כ'זאָג נישט — האָט ער פֿריער אין גאַסטצימער געזאָגט איר, הילדען, — אַז די מאַמע דאַרף פֿאַרגעסן אַלץ װאָס כ'האָב געטאָן און װאָס כ'טו. לױט איר װעלט־באַנעם איז עס דאָך נישט געװען און ס'איז נישט אין ריכטיקן װעג . . . כ'זאָג נישט אַז זי דאַרף מיר מוחל זײַן. נײן. כ'פֿאַרלאַנג עס גאָרנישט. ס'װאָלט געװען דורכאױס אומזין פֿון מײַן זײַט צו דערװאַרטן עס פֿון איר. און דער אמת איז, אַז די גאַנצע זאַך גײט מיך נישט אָן. ס'איז װײַט פֿון מיר װי דער נאָרד־פּאָל פֿון דעם זיד־פּאָל. װאָס כ'האָב אָבער יאָ דערװאַרט פֿון איר איז בלױז אײן זאַך, צו באַציִען זיך צו מיר, לכל־הפּחות, כאָטש אַזױ פֿיל װי צו אַ פֿרעמדן װאָס איז צופֿעליק אַ גאַסט דאָ. איז דען נישט הכנסת־אורחים אַ שײנע מידה און אַ גרױסע מיצווה? איז פֿאַרװאָס האָט זי אַזױ מקבל־פּנים געװען סאַנדראַן?

און פאַרוואָס האָט זי נאָך נישט אַרויסגערעדט קיין איין וואָרט צו מיר, זינט נעכטן פאַרטאָג, ווען כ'בין אָנגעקומען אין הויז? ניין, הילדע! לענגער ווי ביז זון־פאַרגאַנג בלייב איך נישט דאָ.

איבער דער גאַנצער צייט וואָס סאָל איז געווען אין הויז האָט זי, הילדע, אַגב געמיינט אַז אפשר האָט זיך דזשעסי מיישב געווען און ער וועט נישט אָפּטאָן דעם הויז קיין בושה. געזען אָבער ווי ער רירט זיך נישט אַראָפּ פון בעט, האָט זי דערנענט צו אים און מיט טרערן אין קול זיך געבעטן:

— טו עס פאַר מיר, דזשעסי... כ'וועל זיך שעמען פאַר מענטשן. איך וואוין דאָך דאָ. איך בין דאָ מיט דער מאַמען. בלייב דאָ ביז איבער דער שבעה. גיי צו מנחה־מעריב אַצינד, דזשעסי...

דזשעסי האָט אָבער נישט געענטפערט.

הילדע האָט זיך איצט הויך צעיאָמערט:

— ווי וועט דאָ אויסזען, דזשעסי? ... ד'וועסט אַוועק אַצינד פון הויז און ס'וועט נישט זיין קיינער צו מאַכן דאָ די הבדלה... און דאָס, דעם ערשטן מוצאי־שבת נאָך אונדזער טאַטנס טויט...

דזשעסי האָט ווידער געהאַלטן זיינע ליפּן צונויפגעפּרעסט.

הילדע, נאָך אַ ווײַלע שווייגן, האָט אויפסניי גערעדט:

— מענטשן וועלן אַריינקומען דאָ אין הויז אין אָוונט... און ווי וועל איך אויסזען אַז מ'וועט מיך פרעגן אויף דיר? ווי וועל איך קאָנען עפענען מיין מויל?

דזשעסי האָט ווידער גאַרנישט געזאָגט.

— און ווי וועט אויסזען אין הויז מאָרגן אינדערפרי, ווען דער ראש־ישיבה ר' מרדכי כהן, אויך רבנים, רביים, און אַנדערע לייט וועלן זיך צונויפקומען צום דאַווענען און פרעגן אויף דיר? און דאָס זעלבע שפּעטער, ביי מנחה־מעריב... און אויך אַזוי אין די אַנדערע שבעה־טעג...

דזשעסי איז געלעגן אַזוי ווי פריער — און זיין האַרץ איז געווען אָנגעפילט מיט ביטערניש און כעס אויף דער מוטער פאַר איר פאַרשעמען זיין פרוי סאַנדראַ און אויך פאַר איר האַרצלאָזן נישט אומקוקן זיך אויף אים. און כאָטש ער האָט אַלעמאָל געקוקט מיט גלייכגילטיקייט אויף איר פיינדלעך־ביטערער באַציאונג צו אים אין די פאַרגאַנגענע יאָרן, דאָך האָט עס אים איצט זייער שטאַרק ווי געטאָן.

## 2.

למשל:

אין זיינע יונגע יאָרן איז ער אין די אָוונטן געזעסן דאָ ביי אַ טיש און ער האָט געאַרבעט אויף די לעקציעס פון הײַ־סקול, אָדער אויף די שיעורים פון דער ישיבה, ווי אַ פּרק משניות, צי אַ בלאַט גמרא. דעמאָלט האָט ער פון צייט צו צייט זיך אָפּגערוט און געענטפערט אויף די רייד פון אַ שכנס מיידל וואָס האָט געוואוינט אין אַ דערביי־איקער טענעמענט־געביידע. איר שלאָפצימער מיטן פענסטער איז געווען קעגנאיבער זיינעם. און אין די אָוונטן איז זי געלעגן אויף איר בעט און האָט געליינט צייטונגען, זשורנאַלן און ביכער.

זי איז געווען אַכצן יאָר אַלט. מיט דריי יאָר עלטער פון אים. אָבער זי איז שוין מער נישט געגאַנגען אין סקול. דער פאָטער האָט זי נישט געקאָנט קליידן און שפּייזן.

ער האָט געאַרבעט אין אַ שאָפּ און איז אָפּט אַרומגעגאַנגען לײדיק. געאַרבעט האָט זי אין אַן אָפיס און זי איז געווען שטאַרק טעטיק אין אַ סאָציאַליסטישן יוגנט־קלוב. אַן עלטערער ברודער אירער האָט זי אַהין אַריינגעצויגן. און זי איז געווען זייער צופרידן דערפון.

די שמועסן מיט אים, דזשעסין, וואָס האָט זיך דעמאָלט גערופן שיעלע, האָט זי געפירט דורך איר אָפענעם פענסטער. דאָס איז געווען יעדעס מאָל ווען זי איז געוואָרן מיד פון לײענען. דעמאָלט איז זי אַראָפּ פון בעט און זי האָט זיך געזעצט ביי איר אָפענעם פענסטער. זי האָט אויסגעזען צו קוקן ווייט און דערביי חלומען וועגן עפּעס.

יעדעס מאָל ביי אַזאַ פאַרחלומטן שמועס האָט זי גערעדט צו אים ווי צו אַ דער־וואַקסענעם. זי האָט זיך געזאָרגט זייער שטאַרק וועגן דעם אַלגעמיינעם צושטאַנד אין לאַנד. זי האָט גערעדט וועגן וואַשינגטאָן וואָס טוט גאָרנישט קעגן דעם שטייגנדיקן עקאָנאָמישן קריזיס, טוט אויך גאָרנישט אויף אָפּצושטעלן די וואַקסנדיקע אַרמיי פון אַרבעטלאָזע. און אָפּט, בעת די דאָזיקע שמועסן, האָט זי אים דורכן פענסטער געגעבן צו לײענען ביכער, בראָשורן, צייטונגען און זשורנאַלן.

די מוטער, וואָס האָט אים עטלעכע מאָל געזען פאַרטאָן אין אַ שמועס מיט דעם שכנס טאָכטער, האָט אים שוין נאָכדעם געהיטן ווי אַ געזונטן עפּל אַז ער זאָל נישט אָנגערירט ווערן פון ליגן ביי אַ צעפּוילטער פרוכט. ס׳איז נישט געווען דער אָוונט אַז זי זאָל נישט געבן אַ פּאָל אַריין דאָ, אין זיין שלאָפצימער, און אַ קוק טאָן וואָס ער טוט. און איין מאָל, אַז זי האָט אים געכאַפּט ביי אַ שמועס מיט דער „צעפּוילטער פרוכט״, וואָס איז שוין געווען פּאָפּולער אין דער געגנט ווי אַ סאָציאַליסטקע, אַן אָנטיילנעמערין אין ראַדיקאַלע מאַסן־מיטינגען אין די שטאָטישע סקווערן און אין גאַסן־דעמאָנסטראַציעס, האָט זי אים אָפּגעשפּילט אַזאַ פאַרשעם־סצענע אַז ס׳איז אים פינצטער געוואָרן אין די אויגן.

— ווילסט אויסגיין צו תרבות־רעה? — האָט זי געשריען אויף אים, בעת דעם שכנס טאָכטער איז געזעסן אין איר שלאָפצימער און האָט אַריינגעקוקט דורך איר פענסטער. — ווילסט זיך אָנשטעקן מיט אַפּיקורסות? ווילסט אָנהייבן האָסן מענטשן פאַר דעם וואָס זיי זענען פאַרמעגלעך? ווילסט זיך צוהערן צו נישט־פאַרגינערס און צו מענטשן וואָס זענען אומפּייאיק, אָדער פויל אַליין עפּעס צו טאָן?

און אַז זי האָט דערזען ביי אים אויפן טישל די ליטעראַטור, וואָס דעם שכנס טאָכטער האָט אים אויסגעבאָרגט, האָט זי עס אַ כאַפּ געטאָן ווי אַ בראַנד־פייער און איז דערביט גיך אַרויס צום פאָטער זייעם.

— נאָ, זע! — האָט זי געשריען צו אים אין ספרים־שטיבל. — זע מיט וואָס דיין בן־יחיד פאַרנעמט זיך... קאָנסטו דערוואַרטן, אליהו, אַז פון אים וועט אַרויסוואַקסן אַ לייט? קאָנסטו האָפן אַז ער׳ט גיין אין דיינע פוסטריט, אויב זיין מורה־דרך וועט זיין דעם שכנס טאָכטער... די... די...

אים, דזשעסין, האָט דעמאָלט שטאַרק ווי געטאָן וואָס די מוטער האָט אים פאַר־שעמט אין פּנים פון דעם שכנס טאָכטער. זי איז, אגב, געווען אַ שיינע, מיט אַן אימפּאָ־זאַנט־אויסגעמאָדעלירטער פיגור. ממש ווי אַ וואונדער־ווערק פון אַ מייסטער־סקולפּטאָר. און זיין האַרץ האָט אַלע מאָל געפּיבערט ווען ער האָט זי געזען אין דרויסן, אָדער געשמועסט מיט איר. ער האָט אפילו ביינאַכט אויפן געלעגער געטראַכט וועגן איר, אָדער געחלומט. אים האָט אין יענע צייטן שטאַרק ווי געטאָן דאָס וואָס דאָס הויז דאָ איז

אַלעמאָל גרייט צו מאַכן יעדן נישט־פרומען צו גאָרנישט און אַלע שטרעבונגען זייערע צו פאַרגלייכן מיט זייפנבלאָזן.

וואָס האָט איר, פרומע? — האָט ער אָפט געטראַכט וועגן זיין מוטער און פאָטער. — וואָס האָט איר קעגנצושטעלן דער געלערנטקייט פון פריידענקערס?

אין דעם פאָטערס און מוטערס פרומקייט האָט ער געזען אַן אָפּזונדערן זיך פון דעם גרויסן געבוי אין לאַנד — פון אינדוסטריע, פון האַנדל, פון פינאַנץ. דאָ אין הויז האָט ער אויך געזען אַז פרומקייט, אָדער רעליגיע בכלל, שטייט אויף איין אָרט. זי שאַפט גאָרנישט. זי זאָגט נאָר איבער דעם זעלבן פיזמון וואָס איז טויזנטער יאָר אַלט. דאָ אין הויז איז דאָס גאַנצע גאונות באַשטאַנען אין דעם וואָס מ׳האָט זיך געקוויקט מיט די פילפולים וואָס דער אָדער יענער רב איז אַרויסגעקומען מיט זיי אין אַ ספר וועגן אַ פילפול וואָס האָט זיך געפונען אין אַ ספר פון אַן אַנדערן רב. אָדער מ׳האָט געהאַט גרויס תענוג פון אַ שטיקל אַריינטייטש אין אַ פסוק פון תנ״ך, צי אין אַ מימרא פון תלמוד, כאָטש מ׳האָט שוין גאָרנישט געקאָנט צוגעבן צו די אַלטע פירושים. זיינע עלטערן איז נישט געווען קיין חילוק אין וועלכן טייל וועלט זיי וואוינען, אַזוי לאַנג ווי דער נישט־יידישער אַרום לאָזט זיי אָטעמען. אויך איז זיי נישט געווען קיין נפקא־מינא אין וואָסער יאָרהונדערט זיי לעבן. די צייט גופא האָט נישט געהאַט קיין באַדייט פאַר זיי. דאָ אין הויז האָט מען נישט געהאַט קיין שייכות מיט געשיכטע, נישט מיט קיין וויסנשאַפט, מיט קיין מוזיק, מיט קיין ליטעראַטור, קיין מאַלעריי, קיין סקולפּטור... דאָ איז דער דרויסן מיט אַלע זיינע אַנטדעקונגען און פאַרבעסערונגען געווען אַ פּוסטער דימיון וואָס בלויז נאַראָנים און פאַרדרייטע קעפּ — אַריינגערעכנט די אַנגעלייגטע, געלערנטע און פראָפעסאָרן — מיינען אַז ס׳האָט אַ ממשות און אַז מ׳קאָן דערויף בויען עפּעס האַפּטיקס.

און איצט, כאָטש ער איז שוין נישט קיין יינגל, הגם ער איז שוין נאָנט צו פערציק, אַ פאַרהייראַטער מאַן, אַ טאַטע פון קינדער, דאַך באַציט זיך נאָך צו אים די מוטער אַזוי, גלייך ווי ער וואָלט נישט געוואוסט אויף וועלכער וועלט ער איז, און ווי ער וואָלט געדאַרפט אָנקומען צו איר נאָך אַן עצה.

## .3

ענדלעך איז ער אַראָפּ פון בעט און ער האָט זיך גענומען אָנטאָן.

— כ׳דאַרף שרייבן אַן אַלאַרמירנדיק אַרטיקל פאַר דער צייטונג! — האָט ער מיט כעס אַ געשריי געטאָן צו הילדען פאַר שט־ין אים אין וועג צו פאַרלאָזן דאָס הויז. — כ׳בין נישט קיין לײדיקגייער. כ׳האָב פליכטן. כ׳האָב געזעלשאַפטלעכע פאַראַנטוואָרטלעכקייטן. כ׳האָב נאָך נעכטן געדאַרפט האָבן אָנגעשריבן דאָס אַרטיקל מיט אַ ווענדונג צו דער וועלט.

בעת זיין רוגזהדיקן שרייען האָט דאָס שמאָלע פּנים זיינס געפלאַמט, און זיינע שטאָלגרויע אויגן האָבן געשפּריצט מיט שרעק. זי האָט זיך געוואָלט אָפּרוקן פון אים, אָבער די גלידער אירע האָבן זיך נישט געקאָנט באַוועגן. זי איז געווען ווי פאַרגליווערט. זי האָט בלויז געקוקט אויף אים און געזען אַז אַ מער ווילדע אויפגערעגטקייט האַלט זיך ביים צעבושעווען. די סימנים זענען געווען דייטלעכע. זיינע ליפּן האָבן גענומען ציטערן. און אין זיין דינעם האַלדז זענען די אָדערן געוואָרן היפּש אָנגעדראָלן און שטאַרק בלוי.

איבער דעם ירגזון אין אים איז דזשעסי געבליבן שטיין מיטן רעקל אין האַנט און ער האָט נישט געדענקט אפילו צי ער האָט געהאַט בדעה זיך אָנצוטאָן. אין אַ ווײלע

אָרום האָט ער אָבער צוריקגעקראָגן דעם זכרון — און ער האָט אַריינגעטאָן די הענט אין די אַרבל. נאָך דעם איז ער צו צום מלבושים־קלאָזעט, האָט אַרויסגענומען פון דאָרטן זיין מאַנטל, אַריבערגעוואָרפן אים איבערן רעכטן אָרעם און צוריק זיך אויסגעדרייט צו הילדען.

— זיי מיר מוחל, הילדע... — האָט ער איצט גענומען רעדן מיט באַרואיקטקייט אין קול. פון זיין פּנים האָט זיך שוין געהאַט אָפּגעטאָן דער פלאַם. זיינע אויגן זענען שוין נישט געווען אַרויסגעזעצט. און די אָנגעדראָלענע אָדערן אין זיין האַלדז זענען שוין געווען דינער און בלאַס. — דו ווייסט אַז איך האָב געזעלשאַפטלעכע פליכטן. דאָס אַרטיקל, וואָס כ'האָב דיר דערפון געזאָגט אַז כ'האָב עס נאָך נעכטן געדאַרפט האָבן אָנגעשריבן פאַר דער צייטונג, מוז דערשיינען אין צוויי טעג אַרום, העכסטנס דריי. מ'טאָר נישט שווייגן אין פּנים פון די איצטיקע וועלט־געשעענישן. דאָס געוויסן פון די פעלקער מוז אויפגערודערט ווערן. וואָס לענגער מ'זיצט מיט פאַרלייגטע הענט אַלץ גרעסער ווערט די סכנה... איך מיין די סכנה פון דעם דייטשן מאַנסטער, היטלער, וואָס האַלט אַציִנד ביים אָנציִנדן אין דער וועלט אַזאַ מלחמה־פייער וואָס קיין פאַרגלייך דערמיט וועט נישט זיין צו געפינען אין דער גאַנצער געשיכטע...

ער האָט אַראָפּגענומען די אויגן פון הילדען, צונויפגעפרעסט זיינע דינע ליפּן, און אָנגעהויבן זיך אָנטאָן דעם מאַנטל. אַריינגעטאָן אַ האַנט אין אַן אַרבל, האָט ער ווידער גענומען קוקן אויף דער שוועסטער און אויפסניי פאַרגעזעצט מיט זיין באַזאָרגט־קייט עלעהיי ער וואָלט דערמיט זיך געוואָלט פאַרענטפערן פאַר זיין פריערדיקן אויס־ברוך צו איר:

— די סימנים פון דעם מאַנסטערס פּלאַן זענען בולטע. מיט אַ יאָר צוריק האָט ער אָקופּירט עסטרייך און געמאַכט זי פאַר אַ טייל פון דייטשלאַנד. ער האָט אפילו אָפּגעמעקט איר נאָמען, זי הייסט נישט מער „עסטרייך", נאָר „אָסטמאַרק". אויך מיט אַ יאָר צוריק האָט ער געפאָדערט פון טשעכאָסלאָוואַקיע די פּראָווינץ סודעטנלאַנד. באשר וואָס? מחמת די דייטשן זענען דאָרטן די מערהייט פון דער באַפעלקערונג. און צוגעזאָגט האָט ער דערביי אַז מער וויל ער נישט. און מ'האָט עס אים, אויס מורא, געגעבן. היינטיקע וואָך האָט ער אָבער פאַרכאַפּט גאַנץ טשעכאָסלאָוואַקיע! נו, וואו איז זיין וואָרט?... מיט אַ צייט צוריק האָט ער געפאָדערט פון ליטע די פּאָרט־שטאָט מעמעל. וואָסער שלעכטס האָט זי אים געטאָן? אויך די זעלבע מעשה... אויך דאָרטן זענען די דייטשן די מערהייט פון דער באַפעלקערונג. און מיט אַ וואָך צוריק האָט די שרעק פאַר דעם מאַנסטער ווידער זיך געבויגן. די רעגירונג פון ליטע האָט נישט געהאַט קיין אויסוועג און — נאָכגעגעבן... און אַציִנד, ס'הייסט נאָכדעם ווי ער האָט אָוועקגעלייגט ליטע, האָט ער צוגעשטעלט פּוילן אַ פאָדערונג, אַז זי זאָל זיך אָפּזאָגן פון דער פּאָרט־שטאָט דאַנציק און אויך פון אירס אַ שטיק לאַנד וואָס גרענעצט זיך מיט דייטשלאַנד. און וואָס איז זיין תירוץ דאָ? דער אויסרייד איז, אַז ביידע, ס'הייסט אי די פּאָרט־שטאָט און אי דאָס שטיק לאַנד, זענען נישט פּויליש. זיי זענען דייטשיש. דער אמת איז אַז היסטאָריש איז דאָס פּונקט פאַרקערט.

ער איז ווידער שטיל געוואָרן און האָט אַריינגעטאָן די צווייטע האַנט אין דעם אַנדערן אַרבל.

— אוודאי ווייסט ער, דער מאַנסטער, — שטייט ער אַן אָנגעטוענער אין מאַנטל און רעדט ווידער צו הילדען, — אַז פּוילן וועט זיך נישט לאָזן דערנידעריקן. זי וועט ענטפערן מיט „ניין" אויף זיינע אויסגעטראַכטע תביעות. זי וועט עס טאָן פּונקט אַזוי

ווי ס׳האָבן אין אָנהייב געטאָן טשעכאָסלאָוואַקיע און ליטע. מיט פּוילן וועט אָבער זיין אַנדערש. פּוילן וועט בלייבן איינגעשפּאַרט, ווייל זי ווייסט שוין צו וואָס עס פירט ווען מ׳הייבט אָן מיט נאָכגעבן אים. זי האָט עס געלערנט פון דער שוואַכקייט ביי זיינע פריערדיקע קרבנות. און אויף דעם טאָקע וואַרט ער, דער מאָנסטער. פאַרוואָס? ווייל דאָס וועט אים געבן אַ גוטן אויסרייד אַרויפצוּוואַרפן זיך מיט זיינע אַרמייען אויף דעם דאָזיקן חוצפּהדיקן לאַנד...

גענומען דעם קאָפּעליוש, וואָס איז געלעגן אויפן טישל, האָט ער זיך ווידער אויס־געדרייט צו הילדען:

— אין אַזאַ־אַ צייט, וואָס איז אָנגעלאָדנט מיט אויפרייס־שטאָף, קאָן דער פּאָלי־טישער אַנאַליז נישט וואַרטן. איך קאָן עס אויף לענגער נישט אָפּלייגן. אין מיין אַרטיקל מוז איך וואָרענען דעם וועלט־פּראָלעטאַריאַט אַז דער איצטיקער צוג פון דעם מאָנסטער קעגן פּוילן וועט נישט זיין קיין פאַרשלעפּטע מאַנעוורע. ער ברענט, דער טייוול! ער קאָן נישט איינרוען! ער מוז גלייך האָבן פּוילן, גאַנץ פּוילן, וואָס איז דאָס טויער צום ראַטנפאַרבאַנד. ער מוז זיך אַרויפוואַרפן, דער מאָנסטער, אויפן אַוואַנגאַרד פון דער קאָמוניסטישער ווירטשאַפט. ער מוז אים דערשטיקן. דאָס איז זיין גרעסטער באַגער. ווייל ראַטנפאַרבאַנד, ווייסט ער, איז זיין אָנפּשרהדיקער שונא. אַ שונא אויף טויט און לעבן...

ער האָט גענומען קוקן צום פענסטער, צוגעשמעלערט די אויגן, און פאַלבן האָבן זיך באַוויזן אויף זיין שטערן ווי אין מעדיטאַציע:

— און נישט נאָר דעם וועלט־פּראָלעטאַריאַט... אין מיין אַרטיקל מוז איך אויך וואָרענען די גרויסע וועלט־מאַכטן, ווי די פאַראייניקטע שטאַטן, ענגלאַנד און פראַנק־רייך... זאָלן זיי זיך נישט איינרעדן אַז דעם מאָנסטערס אַמביציעס וועלן זיך אָפּשטעלן נאָך דעם ווי ער וועט פאַרכאַפּן דאָס קאָמוניסטישע רוסלאַנד, חרוב מאַכן איר נייע ווירטשאַפט, און מאַכן פון דעם אוקריינישן קאָרן־שפּייכלער און פון די רייכע אויל־קוואַלן אין די אוראַל־בערג פאַר אייגנס פון דייטשלאַנד. זיי, די גרויסמאַכטן, וועלן זיין די שפּעטערדיקע קרבנות. יאָ, די שפּעטערדיקע קרבנות... וואָרעם דייטשלאַנד, אונטער דעם טייוולס פירערשאַפט, ווייל נישט בלויז מאַכן אַ סוף צום קאָמוניזם אין רוסלאַנד. אויף דעם, אגב, גיבן זייער ברכה די קאַפּיטאַליסטישע לענדער און אויך דער פּויבסט... דייטשלאַנד האָט אויך די אַמביציע צו דיקטירן איר ווילן צו די מערב־מלוכות. זי דורשט נאָך נקמה. זי קאָן נישט פאַרגעסן וואָס די מערב־מלוכות האָבן אַוועקגענומען פון איר דאָס רעכט אויף די קאָלאָניעס אין כינע, אויפן פּאַציפישן אָקעאַן און אין אַפריקע. זי קאָן זיי נישט מוחל זיין פאַר דעם דאָזיקן אַקט וואָס איז געווען אַ מיטל אויף צו פאַר־קלענערן איר מיליטערישן און אינדוסטריעלן כוח אין אייראָפּע, און גלייכצייטיק ווי אַ שטראָף פאַר איר אָנצינדן די וועלט־מילחמה אין 1914. זי קאָן אויך נישט פאַרגעבן אירע קעגנערס פאַר דעם וואָס זיי האָבן זי באַזיגט און געהאַלטן אויף איר ערד אָקופּאַציע־אַרמייען אין פאַרלויף פון עטלעכע יאָר. אַצינד ווייל זי אָנצינדן אַ צווייטע וועלט־מילחמה, צעשמעטערן אירע פריערדיקע באַזיגערס און ווידער נעמען פאַר זיך די קאָלאָניעס וואָס זענען אָפּגעריסן געוואָרן פון איר.

ער האָט זיך צוריק אויסגעדרייט מיטן פּנים צו הילדען. געקוקט אויף איר אַ ווײַלע און ווידער גענומען רעדן צו איר אין אַ טאָן פון פאַראַנטפערן זיך פאַר זיין פריער־דיקן אויסברוך:

— איז ווי קאָנסטו רעדן צו מיר וועגן סענטימענטן? באַשר ווי ס׳וועט דאָ אויסזען

היינט אָוונט, ווען איך וועל דאָ נישט זיין? אָדער וואָס דער ראש־ישיבה ר׳ מרדכי כהן און אַנדערע פרומע לייט וועלן זאָגן, ווען זיי וועלן זיך דאָ צונויפקומען מאָרגן צום דאַווענען, אויך אין די אַנדערע טעג פון דער שבעה, און וועלן מיך נישט זען? וואָסער ווערט האָבן אַצינד זייערע טענות? און וואָס, דיין פאַרשעמען זיך פאַר זיי? אַקעגן דער גרויסער אינטערנאַציאָנאַלער שחיטה וואָס רוקט זיך אָן אויף דער וועלט איז דאָך אומזין צו פטרן צייט אויף זייערע רעליגיעזע טענות, און אויף דיין בושה! וואָסער זין האָט דאָס אַלץ קעגן דער פליכט צו וואָרענען די פעלקער פון דער וועלט נישט צו דערלאָזן צו אַזאַ בלוט־באָד? וואָסער זין האָט אַצינד צו רעדן וועגן דינים, מינהגים, קדיש זאָגן, ווען מיליאָנען מענשן, מענער און פרויען, אַלט און יונג, ווערן שוין אַצינד אָן זייער וויסן צוגעפירט צו די טויערן פון אַ גיהנום אומצוקומען דאָרטן מיט אַלערליי מיתות־משונות? וועט דאָס דאַווענען און זאָגן קדיש זיי ראַטעווען פון אומקום? אפילו דער גלויבן אין גאָט וועט דאָך שטאַרבן!...

געזען אַז דער ברודער איז ביי זיך שטאָל און אייזן אויף אַוועקגיין פון הויז, האָט הילדע אַריינגעטאָן דאָס פּנים אין די הענט און זיך צעיאָמערט.

דזשעסין האָבן געריִרט אירע טרערן. ער איז אַלע יאָרן געווען צוגעבונדן צו איר, האָט זיך געגרויסט מיט איר שיינקייט און בילדונג. ער האָט דערנענט צו איר און מיט צאַרטקייט אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף איר אַקסל.

— כ׳מוז אויך זיין אין אָפיס, הילדע... ס׳איז נישט בלויז דאָס שרייבן ס׳אַרטיקל... כ׳דאַרף זיך אויך דורכרעדן מיט די אַנדערע פירנדיקע קאָלעגן... די פּאָליטישע צייט איז אַ שרעקלעכע, אַ סכנותדיקע. פאַרגיב מיר, הילדע...

הילדע האָט זיך העכער צעוויינט.

אָנגעטאָן זיך דעם קאָפּעליוש און אַריבערגעשפּרייזט די שוועל, איז ער אָבער געבליבן שטיין — און אין פאַרלויף פון עטלעכע מינוט האָט ער נישט געקאָנט שטעלן קיין טראָט. ער האָט געהאַלטן די הענט אין די קעשענעס פון מאַנטל און געקוקט ערגעץ פאַר זיך. ער האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן וועגן עפּעס. מיטאַמאָל האָט ער זיך אויסגעדרייט, צוריקגעקערט זיך אין שלאָפצימער אַריין און געפּליסטערט צו הילדען מיט באַרואיקונג אין קול:

— נו, גוט... כ׳וועל גיין צו מנחה־מעריב... און כ׳וועל נאָך צוריקקומען צו מאַכן די הבדלה... נו, גוט... שטיל זיך איין.. הער אויף קלאָגן...

# קאַפּיטל אַכט־און־צוואַנציק

## קאָמוניסטישע מיידלעך

### 1.

אין אָוונט האָט זיך אין הויז פון די האָרוויצעס אַריינגעלאָזט פון גאַס אַ היפּשע כאַליאַסטרע מיידלעך.

פון זייערע אויגן האָט אַרויסגעבליצט אַ יוגנטלעכער ברען. פון זייערע בלוט־און־מילך פּנימער האָט אַרויסגעהיצט אַ שטאָלצע האָפערדיקייט ווי נאָכן איבערלעבן אויסערגעווייגלעך אָנגענעמע געשעענישן. און פון זייערע עלעגאַנט־געקליידטע קערפּערס

האָט זיך געטראָגן אַן אימפּעט ווי פון גוט־אויסגעכאַליעטע פערדרייטערקעס וואָס האָבן אָקאָרשט פאַרענדיקט אַ גאַלאָפּ איבער הויכע באַריערן — צוליב נאָטירלעכער נייגונג צו ספּאָרט, און אויך כדי צו קריגן פּערזענלעכן אָנזען פאַר אויסצייכענען זיך צום בעסטן אין דעם שפּרינג־פאַרמעסט.

ווי נאָר זיי זענען אַריבער די שוועל האָט זיך אָבער זייער גאַנצע האַלטונג מיטאַמאָל געביטן. זיי האָבן נישט געוואָרפן מיט די הענט, נישט געדרייט צו אָפט מיט זייערע קעפּ, נישט גערעדט צו פיל און האַסטיק. ס'איז געווען קענטיק פון דער ענדערונג אין זייער געמיט און אויפפירן זיך אַז זיי האָבן נישט פאַרבלאָנדזשעט דאָ. זיי ווייסן וואו זיי געפינען זיך און וואָס פאַר אַ שטימונג ס'הערשט אין הויז.

געווען זענען זיי מיטגלידער פון דער קאָמוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע. אייניקע פון זיי האָבן געהערט צו דער גרופּע וואָס האָט זיך געהאַט פאַרזאַמלט מיט עטלעכע טעג צוריק ביי דזשעסין אין הויז, וואו ס'האָט פאַר זיי גערעדט הילדע. און די איבעריקע האָבן באַלאַנגט צו אַנדערע גרופּעס וואָס אויך ביי זיי איז הילדע געווען זייער פּאָפּולער און באַליבט.

אַלע זענען איצט געקומען פון אַ דעמאָנסטראַציע וואָס די קאָמוניסטישע פּאַרטיי, צוזאַמען מיט דער קאָמוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, האָט דורכגעפירט אויף די גאַסן פון שטאָט. אָנגעהויבן האָט זיך די דעמאָנסטראַציע נאָכמיטאָג, אין יוניאָן־סקווער, נישט ווייט פון דער געביידע וואו ס'געפינען זיך די פּאַרטיי־אָפיסעס און וואו ס'ווערן געדרוקט די פּאַרטיי־צייטונגען, זשורנאַלן און ביכער. נאָך דעם ווי עטלעכע רעדנערס האָבן דערקלערט וועגן דעם זין פון צונויפרופן די אַרבעטער־און־פאָלקס־מאַסן האָט זיך דער פאַרזאַמלטער עולם גענומען ציען איבער די גאַסן מיט טראַנספּאַראַנטן און מיט אויסרופן אַרויף צו אַפּטאַון און טיימס־סקווער.

צווישן עולם האָבן מאַרשירט נישט נאָר די מיטגלידער פוןביידע קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, ס'הייסט עלטערע און יוגנטלעכע. ס'האָבן אויך מאַרשירט הונדערטער מענער און פרויען פון פּראָטעטנאַלע פאַרבאַנדן, וואָס האָבן זיך אידענטיפיצירט מיט די פּאָליטישע קאַמפּן און צילן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. זיי זענען געווען ליטווינערס, אונגאַרן, פּאָליאַקן, פינלענדערס, אוקריינערס, יוגאָסלאַוון, יידן און אַנדערע.

צוגעקומען צו טיימס־סקווער, האָט דער גרויסער עולם אָנגעטראָפן אויף אַ מחנה פּאָליציילייט, פוסגייערס און רייטערס אויף פערד, וואָס האָבן נישט געלאָזט דעם עולם גיין ווייטער.

הער איבער די געביידעס און הימלקראַצערס איז שוין דעמאָלט געווען שטאַרק פינצטער. אפילו דאָס שימערן פון אַ שטערן האָט זיך פאַרלוירן אין דעם חושך, כאָטש ס'איז געווען פרי אין אָוונט. אָבער פון די אָנגעצונדענע נעאָן־שילדן איבער די טירן פון געשעפטן, איבער דעם געמאַך פון דער גרויסער צייטונג „דהי ניו יאָרק טיימס", איבער מואווי־הייזער און טעאַטער־געביידעס האָט געפלייצט אַזאַ פאַרבלענדנדיק ליכט פון ראָז, בלוי און זילבער, אַז פאַר אַ פרעמדן, וואָס וואָלט צופעליק אַריינגעפאַלן דאָ, וואָלט געווען שווער צו אונטערשיידן די דאָזיקע ליכטיקייט פון אַ זומערדיק־זוניקן מיטנטאָג. אויטאָמאָבילן, לאַסטוועגענער, מאָטאָרציקלען, אין לאַנגע רייען, האָבן — אויסער אויף קורצע איבעררייסן — גאַרנישט אויפגעהערט אָנפאָרן פון ערגעצוואו און לויפן. און געדיכטע מאַסן מענטשן, הונדערטער און טויזנטער, וואָס זענען געגאַנגען אין קעגנזייטלעכע ריכטונגען אויף די טראָטואַרן, אויך דורכגעקרייצט די ברייט פון טיימס־סקווער, האָבן געמוזט שטאַרק זיך היטן — נישט צו בלייבן שטיין אויף איין אָרט צו לאַנג,

נישט צו פאַרקלערן זיך — כדי אויסצומיידן אַ פיזישן צונויפשטויס מיט פאַרבייגייערס, אָדער מיט מאַשינען . . .

די פּאָליציילייט, וואָס האָבן געוואוסט אין פאָרויס וועגן דער דעמאָנסטראַציע, זענען בייצייטנס געקומען אָפּוואַרטן און פאַרהאַלטן דעם עולם. די אָרדענונג אין דעם געפּלייץ פון מענטשן און אויטאָמאָבילן אין דעם צענטער פון נייס־קאָמוניקאַטן און פאַרווײַלונג האָט געמוזט אָפּגעהיט ווערן פון וועלכן־ס׳איז שטער אָדער כאַאָס. זיי האָבן פאַרמירט אַ לאַנגע ריי, ווי אַ וואַנט, און פאַראָרדנט די דעמאָנסטראַנטן זיך צוריקקערן. די פּירערס האָבן זיך אָבער נישט צוגעהערט צום באַפעל. זיי האָבן אָנגענומען, אַז די פּאָליציייאישע טענה וועגן שטערן דעם פאַרקער איז געווען אַן אויסרייד — און זיך געווענדט צום עולם מיט זייער אייגענעם באַפעל: דורכברייסן זיך דורכן פּאָליציי־קאָרדאָן, אָדער פאַרנעמען זיך מיט זייטיקע גאַסן צו טיימס־סקווער, און דאָרטן פאַרמירן מיטינגען, וואו ס׳וועלן אויפטרעטן רעדנערס.

אין אַ קורצער ווײַלע אַרום האָבן אויסגעבראָכן געשלעגן און ס׳זענען פאָרגעקומען אַרעסטן סיי האַרט ביי דער פּאָליצייאישער פאַרצאַמונג און סיי אין מיטן פון טיימס־סקווער. צווישן די אַרעסטירטע איז אויך געווען הילדעס אינטימער פריינד: דייוויד.

געזען ווי דייוויד, צוזאַמען מיט אַנדערע, איז אַוועקגעפירט געוואָרן אין אַ פּאָליציי־אישן אַרעסט־וואָגן, האָט זיך די דאָזיקע כאַליאַסטרע מיידלעך אָפּגעריסן פון מיטבאַ־טייליקטע יונגע דעמאָנסטראַנטן, וואָס מערסטנס זענען זיי באַשטאַנען פון סטודענטן און סטודענטקעס, און זיך פאַרנומען דאָ אַהער צו הילדען. אויב הילדע האָט זיך נישט געקאָנט באַטייליקן אין דער דעמאָנסטראַציע איבער איר טרויער אויפן פאָטערס טויט, זאָל זי כאָטש וויסן וואָס ס׳איז געשען מיט איר פערזענלעכן פריינד, קאָמעראַד דייוויד.

— ווּעמען ווילט איר זען? — האָט מיסעס גאָטליב אַ פרעג געטאָן די מיידלעך, ווען זי האָט געעפנט די טיר פאַר זיי. דערביי האָט זי געטראַכט אַז לויט זייער רייכער קליידונג און איידעלן אויסקוק קומען זיי געוויס אַרויס פון גבירישע היימען און איג־טעליגענטע טאַטע־מאַמע.

— מיס האָרוויץ . . . — האָט אַ הויך־געוואַקסיק מיידל, מיט אַ גרינעם בערעט אויפן קאָפּ, אַ זאָג געטאָן.

— הילדע האָרוויץ? — האָט מיסעס גאָטליב געקוקט אויף איר און אויך אויף די אַנדערע מיידלעך. — הילדע?

אַ געדאַנק איז איר געקומען אין קאָפּ אַריין אַז די דאָזיגע אַלע מיידלעך זענען געוויס סטודענטקעס. זיי קענען הילדען פון קאָלעדזש. און זייער איצטיקער באַזוך איז, משמעות, איבער דעם אומגליק דאָ אין הויז. זיי זענען געקומען אויסדריקן מיטגעפיל זייער פריינדין.

— גייט אַריין אין ליווינגרום . . . — האָט זי געזאָגט אין אַ ווײַלע אַרום. — זי זיצט דאָרטן מיט איר ברודער.

## .2

אין גאַסטצימער איז געווען וויסט־שטיל. דאָס אַלטע, אָרעמלעכע מעבל — די סאָפע, די געבעטע שטולן, דער גרויסער עסטיש, וואָס איז פאַר שבת און יום־טוב און איז געשטאַנען אין מיטן דיל, — אַלץ איז געווען באַלייכט פון די עלעקטרישע ווענט־לעמפּלעך און האָט געמאַכט אַ דערדריקנדיקן איינדרוק אויף געסט וואָס האָבן אַ

מאָדערנעם געשמאַק. אויסער הילדען און דזשעסין איז דאָ קיינער נישט געווען. און אפילו דזשעסי איז דאָ געווען בלויז ציטווייליק. ער האָט געזאָלט באַלד אַוועקגיין. און דאָס — אויף שטענדיק. ביידע, ער און הילדע, זענען געזעסן אויף דער סאָפע.

די רביצין האָט זיך געפונען אין ספרים־שטיבל. זי האָט געוואוסט אַז די קינדער זיצן נישט אויף קיין נידעריקע בענקלעך ווי אבלים זענען זיך נוהג אין די שבעה־טעג. זי האָט זיך דערפאַר אָפּגעזונדערט פון זיי און איז נישט אַרויס פון איר גאָטזעליקן מאַנס ספרים־שטיבל, וואו זי איז איינע אַליין, אין באַטריבטקייט, געזעסן שבעה.

דערזען די מיידלעך אין דער אָפענער טיר־ראָם פון גאַסטצימער, האָט הילדע אַ שאַר אַוועק געטאָן פון דעם רעכטן אויג אַ פּאַסמע האָר, וואָס איז געהאַט אַראָפּגעפאַלן פון קאָפּ, און זיך אויסגעגלייכט פון זיצן אין אַן אָנשפּאַר־פּאָזע.

פון דער אָפענער טיר־ראָם האָבן די מיידלעך דערנענט צו דער סאָפע. איינע נאָך דער אַנדערער האָבן זיי אַרומגענומען הילדען און זי געקושט מיט באַטריבטקייט און ליבשאַפט. נאָכדעם זענען זיי אַריבער צו דזשעסין און האָבן געדריקט זיין האַנט מיט באַדויער אויפן געשעעניש אין הויז.

אַ ווײַלע איז געווען טויט־שטיל. דערנאָך האָבן די מיידלעך גענומען רעדן:

— כ'האָב געליינט וועגן דעם אומגליק היינט אינדערפרי אין דער פּרעסע.

— אויך איך...

— כ'האָב נישט געוואָלט גלייבן דאָס געדרוקטע.

— ס'איז געווען געשריבן אַז דעם רבס זון, מיסטער דזשעסי האַרוויס, איז דער קאָמוניסטישער פירער און שרייבער.

— ריכטיק... ווען נישט דאָס, וואָלט מיר נישט געווען איינגעפאַלן אַז „אַזעלכעס" איז געשען מיט אייער פאָטער.

— מיר האָט וועגן דעם געזאָגט מיין טאַטע. ער האָט עס געליינט אין אַ יידישער צייטונג.

— מיר האָט געזאָגט מיין מוטער.

— אַ שאָד, וואָס כ'האָב נעכטן נישט געוואוסט דערפון...

— געוויס... כ'וואָלט אויך געווען געקומען צו דער לוויה.

— עקסיוז מי... זענען מיר נישט קיין באַלעסטיקונג פאַר איך אַצינד?

— מיר זענען סיוואי נישט געקומען אויף לאַנג.

דזשעסי — אין רעקל, מיטן קאַפּעליוש אויפן קאָפּ — איז געזעסן האַלבליגנדיק און האָט נישט געענטפערט. ער איז געווען בלייך, שטאַרק פאַרכמורעט, און האָט כמעט זיך נישט צוגעהערט צו די רייד פון די סטודענטקעס.

כדי די מיידלעך זאָלן נישט דרינגען פון דזשעסיס שווייגן אַז זיי זענען נישט קיין באַגערטע געסט, איז הילדע פאַרלאָפן דעם וועג. מיט אַ טאָן פון אַ באַליידיקטער האָט זי אַלעמען פאַרזיכערט אַז פאַרקערט. נישט נאָר זענען זיי ווילקאָמען — זיי זענען אויך אַ גרויסע דערמונטערונג.

— קאָן דען זיין — האָט זי געזאָגט — אַ גרעסערע טרייסט אין אַזאַ צייט ווי צו זיין אַרומגערינגלט מיט מיטגעפיל פון פריינד?

אויף איר פאַרלאַנג האָבן זיך די מיידלעך געזעצט אַרום דעם גרויסן עסטיש, אויך אויף די געבעטע שטולן אין די ווינקלען, און גענומען דערציילן וועגן דער דעמאָנסטראַציע.

— יעדער איינער האָט געפרעגט וועגן איך... — האָט די הויך־געוויקסיקע

סטודענטקע, מיטן גרינעם בערעט אויפן קאָפּ, געזאָגט צו דזשעסין. — יעדער האָט דערוואַרט איר זאָלט אויפטרעטן פאַר זיי און רעדן. און אַז איר זענט דאָרטן נישט געווען איז זייער אַנטוישונג געווען זייער גרויס.

דזשעסי האָט געקוקט זייטיק אויף דער סטודענטקע מיטן גרינעם בערעט און ווידער גאָרנישט געזאָגט.

אויך איצטיק מאָל האָט הילדע גיך גענומען בייטן דעם שלעכטן איינדרוק וואָס איר ברודערס שווייגן האָט גורם געווען אויף די געסט, דער עיקר אויף דער הויך־געוויקסיקער סטודענטקע מיטן גרינעם בערעט.

— מיין ברודער האָט שטאַרק עגמת־נפש דערפון... האָט זי געזאָגט צו דער סטודענטקע און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ צו די מיידלעך. — כ׳מיין, וואָס ער האָט זיך נישט געקאָנט באַטייליקן אין דער דעמאָנסטראַציע.

און קיין אויסגעטראַכטקייט איז אין איר באַשיצן דעם ברודער טאַקע נישט געווען.

מיט עטלעכע טעג צוריק — האָט הילדע איבערגעגעבן — איז דזשעסי באַשטימט געוואָרן פון צענטראַל קאָמיטעט אויפצוטרעטן היינט ביי דער דעמאָנסטראַציע. דאָרטן האָט ער געדאַרפט אַדרעסירן זיין רעדע צום גאַנצן אַמעריקאַנער פאָלק און דערקלערן די שטעלונג פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי צו דער מילחמה וואָס נאַצי־דייטשלאַנד גרייט צו פאַר דער וועלט. אין זיין רעדע האָט ער אויך געדאַרפט געבן אַן איבערבליק איבער די נייע גרענעצן פון לענדער וואָס דער פעלקער־בונד, געשאַפן גלייך נאָכן ערשטן וועלט־קריג, האָט אין ווערסייל באַשטימט פאַר די נאַציעס אין אייראָפּע. און אויך האָט ער געדאַרפט שילדערן ווי דער פירער פון דייטשלאַנד, היטלער, פאַרברעכט קעגן דעם דאָזיקן אָפּמאַך. נישט נאָר האָט ער אָפּן דערקלערט זיין קעגנערשאַפט צו דער נייער דעמאַרקאַציע פון נאַציאָנאַלע טעריטאָריעס. ער איז איבערגעגאַנגען פון אָראַטאָרישן פּראָטעסט צו קאָנקרעטער טואונג...

אויך האָט הילדע נישט אויסגעלאָזט פאַר די מיידלעך אַנדערע טיילן פון דזשעסיס רעדע. די אַנדערע טיילן האָבן געגעבן אַ בילד פון אַלע אולטימאַטומס וואָס היטלער האָט צוגעשטעלט צו אַ צאָל מלוכות אין אייראָפּע וועגן פּראָווינצן און שטעט וואָס באַלאַנגען מכלומרשט צו דייטשלאַנד. חוץ דעם אַלעם האָט דזשעסי געזאָלט זיך פאַרנעמען אין זיין רעדע וועגן דער אַמעריקאַנער רעגירונג. וואַשינגטאָן — האָט ער געזאָלט זאָגן — דאַרף גלייך אָנהייבן אַ דיפּלאָמאַטישן שמועס מיט ענגלאַנד און פראַנקרייך וועגן שליסן אַ בונד מיט מאָסקווע קעגן דעם דייטשן מאָנסטער.

אַלץ וואָס זי האָט איבערגעגעבן איז אגב געווען גענוי דאָס זעלבע וואָס דזשעסי האָט זיך געגרייט אָנצושרייבן אין זיין אַרטיקל פאַר דער פּאַרטיי־פּרעסע.

— צום באַדויערן — האָט הילדע פאַרענדיקט איר פאַרענטפערן דעם ברודער — איז אונטערגעקומען דאָס אומגליק דאָ ביי אונדז... און מיין ברודער האָט געמוזט איבערלאָזן אַלץ...

די הויך־געוויקסיקע סטודענטקע, אויך די אַנדערע סטודענטקעס, אַלע האָבן באַטריבטע צוגעשאָקלט מיט די קעפּ און געקוקט מיט מיטגעפיל אויפן טיפן אַנאַליטיקער פון פּאָליטישע וועלט־געשעענישן, דעם באַליבטן פאָרשטייער פון צענטראַל קאָמיטעט.

— איז געווען אַ גרויסער עולם? — האָט הילדע פון איר זיצפּלאַץ אויף דער סאָפע געפרעגט די סטודענטקע וואָס מיטן גרינעם בערעט.

— אין די טויזנטער... — האָט די סטודענטקע אַ זאָג געטאָן גיך, גלייך ווי זי וואָלט געוואַרט אויף אַזאַ געלעגנהייט.

זי אָבער נישט געהאַט קיין זאָרג. מיט איינעם פון די איצטיקע צוויי, מיטן יונגנמאַן — און נאָך איידער זי האָט פאַרענדיקט האָבן אַלע מיידלעך גלייך צוגעגעבן:

— די דעמאָנסטראַציע איז געווען מער ווי אַ מייל לאַנג.

— צו עטלעכע מענטשן אין דער ברייט.

— ס'האָבן זיך באַטייליקט יונג און אַלט.

— מענער און פרויען.

— פון פיל פעלקער...

הילדע האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ פאַר צופרידנקייט — און דאָס מאָל געפרעגט אין דער זעלבער צייט:

— האָבן די דעמאָנסטראַנטן רעאַגירט שטאַרק אויף די רעדעס?

אויסער דעם הויך־געוויקסיקן מיידל האָבן די סטודענטקעס אויך איצט געענטפערט איינע נאָך דער אַנדערער:

— יאָ!

— צומערסטן ביי געוויסע אויסרופן...

— ביים דערמאָנען וועגן אַ פּאָליטישן בונד פון די מערב־מלוכות מיטן סאָוועטן־פאַרבאַנד.

— וועגן אַ מיליטערישן ווידערשטאַנד פון אַלע אַנטי־נאַצישע לענדער קעגן דייטשלאַנד.

— און איבערהויפּט ווען ס'איז דערמאָנט געוואָרן וועגן היטלערס מאָרד־רעדעס קעגן די יידן איבער דער גאַנצער וועלט.

אַ ווײַלע איז געווען שטיל. נאָכדעם האָט הילדע ווידער געפרעגט אַלע מיידלעך אויף איין מאָל:

— איז אַלץ צוגעגאַנגען רואיק?

— יאָ, — האָט די הויך־געוויקסיקע סטודענטקע געענטפערט. — אָבער בלויז ביז אַ געוויסן פּונקט...

— וואָס איז געשען? — האָט הילדע געקוקט אויף איר מיט פאַרגרעסערטע אויגן.

— די פּאָליציי...

— אַרעסטן? — האָבן הילדעס אויגן זיך געדרייט פון דעם רוב מיידלעך צום „גרינעם בערעט" און צוריק.

— עטלעכע... — האָט דאָס גרין־בערעט מיידל אַ שטאָמל געטאָן און גלייכצייטיק גענומען קוקן אויף דער כאַליאַסטרע מיידלעך צי זיי גייען אויך עפּעס זאָגן.

— ווער?... — האָט הילדע ווידער געפאָרשט מיט בליצנדיקע אויגן. — ווער איז אַרעסטירט געוואָרן?

מחמת דער געדריקטער שטימונג אין הויז האָבן די סטודענטקעס געפילט אַז זיי דאַרפן נישט אַרויסברענגען פאַר הילדען וועגן דעם אַרעסט פון איר פערזענלעכן פריינד דייוויד. זיי האָבן גענומען פּלאָנטערן מיט די צינגער און קוקן איינע אויף דער אַנדערער:

— דו ווייסט וועמען, גלאָריען?

— ניין, שולמית...

— איך אויך נישט.

— ס'איז געווען אַ טומל.

— מ'האָט נישט געוואוסט גענוי וועמען...

— די פּאָליציי איז געווען זייער ברוטאַל.

— מ׳האָט געמוזט לויפן . . .
— אַנישט וואָלט מען צעטראָטן געוואָרן פון פערד . . .
הילדע האָט באַטראַכט יעדע איינע מיט אַ פאַרדעכטיקן בליק. זי האָט זיך אָבער אָפּגעהאַלטן פון צושטיין צו זיי מיט קשיות. זיי וואָלטן, אָן ספק, זיך געפילט שטאַרק אומבאַקוועם. שווייגנדיק האָט זי אָבער מיט אירע אויגן געבעטן אַז זיי זאָלן נישט אויפּהערן רעדן, זיי זאָלן דערציילן, שמועסן וועגן זייערע איבערלעבונגען ביי דער דעמאָנסטראַציע. אפשר, אין אַ מינוט פון פאַרגעסן זיך, וועט עמעצער פון זיי אַרויסכאַפּן זיך מיט דעם וואָס אַלע האָבן אָקאָרשט זיך באַמיט צו באַהאַלטן פון איר. און זי האָט מיט אַנגעשטרענגטקייט גענומען וואַרטן אויף אַזאַ געלעגנהייט.

## קאַפּיטל ניין־און־צוואַנציק

## דייוויד און אידיט

### 1.

לויטן גערויש וואָס האָט זיך ציטערדיק געטראָגן פון דער קאָרידאָר־טיר האָט מיסעס גאָטליב געוואוסט אין פאָרויס ווער ס׳קומט אין הויז אַריין צו דער רביצין און ווער צו הילדען. יענע לייט וואָס זענען געקומען צו דער רביצין זענען געווען פרומע. זיי האָבן נישט געדריקט אויפן עלעקטרישן טיר־גלעקל. זיי האָבן בלויז געעפנט די טיר, וואָס איז נישט געווען פאַרשלאָסן איבער דער שבעה, און אַרײַנגעשלייכט מיט קליינינקע טריטעלעך. די אַנדערע, אָבער, וואָס זענען געקומען צו הילדען, האָבן זיך געהאַלטן פאַר מאָדערנע מענטשן. זיי זענען נישט געווען קיין פרומע און האָבן יאָ געקלונגען אין דעם עלעקטרישן גלעקל. זיי האָבן געוואָרט אַז מ׳זאָל פאַר זיי עפענען די טיר און געבן דערלויבעניש אַריבערצוטרעטן די שוועל.

די ערשטע דערפאַרונג מיט די מאָדערנע לייט האָט זי, די מיסעס גאָטליב, געהאַט פריער מיט די סטודענטקעס. און די צווייטע, אַן ענלעכע — איצט.

זי שטייט ביי דער אָפּגעעפנטער טיר, וואָס אָקאָרשט האָט זיך פון איר עלעקטרישן גלעקל געהערט אַ קלונג, און קוקט אויף צוויי הויכע מענטשן. איינער פון זיי — אַ שלאַנקער יונגערמאַן, פון אַ יאָר עטלעכע און צוואַנציק, מיט אַן אָפּגעדעקטן קאָפּ, מיט אַ ליולקע אין מויל — איז געווען אָנגעטאָן אין אַן ענגלישן, גרויען טוויד־מאַנטל, און אַרום דעם דינעם האַלדז האָט ער געטראָגן אַרומגעדרייט אַ געשטריקט, גרין שאַליקל. דער צווייטער איז געווען אַ פּיבערדיק, שלאַנק מיידל, מיט אַ קלוגן פּנימל און אַ שיינעם, אָבער גדלותדיקן נעזל. זי איז געווען פון אַ יאָר צוואַנציק, האָט געטראָגן אַ שניי־ווייסן קאַשמיר מאַנטל, אַ רויטן בערעט, שאַרמאַנטיש־פאַרצויגן אויף איין זייט פון איר בלאָנד־האָריקן קאָפּ, און אַ גאָלדן קייטעלע מיט אַ מעדאַליאָן אויפן האַלדז.

— קאָנען מיר זען מיס הילדע האָרוויץ ? — האָט דער הויכער יונגערמאַן, מיט טיף דורכדרינגענדיקע, שוואַרצע אויגן, געפרעגט די מיסעס גאָטליב ביי דער אָפּענער טיר.

ווי פריער, ווען די כאַליאַסטרע מיידלעך האָט זיך באַוויזן, האָט מיסעס גאָטליב אויך איצט באַטראַכט די צוויי יונגע מענטשן פאַר סטודענטן. מיט די פריערדיקע געסט האָט

— יאָ, די רייטערס אויף פערד האָבן געטריבן פון אַלע זייטן.
יאָ. ווי קאָן זי אַריינלאָזן אין רבנישן הויז אַ יונגנמאַן, וואָס טראָגט גאָרנישט אויפ׳ן קאָפּ? אָן אַנדערש מאָל, אפשר יאָ. אָבער איצט? אין הויז געפינען זיך אַ סך מענטשן וואָס זענען געקומען מנחם־אָבל זיין די רביצין. ס׳געפינען זיך דאָרטן די שול־גבאים מיט זייערע פרויען, אויך דער ראש־ישיבה ר׳ מרדכי כהן, אויך מנהלים פון קליינע ישיבות, אויך רבנים פון בתי־מדרשים.אַלע זענען איצט אין רבס ספרים־שטיבל, וואו די רביצין זיצט שבעה. וואָס וועט אָבער זיין אַז די דאָזיקע לייט וועלן דערזען דעם יונגנמאַן מיטן אָפּגעהילטן קאָפּ? דאָך האָט זי זיך מיישב געווען. ס׳איז געווען אַ חוצפּה פון דעם יונגנמאַן צו קומען אין אַ רבניש הויז ווי אַן אַפּיקורס. אָבער ווי קומט זי צו נעמען זיך דאָס רעכט און צו פאַרקלאַפּן די טיר אין זיין פנים?
— אוודאי קאָנט׳יר זי זען... — האָט זי נישט־ניחאדיק אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און געקוקט אויף די געסט מיט ווידערגעפיל אין די אויגן. — גייט אַריין אין ליווינגרום.

## 2.

געטראָפן האָבן זיי הילדען זיצן אין אַ ווינקל.
זי איז געווען איינגעקאָרטשעט אין אַ געבעטעטער שטול, דער קאָפּ פאַרוואָרפן אין אַ זייט פון דעם פלייצע־ווענטל, די הענט צונויפגעקוועטשט אין שויס, און די פיס פאַרלייגט הינטער זיך. זי איז געווען שטאַרק דערדריקט — אין אַ געמיט פון וועלן זיין ווייט פון אַלץ און אַלעמען. זי האָט אפילו נישט געוואָלט הערן קיינעמס רייד און נישט זען קיינעמס פנים. זי איז געווען אַזוי פאַרביטערט, אַז ס׳וואָלט איר נישט געאַרט אויפ־צוהערן צו לעבן.
ביז אַ געוויסן גראַד איז זי שוין אפילו נעכטן געווען אין אַט דער שטימונג. דאָס האָט זיך געמערקט אין אירע אויסגעלאָשענע אויגן און אין איר אויפפירן זיך. דער עיקר איז עס געווען בולט דעמאָלט, ווען דזשעסי — אויפן וועג צוריק פון בית־עלמין — האָט פאַר איר געלאָזט פאַלן דעם געדאַנק, אַז ער פאָרט נישט מיט איר אַהיים צו דער מוטער. ער האָט דאָרטן גאָרנישט וואָס צו טאָן. ס׳איז נישט זיין עסק צו אַלץ מיטאַנאַנד אין די שבעה־טעג. אינגאַנצן פאַרשלונגען פון דער דאָזיקער דערדריקטקייט און רעזיגנאַציע איז זי, הילדע, אָבער געוואָרן פריער, ווען דער ברודער איז ענדלעך אַוועק פון הויז — און טאַקע נישט מער זיך צוריקצוקערן. איז זינט דעמאָלט זיצט זי דאָ אַזוי, גלייך ווי אפילו אַ פּאָדעם וואָלט זי מער נישט געבונדן צו קיינעם און גאָרנישט.
איז עס אפשר דזשעסיס פאַרשווינדן די שבעה וואָס האָט זי אַזוי צערודערט? ניין. די טרויער־טעג גופא — וויפל זיי זאָלן זיך נישט ציילן — זענען נישט קיין דורכאויס יידיש־רעליגיעזער איינפיר. פון די עלטסטע צייטן אָן האָבן מענטשן פון אַלע פעלקער געטרויערט אויפן טויט פון אייגענע און טייערע. דאָס טרויערן איז אַלמענטשלעך. ס׳געהערט צום האַרץ, ווען ס׳איז פאַרקלעמט, ווען ס׳וויינט אויף דעם ברוטאַלן געזעץ פון דער נאַטור וואָס מאַכט אַ סוף צום גוטן, פּונקט אַזוי ווי צום בייזן.
איז עס אפשר דאָס וואָס דזשעסי האָט פאַרשוועכט די געוואוינהייט ביי פיל אבלים — אָנצונעמען גאָטס פסק־דין אָן ווידערשפּעניקייט, אָנצונעמען מיט הכנעה, ווי ס׳ווערט פּרומלעך און אין שיפלות אויסגעדריקט אין די טרויער־טעג? אויך נישט. די פאָרכט פאַר גאָט און דאָס נישט־קריגן זיך מיט אים פאַר זיין מישפּט זענען אַ רעליגיעז הויפּטגעזעץ וואָס נישט בלויז יידן־מאמינים האָבן אָנגענומען. אויך גלייביקע ביי אַלע

פעלקער לעבן מיט דעם זעלבן באַנעם. שוין די אַמאָליקע עגיפּטערס האָבן געהאַט אַזאַ באַגריף, כאָטש זייער גאָט איז געווען די זון. אויך אַזוי די פּאַרצייטישע גריכן, כאָטש זיי האָבן געזען מענטשלעכע לוסטן ביי זייערע געטער. אויך אַזוי די אַפריקאַנישע פעלקער, כאָטש זיי האָבן געגלייבט אין געצן. אויב אַזוי, טאָ וואָסער פאַרברעך איז עס ווען איינער פאָלגט נישט נאָך אָט די אַלע איינרעדענישן און אָנזאָגענישן וואָס מענטשן אין אַלע צייטן האָבן צוגעטשעפּעט צו עפּעס אַזעלכעס וואָס זיי רופן רעליגיע, אָדער הייליקע לערע? קאָן דען דער מענטש, אפילו אָן אמונה, פאַרגעסן די אבידה פון אָן אייגענעם, אַ טייערן? מוז ער דען אויסדריקן זיין ווייטאָג דורך אָנגענומענע תפילות? קאָן ער דען נישט אפילו שטומערהייט טיף ליידן און קלאָגן אויף זיין אייגענעם שטייגער? אוודאי קאָן ער. און דאָס טרויערן דורך רעליגיעזע געבעטן מאַכט דעם צער סיווי נישט עכטער. צער איז צער. בראָך איז בראָך. זיי זענען דאָס וואָס זיי זענען.

איז פאַרוואָס דען איז זי געווען נעכטן און איז נאָך מער איצט אַזוי דערדריקט און אַנטוישט אין אַלץ און אַלעמען איבער דזשעסין?

ווייל ער האָט נישט געהאַט קיין אײנזעעניש מיט דער מוטער אין איר גלויבן.

אין אַזאַ צייט, ווי די איצטיקע, האָט ער געדאַרפט פאַרגעסן אַלע זיינע עוולות וואָס דאָס הויז איז באַגאַנגען קעגן אים. ער האָט נישט געטאָרט צעברעכן די מוטער נאָך מער ווי זי איז שוין געווען צעבראָכן. איז דען דער איינצלנער מענטש מיט זיינע ליידן טאָקע גאָרנישט, אַבסאָלוט גאָרנישט, אין פאַרגלייך מיט דער אַרבעט, וואָס ער, דזשעסי, טוט לטובת הכלל? איז דען דער כלל עפּעס אַ מין איבער־ערדיש וועזן? באַשטייט דען נישט דער כלל פון טאַטעס און מאַמעס, פון שוועסטערס און ברידער, פון קינדער און אייניקלעך, פון נאָענטע און ווייטע קרובים, פון שכנים און פריינד? וואָלט דען נישט מעגלעך געווען פאַר אים, דעם ברודער — ווען ער וואָלט נאָר געהאַט אַ גוטע כוונה דערביי — צו איבערשיקן צו דער פּאַרטיי־סעסיע זיין פּלאַן וועגן פאַרהיטן דעם כלל, די גאַנצע וועלט, פון אַ גלאָבאַלער שרפה, און גלייכצייטיק נישט פאַרשעמען די מוטער נאָך מער ווי זי איז שוין פאַרשעמט אין פנים פון מענטשן?

דזשעסי איז אַלעמאָל געווען פאַר איר, הילדען, אַ מענטש מיט גרויס ערנסט. נאָך מער אָבער, זינט ער האָט גענומען שרייבן און רעדן פאַר דער פּאַרטיי. ער האָט זיך נישט געשראָקן פאַר דער שטראָף וואָס דאָס געזעץ אין לאַנד קאָן אים דערמיט אַ ליאַדע טאָג באַגעגענען. איצט זענען אָבער געפאַלן אין אירע אויגן נישט נאָר ער — אויך אַלע עקספּאָנענטן פון אידעאַלן, פון פּרינציפּן, און פון אַרבעט לטובת הכלל. הינטער זייערע רייד באַהאַלטן זיך אַלע זייערע עגאָאיסטישע לוסטן. אַז ס׳קומט צו אַ פּראָבע, וואו זייער פּערזענלעכער האָנאָר קאָן ליידן, דעמאָלט ווייזט זיך אַרויס אַז די צרות פון אַנדערע גייען זיי נישט אָן. די דאָזיקע פּריידיקערס און שרייערס האָבן נאָך אפילו די דרייסטקייט צו זאָגן אַז דאָס, ס׳הייסט די פּאַסיווקייט זייערע צו די ליידן פון אַנדערע, איז אויך פאַר דער טובה פון דער געזעלשאַפט. זיי קאָנען זיך נישט אומקוקן אויף יחידים. זי איז דערפאַר געוואָרן פאַרקנוילט אין דער שטול, אָן נייגער צו וויסן ווער ס׳איז געקומען פריער אין הויז אַריין צו דער מוטער, און ווער ס׳האָט געקלונגען אַ ווייל צוריק אין דער קאָרידאָר־טיר, וואָס מיסעס גאָטליב האָט נאָכדעם געעפנט. זי איז געווען גלייכגילטיק צו אַלץ און אַלעמען, און האָט נאָר באַגערט איין זאַך — מ׳זאָל זי לאָזן אינגאַנצן אַליין.

### 3.

— ווי פילסטו זיך, הילדע? — האָט דער הויכער יונגערמאַן אַרויסגענומען די ליולקע פון מויל און אַ זאָג געטאָן צו דער ליגנדיקער, וואָס האָט אויסגעזען צו אים ווי זי וואָלט געדרעמלט.

הילדע האָט זיך נישט געאײַלט אויפצועפענען די אויגן, וואָס זי האָט געהאַלטן פאַרשלאָסן איבער דער גאַנצער צייט פון איר זיצן דאָ. און אַז זי האָט זיי יאָ געעפנט, האָט זי נישט־ניחאדיק אויסגעדרייט דעם קאָפּ און מיט אומגערן געקוקט אויפן גאַסט.

— ווי דערוואַרטסטו זאָל׳ך זיך פילן, דייוויד? — האָט זי פּאַמעלעך אַרויסגע־צוואונגען די ווערטער פון איר מויל.

דייוויד האָט געלאָזט שטיין דאָס מיטגעקומענע, בלאָנדע מיידל אין מיטן גאַסט־צימער און דערנענט צו הילדען.

— דו ביסט די ערשטע פּערזאָן — האָט ער געזאָגט — וואָס כ׳בין געקומען זען ווי נאָר מ׳האָט מיך אַרויסגעלאָזט פון דער תפיסה.

אַ לענגערע ווײַלע האָט הילדע געקוקט אויף אים און איז געווען גלייכגילטיק צו זיינע רייד ווי צו אַלץ און אַלעמען. די ווערטער זיינע, „אַרויסגעלאָזט פון דער תפיסה", האָבן גאָרנישט געמיינט פאַר איר. זי איז געזעסן איינגעקנוילט אין איר דערדריקטקייט און האָט נישט געזאָגט גאָרנישט, עלעהיי עמעצער וואָלט דערציילט וועגן אַ חלום. פּלוצעם האָט זי זיך אָבער אַ רייס אָפּ געטאָן פון דער שטולס פּלייצע־ווענטל און זי האָט גענומען פּיבערן מיט אירע ליפּן:

— אַרויסגעלאָזט דיך פון דער תפיסה, האָסטו געזאָגט? ביסט געווען אַרעסטירט? ווען? פאַרוואָס?

— פאַרוואָס? — האָט דייוויד געקוקט מיט פאַריבל אויף הילדען פאַר איר פרעגן „פאַרוואָס?". — נישט פאַר אויפפירן זיך אוממאָראַליש, נאָר פאַר פּאָליטישע פּרינציפּן... פאַר דעמאָנסטרירן היינט קעגן דער גלייכגילטיקייט פון די קאַפּיטאַליס־טישע רעגירונגען צו דער שחיטה וואָס נאַצי־דייטשלאַנד גרייט־צו אויף די ראַדיקאַלע מאַסן אין אייראָפּע, און ספּעציעל אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. און דאָס... — האָט ער אָנגעוויזן אויף זיין לינקער האַנט וואָס ער האָט אַרויסגענומען פון דער מאַנטל־קעשענע — דאָס איז אויך געשען דאָרטן... ביי דער דעמאָנסטראַציע...

די האַנט איז געווען באַנדאַזשירט אַרום דעם געלענק און דוימען.

— וויאַזוי איז דאָס געשען? — האָט הילדע איצט זיך אויסגעגלייכט אין דער שטול און ווידער געפּיבערט מיט אירע ליפּן.

— ד׳ווייסט דאָך ווי ברוטאַל די פּאָליציי איז אָפּט צו אונדזערע דעמאָנסטראַנטן, — האָט דייוויד געזאָגט מיט ביטערקייט אין קול. — אַז דו פּאָלגסט נישט אויס וואָס זיי פאַרלאַנגען פון דיר מיט זייערע תירוצים, נעמען זיי דיך טרייבן און שלאָגן מיט זייערע קאָלבעס, אָדער זיי רייטן אַרויף אויף דיר מיט זייערע פערד.

— און דעמאָלט איז עס געשען? — האָט הילדע געפרעגט אַ באַזאָרגטע.

— און נישט נאָר מיך... — האָט דייוויד ווידער געזאָגט. — אויך פיל אַנדערע האָט די פּאָליציי אַרויסגעריסן פון די רייען און אַרעסטירט. און זי... — האָט ער אָנגעוויזן אויף דער מיטגעקומענער בלאָנדינקע — אויך זי איז ערשט אַרויסגעלאָזט געוואָרן פון תפיסה... צוזאַמען מיט מיר.

הילדע האָט איצט געקוקט מיט פאַרשפּיצטע אויגן אויפן הויכן, שלאַנקן מיידל

מיטן גדלותדיקן בעזל.

— ד׳קענסט דאָך זי! — האָט דייוויד געזאָגט מיט זיכערקייט, נאָכדעם מיט נייגער. — ביין?

הילדע האָט געגומען זוכן אין איר זכרון. דאַכט זיך, אַז זי געדענקט זי פון ערגעץ. אָבער פון וואַנען? זי קאָן זיך נישט דערמאָנען. ס׳איז איר שווער איצט צו טראַכטן, צו געדענקען געשעענישן און באַגעגענישן. אין קאָפּ אירן איז כמעט פינצטער. אַלץ איז דאָרט ווי פאַרווישטע פעלדער־שלאַכן אין אַ בלייך־לבנהדיקער נאַכט.

אין אַ ווילע אַרום האָט אָבער אָנגעהויבן אויפלייכטן אַ פלאַץ. יאָ, זי האָט געזען דאָס מיידל אין אַ הויז, וואו ס׳זענען געווען פאַרזאַמלט אַ גרופּע סטודענטן, בחורים און מיידלעך. זיי האָבן באַלאַנגט צו דער אָרגאַניזאַציע פון דער קאָמוניסטישער יוגנט. זי, הילדע, האָט דעמאָלט גערעדט פאַר זיי. און נאָכן מיטינג האָט מען פאַר איר פאָרגע־שטעלט דאָס מיידל...

דאָס מיידל איז געווען די טאָכטער פון אַ באַוואוסטער האָטעל־אייגנטימערין אין די קעטסקיל־בערג. סאָלס עלטערן זענען פון צייט צו צייט געפאָרן אַהינצו און האָבן דאָרטן פאַרברענגט אַ מאָל עטלעכע טעג און אַ מאָל עטלעכע וואָכן.

— כ׳געדענק אייך, — האָט הילדע געקוקט אויפן הויכן מיידל מיטן שמאָלן פּנים, — אָבער כ׳קאָן זיך נישט דערמאָנען אייער נאָמען.

— אידיט מילסטאָן, — האָט דייוויד גיך אַ זאָג געטאָן צו הילדען און זיך אויס־געדרייט מיט אַ שמייכל צו אידיטן, וואָס איז געשטאַנען אין מיטן צימער, צוהערנדיק זיך צום שמועס ווי אַ זייטיקע. — קום אַהער נענטער.

אידיט האָט געשטעלט דריבנע טריטעלעך מיט אירע לאַנגע, געשיקטע פיס און איז געבליבן שטיין לעבן דייווידן אַזוי ווי ער וואָלט געווען איר חתן.

— מ׳האָט זי אַרויסגעלאָזט פון דער תפיסה אויף באַוואָרעניש, פּונקט ווי מיך, — האָט דייוויד גערעדט צו הילדען. — איר מוטערס לאָיער האָט איינגעלייגט אַ סך געלט ביים ריכטער. געגוי ווי מיין פאָטער...

— זענען נאָך אַ סך געבליבן אין תפיסה? — האָט הילדע איצט געפרעגט אידיטן, כדי זי זאָל זיך פילן היימיש.

— יאָ, — האָט אידיט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און גערעדט מיט באַדויער. — די מערסטע האָבן נישט קיין פאַרמעגלעכע קרובים וואָס זאָלן קאָנען געבן סעקיוריטי...

— פאַר איינעם פון די דאָזיקע קאַמעראַדן — האָט דייוויד געזאָגט צו הילדען — גייען מיר טאַקע גלייך פון דאַנען צו אַ געוויסער פּרוי און בעטן זי זאָל עפּעס טאָן פאַר אים.

— ער האָט אונדז זייער שטאַרק געבעטן ווען מיר זענען אַרויסגעלאָזט געוואָרן פון פּריזן... — האָט אידיט, מיט אַן איידל, קולטיווירט קול און מיט מיטגעפיל צום אַרעסטירטן דעמאָנסטראַנט, צוגעגעבן צו דייווידס רייד. — ער האָט געבעטן, מיר זאָלן עס גלייך טאָן, נאָך היינט אָוונט.

— כ׳גלייב, — האָט דייוויד ווידער געזאָגט צו הילדען, — דו דאַרפסט אים קענען. ער איז אַ יוניאָן־פונקציאָנאַר פאַר פיל יאָרן. ער האָט געפירט אַרבעטער־סטרייקס אין פיל שטעט. און אַצינד אָרגאַניזירט ער סטאָר־אָנגעשטעלטע אַז זיי זאָלן זיך אָנשליסן אין דער יוניאָן. מעקס סילווער איז זיין נאָמען.

אין הילדעס דימיון האָט איצט אויפגעלייכט אַ מיטלוואוקסיקער מאַן פון עטלעכע און דרייסיק יאָר, מיט אַ שמאָל, בייניק פּנים. אַ לאַנגע צייט צוריק האָט זי אים געזען

אַ פּאָר מאָל. דאָס איז געשען אין הויז פון סאָלס עלטערן. דער דאָזיקער מעקס סילווער איז דעמאָלט געווען פאַרהייראַט צו ריווען, די שוועסטערן־טאָכטער פון סאָלס פאָטער. לעצטנס האָט זי בלויז צופעליק געהערט וועגן אים. דאָס איז געווען ביי מיטינגען פון די קאָמוניסטישע גרופּעס. זי האָט אָבער גאָרנישט געזאָגט. זי האָט בלויז גלייכגילטיק געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ צו דייווידן.

— נו, אַצינד וועלן מיר גיין, — האָט דייוויד זיך אויסגעדרייט צו אידיטן. — מ׳קאָן נישט אָפּלייגן קאָמעראַד סילווערס פּאַרלאַנג...

גלייך נאָך דעם האָט ער זיך צוריק אויסגעדרייט צו הילדען און, מיט טיפן מיטגעפיל אין זיין וואַרעם קול, טיילוויז געשטאַמלט:

— כ׳בין געקומען צוערשט אַהער דאָ, אײדער כ׳פּאַרנעם זיך צו דער פרוי וועגן העלפן מעקס סילווערן. ס׳טוט מיר שטאַרק ווי וואָס דאָ איז געשען. קאָמעראַדן האָבן מיר היינט איבערגעגעבן, אַז זיי האָבן געליינט וועגן דעם אין דער ענגלישער פּרעסע. האָב׳ך באַלד טעלעפאָנירט צו דיין ברודער אַהיים. אָבער געענטפערט האָט זיין פרוי. און זי האָט עס באַשטעטיקט...

הילדע האָט גאָרנישט געענטפערט. זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן צו די הענט, וואָס זענען געלעגן צונויפגעפינגערט אין איר שויס, און געהערט ווי ביידנס טריט, דייווידס און אידיטס, דערווייטערן זיך פון איר אַלץ ווייטער אין שטח.

## 4.

צוגעקומען צום אַפּאַרטמענט פון דער מישפחה רובינס, האָט דייוויד אָנגעוויזן אידיטן אויף אַ ווייסן בויגן פּאַפּיר, וואָס איז געווען אָנגעקלעפּט אויף דער טיר, מיט עטלעכע שורות אָנגעשריבן אין ענגליש:

קלינגט נישט דאָס עלעקטרישע גלעקל.
מ׳זיצט שבעה.
גייט אַריין.

דייוויד האָט אָפּגעעפנט די טיר און איז, צוזאַמען מיט דער קאָקעטיש אויסגעפוצטער אידיט, אַריבער די שוועל. אין פּאָיער האָט דייוויד זיך אַרומגעקוקט. ער האָט געוואָלט פרעגן עמעצן אויף דער פּערזאָן וואָס צו איר איז ער געשיקט געוואָרן מיט אַ שליחות.

אין גאַסטצימער, וואָס מ׳האָט געזען פון דאַנען, און וואָס איז געווען באַלייכט פון עטלעכע עלעקטרישע לאָמפּן, האָבן זיך געפונען אַ סך מענער און פרויען. אַ היפּשער טייל פון זיי איז געזעסן אויף דער סאָפע, אויף פאָטעלן און אויך אויף האַרטע שטולן, אַריינגעבראַכט פון אַנדערע צימערן און צעשטעלט אַרום די ווענט און אויפן טעפּעך. אַנדערע לייט, וואָס צווישן זיי זענען געווען מערסטנס מאַנסבילן, האָבן נישט געהאַט וואו צו זיצן, זענען זיי געשטאַנען אין גרופּעס. אייניקע פון עולם האָבן געשוויגן. זיי האָבן געקוקט איינער אויפן אַנדערן מיט טריבע אויגן. אָבער יענע, וואָס האָבן צווישן זיך יאָ גערעדט, האָבן עס געטאָן אַזוי שטיל, אַז זיי זענען נישט געווען זיכער צי זיי רעדן נישט צו דער וואַנט...

נישט בלויז שטום, אויך אומבאַוועגלעך איז אָבער געווען דער שמאָל־גופיקער סאָל. ער האָט געטראָגן אַ יאַרמעלקע אויפן קאָפּ, הויז־לאַטשן אויף די פיס, און איז געזעסן אויף אַ נידעריקן פוסבענקעלע לעבן אַ הויכן, מאַרמאָרענעם קאַמין־געשטעל,

וואו אַ פּייער־לעפל איז געלעגן אויף טויטע קוילן. ער האָט נאָכאַנאַנד געהאַלטן דעם קאָפּ אַראָפּגענידערט און אָנגעשפּאַרט אויף ביידע הענט. די אויגן זענען ביי אים געווען צוגעשלאָסן. ער האָט אויסגעזען אַזוי, עלעהיי ס׳וואָלט אים נישט אָנגעגאַנגען ווער ס׳איז דאָ אין הויז, ווער ס׳גייט אַוועק, און ווער ס׳קומט אַריין.

מיט איין בליק האָט אידיט דערקענט ווער ס׳איז דער יונגערמאַן וואָס זיצט שבעה. ער איז לעצטנס געווען אַ שטיקל צייט ביי איר מוטער אין האָטעל. ער האָט איר, אידיטן, געמאַכט אַבסטרוקציעס, פאַרשאַפט אַ סך פאַרדראָס בעת זי האָט גערעדט צו די בור־זשואַזנע געסט וועגן קולטור און לוסט נאָך וואוילטאָג, וועגן רייך און אָרעם. זי האָט אפילו, אויף דער מוטערס עצה, געמוזט אַוועק פון האָטעל, ווייל ער האָט געוואָרנט צו מאַכן אַ סקאַנדאַל פאַר איר סופּעריאָריטעט־געפיל, פאַר אַראָפּקוקן אויף די געסט. זי האָט זיך אָבער איצט נישט וויסנדיק געמאַכט דערפון. זי האָט זיך בלויז געטרייסט וואָס דער דאָזיקער יונגערמאַן, וועמענס נאָמען איז רובין, קוקט זיך נישט אַרום, באַמערקט זי נישט, און וואָס זי וועט נישט דאַרפן פאַרברענגען דאָ אין הויז קיין סך צייט.

פון צווישן אַ גרופּע יונגעלייט, וואָס זענען געזעסן אַרום סאָלן, איז אויפגעשטאַנען אַ ברייטפּלייציקער בחור און האָט זיך געלאָזט צו די צוויי געסט אין פּאַיער.

— איר ווילט עמעצן זען? — האָט ער געפרעגט און געקוקט מיט חידוש אויפ׳ן הויכן, שוואַרצהאָריקן יונגנמאַן פאַר זיין דערשיינען דאָ בגילוי־ראש.

— יאָ, — האָט דייוויד אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— וועמען? — האָט דער ברייטפּלייציקער בחור אַ פרעג געטאָן.

דייוויד האָט געזאָגט דעם נאָמען.

גיך ווי נאָך אַ רפואה פאַר אַ פאַרחלשטן איז דער בחור נעלם געוואָרן ערגעץ. ס׳האָט אָבער נישט געדויערט לאַנג ווי ער האָט זיך צוריקגעקערט.

— גייט אַריין אין עסצימער, — האָט ער געזאָגט צום הויכן יונגנמאַן. — זי איז דאָרטן.

דייוויד און אידיט האָבן זיך געלאָזט אַהינצו.

אַרום אַ גרויסן מאַהאָגענעם טיש אין עסצימער זענען אין אַ פּאָזע פון דערשלאָגנ־קייט געזעסן עטלעכע יונגע און מיטל־יעריקע מענער און האָבן געקוקט אויף אַ פרוי וואָס האָט אַרויסגעגרוילט פון דעם אויבנאָן־פּלאַץ מיט צאָרן און תקיפות.

די פרוי, אין די דרייסיקער, מיט קאַלטע פיש־אויגן, מיט אַ פאַרמעריש איינגע־טריקנט פּנים, האָט גערעדט צו די לייט ביים טיש מיט אַן אויבנאַראָפּ־קוק און מיט אַ טאָן פון אַ צערייצטן מיליטערישן קאָמאַנדיר.

כדי זיין אָנוועזנהייט זאָל זיך נישט צו־פיל וואָרפן אין דער בייזער פרויס אויגן און נישט ווערן אַ שטער אין איר היציק רעדן, איז דייוויד, ווי אַ גוט דערצויגענער מאַן, געבליבן שטיין ביים אַריינגאַנג און ער האָט מיט זיינס אַ בליק צו אידיטן געגעבן צו פאַרשטיין דעם זין דערפון.

די אויפגעברויזטע פרוי, אויבנאָן ביים טיש, האָט אָבער געהאַט אירע אויגן אומעטום. זי האָט דערזען די אומבאַקאַנטע געסט. ס׳איז איר אָבער נישט אָנגעגאַנגען וואָס זי וועט זיי לאָזן וואַרטן. און זי האָט ווידער גערעדט מיטן זעלבן טאָן פון אַ קאָמאַנדיר צו די אַרומזיצנדיקע מאַנסבילן.

— האָט׳יר באַנומען וועגן וואָס כ׳האָב צו אייך גערעדט? — האָט זי געקוקט אויף זיי מיט אַ פאַראַכטנדיקן בליק און געפרעגט מיט אַ מאַנסבילשן, טרוקן קול.

די לייט אַרום דעם טיש האָבן נישט געענטפערט.

די אויפגעקאָכטע פרוי האָט יעדן באַטראַכט מיט ביטול, געשוויגן אַ ווײַלע, נאָכ־דעם ווידער גענומען רעדן. זי האָט געוואָלט מאַכן קלאָר דאָס וואָס זי האָט פריער געזאָגט עטוואָס פאַרדעקט:

— אײַער באַלעבאָס איז טויט. און מײַן מומע אסתר איז אין שפּיטאָל. ווער ווייסט מיט וואָס דאָס וועט זיך פאַרענדיקן... און מײַן קוזין סאָל, וואָס איז עטלעכע יאָר געווען די נשמה פון סטאָר, האָט היינט געלאָזט פאַלן אַ וואָרט פאַר מיר, אַז ער׳ט זיך מער נישט מישן אין די ביזנעס. ס׳הייסט, ס׳גאַנצע געשעפט איז געבליבן אָן אַ באַלעבאָס... פאַרשטייט׳יר שוין אַצינד וואָס כ׳האָב פריער געמיינט מיט מײַן דערקלערן, אַז אויב איר ווילט האָבן דזשאָבס אין סטאָר וועט׳יר זיך מוזן אויפפירן אַנדערש?

קיינער פון די לײַט האָט זיך ווידער נישט אָנגערופן מיט קיין וואָרט. יעדער איז געזעסן אַזוי דערשלאָגן ווי פריער און האָט געקוקט אויף דער יונגער פרוי וואָס האָט גערעדט צו זיי מיט שינאה.

געזעסן אַז קיינער זאָגט גאָרנישט, האָט די יונגע פרוי מיט דער מאָנסבילשער שטימע ווידער גענומען רעדן:

— דאָס מיינט, אין קלאָרע ווערטער, אָט וואָס... איר׳ט מוזן פאַרגעסן אַז איר רעדט ווי אַ גרופּע. נישטאָ אַצינד קיין גרופּע. אפילו פאַר זיך אַליין, כ׳מיין יעדער באַזונדער פאַר זיך, קאָנט׳יר אַצינד נישט רעדן. אַלץ איז אַצינד פאַראַליזירט. איר פאַרשטייט?... און איר׳ט מוזן פאַרגעסן דעם צעטל מיט די יוניאָן־פאָדערונגען וואָס אײַער קאַפּעליוש־מאַכער, דער תכשיט מעקס סילווער, האָט געהאַט צוגעשיקט צו מיסטער רובין. פון אַצינד אָן וועט׳יר דאַרפן אַרבעטן אַזוי ווי ביז אַהער. אַלץ מוז גיין אַזוי ווי פריער. און אויב איר באַשטייט נישט, וועט׳יר נישט האָבן ביי מיר קיין דזשאָבס...

ווידער האָט זיך קיינער אַרום דעם טיש נישט אָנגערופן. זיי האָבן בלויז געקוקט אויף דער וואָרנענדיקער פרוי וואָס רעדט מיט אויטאָריטעט און באַקציינער.

— האָט׳יר פאַרשטאַנען וואָס כ׳האָב געזאָגט? — האָט זי נאָך אַ ווײַלע שווײַגן ווידער געפרעגט. — האָט׳יר באַנומען די געפאַר פאַר אײַך, אויב איר׳ט זיך לייגן פייגעלעך אין בוזעם?

געזען אַז ביי קיינעם עפנט זיך נישט דער פּיסק, האָט זי זיך אַ הייב געטאָן פון דער שטול, געבליבן שטיין עטלעכע טריט אָפּגערוקט פון טיש, און גענומען קוקן אויף די אַרומזיצנדיקע מיט אַ בליק פון עקל און לאַנגווייליקייט:

— נו, איר קאָנט שוין גיין... פרעמדע מענטשן ווילן מיך זען.

ביים אַרויסגיין האָט אָבער איינער פון דער גרופּע, אַ יונגערמאַן פון עטלעכע און צוואַנציק יאָר, מיט אַ קאָפּ געקרייזלטע, רויטע האָר, אויסגעדרייט זיך צו דער וואָרנענ־דיקער פרוי און געפרעגט:

— און וואָס איז ד׳מער מיט אײַך? אַז איר׳ט זײַן די גאַנצע דעה־זאָגערין פון די ביזנעס, קאָנען מיר נישט פאַרלאַנגען פון אײַך דאָס זעלבע ווי פון די סטאָר־באַלעבאָטים?

פאַר אַ ווײַלע האָט די פרוי געקוקט מיט אַ בליק פון רחמנות און ווידערגעפיל און אפילו נישט געוואָלט אים ענטפערן. נאָכדעם האָט זי זיך אויסגעדרייט צו די צוויי אומבאַקאַנטע געסט און געהייסן זיי אַרײַנקומען.

— שוין געהערט אַזאַ טיפּשות פון אַ מענטש? — האָט זי געזאָגט צו די צוויי

געסט, נאָך אײדער זי האָט געפרעגט װער זײ זענען. — אומגעבילדעטע בלייבן איגנאָראַ־מוסעס. קיין באַלעבאָס איז אַצינד נישטאָ אין די ביזנעס, וואָס מיסטער רובין האָט איבערגעלאָזט. ער איז אַוועק נאָך גאָר אַ יונגער מענטש. מיט זיינע יורשים, די פרוי און זון, איז נישט אין אָרדענונג... און זיי, די קורצזיכטיקע נפשות, טראַכטן נאָך גאָר צו קאָנען פאַרלאַנגען פון מיר דאָס, וואָס זיי האָבן געפאָדערט פון דעם באַלעבאָס ווען ר׳האָט געלעבט. ווער בין איך וואָס זאָל האָבן דאָס רעכט אונטערצושרייבן דאָס צעטל מיט פאָדערונגען וואָס די יוניאָן האָט צוגעשיקט? איך אַליין בין דאָך אויך נישט מער ווי אַן אָנגעשטעלטע! ווען כ׳בין נישט אַ קרובה, וואָלט אפילו נישט געווען ווער ס׳זאָל עפענען דעם סטאָר נאָך דער שבעה...

געזען אַז די צוויי געסט הערן זיך צו מיט נייגער, האָט זי גענומען רעדן מיט גאַל וועגן די לייט וואָס זענען שוין געווען אויסן אויג:

— דאָס זענען די סיילסלייט פון מיסטער רובינס סטאָר. געקומען זענען זיי נישט לאַנג צוריק מיקלאָמפּערשט אויסצודריקן מיטגעפיל מיט מיסטער רובינס זון. אָבער אַז כ׳האָב זיי פאַרבעטן דאָ אַריין אויף אַ שמועס וועגן אַכצן און דרייצן, האָט׳יר אפשר באַמערקט מיט סאַראַ גאַליקע פּרצופים זיי זענען אַרויס פון דאַנען? דאָס איז געווען גאָלד אין פאַרגלייך מיט פריער. זיי האָבן שוין געהאַט פאַרגעסן צוליב וואָס זיי זענען געווען געקומען און זיי זענען געוואָרן אַזוי אין כעס, אַז די ניכפּה האָט זיי שיר־נישט געכאַפּט. גיט זיי צום ווינציקסטן אַ שטיקל געלעגנהייט כאַטש צו ווערן קליינע יורשים צו מיסטער רובינס געשעפט! נישט געפּאַקט און נישט געמאָזלט... וואָס פאַר אַ היגטישע וועלט דאָס איז. יעדער איז נאָר פאַר זיך. אַלע רייד וועגן מיטלייד, וועגן זיין אַ ברודער צו אַ צווייטן אין נויט, אַלץ איז זיס ווי האָניק אַזוי לאַנג ווי ס׳קאָסט דעם בעל־דרשן נישט מער ווי פּיסק־מלאכה. אויב ס׳רירט אָבער אָן זיין אייגענע קעשענע, און, ווער שמועסט נאָך, זיין אייגן לייב, דעמאָלט, אָ, יופּיטער, ווערט ער צערייצט, און זיינע אויגן ווערן ווי פינצטערע שיס־לעכער פון ביקסן־דערן, גרייט צו געבן דיר אַ מיתה, און זיינע ציינער ווערן ווי שינד־מעסערס אויף צו צעבוטשערן דיך...

ביים סוף האָט זי אַ פאַרקרום געטאָן מיט אירע דינע ליפּן, אַוועקגעשטעלט זיך מיטן רוקן צו דער מאַהאָגענער שויבנשאַנק, וואָס מיט טשיינע און זילבער, און האָט מיט אַ שפּיזנדיק־פאַרשנדיקן בליק גענומען קוקן אויף די געסט, עלעהיי זי וואָלט זיי ערשט דערזען:

— זייט מוחל... כ׳האָב זיך פאַררעדט... אפילו געהאַט פאַרגעסן אַז כ׳רעד צו אומבאַקאַנטע.

— ס׳איז אָלרייט... — האָט דייוויד געזאָגט מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן.

— דאַכט זיך, — האָט געמורמלט די פרוי, — אַז מ׳האָט מיר געזאָגט, איר ווילט זען מיס ריווע קאָלאָדני. יאָ?

— ריכטיק, — האָט דייוויד געשאָקלט מיטן קאָפּ און ווידער געשמייכלט.

— דאָס בין איך... — האָט זי געזאָגט. — איך בין ריווע קאָלאָדני, און ווער זענט׳יר?

— מיין נאָמען איז דייוויד שפּירא. און מיין פריינדין איז אידיט מילסטאָן.

— זיצט...

דייוויד און אידיט האָבן זיך געזעצט ביים טיש, און נאָך זיי — ריווע.

### 5.

געהערט וועגן וואָס מיסטער דייוויד שפּיראָ און זיין פריינדין זענען געקומען צו איר, האָט ריווע אַ הילך אַרויס געטאָן מיט אַזאַ מין קלינגענדיק, זיך קייקלדיק געלעכטער, אַז דער גאַנצער קערפּער אירער האָט זיך דערפון געטרייסלט. זי האָט זיך צוגעטאָן אַ האַנט צום מויל, וואו די ציין זענען איר געוואָרן ענג אין די יאַסלעס. נאָכדעם האָט זי זיך אָנגעכאַפּט מיט בײדע הענט ביי די בריסטן, וואו די נאָפּלען האָבן געגומען זי צוויקן, עלעהיי מ׳וואָלט זיי געשטאָכן מיט נאָדלען. נאָכדעם האָט זי זיך אָנגעכאַפּט ביים אונטערשטן טייל בויך, וואו דאָס געשלעכט האָט זי גענומען רייצן. זי האָט אינגאַנצן געהאַט פאַרגעסן אַז אין הויז איז אַ טרויער, אַז אין גאַסטצימער זיצט סאָל אין אבילות, אַרומגערינגלט מיט מנחם־אבל יידן, און אַז זי פירט זיך נישט אויף לייטיש אין אָנוועזנהייט פון צוויי גאָלע אומבאַקאַנטע מענטשן. זי האָט אַזוי שטאַרק געלאַכט, אַז ס׳איז איר אפילו געווען אוממעגלעך צו קאָנען טראַכטן קלאָר. אין איר קאָפּ איז געווען אַ ווירוואַר פון פיל צונויפגעמישטע געדאַנקען, אַ ווירוואַר וואָס איז געווען ענלעך צו אַ שטויב־מאַסע וואָס אַ שטורעם האָט אַ כאַפּ געטאָן פון דער ערד און גענומען דרייען מיט איר קאַראַהאָדיש אין לופטן.

אַז דאָס קייכיקע געלעכטער האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט ריווע זיך אויסגעווישט די אויגן, וואָס זענען געווען פאַרטרערט, צורעכט געמאַכט אויף זיך די בלוזקע, די האָר אויפן קאָפּ, און זיך אויסגעגלייכט אויפן פלייצע־ווענטל פון דער שטול, וואו זי איז געזעסן. פונקט דער היפוך פון פריער איז זי געווען איצט. דאָס מאָל האָט אַרויסגעקוקט פון איר פנים אַ רציחה־אויסדרוק. און דער שאַרפער בליק פון אירע קאַלטע פיש־אויגן האָט געגרוילט ווי אַן אָנגעגליטע שפּיז.

— ער האָט נאָך געהאַט אַ פּאַרוואַשן פנים — האָט זי געזאָגט צו די צוויי געסט וועגן איר געוועזענעם מאַן — צו בעטן איך זאָל אים העלפן אַרויסקומען פון דער תפיסה? ער?... דער ליידאַק?... ער, וואָס האָט קיינמאָל נישט געזאָרגט צו מאַכן אַ לעבן פאַר מיר? ער, דער אויסוואורף — — — דער...

— אויסער איך — האָט דייוויד געזאָגט מיט געבעט אין קול — האָט ער נישט קיינעם וואָס זאָל קאָנען איינלייגן געלט פאַר אים. אַלע זיינע קרובים זענען צעוואָרפן איבערן לאַנד. און קיין גבירים זענען זיי אויך נישט. אפילו ווען זיי וואָלטן געהאַט דאָס געלט אויף סעקיוריטי פאַר אים, ווייסט ער אָבער סיי ווי נישט זייערע אַדרעסן.

— איז דערפאַר בין איך זיין כפרה? — האָט זיך ריווע אַ שטעל אויף געטאָן און קרומלעך גענומען קוקן אויף דייווידן מיט פאַרפלאַמטע אויגן. — יאָ?... זאָל ער פאַרפוילט ווערן אין תפיסה, דער גראָביונגישער קאָמוניסט! — האָט זי זיך צעשריען.

—זאָל ער האַנדלען מיט שכל, איידער ער טוט עפּעס. ער האָט קיינמאָל נישט געטראָגן קיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר זיינע רייד און אָפּגעטוענע זאַכן. אויב ער האָט נישט געוואָלט מאַכן קיין לעבן פאַר אַ פרוי איז צו וואָס האָט ער מיר פאַרדרייט אַ קאָפּ? און אויב ער וויל נישט ליגן אין תפיסה, איז פאַרוואָס האָט ער נישט אויסגעפאָלגט דער פּאָליציייס פאַראָרדענונג? ווי לאַנג נאָך וועט ער אַזוי אַרומלויפן ווי אַ משוגענער הונט, כאַפּן אַ שטיק פלייש דאָ, אַ שטיק פלייש דאָרטן, און בילן אויף יעדן וואָס מיינט זיין טובה?...

זי האָט אַ שפּרייז אַוועק געטאָן פון טיש, געבליבן שטיין אין אַ ווינקל פון צימער און האָט זיך נאָך העכער צעשריען צו די צוויי געסט:

— ווי לאַנג נאָך? פרעג איך... ווי לאַנג נאָך?... — זי האָט גענומען אָטעמען שווער און קוקן מיט אַרויסגעביילטע אויגן. — ניין, דער אויסוואורף קאָן נישט שיקן קיין מענטשן צו מיר נאָך הילף. ער איז גאָרנישט צו מיר. גאָרנישט!

זי האָט זיך ווידער פאַרנומען צום טיש, זיך געזעצט, אָבער זי איז באַלד אויפסניי אויפגעשטאַנען.

— ניין, — האָט זי ווידער גערעדט מיט אַ הויך קול צו די צוויי געסט, אָבער דאָס מאָל מיט אַ ביסל איינגעהאַלטנקייט. — ניין, גאָרנישט. ער איז פאַר מיר גאָרנישט. זאָל ער אויסשפּייען זיינע לונגען דאָרטן וואו ער איז אַריינגעוואָרפן געוואָרן אַצינד. זאָל ער קריגן דאָס שילשול... זאָל ער פאַרדרייט ווערן אין קאָפּ... זאָל ער ליידן און מוטשען זיך אַזוי ווי איך האָב געליטן און זיך געמוטשעט די גאַנצע צייט וואָס כ׳בין געשטאַנען מיט אים, דעם שטינקעכץ... ניין, דאָס איז נאָך צו־גוט פאַר אים. זאָל ער ליידן טויזנט מאָל מער. ס׳זאָל גאָרנישט זיין קיין עק צו זיינע צרות. לעבעדיקע שטיקער פלייש זאָלן פאַלן פון אים אַזוי ווי לאַנג ווי ער האַלט זיינע שליפּיעס אָפן. זאָל ער פאַרדאַרט ווערן און אויסגיין ווי אַ מויז אין אַ לאַפּקע...

נאָכדעם איז זי צו צו דער טיר. זי איז געבליבן שטיין און האָט גענומען קוקן אויף די געסט. געוווען איז דאָס אַן אָנדייט, אַז איר שמועס מיט זיי איז פאַרענדיקט.

— גודביי, — האָט זי געזאָגט און געוואַרט ביז זיי וועלן אויפשטיין פון די שטולן.
— זאָגט אים, דעם מעקס סילווער, אַז כ׳ווינטש אים אַ שוואַרצע פּגירה נאָך איידער די זון וועט אויפגיין. זאָל ער ביז אינדערפרי אַזוי פאַרקרימט און פאַרשטינקען ווערן, אַז אפילו אַ משוגענער הונט זאָל נישט וועלן אַ שמעק טאָן צו אים... גודביי — — — —

דייוויד און אידיט האָבן גענומען פאַרלאָזן דאָס עסצימער. אַז זיי זענען צוגעקומען צו דער טיר, האָט ריוועַ זיי אָפּגעשטעלט און געבעטן פאַרגעבונג פאַר איר אויסברוך:

— זייט מיר מוחל... איר זענט אין דעם גאָרנישט שולדיק. כ׳האָב נישט געמיינט אייך צו באַליידיקן. איר זעט אויס צו זיין פיינע קינדער, אינטעליגענטע, געבילדעטע... אַנטשולדיקט.

## קאַפּיטל דרייסיק

## אין עקזאָטישן קוואַרטאַל

### 1.

אַ דריבנע רעגנדל, אַראָפּגידערנדיק פּאַמעלעך און קרום פון די געדיכט־פינצטערע הייכן, האָט שטאַרק דאַקוטשעט דעם שליח דייוויד און זיין באַגלייטערין אידיט, וואָס זענען געשטאַנען אין גאַס, נאָכן אַרויסקומען פון רובינס אַפּאַרטמענט. יעדער טראָפּן פון דעם רעגנדל איז געווען פּיצלדיק ווי אַ שפּילקע־קעפּל און קאַלט ווי אייז. אַז ער איז געפאַלן אויפן שטערן, אָדער אויף דער נאָז, צי אונטערן קאַלנער, האָט ער אַזאַ צוויק געטאָן, עלעהיי עמעצער וואָלט אַ שטאָך געגעבן מיט אַ נאָדל.

דייוויד האָט זיך אָבער נישט גערירט פון אָרט. ער איז געשטאַנען מיט טיפן פאַרדראָס איבער דעם דורכפאַל פון זיין שליחות און האָט געטראַכט וואָס ווייטער צו טאָן.

מער ווי דעם איינציקן אַדרעס צו דער ריווע קאַלאַדני האָט אים דער חבר מעקס סילווער אין תפיסה נישט געגעבן. אין גאַנץ ניו־יאָרק, האָט דער חבר מעקס געזאָגט, איז נישטאָ קיין צווייטער וואָס ער קאָן זיך צו אים ווענדן נאָך אַ טובה. און איצט, אַז די דאָזיקע פּאַרשוינטע, ריווע קאַלאַדני, וואָס אויף איר האָט זיך דער מעקס שטאַרק געשטיצט, האָט זיך אָפּגעטרייסלט פון אים, איז וואָס נאָך בלייבט פאַר אים, דייווידן, צו טאָן?

אויך איז אידיט געווען דערדריקט פון דעם באַגעגעניש מיט דער פרוי קאַלאַדני. זי האָט געקוקט אויף דייווידן און דערוואַרט צו הערן עפּעס פון אים. ער האָט דאָך פּאָרט מער דערפאַרונג פון איר! ער איז אַ פירער פון אַ גרויסער אָרגאַניזאַציע. ער קומט זיך צונויף מיט מענטשן פון אַלערליי פּראָפעסיעס. ער ווייסט וועגן אַ סך פּאָליטישע געשעענישן וואָס לויטן געזעץ איז די היינטיקע דעמאָנסטראַציע ענלעך צו יענע. אויך ביי יענע געשעענישן זענען די באַטייליקטע פאַרשפּאַרט געוואָרן אין תפיסה — און נאָכדעם אַרויסגעלאָזט געוואָרן אויף באַוואָרעניש ביז צום מישפּט. איז פאַרוואָס זאָל ער, דייוויד, נישט האָבן קיין פּאָרטל צו דער איצטיקער דילעמע?

פון דייווידן האָט זיך אָבער אפילו קיין פּיפּס נישט געהערט. ער איז געשטאַנען פּאַרטרויערט, האָט געקוקט וויט פאַר זיך, וויט אין דער נאַסער גאַס וואָס איז ווי אַלעמאָל אין אַ רעגנדיקער נאַכט געווען לידיק און פינצטער, און ער האָט אויסגעזען אַזוי, גלייך ווי ער וואָלט פאַרגעסן אַז זי שטייט לעבן אים.

— איז נאָך דאָ עפּעס וואָס מיר קאָנען טאָן פאַר אים? — האָט זי אויפגעשטעלט דעם קאָלנער פון מאַנטל צו באַשיצן איר האַלדז פון רעגן און געפרעגט וועגן דעם מאַן אין תפיסה.

דייוויד האָט אויפגעהערט קוקן אין דער וויט און זיך אויסגעדרייט צו איר:

— וואָס האָט׳יר געזאָגט?

— צי ס׳איז נאָך עפּעס געבליבן צו טאָן פאַר אים...

דייוויד, פאַרטראַכט, האָט געשוויגן אַ ווײַלע און נאָכדעם געמורמלט:

— כ׳ווייס נישט... אָבער לאָמיר גיין צו מיר אין אַפּאַרטמענט, וועט מען דאָרטן טראַכטן. דאָ ווערט מען אינגאַנצן אויסגעווייקט.

אידיט האָט זיך אַ וויש געטאָן אויפן דעקאָלט, וואו עטלעכע קאַלטע טראָפּנס זענען געהאַט געפאַלן, און אַ ווײַלע געקוקט אויף דייווידן מיט אַ בליק פון פאַרזיכטיקייט וועגן זיין געדאַנק. באַלד נאָכדעם האָט זי אָבער מיט לוסט איינגעווויליקט:

— גוט... וואָלט׳יר אָבער פריער נישט געוואָלט גיין אין אַ רעסטאָראַן? כ׳גיי אויס פון הונגער.

— אויב איר ווילט, — האָט דייוויד אומגערן געזאָגט, — וועל׳ך פריער גיין מיט אייך אין אַ רעסטאָראַן. כ׳האָב אָבער גערן צו האָבן אַ מאָלצייט אין מיין אַפּאַרטמענט. ס׳איז געמיטלעכער...

אידיט האָט אַ לאַך געטאָן פון אים:

— וואָסער מאָלצייט קאָנט׳יר אָבער צוגרייטן אין אייער אַפּאַרטמענט?

— כ׳וועל נישט צוגרייטן. כ׳וועל אַלץ קויפן אין אַ דעליקאַטעסן־סטאָר.

— אויב אַזוי, איז אויסגעצייכנט... — האָט אידיט, אונטערהאָצקענדיק, זיך צוגעטוליעט צו אים, אָנגענומען זיין אָרעם און אָנגעקוואָלן פון זיין באַגער נאָך געמיטלעכקייט. — ס׳איז טאָקע בעסער אַז מ׳עסט אַ מאָלצייט אין דער אייגענער היים. איר זענט גערעכט.

**.2**

געווען איז דייווידס אַפּאַרטמענט אין דעם נישט־קאָנווענציאָנעלן קוואַרטאַל, גרעניטש ווילעדזש, וואו ס׳האָט געראַיעט מיט מאָדערנע פּאָעטן, מיט נייע דראַמאַטורגן, מיט אַנטי־רעאַליזם מאָלערס, מיט ראַדיקאַלע אינטעלעקטואַלן, מיט יונגע אַקטיאָרן און אַקטריסעס וואָס האָבן זיך געריסן צו געבן נייע אינטערפּרעטאַציעס פון ראָלן אין טעאַטער. אויך האָבן זיך דאָ אויפגעהאַלטן יונגע קאָמפּאָזיטאָרן וואָס האָבן אַריינגע־בראַכט נעגערישן ריטעם אין זייערע מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציעס. און אויך זינגערס וואָס האָבן פּאָפּולער געמאַכט פאָלקס־לידער פון די דרום־שטאַטן.

געוואוינט האָט דייוויד פאַר זיך, איינער אַליין, זינט דער רייכער פאָטער זיינער, דער מאַנופעקטשורער פון מענער־מלבושים, און חשובער פירער פון אַ קאָנסערוואַטיוון טעמפּל אין ברוקלין, האָט אים מער נישט געוואָלט דולדן ביי זיך אין הויז. „אַז איך, דיין טאַטע" — האָט דער פאָטער, נאָך לאַנגע חדשים פון מחלוקתן, אים געהאַט געזאָגט, — „בין דיר פרעמד ווייל כ׳בין אַ באַלעבאָס פון אַ שאָפּ, אַ באָס איבער אַרבעטאָרערס, און אויב ד׳ווילסט נישט אַריינשמעקן אין מיינע ביזנעס ווייל מענטשן ווערן דאָרט עקספּלואַטירט, איז פאַרנעם זיך שוין אַצינד פון דאַנען! כ׳דאַרף נישט האָבן אַ שלאַנג אין שטוב און נאָך שפּייזן זי... דערצו נאָך ווען ד׳טראַכסט נישט פון נעמען זיך צו אַ לייטישן תכלית אין עפּעס אַנדערש. שוין אַרויס! די מינוט!" געשען איז דאָס מיט אַ דריי יאָר צוריק. אַ שטיקל צייט נאָכדעם האָט ער, דייוויד, געוואוינט ביי קאַלעדזש־פריינד, אויך ביי חברים פון דער פּאַרטיי. שפּעטער האָט ער גערדאַרפט האָבן מער באַקוועמלעכקייט, אויך מער פּריוואַטקייט, און ער האָט זיך אַריינגעצויגן אין דעם נישט־קאָנווענציאָנעלן גרעניטש ווילעדזש.

באַשטאַנען איז דייווידס אַפּאַרטמענט פון אַ קיך און פראָנטרום וואו צום שלאָפן האָט ער אַרויסגערוקט אַ בעט פון אַ וואַנט — און ער האָט געהאַט די אילוזיע און באַקוועמלעכקייט פון אַ שלאָפצימער. דער קוואַרטיר־אָפּצאָל איז אָבער געווען אַ הויכער, כאָטש די דירה איז געווען אַ קליינע. אידיש — פּונקט ווי אַנדערע פון דער קאָמוניס־טישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע — האָט געוואוסט, אַז ס׳קומט דייווידן נישט אָן גרינג צו צאָלן דאָס דירה־געלט. ער איז דאָך נישט געווען קיין גרויסער פאַרדינער. און וויפל פון די פּאַרטיי־פירערס האָבן דען יאָ אַ לייטישן געהאַלט? דייוויד האָט זיך אָבער מער־ווייניקער דורכגעשלאָגן. אַ ביסל האָט ער פאַרדינט ביי דער אָרגאַניזאַציע. נאָך אַ ביסל ביי די פּאַרטיי־זשורנאַלן, וואו ער האָט געשריבן. און דאָס איבעריקע האָט אים אונטער־געשטופּט די מוטער וואָס האָט זיך אָפט באַגעגנט מיט אים אין גאַס, אָדער אין אַ קאַפע־טעריע — אָן דעם פאָטערס וויסן.

אָן אַנדערער וואָלט נישט געוואוינט קיין איין טאָג אין דעם דאָזיקן אַפּאַרטמענט, אפילו ווען דאָס דירה־געלט וואָלט געווען העלפט. און דאָס, איבער דעם הו־האַ אין דער געגנט. דורך די פענסטער האָבן זיך אַלעמאָל — צומערסטן ביינאַכט — געהערט קולות פון אַקטיאָרן און אַקטריסעס וואָס האָבן געזונגען אין קאַפעהייזער און קעלער־רעסטאָ־ראַנען. אויך האָבן זיך געהערט שרייענדיקע טענער וואָס אָרקעסטערס האָבן פון זייערע אינסטרומענטן אַרויסגעגרילצט צום טאַקט פון טאַנצנדיקע פּאָרלעך אין פאַרוויילונג־קלובן. אויך האָבן אַריינגעפּלייצט אַלערליי משונהדיקע מעלאָדיעס וואָס האָרדעס יונגוואַרג און פאַרליבטע פּאָרלעך, אַרומשלענדערנדיק אין די גאַסן, אָדער שטייענדיק אויף די ראָגן, האָבן געזונגען שרייענדיק, אָדער אין שיכורן צושטאַנד. אויך האָבן די

שויבן אין די פענסטער געציטערט פון פאַרבייטראַסקענדיקע פראַכט־אויטאָס. אין געמיש מיט אַנדערע געטומלען האָט זיך אויך אַריינגעטראָגן דאָס טרהבעריי פון פאַר־בייאיילנדיקע אויטאָמאָבילן, טאַקסיס און מאָטאָרציקלען. אפילו אין רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע פייערטעג איז אין דער דאָזיקער שכנישאַפט נישט געווען רואיק.

פאַר דייווידן איז אָבער דאָס אַלץ נישט געווען קיין אומגליק. כאָטש בטבע איז ער געווען אַ געלאַסענער, געצייגט צו מעדיטאַציע און שטילקייט, דאָך איז דאָס אויער־פאַרטויבנדיקע געבראַזג אין דעם דאָזיקן קוואַרטאַל געווען אין איינקלאַנג מיט זיין רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. אוודאי, נישט אַלץ וואָס איז אָנגעגאַנגען אין דעם נישט־קאָנפאָרמיסטישן אַרום איז געווען שכלדיק, נוצלעך און מאָראַליש — לויט זיין אידעאַל וועגן מענטש און וועלט. ס'איז אָבער פאַר אים געווען אַ צייכן פון אומצופרידנקייט ביי די דאָזיקע אַלע טיפֿן מענטשן, אַן אומצופרידנקייט מיט דער סאָציאַלער צעטיילונג און מיט דער עטיק פון דער עקזיסטירנדיקער געזעלשאַפט.

פון פריינדיגס־סטודענטקעס, וואָס קומען אָפט אַריין צו דייווידן אין דער וואוינונג, האָט אידיט געוואוסט, אַז ער איז אַזוי גלייכגילטיק צום הוזשעריי אין די גאַסן, עלעהיי ער וואָלט געווען אַ צעחושטער פּראָפעסאָר.

אין אַן ענלעכן געמיט פון גלייכגילטיקייט, אָדער פּראָפעסאָרישער צעחושטקייט, איז ער אויך געווען איצט, זיצנדיק ביים קיכטישל, וואו ס'איז אויך געזעסן זי, אידיט.

## 3.

וועגן קריגן עמעצן מיט איינלייג־געלט כדי אַרויסצונעמען מעקסן פון דער תפיסה ביז צו זיין משפט האָט ער, דייוויד, שוין געהאַט געטראַכט און גערעדט אַ שטיק צייט.

ער האָט געהאַט דערמאָנט אַ צאָל רייכע הייזער־בויערס, וואָס זענען קאָמוניסטן און טוען אַ סך פאַר דער פּאַרטיי סיי מיט געלט און סיי דורך זייער פּערזענלעכן קאָנטאַקט מיט גרויסע אַדוואָקאַטן און דיגניטאַרן. ער האָט אויך געהאַט דערמאָנט אַ צאָל רייכע פאַבריקאַנטן, געוועזענע פּאַרטיי־לייט, וואָס אידייאיש זענען זיי נאָך אַלץ געבליבן נאָנט צו דער קאָמוניסטישער באַוועגונג, און וואָס האָבן אַן אָפענע האַנט ווען נאָר מ'ווענדט זיך צו זיי נאָך הילף. ער האָט אויך געהאַט דערמאָנט אַ ריי גרושות און אלמנות וואָס האָבן ריל־עסטייט, אויך גרויסע קאַפּיטאַלן, אינוועסטירט אין אַלערליי אונטערנעמונגען. די דאָזיקע פרויען — סאָציאַליסטקעס אין זייערע מיידלשע יאָרן, און קאָמוניסטקעס אין זייער שפּעטערן עלטער — האָבן זייער אָפט געמאַכט אָונט־„פּאַרדיס" אין זייערע רייכע היימען פאַר ספּעציעל פאַרבעטענע חברים און חברטעס. מ'האָט דאָרטן געהוליעט ביז פאַרטאָג. די דאָזיקע לידיס האָבן נישט געזשאַלעוועט קיין פינאַנציעלע הילף ווען נאָר די פּאַרטיי האָט זיך געווענדט צו זיי. אויך האָט ער געהאַט געטראַכט וועגן אַ ריי אַרבעטער־יוניאָנס וואָס אין זייער פירערשאַפט געפינען זיך בלויז קאָמו־ניסטן. קיינער פון די אַלע מענטשן, וואָס זענען אים, דייווידן, געהאַט געקומען אויפן געדאַנק, וואָלט אָבער גאָרנישט געטאָן פאַר מעקסן. וואָרעם ווער איז דאָס דער דאָזיקער יונגערמאַן וואָס זיין נאָמען איז מעקס? ס'פעלן דען אויס אַזעלכע אומבאַדייטנדיקע שרייפלעך אין דער פּאַרטיי־מאַשין? אַנדערש וואָלט אָבער געווען ווען פירערס וואָלטן געלעגן אין דער תפיסה, פירערס וואָס מיט זייערע נעמען קלינגט איבערן גאַנצן לאַנד און אויך אין דער וועלט. פאַר זיי וואָלטן יענע געלט־מענטשן און דעה־זאָגערס זיך געלאָזט שעכטן... אויב אַזוי, איז ווער פאַרט וואָלט זיך אָפּגערופן פאַר מעקסן?

ביידע זענען געווען שטיל. אידיט — איר שלאַנקער גוף אויסגעשטרעקט אויפן פּלייצע־ווענטל פון דער שטול, די הענט פאַרפינגערט אין שויס — האָט געקוקט אַ מאַכטלאָזע אויף דייווידן און מיט גאָרנישט אים געקאָנט אויפהייטערן. און דייוויד — דער רעכטער עלנבויגן אויפן טיש, דער קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף דער האַנטפלאַך — האָט אַ באַטריבטער געקוקט אויף די ליידיקע טעלערס, וואו פריער איז געווען געגרייט דאָס מאָלצייט, און ער האָט אפילו נישט געדענקט וואָס ער האָט געהאַט געגעסן. געזעסן זענען זיי אַזוי שוין אַ לאַנגע צייט — און קיינער האָט נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט. אַלץ וואָס דאָ האָט זיך געהערט איז געווען דאָס געבראַזג און אויך דאָס געליאַרעם פון דרויסן.

מיטאַמאָל איז אידיט אויפגעשטאַנען און האָט צונויפגעשאַרט די טעלערס פון טיש.

— כ׳וועל צוואַשן דאָס געפעס — האָט זי אַ זאָג געטאָן צו דייווידן — און דערנאָך גלייך אַהיימפאָרן.

דייוויד האָט זיך איצט אויסגעגלייכט, ווי פון אַ טראַנס, און געקוקט אויף אידיטן אַזוי, עלעהיי ער וואָלט נישט געוואוסט וואו ער איז.

— אַהיימפאָרן ? — האָט ער געפינטלט מיט די אויגן.

אָן אַ וואָרט איז אידיט געבליבן שטיין מיט די טעלערס ביים קראַן, וואָס איבער דעם וואַש־בעקן, און האָט זיך אויסגעדרייט צו דייווידן מיט אַ בליק פון צניעות, אויך פון חשד אַז ער האָט איר, כאָטש אָן ווערטער, אָנגעבאָטן צו בלייבן דאָ נעכטיקן. זי האָט געקוקט און געוואָלט זאָגן, אַז זי מוז אהיימפאָרן. די באָבע, וואָס ביי איר דאָ אין שטאָט וואוינט זי — צוליב איר שטודירן אויף מאַסטער־דעגרי אין קאָלעדזש — וואַרט אויף איר. די באָבע גייט נישט פריער שלאָפן ביז זי, אידיט, קומט אַהיים. זי האָט אָבער געהאַלטן אירע ליפּן צונויפגעשלאָסן און בלויז געקוקט אויף זיין טונקל־הויטיקן, שמאָלן פּנים וואָס האָט געהאַט אָן אויסדרוק ווי פון אַ באַזאָרגטן, עלטערן ברודער, וואָס איז אויסן צו פאַרהיטן זי פון אַ סכנה שפּעט ביינאַכט.

— אויב איר האָט מורא צו שלאָפן דאָ, — האָט דייוויד מיט טיפן ערנסט אין קול געזאָגט, — וועל׳ך אייך אהיימפירן, כאָטש כ׳בין מיד פון די געשעעענישן אַ גאַנצן טאָג. אָבער אַז איר׳ט זיך איבערטראַכטן און יאָ בלייבן דאָ, וועט איר דאַרפן טעלעפאָנירן אייער באָבען און מוזן זאָגן אַ ליגן. כ׳מיין, איר׳ט דאַרפן זאָגן, אַז איר שלאָפט ביי אַ פריינדין...

## .4

אַ לענגערע צייט איז אין אַפּאַרטמענט געווען שטיל. אַלע לאָמפּן זענען געווען געלאָשן. מ׳האָט גאָרנישט געזען. אַלץ וואָס האָט זיך געפונען אין דער וואוינונג איז ווי נעלם געוואָרן.

אידיט, אויסגעטאָן ביז די אונטערוועש, איז געלעגן אין דעם פראָנטרום־בעט, אונטער אַ צודעק, דער קאָפּ אויפן קישן, און האָט חרטה געהאַט אויף איר איינווילּיקן צו בלייבן דאָ נעכטיקן. און דאָס, נישט איבער שרעק פאַר דער מעגלעכקייט פון דייווידס צודרינגלעכע אָווערטורעס, נאָר איבער זיין אומגעווינלעכער גלייכגילטיקייט צו איר.

נישט לאַנג צוריק האָט ער אַרויסגערוקט דאָס בעט פון דער וואַנט, צוגעגרייט עס פאַר איר, נאָכדעם געלאָשן די לאָמפּן, אַראָפּגענומען פון זיך די מלבושים און זיך געלייגט אויף דער סאָפע וואָס געפינט זיך ביי אַ צווייטער וואַנט. זינט דעמאָלט האָט זיך אָבער גאָרנישט געהערט פון אים. פאַרוואָס ?

אויב ער שלאָפט, וואָלט זי אים מוחל געווען פאַר דעם. ער איז געווען מיד איבער די פּאַרלויפעניש אַ גאַנצן טאָג. און ווי נאָר ער האָט אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ אויפן קישן איז ער מסתמא גלייך איינגעשלאָפן. אָבער אויב ער איז וואַך, איז פאַרוואָס מאַכט ער זיך גאָרנישט וויסנדיק פון איר? פאַרוואָס איז ער שטיל?

פריער, ווען ער האָט איר אָנגעבאָטן צו בלייבן דאָ נעכטיקן, האָט זי, וואָס אמת, געהאַט אַ ווידערגעפיל צו אים. ער האָט אויף איר געמאַכט דעם איינדרוק פון אַן אויבנאויפיק־ציוויליזירטן מענטש וואָס האָט אָפּנאַרערישע כוונות, בעת ער רעדט מיט גאַסטפריינדלעכע רייד. זי האָט זיך געשראָקן פאַר דעם וואָס קאָן געשען דאָ, אויב זי וועט איינשטימען צו זיין אָנבאָט. אין דער זעלבער צייט האָט זי אָבער דערפילט אַ פריידאין איר גאַנצן קערפער פאַר דער מעגלעכקייט אַז אַזעלכעס קאָן באמת יאָ געשען. און ס'האָט טאַקע נישט געדויערט לאַנג ווי זי האָט איינגעוויליקט אויף זיין פּראָפּאָזיציע:

— אָלרייט, דייוויד...

און ווי האָט געקאָנט זיין אַנדערש?

די סטודענטקעס, וואָס זי איז מיט זיי אין איין גרופּע פון דער קאָמוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, רעדן אָפן וועגן אים מיט אַזאַ באַגייסטערטקייט, אַז ס'איז קלאָר, זיי וואָלטן זיך נישט געקאָנט קעגנשטעלן אַזאַ געלעגנהייט... ער איז דאָך אַ מוסטער פון אַ מאַן! ער איז הויך, שלאַנק, דאָס פּנים אַריסטאָקראַטיש, די אויגן פאַרטראַכט, דער קאָפּ — מיט כוואַליענדיקע, שוואַרצע האָר. דערצו איז ער איידל, קלוג, און מיט אַ ברענענדיקן דורשט נאָך הויכע, הומאַניטאַרע אידעאַלן. ווען נאָר די סטודענטקעס קומען אין באַריר מיט אים, צי דאָס איז אָרגאַניזאַציאָנעל, אָדער פּריוואַט, קוקן זיי אַרויף צו אים מיט גלוסטנדיקע אויגן און זענען גרייט יעדע מינוט צו איבערגעבן זיך צו אים לויט זיין טיפּסטן באַגער. און אויב נישט דאָס, איז, צום ווינציקסטן, כאָטש פאַרברענגען מיט אים אויף אַן אַנדער אופן.

זי, אידיט, האָט אים אָבער באַגערט מער פון אַלע אַנדערע. ביז ער האָט אָנגעהויבן אַרומגיין מיט הילדע האַרוויץ איז זי געווען זיכער אַז אַ ליאַדע טאָג וועט ער איר, אידיטן, אָנבאָטן צו ווערן זיין שטענדיקע חברטע אין פּריוואַטן לעבן. זינט דאָס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן פאַר אַ טעות האָט זי אין איר אַנטוישונג אי געהאַסט אים און אי באַגערט אַוועקצורייסן אים פון דער רבנישער טאָכטער, וואָס איז געוואָרן אַ קאָמוניסטקע. און דאָס איינציקע מיטל דערצו, האָט זי געפילט, איז זיך איבערגעבן אים, צעטומלען אים אין זיין געפיל צו דער יחוסדיקער בת־יחידה פון די קלעריקאַלע עלטערן. און אַז אַזאַ געלעגנהייט האָט זיך ענדלעך געשאַפן איז זי געוואָרן אַזוי עקזאַלטירט, אַז זי האָט מיט אומגעדולד געוומען וואַרטן אויף איר קערפּערלעכן צונויפקום מיט אים.

ליידער, איז אָבער אויך דערפון גאָרנישט געוואָרן.

געריכט האָט זי זיך, אגב, אַז איידער ער און זי וועלן זיך פאַרקלייבן צו די באַזונדערע געלעגערס וועט ער דערנענטערן און נעמען פאַרברענגען מיט איר. און אויב נישט דעמאָלט, וועט ער עס טאָן נאָכדעם ווי זיי וועלן זיך האָבן געלייגט. ער וועט אַראָפּ פון דעם סאָפע־געלעגער און צוקומען צו איר. אָבער אויך דאָס איז נישט געשען.

זאָל זי אפשר זאָגן, אַז ער איז אַ דזשענטלמאַן און דערפאַר פירט ער זיך אויף אַזוי? אמת, אין אָנהויב האָט די דאָזיקע דזשענטלמענישקייט זיינע אים אויפגעהויבן העכער אין אירע אויגן, פאַרשטאַרקט איר רעספּעקט צו אים. דאָס האָט איר געוויזן, אַז ער האָט נישט געהאַט קיין פאַרפירערישע כוונה בעתן פאַרבעטן זי אויף צו איבער־

נעכטיקן דאָ. אפילו בלויז פאַר דעם אַליין, האָט זי דעמאָלט געפילט, וואָלט זי זיך אים איינגאַנצן איבערגעגעבן. זי וואָלט דאָס געטאָן אָן אַ ברעקל אָפּהאַלט, אָן אַ פּיצל איבערקלערן. גלייכצייטיק האָט זי אָבער געהאַט אַן אַנדער געפיל. ס'איז געווען האָס. די דאָזיקע צוריקגעהאַלטנקייט זיינע — האָט איר דאָס האַרץ געזאָגט — איז אַ סימן פון עפּעס אַנדערש. זי איז נישט געגוג אינספּירירנדיק פאַר אים, נישט געגוג שיין אין פּנים און אָנציִענדיק אין קערפּער. זי קאָן אים נישט אָנרעגן צו דערנענטערן זיך צו איר.

אויב אַזוי, האָט איר האַרץ ווייטער געטענהט, אויב ער פילט טאַקע אַזוי, איז פאַרוואָס ווייזט ער זיך אַרויס אַנדערש צו איר ביי אַנדערע געלעגנהייטן? פאַרוואָס דריקט ער איר אָרעם מיט אַ ספּעציעלן מיין, ווען ער באַגעגנט זי? פאַרוואָס קוקט ער אויף איר מיט אַ גליאיקן בליק? פאַרוואָס שמייכלט ער פאַרשעמט, ווען ער רעדט צו איר? איז דאָס בלויז דערפאַר, ווייל ער, אַ פירער פון אַן אָרגאַניזאַציע, ווייל אַז זיין יעדער נאָכפאָלגער, אָדער נאָכפאָלגערין, זאָל נישט האָבן קיין בייז האַרץ אויף אים, זאָל אים פאַרגעבן, פאַרגעטערן?

אַ כעס האָט זיך מיטאַמאָל אָנגעצונדן אין איר. זי — בלויז אַ נאָכפאָלגערין זיינע? בלויז אַ פאַרגעטערין זיינע — און מער גאָרנישט? אין קאָלעדזש דרייט זיך אַרום איר יעדער סטודענט. אין די גאַסן קוקן איר נאָך אַלע מענער. יעדער גלוסט צו איר. יעדער וואָלט געוואָלט מיט איר פאַרברענגען. און דאָ וועט ער, דער פּרעטענדירער אויף ערלעכקייט, אויף עטישקייט, זיך גאָר ברעקלען מיט איר, האַלטן זי בלויז פאַר אַ באַדינערין צו זיינע קאַריעריסטישע פּלענער?

מיטאַמאָל האָט זי זיך אַ זעץ אויף געטאָן און מיט שפּיזנדיקע אויגן גענומען קוקן דורך דער פינצטערניש צו דער סאָפע, וואו ס'איז געלעגן דייוויד.

— איר שלאָפט? — האָט זי אַ פרעג געטאָן מיט זידנדיקן כעס.

פון דער סאָפע — וואו צוליב דעם ביסל אַריינגעפּלייצטער, דרויסנדיקער העלקייט האָט זי אין דער פינצטערניש געזען ווי די דאָרטיקע צודעק הייבט זיך — האָט זי געהערט אַ קול ווי פון אַ צעטומלטן מאַן:

— אידית?

— יאָ!

— איר האָט עפּעס געזאָגט?

— כ'גיי זיך אָנטאָן און אַהיימפאָרן!

ווי פאַר אַ פייער האָט דייוויד אַ רייס אָפּ געטאָן דעם קאָפּ פון קישעלע און ער איז געבליבן זיצן אויף דער סאָפע מיטן פּנים צו אידיטן:

— וואָס איז געשען? פון זינען אַראָפּ? אַצינד אַהיימפאָרן? אַזוי שפּעט?

— כ'בין שוין פיל מאָל אַהיימגעפאָרן אַ סך שפּעטער.

— אָבער פאַרוואָס?

— אַזוי...

— וואָס מיינט „אַזוי"?

אידית האָט נישט געענטפערט.

דייוויד איז אַראָפּ פון דער סאָפע, אַריבער צום בעט און האָט זיך געזעצט לעבן אידיטן:

— וואָס ז'דער מער? איר קאָנט נישט שלאָפן? איר שרעקט זיך פאַר מיר?

אידית האָט נישט געענטפערט.

— אויך איך קאָן נישט שלאָפן, — זאָגט ער. — איז וואָס? וועל'ך דערפאַר אַרויסלויפן פון הויז?

אידיט האָט ווידער נישט געענטפערט.

— דער מעקס טרעט נישט אָפּ פון מיין געדאַנק, — זאָגט דייוויד ווידער. — כ'ווייס נישט וואָס צו טאָן. כ'זע נישט אַזוינעם וואָס וואָלט גערן געגעבן פאַרזיכערונג פאַר אים.

אידיטס האַס צו אים איז איצט געוואָרן שטאַרקער. דאָס וואָס ער פאַרנעמט זיך מיט „פאַרזיכערונג" פאַר מעקסן האָט איר נישט געאַרט. אָבער וואו איז זי? ס'האָט זי אינגאַנצן אויפגעטרייסלט.

— און נישט נאָר וועגן דעם... — רעדט ער ווידער. — כ'טראַכט אויך וועגן אייך. ווייסט איר וועגן וואָס? איר'ט נישט טרעפן. כ'טראַכט, איר מיינט מסתמא, אַז כ'האָב אייך אומיסטן פאַרבעטן צו מיר אין אַפּאַרטמענט... אומיסטן אָנגעבאָטן אייך צו בלייבן דאָ נעכטיקן... נו, איר ווייסט דאָך וואָס כ'מיין... אין אמתן — — — כ'וועל זיין אָפנהאַרציק מיט אייך. אַזאַ געפיל האָב איך טאַקע געהאַט. ווער קאָן זיך דען ווערן קעגן דעם רייץ פון אייער קערפּער, קעגן דעם שוואַך־מאַכנדיקן בליק פון אייערע ברענענדיקע, בלוי־גרינלעכע אויגן, און קעגן דעם אומשולד־אויסדרוק פון אייער אײדל פּנים? כ'האָב זיך אָבער אָפּגעהאַלטן. כ'האָב נישט געוואָלט מאַכן אַ פּאַסטקע פון מיין גאַסטפריינדלעכקייט. נו, אַצינד ווייסט איר שוין פאַרוואָס אויך איך האָב נישט געקאָנט איינשלאָפן?

אויך איצט האָט אידיט געשוויגן. אָבער דורך איר לייב איז דאָס מאָל דורכגע־לאָפן אַזאַ וואַרעמער שטראָם, און מיט אַזאַ אימפּעט, אַז זי האָט זיך אַזש אַ טרייסל געטאָן מיט איר גאַנצן קערפּער, ווי פון אַ ברי.

— פאַרוואָס ציטערט איר? — פרעגט דייוויד און ער נעמט אָן איר אָרעם מיט דעליקאַטן באַריר. — מעג איך וויסן וואָס ס'קומט פאַר מיט אייך?

אָנשטאָט ענטפערן האָט זיך אידיט מיטאַמאָל אַ וואָרף געטאָן מיט איר פּנים אויף זיין שויס — און פון איר האַלדז האָט זיך אַרויסגעריסן אַ יאָמערלעך געוויין.

## 5.

אינדערפרי איז אידיט, אַן איבערגעוועלטיקטע פון אָנענדלעכער גליקזעליקייט, געזעסן אין בעט, טיילווייז אַריבערגעבויגן איבער דייווידן און האָט שמייכלענדיק און מיט שיינענדיקע אויגן אַריינגעקוקט אין זיין פּנים.

דייוויד, אויסגעשטרעקט אויפן רוקן, די הענט אונטערן נאַקן, דער קאָפּ אויפן קישן, האָט דורך שמאָלע אויגן־שפּעלטלעך געקוקט אויף אידיטן. ער האָט געזען אירע ווייסע, שטאַרקע אַקסלען, איר האַלב־אָפּגעהילטן בוזעם איבער דעם אַראָפּגעלאָזטן, לויזן ברוסטהאַלטער, איר נאַקעטן קערפּער ביז די היפטן, און געשמייכלט ווי אַ באַדינער וואָס דער באַלעבאָס איז אויפגעלייגט מיט אים פאַר זיין אויסטויגלעכקייט אין געבן ניצלעכע הילף אין צייט.

פון דעם דאָזיקן שמייכל איז אידיט געוואָרן מער זיכער ביי זיך, אַז ער נייטיקט זיך אין איר. וואָר, די פּיל שעהן ביינאַכט, ווען זיי זענען נישט געשלאָפן, האָבן פאַר איר אַנטפּלעקט זיינע געדאַנקען וועגן איר, אויך זיינע געפילן. אָבער זיין וואַרעם קוקן איצט אויף איר, זיין אָנקוועלנדיק שמייכלען, דאָס אַלץ האָט געהאַט מער האָפט

ווי אַלע זיינע הייסע אויסדרוקן אין דער פינצטער, ווען ער האָט זיך באַהעפט צו איר קערפּערלעך. דעמאָלט איז ער געווען אין אַן אַנדערער וועלט. איצט איז ער אָבער באַרואיקט. ער האָט קאָנטראָל איבער זיך. און יעדער בליק פון זיינע אויגן, יעדער אויסדרוק פון זיין פּנים און די ליפּן איז אַן אָנשטעל, אַן הינטערגעדאַנקען. דאָס אַלץ האָט איר איצט געגעבן דעם קוראַזש צו טראַכטן און פילן, אַז זי האָט באַזיגט די געלערנטע ליידי פון דער איסט־סייד, און זי האָט אַוועקגענומען אים, דייווידן, פון זיין געטין הילדע האָרוויץ. מיט זיין גאַנצן לייב און לעבן געהערט ער איצט צו איר.

זי האָט זיך געפילט שטאַרק דערהויבן ביי זיך, אַזוי דערהויבן, גלייך ווי זי וואָלט געווען אַ הערּאָאיש־לעגענדאַרישע פרוי וואָס האָט אָפּגעהאַלטן אַ נצחון — נישט איבער עפּעס אַ צופאַל, נאָר צוליב בלויז אירע אייגענע מעלות, סיי קערפּערלעכע און סיי גייסטיקע. וואָרעם אַ פרוי וואָס באַגערט צו געווינען אַזאַ מענטש ווי ס׳איז דער געבילדעטער און הויך־אידעאַליסטישער דייוויד דאַרף אַליין פאַרמאָגן אין זיך אַ סך.

דאָך האָט זי איבער דער גאַנצער צייט נישט געהאַט אַרויסגעוויזן קיין בייגער, אפילו מיט קיין איין וואָרט נישט, וועגן זיין באַציאונג צו דער רבנישער טאָכטער וואָס ער גייט אַרום מיט איר. זי האָט זיך געשראָקן — טאָמער וועט עס שאָדענען איר אויפגעהייטערטקייט. נאָך אַלעמען, אפשר איז נאָך צו־פרי צו רעדן וועגן דעם ציל פון זיין אַרומפירן זיך מיט הילדען? און אפשר איז זיין פאַרברענגען מיט איר, אידיט, נישט מער ווי אַ צייטפאַרטרייב? געזען אָבער איצט אין אים אַ ניכטערע דאַנקבאַרקייט צו איר פאַר בלייבן דאָ נעכטיקן, לויט זיין וואונטש, אויך אַ בענקשאַפט אַז דאָס זיין צוזאַמען זאָל קיינמאָל נישט אויפהערן, האָט זי איר נייגער וועגן זיין געפיל צו הילדע האָרוויץ נישט געוואָלט אָפּלייגן אויף אַן אַנדער געלעגנהייט און זיך צוגעבויגן מיט איר פּנים צו זיינעם.

— זאָגט מיר, דייוויד, — האָט זי געפרעגט שטיל און געקוקט אין זיינע אויגן אַריין, — האָט איר אָפּט סעקס־באַציאונגען מיט הילדע האָרוויץ?

דייוויד האָט זיך אַ רוק געטאָן אין בעט פון דער אומגעריכט־אָפענער, נישט־באַפּאַרבטער פראַגע אירער און פאַרשמעלערט זיינע אויגן. אַ ווײַלע האָט ער געשוויגן אַ צעטומלטער.

— קיינמאָל נישט, — האָט ער געזאָגט, און זיין פּנים איז פאַרצויגן געוואָרן מיט טריבקייט.

אידיט האָט זיך אָפּגערוקט פון אים אַן איבעררעאַשטע:

— קיינמאָל נישט? כ׳האָב דאָך געמיינט, אַז איר האָט אינטימען פאַרקער מיט איר ווען נאָר צוזאַמען און אַליין...

— ניין, — האָט דייוויד ווידער געזאָגט אַ באַטריבטער. — אויסער אַרומנעמען איינס דאָס אַנדערע און אויסער אַ קוש, גאָרנישט.

— ווי איז דאָס מעגלעך? — האָט אידיט ווידער געפרעגט אַן איבעררעאַשטע.

— האָט איר זי נישט ליב?

— יאָ.

אידיט איז געוואָרן פאַרטרויערט פון זיין ענטפער, אָבער זי האָט באַגערט צו וויסן מער:

— און זי? האָט זי אייך ליב?

— יאָ.

— איז פאַרוואָס דער אָפּהאַלט?...

דייוויד האָט צעעפנט די אויגן און געקוקט אַ ווײַלע צום פענסטער, וואו ס׳האָט אַרײַנגעשײַנט די זון.

— כ׳גלייב, ס׳איז רעספּעקט... — האָט ער זיך צוריק אויסגעדרייט מיט די אויגן צו אידיטן און געענטפערט מיט באַטריבטקייט.

— רעספּעקט? פון וועמען? פון איר צו אייך? — האָט אידיט אויפסניי געפרעגט מיט נייגער.

— וועגן אַ פּרויס רעספּעקט פאַר אַ מאַן — האָט ער טראַכטנדיק געמורמלט וועגן דעם געדאַנק וואָס ער האָט געהאַלטן אין אַרויסברענגען — איז שווער צו וויסן וואָס דאָס איז. אָבער כ׳ווייס גענוי ווי איך האָב זיך אַלעמאָל געפילט צו איר, און וואָס איך האָב געפילט. ס׳איז אייגנטלעך שטענדיק געווען אָנבאַלאַנגט אין מיר.

— ס׳הייסט אַז דער רעספּעקט פאַר איר האָט אייך אָפּגעהאַלטן פון האָבן געשלעכטלעכע נאָענטקייט מיט איר?

— כ׳גלייב אַזוי.

אידיט האָט זיך איצט אויפגעזעצט אַ באַליידיקטע:

— מיינט עס, אַז פאַר מיר האָט איר נישט קיין רעספּעקט?

דייוויד האָט אונטערגעהויבן דעם קאָפּ און גענומען רעדן מיט פאַרדראָס, עלעהיי זי וואָלט געמאַכט אַ בילבול אויף אים:

— ס׳מיינט נישט דאָס וואָס איר האָט געזאָגט.

— וואָס דען?

דייוויד האָט זיך פאַרטראַכט און נאָכדעם, שטאַמלענדיק, גענומען אויפקלערן:

— אין תוך איז זי מיר פרעמד. כ׳מיין הילדען... כ׳זע אין איר די דורות וואָס האָבן פאַרהיט זייערע טעכטער פון האָבן עראָטישע באַציאונגען מיט אַ מאַן פאַר דער חתונה. כ׳זע אין איר ווי אירע פרומע עלטערן ציטערן פאַר אַזעלכעס... ווי זיי בעטן אַז דאָס זאָל נישט געשען. ס׳וואָלט געווען דאָס גרעסטע אומגליק פאַר זיי ווען זיי דערוויסן זיך, אַז ס׳איז יאָ געשען. און איך, וואָס אמת, האָב נישט געהאַט, און האָב נישט, קיין באַגער אַז ס׳זאָל דערצו קומען. און דאָס, איבער אַ מאָראַלישן זין. כ׳וויל נישט אַז מיין אינטים־קערפּערלעך פאַרברענגען מיט איר זאָל איר גלייך באַווייזן, אַז די נישט־פרומע וועלט ווייסט גאָרנישט פון קיין עטישע צוימען, אַז אַלץ, נאָך וואָס אַ סעקולערער מענטש לעכצט, איז בלויז קערפּערלעכע פאַרגעניגנס.

אידיט האָט זיך פאַרטראַכט אַ ווײַלע:

— אַז זי איז אייך טאַקע פרעמד, איז ווי קאָנט איר זי ליב האָבן, ווי איר אַליין האָט געזאָגט אַז איר האָט זי ליב?

דייוויד האָט שוין געוואָלט אָפּהאַקן דעם שמועס. נישט־ווילנדיק האָט ער אָבער ווייטער גערעדט:

— כ׳גלייב נישט אַז מיין געפיל צו איר איז דאָס זעלבע וואָס מיר פאַרשטייען אין דעם טערמין ליבע.

— וואָס מיינט איר?

— כ׳גלייב אַז דאָס האָט נישט צו טאָן מיט קיין סעקס. כ׳מיין, מיין געפיל צו הילדען. ס׳איז עפּעס אַנדערש...

— וואָס אַנדערש?

דייוויד האָט זיך אויפסניי פאַרטראַכט, נאָכדעם געקוקט אויף איר:

— כ׳מיין אַז ס׳איז דאָס זעלבע ווי, לאָמיר זאָגן, ווען מיר ווערן באַגייסטערט פון

אַ קונסט־װערק... לאָמיר אָננעמען װי פֿון אַזאַ געמעל װי ס׳איז „דעלפֿיקאַ סיביל" פֿון מײקלאַנדזשעלאָ. מ׳קאָן עס ליב האָבן, מ׳קאָן זײַן עקזאַלטירט דערפֿון, אָבער נישט װערן אָנגערעגט עראָטיש...

— אױב אַזױ, איז װי קאָנט איר זי נעמען פֿאַר אײַער פֿרױ?

דײװיד האָט זיך מיטאַמאָל צעשמײכלט און געקוקט אױף איר מיט איראָניע, עלעהײַ זי װאָלט געװען אַ קינד און גענומען לערנען אַן עלטערן מענטש װאָס נישט צו טאָן.

— כ׳האָב זיך שױן לאַנג אָפּגעזאָגט פֿון דעם דאָזיקן באַגער, — האָט ער געצױגן זײַנע װערטער פּאַמעלעך און אױף אַזאַ אופֿן װי ער װאָלט נישט געהאַט קײן הנאה פֿון אַרױסברענגען זײַנע געפֿילן. — נאָך אַלעם, זי איז דאָך נישט דאָס װאָס איר און איך... מיר האָבן נישט געהאַט אַזאַ דערציִאונג װי די װאָס זי האָט געהאַט. מיר האָבן זיך געקאָנט לײַכט צופּאַסן צו אַ נײַער אָריענטאַציע. און אַזױ װעלן מיר בלײַבן. מיר האָבן נישט באַדאַרפֿט זיך אָפּזאָגן פֿון אַ סך. זי אָבער... זי איז ביז איבערן קאָפּ אײַן די מינהגים און דינים. אָפּזאָגן זיך פֿון דעם אַלעם איז פֿאַר איר װי גײַסטיקער זעלבסט־מאָרד. דאָ און דאָרטן װעט זי מאַכן קאָמפּראָמיסן, אָבער אַז ס׳װעט קומען אַ יום־טוב, אָדער צו דערציִען אַ קינד, דעמאָלט װעט זי רעבעלירן און זײַן אײַנגעשפּאַרט אין אירע פֿאַרלאַנגען, גלײַך װי זי װאָלט זיך געװאָלט ראַטעװען פֿון דערטרונקען װערן. אַ פֿאַמיליע־לעבן מיט איר װעט קײנמאָל נישט זײַן קײן שלום־נעסט פֿאַר אַזאַ מאַן װי איך בין. פֿריִער אָדער שפּעטער װאָלט איך זיך געמוזט שײדן פֿון איר.

אידיט האָט זיך צוריק אַראָפּגעלאָזט מיטן קאָפּ אױפֿן קישן. דאָס מאָל האָט זי אָבער געקוקט אױף דײװידן מיט מיטגעפֿיל, אָנשטאָט מיט פֿרײד װאָס זי האָט נישט איצט קײן קאָנקורענטקע קעגן זיך.

— הײסט עס, אַז אַלץ צװישן אײַך און איר איז שױן אױס.

דײװיד איז נישט געװען װיליק צו ענטפֿערן, אָבער ער האָט יאָ געגעבן אַ תשובה:

— נײן... כ׳האָב איר נאָך גאָרנישט געזאָגט. אָבער פֿאַר מיר זעלבסט איז שױן אַלץ װי אַ טײל פֿון דעם װײטן בעכטן...

מיטאַמאָל איז ער שטיל געװאָרן. ער האָט זיך צוריק אָװעקגעלײגט מיטן קאָפּ אױפֿן קישן און אַ באַטריבטער גענומען קוקן אַרױף צום סופֿיט. אױך האָט אידיט גענומען קוקן אַרױפֿצו. בײדע האָבן געװאָלט עפּעס זאָגן אײנס צום צװײטן. ער — װעגן דעם פּלאַץ װאָס זי, אידיט, הײבט אָן פֿאַרנעמען אין זײַן לעבן, און זי — װעגן דער װאַרעמער האָפֿענונג װאָס ער האָט איר געגעבן, נאָכדעם װי ער האָט, װי זי פֿאַרשטײט אים, דערװײטערט הילדע האָרװיץ פֿון זײַן האַרץ און געדאַנק. בײדע האָבן, יעדער באַזונדער, אָפּגעמאַכט בײַ זיך אין געדאַנק — בעסער צו שװײַגן איצט װעגן דעם און איבערלאָזן עס אױף אַן אַנדער מאָל.

# קאַפּיטל איין־און־דרייסיק

## דער אַוועקגעוואָרפענער מאַן

### 1.

קרוב צו האַלבן טאָג האָט זיך אין דייווידס אַפּאַרטמענט צעטראָגן אַ קלונג פון דעם עלעקטרישן טירגלעקל.

אידיט — אין ברוסטהאַלטער און אין העל־גרינע בלומערס — איז נאָך געלעגן אויפן בעט. דייוויד — אין פּאַדזשאַמעס — איז אָבער געזעסן ביים שרייבטיש און האָט גערעדט אויפן טעלעפאָן מיטן יוניאָן־פּרעזידענט פון די געשעפט־אָנגעשטעלטע וועגן מעקס דעם אַרעסטירטן.

דערהערט דעם קלונג, האָט אידיט אַ הייב געטאָן דעם קאָפּ פון קישן, געוואָלט נעמען אַ מלבוש אויף זיך און גיין עפענען די טיר. דייוויד האָט אָבער אַ פאָך געטאָן צו איר מיט דער האַנט וואָס דער באַדייט דערפון איז געווען אַז ער וועט עס שוין אַליין טאָן. גלייכצייטיק האָט ער אַרויסגעטאָן דאָס טרייבל אויפן טעלעפאָן און זיך אונטער־געהויבן פון דער שטול.

אָפּגעעפנט די טיר, האָט ער זיך אַ רוק געטאָן אַ טראַט אויף צוריק פון איבער־ראַשונג.

ביי דער שוועל איז געשטאַנען אַ מיטלוואוקסיקער, ברייט־פּלייציקער מאַן, פון אַ יאָר אַכט־און דרייסיק, מיט לוסטיק־גרינלעכע אויגן און מיט אַ פרישן שפּראָץ שוואַרצע האָר וואָס האָבן, ווי שפּילקעס, אַרויסגעסטאַרטשעט פון זיין דריי־עקיקן פּנים. ער האָט געהאַלטען זיינע הענט טיף אין די קעשענעס פון זיין העלן ווינטער־מאַנטל און געשמייכלט ווי איינער וואָס האָט לאַנג געזוכט זיינס אַן אַלטן פריינט און צום סוף אים טאַקע געפונען.

— מעקס! — האָט דייוויד, אַן אויפגעלייכטער פון פרייד, אַ געשריי געטאָן און אויסגעשטרעקט ביידע הענט צו אים. — כ׳האָב דאָך ערשט גערעדט וועגן דיר מיטן פּרעזידענט פון דיין יוניאָן... קום אַריין. דערצייל ווער ס׳האָט געגעבן סעקיוריטי פאַר דיר!

אידיט האָט זיך גיך צוגעדעקט ביז צום האַלדז מיט דער דעקע, וואָס אויפן בעט, און געשמייכלט צו מעקסן ווי נאָר ער האָט זיך באַוויזן אין פּראַנטרום, באַגלייט פון דייווידן.

— טהרי טשירס פאַר קאַמרעד מעקס! — האָט זי גיך אַפּירגענומען פון אונטער דער דעקע אַ נאַקעטע האַנט און אַן ענטוזיאַסטישע געפאָכעט מיט איר צו מעקסן.
— הורא פאַר מעקסן!

ביז דער צייט וואָס ער איז נעכטן אַוועקגעפירט געוואָרן אין דער תפיסה אַריין, צוזאַמען מיט איר, אויך מיט דייווידן און אַנדערע חברים־דעמאָנסטראַנטן, האָט מעקס זי, אידיטן, וויינציק געזען. ער האָט אָבער געוואוסט פון וואָסער מישפּחה זי שטאַמט אָפּ, ווער זי איז, און אויך אַז זי איז זייער טעטיק אין דער קאָמוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע. צווישן חברים האָט מען געשמועסט אַז זי איז אַ פייערדיקע אידעאַליסטקע און אַז זי באַטייליקט זיך אין אַלע דעמאָנסטראַציעס און גאַסן־מיטינגען וואָס די פּאַרטיי אָרדנט איין. אָפט גייט זי אפילו אַרום אין גאַסן, צוזאַמען מיט אַנדערע סטודענטקעס, און טיילט

אויס קאָמוניסטישע ליטעראַטור. אין דער תפיסה האָט ער אָבער פּערזענלעך זיך דערוואוסט נאָך עפּעס וועגן איר: זי איז אַ האַרציק מיידל. מ׳קאָן אין איר אויפפירן זיך גאָרנישט דערקענען אַז זי שטאַמט אָפּ פון אַ רייכער היים.

— האַלאָ, אידיט! — האָט ער גוטברודעריש צוריקגעשמייכלט צו איר, און בעת דעם געטראַכט מיט איבערראַשונג וועגן דעם וואָס זי געפינט זיך דאָ ביי דייווידן אין בעט.

— האָט איר שוין עפּעס געגעסן, געטרונקען, מעקס? — האָט דייוויד געפרעגט.

—וואָס מיר עסן! וואָס מיר טרינקען! — האָט מעקס געלאַכט און געקוקט מיט פינקלדיקע אויגן אויף דייווידן. — ווער האָט עס אין זינען געהאַט? — קומען דאָ צוערשט און דאַנקען אייך, האָב׳ך געפילט, איז בילכער.

דייוויד האָט פאַרשמעלערט די אויגן און געקוקט מיט אַ פאָרשנדיקן בליק:

— דאַנקען מיר? פאַר וואָס?

מעקס האָט זיך צוגעטאָן די רעכטע האַנט צום אָפּגעדעקטן קאָפּ, געגלעט די געקרייזלטע, שוואַרצע האָר, און אַנגעקוואָלן פון דייווידן פאַר מינימיזירן זיין טירחה.

— אַזוי דאַרף טאַקע זיין, קאַמעראַד דייוויד. כ׳האָב ליב אַזאַ באַשיידנקייט.

— אָבער וואָס? — איז דייוויד נאָך געשטאַנען אַקעגן מעקסן מיט פאַרשמעלערטע אויגן און פאָרשנדיקן בליק. — וואָס האָב׳ך געטאָן פאַר אייך?

— ס׳איז אָלרייט... — האָט מעקס געבליצט מיט זיינע אויגן, און פון זיין אָפן מויל, וואָס מיט קרומלעכע ציין, האָט זיך אַרויסגעקייקלט אַ קלינגענדיק געלעכטער. — אויך וואָלט איך זיך אַזוי געפילט, ווען כ׳וואָלט אָפּגעטאָן אַזאַ שליחות ווי איר... נו, כ׳וועל אייך נישט שטערן. כ׳לאָז זיך אַציינד צו איר און וועל אויך איר באַדאַנקען. כ׳מיין, מיין געוועזענער פּרוי... הכלל, צום ווידערזען, קאַמעראַדן... און נאָך אַ מאָל אַ דאַנק אייך, קאַמעראַד דייוויד, פאַר אייער טירחה...

— וואָס לויפט איר שוין? — האָט אידיט זיך אויפגעזעצט אין בעט און גערעדט צו מעקסן וואָס איז שוין געשטאַנען ביי דער טיר. — כ׳וועל מאַכן קאַפע פאַר אייך. אויך עפּעס צו עסן. ס׳פעלט נישט דאָ קיין שפּייז. בלייבט דאָ, קאַמעראַד מעקס.

— אַ דאַנק, אַ דאַנק, — האָט מעקס זיך נישט געלאָזט איבעררעדן פון אידיט און געשמייכלט צו איר מיט האַרציקייט. — אַ טייערן דאַנק, קאַמעראַד אידיט.

געבליבן אַליין מיט אידיט, האָט דייוויד אויסגעדרייט דאָס פּנים צו איר און געקוקט אַ פאַרוואונדערטער. „קאָנסטו אפשר וויסן וואָס ער, מעקס, האָט געמיינט?״ — האָט ער זי געוואָלט פרעגן. — „קאָנסטו מיר דערקלערן פאַר וואָס ער האָט מיר געדאַנקט, און צוליב וואָס ער לויפט באַדאַנקען אויך זיין געוועזענער פּרוי?״ ער האָט אָבער געשוויגן, כאָטש ער האָט נישט אַראָפּגענומען זיינע אויגן פון איר.

## .2

אַריינגעקומען אין דזשאָ רובינס אַפּאַרטמענט, אויף דער איסט־סייד, האָט מעקס געטראָפן סאַלן אין גאַסטצימער.

סאַל איז געווען דאָ איינער אַליין. ער איז געזעסן אויף אַ נידעריק בענקעלע, צווישן דער סאָפע און דער ביכער־שראַנק, האָט געהאַלטן דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט אויף די האַנטפלאַכן, די עלנבויגנס אויף די קניען, און זיך נישט באַוועגט. ער האָט זיך אפילו נישט אומגעקוקט צו זען ווער ס׳איז אַריינגעקומען.

אַז סאָל איז אַן אָבל, דאָס האָט מעקס שוין געוואוסט עטלעכע טעג. די „סטאַר"־אָנגעשטעלטע זענען געהאַט געקומען צו אים אין יוניאָן־אָפיס, אין זעלבן טאָג פון דזשאָ רובינס טויט, און האָבן איבערגעגעבן דאָס נייס. ער, מעקס, האָט געהאַט וואַרעמע געפילן צו סאָלן. זיי האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין אים נאָך פון יענע צייטן, ווען ער איז געווען פאַרהייראַט צו ריווען. אין יענע יאָרן איז ער טיילמאָל אַריינגעקומען דאָ און ער האָט זיך שטאַרק אויפגעטראָגן מיט אים, סאָלן, ווי מיט אַ נאָענטן חבר פון זיין עלטער.

דאָך צוגיין איצט צו אים, זאָגן עטלעכע ווערטער אין אויסדרוק פון צער, דאָס האָט ער, מעקס, נישט געוואָלט און, נאָך מער, נישט געקאָנט. ער האָט גאַנץ וואויל געוואוסט, אַז קיין גוטס האָט מען דאָ אין הויז קיינמאָל נישט געזאָגט וועגן אים, איבערהויפּט זינט דער שיידונג צווישן אים און ריוועןֿ. איז צו וואָס זאָל ער נאָך געבן דעם איינדרוק פון אַ תם? אפילו צוגיין צו סאָלן און פרעגן צי ריווע איז אין הויז האָט ער נישט געוואָלט.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט, געזען אַן עלעקטריש ליכט אַרויסשיינען פון דער ווייטער קיך, וואָס איז אַריינגערוקט אין אַ זייט, און זיך גלייך געלאָזט אַהינצו.

ווי אַן אַרעסטאַנטקע, איינע אַליין אין אַ תפיסה־צעל, איז ריווע, טריב און צוגעלייגט ביי זיך, געזעסן ביים קיכטיש, די פיס באַרוועס, און האָט פוילבלעך און גלייכגילטיק זיך פאַרצירעוועט איינעם פון אַ פּאָר זאָקן צום אַרויסגיין.

אויף איר שמאָל, מולאַטאָ־קאָליר פּנים האָט זיך נישט געזען קיין צוק פון אַ מוסקול. איר דינער האַלדז, אַרומגערינגלט מיט אַן אויסגעלייגט, שמאָל קעלנערל פון אַ ווייסער בלוזקע, איז געווען שטייף ווי אַ האָרן און אַן אַ לעבעדיקן נערוו. אירע שוואַרצע האָר, כאָטש געשוירן לויט דער מאָדע, מאַנסבילש, זענען געווען צעפּאַטלט, מיט לאָקן איבער די אויגן. די טריט וואָס האָבן זיך דערנענט דאָ אַהער פון גאַסטצימער האָט זי אי יאָ געהערט און אי נישט. זיי זענען איר נ׳שט אָנגעגאַנגען. וואָרעם וועמענס זענען זיי דען געווען? די מאַנסבילן וואָס האָבן דאָ געהאַט געדאַוונט אינדערפרי בציבור זענען שוין לאַנג אַוועק. אַיי, אפשר סאָל? יאָ, געוויס זענען די טריט — סאָלס. ער גייט דאָ אַהער. איז מיט וואָס קאָן ער זי פאַראינטערעסירן? זינט זיין פאָטערס טויט האָט זי שוין גענוג נאַרישקייטן געהערט פון אים. אָט זאָגט ער, אַז ער האָט נישט צו וואָס צו לעבן, און אָט באַדויערט ער זיך וואָס ער האָט אָוועקגעגעבן אַ סך יאָרן פאַר די ביזנעס. איז וויפל געדולט קאָן זי האָבן פאַר אַזעלכע רייד?

זי האָט זיך אפילו נישט געוואָלט אויסדרייען און אַ קוק טאָן ווען די טריט האָבן זיך אָפּגעהאַקט אין דער סאַמע קיך, נישט ווייט פון איר רוקן. צו וואָס דאַרף זי זיך אומקוקן? זי איז נאָר געזעסן, עלעהיי אַן אויסגעשעפּטע פון די פאַרלויפּעניש זינט דעם אָנקלס טויט, און האָט זיך פּאַמעלעך פאַרצירעוועט איינעם פון די זאָקן וואָס זי דאַרף האָבן צום אַרויסגיין.

מיטאַמאָל איז איר די נאָדל אַרויסגעפאַלן פון דער האַנט.

— ריווע! — האָט מעקס אַ צעליכטיקטער אין פּנים, אַ פריילעכער, אַ הילך אַרויס געטאָן איר נאָמען מיט אַ געלעכטער. — אַ דאַנק דיר פאַר ארויסנעמען מיך פון תפיסה! אַ דאַנק דיר פאַר איינלייגן געלט פאַר מיר. אַ דאַנק דיר פאַר נישט מורא האָבן אַז כ׳וועל אַנטלויפן פון לאַנד און דיין סעקיוריטי וועט פאַרפאַלן ווערן...

ריווע האָט זיך אויסגעדרייט, געקוקט אויף אים ווי אַן אָפּעריִרטער חולה בעתן אויסטשוכען זיך פון שלאָפגעטראַנק, און אין אַ ווײַלע אַרום ווידער גענומען די נאָדל אין האַנט אַריין. זי האָט אפילו נישט געזאָגט קיין וואָרט צו אים.

„וואָס טוט ער דאָ ?" — האָט אַלץ איר מיט ביטערניש געפרעגט. — „ווי האָט ער געוואַגט צו קומען דאָ אַהער ?"

אַז ער וועט נישט פאַרגעסן איר טובה, אין דעם האָט זי נישט געהאַט דעם מינדסטן ספק. זי האָט משער געווען, אַז ער וועט טעלעפאָנירן. אָבער קומען צו איר, אויף דעם האָט זי זיך נישט געריכט. וואָס פאַר אַן עזות־פּנים ער איז! — האָט איצט אויפגעבליצט אַ געדאַנק אין איר קאָפּ.

— נאָר זיך נישט און מיין נישט, — האָט זי נאָך אַ לענגערער ווײַלע גענומען רעדן אין זאָק אַריין בעתן צירעווען, — אַז כ׳האָב עס געוואָלט טאָן... אויב ד׳וועסט זיך יאָ איינרעדן און מיינען אַזוי, כאָטש כ׳פאַרזיכער דיר אַז ס׳איז נישט אַזוי, וועסטו זיין אַ גרעסערער אידיאָט ווי ד׳ביסט.

מעקס האָט זיך אַ וויש געטאָן מיט זיין רעכטער האַנט איבער זיין קאָפּ געדיכטע האָר, וואָס דער ווינט אין דרויסן האָט זיי געהאַט צעשויבערט, און זיך געזעצט קעגנ־איבער ריווען ביים טיש, כאָטש זי האָט אים נישט פאַרבעטן.

— ניין? — האָט ער געפרעגט לאַכנדיק. — האָסט טאַקע נישט געוואָלט ?

— ניין! — האָט זי געענטפערט מיט כעס און נישט געקוקט אפילו אין זיין זייט.

— ווען ד׳וואָלסט גערעדט מיט די צוויי שליחים, מיטן יונגנמאַן און דעם מיידל, וואָס ד׳האָסט צו מיר נעכטן געשיקט, וואָלט איך זיך דערוואוסט פון זיי ?

— וואָס וואָלט איך זיך דערוואוסט פון זיי ?

— וואָלסט אויסגעפונען, — האָט זי ווידער גערעדט אין זאָק אַריין, — אַז פון מיינעטוועגן האָסטו געקאָנט פאַרפוילט ווערן אין תפיסה.

מעקס האָט זיך צעקנעפּלט דאָס העמד ביים קאָלנער, וואָס איז געווען אָן אַ קראַוואַט, און זיך ווידער צעשמייכלט. זי איז אַזאַ האַנאַראָווע, האָט ער געטראַכט, אַז אָנשטאָט זאָגן דעם אמת, זאָגן אַז זי בענקט נאָך אים, אַז זי טראַכט נאָר וועגן אים, זאָגן אַז דערפאַר האָט זי זיך נישט פאַרבונדן מיט קיין צווייטן מאַן, וועט זי ליבערשט אים דערנידעריקן, אַבי צו מאַכן דעם אָנשטעל, אַז ער גייט איר נישט אָן.

— אָבער ד׳האָסט דאָך פאָרט פריער געשיקט אַ לאָיער מיט אַ טשעק פאַר סעקיוריטי, אויף אַרויסצונעמען מיך פון תפיסה...

אַ היפּשע ווײַלע האָט ער גאָרנישט געהערט פון איר. ער האָט אָבער נאָר געקוקט אויף איר און געשמייכלט מיט זיינע קרומלעכע ציין. און אַז זי האָט ענדלעך ווידער גענומען רעדן, האָט זי אָבער אויפסניי אַרייַנגעמורמלט אין זאָק אַריין:

— ד׳האָסט אַ צו־גראָבן קאָפּ צו פאַרשטיין פאַרוואָס כ׳האָב עס געטאָן. ס׳איז איבער דיינע דאַרע געהירן... און אויב ס׳ברענט דיך פאָרט צו וויסן פאַרוואָס, וועל׳ך עס טאָן בלויז דערפאַר כדי ד׳זאָלסט וויסן וואָסער פּנים ד׳האָסט ביי מיר. און אַצינד זיי וויסן, אַז כ׳האָב עס געטאָן בלויז צוליב מיר אַליין. כ׳וויל דיך נישט האָבן אויף מיין געוויסן. מיין געוויסן איז מער ווערט ביי מיר ווי דו און דיין גאַנץ לייב און לעבן.

מעקס האָט זיך ווידער צעלאַכט. און דאָס מאָל האָט ער געלאַכט אַזוי שטאַרק, אַז מ׳האָט געקאָנט זען די רויטע פאַרב אויף זיינע באַקן, כאָטש זיי זענען געווען באַדעקט מיט אַ שטעכיק־שוואַרצן שפּראָץ.

— ביסטו זיכער, — האָט ער געפרעגט, — אַז ס׳איז ביי דיר געווען בלויז אַ מאָראַל־ביזנעס ? כ׳מיין, אַז דו׳האָסט עס געטאָן בלויז אויף איינצושטילן דיין געוויסן און מער גאָרנישט ?

ריווע האָט זיך איצט האַסטיק אַ דריי אויס געטאָן צו אים און געקוקט לאַנג מיט

אירע דורכפרירנדיקע פיש־אויגן, וואָס האָבן קיין פינטל נישט געטאָן.

— וואָס נאָך ? — האָט זי, נאָך אַ ווײַלע שווײַגן, געפרעגט מיט צאָרן.

מעקס האָט געמאַכט אַן ערנסטן אָנשטעל :

— אויף אָפּצוקויפן מיך... כ׳מיין, אַז כ׳זאָל נישט דריקן מיט דער יוניאָן אויף דיין אָנקלס סטאָר...

ביי ריוועס האָבן זיך גענומען שלענגלען די דינע ליפּעלעך.

— אָפּצוקויפן דיך ?... — האָט זי געריעדט צישענדיק. — דיך ?... וועלכער יוניאָן־מענטש מיט אַ פּיצל שכל אין קאָפּ קאָן אַצינד טראַכטן פון אַרויפּצווינגען זיך מיט אַ יוניאָן אויף מיין אָנקלס סטאָר ? צי ביסטו שוין איינגאַנצן פון זינען אַראָפּ ? קאָנסטו שוין גאָרנישט פאַרשטיין קיין סיטואַציע ? זעסטו נישט וואָס ביי אונדז אין סטאָר טוט זיך ? האָבן דיר די תנא־באַרטיקס, די גרויסע געלערנטע, די פילאָקלאָצן, כ׳מיין די סיילסלייט מיינע, נישט געזאָגט ?

מעקס האָט אַריינגעשמייכלט אין זיך און געקוקט אויף איר מיט שעלמישע אויגן.

— מיט וועמען קאָנסטו אַצינד רעדן וועגן דיין יוניאָן ? — האָט ריוועס דאָס מאָל געזאָגט מיט שטאַרקן ווידערגעפיל צו אים. — מיט דזשאָ רובין ? נו, אדרבה... גיי און רעד. אויב ד׳וועסט עס באַוויזן, וועסטו קריגן אַ האַלבן סטאָר פאַר אַ מתנה... אָדער אפשר רעדן מיט סאָל רובין ? סאָל רובין איז נישט ביים בעסטן געזונט. דערצו האָט ער אויך משונהדיקע געדאַנקען. ער׳ט זיך אפשר איינגאַנצן נישט מישן אין די ביזנעס. ער׳ט עפּעס טאָן וואָס כ׳ווייס אַליין נישט וואָס. איז מיט וועמען וועסטו האַלטן קאָנפערענצן ? אפשר מיט מיסעס רובין ? מיסעס רובין איז אין שפּיטאָל און קיין דאָקטער דאָרטן ווייסט נישט וואָס דער מאָרגן קאָן איר ברענגען... איז מיט וועמען וועסטו, דו אומזיניק באַשעפעניש, רעדן וועגן יוניאָן־פאָדערונגען פאַר די גרויסע צעלייגערס, די סיילסלייט ? אפשר, מיינסטו, מיט מיר ? דאָ האָסטו געטראָפן מיטן קאָפּ גלייך אין דר׳ערד אַריין... וואָרן ווען ד׳וואָלסט געהאַט כאָטש אַ פּיצל פאַרשטאַנד, וואָלסטו געפרעגט, ווער איז ריוועס ? האַ ? בין איך אַ שותפטע צום געשעפט ? האָב איך דען די רעכט פון אַן עקזעקוטיוו־פּרוי ? איך אַליין בין דאָך אויך נישט מער ווי אַן אָנגעשטעלטע !

די דאָזיקע דערקלערונג ריוועס האָט אים, מעקסן, אַ ביסל פריטשמעליעט. פון די „סטאָר“־אָנגעשטעלטע האָט ער געהאַט געקראָגן אַ שטיקל אָנונג וועגן דעם צושטאַנד אין דער מישפּחה נאָך רובינס טויט. אָבער פון אירע רייד, ריוועס, האָט ער אַרויס־געדרונגען אַז ס׳איז אַ סך ערגער.

— ס׳איז נישט אַזוי קריטיש ווי דו מאַכסט עס... — האָט ער אונטערגעשמייכלט, אומיסטנע מינימיזירט איר שווידערלעכן באַריכט, און אַליין, אין אמתן, אויך אָנגעהויבן גלייבן אַז ער רעדט נישט פון וועג. — כ׳האָב דאָס אַלץ געוואוסט נאָך איידער ד׳האָסט פּרובירט מיך צעטומלען מיט דיין שוואַרץ בילד... די סיילסלייט האָבן מיר אַלץ איבערגעגעבן. און דאָך וועט זיך די יוניאָן נישט צוריקציִען קיין איין טראָט. ווילסט וויסן דעם שכל דערפון ? כ׳וועל דיר זאָגן. אויב די ביזנעס וועלן זיין ביזנעס, כאָטש סאָל וועט זיך נישט מישן, און מיסעס רובין וועט זיך נישט קאָנען באַטייליקן, וועט דאָס געשעפט מוזן האָבן אַ פאַרוואַלטער. און אַז ס׳וועט זיין אַ פאַרוואַלטער וועט ער אויך מוזן פירן ביזנעס מיט דער יוניאָן.

ער האָט אויפגעהערט רעדן אויף אַ ווײַלע און געקוקט אויף ריוועס מיט נצחון.

— נו ? — האָט ער נאָכדעם ווידער געפרעגט מיט אַ כיוון, כדי צו דערגיין ביי

איר וועגן דעם זין פֿון איר אַרויסנעמען אים פֿון תּפֿיסה. — און ווער ווײסט דען זײַן אַ בעסערער ביזנעס־פֿירער ווי דו?

— איך? — האָט ריווע, אין שטוינונג וואָס ער האָט געקאָנט לײענען אירע מחשבות, גענומען קוקן אויף אים מיט מער ביטול, — איך?...

— אָט דערפֿאַר — האָט מעקס אי געשמײכלט און אי אויסגעפֿירט מיט אָנשטעל — האָסטו געשיקט אַ לאָיער מיט אַ באַנד פֿאַר מיר... ד'ביסט גענוג כיטרע צו וויסן וואָס צו טאָן אין פֿאָרויס. ד'ווייסט וויאַזוי צו פֿאַרלײגן אַ פֿאַסטקע אַרום מענטשן.

— אַ ליגן! — האָט ריווע אַ שפּרונג אויף געטאָן פֿון דער שטול און געוואָרפֿן דעם זאַק אַרויף אויפֿן טיש. — אַ ליגן, דו אויסוואורף! אַזאַ געדאַנק איז מיר אַפֿילו נישט געקומען אויפֿ'ן זינען.

אויך ער, מעקס, איז איצט אויפֿגעשטאַנען.

— אויב ס'איז אַ ליגן, — האָט ער געזאָגט, קוקנדיק מיט לאַכנדיקע אויגן גלײַך אין איר פּנים אַרײַן, — איז צוליב וואָס פֿאַרט האָסטו געשיקט אַ לאָיער אַרויסצונעמען מיך פֿון תּפֿיסה?

ריווע האָט זיך אָפּגערוקט פֿון אים אַ דערדריקטע. זי האָט זיך געזעצט אויף אַן אַנדערער שטול און גענומען אַרויפֿציִען דעם פֿאַרצירעוועטן זאַק אויף איר פֿוס.

— כ'האָב אַצינד נישט קײן צײַט צו רעדן, — האָט זי געזאָגט אַ באַטריבטע און נישט געקוקט אויף אים. — כ'דאַרף מאַכן אַ באַזוך בײַ מײַן מומע אסתּר אין שפּיטאָל. און נאָכדעם דאַרף איך זיך פֿאַרנעמען צו מיר אַהיים. כ'האָב נישט וואָס צו טראָגן. כ'האַלט זיך אויף דאָ זינט דעם אָנקלס טויט און כ'טראָג אַלץ דאָס זעלבע קלײד.

מעקס איז שוין איצט געווען שטאַרק ערנסט. איר אײַנזאַמקייט, זינט זי האָט זיך געשײדט פֿון אים, אויך איר דערשלאָגנקייט איצט, בײדע האָבן אַרויסגערופֿן אין אים גרויס מיטלײד. ער איז געשטאַנען אַ דערדריקטער און האָט געקוקט אויף איר אָן אַ וואָרט.

— נו, — האָט ער געזאָגט אין אַ ווײלע אַרום, — וועל'ך דיך באַגלײטן. האָסט אַן אויטאָמאָביל? מסתּמא יאָ, אַ? וועל'ך מיטפֿאָרן. כ'האָב צײַט צו וואַרטן ביז ד'וועסט האָבן אַ געלעגנהייט צו רעדן.

ריווע האָט נישט געענטפֿערט.

## 3.

אויפֿן גאַנצן וועג צום שפּיטאָל האָט ער, מעקס, גערעדט צו איר, אָבער ריווע האָט נישט געענטפֿערט מיט קײן אײן וואָרט. זי איז געזעסן בײַם רעדל פֿון איר אויטאָמאָביל, האָט געקירעוועט גאָס־אײַן, גאָס־אויס, און אויסגעזעצן שטאַרק אָנגעלאָדן.

בײַם פֿיל־שטאָקיקן שפּיטאָל איז זי געבליבן שטײן. זי איז אַרויס פֿון אויטאָמאָביל און האָט זיך אַפֿילו נישט אויסגעדרײט צו לאָזן וויסן מעקסן ווי לאַנג זי וועט זיך זאַמען בײַ דער מומען אסתּר. זי איז אַוועק אַזוי, אַ שטײגער ווי קײנער וואָלט נישט געווען אין דער מאַשין.

מעקס האָט זיך אָבער גאָרנישט געמאַכט דערפֿון. פֿאַרקערט, ער האָט אונטער־געשמײכלט פֿון איר אויפֿפֿירן זיך און געטראַכט וועגן איר דאָס וואָס ס'טראַכט אַ שופֿט וועגן אַ שטום־שווײַגנדיקן פֿאַרברעכער, בײַ וועמען דער פּראָקוראָר האָט אָפּגע־דעקט די פֿאַרבאָרגענע סיבה פֿאַר זײַן שווײַגן בעתן משפּט. „נישקאָשע", — האָט ער

געטראַכט וועגן ריוועץ, — „זי׳ט ווייכער ווערן... זי׳ט צוזאַמענברעכן און זיך מוזן מודה זיין. זי׳ט מוזן אַרויסקומען מיטן אמת פאַרוואָס זי האָט איינגעלייגט געלט פאַר מיר. און וואָס איז דער אמת? דער אמת איז, אַז זי קאָן אָן מיר נישט זיין. זי וויל זיך צוריק פאַרבינדן מיט מיר״.

אין וויניקער ווי אַ שעה האָט זי זיך צוריקגעקערט. זי איז אָבער געווען מער אַנגעשטויסן ווי פריער.

— ווי פילט זי זיך? — האָט מעקס געפרעגט בעת ריווע האָט געטריבן דעם אויטאָמאָביל אויפן וועג צו איר היים. — כ׳מיין דיין מומע אסתר...

נישט נאָר האָט ריווע נישט געענטפערט — זי האָט זיך אפילו נישט אומגעקוקט אויף אים. זי האָט נאָר געטריבן.

ביים אַפּאַרטמענט־הויז, וואו ס׳איז געווען איר דירה, האָט זי אָפּגעשטעלט דעם אויטאָמאָביל און זי איז אַרויס.

— וואוהין גייסטו? — איז זי געבליבן שטיין ביי די טרעפּ פון דער אַפּאַרטמענט־געביידע און האָט אים געפרעגט מיט כעס ווען ער האָט איר נאָכגעפאָלגט.

— צו דיר אַהיים... — האָט ער איצט גערעדט מיט ערנסט, מיט צודרינגלעכקייט, און געקוקט גלייך אין איר פּנים.

— כ׳האָב דיך דען פאַרבעטן? — האָט זי געפרעגט און נישט־ווילנדיק געשמייכלט פון זיין קינדישן אויפפירן זיך.

— דאַרפסט מיך נישט פאַרבעטן, — האָט ער געענטפערט, און זיין קול האָט זיך געבראָכן פון אַ ציטער וואָס ער האָט נישט געקאָנט באַהערשן בעתן רעדן. — וואָס איז דער חילוק וואו ד׳וועסט מיר געבן דיין ענטפער? כ׳מיין, פאַרוואָס ד׳האָסט מיך אַרויסגענומען פון תפיסה. ס׳האָט געקאָנט זיין ביי די רובינס אין אַפּאַרטמענט. ס׳האָט געקאָנט זיין אין אויטאָ, און ס׳קאָן אויך זיין אין דיין וואוינונג.

— כ׳האָב דיר גאָרנישט וואָס צו זאָגן! — האָט זי אַ בורטשע געטאָן מיט פעסטקייט, אָבער אירע פיש־אויגן זענען געווען אויסגעגלאָצט פון צעטומלטקייט וואָס האָט אָפּגעלייקנט די אייגענע רייד אירע.

— ד׳האָסט מיר יאָ וואָס צו זאָגן... — האָט ער זיך צוגערוקט נענטער צו איר מיט ציטערדיקע ליפּן און אַריינגעקוקט אין איר פּנים. — ד׳ווייסט אַז ד׳האָסט מיר וואָס צו זאָגן. פאַרוואָס לייקנסטו?

אין פראָנטרום פון איר וואוינונג, וואו זי איז נישט גערן אַריין מיט אים, האָט זי אַראָפּגענומען פון זיך דאָס לעדערנע רעקל, דעם בערעט פון קאָפּ, און איז אַרויס צום שלאָפצימער, וואו זי האָט געהאַט אירע קליידער און אונטערוועש. מעקס איז אָבער געבליבן דאָ וואַרטן.

איידער זי איז אַרויס פון דאָגען, האָט אים ריווע געזאָגט, אַז ער זאָל זיך זעצן. אָבער ער האָט בעסער געוואָלט שטיין. און נישט נאָר איז ער געשטאַנען — ער איז געווען ווי צוגענאָגלט צום אָרט. ער האָט נישט געקאָנט קיין טראָט שטעלן. ער איז געשטאַנען ווי פאַראַליזירט און האָט געקוקט אויף יעדן שטיקל און פּיצל פון די שטובזאַכן. אַלץ וואָס איז געווען דאָ — די סאָפע מיט די געלעגנהייט־קישעלעך, די געבעטע שטולן, די טישלעך מיט די אַבאַזשורטע לאָמפּן, די איינגערעמטע בילדער אויף די ווענט, דער טעפּעך מיט די רויט־גרינע פּערסישעביימלעך — אַלץ האָט אים אויפגערודערט, געעפנט קוואַלן פון טרערן און אים יינגער געמאַכט אויף פיל יאָרן.

ווי לאַנג צוריק איז עס געווען ווי ער, צוזאַמען מיט ריוועץ, איז אַרומגעגאַנגען

אין די דעפּאַרטמענט־געשעפטן און האָט באַטראַכט, געקליבן וואָס צו קויפן, איינצו־האַנדלען אַזעלכעס וואָס זאָל מאַכן די היים נישט נאָר באַקוועם, נאָר אויך אַריינברענגען שיינקייט און וואַרעמקייט? איינגאַנצן זעקס יאָר! אַלץ האָט ער געהאַט איינגעקויפט עטלעכע וואָכן פאַרן גיין וואוינען דאָ מיט ריווען. אין משך פון צוויי יאָר, וואָס ער האָט געוואוינט דאָ מיט איר, איז אים יעדער טייל פון די איינגעקויפטע שטובזאַכן געוואָרן איינגעבאַקן אין האַרץ. וואו ער איז געגאַנגען האָט ער אַלץ מיטגעטראָגן אין זיך. און אַז ער האָט געדאַרפט אַוועק פון אַלעם, האָט זיך עפּעס געהאַט אָפּגעריסן אין אים און איז דאָרטן געבליבן הענגען אין לופטן זינט דעמאָלט. איצט האָט זיך אָבער זיין בענקשאַפט צו אַלץ ווידער דערוועקט אין אים. אַלץ איז דאָך זיין! ער האָט באַצאָלט פאַר יעדן שטיקל. אפילו דער אַפּאַרטמענט איז דאָך דער זעלבער. און אַלץ שטייט נאָך אַזוי ווי ס'איז מיט יאָרן צוריק געווען איינגעריכט.

ווי פון זיך אַליין האָבן זיך זיינע פיס גערירט און אים געפירט צו די אַנדערע שטיקער מעבל אין דער דירה.

ער איז אַריין אין דער קיך, געבליבן שטיין ביים טיש מיט שטולן און האָט זיך גענומען איינקוקן אין דעם פּערקולאַטאָר און אין פענדל וואָס אויפן גאַזאויוון, אין די טשיינע־טעפּעלעך וואָס זענען געהאַנגען אויף די ווענט, אין די טעלערס וואָס זענען געשטאַנען אין שטויסן אויף די פּאָכן אין די געפּעס־שענקלעך. ער האָט צונויפגעפּרעסט די ליפּן און איז געגאַנגען ווייטער — צום שלאָפצימער. דאָרטן שטייען דאָך נאָך געוויס די בעטן, די קאָמאָדן. דאָרטן הענגען נאָך געוויס אויף די ווענט די שפּיגלען וואָס ער האָט געקויפט.

ביי דער שוועל האָט זיך אָבער באַוויזן ריווע מיט אַ פּעקל אונטערוועש און קליידער.

— וואוהין גייסטו? — האָט זי אים געפרעגט מיט חשד.

מעקס — מיט אַרויסגעזעצטע אויגן, מיט אַ פאַרכמורעט פּנים — האָט נישט געענטפערט.

— לאָמיך דורכגיין! — האָט זי פּרובירט זיך אַרויסרייסן פון שלאָפצימער און אַריינגיין אין קאָרידאָר. — כ'דאַרף זיך גרייטן צוריקצוגיין צו סאַלן.

מעקס, שטייענדיק ביי דער שוועל, האָט נישט געענטפערט. ער האָט נאָר געקוקט אויף איר מיט אַרויסגעזעצטע אויגן און אַ פאַרכמורעט פּנים.

— צוליב דעם ביסטו מיט מיר מיטגעפאָרן?! — האָט זי אַ געשריי געטאָן.

מיטאַמאָל איז דאָס פּעקל אונטערוועש און קליידער אַרויסגעפאַלן פון אירע הענט. פאַר אירע אויגן האָבן זיגזאַגיש גענומען לויפן די מעבל־שטיקער פון שלאָפצימער. און אויפן רוקן, אויך ביי די פיס, האָט זי דערפילט שטאַרק־דריקנדיקע הענט, וואָס האָבן זי אונטערגעהויבן אין לופטן און ערגעץ אַוועקגעטראָגן. זי האָט געוואָלט שרייען, אַלאַר־מירן די שכנים, אָבער געפילט זיינע ליפּן אויף איר מויל. זי האָט אויפגעהויבן די הענגענדיקע הענט און געוואָלט גרייכן זיין פּנים מיט אירע פויסטן, אָבער ער האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ.

— ריר זיך נישט צו צו מיר! — האָט זי אין געראַנגל מיט אים דאָך באַוויזן צו באַפרייען איר מויל פון אים און שרייען. — הער אויף! הער אויף, זאָג'ך דיר...

אינדעם זענען פון איר אַוועק די כוחות. זי איז געוואָרן שוואַך, שוואַכער, האָט נישט געקאָנט טראַכטן, נישט באַנעמען ווי זי קאָן, אָן ווייטערדיקן ווידערשטאַנד, דערלאָזן אים טאָן מיט איר אַזאַ אָפּשטויסנדיקע זאַך — און האָט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אויף הינטער זיך.

.4

געקומען צו זיך, האָט ער, מעקס, זיך אָפּגערוקט פון איר, צוגעדעקט איר נאַקעטן שויס מיט איר קליידל און זיך געזעצט אויפן ברעג פון בעט, וואו זי איז געלעגן.

ער האָט אַרויסגענומען אַ פּעקעלע ציגאַרעטן פון דער רעקל־קעשענע, אויך אַ צינד־מאַשינקעלע, פאַררייכערט זיך אַ ציגאַרעטל און זייטיק געקוקט אויף ריווען אי מיט ליבשאַפט און אי מיט רחמנות.

ריווע האָט איצט אויסגעזען ווי אַ שווער־קראַנקע אין אַ שפּיטאָל. איר קערפּער איז געלעגן אין אָנמאַכט. זי האָט געהאַלטן די הענט אויפן בוזעם, די אויגן פאַרמאַכט און די ליפּן צונויפגעפּרעסט.

די קורצע צייט וואָס ער איז נאָר וואָס געווען אין איר שויס האָט אים באַוויזן, אַז אין די יאָרן פון איר געשיידט זיין איז זי נישט געווען קיין פרעמדע צו אים. זי האָט אַלעמאָל געבענקט נאָך אים, געוואָלט אים ווידער האָבן מיט זיך. און כאָטש זי האָט אָקאָרשט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד, נישט געלאָזט אים צוקומען צו איר, דאָך האָט איר שינאה צו אים נישט אָנגעהאַלטן לאַנג — און זי האָט, מכלומרשט באַגוועלטיקט פון אים, געלאָזט אים טאָן מיט איר וואָס ער האָט באַגערט. עטלעכע מאָל, מן־הסתם קעגען איר ווילן, האָט זי אפילו אַרויסגעוויזן פיבערדיקע צוגעזאָטנקייט צו אים. פּונקט ווי אין זייערע ערשטע חדשים פון וואוינען צוזאַמען. ער פילט נאָך אפילו אירע דריקנדיקע פינגער אַרום זיין קאָפּ. דאָס אַלץ האָט אָנגעצונדן אַלע זיינע אברים מיט ליבשאַפט צו איר.

דאָס וואָס איר ענטוזיאזם, איר פרייד מיט אים, איז איבערגעריסן געוואָרן נישט לאַנג נאָכן אָנהויב פון זייער לעבן צוזאַמען, האָט אָבער אַרויסגערופן אין אים גרויס רחמנות מיט איר. פאַרוואָס איז איר לעבן צעשטערט געוואָרן איבער אים? פאַרוואָס האָט ער צוגעלאָזט דערצו? דאַרף טאַקע אַ מאַן זיך פאַרבינדן מיט אַ פרוי נאָך איידער ער ווייסט אין פאָרויס צי ער וועט קאָנען זיין אַ באַלעבאָס פון אַ היים? דאַרף ער איר צוזאָגן צו נעמען אויף זיך די פליכט פאַר אַ הויזגעזינד, כאָטש דאָס איז נישט מער ווי אַ פאַסטקע כדי צו ליגן מיט איר אין איין בעט?

אינדעם האָט זיך ריוועס מויל אויסגעקרימט ווי פון אַ קראַמף אין האַרץ — און דאָס שלאָפציטער איז ווי פאַרטונקלט געוואָרן פון איר געיאָמער. דאָס כליפּען איז געוואָרן וואָס אַ מאָל אַלץ מער טרויעריק און דערדריקנדיק. ס׳איז געווען אַזוי פיינלעך, ווי פון איינער וואָס ליגט צוגעקוועטשט אונטער אַ חורבה און קאָן פון דאָרט נישט אַרויס.

— איז דאָס געווען דיין אָפּצאָל פאַרן גוטס וואָס כ׳האָב דיר געטאָן? — האָבן זיך די ווערטער, שטיקלעך און ברעקלעך, דורכגעדרענגט דורך איר געיאָמער.

אַז ר׳האָט נישט געענטפערט האָט זי זיך נאָך העכער צעקלאָגט:

— דו אויסוואורף!... דו הפקר־יונג!...

מעקס האָט אויפגעהערט רייכערן און געקוקט אויף איר מיט פאַרשמעלערטע אויגן:

— איז דאָס נישט געווען דיין באַגער? האָסטו מיך נישט אַרויסגענומען פון תפיסה ווייל ד׳קאָנסט מיך נאָך אַלץ נישט פאַרגעסן?

ריווע האָט זיך איצט צעהעשעט מיט רחמנות צום אייגענעם לעבן. זי האָט אַראָפּ־גענומען די הענט פון בוזעם און אַריינגעטאָן דאָס פּנים אין קישן.

— איז נאָך ווייניק דייִן אַרויפצווינגען דיך אויף מיר, מוזטו נאָך אויך מאַכן אַ בילבול? — האָט זי געשלוכצעט און זיך געשטיקט פון טרערן אין האַלדז. — מוזטו, דו אונטערוועלטניק, מיך מאַכן פאַר אַ שותפטע צו דיין פאַרברעך?

מעקס, געריררט פון איר ביטער קלאָגן, האָט גענומען רעדן מיט צוגעלייגטקייט אין קול:

— דאַרפסט דיך נישט שעמען דערמיט, ריווע... אויך איך האָב דיך נישט געקאָנט פאַרגעסן. וואָס מיינסטו, כ׳האָב נישט געקאָנט קריגן אַ צווייטע פרוי? ס׳האָבן גענוג יונגע פרויען געפּאַדעט אַרום מיר. כ׳האָב אָבער נישט געוואָלט. ווּעסטו פרעגן, פאַרוואָס? וועל׳ך דיר זאָגן. כ׳האָב פיינט אַ צעוואָרפן לעבן. כ׳בין נישט אַ הפקר־יונג. האָסט אַ טעות, ריווע. איך האָב ליב אַ היים, אַ לעבן פון איבערגעגעבנקייט. און געטריישאַפט קאָן מען נישט בייטן. כ׳קאָן נישט זיין צוגעבונדן היינט צו איין פרוי, און מאָרגן צו אַן אַנדערער.

ס׳האָט אויסגעזען ווי ריווען איז נישט אָנגעגאַנגען וואָס ער רעדט.

— כ׳פאַרשטיי, — זאָגט ער ווידער, — אַז ווּעסט פרעגן, נו, וואָס וויל איך אַצינד? וועל׳ך דיך זאָגן. כ׳וויל מיר זאָלן זיך ווידער צונויפגיין. כ׳האָב עס אַלעמאָל געוואָלט, ריווע. און אַז דו האָסט אַרויסגעוויזן אַזוי פיל איינזעעניש מיט מיר, כ׳מיין מיט דיין איינלייגן געלט פאַר מיר, האָב׳ך דערפילט אַז ד׳ווילסט עס אויך.

פון ריווען האָט זיך געהערט בלויז איר יאָמערן.

— איי, ווּעסטו פרעגן, וואָס נאָך דעם? — האָט ער ווידער גערעדט מיט צוגעלייגטקייט אין קול. — ס׳הייסט נאָכן צונויפגיין מיט דיר? צי כ׳וועל האָבן אַזאַ פליכט פאַר דיר, ווען ד׳וועסט ווידער זיין מיין פרוי, ווי כ׳האָב געהאַט אין אונדזער ערשטן וואוינען צוזאַמען? וויל׳ך דיר צוערשט זאָגן, אַז כ׳האָב אַלעמאָל געהאַט אַ פליכט צו דיר. ס׳איז נישט אמת, ווי דו האָסט געמיינט, אַז כ׳האָב נישט געהאַט. אָבער אויב כ׳האָב עס נישט געקאָנט באַווייזן דורך פאַקטן איז עס נישט געווען מיין שולד. ס׳איז געווען — — — די פאַרטיי...

פון ריווען האָט זיך ווידער גאָרנישט מער געהערט ווי נאָר איר געיאָמער.

— אַמאָל האָב איך געמיינט, אַז די פאַרטיי קומט פריער ווי די פרוי... פריער ווי די קינדער... אַזוי האָב איך אויך געפילט. היינט אָבער פאַרשטיי איך, אַז כ׳קאָן זיין אַ גוטער פאַמיליע־מאַן און ס׳זאָל מיר גאָרנישט שאַטן צו זיין אויך אַן איבערגעגעבענער פאַרטיי־חבר. כ׳וועל דיר זאָגן, אַז אפילו די פאַרטיי באַגערט עס. אַז ס׳איז שלום צווישן מאַן און ווייב, צווישן עלטערן און קינדער, איז אויך דאָ דאָס געמיט צו טאָן אַרבעט פאַר דעם אידעאַל. און די וואָס זענען אָנגעשטעלט ביי דער פאַרטיי, אָדער ביי די קאָמוניסטישע יוניאָנס, קריגן דערפאַר היינט אַ בעסערן געהאַלט ווי אין די פריערדיקע יאָרן. אויך איך דאַרף היינט נישט לייען ביי קיינעם כדי צו לעבן. די יוניאָן, וואָס די פאַרטיי האָט מיך רעקאָמענדירט צו אַרבעטן פאַר איר, צאָלט מיר גאַנץ פיין. כ׳האָב אפילו אַן אייגענעם אויטאָמאָביל.

פון ריווע האָט זיך נישט געהערט מער ווי דאָס געיאָמער.

— אוודאי קאָנסטו זאָגן, אַז די דאָזיקע זאַכן זענען נישט אויף אייביק. אָט קאָן די פאַרטיי וואַרפן אַן אומחן אויף מיר און אָפּלייקענען אַלע מיינע פעאיקייטן און אויפטוען. אוודאי קאָנסטו אויך זאָגן, נו, וואָס וועט זיין דעמאָלט? צו וואָס וועל׳ך זיך נעמען? קיין סך פאַרמעלע בילדונג האָב׳ך דאָך נישט. פון היי־סקול בינ׳ך אַוועק גלייך נאָכן ערשטן יאָר. איז וואָס דעמאָלט? צוריקגיין צו דעם וואָס כ׳האָב געטאָן איידער כ׳בין געוואָרן אַן אָנגעשטעלטער ביי דער יוניאָן? ס׳הייסט, צוריקגיין צו אַ טעקסטיל־געשעפט און ווערן אַ פּאַקער און עקספּעדירער פון סחורות? כ׳פאַרשטיי, אַז דיר קאָנען קומען אַזעלכע געדאַנקען אין קאָפּ אַריין. און זיי וועלן נישט זיין אויסן וועג. כ׳גיב עס צו, ריווע. אַ פרוי דאַרף האָבן אַ וויטן בליק, אַ פּראַקטישן... נאָך אַלעמען, זי איז דאָך די וואָס דאַרף

צונויפברענגען אַלץ פאַר די היים־באַדערפענישן. און ייִנגער ווערט זי דאָך אויך נישט. ווי לאַנג קאָן זי דען גיין אַרבעטן?

ער האָט אַ פּוף געטאָן אויפן ציגאַרעטל און זיך איינגעהערט אַ ווײַלע צי דאָס העשען אירס ווערט שוין שוואַכער. אָבער אומזיסט זיין מי. ס׳האָט אויסגעזען, אַז דאָס געוויין ווערט גאָר שטאַרקער.

— ווייל׳ך דיר זאָגן . . . — האָט ער ווידער גערעדט. — כ׳מיין וועגן מיין אַרבעט אין דער יוניאָן און מיין אָנזען אין דער פּאַרטיי . . . וועגן דעם האָב׳ך זיך גאָרנישט וואָס צו זאָרגן. פאַרקערט, אַלע סימנים ווייזן, אַז כ׳וועל נאָך גיין העכער און ווערן שטאַרקער. מ׳הערט זיך צו צו מיינע עצות און פלענער ווי כ׳וואָלט געבוירן געוואָרן פאַר דעם.

ריווע האָט אַרויסגעטאָן ס׳פּנים פון קישן, זיך אויפגעזעצט, אַראָפּ פון בעט און איז שטיין געבליבן ביים שפּיגל פון דעם טואַלעט־טישל.

אָן אַ וואָרט, מיט גלי אין די אויגן, האָט זי אויפגעהויבן דעם האַנטבייטל, וואָס איז פריער, בעת איר געראַנגל מיט מעקסן, געהאַט אַראָפּגעפאַלן פון איר אָרעם, אַרויסגענומען פון דאָרטן אַ קעמל און זיך אויסגעגלייכט די צעשויבערטע האָר. פאַרטיק געוואָרן, האָט זי זיך אָפּגעטריקנט די באַקן מיט אַ פּאַפּירן סערוועטקעלע, נאָכדעם אָנגעפּודערט דאָס פּנים, און איז צו צו דער שוועל,וואו ס׳איז געלעגן דאָס פּעקל אונטערוועש און קליידער. אַרייַנגעקומען דערמיט אין קאָרידאָר, האָט זי זיך צוריק אויסגעדרייט מיטן פּנים צום שלאָפצימער, אַ קוק געטאָן אויף איר געוועזענעם מאַן, דעם פאַרגוואַלטיקער, וואָס האָט זיך געגרייט איר נאָכצופאָלגן, און געוואָלט אים זאָגן עפּעס אַזעלכעס וואָס זאָל אים איבערצייגן, אַז ער איז אויסגעמעקט ביי איר אויפן גאַנצן לעבן. זי האָט זיך אָבער גלייך מיישב געווען. ביין, זי וועט אים איצט גאָרנישט זאָגן. זי האָט זיך אָפּגעקערט פון אים מיט פאַראַכטונג, מיט עקל, און איז אַן אויפגעצאָרנטע אַריין אין פראָנטרום נאָך דעם לעדערן רעקל און דעם בערעט וואָס זי האָט דאָרטן פריער געהאַט אַוועקגעלייגט.

## קאַפּיטל צוויי־און־דרייסיק

## די אַנטפּלעקונג

### 1.

דאָס וואָס ריווע האָט געוואָלט זאָגן מעקסן אויפן וועג אַרויס פון איר דירה, אָבער נישט געזאָגט, האָט געזאָלט זיין אַ מין שפּיי אים אין פּנים אַריין און דערמיט באַווייזן אַז ער קאָן זי מער נישט אָפּנאַרן מיט זיין ווידוי און צוזאָגענישן.

— וואָס האָסטו געמיינט בין איך? — האָט זי אים געוואָלט זאָגן. — איינע וואָס איז ערשט נעכטן געבוירן געוואָרן? האָסט געמיינט אַז ד׳וועסט זיך אָפּוואַשן פון דיין גראָביאַנסטווע דערמיט וואָס ד׳וועסט מיר זאָגן אַז ד׳ווילסט צוריק זיך צונויפגיין מיט מיר? יאָ? האָט זיך דיר געדאַכט אַז ווייל ד׳וועסט דאָס מיר זאָגן וועל׳ך דיר מוחל זיין פאַר דיין אַרויפצווינגען זיך אויף מיר, כאָטש ד׳האָסט נישט געהאַט ס׳מינדסטע רעכט אפילו מיך בלויז אָנצורירן? און אויסער אַלעם, ווי האָט זיך דיר גאָר פאַטופעט אין דיין וואַסער־קאָפּ אַז כ׳האָב שוין פאַרגעסן דיין געוואָוינהייט וואָס ד׳האָסט געהאַט נאָך דעמאָלט ווען מיר האָבן געוואוינט צוזאַמען? כ׳מיין דיין געוואוינהייט אַרויפצו־

צווינגען זיך אויף מיר און דערנאָך, אַנשטאָט זיך אַנטשולדיקן, צוזאָגן מיר גילדענע בערג . . . צוזאָגן אַז ד׳וועסט אָנהייבן טראָגן די פליכט וואָס אַ מאַן דאַרף טראָגן פאַר זיין פרוי, און דערביי אויסגיסן דיין האַרץ, ווי ד׳וואָלסט געזאָגט ווידוי, אַז ד׳ווייסט ווי איך לייד איבער דיר, און אַז ד׳פילסט זיך שטאַרק שולדיק. האָסטו שוין טאַקע פאַרגעסן אַז מער ווי מיקלאָמפּערשטע אָפנהאַרציקייט און הוילע צוזאָגענישן זענען דיינע רייד נישט געווען ?

איבער אַ ספק אין דער זיכערקייט צי ס׳איז טאַקע אַזוי האָט זי אָבער געהאַט אָפּגע־מאַכט ביי זיך צו שווייגן. אפשר — האָט זי געהאַט געטראַכט — מאַכט זי דאָס מאָל אַ טעות. אפשר איז ער, דער מעקס, שוין טאַקע אַן אַנדערער מענטש איצט. אפשר וועט ער שוין דאָס מאָל אויף אַן אמת אָנהייבן טאָן וואָס ער האָט געזאָגט. נאָך אַלעמען, אַ מענטש שטייט דאָך נישט אויף איין אָרט. אַז מ׳ווערט עלטער לערנט מען פון אָנגעזאַמלטער דערפאַרונג. און כדי צו באַווייזן אַז ער מיינט אויף אַן אמת וואָס ער האָט געזאָגט וועט ער געוויס אָפּשטאַטן אָפטע וויזיטן ביי איר און איבערגעבן וועגן אַלע זיינע באַמיאונגען אָנצוהייבן אַן אַנדער לעבן.

ס׳איז אָבער אַוועק אַ טאָג, צוויי און דריי, און נישט נאָר האָט ער זיך נישט געוויזן פאַר איר אין אָנקל דזשאָס אַפּאַרטמענט — ער האָט אפילו נישט געלאָזט הערן פון זיך דורכן טעלעפאָן. ער איז אינגאַנצן אויסגערונען געוואָרן.

פון אַנטוישונג האָט זי געקראָגן שטאַרקע ווייטאָגן אין די געדערעם און זיך געפילט מיד. זי האָט נישט געהאַט קיין חשק צוצוגרייטן אַ מאָלצייט פאַר סאָלן. זי האָט אויך נישט געהאַט קיין געדולד צו הערן ווען עמעצער אין הויז האָט גערעדט צו איר. זי האָט אפילו מיט ווידערגעפיל געטראַכט וועגן דעם טאָג נאָך דער שבעה ווען זי וועט דאַרפן צוריק עפענען די קראָם און מוזן פירן די געשעפטן אויף איר אייגענער האַנט.

זי איז מערסטנס נאָר געלעגן אויפן סאָפע־בעט, וואָס אין עסצימער, וואו זי שלאָפט ביינאַכט זינט דעם אָנקל דזשאָס טויט, און האָט אָן אויפהער זיך באַדויערט פאַר איר שוואַכקייט, פאַר איר איבערגעבן זיך צו מעקסן מיט עטלעכע טעג צוריק אין איר שלאָפ־צימער, ווען ער איז געקומען נאָנט צו איר.

דורך די יאָרן וואָס זי איז געווען געשיידט פון אים, און קיין אַנדערער מאַן האָט איר נישט געמאַכט קיין שידוך־אָנבאָט, האָט זי זיך נישט געפילט אַזוי נידעריק געפאַלן ביי זיך אין די אויגן ווי דאָס מאָל, ס׳הייסט זינט מעקס האָט זיך מיט איר באַנוצט ווי מיט אַן אייגן ווייב. קאָן זי אים באַשולדיקן אין האָבן אַ שוואַכן כאַראַקטער בעת זי אַליין איז אויך נישט גענוג שטאַרק ביי זיך ? קאָן זי דערוואַרטן פון אים רעספּעקט פאַר איר, אַז נאָך עטלעכע יאָר פון איר זיין געשיידט פון אים האָט ער געזען ווי זי האָט זיך אים איבערגעגעבן, כאָטש אין אָנהויב האָט זי געשטעלט אַ ווידערשטאַנד ?

.2

ס׳איז געווען אין אָוונט. פון גאַסטצימער האָט זיך געהערט אַן אָפּשייד־גערייד פון עטלעכע יונגעלייט. דאָס זענען געווען סאָלס פריינד פון „יאָנג איזראַעל״. נישט לאַנג צוריק זענען זיי דאָרטן אַריינגעקומען מיט סאָלן פון שול. סאָל, וואָס האָט אינדערפרי שוין געהאַט פאַרענדיקט זיצן שבעה, איז קעגן זון־פאַרגאַנג אַוועק אין שול אַריין צו מנחה־מעריב און צו זאָגן קדיש. אויפן וועג צוריק אַהיים האָבן אים באַגלייט די פריינד, און איצט פאַרנעמען זיי זיך דאָרטן אַוועקצוגיין. דאָס גערייד האָט טאַקע ביסלעכווייז

אויפגעהערט — און ס׳איז געוואָרן שטיל און שטילער.

וואָס סאָל האָט דאָרטן געטאָן איינער אַליין, וועגן דעם האָט ריווע נישט געהאַט קיין אַנונג. ווי אין די פריערדיקע טעג איז זי אויך איצט געלעגן אויפן סאָפע־בעט און האָט אי זיך באַדויערט און אי זיך נישט געקאָנט פאַרטראָגן. לאַנג האָט זי אָבער אַזוי נישט געקאָנט ליגן. זי האָט געדאַרפט צוגרייטן עפּעס צו עסן פאַר סאָלן.

זי איז טאַקע אַראָפּ פון דעם סאָפע־בעט און אַריין אין דער קיך.

מיטאַמאָל האָט זי אויפגעהערט זיך פּאַרקען מיט די טעפּלעך ביים גאַזאויוון און גענומען זיך איינהערן אין אַ מאַנסבילש קול וואָס האָט אַהער דערגרייכט פון גאַסטצימער. דאָס קול איז געווען אי יאָ באַקאַנט און אי נישט. וועמעס האָט עס געקאָנט זיין? אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי אויפגעשוידערט פון כעס. יאָ, ס׳איז מעקס׳ שטים! ער איז געשטאַנען דאָרטן, אין גאַסטצימער, דער געוועזענער מאַן אירער, און האָט גערעדט צו סאָלן. וואָס האָט ער גערעדט דאָרטן? וואָס האָט ער געוואָלט? געוויס גאָרנישט. סתם אַזוי. באַגעגע־ניש־פּלוידעריי. זי איז געווען זיכער אַז ער איז ווידער געקומען צו איר. דערזען סאָלן, האָט ער זיך אָבער אָפּגעשטעלט און גענומען רעדן וואָס נאָר ס׳איז אים געקומען אויף דער צונג.

צו וואָס איז ער אָבער אויפסניי געקומען צו איר? זי האָט נישט געהאַט דעם מינדסטן ספק אַז ער וויל זיך שוין ווידער באַנוצען מיט איר ווי מיט אַן אייגענער פרוי. פאַרוואָס נישט? זי האָט זיך דאָך אַרויסגעוויזן צו ווערן נאָנט צו אים ווען ער האָט זיך באַהעפט צו איר. וועט ער דען האָבן שוועריקייטן אַז ער׳ט זיך דערנענטערן צו איר נאָך אַ מאָל? ער איז, אָן ספק, זיכער אַז זי וואַרט ער זאָל איר געבן אַ צווייטע געלעגנהייט. און בלויז אַ צווייטע? ניין, אויך אַ דריטע און אַ הונדערטע געלעגנהייט ... פּרויען האָבן דאָך אַזאַ טבע ... „ניין! ניין!" — שרייען זיי. — אָבער אַז ס׳קומט דערצו, פאַרגעסן זיי זיך.

יאָ, דאָס איז דער זין פון זיין איצטיקן וויזיט. אויב נישט דאָס, איז פאַרוואָס האָט ער זיך נישט געוויזן ביז היינט און אפילו נישט אָנטעלעפאָנירט?

ווען ס׳וואָלט נישט געווען אַזוי טרויעריק אין הויז וואָלט זי געכאַפּט איינס פון דעם קיך־געפעס, וואָס אויפן גאַזאויוון, און הענדעם־פּענדעם זיך געלאָזט דערמיט אין גאַסטצימער אַריין צו פּלעטן אים דעם קאָפּ. דו אומפאַרשעמטער! — וואָלט זי געשריען גלייך אין זיין פּרצוף אַריין. — ווי קאָנסטו ווידער מיר קוקן אין פּנים? טראַכסטו גאָר־נישט אַז מער ווי כאַפּן און רייסן ביי אַ צווייטן קאָנסטו גאָרנישט טאָן? שעמסטו זיך גאָרנישט פאַר דיין אייגן געוויסן וואָס ד׳ביסט אַזאַ אויסוואורף?

זי האָט זיך אָבער סיווּוי פאַרנומען צום גאַסטצימער. ווי נאָר ער׳ט זיך אַ קער טאָן אין איר זייט — האָט זי געטראַכט — און וועלן פאַרברענגען מיט איר אין איינעם פון די אַנדערע צימערן, וועט זי אים גלייך אָפּשטעלן. קיין איין טריט נישט ווייטער פון דאַנען! — וועט זי אים אַריינצישען אין זיינע שליפעס. — שוין פאַרנעם זיך אַצינד פון דעם הויז. צום טייוול גיי! קריך צו דיינע קאָמוניסטקעס ... וואָס קלערסטו דיר, וואָס? ד׳מיינסט אַז מיט עטלעכע טעג צוריק אין מיין שלאָפצימער האָסטו מיך צעחושט, זאָגנדיק אַז ד׳האָסט נישט געהאַט צו טאָן מיט קיין אַנדערע פרויען? וועמען, מיינסטו, קאָנסטו פאַרזייפן די אויגן? מיר? ...

און זי וועט אים דערמאָנען, כאָטש ער דאַרף נישט מ׳זאָל אים עפענען דעם זכרון, אַז פאַר איר קאָן ער נישט מאַכן אַזאַ אָנשטעל. זי אַליין איז אין משך פון אַ שטיק צייט אויך געווען אין יענער געזעלשאַפט, ס׳הייסט אין דער קאָמוניסטישער. און וואו האָט זי

זיך דען באַגעגנט מיט אים? האָט ער שוין פאַרגעסן? ס'איז געווען אין דעם דאַון־טאַונער קולטור־קלוב וואָס האָט געגאָלטן מכלומרשט פאַר אַן אומפּאַרטייאיש־פּראָגרעסיוון, אָבער וואָס אין תוך איז ער געווען אַ קאָמוניסטישער. דאָרטן, וואו זי איז אָפט געקומען צו לעקציעס און פאַרווייַלונגען, האָט זי זיך מיט אים, דעם הפקר־יונג, באַקענט. זי האָט געטאַנצט מיט אים ביי אַ ניי־יאָר פייערונג. אָבער איידער זי האָט זיך מיט אים באַגעגנט האָט זי געזען אַ סך וואָס דאָרטן איז אָנגעגאַנגען. בחורים און מיידלעך זענען געווען פּשוט אויסגעלאַסן. זיי האָבן זיך געהאַלטן אַרומגענומען, געקושט, געהאַלדזט — אָפן פאַר יעדן איינעמס אויגן. דאָרטן האָבן זיי אויך געמאַכט פּלענער צו גיין ערגעץ שלאָפן. און די אַלע פּלענער האָבן זעלטן געפירט צו הייראַט. די זעלביקע וואָס האָבן היינט זיך געהאַלדזט זענען מאָרגן געלעגן אין די הענט פון אַנדערע — און ווידער מיט אַזאַ פאַרליבטקייט וואָס האָט נישט געדויערט לענגער ווי איין נאַכט, אָדער עטלעכע נעכט אין אַ בחורשן צימער, אָדער אין אַן אויטאָמאָביל, אָדער אין אַ האָטעל.

איר, ריווען, האָט דערפאַר אָנגעהויבן מיגלען פון אַזאַ ליבשאַפט. כאָטש זי איז געווען ווייט פון פרומער סעקס־אָפּגעהיטקייט, וואָס רעליגיעזע מענטשן פאָדערן, דאָך האָט זי געהאַט אַן איינגעבוירענעם דראַנג נאָך ערנסטקייט, נאָך דעם האָפט פון אַן אַרויס־גערעדט וואָרט. פונקט ווי זי דערוואַרט פון איינעם וואָס לייגט אַוועק זיין חתימה אויף אַ טשעק, אַז ער זאָל פריער זיין זיכער צי ער האָט געלט אין דער באַנק צו דעקן אים. איז אָט דאָס, ס'הייסט, דאָס מאָדערנע אויפפירן זיך פון די קאָמוניסטן, — האָט זי דעמאָלט אָפט געטראַכט, — איז דאָס דער פאַרשפּיל צו דער נייער, בעסערער וועלט וואָס זיי פּריידיקן? זי איז דערפאַר אַוועק פון דאָרטן, כאָטש זי האָט געהאַט מיטגענומען מיט זיך דאָס חפץ מעקס וואָס זי האָט געמיינט אַז ער, מיט זיין אָפט שווייגן, איז אַנדערש.

אַרויסגעוויזן האָט זיך אָבער, אַז נאָך צוויי יאָר וואוינען מיט איר, און נישט האָבן קיין הויז־פליכטן, האָט אים אויך גענומען ציען צו פרייער ליבע וואָס איז געבויט אויף איין אָונט, אָדער אויף עטלעכע נעכט, אָדער העכסטנס אויף אַ ביסל אַ לענגערער צייט.

איז וואָס האָט ער געמיינט מיט זיין זאָג, מיט עטלעכע טעג צוריק אין איר שלאָפ־צימער? דער זאָג, אַז ער האָט נישט געהאַט קיין פאַרקער מיט אַנדערע פרויען!... האָט ער טאַקע געמיינט, אַז זי וועט אים גלייבן, פונקט ווי אַ פרומער קאַטאָליק גלייבט אין פויבסט?

צוגעקומען צום גאַסטצימער, האָט זי זיך אָבער אָפּגעהאַלטען פון אַריבערגיין די שוועל. זי איז געבליבן שטיין ביי דער אָפענער טיר און האָט געקוקט מיט אַרויסגעזעצטע אויגן אויף די צוויי מאַנסלייט, סאָל און מעקס, וואָס זענען געזעסן אויף דער סאָפע איינער קעגנאיבער דעם צווייטן.

.3

פונקט ווי פריער האָט אויך איצט גערעדט איינער פון די צוויי: מעקס. סאָל האָט געהאַלטן די אויגן אַראָפּ צום דיל און געשוויגן. צי ער האָט געשוויגן ווייל ער האָט זיך איינגעהערט אין דעם וואָס מעקס האָט געזאָגט, אָדער געשוויגן ווייל ס'איז אים נישט אָנגעגאַנגען וואָס ער האָט געהערט — דאָס איז געווען שווער צו וויסן. דער עיקר דער־פאַר, ווייל אויף זיין פּנים האָט זיך נישט געזען קיין אויסדרוק, קיין צוק מיט אַ באַק, אָדער מיט אַ ליפּ. ער האָט נאָר געקוקט אַראָפּ צום דיל און איז געווען שטאַרק באַטריבט. אָבער צו זאָגן, אַז זי, ריווע, האָט געוואוסט וואָס מעקס רעדט, כאָטש זי האָט זיך

איינגעהערט, וואָלט געווען זעלבסט־נאַרעריי. קודם־כל האָט ער גערעדט שטיל. חוץ דעם האָט זי פון די איינציקע ווערטער זיינע, וואָס זענען יאָ דערגאַנגען צו איר, נישט געקאָנט באַנעמען דעם אַלגעמיינעם זין פון זיין מאָנאָלאָג.

סייווי האָט דער דאָזיקער ווירוואַר־צושטאַנד נישט אָנגעהאַלטן לאַנג. סאָל — נאָך אַלץ באַטריבט, און ווי אַ פרעמדער צו מעקס׳ רייד — איז אויפגעשטאַנען און האָט מיט גלייכגילטיקייט אין טאָן, און מיט שטילקייט אין קול, אַ זאָג געטאָן צו מעקסן:

— זאָג עס איר, — האָט ער אָנגעוויזן אויף ריוון. — מיין קאָפּ איז נישט דערביי...

אויך איז מעקס אויפגעשטאַנען. ער האָט געקוקט אויף ריוון, נאָכדעם זיך צוריק אויסגעדרייט צו סאָלן און געפרעגט ווי ער וואָלט נישט פאַרשטאַנען:

— צו איר?...

סאָל האָט שוין איצט גאָרנישט געזאָגט. ער איז צו צום מלבושים־שענקל, וואָס דאָ אין דער וואַנט פון גאַסטצימער, און זיך אַרויסגענומען דעם פרילינג־מאַנטל און קאַפּעליוש.

— וואוהין גייסטו? — איז ריווע אַריבער די שוועל און געבליבן שטיין קעגנ־איבער סאָלן.

— אין גאַס אַריין, — האָט ער געברומט. — ס׳שטיקט מיך שוין צווישן די פיר ווענט. שבעה... און היינט אַ גאַנצן טאָג אין שפּיטאָל ביי דער מאַמען... נאָכדעם אין שול... כ׳קאָן זיך דאָ אַצינד קיין אָרט נישט געפינען.

— כ׳האָב דאָך צוגעגרייט עסן פאַר דיר! — האָט ריווע געזאָגט מיט פאַריבל.

— כ׳וועל נישט בלייבן אייביק אין דרויסן, — האָט ער געענטפערט מיט ערגערניש, וואָס האָט געמיינט נישט בלויז ריוון, נאָר אַלץ אין דער וועלט. — האַלט מיך נישט צוריק מיט עסן, אויב כ׳האָב נישט קיין חשק ווידער צו זיצן אַצינד אין הויז.

ריווע האָט שוין מער גאָרנישט געזאָגט און אַ פאַרטרויערטע נאָכגעקוקט סאָלן ווען ער איז אַרויס פון הויז.

— נו, זעץ־זשע דיך, ריווע, — האָט מעקס אַ ברום־געטאָן, — וועל׳ך דיר זאָגן וועגן וואָס כ׳האָב גערעדט צו סאָלן.

— כ׳קאָן דאָ נישט זיצן, — האָט ריווע געענטפערט זייטיק. — כ׳האָב צוגעשטעלט געקעכץ אויפן גאַזאויוון.

— נו, וועל׳ך אַריינגיין מיט דיר אין קיך.

אַראָפּגעדרייט דאָס פייער פון גאַזאויוון, וואו ס׳זענען געשטאַנען טעפּלעך מיט געקעכץ, האָט זי פאַרקרייצט די הענט אונטערן בוזעם און געפרעגט אים קריגעריש:

— וואָס האָסטו צו זאָגן?

— זעץ דיך, וועל׳ך דיר איבערגעבן מיט אַלע פּרטים.

ריווע האָט נישט אויסגעפאָלגט. אָבער אין עטלעכע ווײַלעס אַרום האָט זי אומגערן יאָ זיך געזעצט און געקוקט אויף אים מיט ביטערניש:

— נו, וואָס איז׳ס? מאַך עס גיך.

מעקס האָט זיך צעקנעפּלט דעם מאַנטל, אַ לויף געטאָן מיט די פינגער פון דער רעכטער האַנט איבערן קאָפּ אָפּגעדעקטע האָר און זיך געזעצט ביים קיכטיש קעגנאיבער ריוון.

— קודם — האָט ער אַ בורטשע געטאָן און זיך פאַררייכערט אַ ציגאַרעטל — מוז איך דיר זאָגן וואָס כ׳האָב אויפגעטאָן זינט מיר האָבן זיך געזען. כ׳מיין, פאַר מיר גופא. כ׳האָב דאָך דיר געזאָגט מיט עטלעכע טעג צוריק, אַז כ׳וויל אָנהייבן פונסניי מיט דיר...

און אַז מיינע פאַרדינסטן זענען גוט גענוג פאַר צווייַ, ס׳הייסט פאַר דיר און מיר, אַזוי, אַז ד׳ווּעסט נישט דאַרפן גיין אַרבעטן, אויב ד׳ווּעסט נישט וועלן. אָבער כדי ד׳זאָלסט זיך אין גאָרנישט פילן געקוועלט, האָב׳ך געטראַכט, וועל׳ך זיך באַמיען צו פאַרדינען אַ ביסל מער. פון גרויסע שיך ווערן דאָך די פינגער נישט אָנגעקוועטשט, נישט אַזוי?

ריווע האָט געקוקט זייטיק אויף אים, געזען ווי זיינע אויגן לויפן בליציק הין און צוריק בעת ער רעדט, אויך באַמערקט ווי זיינע ליפּן באַוועגן זיך פיבערדיק, מסתמא דערפאַר ווייל ער האָט געפילט אַז זיינע ווערטער זענען ביי איר, ריווען, פאַלשע מטבעות, אָבער זי האָט גאָרנישט געזאָגט. זי האָט בלויז געקוקט אויף אים מיט ווידערווילן און האַס.

— איז וואָס האָב׳ך געטאָן? — האָט ער געזאָגט פרעגנדיק. — כ׳בין אַוועק צום פּרעזידענט פון דער יוניאָן און האָב אים געזאָגט, אַז כ׳מוז האָבן אַ העכערונג אין די שכירות. האָט ער געפרעגט: „וואָס עפּעס אין מיטן דרינען? ד׳האָסט זיך דאָך נישט באַקלאָגט וועגן דיין געהאַלט ביז אַצינד? און ד׳ווייסט דאָך, אַז מיר האָבן דיר קיין עוולה נישט געטאָן!" האָב׳ך אים דערציילט די גאַנצע זאַך, אַזוי ווי ס׳איז אין אמתן. ביז אַצינד, האָב׳ך אים געזאָגט, בינ׳ך געווען אַליין. וויפל כ׳האָב געקראָגן איז געווען דיינו. אָבער אַצינד גיי איך ווערן צווייַ... ס׳הייסט, כ׳גיי זיך צוריק צונויף מיט מיין געוועזענער פרוי. כ׳וויל נישט לענגער זיין געשיידט פון איר. אָבער כדי ס׳זאָל ווידער נישט קומען צו קיין קאָנפליקט איבער קאַרגן אויסקומעניש, ווי אַמאָל, וואָלט׳ך געוואָלט באַוואָרענען מיין ניי לעבן מיט איר. איז וואָס מיינסטו האָט ער געענטפערט?

ריווע האָט זיך נישט אָפּגערופן.

— האָט ער געזאָגט, „מעקס, דיינע ווערטער האָבן מיר גערירט. אַזוי דאַרף טראַכטן אונדזערס אַ מענטש... מ׳דאַרף נישט אָפּקומען מיט בלויז ליפּ־רייד פאַר זאַכן וואָס מ׳גלייבט אין זיי. און כ׳וועל דיין בקשה טאַקע אויפנעמען קירצלעך מיט די עקזעקוטיוו־מענטשן". נו, ווי געפעלט דיר דאָס, ריווע?

ריווע האָט זיך ווידער נישט אָפּגערופן.

— און בלויז דאָס? — האָט ער אויפסניי געזאָגט. — נאָכדעם בינ׳ך אַוועק אין דעם פאָלקס־אוניווערסיטעט פאַר קורסן אין מאַרקסיזם־לעניניזם, וואָס די פּאַרטיי האָט געעפנט מיט אַ צייט צוריק ווי אַן אומפּאַרטייאישע אַקאַדעמיע, און כ׳האָב זיך דאָרטן פאַרגעשלאָגן צו געבן אַ קורס אין יוניאָניזם, פון פרידריך לאַסאַלס צייטן ביז די היינטיקע טעג. איז וואָס מיינסטו האָבן די פירערס מיר געענטפערט? זיי האָבן געעפנט די אויגן מיט ענטוזיאַזם. „מיר האָבן דאָס שוין לאַנג געהאַט פּלאַנירט", האָבן זיי געזאָגט. „אָבער מיר האָבן נישט געקאָנט קריגן קיינעם וואָס זאָל זיין פאַראינטערעסירט אין דעם." האָבן זיי מיר גלייך געגעבן אַ בויגן פּאַפּיר אָנצושרייבן דערויף מיין וועגדונג, און זיי האָבן צוגעזאָגט צו ענטפערן מיר אין משך פון איין וואָך. נו, פאַרשטייסטו שוין פאַרוואָס כ׳האָב דיר נישט טעלעפאָנירט און זיך נישט געוויזן פאַר דיר אין די לעצטע עטלעכע טעג? כ׳האָב דיר נישט געוואָלט דולן אַ קאָפּ מיט מיינע פּלענער. כ׳האָב געטראַכט, אַז כ׳וועל זען ווי מיינע בקשות ווערן אויפגענומען, דעמאָלט וועל׳ך ערשט קומען צו דיר מיט דער גוטער בשורה. נו, ביסטו נישט צופרידן, ריווע?

ריווע האָט ווידער גאָרנישט געזאָגט. זי האָט נאָר זייטיק געקוקט אויף אים און באַטראַכט זיינע בליציק־לויפנדיקע אויגן און צוקנדיקע ליפּן.

— נו, זעסט — האָט ער ווידער גערעדט — אַז כ׳מיין אויף אַן אמת צוריק זיך צונויפגיין מיט דיר? זעסטו אַז כ׳מיין מיטן גאַנצן האַרץ צו זיין דיר אַ מאַן מיט פליכטן?

ריווע האָט אויפסניי גאָרנישט געזאָגט.

— און אַצינד — האָט ער זיך פאַרנומען אויף אַן אַנדערן שמועס — וועגן דעם וואָס כ׳האָב איבערגעגעבן סאָלן.

ער האָט זיך אָפּגערוט אַ ווײַלע, געטאָן עטלעכע פּוף אויפן ציגאַרעטל, און פאַר־געזעצט:

— אַזוי ווי היינט איז געווען דער לעצטער טאָג פון שבעה־זיצן פאַר סאָלן, ס׳הייסט, אַז מאָרגן עפנט איר שוין אויף דעם סטאָר, האָב׳ך געוואָלט לאָזן וויסן, אַז כ׳וועל אייך דערווייל צורו לאָזן מיט די יוניאָן־פאָדערונגען... ס׳קאָן זיין אויף דריי חדשים, אָדער אויף זעקס, און אפשר גאָר אויף אַ סך לענגער. דאָס האָב׳ך געפּועלט ביי די אָנגעשטעלטע. כ׳האָב געזאָגט, אַצינד מוז מען קודם זען, אַז די ביזנעס זאָל האָבן אַ פירער. און אַז דער פירער וועט איבערנעמען די ביזנעס מוז ער האָבן אַ סך צייט אויף צו אָריענטירן זיך אין דעם געשעפט און קאָנען עס פירן מיט דערפאָלג. איז עס נישט אַראָפּגענומען אַן עול פון דיין קאָפּ און סאָלס?

ריווע איז ווידער געווען שטום.

— אַז כ׳וואָלט דאָס נישט געטאָן, וואָלסטו דאָך אינגאַנצן צערודערט געוואָרן. וואָלסט נישט געוואוסט מיט וואָס פריער זיך צו פאַרנעמען. בין׳ך גערעכט?

ריווע האָט אַפילו נישט געעפנט אירע ליפּן.

— אוודאי — האָט ער פאָרגעזעצט — האָבן אין אָנהויב נישט אַלע צוגעשטימט. כ׳מיין די סיילסלייט. איבערהויפּט איינער... ד׳ביסט זיך מסתם משער ווער, האַ? יאָ, דער סיילסמאַן מיטן קאָפּ רויטע האָר, בעני רופּאייזן... אָבער אפילו ער האָט נאָכדעם איינגעזען די לאָגיק פון מיין געדאַנק און... מסכים געווען. אָבער איינס זאָלסטו געדענקען... מאַך זיך נישט ווייסנדיק, אַז דו ווייסט עס שוין. כ׳מיין פאַר די אָנגע־שטעלטע... זיי אַליין וועלן עס שוין דיר, אָדער סאָלן, צו וויסן טאָן. וועסטו געדענקען?

ריווע האָט אפילו מיטן קאָפּ נישט באַוועגט.

— און נאָך עפּעס... זאָלסט זיך נישט אַרויסכאַפּן פאַר זיי מיט קיין וואָרט, אַז כ׳פּלאַניר צוריקגיין וואוינען מיט דיר. נישט באַלד. ס׳קאָן שאַדענען. וועסט געדענקען?

ריווע איז ווידער געזעסן אַ שווייגנדיקע.

— נו, — איז ער מיטאַמאָל אויפגעשטאַנען, — אַצינד מוז איך שוין גיין, כ׳דאַרף נאָך האָבן אַ מיטינג היינט אָוונט אין דער יוניאָן. מיט אַן אַנדער גרופּע סיילסלייט וואָס כ׳האָב אָרגאַניזירט אין אַ גרויס געשעפט. זיי קומען אַהינצו גלייך נאָך דער אַרבעט.

אויך אויף דעם האָט זיך ריווע לחלוטין נישט אָנגערופן — און מעקס האָט געזאָגט אַ „גוטע נאַכט."

.4

אין עטלעכע שעה אַרום האָט זיך דער טעלעפאָן צעקלונגען.

קיינער איז נישט געווען אין קיך צו ענטפערן. סאָל האָט זיך נאָך נישט געהאַט צוריקגעקערט פון גאַס, וואו ער האָט געזאָלט, לויט זיין אייגענעם צוזאָג, אַרומדרייען זיך בלויז אַ קורצע צייט אויף פרישער לופט. און ריווע איז געלעגן אויפן סאָפע־בעט און האָט געטראַכט וועגן מעקסן.

צומערסטן האָט זי זיך אָבער געבראָכן דעם קאָפּ וועגן סאָלן. וואָס איז געשען מיט אים? פאַרוואָס האָט ער זיך נאָך נישט צוריקגעקערט אַהיים? זי האָט שוין געהאַט אָנטעלעפאָנירט יעדן פון זיינע פריינד און געפרעגט צי ער געפינט זיך אפשר ביי זיי.

נאָך יעדן נײַן־ענטפֿער איז אָבער דאָס רעטעניש בײַ איר געוואָרן שטאַרקער. זי איז שוין אַפֿילו געהאַט געוועזן אין גאַס, אַרומגעדרייט זיך אויף עטלעכע בלאָק במשך אַ לענגערער צײַט, געזוכט אים, געמיינט, אַז ער שטייט ערגעץ אַ פֿאַרחושטער. ס׳איז אָבער געווען אַרויסגעוואָרפֿן. זי איז צוריקגעקומען אין הויז אַרײַן, אָפּגעזעסן אַ היפּשע צײַט אין גאַסטצימער אײנע אַלײן און פֿון מידקייט זיך פֿאַרקליבן אויפֿן סאָפֿע־בעט, וואו אין איר באַזאָרגטקייט האָבן זיך אָנגעהויבן אַרײַנוועבן אימהדיקע טראַכטענישן וועגן סאָלן, קאָן דען נישט געמאָלט זײַן, אַז אַ מענש, וואָס געפֿינט זיך אין אַזאַ טרויעריקן מעמד, זאָל אָפּטאָן עפּעס גרויליקס צו זיך?

געהערט דעם טעלעפֿאָן־קלונג, איז זי אָבער אײליק אַראָפּ פֿון דעם סאָפֿע־בעט, אַרײַן אין קיך און האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס טרײַבל:

— האַלאָ? ווער רעדט? ו ו ע ר?...

— מעקס...

— ו ו ע ר?...

— דערקענסט שוין נישט מײַן קול?

ריוועה האָט זיך גענומען ווישן מיט דער רעכטער האַנט איבערן שטערן, איבערן פּנים, עלעהיי זי וואָלט אָפּגעווישט אַ שווייס פֿון דאָרטן, און געענטפֿערט מיט אַ קרעכץ:

— וואָס ווילסטו?

— כ׳וויל דיך עפּעס פֿרעגן וועגן סאָלן...

די אויגן בײַ ריוועהן זענען מיטאַמאָל געוואָרן אויסגעסטאַרטשעט און דאָס קול אָנגעפֿילט מיט ציטער:

— ו ו אָ ס וועגן סאָלן?

— זינט כ׳בין אַוועק פֿון דיר, כ׳מיין פֿריער, האָב׳ך נישט געקאָנט רוען...

— פֿאַרוואָס האָסטו נישט געקאָנט רוען?

— כ׳האָב אין זינען געהאַט צו פֿרעגן דיך וועגן עפּעס און דאָך געהאַט פֿאַרגעסן.

— וואָס האָסטו פֿאַרגעסן?

— צו פֿרעגן וועגן סאָלס צעטראָגנקייט... וואָס איז דער מער מיט אים?

ריוועה האָט אָפּגעדעכעט, אַ שטיגער ווי בעת אַן איבעררײַס נאָך גרויסע לײַדן בײַם גיין צו קינד. זי האָט געדרייט מיט די ליפּן מחמת דער שרעק וואָס זי האָט אָקאָרשט איבערגעלעבט, און אויפֿסניי אַרײַנגערעדט אין טרײַבל:

— וואָס זאָל זײַן דער מער? ס׳איז גאָרנישט דער מער.

— ער האָט דאָך נישט אַרויסגעוויזן די מינדסטע פֿאַראינטערעסירטקייט אין דעם נײַס וואָס כ׳האָב אים געבראַכט וועגן דער יוניאָן. אַן אַנדערער וואָלט באַדאַנקט אַפֿילו אין אַזאַ צושטאַנד... כ׳מיין נאָכן פֿאַרלירן אַ טאַטן.

— ס׳איז נישט בלויז דאָס פֿאַרלירן דעם טאַטן.

— וואָס דען?

— דער שידוך...

— דער שידוך, זאָגסטו? יאָ, כ׳האָב עפּעס געהערט, שוין לאַנג צוריק, אַז ר׳איז געוואָרן אַ חתן. טאָ וואָס איז געשען?

— ס׳איז כמעט אויס.

— טאַקע? מיט וועמען האָט ער זיך געהאַט משדך געווען?

— מיטן שול־רבס טאָכטער. האָסט׳אָך געקענט דעם רב האָראָוויץ...

— יאָ. מיט זײַן טאָכטער? הילדע?

— יאָ.
— מיט איר ???
— פאַרוואָס וואונדערסטו זיך אַזוי ?
— סאָל האָט זיך משדך געווען מיט אַ קאָמוניסטקע ?
— ווער איז אַ קאָמוניסטקע ? וואָס רעדסטו ?
— זי !... הילדע.
— ווער ? ה י ל ד ע ? ביסט פון זינען אַראָפּ ? הילדע אַ קאָמוניסטקע ?
— אוודאי. כ'בין נישט אַראָפּ פון זינען. כ'ווייס וואָס כ'רעד. זי'ז'איינע פון די בייע שטערנס אין דער קאָמוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע. זי'ז אַ הויך־געבילדעטע, אַ קענערין פון מאַרקסיזם. זי'ז אויך אַ באַצויבערנדיקע רעדנערין. זי רעדט פאַר גרופּעס סטודענטן און פאַר אַנדערע יוגנטליכע.

ריווע האָט דערפילט אַן ענגקייט אין האַלדז און זיך צוגעזעצט אויפן בענקעלע וואָס ביים טעלעפאָן־טיש. פאַר די אויגן האָט איר געוואָרן שווינדלען — און זי האָט געקוקט אויף רעכטס און לינקס, עלעהיי זי וואָלט עפּעס געזוכט.

— זי ?... — איז זי אין אַ ווײַלע אַרום געקומען צו זיך און זי האָט ווידער צוגעטראָגן דאָס טעלעפאָן־טרײַבל צום מויל.

— אוודאי ! — האָט זיך געהערט מעקס' קול מיט עקשנות. — זי'ז אפילו פאַרליבט אין איינעם פון די קאָמוניסטישע יוגנט־פירערס.

ריווע איז שוין ווידער געווען אויסער זיך :

— אין וועמען, זאָגסטו ?

— אין איינעם פון די קאָמוניסטישע יוגנט־פירערס... אין דעם וואָס כ'האָב געשיקט צו דיר וועגן איינלייגן געלט פאַר מיר. מ'רעדט, אַז קירצלעך וועט זי גיין וואוינען מיט אים.

— מיט דעם וואָס איז געקומען צו מיר מיט אַ מיידל ? כ'האָב דאָך געמיינט, אַז זי איז זיין געליבטע, אָדער פרוי...

— נו, זי איז געוויס נישט זיין פרוי. אָבער אַ זייטיק־געליבטע זיינע איז זי זיכער. הילדע ווייסט מסתם נישט דערפון. מיט עטלעכע טעג צורק האָב'ך זי, ס'הייסט די געליבטע, געזען אין בעט ביי דעם פירער אין אַפּאַרטמענט. זי האָט געטראָגן בלויז אַ ברוסטהאַלטער.

ריווע איז אויפגעשטאַנען ווי פון אַ צוויק אין געזעס :

— מעקס ! — האָט זי אַ געשריי געטאָן פון צעטומלטקייט. — ביסטו זיכער אַז ד'ווייסט וואָס ד'רעדסט ?

— וואָס טוט זיך מיט דיר, ריווע ? כ'ווייס דאָך אפילו ווער זי איז. זי'ז די טאָכטער פון מיסעס מילסטאָן, די אייגנטימערין פון דעם באַרימטן האָטעל „עווערגרין".

— מעקס ! — האָט ריווע אויפסניי געשריען. — מעקס, וואָס רעדסטו, וואָס ? וואָס שלעפּסטו צו די קאָמוניסטן אַ טאָכטער פון אַזאַ רייכער און פיינער היים ?

— פאַר וואָס האַלסטו מיך ? — האָט מעקס גענומען רעדן מיט ערגערניש. — באַטראַכסטו מיך פאַר אַ בילבול־מאַכער ? פאַר אַ יאַגאָ פון שעקספּירס „אָטעלאָ" ? פאַר אַן אַפּעריסט וואָס פאַבריצירט פאַרראַט צווישן געליבטע צוליב פערזענלעכן נוץ ?

אַ לענגערע ווײַלע איז ריווע געשטאַנען אָן לשון. אָט האָט זי געעפנט אירע ליפּן און אָט — זיי צוריק צונויפגעשנורעוועט. דורכן לייב זענען איר דורכגעלאָפן קאַלטע און וואַרעמע שטראָמען. זי האָט געוואָלט אי שרייען און אי לויפן ערגעץ. אָבער זי האָט

קיין איינס נישט געטאָן. זי איז נאָר געשטאַנען און האָט געדרייט מיטן קאָפּ ווי זי וואָלט זיך געענטפערט אויף די מחשבות וואָס זענען איצט דורכגעלאָפן אין איר מוח.

— זיי אַזוי גוט — האָט זי ענדלעך געזאָגט צו מעקסן — און קום אַריבער מאָרגן אין אָוונט. כ׳מיין, קום נאָכדעם ווי כ׳וועל שליסן דעם סטאָר. כ׳וויל מיט דיר רעדן מער וועגן דעם. וועסט קומען?

— אוודאי. מיט פאַרגעניגן.

— גוט. אַ דאַנק...

# קאַפּיטל דריי־און־דרייסיק

## דער אויסברוך

.1

אָרום האַלבער נאַכט האָט זיך סאָל צוריקגעקערט אַהיים.

ריווע איז נאָך געזעסען אין קיך. זי האָט נישט געקאָנט גיין פריער שלאָפן ביז זי וועט זיך דערוויסן וואָס ס׳איז געשען מיטן קוזין. דערהערט זיינע טריט אין גאַסטצימער, איז זי אויפגעשטאַנען און האַסטיק אַרויס צו באַגעגענען אים.

סאָל האָט זיך געפונען ביים מלבושים־שענקל און אַראָפּגענומען פון זיך דעם קאַפּעליוש, דעם מאַנטל און דאָס רעקל.

— אויב האָסט נישט אין זינען געהאַט באַלד זיך צוריקצוקערן אַהיים — איז ריווע געבליבן שטיין אין גאַסטצימער, קעגנאיבער סאָלן, און האָט געפרעגט מיט פאַרדראָס און פאַרוואורף — איז פאַרוואָס האָסטו עס מיר נישט געזאָגט ווען ד׳ביסט אַוועק פון הויז? כ׳וואָלט דאָך נישט געווען צוגעגרייט דאָס מאָלצייט און נישט געוואַרט ביז ד׳וועסט אַהיימקומען.

סאָל האָט נישט געענטפערט.

— און אויב ד׳האָסט עס נישט געוואוסט ווען ד׳ביסט אַרויס פון הויז — האָט זי פאַרגעזעצט — נאָר ערשט אין דרויסן זיך מיישב געווען צו גיין ערגעץ, איז פאַרוואָס האָסטו מיר נישט אָנגעקלונגען און געלאָזט וויסן, אַז כ׳זאָל זיך נישט ריכטן אויף דיר אַזוי גיך?

סאָל האָט אויפסנייי געשוויגן. פאַרטיק געוואָרן מיטן אריינהענגען די מלבושים, איז ער, אין העמד און הויזן, אַוועק פון מלבושים־שענקל און האָט זיך פאַרקירעוועט צו זיין שלאָפצימער.

ריווע האָט אים נאָכגעקוקט אַן איבערראַשטע. כאָטש באַליידיקט פון זיין גלייכגילטיקייט צו איר רעדן, דאָך האָט זי פאַרביסן די ליפּן און אים געפרעגט גנעדיק:

— זאָל׳ך צוואַרעמען ס׳מאָלצייט וואָס כ׳האָב געהאַט צוגעגרייט פאַר דיר?

פון שלאָפצימער האָט זיך געהערט סאָלס קול, וואָס איז געווען שטיל און דורכגענומען מיט דערשלאָגנקייט:

— ביין.

— פאַרוואָס? — האָט ריווע געפרעגט אַן איבערראַשטע. — האָסט׳אָך גאָרנישט געגעסן אַ גאַנצן אָוונט.

— כ׳האָב געגעסן, — האָט זיך געהערט סאָלס ענטפער.

— וואו? אין אַ רעסטאָראַן?
— נישט אין אַ רעסטאָראַן.
— וואו דען? אויב כ׳מעג וויסן...
— ביי הילדען, — האָט ער אין שלאָפצימער אָפּגעמורמלט.

ביי ריוועץ איז אָפּגענומען געוואָרן דאָס לשון. די אויגן אירע זענען געשטאַנען ווי גלעזערנע קייקעלעך, און די ליפּן אָנגעשפּיצט. ביי הילדען? — האָט זי אין געדאַנק גענומען רעדן צו זיך. — ביי דער רבנישער טאָכטער וואָס ברעקלט זיך מיט אים?

יאָ, זי, ריוועץ, האָט געהאַט אַ פאָרגעפיל דערפון. זי האָט אָבער נישט געוואָלט גלייבן אין אַזאַ מעגלעכקייט. וואָרעם ווי לאַנג צוריק איז עס ווי ער איז געווען ביי איר? ערשט דעם פאַרגאַנגענעם שבת! האָט ער שוין היינט אָוונט, גלייך נאָך דער שבעה, ווידער געמוזט לויפן צו איר? און בכלל... וואָס איז דער זין פון לויפן?

— אויב פון שידוך איז שוין גאָרנישט געבליבן, — האָט זי איצט גערעדט מיט ערגערניש צו אים פאַר זיין דערנידעריקן זיך פאַר הילדען, — איז צו וואָס מאַכסטו נאָך בלאָטע פון זיך?...

ווי ער וואָלט געקראָגן אַן אומגעריכטן טערעבענץ איבערן קאָפּ מיט אַן אומגעהייער שווערער משא, וואָס האָט אים אַרויסגעשליידערט פון גלייכגעוויכט, אַזוי פריטשמעליעט האָט ער זיך דערפילט פון ריוועס נישט־מיטפילנדיקן פאָרוואורף, און ער האָט זיך דאָרטן, אין שלאָפצימער, מיטאַמאָל צעשריען מיט אַ קול וואָס איז געווען דורכגעווייקט פון טרערן:

— ווער האָט געבעטן ביי דיר אַן עצה, ווער? — האָט ער געשריען העכער און העכער מיט אַ יאָמערלעך קול. — ווער ביסטו צו זאָגן מיר אַ דעה? וואָס ביסטו צו מיר, אַז ד׳זאָלסט זיך באַשטימען פאַר אַן אַפּוטראָפּוסטע איבער מיר?

און נאָך איידער זי, ריוועץ, איז געקומען צו זיך פון זיין אויסברוך האָט זי אים שוין געזען אַריינלויפן אַהער אַ באַרוועסן פון זיין שלאָפצימער.

— האָב׳ איך דיך ווען־ס׳איז געפרעגט, — האָט ער געגוואַלדעוועט, — פאַרוואָס דו ביסט געגאַנגען וואוינען מיט דעם קאָמוניסט מעקס, כאָטש ד׳האָסט געוואוסט אַז ער איז נישט פאַר דיר, און כאָטש מיין טאַטע האָט דיך געהאַט געוואָרנט, אַז דער מאַן האָט נישט אין זיבעצן קיין באַלעבאַטיש לעבן? האָב׳ איך דיך געפרעגט מיט עטלעכע טעג צוריק פאַר־וואָס ד׳האָסט אָפּגערופן אַ לאָיער אַרויסצונעמען דעם דאָזיקן טרעמפּ פון תפיסה, כאָטש ער האָט רואינירט דיין לעבן? האָב׳ איך דיך געפרעגט מיט עטלעכע טעג צוריק פאַרוואָס ד׳האָסט אים געלאָזט דיך באַגלייטן ווען ד׳ביסט געגאַנגען באַזוכן מיין מאַמע אין שפּיטאָל, און ווער ווייסט וואוהין נאָך? האָב׳ איך דיך געפרעגט פאַרוואָס ד׳ביסט נישט געגאַנגען וואוינען מיט אַן אַנדערן מאַן, כאָטש ד׳ביסט אַרויסגעגאַנגען מיט אַ סך מענער און גאַנץ וואוילע? איז ווער האָט דיר געגעבן דאָס רעכט צו מישן זיך אין מיין פּערזענלעך לעבן? מיינסט כ׳האָב פאַרגעסן דאָס קרומע פּנים וואָס ד׳האָסט געמאַכט צו מיר דעם פאַריקן שבת, ווען ד׳האָסט זיך דערוואוסט, אַז כ׳בין געווען ביי הילדען אין הויז? כ׳זאָג דיר גלייך אַצינד, און כ׳וויל ד׳זאָלסט עס דיר בעמען גוט אין קאָפּ אַריין — — — — — אויב ד׳וועסט נאָך אַרויסקומען מיט אַזאַ נישט־געבעטענער עצה וועל׳ך עס דיר נישט דולדן און כ׳וועל דיך הייסן גיין אַהין, וואו דו באַלאַנגסט...

קיינמאָל פריער אין איר לעבן האָט זיך ריווע נישט געפילט אַזוי דערשלאָגן און דערנידעריקט ווי איצט. ס׳איז נישט געווען בלויז דאָס וואָס אַ יינגל פון צוויי־און־צוואַנציק יאָר קוקט פון אויבן אַראָפּ אויף איר און רעדט צו איר אָן רעספּעקט. ס׳איז

אויך געווען דאָס וואָס אין אים האָט געשריען דער כוח און די חוצפּה פון אַ באַלעבאָס וואָס קאָן טאָן מיט איר וואָס ער באַגערט.

איז דאָס צו וואָס זי איז דערגאַנגען, כאָטש זי האָט אַוועקגעגעבן אַלע אירע כוחות פאַר׳ן געשעפט?

פון כעס און פון באַגער צו נעמען נקמה אין אים גלייך אויפן אָרט האָט זי געקראָגן חשק אַרויסצושרייען זיך און זאָגן אים אין פּנים אַריין, אַז ער איז אַ נישטיק, דורכשניט־לעך באַשעפעניש וואָס ווייסט אפילו נישט דעם באַדייט פון האָנער — און שליידערן אים אין פּנים אַריין דעם גאַנצן אמת וואָס מעקס האָט איר דערציילט. זי האָט אויך געהאַט חשק — נישט צו וואַרטן ביז ער וועט זי הייסן גיין פון דאַנען, נאָר גלייך, אָן אַ וואָרט, איינפּאַקן אירע זאַכן און פאַרנעמען זיך פון הויז אפילו אָן אַ גוטע נאַכט. וואָס, זי דאַרף נאָך דאָ שטיין און צוגרייטן מאָלצייטן פאַר אים, מאַכן דאָס בעט, וואַשן זיינע זאָקן און דערלאַנגען אים ריינע אונטערוועש?

דער פּראַקטישער שכל אירער האָט זי אָבער אָפּגעהאַלטן פון אַזאַ האַסטיקן טראָט. נישט ער וועט ליידן פון איר היציקייט, נאָר זי. וואָס אַנבאַלאַנגט אואווירן אים אין הויז, קאָן ער אַריינבעמען אַ פרוי פאַר אַ גוטן געהאַלט — און זי וועט טאָן אַלץ פאַר אים. צו דעם וועט, אגב, סיווי קומען מיט אַ צייט שפּעטער, אפילו ווען אַלץ צווישן איר און סאָלן זאָל זיין גוט. די סיבה? זי וועט נישט קאָנען טאַנצן אויף צוויי חתונות, ס׳הייסט אי פירן די ביזנעס אין געשעפט און אי צוגרייטן דאָ אין הויז פאַר אַלע זיינע באַדער־פעניש, סאָלס. אויב אַזוי, איז צו וואָס צעקריגן זיך איצט מיט אים?

אירע ליפּן זענען געווען צונויפגעפּרעסט. אירע אויגן האָבן געקוקט זייטיק אויף אים, און די הענט, פאַרלייגט אויף הינטן, האָבן געהאַלטן אין איין פאַרקוועטשן די פינגער, און זיי עפּענען. מיטאַמאָל האָט זי זיך גערירט, איז אַריין אין קיך צו לעשן דאָרטן די עלעקטרע, איידער זי פאַרנעמט זיך צו גיין שלאָפן.

סאָל — אין פּאַדזשאַמעס, דער קאָפּ האָר צעשויבערט, די אויגן אַרויסגעגלאָצט — האָט איר נאָכגעקוקט, געביסן מיט די ליפּן און געטראַכט איר צו זאָגן, אַז מאָרגן זאָל זי זיך נאָכפרעגן וועגן אַ פרוי וואָס זאָל דאָ איבערנעמען די ווירטשאַפט ביז די מוטער זיינע וועט אַהיימקומען פון שפּיטאָל. ער וויל נישט, אַז זי, ריווע, זאָל זיך דאָ אַרומדרייען ווי אַ שפּיאָן און אים נאָכקוקן אויף טריט און שריט. אויפן רעיון איז אים אָבער געקומען אַ דערווידערנדיקע מחשבה. וואָס פאַר אַ טיפּ פרוי וועט זי אויסקלייבן פאַרן הויז? וואָס, זי׳ איז אָן אַלצוויסערין? ער׳ט זיך ליבערשט שואל־עצה זיין מיט דער רביצין האָרוויץ וועגן דעם. זי וועט וויסן וואָסער סגאַל הויז־אויפּפּאַסערין אים צו רעקאָמענדירן. און ער האָט זיך צוריק פאַרקירעוועט צו זיין שלאָפצימער.

## 2.

די פּעק האַנדלס־בריוו וואָס דער פּאָסטמאַן האָט אין משך פון די שבעה־טעג געהאַט אַריינגעוואָרפן אין דער קראַם דורך דעם אָפענעם פּאָסט־פּענסטערל אין דער טיר זענען געווען אַזעלכע היפשע, אַז דאָס פונאַנדערקלייבן זיך אין זיי, דאָס סאָרטירן, און דאָס באַשטימען וואָס צו טאָן מיט יעדער איינצלנער קאָרעספּאָנדענץ באַזונדער, דאָס אַלץ וואָלט פאַרמידיקט אפילו דעם טיכטיקסטן אַרבעטס־מענטש.

פאַר ריווען איז דאָס אָבער געווען אַ רפואה, מחמת דער שטאַרקער אָנשטרענגונג

האָט זי אין אַ גרויסער מאָס געקאָנט פאַרגעסן אין איר דערדריקטקייט און דעם ביטערן געפיל קעגן סאָלן.

דעם ערשטן האַלבן טאָג, נאָכן עפענען די קראָם, איז זי געזעסן אין אָפיס ביים דעסק און האָט זעלטן אַרויסגערעדט אַ וואָרט צום בלאָנדן, יונגן מיידל, גרייסי, וואָס האָט טיפּירט אויף דער שרייבמאַשין. זי האָט נאָר געהאַלטן אין איין באַשעפטיקן זיך מיט די שטויסן בריוו. זי האָט געעפנט די קאָנווערטן, געליינט די חשבון־צעטלען וואָס זענען אָנגעקומען פון טעקסטיל־פירמעס אין איראָפּע און פון פאַרשידענע טיילן אין די פאַראייניקטע שטאַטן. זי האָט אַריינגעקוקט אין די טשעקס וואָס פאַבריקאַנטן האָבן צוגעשיקט פאַר סחורות, געגומען אויף קרעדיט. זי האָט זיי גרופּירט לויט זייער געשעפט־לעכער טראַנזאַקציע און געמאַכט נאָטיצן וואָס צו טאָן מיט יעדן קלאַסיפיצירטן טייל באַזונדער.

זי האָט גאַרנישט געוואָלט אַריינגיין אין „סטאָר" און אַ קוק טאָן וואָס דאָרטן גייט אָן. זי האָט נישט געוואָלט זען דעם יונגן סמאַרק, דעם יורש פון די ביזנעס, וואָס האָט געהאַט די חוצפּה נעכטן ביינאַכט אַרויסצושפּרינגען פון זיין פעל און זיך צעשרייען אויף איר ווי זי וואָלט געווען זיין משרתטע. זי האָט אפילו אין זינען געהאַט איבערצולאָזן דעם דזשאָב און גיין זוכן אַ שטעלע ערגעץ אַנדערש.

מיטאָג־צייט איז זי דורכגעלאָפן די קראָם, אַרויס פון דאָרטן אָן אַ וואָרט צו קונים, אָדער צו סיילסלייט, פאַרבראַכט אין אַ קאַפעטעריע לענגער ווי געוויינלעך, און האָט זיך צוריקגעקערט אין אָפיס אַריין צו פאַרטויבן זיך מיט דער „רפואה" וואָס האָט געמיינט אַ סך אַרבעט — און אַ שווערע.

אָנגעהויבן האָט זי מיט דיקטירן גרייסין אַ צאָל ענטפערס אויף בריוו וואָס זענען אָנגעקומען פון אַמעריקאַנער טעקסטיל־פירמעס. דאָס איז געווען אין פאַרבינדונג מיט די באַשטעלונגען וואָס זי האָט די פאַרגאַנגענע וואָך געמאַכט דורך טעלעגראַמעס, מיט דער צושטימונג פון אָנקל דזשאָ. אויף קיין איינעם פון די ענטפערס האָט זי נישט געדאַרפט האָבן סאָלס הסכמה. זי האָט זיך געקאָנט באַגיין אָן אים ווי אָן אַ לאָך אין קאָפּ. און ווען זי וואָלט אפילו יאָ געדאַרפט האָבן זיין עצה, אָדער באַשטעטיקונג, וואָלט זי עס סיזוי נישט געטאָן. זאָל ער זען, אַז זי רעכנט זיך נישט מיט אים. און אויב ס'געפעלט אים נישט, זאָל ער זי אָפּזאָגן פון דער שטעלע.

נאָכדעם האָט זי געהייסן גרייסין אָנטיפּירן די סטענאָגראַפישע דיקטאָטן אויף דער שרייבמאַשין, און אַליין האָט זי גענומען צוגרייטן טשעקס פאַר די חשבון־צעטלען פון אַלערליי פירמעס וואָס מיט זיי שטייט דאָס רובין־געשעפט אין ביזנעס־פאַרבינדונג.

פאַרטיק געוואָרן מיט דעם, האָט זי אויסגעשריבן די טשעקס פאַר די קראָם־אָנגע־שטעלטע, אויך פאַר זיך, אויך פאַר גרייסין, וואָס איבער דער שבוע האָט קיינער דעם פאַרגאַנגענעם מאָנטיק, אין שכירות־טאָג, נישט געקראָגן דעם געהאַלט.

אַז אַלץ איז שוין געווען אָפּגעטאָן, האָט זי זיך אויסגעדרייט צום אָפיס־מיידל און אַ ברום געגעבן:

— וועסט אַזוי גוט זיין, גרייסי, און אַריינרופן סאָלן. זאָל ער אונטערשרייבן די טשעקס.

גרייסי האָט אויפגעהערט טיפּירן, אַראָפּגענומען די פינגער פון די אַלפאַבעט־קלאַפּערלעך און איז אויפגעשטאַנען.

אין עטלעכע ווילעס אַרום האָט זי זיך צוריקגעקערט. ס'האָט אָבער געדויערט אַ היפּשע צייט ביז סאָל האָט זיך באַוויזן.

ער איז אַריינגעקומען אָן אַ רעקל און אָן אַ קאַפּעליוש. זיינע האָר פון קאָפּ זענען געווען צעשויבערט. זיינע אויגן — אָנגעשטרענגט, באַטריבט, מיט קישעלעך. די באַקן — איינגעפאַלן. ער איז געבליבן שטיין אין מיטן אָפיס און האָט געקוקט אויף ריווען:

— וואָס ווילסטו?

— גרייסי האָט דיר נישט געזאָגט? — האָט זי געפרעגט און זיך נישט אויסגעדרייט צו אים פון דעסק. — אונטערשרייבן די טשעקס...

דאָס איז געווען ס׳צווייטע מאָל וואָס זי האָט היינט אַרויסגערעדט צו אים עטלעכע ווערטער. ס׳ערשטע מאָל איז געווען אינדערפרי. נאָכן צוגרייטן פרישטיק פאַר אים האָט זי אַוועקגעשטעלט אויפן קיכטיש די טעלערס, אַוועקגעלייגט די גאָפּל־מעסער און אַ בורטשע געטאָן, „האָסט ברעקפעסט אויפן טיש.״ צי ער האָט געגעסן, דאָס האָט זי נישט געוואוסט. זי האָט זיך גלייך אַרויסגעלאָזט פון הויז מיטן שליסל צו עפענען דאָס געשעפט. זינט דעמאָלט האָט זי אים אפילו נישט געפרעגט צי ער האָט געגעסן מיטיק. גאָרנישט.

צוגעקומען צום דעסק, האָט סאָל זיך געזעצט אויף אַ צווייטער שטול, וואָס איז געשטאַנען דאָ, און גענומען אַריינקוקן אין יעדן טשעק, וואו ס׳איז געווען אָנגעשריבן אַ נאָמען פון אַ פירמע, אָדער פון אַ פּערזאָן.

מיטאַמאָל האָט ער זיך אויסגעדרייט צו ריווען און געפרעגט מיט חשד:

— וואו איז דער טשעק פאַר דער רביצין האָרוויץ?

ריווע האָט געשוויגן אַ ווײַלע. זי האָט זיך געפּאַרקעט מיט טשעקס וואָס זענען אָנגעקומען פון פאַבריקאַנטן און זיי אַוועקגעלייגט איינעם אויפ׳ן אַנדערן כדי סאָל זאָל אויף זיי אָנשרייבן זיין נאָמען, איידער זיי ווערן אַריינגעגעבן אין באַנק.

— כ׳האָב נישט אויסגעשריבן, — האָט זי געזאָגט און אַלץ נישט געקוקט אויף אים.

—פאַרוואָס האָסטו נישט אויסגעשריבן? — האָט ער אַ פרעג געטאָן מיט רוגזה, און די אויגן זיינע האָבן געשפּריצט מיט פייער.

— ווייל דיין טאַטע האָט אפילו נישט געשיקט קיין טשעק צום רב האָרוויץ נאָך מיט צוויי מאָנטיקס צוריק.

סאָל איז האַסטיק אויפגעשטאַנען און האָט אַ געשריי געטאָן צו איר:

— איז זאָלסטו שוין אויסשרייבן צוויי טשעקס! איינעם פאַר צוויי וואָכן צוריק, און דעם צווייטן פאַר לעצטער וואָך!

דאָס מאָל האָט אויך ריווע גענומען שרייען:

— וועמען גייסטו שיקן טשעקס, דו אָפּגעריסענער נאַר, דו? — זי איז אויפגעשטאַנען מיט האַסט און האָט געקוקט אויף אים מיט עקל. — וועמען? צו אַ הויז וואָס האָט דיך אָפּגענאַרט? צו אַ הויז וואָס האָט נישט קיין רעספּעקט פאַר דיר?

ווי פון דער העלער הויט, טאַקע אינגאַנצן אומדערוואַרט, האָט זי דערהערט אַ קלונג אין אירע אויערן. אַלץ פאַר אירע אויגן האָט זיך גענומען דרייען — און דאָס פּנים האָט געפלאַמט פון אַ זעץ. אַ ווײַלע איז זי געשטאַנען און האָט נישט געקאָנט באַנעמען וואָס ס׳איז געשען מיט איר. איז עפּעס אַראָפּגעפאַלן אויף איר פון סופּיט? האָט אפשר עמעצער געוואָרפן אַ פלאַמיקע זאַך אין אירע אויגן? אַז זי איז געקומען צו זיך האָט זי אָנגעהויבן וויינען, שטאַרק קלאָגן, און בעתן יאָמערן גענומען קוקן אויף סאָלן און שרייען מיט נישט־קאָנטראָלירטע קוויטשן ווי פון אַ פאַרוואונדעטער חיה:

— יאָ! דאָס וואָס כ׳האָב דיר געזאָגט... קיין רעספּעקט פאַר דיר... קיין געפיל... הילדע האָט דיך אָפּגענאַרט. זי האָט דיך אַוועקגעוואָרפן און איז אַרומגע־גאַנגען מיט אַ קאָמוניסט. מיט איינעם פון די פירערס פון דער קאָמוניסטישער יוגנט...

זי אַליין איז אויך אַ קאָמוניסטקע... זי רעדט פאַר סטודענטן און סטודענטקעס... זי דאַרף דיך נישט האָבן. זי האָט דיך בלויז גענוצט אַזוי לאַנג ווי זי האָט נישט געהאַט קיין אַנדערן. אָט דאָס איז דער גאַנצער אמת פאַרוואָס זי האָט אָפּגעבראָכן דעם שידוך מיט דיר. און אַצינד גיי און שיק נאָך טשעקס אין איר הויז אַריין... אָט אַזוי ווי דיין טאַטע, דער נאַאיווער מענטש, האָט געפלעגט שיקן פאַר יאָרן און יאָרן...

ווי נאָר דער שטורעם האָט אויסגעבראָכן האָט די שמאָלפּלייציקע גרייסי מער נישט געקאָנט אַרבעטן. זי איז אויפגעשטאַנען אַ פאַרצאַפּלטע און האָט זיך געשטעלט צווישן דעם יונגן באַלעבאָס און ריווען. זי האָט זיך באַמיט אָפּצוהאַלטןביידן פון שטאַרקערער אויפגערעגטקייט. איר מי האָט אָבער גאָרנישט אויפגעטאָן ביי ריווען. ריווע האָט אַזוי הויך געשריען, אַז פון דער קראַם האָבן זיך גענומען ווייזן עטלעכע אַנגעשטעלטע. אויף סאָלן האָט, ווייזט אויס, גרייסיס אַנשטרענגונג יאָ געהאַט אַ ווירקונג. ער איז געשטאַנען ווי פאַרגליווערט, די הענט אַראָפּגעהאָנגען, דאָס פּנים ווייס, און די ליפּן צונויפגעשטשעמעט. ער האָט נאָר געקוקט אויף דער שרייענדיקער קוזינקע. דאָך האָט גרייסי נישט געקאָנט זאָגן אויף באַשטימט, אַז איר אַריינמישן זיך האָט אים, סאָלן, טאַקע אָפּגעהאַלטן פון אָפּטאָן וועך ווייסט וואָס נאָך. ס׳קאָן זיין, אַז נאָך דעם ווי ער האָט דערלאַנגט ריווען אַ פּאַטש האָט ער זיך געשעמט פאַר זיין רויען אָפּטו. ס׳קאָן אָבער אויך זיין אַז ווי נאָר ער האָט דערהערט וועגן הילדען אַזעלכעס, וואָס ער האָט נישט געוואוסט, איז ער געבליבן אָן לשון — און זיינע גלידער זענען ווי געליימט געוואָרן. ס׳קאָן זייער שטאַרק געמאָלט זיין.

.3

— וואָס איז דאָ געשען? — האָט איינער פון די עטלעכע אַנגעלאָפענע סיילסלייט געקוקט אויף דעם דריילינג — סאָל, ריווע, גרייסי — און געפרעגט.

— קאָנען מיר מיט עפּעס העלפן? — האָט אַ צווייטער סיילסמאַן געפרעגט.

סאָל האָט זיך איצט אויסגעדרייט צום געזעמל אַנגעשטעלטע און אַ ברום געטאָן:

— גייט צוריק אין סטאָר אַריין.

אַז זיי האָבן זיך שוין געהאַט צוריקגעקערט האָט זיך סאָל געזעצט ביים דעסק און ער האָט גענומען אונטערשרייבן די טשעקס.

ריווע האָט איצט אַרויסגענומען אַ פּאַפּירענע סערוועטקע פון איר קליידל־קעשענע, אויסגעווישט זיך די אויגן, און איז צו צום דעמבענעם מלבושים־געשטעל וואָס איז געשטאַנען אין אַ ווינקל. זי האָט אַראָפּגענומען פון דאָרטן איר בערעט, אויך דאָס לעדערנע רעקל, אָנגעטאָן זיך און איז אַרויס אָן אַ וואָרט.

סאָל האָט גאָרנישט געזאָגט, כאָטש ער האָט פאַרשטאַנען וואָס זי האָט געטאָן. ער האָט געהאַלטן דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן איבערן דעסק און זיך נאָר באַשעפטיקט מיטן אונטערשרייבן די טשעקס.

— איז נאָך דאָ עפּעס פאַר מיר אונטערצושרייבן? — האָט ער, נאָכן חתמענען די טשעקס, זיך אויסגעדרייט צו גרייסין און געפרעגט.

— יאָ, — האָט גרייסי אויפגעהערט קלאַפּן אויף דער שרייבמאַשין און געענטפערט.

— וואָס?

— די בריוו וואָס ריווע האָט מיר דיקטירט.

— וואָסערע בריוו זענען זיי?

גרייסי האָט אים דערלאַנגט עטלעכע, וואָס זענען שוין געווען טיפּירט.

סאָל האָט זיך איצט נישט געאײַלט. ער האָט יעדן בריוו איבערגעליינט פּאַמעלעך, פאַרזיכטיק און מיט פאַרטראַכטקייט. פאַרטיק געוואָרן, האָט ער זיי צוריקגעגעבן צו גרייסין און איז אויפגעשטאַנען.

— כ׳וויים גאָרנישט וועגן זיי, — האָט ער געזאָגט. — כ׳וויים נישט וואָסערע טראַנזאַקציעס ריוועז האָט געמאַכט מיט די טעקסטיל־פירמעס. זאָלן די בריוו ליגן ביז כ׳וועל וויסן וואָסערע ביזנעס זיי זענען.

מחוץ פאָלגן אַלץ, וואָס ריוועז האָט געהייסן טאָן, האָט גרייסי נישט געוואוסט קיין זאַך אין געשעפט. זי האָט דערפאַר גאָרנישט געהאַט וואָס צו זאָגן סאָלן, נאָר צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ, ס׳הייסט, זי וועט לאָזן ליגן די בריוו ביז ער׳ט זיך דערוויסן „וואָסערע ביזנעס זיי זענען." ווי קאָמיש דאָס איז . . . קאָן זי דען אָוועקשיקן די בריוו, אויב זיי זענען נישט אונטערגעשריבן פון אים? איז ווי קומט ער צו זאָגן אַז זי זאָל זיי לאָזן ליגן? זי וואָלט דען זיי נישט געלאָזט ליגן? דאָך האָט זי נאָך צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אַז זי׳ט אויספאָלגן ווי ער האָט אָנגעזאָגט.

נישט געהאַט מער וואָס צו טאָן דאָ, איז סאָל אַרויס פון אָפיס.

לויט ווי מ׳האָט געקאָנט זען דורך די שויבנטירן פון דער קראָם איז דער דרויסן שוין געווען גרוי. די זון איז געהאַט אַוועק און האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ פייער ווי אַן אָנשרעק פאַר דער נאַכט. אויך איז דער בין־השמשות געווען קיל. מ׳האָט עס געשפּירט אין דער לופט פון געשעפט.

סאָל איז געזעסן ביים רעגיסטער און האָט זיך אַרומגעקוקט אין דער קראָם. אין אייניקע ערטער איז געווען אַ געדרענג פון קונים וואָס האָבן אָפּגעקליבן מוסטערן פון סחורות, אָדער געדעדט מיט סיילסלייט וועגן פרייזן. אין אַנדערע ערטער איז געווען ליידיק. ווען די נאַכט וועט צופאַלן וועלן מן־הסתם אויך די ליידיקע פלעצער זיין פול מיט קויפערס. נאָכ׳ן אָוונט־מאָלצייט קומען אָפט אַרבעטס־מענטשן מיט זייערע מישפּחות איינהאַנדלען מאַטעריאַלן פאַר זייערע היימען. פאַר אים, סאָלן, וואָלט אָבער דאָס געמיינט, אַז ער זאָל נישט קאָנען אַרויס פון דאַנען ביז שפּעט אין אָוונט און ער זאָל נאָר זיצן דאָ ביים רעגיסטער.

אַז ס׳איז שוין געווען פינצטער איז ער אָבער אויפגעשטאַנען און ער האָט זיך פאַרנומען אין אָפיס אַריין.

— וועסט אַזוי גוט זיין און אַרבעטן היינט לענגער, — האָט ער געזאָגט צו גרייסין וואָס האָט זיך שוין געקליבן צו גיין אַהיים. — וועסט זיצן ביים רעגיסטער . . .

גרייסי איז געוואָרן בלייך אין פּנים. זי האָט נישט געוואָלט אַרבעטן שפּעט. זי האָט אָבער גאָרנישט געזאָגט.

סאָל איז צו צום מלבושים־הענגער, אָנגעטאָן זיך דעם קאַפּעליוש, דאָס רעקל, אויך דעם מאַנטל, און זיך צוריק אויסגעדרייט צו גרייסין:

— גיב יעדן פון סטעף זיין טשעק און נעם פאַר זיך אויך דיינעם. דעם טשעק פאַר ריוועזן וועסטו פאַרשליסן אין דער פייער־קאַסע.

און נישט וואַרטנדיק אפילו אויף איר ענטפער האָט ער זיך אַרויסגעלאָזט פון אָפיס און נאָכדעם פון געשעפט.

וואוהין? ער איז אַוועק צו די האָרוויצעס.

אַריבערגעטראָטן די שוועל פון דער רבנישער דירה, איז ער געבליבן שטיין אין קאָרידאָר און ער האָט געקוקט אויף מיסעס גאָטליב וואָס האָט אים געעפנט די טיר.

— גוטן אָוונט, סאָל, — האָט זי, די קורצוואוקסיקע מיסעס גאָטליב, געזאָגט.
סאָל, שטאַרק נישט־פריינדלעך, האָט געברומט ווי פאַר זיך:
— גוטן אָוונט.
— כ׳פאַרשטיי ד׳ווילסט זען הילדען...
— יאָ.
— זי׳ז אין ליווינגרום. אַ סך פריינדינעס אירע זענען געקומען צו איר אויף באַזוך. אויב ווילסט זיי נישט שטערן, קאָנסטו דערווייל זיצן און רעדן מיט דער רביצין. זי׳ז אין רבס ספרים־שטיבל.
סאָל האָט דערויף נישט געענטפערט. ער האָט נישט געוואוסט וואָס צו זאָגן. דערווייל זענען צו זיינע אויערן דערגאַנגען גערייעדן וואָס הילדעס פריינדינעס האָבן צווישן זיך געהאַט אין גאַסטצימער:
— דער אויפברויז קעגן נאַצי־דייטשלאַנד צעוואַקסט זיך אין אַלע לענדער.
— מאַסן־דעמאָנסטראַציעס קומען פאָר אין פראַנקרייך, אין ענגלאַנד...
— אויך אין די פאַראייניקטע שטאַטן שטאַרקט זיך דער צאָרן.
— פון אומעטום הערט זיך דאָס זעלבע געשריי — — — —
— די דייטשע אַרמייען שטייען דאָך שוין גרייט צו באַפאַלן פעלקער!
— פאַרוואָס זענען די מערב־לענדער טויב צום שוץ־רוף פון סאָוועט־רוסלאַנד?
— קאָמוניזם איז דער איינציקער שונא פון נאַצי־דייטשלאַנד.
— די פּאַרטיי גרייט־צו אַ צווייטע דעמאָנסטראַציע אין ניו־יאָרק.
— די מאַסן מוזן דערזען ווער ס׳איז דער אמתער שונא פון די הונען...
— וועסטו רעדן ביי דער דעמאָנסטראַציע, קאָמעראַד הילדע?
סאָל האָט איצט אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ צו מיסעס גאָטליב און געוואָלט זאָגן, „ניין. כ׳וויל נישט זען די רביצין און נישט הילדען. כ׳גיי אַוועק פון דאַנען.״ ער האָט זיך אָבער גיך קאָנטראָלירט און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ:
— כ׳וועל גיין צו דער רביצין. כ׳וויל נישט מאַכן הילדען אומבאַקוועם מיט מיין אַנוועזנהייט.

.4

אויסער דער רביצן איז אין ספרים־שטיבל אויך געווען דער ראש־ישיבה ר׳ מרדכי כהן.
ער איז געזעסן ביים טיש, איין זייט קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף אַ האַנט, און האָט מיט זיינע געדיכט־באַברעמטע, שוואַרצע אויגן אַריינגעקוקט אין איינעם פון די חיבורים וואָס דער רב הארוויץ האָט געהאַט געשריבן ביים לעבן. די שריפט איז געווען אַ קלאָרע. יעדעס אות אַ פּערל. ס׳איז געווען קענטיק דערפון, אַז דער רב האָט געשריבן נישט נאָר דערפאַר ווייל ער האָט געוואָלט זיך אַראָפּרעדן פון האַרץ, ווייל עפּעס האָט אים שטאַרק געאַרט, גורם געווען זאָרג, פּיין. ניין, נישט בלויז דערפאַר. ער האָט אויך ליב געהאַט יעדעס וואָרט פון דעם רעיון וואָס ער האָט אויפגעשריבן אויפן פּאַפּיר. דערפאַר האָט ער געצערטלט יעדעס שטריכלעכע, יעדעס רעדעלע, ממש אַזוי ווי ר וואָלט ער געדרוקט.
ר׳ מרדכי האָט געהאַט אַ חשק נישט אַוועקצורירן זיך פון חיבור און איבערגעבן זיך אינגאַנצן דעם געכתיבעטן, וואָס כאָטש ס׳איז געווען געשריבן מיט שוואַרצער טינט האָט עס דאָך געגלימערט מיט רעגנבויגן קאָלירן ווי פון אַ מייסטערהאַפט־געשליפענעם דימענט. ער האָט געהאַט אַ באַגער אַריינצוטאָן זיך אין דעם פון דעם ערשטן זייטל ביז

צום לעצטן. זײַן זיצן דאָ איצט האָט אָבער געהאַט אַן אַנדערע כּוונה.

אין הסכם מיט דער פּערזענלעכער בקשה, וואָס דער רב האַרוויץ האָט אויסגעדריקט צו אים, ר׳ מרדכי׳ן, אין שפּיטאָל, דעם אָוונט פֿאַר זײַן פּטירה, וועט ער, דער ראש־ישיבה, מעיין זײַן אין אַלע חיבורים, אויסיעטן, אָדער פֿאַרבעסערן וואָס נאָר ס׳איז, לויט זײַן השגה, בײַטיק, און אַרויסברענגען די חיבורים אין געדרוקטע ספֿרים פֿאַר דעם טראַכטנדיקן קורא וותיק און יודע חן. דורך דער צײַט פֿון שבעה האָט ער, ר׳ מרדכי, זיך נישט געוואָלט צורירן צו זיי. ער האָט נישט געוואָלט פֿאַרטיפֿערן דעם צער איבער דער אבֿידה — נישט בײַ זיך אין נישט בײַ דער רביצין. צו־פֿיל צער קאָן פֿירן צו ייאוש. און דאָס איז עובֿר אויפֿן פּסוק „ה׳ נתן וה׳ לקח״. אָבער ווי נאָר די שבֿעה האָט זיך פֿאַרענדיקט הײַנט אינדערפֿרי, און דער עולם מתפּללים איז אַוועק, האָט ער, ר׳ מרדכי, געלאָזט וויסן דער רביצין, אַז הײַנט אָוונט וועט ער נעמען צו זיך אַהיים די כּתבֿים.

און אַזוי איז עס טאַקע געשען. נישט לאַנג צוריק איז ער געקומען, האָט זיך אַוועקגעזעצט בײַם טיש און בינ־לבֿינ־ אַרײַנגעקוקט אין איינעם פֿון די חיבורים וואָס די רביצין האָט געהאַלטן אין אַרויסנעמען פֿון די מעטאַלענע שאַפֿעס און אַהערברענגען, כּדי ער זאָל זיי נעמען אַהיים מיט זיך.

— זײַט מוחל... — האָט זיך מיטאַמאָל דערהערט אַ קול פֿון אַ יונגנמאַן.

ר׳ מרדכי האָט אויפֿגעהערט אַרײַנקוקן, אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ און דערזען דעם זון פֿון דעם פֿאַרשטאָרבענעם פּרעזידענט פֿון דער שול מקווה־ישׂראל.

אויך האָט די רביצין אויפֿגעהערט זיך פּאָרקן בײַ די מעטאַלענע שאַפֿעס און גענומען קוקן אויף סאָלן.

סאָל איז געשטאַנען בײַ דער טיר און האָט זיך ווידער מיתנצל געווען:

— כ׳האָב נישט געוואָוסט, רביצין, אַז איר זענט נישט אַליין.

— ס׳מאַכט נישט, סאָל... — האָט די רביצין, אַ שטאַרק אײַנגעדאַרטע אין פּנים זינט דעם מאַנס פּטירה, געזאָגט צו אים און מיט אַ דאַרער האַנט אָנגעוויזן אויף אַ שטול. — זעץ דיך.

סאָל האָט אָבער נישט געוואָלט הערן דערפֿון:

— כ׳וועל צוואַרטן אין קיך.

אַוועקגערירט זיך פֿון דער טיר, האָט ער געזען ווי אַ צאָל מיידלעך, אין די יאָרן צווישן אַכצן און צוואַנציק, גייען אַרויס אויפֿגעלייגטע פֿון גאַסטצימער און דערנענטערן זיך צום אַרויסגאַנג. הינטער זיי איז נאָכגעגאַנגען הילדע. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַן אויסגעפּאַסט, שוואַרץ קליידל. די בלאָנדע האָר אַראָפּגעקעמט צו די אַקסלען. און אויף די פּיס האָט זי געטראָגן שיכלעך מיט נידעריקע קנאַפּלען. דאָך האָט זי אויסגעזען העכער פֿון די אַנדערע מיידלעך, און געשיקטער אוודאי.

סאָל איז געבליבן שטיין אין קאָרידאָר. אַז די מיידלעך זענען אַוועק, און הילדע האָט זיך צוריקגעקערט פֿון באַגלייטן זיי ביז דער טיר, האָט ער זיך גערירט און איז האַסטיק איר אַקעגנגעגאַנגען.

— כ׳וויל מיט דיר עפּעס רעדן, — האָט ער זי אָנגענומען בײַ אַ האַנט און פֿאַר־קירעוועט זיך צום גאַסטצימער.

— קום אַרײַן אין קיך, — האָט הילדע זיך נישט געלאָזט פֿירן פֿון אים און פּרובירט אַרויסרײַסן איר האַנט פֿון זײַנער. — מיסעס גאָטליב האָט צוגעגרייט עסן פֿאַר מיר און דער מאַמען מײַנער. כ׳וויל נישט אַז זי זאָל וואַרטן אויף מיר. זי איז גענוג גוטהאַרציק צו קאָכן פֿאַר אונדז זינט מײַן טאַטנס טויט.

— פאַרגעס אַצינד דאָס עסן! — האָט ער נישט אויפגעהערט צו ציען זי צום גאַסטצימער. — כ׳וויל מיט דיר רעדן ווען קיינער איז נישט דערביי.

הילדע האָט זיך אָבער נישט געלאָזט שלעפּן און איז געבליבן שטיין אַן איינגעשפּאַרטע אין קאָרידאָר.

— קאָנסט מיר זאָגן דאָ. קיינער וועט נישט הערן.

סאָל האָט דערקענט אין איר דאָס דערוואַרטע עקשנות וואָס האָט זיך פון צייט צו צייט דערוועקט אין איר. ס׳איז געווען אַן עקשנות פון איר זיכערקייט אין זיך, פון איר יחוס, פון איר פילן זיך העכער פון אים אין אינטעליגענץ, אין געלערנטקייט, און אויך העכער פון אַלע באַקאַנטע און פריינד פון איר עלטער.

— ביסטו אַרומגעגאַנגען מיט אַן אַנדערן יונגנמאַן — האָט ער געקוקט מיט צערייצטקייט אין די אויגן — אין דער צייט ווען ד׳האָסט נאָך נישט געהאַט אַרויסגעוויזן קיין גלייכגילטיקייט צו מיר?

הילדע האָט געקוקט אויף אים און געפילט ווי אַ קעלט האָט אַרומגענומען איר לייב. זי האָט געזען ווי די ציין ביי אים ציטערן פון כעס, און זיך נישט געפילט איצט גענוג שטאַרק צו ענטפערן אים. אָבער זי האָט יאָ געענטפערט.

— יאָ.

— און ד׳גייסט נאָך אַלץ אַרום מיט אים?

— יאָ.

— ביסטו פאַראינטערעסירט אין אים?

— יאָ.

— פאַרליבט?

— יאָ.

— איז דאָס דער זעלבער וואָס איז געזעסן ביי אונדזער טיש אויף דיין קאַלעדזש־פריינדינס חתונה?

— יאָ.

— אַ קאָמוניסט?

— יאָ.

— אַ פירער פון דער קאָמוניסטישער יוגנט?

— יאָ.

— אַ שרייבער?

— יאָ.

— און דו וועסט מן־הסתם מיט דער צייט אויך ווערן אַ פירער ביי זיי?

הילדע האָט געקוקט אויף אים מיט פאַרשנדיקע אויגן, אָבער געשוויגן.

— אויך אַ שרייבער, האַ?

הילדע האָט ווידער נישט געענטפערט.

— נו, גוט... — האָט ער, נאָך אַ ווײַלע שווייגן, געזאָגט. — ווייס׳יך שוין אַלץ. ס׳איז, הייסט עס, נישט געווען קיין ליגן וואָס מ׳האָט מיר געשריען אין פּנים אַריין... אַ שטומקייט איז געבליבן הענגען אין לופטן.

— וועסטו שוין אַצינד אַריינגיין מיט מיר אין קיך? — האָט הילדע אים געפרעגט אין אַ ווײַלע אַרום.

סאָל האָט נישט געעפנט די ליפּן. ער האָט זיך אָפּגעקערט פון איר, געווישט זיך די אויגן וואָס זענען געוואָרן פייכט, און איז אַרויס.

# קאַפּיטל פֿיר־און־דרײַסיק

## נקמה

.1

יעדעס מאָל וואָס סאָל איז אין די פֿאַרגאַנגענע עטלעכע טעג אַרײַנגעקומען צו די האָרוויצעס אין הויז האָט הילדע אָבסערווירט זײַנע שטימונגען, תנועות, און נאָכגעטראַכט וועגן זײַן געדריקטקייט. בײַ יעדער געלעגנהייט האָט זי געוואָלט אָנבאָטן צו באַגעגענען זיך מיט אים אַזוי אָפּט ווי ס׳וועט אים זײַן ניחא. אָבער זי האָט זיך נישט געקאָנט אויפֿהייבן צו דער דאָזיקער הייך. יעדעס מאָל האָט איר אויסגעפּעלט גײַסטיקער כּוח צו טאָן עס. דערצו איז זי אַליין געווען אַזוי דערשלאָגן, אַז אַפֿילו צו טאָן עפּעס פֿאַר זיך גופֿא האָט זי נישט געפֿונען אין זיך גענוג שטאַרקייט און באַגער.

די גײַסטיקע געפֿאַלנקייט וואָס זי האָט אָבער דערזען אין סאָלן הײַנט אָוונט, בעת ער האָט גענומען אָפּשייד פֿון איר און איז אַרויס פֿון הויז מיט טרערן אין די אויגן — דאָס האָט זי, הילדען, אַזוי אויפֿגעטרייסלט, אַז אין משך פֿון אַ היפּשער צײַט האָט זי בפֿירוש נישט געוואוסט וואָס ס׳קומט פֿאַר מיט איר.

זי איז געזעסן אין קיך בײַם אָוונטמאָל, וואָס מיסעס גאָטליב האָט געהאַט געגרייט אויפֿן טיש פֿאַר איר און דער מוטער, אָבער זי האָט נישט געוואוסט וואָס זי האָט געגעסן. שפּעטער האָט זי גערעדט מיט דזשעסין וואָס האָט געהאַט אַרײַנטעלעפֿאָנירט. אָבער דאָס וואָס זי האָט גערעדט צו אים האָט זיך נישט געקלעפּט אַ וואָרט צו אַ וואָרט. דזשעסי האָט עטלעכע מאָל זי געפֿרעגט צי זי פֿילט זיך געזונט, אָבער פֿון איר ענטפֿער איז אים נישט געווען קלאָר צי זי זאָגט יאָ אָדער ניין.

און איצט אין איר שלאָפֿצימער ווייסט זי אויך נישט וואָס זי טוט. אָט ליגט זי אויפֿן בעט מיטן פּנים אַרויף, די הענט אונטערן קאָפּ, די אויגן פֿאַרמאַכט. און אָט ליגט זי מיטן פּנים אַראָפּ און די הענט צעשפּרייט, דריקנדיק די מאַטראַץ־זײַטן מיט אירע פֿינגער. אָט זעצט זי זיך מיטאַמאָל אויף, קוקט אין דער פֿינצטערניש אַרײַן, עלעהיי זי וואָלט געהאַט אַ שמעטערנדיקן קאַפּריוויטאַג. און אָט קוקט זי אַרויס דורכן פֿענסטער וואָס באַגעגנט זיך מיט אַ פֿענסטער פֿון אַ שכנותדיקער טענעמענט־געבײַדע, און לייגט זיך צוריק אויפֿן בעט. דאָס מאָל מיטן פּנים צופֿוסנס און מיט די פֿיס צוקאָפּנס.

דאָס פֿאַרצווייפֿלטע שמאָלע פּנים מיט דעם שאַרפֿן בליק פֿון אַן אומגליקלעכן, דאָס וואָס זי האָט געזען בײַ סאָלן ווען ער איז אַוועק פֿון איר, איז נאָכאַנאַנד געשטאַנען פֿאַר אירע אויגן. ס׳האָט גאָרנישט געוואָלט אָפּטרעטן. און געשטאַנען איז עס מיט אַזאַ פֿײַנלעכן אויסדרוק, אַז עס האָט זי געשניטן בײַם האַרץ. פֿון צײַט צו צײַט האָט זי אַפֿילו דערשפּירט ווי ס׳ווערט איר ענג אין האַלדז, די אויגן ווערן פֿול מיט אָנגעריזלטער פֿליסיקייט, און די ליפּן נעמען זיך קנייטשן און פֿיבערן. אַלץ איז אָבער געשען ווי פֿון זיך אַליין. זי איז געווען ווי אַ ליידיק שיפֿל וואָס דער אָנטרײַבער דערפֿון איז דערטרונקען געוואָרן און וואָס זינט דעמאָלט טראָגט עס זיך וואו נאָר די ים־כוואַליעס טרײַבן.

פּלוצעם האָט זי זיך אַ לאָז אַראָפּ געטאָן פֿון בעט, אָנגעצונדן דאָס לעמפּל אויפֿן טישל, און געעפֿנט די טיר פֿון מלבושים־שענקל. זי האָט אַרויסגענומען אַ פּאָר שיכלעך,

אַ קלייד, אַ מאַנטל, אַ היטעלע, אַוועקגעלייגט אַלץ אויף אַ שטול און אַראָפּגעצויגן פון זיך דעם הויזראָק.

געוויינלעך דויערט ביי איר נישט לאַנג דאָס אָנטאָן זיך. זי האָט נישט ליב צו פּטרן קיין סך צייט. דערצו איז זי בטבע אויף אַ גיכע. איצט האָט איר אָבער נישט גענומען מער ווי אַ שפּליטער דערפון, אַזוי אימפּעטיק איז זי געווען דאָס מאָל. און אַז זי האָט שוין אַלץ געהאַט אויף זיך, איז זי גלייך אַרויס פון צימער און האָט זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג פון אַפּאַרטמענט.

.2

געגאַנגען איז זי צו סאַלן.

יעדעס מאָל וואָס זי האָט אים געזען אין די שבעה־טעג האָט זי נישט געקאָנט אָפּמאַכן ביי זיך צי ער איז טאַקע גייסטיק קראַנק ווי די מוטער אירע האָט געהאַט געזאָגט וועגן אים אין דזשעסיס וואוינונג, ערב דעם אומגעריכטן טויט פון מיסטער רובין, אָדער ער איז בלויז געוואָרן פלעגמאַטיש איבער דעם אויפטרייסלענדיקן געשעעניש אין זיין היים.

בשעת איין וויזיט זיינעם האָט זי באַמערקט אין אים אַן אומפעאיקייט צו קאָנצענטרירן זיך, צו באַנעמען די לויזע פאַרבינדונג צווישן זיינע ענטפער־רייד און דער אַנטוויקלונג פון אַ געדאַנק ביים מיטשמועסער. דאָס, פאַרשטענדלעך, האָט געקאָנט זיין די סיבה פון זיין גייסטיק־קראַנקן צושטאַנד. אָבער/אין פאַרלויף פון זיין צווייטן באַזוך האָט זי גאָר דערזען דאָס פאַרקערטע. ער איז געווען ווי אַלעמאָל, אין די פריערדיקע יאָרן, ניכטער, שכלדיק, אַמביציעז און מיט אַ מער־וויניקער ווייטן בליק צו קאָנען פאָרויסזען אַן אויסגאַנג פון אַ סיטואַציע וואָס האָט זיך געשאַפן צווישן איינצלנע מענטשן אָדער אין דער געזעלשאַפט בכלל. די דאָזיקע מעלות זיינע זענען אגב געווען דער כוח וואָס האָט אַפּעלירט צו צוהערערס און דערפאַר אויך צוגעצויגן צו אים זיינע חברים, די סטודענטן אָדער גראַדואירטע פון קאַלעדזשעס. פון די דאָזיקע באַזוכן זיינע האָט זי, הילדע, אַרויסגעדרונגען, אַז ער איז נישט קראַנק גייסטיק. און אַז ער האָט איין מאָל געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ צעטראָגענעם, אַ נישט־נאָרמאַלן, איז עס בלויז געווען איבער די אומגעריכטע געשעענישן אין זיין היים. זיי האָבן אים געמאַכט פלעגמאַטיש. דאָס איז אָבער אַ צושטאַנד וואָס וועט לאַנג נישט אָנהאַלטן.

היינטיקן אָוונט האָט ער זי אָבער אינגאַנצן אויפגעטרייסלט מיט זיין אויפפירן זיך. ער איז געווען פולשטענדיק אומבאַלאַנסירט. ער האָט געפּלאָנטערט מיט דער צונג, גערעדט אומזיניקייטן, און צום סוף זיך צעוויינט ווי אַ קליין קינד. וואָס האָט דאָס באַדייט ? פּשוט, ס'איז טאַקע אמת וואָס די מוטער האָט איר געזאָגט. ער איז מער נישט באַלעבאָס איבער זיינע געפילן, ווען ער געפינט זיך פּנים צו פּנים מיט אַ פּיינלעכן צושטאַנד. און אוודאי איז דער פאַקט וואָס ער האָט זיך דערוואוסט היינט אָוונט, אַז זי, הילדע, איז שוין פאַרבונדן מיט אַ צווייטן יונגנמאַן, געווען פאַר אים אַן אומגעוויינלעך־עמאָציאָנעלע איבערלעבעניש.

איז וואָס קאָן זי טאָן ? דאָס זעלבע וואָס זי האָט געהאַט פּלאַנירט מיט איבער אַ וואָך צוריק, ס'הייסט צו פאַרברענגען מיט אים, מאַכן דעם איינדרוק אַז איר אָפּלאָזן דעם שידוך מיינט נישט אַז צווישן איר און אים איז אַלץ פאַרענדיקט. חס וחלילה. זי שעצט אים זייער שטאַרק. זי קוקט אַרויף צו אים. אין פיל געביטן שטייגט ער אַריבער אַנדערע

יונגעלייט, אפילו דיקווידן, מיט וועמען זי איז איצט פֿאַרבונדן, און זי האָט גאָרנישט קיין חרטה אויף די יאָרן וואָס זי איז אַרומגעגאַנגען מט אים, סאָלן, איי, זי האָט זיך פֿאַרט פֿאַרבונדן מיט אַ צוויייטן, איז עס נישט מער ווי דאָס וואָס קיינער קאָן נישט וויסן וואָס אייגנטלעך עס איז. ס׳געשעט אפילו צווישן פֿאַרהייראַטע פֿאַרפּעלקער. אָט זענען זיי גליקלעך איינער מיטן צווייטן, זיי פֿילן אַז קיין דריטער קאָן נישט אַריינקומען צווישן זיי, און פּלוצעם — אָן איבערקערעניש. זיי שיידן זיך. און אויב זיי גייען זיך נישט פֿונאַנדער, טייל מאָל צוליב קינדער, אָדער איבער קרובים, צי באַקאַנטע, זענען זיי סיווי אין קאָנטאַקט מיט דער דריטער פּערזאָן ביודעים אָדער בשתיקה. בקיצור, זי וועט מיט אים, סאָלן, רעדן און געבן אים צו פֿאַרשטיין אַז זי האָט לחלוטין נישט איבערגעריסן מיט אים. זי וויל שטיין מיט אים אין שטענדיקער פֿאַרבינדונג. זי האָט גרינטלעכע סיבות פֿאַר דעם — גוטע, אמת־האַרציקע סיבות.

אָבער וואוהין זאָל זי גיין ? אין געשעפֿט אַריין, אָדער צו אים אַהיים ?

אָפּגעגאַנגען עטלעכע בלאָק, האָט זי זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ גאַסן־לאָמפּ, אַ קוק געטאָן אויפֿן האַנטזייגערל און געזען אַז ס׳איז שוין צו־שפּעט צו גיין אין „סטאָר״ אַריין. דאָס געשעפֿט איז שוין געשלאָסן. אָן ווייטערדיק טראַכטן האָט זי זיך אַ קער געטאָן אין אַן אַנדערער זייט און זיך געלאָזט גלייך צו סאָלן אַהיים.

## 3.

אין דער ראָם פֿון דער געעפֿנטער טיר האָט זיך באַוויזן סאָל. ער איז געשטאַנען אָן אַ קאָפּעליוש אויפֿן קאָפּ, אָן אַ רעקל, און האָט אַ לענגערע ווײַלע געקוקט אַ בלאַסער אויף הילדען. זיינע דינע ליפּן האָבן זיך נישט געעפֿנט. און זיינע שוואַרצע אויגן האָבן זיך נישט באַוועגט ווי פֿאַר אַ צעטומלענדיק רעטעניש.

— וואָס ווילסטו ? — האָט ער אין אַ ווײַלע אַרום געפֿרעגט.

— דורכרעדן זיך מיט דיר וועגן אונדז ביידן ... — האָט הילדע געזאָגט שטיל און מיט אַ שולדגעפֿיל.

— וואָס וועגן אונדז ביידן ? — האָט ער זיך נישט אַוועקגערירט פֿון דער טיר און געפֿרעגט מיט ווייטאָג און אומצוטרוי צו איר.

— כ׳קאָן נישט רעדן וועגן דעם אין קאָרידאָר... — האָט זי געענטפֿערט און גלייכצייטיק שוין געהאַט אַ ביסל חרטה אויף איר קומען צו אים איבער זיין חוצפּהדיק אויפֿפֿירן זיך צו איר.

— נו, — האָט ער אומגערן געענטפֿערט, — קום אַריין.

אין גאַסטצימער, וואָס ער האָט אויסגעקליבן ווי אַן אָפּיציעל פּלאַץ אויפֿצונעמען זיין געוועזענע כלה, ווי דאָס איז אין אַלגעמיין געטאָן געוואָרן דאָ מיט פֿרעמדע געסט, האָט ער זיך געזעצט אויף דער סאָפֿע, אָבער נישט פֿאַרבעטן זי צו זעצן זיך.

— נו, — האָט ער ווידער געזאָגט מיט אומגעדולד ווי פֿריער, — וואָס האָסטו צו זאָגן ?

הילדע האָט אָבער נישט געעפֿנט אירע ליפּן. זיין קאַלטע באַציאונג צו איר, זיין אויבנאַראָפּ־קוק, זיין נישט רעכענען זיך מיט איר אַנוועזנהייט, מיט איר פּאָזיציע אין דער געזעלשאַפֿט — דאָס אַלץ האָט זי אַזוי דערשלאָגן, און גלייכצייטיק אַזוי אויפֿגעהעצט קעגן אים, דעם „אַנימאַל אימפּלומע ביפּעס״, די צוויי־פֿיסיקע חיה אָן פֿעדערן, אַז זי האָט נישט געקאָנט אַרויסברענגען קיין איין וואָרט אויף איר צונג.

— נו, — האָט ער אויפסניי געפרעגט מיט אומגעדולד, — פאַרוואָס שווייגסטו?

פון הילדען האָט זיך מיטאַמאָל אָפּגעטאָן איר ווידערגעפיל צו אים. פאַרוואָס — האָט זי געטראַכט — זאָל זי דערוואַרטן פון אים אַ בעסערע באַציאונג צו איר נאָך דעם ווי זי האָט ביי אים אָפּירגעריסן דעם באָדן פון אונטער זיינע פיס און געלאָזט אים הענגען אין לופטן? פאַרוואָס זאָל זי דערוואַרטן פון אים איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונג? זי האָט געעפנט דעם האַנטבייטל, וואָס זי האָט געטראָגן מיט זיך, אַרויסגעצויגן פון דאָרטן אַ ציגאַרעטל, אויך אַ ציגד־מאַשינקעלע, פאַררייכערט, און גענומען רעדן.

— צווישן אונדז דאַרף קיינמאָל נישט זיין קיין פּרעמדקייט, — האָט זי געזאָגט און אַרויסגענומען דאָס ציגאַרעטל פון מויל. — מיר דאַרפן זיך באַגעגענען אָפט און אפילו גיין צוזאַמען אין אַ טעאַטער אַריין, אין אַ מואווי, און צו קאָנצערטן. מיר קאָנען דאָך נישט אָפּמעקן אונדזערע יאָרן, וואָס מיר האָבן פאַרבראַכט איניינעם. און פאַרוואָס פאַרוואַנדלען זיי אין אַ יאָמער־טאָל? פאַרוואָס זאָלן מיר נישט אָנהאַלטן די וואַרעמקייט פון איינעם צום צווייטן, די יאָרן־לאַנגע וואַרעמקייט וואָס האָט אונדז געגעבן אַזוי פיל פרייד? מיר זענען דאָך דערוואַקסענע מענטשן!

דורך דער גאַנצער צייט פון איר רעדן האָט סאַל געהאַלטן איין פוס פאַרלייגט איבערן צווייטן און נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון די קניען, כאָטש ער האָט דאָרטן גאָרנישט געזען. און אַז הילדע האָט אויפגעהערט מיט איר אויפקלערונג, מיט איר אַנאַליז, איז ער נאָך אַלץ אַזוי געזעסן אין דער זעלבער פּאָזע, עלעהיי ער וואָלט גאָרנישט געהאָט געהערט און גאָרנישט געהאַט וואָס צו זאָגן.

הילדע האָט זיך איצט מיט האַסט אַ זעץ אַריין געטאָן אין אַ שטול, כאָטש ער האָט זי נישט פאַרבעטן צו זיצן, אַריינגעוואָרפן דעם מושטיק פון אויסגערייכערטן ציגאַרעטל אין דעם אַש־טעצעלע, וואָס אויף אַ דערבייאיק טישעלע, און גענומען קוקן אויף סאָלן צי ער גייט מאַכן וועלכע־ס׳איז באַמערקונג וועגן איר אויפקלערונג. געזען אַז נישט, האָט זי צעעפנט דעם האַנטבייטל און פונדאָסניי אַרויסגענומען אַ ציגאַרעטל און דאָס ציגד־מאַשינקעלע. דאָס מאָל האָט זי אָבער נישט געפּופּט, נאָר געביסן אויפן מושטיק. זי איז געווען נערוועז און האָט געטראַכט, אויב זי וועט נישט הערן פון אים גאָרנישט אין אַ מינוט, אָדער צוויי מינוט, וועט זי אויפשטיין און אַוועק אָן „אַ גוטע נאַכט.״ זי וועט אים פאַרגעסן, אויך די גאַנצע געשעעניש, און אַראָפּ פון מאַרק. זי וועט זיך נישט פילן שולדיק אין גאָרנישט. זי האָט געוואָלט עפּעס טאָן פאַר אים, אָבער ער האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין נייטיקייט דערין.

און אַז זי איז שוין געווען כמעט גרייט אויפצושטיין און צו פאַרלאָזן, האָט ער אויפגעהויבן זיינע אויגן פון די קניען און גענומען קוקן אויף איר.

— כ׳ווייס נישט, — האָט ער שטיל, און גלייכגילטיק צו איר, געזאָגט, — ווער ס׳דאַרף אַצינד האָבן מער טרייסט פון אַ פריינד, מער מיטלייד פון אַ נאָענטן, איך אָדער דו . . .

הילדע האָט נישט פאַרשטאַנען דעם זין פון זיין זאָג. זי האָט אָבער דערוואַרט אַז ער וועט נישט בלייבן שטיין ביי די עטלעכע ווערטער, ער׳ט ווייטער רעדן. און דעמאָלט וועט זי זיך פונאַנדערקלייבן אין זיין געדאַנק. איר וואַרטן איז אָבער געווען אומזיסט. ער האָט נישט גערעדט מער. ער האָט בלויז געקוקט אויף איר מיט שפּיזיק־קאַלטע אויגן און געהאַלטן זיינע ליפּן צונויפגעפּרעסט.

— וואָס מיינסטו? — האָט זי פון אומגעדולד אים געפרעגט.

ער האָט ווידער נישט געענטפערט. ער האָט בלויז געקוקט אויף איר מיט זיינע

שפּיזיק־קאַלטע אויגן. מיטאַמאָל איז ער אָבער אויפֿגעשטאַנען און איז אַרײַן אין אײנעם פֿון די אַנדערע צימערן. הילדע האָט זיך איצט שטאַרק געשראָקן פֿאַר זײַן אימפּולסיװ אַרויסגײן פֿון דאַנען. װער װײסט צי ער װעט זיך נישט אומקערן מיט עפּעס שעדלעכס און מאַכן אַ סוף צו איר. אויס שידוך, איז אויך אויס מיט אַלעם . . . װער װײסט ?

## 4.

צוריקגעקערט האָט ער זיך אָבער מיט אַ װײַס שטיקל פּאַפּיר װאָס איז געװען באַשריבן. ער איז געבליבן שטײן עטלעכע טריט פֿון הילדען און האָט אָנגעװיזן איר אויף דעם װאָס ר׳האָט מיטגעבראַכט.

— זעסט דאָס ? — האָט ער געפֿרעגט מיט צאָרן.

הילדע איז אויפֿגעשטאַנען פֿון דער שטול און האָט אַרויסגענומען דאָס ציגאַרעטל פֿון צװישן אירע ליפּן. זי האָט אָבער נישט געענטפֿערט.

— דאָס איז פֿון מײַן קוזינקע ריװע, — האָט ער װידער גענומען רעדן װעגן דעם באַשריבענעם שטיקל פּאַפּיר. — װען כ׳בין אַװעק פֿון דיר, בין׳ך נישט געגאַנגען צוריק אין סטאָר אַרײַן. כ׳האָב נישט געקאָנט . . . כ׳בין אַװעק אַהער. און אַז כ׳בין אַרײַן אין קיך האָב איך געפֿונען דאָס שטיקל פּאַפּיר אויפֿן טיש. דאָס איז אַ בריװל . . . װאָס מײנסטו זאָגט זי דערין ? מײַן קוזינקע ריװע לאָזט מיר װיסן אַז זי׳ט מער נישט צוריק־קומען אויף איר שטעלע. און װײסטו פֿאַרװאָס ?

הילדע האָט צוריק אַרײַנגעטאָן דאָס ציגאַרעטל אין מויל, אָבער גאָרנישט געזאָגט.

—װײַל װען זי האָט מיר געזאָגט אַז דו גײסט אַרום מיט אַ צװײטן יונגנמאַן האָב׳ך עס געהאַלטן פֿאַר אַ געמײנעם בילבול אויף דיר, אויף דײַן מאָראַלישן כאַראַקטער, און כ׳האָב זי געפּאַטשט . . . זי האָט זיך דערפֿילט שטאַרק באַלײדיקט דערפֿון און נישט געװאָלט האָבן מער װאָס צו טאָן מיט מיר. װעסטו עס איר אפשר האַלטן פֿאַר אַן עװלה ?

הילדע האָט איצט געפֿירט דאָס ציגאַרעטל פֿון אײן מויל־װינקל צום צװײטן מיט אירע נערװעזע ליפּן און אויפֿסנײַ גאָרנישט געענטפֿערט.

— אָבער אַז כ׳האָב געהערט פֿון דיר אין דײַן הײם אַז ס׳איז נישט קײן בילבול אויף דיר, האָב׳ך חרטה געהאַט אויף מײַן אָנרײַסן זיך אויף ריװען, און געזען אַז כ׳קאָן זיך אויף איר װאָרט שטאַרק פֿאַרלאָזן.

ער איז שטיל געבליבן, האָט געקוקט מיט האַס אויף הילדען, און אין אַ װײַלע אַרום װידער גענומען רעדן :

— אויפֿן װעג אַהײם פֿון דיר האָב׳ך געטראַכט צו בעטן ריװען צו פֿאַרגעבן מיר. כ׳בין אָבער נישט געװען אין קײן שטימונג צו טאָן עס באַלד. אַז כ׳האָב אָבער געטראָפֿן איר בריװל מיט דער רעזיגנאַציע, האָב׳ך נישט געקאָנט װאַרטן קײן אײן רגע לענגער און כ׳האָב אָנטעלעפֿאָנירט צו איר אַהײם. און װאָס מײנסטו האָב׳ך זיך דערװאוסט נאָך דעם װי זי האָט לאַנג געװײנט אויפֿן טעלעפֿאָן ?

הילדע האָט נישט אַרויסגעװיזן קײן שאָטן פֿון קײן נײַגער. זי האָט נאָר געפֿירט מיטן ציגאַרעטל פֿון אײן מויל־װינקל צום צװײטן.

— זי האָט מיר געזאָגט, ערשטנס, אַז זי קומט צוריק אויפֿן דזשאָב, װײַל אויסער איר איז נישטאָ קײן אַנדערער קרוב צו העלפֿן מיר אין געשעפֿט. און, צװײטנס, אַז כ׳זאָל זיך נישט נעמען צום האַרץ װאָס דו, הילדע, האָסט מיר אָפּגעטאָן. פֿאַרװאָס, װעסטו מן־הסתם פֿרעגן ? יאָ ? װײַל ס׳האָט נישט גענומען לאַנג װי דו אַלײן, דו הילדע, ביסט

באַשטראָפט געוואָרן פאַר דיין עקלהאַפט אויפפירן זיך צו מיר. ווילסט וויסן מיט וואָס דו ביסט באַשטראָפט געוואָרן? יאָ?

ער האָט זיך אָפּגערוקט פון איר אַ טראָט, צוויי טריט, און געקוקט אויף איר מיט אויפגעלעבטע אויגן:

— דיין יונגערמאַן האָט געטאָן צו דיר דאָס וואָס דו האָסט געטאָן צו מיר... ער האָט שוין אַ צווייטע. ער שלאָפט שוין אפילו מיט איר...

מיטאַמאָל האָט ער זיך צעלאַכט. ער האָט געכיכיקעט, אַרויסגעטאָן ביידע הענט אויף די באַקעס, געטרייסלט זיך פון שאָדן־פרייד און געקוקט אויף הילדען מיט נקמה־לוסט אין זיינע אויגן.

— נו?... — האָט ער זיך אויסגעגלייכט נאָך אַ לענגערער ווילע פאַרווילן זיך.

— אַצינד ווייסטו שוין וויסן פאַרוואָס כ'האָב דיר געזאָגט אַז „כ'ווייס נישט ווער ס'דאַרף אַצינד האָבן מער טרייסט פון אַ פריינד, מער מיטלייד פון אַ נאָענטן, איך אָדער דו"? האָ?...

פאַר הילדען איז געווען שווער צו באַשטימען וואָס ס'האָט אַרויסגערופן ביי איר אַ שמייכל אויף די ליפּן, סאָלס נישט־קלוג לאַכן, אָדער זיין מעשה־נורא וועגן דייווידן. לכתחילה האָט זי געקוקט אויף אים מיט באַדויער, אויך מיט פאַרשטענדעניש. וואָרעם טייל מאָל האָבן מענטשן אַ טבע צו לאַכן ווען זיי זענען אויף גרויסע צרות. מ'רופט עס „לאַכן מיט יאַשטשערקעס". אָבער אַז ער האָט נישט אויפגעהערט צו „הירזשען", ווי זי האָט עס אין געדאַנק באַצייכנט, האָט זי מיטאַמאָל אויך גענומען לאַכן, און זי האָט געקוקט אויף אים אַזוי, עלעהיי ביידע, ער און זי, וואָלטן געווען פּאַיאַצן, געשטאַנען אויף אַ טעאַטער־בינע, און געמאַכט אַלערליי לצישע שטיק כדי אונטערצוהאַלטן דעם עולם.

— כ'האָב נאָך קיינמאָל נישט געלאַכט אַזוי שטאַרק ווי אַצינד, — האָט זי גערעדט לאַכנדיק אי צו זיך און אי צו אים. — לאָך, סאָל! לאָמיר לאַכן העכער. ס'איז גוט צו לאַכן...

אָבער פּונקט אַזוי ווי זי האָט נישט געוואוסט גענוי וואָס ס'האָט אַרויסגערופן געלעכטער ביי איר, אַזוי האָט זי נישט געוואוסט דייטלעך וואָס ס'האָט זי אַ ווײַלע באַלדעם געמאַכט ניכטער און שטאַרק ערנסט, אפילו ברוגז אויף זיך, אויך אויף סאָלן, כאָטש זי האָט עס אים נישט געוואָלט אַרויסווייזן. זי האָט זיך אָבער נישט געקאָנט באַהערשן און נאָך אַ שטיקל ישוב־הדעת יאָ אַרויסגעוויזן.

— פון האָס צו מיר — האָט זי געזאָגט מיט גאַל אין קול און געפּיבערט מיט אירע ליפּן, ווי פון שטאַרקן כעס — ווייסטו אפילו נישט זיין איבערקלייבעריש אין אויס־טראַכטן אַלערליי ליגנס, אַבי מיר וויי צו טאָן.

סאָל האָט נישט געענטפערט. ער האָט בלויז געלאַכט און אָנגעקוואָלן וואָס ער האָט זי איצט געזען טויט־ווייס אין פּנים און מיט אַ רציחה־פלאַם אין אירע פאַר־צווייפלטע אויגן.

— אַ ליגן! — האָט זי מיטאַמאָל אַ געשריי געטאָן צו אים. — ביסט אַ בילבול־מאַכער! באַגערסט נקמה, אפילו אויף אַ נידערטרעכטיקן אופן...

סאָל האָט ווידער נישט געענטפערט. ער האָט נאָר געלאַכט. אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער אָבער אויפגעהערט לאַכן און זיך געלאָזט צו דער פאַיער־טיר, פון וואַנען ס'האָט זיך צעטראָגן אַ קלונג פון דעם עלעקטרישן גלעקל.

געעפנט די טיר, האָט ער דערזען ריוועס געוועזענעם מאַן, מעקס.

— איז ריווע אין הויז? — האָט מעקס, אַן אויסגעפּוצטער, אַן אָפּגעראַזירטער,

געפרעגט. — זי האָט מיר נעכטן געזאָגט צו באַגעגענען זי דאָ נאָך די אַרבעט־שעהן אין סטאָר.

— ניין, — האָט סאָל געענטפערט. — זי איז נישטאָ דאָ. זי האָט מיר אָבער געזאָגט פריער אויפן טעלעפאָן אַז איר זאָלט אַריבערגיין צו איר אַהיים.

בעת זיין ווייטערדיקן שמועס מיטן גאַסט האָט זיך הילדע גערירט פון אָרט. זי האָט שוין דאָ איצט מער גאָרנישט געהאַט וואָס צו טאָן. זי איז פאַרבייגעגאַנגען סאָלן, אויך מעקסן, און איז אַוועק אָן אַ „גוטע נאַכט".

# קאַפּיטל פינף־און־דרייסיק

## די באַגעגעניש מיט אידיט

### 1.

אַז סאָל זאָל זיך נישט אָפּהאַלטן פון אויסטראַכטן אַ בילבול אויף אַ מענטש, כאָטש ער האָט אים נישט געזען מער ווי איין מאָל, ביי אַ חתונה, און קען לחלוטין נישט זיין כאַראַקטער, דאָס איז פאַר הילדען געווען אַן איבערראַשנדיק בייס.

געוואוסט האָט זי אגב אַז ווי אַ געשעפטסמאַן איז ער נישט געווען קיין הונדערט־פּראָצענט ערלעכער מענטש. ער האָט אָפט געזאָגט איין זאַך און געמיינט עפּעס אַנדערש. ער האָט געקאָנט אַרויפטאָן די האַנט אויפן האַרץ און פאַרזיכערן אַ קונה אַז ער פאַרקויפט די סחורה אין קרן. דער אמת איז אָבער געווען, אַז ער האָט געמאַכט אין דעם מיסחר אַ שיינעם פּראָפיט. אָפט האָט ער אויך געזאָגט אַז ער שטעלט זיך אַ קליינעם ריווח. ער איז בלויז אויסן צופרידנצושטעלן דעם קויפער צוליב באַקאַנטשאַפט מיט אים אָדער צוליב גוט־ברודערשאַפט. וואָס איז אָבער געווען דער אמת? ער האָט פאַרדינט ביי דעם פאַרקויף אַ היפּשע סומע געלט. אָדער ער האָט צוגעזאָגט איינעם, וואָס האָט געגעבן האַנטגעלט אויף סחורות וואָס זענען נישט געווען אין דער קראָם, אַז ער וועט ליווערן די באַשטעלונג אין כמה וכמה טעג אַרום, אָדער וואָכן, בעת ער האָט גאַנץ וואויל געוואוסט אַז ס'וועט דויערן חדשים. אָבער וואָס האָט עס אים געאַרט? דער אַדערויף איז דאָך שוין געווען ביי אים אין קעשענע! ער איז געווען זיכער אַז דער נאַאיווער קונה וועט מוזן וואַרטן.

פיל מאָל האָט זיך סאָל באַרימט פאַר איר מיט די דאָזיקע שקרים. ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ גרויסן סטראַטעג אין האַנדל. אין ביזנעס — האָט ער אָפט געזאָגט — דאַרף מען זיין אַן אלכסנדר מוקדון, אָדער אַ נאַפּאָלעאָן. מ'דאַרף אויסגעפינען דעם שוואַכן פונקט ביים קעגנער, וואָס אין געשעפט איז דאָס דער קונה, און נאָכדעם אים אַרומרינגלען און אַטאַקירן.

אין די יאָרן פון איר דערוואַקסנקייט און פריינדשאַפט מיט אים האָט זי, הילדע, געהאַט אַ שטאַרק ווידערגעפיל צו אים פאַר זיין גרויסקייט־מאַניע און נישט־עטישע האַנדלונג. אין דער צייט פון שידוך האָט זי אָבער געהאַט אַ טרייסט וואָס אין נישט געשעפטלעכער באַציאונג מיט מענטשן איז ער געווען אַן אמתער דזשענטלמאַן. אויב אַזוי, איז ווי האָט ער פריער געקאָנט זאָגן אַ ליגן וועגן אַ מענטש וואָס ער איז מיט אים אין קיין געשעפטלעכן קאָנטאַקט נישט געווען?

אויפן וועג אַהיים, גייענדיק אַ פאַרטראַכטע, אַ דערשלאָגענע, מיט דריבנע טריטע־לעך, און אָפּט אויך אָנשלאָגנדיק זיך מיט אירע זייטן אין אַנדערע מענטשן אויפן טראָטואַר, האָט זי אָבער אָנגעהויבן דערזען אַז סאָל, אויפן סמך פון זיינס אַ פּאָר צופעליק אַריינגעוואָרפענע ווערטער, איז טאַקע גאָרנישט דער אויסטראַכטער פון דעם בילבול אויף דייווידן. ער איז אינגאַנצן אומשולדיק. ער האָט בלויז נאָכגעזאָגט וואָס אַן אַנדערע פּערזאָן האָט פאַבריצירט.

און ווער איז דאָס די אַנדערע פּערזאָן? ריווע? ניין, נישט זי. ווי קומט זי צו קענען דייווידן? די פּערזאָן איז — ריוועס געוועזענער מאַן, מעקס, וואָס זי, הילדע, האָט אים געזען ביי די רובינס אין הויז, און וואָס סאָל האָט געזאָגט צו אים אַז ריווע באַגערט ער זאָל אַריבערקומען צו איר. יאָ, ער! ער איז דאָך אַ קאָמוניסט. ער קען דייווידן. און אויב ער איז שוין ווידער אין גוטע באַציאונגען מיט זיין געוועזענער פרוי ריווע האָט ער געוויס אָנדערציילט פאַר איר אַ סך ניש־געשטויגענע מעשיות וועגן דייווידן. וואָס, קאָמוניסטן זענען דען באַשיצט קעגן קינאה און פאַרשפּרייטן מיאוסע קלאַנגען?

יאָ, פון דאַנען נעמט זיך ביי סאָלן די זיכערקייט אַז דייוויד האָט שוין אַ צווייטע. סאָל איז זיכער אין דעם, ווייל ריווע האָט אים, לויט זיין אייגענעם עדות זאָגן, אויך איבערגעגעבן וועגן דער ערשטער שמועה, ס'הייסט אַז זי, הילדע, האָט זיך פאַרבונדן מיט איינעם פון די קאָמוניסטישע יוגנט־פירערס, אַ קלאַנג וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אמת. און פון וועמען איז דער ערשטער באַריכט געקומען צו ריווען? געוויס אויך פון איר געוועזענעם מאַן. איז פאַרוואָס זאָל סאָל נישט גלייבן אויך אין דער צווייטער געשיכטע?

קאָן אָבער די דאָזיקע באָבע־מעשה וועגן דייווידן באַטראַכט ווערן פאַר עפּעס אַנדערש ווי דאָס וואָס זי איז? יאָ, זי איז אומזין!

.2

יחוס־אבות — האָט הילדע געטראַכט אויפן וועג אַהיים — איז נישט אַלע מאָל אַ באַוואָרעניש פאַר אַ קינד אַז ס'וועט זיך אויפפירן לייטיש, מיט רעספּעקט צו זיך און באַקאַנטע. די ווירקונג פון יחוס־אבות איז אָבער נישט אינגאַנצן אָן פּעולה. למשל, דייוויד און די השפּעה אויף אים פון זיינע עלטערן.

דייווידס פאָטער און מוטער — ער אַ זון פון אַ מורה־הוראה, און זי אַ בת־יחידה פון אַ חסידישער היים — זענען געקומען פון פּוילן קיין אַמעריקע צו אַ קרוב וואָס האָט זיי אַריבערגעבראַכט. ביידע זענען געווען גייסטיק אַ סך העכער פון פיל אימיגראַנטן וואָס האָבן אַהערגעשטראָמט אין יענע יאָרן, צווישן 1905 און 1914. און דערפאַר זענען זיי אַרומגעגאַנגען אַ סך מער דערשלאָגן איידער די אַנדערע אַריינגעוואַנדערטע. אמת, זיי האָבן זיך נישט געדאַרפט דאגהן וועגן אַרבעט. דער קרוב, אַ פאַבריקאַנט פון מענער־מלבושים, האָט זיי אַריינגענומען צו זיך אין שאַפּ און געלערנט זיי דאָס פאַך. אָבער דאָס האָט זיי נישט אַרויסגעהויבן פון דער געפאַלנקייט זייערער ביי דער נייער באַשעפטיקונג. און נישט בלויז דאָס. די רויע שפּראַך פון דעם עולם באַלמעלאָכעס אין שאַפּ, די גראָבע שמועסן וועגן באַציאונגען צווישן מענער און פרויען, אָפּט אויך דאָס באַרימען זיך מיט האָבן סודותדיקע פאַרבינדונגען מיט פאַרהייראַטע מאַמעס פון קינדער — דאָס אַלץ האָט פאַרסמט זייער לופט. אָבער די שפּיראָס, ס'הייסט דייווידס טאַטע־מאַמע, האָבן זיך אַרומגעפאַנצערט מיט זייער אינערלעכער שטאַרקייט קעגן דער פאַרגיפטעטער לופט

פון דער סביבה. זיי האָבן געטרייסט איינער דעם צווייטן, געשפּונען האָפענונג, ביז זיי האָבן זיך אַרויסגעראַטעוועט פון דער קלעם.

היינט זענען זיי פאַרבונדן מיט אַ סך פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס, אויך מיט שפּיטעלער, גיבן גרויסע סומעס געלט פאַר זיי, און זענען פון די פּירערס פון אַ טעמפּל אין דער געגנט, וואו זיי האָבן זייער אייגנס אַ גרויסע פּאַלאַצישע היים.

די דאָזיקע מאָראַלישע שטאַרקייט פון די שפּיראָס האָט געוויס געהאַט אַ דערציִע־רישע ווירקונג אויף זייער זון דייוויד, וואָס האָט אָפּט געהערט פון זיינע טאַטע־מאַמע ווי אַזוי מענטשן דאַרפן לעבן מאָראַליש. דייוויד אַליין האָט אָפּט גערעדט צו איר, הילדען, וועגן דעם. ער איז אפילו געווען אומגעווייגלעך איבערגענומען דערמיט וואָס ער קאָן זאָגן אויף זיינע עלטערן אַז זייער געוויסן איז ריין. אַחוץ, פאַרשטענדלעך, אין איין פאַל — אין זייער אָנזאַמלען אַן עשירות אויפן חשבון פון זייערע שאַפּ־אַרבעטאָרערס. אָבער לויטן קאַפּיטאַליסטישן געזעץ איז דאָך דאָס לעגיטים!

נו, וועט אָט ער, דייוויד, גאָר זיך אויפהייבן און אָפּקערן זיך פון דעם וואָס איז אים ליב און טייער? וועט ער אי זיין פאַרבונדן מיט איר, הילדען, און אי האָבן אינטימע איבערלעבענישן מיט אַן אַנדער מיידל? שטות!

דערצו האָט דייוויד אויך אייגענעם יחוס, איינגעבוירענע פאַראַנטוואָרטלעכקייט. אפילו אָן זיינע עלטערנס אידעלן לעבענס־וועג, וואָס איז געווען אַ מוסטער פאַר אים, וואָלט ער אויך קיינמאָל נישט אַראָפּ פון גלייכן וועג. ער איז אָפּגעהיט מיט אַ וואָרט. זיינע געדאַנקען זענען גוט דורכגעטראַכט. און זיינע געפילן זענען נישט קיין אויסברוכן אונטערן דרוק פון צייטווייליקע סיטואַציעס. זיי זענען גוט געצאַמט, אויפן סמך פון פיל געניטשאַפט, און געקירעוועט פון זיין קלאָרן שכל.

אָפּט האָט ער געפירט שמועסן מיט איר וועגן פרייער ליבע. די דאָזיקע לויזקייט צווישן מאַן און פרוי — האָט ער איר געזאָגט מיט אויפגערעגטקייט וועגן פרייער ליבע — וואָס פיל קאָמוניסטן זעען דערין אַ גרויסן געזעלשאַפטלעכן פאָרשריט אין פאַרגלייך מיט דער טראַדיציאָנעלער חתונה, איז סעקס אָן אַ העכערן ציל, איז פערזענלעכער וואוילטאָג אָן פליכט, אָן מאָראַלישער באַציאונג צו די רעזולטאַטן. פּשוט, ס׳איז פּראָסטיטוציע.

נו, איז אָט ער, דייוויד, וועט זיך לאָזן אויף אַ וועג וואָס איז קעגן דעם וואָס איז זיין איך, זיין נשמה, זיין מאָראַלישע אידייע? קאָן זי זאָגן וועגן דער געשיכטע, וואָס סאָל האָט איר דערציילט, אַז זי האָט וועלכן־ס׳איז האָפט? קאָן זי די די גאַנצע זאַך באַטראַכטן פאַר עפּעס אַנדערש ווי פאַר אַ בילבול?

.3

אינדערפרי — נאָך אַ נאַכט פון אומרו, פון ווייניק שלאָף, און נאָכן אָפּעסן פרישטיק מיט אַ שוואַכן אַפּעטיט — איז הילדע, אין די זעלבע מלבושים וואָס זי האָט געטראָגן נעכטן אָוונט, אַרויס פון הויז און האָט זיך געלאָזט מיט אַ טעקסי צו דייווידן אין גרעניטש ווילעדזש.

זי וועט האָבן מיט אים אַ שמועס — האָט זי געטראַכט — וועגן דער געשיכטע וואָס ווערט וועגן אים דערציילט. אוודאי, פאַרשטייט זיך, וועט זי אים זאָגן, אַז ס׳איז אומזין. אָבער זי וויל אַז ער זאָל זי אויפקלערן וויאַזוי ס׳איז געקומען דערצו, ס׳הייסט, צו אַ בילבול אויף אים. און נאָך עפּעס. זי וויל, ער זאָל אויסגעפינען די סיבה פון אָט

דעם אויסטראַכטעניש, און אַז ער זאָל דעם שקר אינגאַנצן אויסוואָרצלען. ווי אַזוי ? דאָס איז זיין זאַך. וואָרעם זי וויל נישט, באַין אופן נישט, אַז ווען זי גייט מיט אים אין גאַס, אָדער ווען זי איז מיט אים אין געזעלשאַפט, זאָלן מענטשן זיך איבערווינקען וועגן איר און זאָגן אַז זי גייט זיך פאַרבינדן מיט אַ יונגנמאַן וואָס איז בסוד אין קאָנטאַקט מיט אַן אַנדערער פרוי. זי וויל נישט מ׳זאָל זי באַדויערן, אָדער האַלטן פאַר אַ פאַרבלענדטע. אמת, זי איז נישט פון יענע סאָרטן פרויען וואָס ציטערן פאַר דער מיינונג פון שכנים, אָדער פון דער געזעלשאַפט. אמת, אַז זי באַגערט עפּעס צו טאָן, אָדער צו זאָגן, און איר האַרץ און קאָפּ זענען אין דעם, האָט זי נישט קיין מורא אַרויסצוקומען דערמיט אין דער עפנטלעכקייט, כאָטש ס׳וועט אַרויסרופן צאָרן ביי אַנדערע מענטשן. אָבער זי וויל נישט ווערן ביי לייטן קיין שטאָף פאַר חוזק, ווען זי האָט אפילו נישט קיין אַנונג וועגן דער אויטענטישקייט פון דעם מאַטעריאַל. זי וויל וויסן אין וואָסער וועלט זי לעבט. איז דאָס אויסטערליש ? אָט דערפאַר פאָרט זי צו אים, דייווידן, און צוליב דעם וועט זי האָבן מיט אים אַ לענגערן שמועס.

אַרויס פון דער טעקסי, וואָס האָט זיך געשטעלט לויט איר אָנגעגעבענעם אַדרעס, האָט זי באַצאָלט דעם אָנטרייבער און זיך געלאָזט צו דייווידס וואוינונג.

געעפנט די טיר האָט אַ הויך, שלאַנק מיידל, מיט אַ קאָפּ בלאָנדע האָר און בלוי־גרינלעכע אויגן. דער ערשטער איינדרוק — לויט איר שמאָלן פּנים און עטוואָס אַרויפ־געבויגענעם, שפּיציקן נעזל — איז געווען אַז זי איז פון שוועדישן אָדער פינלענדישן אָפּשטאַם. אַז מ׳האָט זיך צוגעקוקט לענגער האָט מען אָבער דערזען דעם ספּעציפיש־יידישן בליק וואָס איז אי מיט אומעט און אי מיט חשד. אָנגעטאָן איז זי געווען אין אַ גרויען, מאַסבילשן שלאָפראָק וואָס איז נישט געווען צוגעקנעפּלט, עלעהיי זי וואָלט אים געכאַפּט אויף זיך אין געאייל צוליב דעם קלונג פון דעם עלעקטרישן טיר־גלעקל. זי האָט צוגעהאַלטן מיט איין האַנט די זייט וואָס איז געווען אַריבערגעוואָרפן איבער דער צווייטער העלפט פון שלאָפראָק און געפּינטלט מיט די אויגן אין צעטומלטקייט, גלייך ווי איר כמעט־נאַקעטקייט אונטערן הויזמאַנטל וואָלט געווען בולט פאַרן אומגעריכטן גאַסט. געשטאַנען איז זי מיט הוילע פיס אין מענערשע סאַנדאַלן וואָס זענען געווען פון ברוינעם לעדער.

הילדע האָט זי גלייך דערקענט. דאָס איז געווען אידיט מילסטאָן, די סטודענטקע פון סיטי־קאָלעדזש אין ניו־יאָרק, די מיטגלידערין פון דער קאָמוניסטישער יוגנט־גרופּע וואָס זי, הילדע, האָט פאַר איר גערעדט מיט אַ צייט צוריק אין אַ קאָמעראַדס וואוינונג. און זי איז די זעלבע וואָס איז דעם פאַרגאַנגענעם שבת־אָוונט אַרויסגעלאָזט געוואָרן פון תפיסה צוזאַמען מיט דייווידן און נאָכדעם געקומען מיט אים צו איר, הילדען, אין הויז אַריין אויף אויסצודריקן מיטגעפיל אויפן טויט פון פאָטער.

ביי הילדען האָבן די ליפּן גענומען ציטערן. אַזוי פרי אין טאָג — און זי, אידיט געפינט זיך ביי דייווידן אין אַפּאַרטמענט ? דערצו מיט אַ שלאָפראָק וואָס פאַרדעקט איר נאַקעטקייט, מיט סאַנדאַלן אויף די פיס, און מיט אַ קאָפּ האָר וואָס איז נישט פאַרקעמט ? הייסט עס, אַז זי איז געשלאָפן די פאַרגאַנגענע נאַכט אין דייווידס דירה. ס׳הייסט אויך, אַז דאָס איז נישט געווען די ערשטע נאַכט. וואָרעם אויב אַנדערש, איז פון וואַנען וואָלט דער מענטש וואָס האָט דערטראָגן דאָס נייס צו ריוון, און וואָס ריווע האָט אָפּגעדעקט פאַר סאָלן, געקאָנט וויסן אַז דייוויד פאַרברענגט מיט אַן אַנדער מיידל ? דער זעלביקער מאַן האָט געוויס געזען דייווידן מיט אָט דער אידיט מילסטאָן צוזאַמען אין פאַרלויף פון אַ לאַנגער צייט און אויך אין פאַרדעכטיקטע סיטואַציעס. דער חשד אויף סאָלן, אַז ער

האָט געמאַכט אַ בילבול אויף דייווידן, איז איצט צערונען געוואָרן ווי אַ נעפּל פאַר דער זון. זי, הילדע, האָט זיך גענומען שטאַרק באַהערשן כדי זי זאָל נישט אויסברעכן אין אַ געוויין און נישט וואַרפן זיך מיט צאָרן אויף דעם נפש וואָס האָט זיך איצט אַנטפּלעקט פאַר אירע אויגן.

— איז דייוויד אין הויז? — האָט זי מיט רואיקייט אין קול און מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן געפרעגט אידיטן.

— יאָ, — האָט אידיט, מיט אויבנאויפיקער קילקייט, אַרויסגעמורמלט איר ענטפער.

— קאָן איך אים זען?

— געוויס.

אין גאַסטצימער, וואו דאָס אויפּלייג־בעט איז געווען אָפן, מיט צעקנאָדערטע קאָלדרעס, איז דייוויד, קעגן אַ פענסטער, געזעסן ביי אַ טישל, אַריבערגעבויגן איבער אַ ווייסן בויגן פּאַפּיר, און האָט געשריבן מיט אימפעט. אָנגעטאָן איז ער געווען אין בלוי־געשטרייפטע פּאַדזשאַמעס, דער קאָפּ שוואַרצע האָר צעשויבערט, און אין אַ ווינקל פון זיין מויל האָט געשטעקט די ליולקע וואָס האָט אַרויסגעדושעט פון זיך אַ דין רייכל. ער איז געווען אַזוי אַריינגעטאָן אין זיין שרייבן, אַז ער האָט נישט געוואוסט אפילו אַז עמעצער איז אַריינגעקומען. דערצו איז ער אויך געזעסן מיטן רוקן צו דער טיר.

— הילדע האָרוויץ איז ביי דיר... — האָט אידיט אַ זאָג געטאָן צו דייווידן, נאָכ־דעם ווי זי איז אַריין אין גאַסטצימער.

דייוויד האָט נישט געענטפערט. ס׳קאָן זיין אַז ער האָט נישט געהערט, אָדער ער איז געווען גלייכגילטיק איצט צו אַלץ אַרום בעתן שרייבן.

— ער דאַרף אַריינטראָגן דאָס אַרטיקל אין דער רעדאַקציע אין עטלעכע שעה אַרום, — האָט אידיט פאַרענטפערט אים פאַר הילדען. — ס׳מוז הייַנט אַריין אין דרוק פאַר דער צייטונג. מ׳האָט אים פריער אָנגעקלונגען פון פּאַרטיי־אָפיס...

— ס׳מאַכט נישט אויס, — האָט הילדע מיט איינגעהאַלטענעם צאָרן געזאָגט צו אידיטן און געזוכט מיט די אויגן וואו צו זעצן זיך.

— מ׳קאָן דערוויל אַריינגיין אין קיך, קאַמעראַד הילדע, — האָט אידיט אַ זאָג געטאָן און כמעט ווי געבעטן זיך ביי הילדען אַז זי זאָל זיך נישט קעגנשטעלן.

— יאָ, מ׳קאָן... — האָט הילדע צוגעשטימט און זיך פאַרקירעוועט אין דער קיך אַריין.

אַוועקגעזעצט זיך צום טישל, האָט הילדע באַמערקט ווי אידיט, וואָס איז געשטאַנען, קוקט אויף איר מיט אַ זייטיקן בליק:

— קאַפע? קאַמעראַד האָרוויץ...

— ניין, — האָט הילדע געענטפערט איידל און קורץ.

— ס׳וועט נישט דויערן לאַנג — האָט אידיט געזאָגט אין צעטראָגנקייט און דערביי נישט געקאָנט אָפּכאַפּן דעם אָטעם בעתן רעדן. — דייוויד און איך האָבן געטרונקען קאַפע אַ ווילע צוריק. דער פּערקולאַטאָר איז נאָך וואַרעם. כ׳דאַרף בלויז מאַכן הייסער...

— ניין, אַ דאַנק... — האָט הילדע, באַלעסטיקט פון זייטיקע רייד און אַנשטעלע־רישער פריינדשאַפט, אַן ענטפער געטאָן מיט דערווידער. — זעצט אייך.

געזעצט זיך, האָט אידיט נישט געוואוסט וואָס צו זאָגן. זי האָט געהאַלטן אין איין פאַרקען זיך מיטן שלאָפראָק אַרום איר בוזעם און געוואָרפן זייטיקע בליקן אויף הילדען.

— איר דאַרפט זיך נישט פילן אומבאַקוועם, — האָט הילדע, נאָך אַ לענגערער ווילע שטילקייט, איבערגעריסן דאָס נישט־אָנגענעמע שווייגן און גענומען רעדן קעגן

איר אייגענעם ווילן. — איר שעמט זיך מיט דער סיטואַציע, אין וועלכער כ'האָב אייך געטראָפֿן, ריכטיק? איר דאַרפֿט זיך נישט שעמען... איר האָט דען נישט איבערגעריסן מיט דער מאָראַל פֿון דער בורזשואַזער געזעלשאַפֿט? אוודאי זענט איר פֿריי צו טאָן וואָס נאָר אייער האַרץ באַגערט. אונדזער נייע מאָראַל באַשטייט דאָך אויף סאָציאַליזירן דאָס פֿאַרם־לאַנד, די פֿלאַנטאַציעס, די אינדוסטריע, די באַנען, די בענק... איז פֿאַרוואָס זאָל דאָס סעקסועלע לעבן זיין אַן אויסנאַם? לויט דער מאָראַל פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער, צבועותדיקער געזעלשאַפֿט דאַרף דער מאַן געהערן נאָר צו זיין פֿרוי. ער טאָר נישט פֿאַרברענגען מיט קיין אַנדערער. און דאָס זעלבע איז מיט דער פֿרוי... דאָס איז אַן אומממאָראַלישע מאָראַל. דאָס איז קנעכטשאַפֿט. פֿאַרוואָס זאָל אויך ליבע נישט סאָציאַליזירט ווערן? נישטאָ אַזאַ זאַך ווי „מיין מאַן", אָדער „דיין מאַן". נישטאָ אַזאַ זאַך ווי סעקס־פֿאַרראַט. פּונקט אַזוי ווי ס'איז נישט קיין מאָראַל־פֿאַרברעך דאָס וואָס יעדער אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפֿט איז אַ שותּף צום האָב און גוטס פֿון לאַנד. יעדע פֿרוי האָט אַ רעכט צו מיין מאַן. ער איז געזעלשאַפֿטלעך אייגנטום. און מיין מאַן קאָן פֿאַרברענגען מיט יעדער פֿרוי, ווייל אויך זי איז סאָציאַליזירט. אַלץ איז געבויט אויף אַ נייער מאָראַל. איז פֿאַרוואָס, קאַמעראַד... קאַמעראַד מילסטאָן... פֿאַרוואָס זאָלט איר זיך פֿילן אין אַ צושטאַנד ווי פֿון האָבן באַגאַנגען אַ פֿאַרברעך?

— איך פֿיל זיך נישט אַזוי, קאַמעראַד האַרוויץ, — האָט אידיט, אַ בלייכע, מיט פֿאַרשמעלערטע אויגן, אַרויסגעשטאַמלט, נאָך אַ ווײַלע שווייגן און שטיקן אין זיך די ווערטער. — געוויס... מיר, דאָס נייע דור, מיט נייע אידייען, סאָציאַלע און פֿערזענלעכע, זענען נישט קיין היפּאָקריטן... דער אַלטער דור, רייך און אָרעם, האָט בלויז געמאַכט דעם אָנשטעל אַז ער האַלט זיך ביי דער חתונה־מאָראַל. אין געהיים האָט יעדער, מאַן צי פֿרוי, געבראָכן די מאָראַל. אפֿילו פֿרומע לייט האָבן דאָס געטאָן. אויב נישט אין טאַט, איז אין געדאַנק. אַז זיי האָבן אָנגעטראָפֿן אין לעבן אַ פֿרעמדן מאַנסביל, אָדער אַ פֿרעמדע פֿרוי, אַטראַקטיוו און מיט כאַראַקטער, האָבן זיי געוויס נאָכדעם נישט געהאַט קיין רואיקע טעג און נעכט. זייער האַרץ און געדאַנק זענען געווען ווי אין דעלירױם. און כאָטש דאָס איז נישט דאָס זעלבע ווי טאָן אין דערווירקלעכקייט, דאָך איז עס אַ באַוויז אַז די נאַטור איז קעגן דעם געזעץ פֿון איין מאַן און איין פֿרוי. דאָס איז דאָס זעלבע ווי פּריוואַט־אייגנטום.

— אָבער אַז די פֿרוי געפֿינט אויס אַז איר מאַן פּראַקטיצירט סעקס־סאָציאַליזאַציע מיט אַנדערע פֿרויען, אָדער פֿאַרקערט, ווען אַ מאַן געפֿינט אויס, אַז זיין פֿרוי טוט עס מיט מענער, דעמאָלט רעוואָלטירט די מענטשלעכע נאַטור און זי פֿאַרלאַנגט נאָר פּריוואַט־אייגנטום, נישט אַזוי?

— דאָס איז געוואוינהייט... זינט פּאָליגאַמיע איז אָפּגעשאַפֿט געוואָרן.

— אָבער אפֿילו דעמאָלט, אין די צייטן פֿון פּאָליגאַמיע, האָבן מענער זיך געשלאָגן איינע מיט די אַנדערע צוליב פֿרויען. און אויך פֿאַרקערט, פֿרויען צוליב מענער. נישט אַזוי?

— איז וואָס ווילט איר דערמיט זאָגן, קאַמעראַד האַרוויץ?

— וואָס איך וויל זאָגן? — האָט הילדע געקוקט מיט שמייכלענדיקע אויגן אויף אידיטן, כאָטש אינעווייניק אין איר האָט געברענט אַ צאָרן.

אין דער קיך־טיר האָט זיך באַוויזן דייוויד. ער איז געשטאַנען מיט אַן אויסדרוק פֿון געפֿאַלנקייט אין פּנים. ער האָט געקוקט מיט באַשראָקענע אויגן אויף הילדען און געצוקט מיט זיינע ליפּן.

— דאַרפסט גאָרנישט זאָגן, דייוויד ... — האָט הילדע, מכלומרשט רואיק, געזאָגט צו אים. — אידיש און איך האָבן שוין דאָ אַלץ אַרומגערעדט. כ'מיין ווען ד'האָסט געשריבן דאָס אַרטיקל ... און אויב דו ווילסט, קאָנסטו פאַרנעמען מיין שטול. איך גיין שוין.

## 4.

צוריקגעקומען אַהיים, האָט הילדע דערזען די מוטער אַרויסשליכן פון גאַסטצימער.

די רביצין — שטאַרק באַטריבט, די באַקן איינגעפאַלן, די אויגן פאַרשמעלערט, און די הענט פאַרבראָכן אונטערן בוזעם — איז געבליבן שטיין אין קאָרידאָר קעגנאיבער הילדען.

— וואוהין ביסטו אַוועק אַזוי פרי ? — האָט זי געפרעגט מיט צעבראָכנקייט אין קול.

— האָסט'אָך היינט נאָך נישט געדאַרפט צוריקגיין אין אָפיס אַריין ! כ'בין געזעסן אין גרויסן צימער און האָב געוואָלט אַרומטעלעפאָנירן צו דיינע באַקאַנטע. אָבער כ'האָב זיך געשראָקן צו אַלאַרמירן ...

ביי הילדען האָבן געציטערט די ליפן. זי האָט געקוקט אויף דער מוטער מיט ווידער־ווילן צו איר חקירה ודרישה און געגומען אַוועקגיין פון איר כדי נישט דאַרפן ענטפערן. די מוטער האָט זיך אָבער איר געשטעלט אין וועג :

— פאַרוואָס ענטפערסטו נישט ? פאַרוואָס ביסטו אַזוי צעטראָגן ?

איצט האָט הילדע נישט געוואוסט וואָס זי טוט. פון איר האַלדז האָט זיך אַ ריס געטאָן אַ געיאָמער — און זי האָט גענומען לויפן.

די רביצין איז דורכגענומען געוואָרן מיט שרעק. זי האָט זיך אויסגעדרייט, נאָכגע־קוקט דער טאָכטער און נישט געקאָנט געפינען קיין ענטפער אויף דער בת־יחידהס פלוצעמדיקן אויסברוך. פון וואָס האָט זיך דאָס גענומען ? — האָט זי געטראַכט. — איז עס אפשר איבער דער ליידיקייט וואָס זי, הילדע, קומענדיק פון גאַס, האָט אָנגעטראָפן דאָ אין הויז, אַ ליידיקייט איבער דעם טויט פון איר פאָטער ? איז עס אפשר איבער עפּעס אַנדערש ?

געזען ווי הילדע איז אַריינגעלאָפן אין איר שלאָפצימער, האָט זי שוין נישט געוואָלט בלויז שטיין און נאָכקלערן וועגן דעם געשעעניש. זי האָט זיך דערנענט צו דער שלאָפ־צימער־טיר און גענומען זי עפענען. די טיר איז אָבער געווען פאַרשלאָסן פון אינעווייניק. וואָס באַדייט דאָס ? — האָט זי צונויפגעצויגן די אויגן און געקוקט אַן אַלאַרמירטע. זי האָט אָנגעהויבן קלאַפּן אויף דער טיר און רעדן מיט געבעט :

— עפן, הילדע ... כ'וויל אַריינגיין און רעדן מיט דיר.

ס'איז אָבער נישט געווען קיין ענטפער. וואָס ס'האָט זיך יאָ געהערט איז געווען בלויז דער טאָכטערס קלאָגן.

נו, זי, די רביצין, האָט שוין איצט איינגעזען אַז צו באַנייען דאָס קלאַפּן, רעדן און בעטן — דאָס אַלץ וועט זיין אַרויסגעוואָרפן. הילדע איז פון יענע מענטשן וואָס רעדן ווייניק וועגן זייערע פערזענלעכע איבערלעבענישן. איר פאָטער, אָפּגעשיידט זאָל ער זיין, איז אויך געווען אַזאַ מענטש. אויך ער האָט ווייניק גערעדט וועגן זיך. און די טאָכטער איז ענלעך צו אים ווי צוויי טראָפּן וואַסער. קאָנסט רעדן און רעדן צו איר, אָבער זי וועט נישט אָנטפּלעקן קיין פּיצל פון דעם וואָס גריזשעט אין האַרץ. אַחוץ אין זעלטענע פאַלן, ווען זי אַליין איז גרייט און וויל עס טאָן. איצט וועט זי עס אָבער נישט טאָן. זי איז נישט גרייט דערצו. די איבערלעבענישן אירע זענען נאָך פריש. איז צו וואָס שטיין דאָ, קלאַפּן

און ערגערן זיך, אָדער רעדן, בעטן און האָבן מער צער דערפון?

אמת, זי, די מוטער, האָט נישט געהאַט קיין האַרץ אַוועקצוגיין פון דאַנען, אָבער וואָס אַנדערש קאָן זי טאָן?

אין אַ שטיקל צייט אַרום האָט זי זיך טאַקע גערירט און מיט דריבנע טרויער־טריט זיך פאַרקירעוועט אין דער זייט פון דער קיך, וואו זי דאַרף צוגרייטן אויף שבת.

# קאַפּיטל זעקס־און־דרייסיק

## ביים ברודער

### 1.

קורץ נאָך האַלבן טאָג איז הילדע אַרויסגעקומען פון איר שלאָפצימער. זי איז אַרויסגעקומען האַסטיק און האָט זיך פאַרקירעוועט צום אַרויסגאַנג. עטלעכע טריט פון דער טיר איז זי אָבער מיטאַמאָל, אויך מיטן זעלבן אימפּעט, געבליבן שטיין.

אָנגעטאָן איז זי געווען אין דעם זעלבן אויסשטאַט וואָס פריער — אין מאַנטל, אין די זאַמשענע שיכלעך מיט הויכע אָפּצאַסן, און מיטן בערעט אויפן קאָפּ. זי איז געשטאַנען מיטן פּנים צו די צימערן און האָט געקוקט אַן איבערראַשטע.

בעתן אַרויסיאָגן זיך פון שלאָפצימער האָט זי דערוואַרט צו הערן אַ געפּאַרקעריי פון קיך, וואו די מוטער האַלט אין צוגרייטן אויף שבת. אויך האָט זי דערוואַרט צו זען די מוטער אַרויסלויפן פון קיך ווי נאָר זי וועט דערהערן די טריט אירע, הילדעס. זי וועט זי, הילדען, פאַרהאַלטן און צושטיין מיט פרעגענישן. אָנשטאָט אָט די דערוואַרטענישן איז אָבער געווען שטיל, עלעהיי די מוטער וואָלט נישט געווען אין הויז.

איז זי טאַקע נישטאָ?

זי איז צו צו דער קיך — און די מוטער איז דאָרטן נישט געווען. נאָכדעם איז זי אַוועק צום גאַסטצימער — און אויך דאָרטן דאָס זעלבע. דערנאָך, צו די אַנדערע צימערן — און ווידער דאָס אייגענע. ס'הייסט, זי איז טאַקע נישטאָ. וואוהין איז זי אָבער אַוועק?

באַלד האָט זיך הילדע דאָך באַרואיקט. די מוטער איז געוויס אַוועק אין גאַס אַריין איינצוקויפן וואָס איר האָט נאָך אויסגעפעלט אויף שבת. דאָס איז מעגלעך. אָפט טרעפט זיך אַזעלכעס מיט איר. פּלוצטהאַלבן, אין סאַמע מיטן פון איר אַרבעט אין אַ פּרייטיק, כאַפּט זי זיך אַז זי האָט עפּעס פאַרגעסן, הייבט זי זיך אויף און לויפט גלייך אין גאַס אַריין. אויב אַזוי, קאָן זי, הילדע, טאָן דאָ דאָס וואָס זי האָט געהאַט בדעה צו טאָן אין אַן עפנטלעכער טעלעפאָן־בודקע אין גאַס.

אין אַ ווײַלע אַרום איז זי שוין טאַקע געווען אין גאַסטצימער, האָט געהאַלטן דאָס טעלעפאָן־טרייבל ביים מויל און געפרעגט:

— סאַנדראַ?...

צום אויער האָט זיך דערטראָגן די געפּעשטשעטע, ווייכע שטים פון דזשעסיס פרוי:

— הילדע?

— יאָ, סאַנדראַ.

— ווי פילסטו זיך, מיין טייערע?

— ווי זאָל׳ך זיך פילן, סאַנדראַ ? ס׳איז מיר אומעטיק. כ׳בין שטאַרק דערשלאָגן.

— כ׳פאַרשטיי, מיין ליבע . . . נאָך אַזאַ ביטער געשעעניש.

הילדע האָט געשוויגן אַ ווײַלע, נאָכדעם ווידער אַריינגערעדט אין טרייבל :

— איז דזשעסי אין דער היים ?

— ניין. אָבער כ׳דערוואַרט אים אין עטלעכע מינוט אַרום פון אַ מיטינג אין פּאַרטיי־אָפיס. וואָס איז דען ? ווילסט רעדן צו אים ?

— יאָ.

— איז פאַרוואָס קומסטו נישט אַריבער ? פאַרברענג מיט אונדז אַ טאָג, צוויי . . .

— ס׳איז אוממעגלעך. כ׳קאָן נישט איבערלאָזן די מאַמע איינגאַנצן אַליין. אָבער אויף אַ קורצער ווײַלע וועל׳ך זיך יאָ צוכאַפּן.

— גוט. קומסטו באַלד ?

— יאָ.

— בינ׳ך שטאַרק צופרידן. ד׳ווייסט דאָך אַז כ׳האָב ליב צו פאַרברענגען מיט דיר. און אויך אַזוי דזשעסי.

— אָלרייט, סאַנדראַ. כ׳פאַרנעם זיך גלייך צום סאָבוויי.

## .2

אין זעלבן שרייבצימער, וואו מיט צען טעג צוריק האָט זי גערעדט פאַר סטודענטקעס וועגן דעם נישט־היילבלעכן חולאת פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, דעם מאַטע־ריעלן דרוק וואָס צווינגט מענטשן צו באַציען זיך אוממאָראַליש פון איינעם צום אַנדערן — אין זעלבן שרייבצימער איז הילדע איצט געזעסן מיט איר ברודער ביי זיין שרייבטיש און האָט אַ דערדריקטע, מיט אַ שוואַך קול, גערעדט צו אים וועגן נישט־עטישע האַנד־לונגען ביי קאָמוניסטן.

— איך בין נישט געקומען צו דער קאָמוניסטישער באַוועגונג — האָט זי זייטיק געקוקט אויף דזשעסין און געפיבערט מיט אירע ליפּן — כדי אויסצוגעפינען אַז ביי איר איז נישט בעסער ווי ביי דער מאָראַליש־דעגענערירטער, קאַפּיטאַליסטישער געזעל־שאַפט. כ׳האָב זיך אָנגעשלאָסן אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג דערפאַר, ווייל כ׳האָב געגלייבט אַז דער קאָמוניסט איז נישט בלויז אַ שליח, אַן אויטאָמאַטישער פּאָסט־טרעגער, וואָס צעטראָגט צווישן מענטשן עמעצנס געדאַנקען וועגן די זינד פון דער היינטיקער אָרדענונג. כ׳האָב געגלייבט אַז אין זיין פּריוואַטן, טאָג־טעגלעכן לעבן איז דער קאָמוניסט אַליין אויך אָפּגעהיט פון באַגיין אוממאָראַלישע מעשים. מיט זיין גוט אויפפירן זיך באַווייזט ער אַז ער איז דער אמתער בויער פון אַ געזעלשאַפט וואָס איר אידעאַל איז קעגנזייטיק־נאָבעלע באַציאונג צווישן די בירגער.

ס׳איז געווען נישט לאַנג נאָכדעם ווי דזשעסי איז אַהיימגעקומען פון דעם פּאַרטיי־אָפיס, וואו ער און די הויפּטפירערס האָבן געהאַט פאַרענדיקט אַ וויכטיקע באַראַטונג. ער איז דעמאָלט געווען שטאַרק מיד און האָט אין זינען געהאַט צו לייגן זיך שלאָפן אויף אַ שעה, צוויי. ביים אַריבערטרעטן די שוועל האָט אים אָבער סאַנדראַ, וואָס האָט פאַר אים געעפנט די טיר, אָנגעזאָגט די בשורה אַז זיי האָבן אַ גאַסט, הילדע. זי איז אָבער — האָט סאַנדראַ צוגעגעבן — שטאַרק צעטראָגן. אין באַגלייטונג פון זיין פרוי איז ער דעמאָלט אַריין אין גאַסטצימער, וואו די שוועסטער איז געזעסן, און ער האָט זי באַגריסט. זי, הילדע, האָט אָבער נישט געוואַרט לאַנג און אים געלאָזט וויסן אַז זי דאַרף האָבן אַ

שמועס מיט אים. סאַנדראַ האָט זיך דערפילט איבעריק און גענומען אָפּשייד מיט איינ־זעניש. זי גייט צוגרייטן מיטיק — האָט זי געזאָגט — פאַר אים, דזשעסין, און אויך פאַר הילדען. און ער, דזשעסי, האָט אַראָפּגענומען פון זיך דעם קאָפּעליוש, דעם מאַנטל, געלאָזט זיי ליגן אויף דער סאָפע, און איז אַריין דאָ אין זיין שרייבצימער מיט דער שוועסטער.

איצט זיצט ער קעגנאיבער הילדען, מיט אַ ציגאַרעטל אין אַ ווינקל פון זיין מויל, און קוקט אָנגעשטרענגט מיט זיינע שטאָל־גרויע אויגן וואָס דריקן אויס ספק אין דער זאַכלעכקייט פון אירע רייד.

— זאָג מיר גענוי און צום פּונקט וואָס דו האָסט אין זינען מיט דיין קאָנפעסיע . . . — האָט דזשעסי, אַ מידער, און אַ ביסל אויפגערייצט איבער איר קריטיק אויף דער פּאַרטיי, געזאָגט מיט באַלעסטיקטקייט אין קול.

כאָטש הילדע האָט געוואוסט אַז אָפּט איז שווער זיך צונויפצורעדן מיט אים, ער פאַרטראָגט נישט קיינעמס פאַרדאַכט אַז ער איז אומגערעכט אין עפּעס, און דערפאַר ווערט ער אויפגערעגט, דאָך האָט עס זי איצט נישט געאַרט. זי האָט געוואָלט אַרויסזאָגן אַלץ וואָס האָט זי געדריקט אין האַרץ. און זי האָט טאַקע ווייטער גערעדט.

— כ׳האָב געהערט אַ סך וועגן דעם פּערזענלעכן אויפפירן זיך פון אונדזערע פירערס . . . כ׳האָב עס אָבער אַלע מאָל געהאַלטן פאַר אַ בילבול.

— וואָס האָסטו געהערט ?

— מ׳האָט דערציילט אַז זיי פאַרברענגען אינטים מיט חברימס פרויען. טייל מאָל מיטן וויסן פון די חברים, און טייל מאָל הינטער זייערע פּלייצעס. ס׳איז פּונקט אַזוי ווי אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, וואו ציניזם גייט האַנט אין האַנט מיט עגאָ־איסטישע אַמביציעס. יעדער איז פאַר זיך, פאַר די אייגענע לוסטן און צופרידנקייט. אָבער כ׳האָב, ווי פריער געזאָגט, קיינמאָל נישט געוואָלט צולאָזן צו מיין געדאַנק אַזאַ מעגלעכקייט ביי קאָמוניסטן. כ׳האָב עס געהאַלטן פאַר אומזין. היינט אָבער . . .

געזען אַז זי האָט אויפגעהערט רעדן, אַז עפּעס שטיקט זי אין האַלדז, זי ראַנגלט זיך דערמיט, איז דזשעסי געוואָרן אומרואיק און אין אַ ווײַלע אַרום ווידער געפרעגט:

— וואָס איז געשען היינט ?

הילדע איז פּאַמעלעך געקומען צו זיך. נאָכדעם האָט זי דערציילט וועגן איר באַזוך אין דייווידס אַפּאַרטמענט.

דזשעסי האָט זיך אַרויסגענומען דאָס ציגאַרעטל פון מויל, צעקנעפּלט זיך דעם קאָלנער פון העמד און געקוקט אי מיט איבערראַשונג און אי מיט באַדויער אויף דער שוועסטער:

— איז דאָס דערפאַר אַ פּלעק אויף דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי ? אַ פּלעק אויפן קאָמוניסטישן אידעאַל ?

ביי הילדען זענען די אויגן געבליבן שטיין. זיי האָבן נישט געפינטלט פאַר אַ לענגערער ווײַלע. זי איז געוועזן געפּלעפּט פון זיין פרעג. וואָס מיינט ער דערמיט צו זאָגן איר ? — האָט זי געטראַכט אַ דערשטויינטע. — אפשר, אַז זי איז נאַאיוו, נישט געניט אין לעבן ? יאָ ?

דאָס איז פאַר איר געוועזן אַן אומגעריכטער קלאַפּ. דערוואָרט האָט זי צו זען אים אַן אויפגעטרייסלטן. צום סוף האָט ער זי גאָר באַדויערט פאַר איר נאַאיוויטעט.

— יאָ ! — האָט זי אַ זאָג געטאָן מיט פיבערנדיקע ליפּן און מיט כעס אין קול. — אַז אַזעלכעס וואָלט פאָרגעקומען צווישן די מאַסן פון דער פּאַרטיי, און מסתמא קומט עס

פּאַר, וואָלט איך עס נאָך געקאָנט באַנעמען. מערסטנס זענען זיי דאָך געקומען צו דער פּאַרטיי נישט צוליב העכערע ייגונגען, נאָר צוליב פּערזענלעכע דערוואַרטונגען. אָבער די פּירערס? ! זיי זענען דאָך די טרעגערס פון דעם אידעאַל. און אַז זיי זענען אַריינגעטאָן אין אַפּנאַרעריי צוליב פּערזענלעכע פאַרגעניגנס, איז וואָס פאַר אַ האַפט האָט דער אידעאַל? האָט דאָך קריסטנטום אויך אַ לערע פון מאָראַל! און וואָס איז פון איר געוואָרן? און אויך יידישקייט — — —

— דאָס שטערט אָבער נישט — האָט דזשעסי איבערגעריסן אירע רייד מיט אומגעדולד — צו בויען אַ געזעלשאַפט אויפן פּרינציפּ אַז יעדער איינער זאָל האָבן פולע עקאָנאָמישע פאַרזיכערונג און פרייען צוטריט צו דערציאונג און קולטורעלן אונטערהאַלט.

— אויב דאָס איז אַלץ, — האָט הילדע זיך אָנגעצונדן און גערעדט האַסטיק, — דאַרף איך נישט האָבן קיין קאָמוניסטישע אָרדענונג. די קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם פּירט־אײַן אַלערליי אויסבעסערונגען וואָס גיבן דעם אַרבעטער אַ געזיכערטע עקזיסטענץ, אַ מעגלעכקייט צו געניסן פון אַלץ, און פאַר זיינע קינדער אַ פרייע דערציאונג . . . און דאָס אַלץ, אָן רעוואָלוציעס, אָן דיסציפּלין סיסטעמען, און אָן אַלערליי לעגיסלאַטיווע פאַרבאָטן אויף אָרנטלעכער, פּערזענלעכער פרייהייט צו האָבן ספקות אין דער פּאָליטיק פון די מלוכה־פּירערס, אָדער אין זייער פילאָזאָפיע.

דזשעסי איז אויפגעשטאַנען מיט אויפרעגונג.

— מאַך זיך נישט פאַר קיין אומבאַפלעקטע מאָראַליסטקע, הילדע! — האָט ער אַ געשריי געטאָן. — דו ביסט אַרומגעגאַנגען מיט דייווידן ווען ד׳ביסט געווען סאָלס כלה . . .

— כ׳האָב עס אָבער געטאָן, — איז אויך הילדע אויפגעשטאַנען מיט אַ געשריי, — ווייל כ׳האָב נישט ליב געהאַט סאָלן . . . ווייל כ׳האָב דייווידן געשטעלט העכער פון סאָלן . . . אָבער כ׳האָב סיווי נישט געלעבט אינטים מיט דייווידן. און דייוויד . . . אי ער האָט מיך ליב, אי ער שטעלט מיך העכער פון אַנדערע, און אי ער לעבט אינטים מיט אַן אַנדערער הינטער מיין רוקן. איז דאָס קאָמוניסטישע מאָראַל?

— דאָס עגאָאיסטישע — האָט דזשעסי איצט גערעדט מיט ווייטאָג און מיט ווייניקער זיכערקייט אין טאָן — איז אַלעמאָל געווען, הילדע, און וועט פאַרבלייבן אויף אייביק . . . מיר, קאָמוניסטן, זענען דער עיקר אויסן צו האָבן פולע, נישט־צווייפלהאַפטע, עקאָנאָמישע זיכערקייט און אומבאַגרענעצטע, קאָלעקטיוו־נוצלעכע קולטור־טעטיקייטן פאַר מענטשן.

— און דאָס איז ביי מיר ניט אַלץ! — האָט הילדע זייטיק, מיט ווידערווילן אַ ברום געטאָן צום ברודער און גלייכצייטיק געכאַפּט אַ בליק אין דער זייט פון אַרויסגאַנג. — מאָראַל איז העכער פון זאַטע און גייסטיקע ראָבאָטן . . .

— מעגלעך . . . — האָט דזשעסי נאָכגעקוקט הילדען וואָס האָט זיך געלאָזט צו דער טיר . . . — מעגלעך אַז דו דאַרפסט נאָך אַ סך לערנען וועגן דעם מענטשס נאַטור . . .

הילדע איז געבליבן שטיין ביי דער טיר און האָט זיך אויסגעדרייט מיט אָנגעצונדענע אויגן צו דזשעסין:

— און מעגלעך אַז דו דאַרפסט נאָך לערנען אַ סך וועגן דעם זין, דעם תכלית פון דעם מענטשס זיין אויף דער וועלט.

אין דזשעסיס אויגן האָט זיך איצט געוויזן אַן איבערראַשטקייט פון דער שוועסטערס נישט־הויכער מיינונג וועגן אים, אַ מיינונג וואָס האָט אים שטאַרק דערשלאָגן, אַזוי שטאַרק אַז ער האָט נישט געקאָנט רירן מיט דער צונג. אַז זי איז שוין אָבער געווען

אַריבער דער שוועל, האָט ער זיך געדירט און איז איר נאָכגעגאַנגען:

— וואוהין גייסטו? סאַנדראַ האָט דאָך צוגעגרייט מיטיק...

הילדע האָט אָבער נישט געענטפערט און אַוועקגעשפרייזט פון אים מיט האַס.

## .3

נאָך איידער זי איז צו צום עלעוויטער אין קאָרידאָר האָבן זיך דערטראָגן צו איר געהער גיך־לויפנדיקע טריט און אַ פאַרוואונדערט רופנדיק קול פון אַ יונגער פרוי:

— הילדע! וואָס טוסטו? וואָס לויפסטו אַוועק פון הויז? כ׳האָב דאָך צוגעגרייט מיטיק מ׳זאָל זיצן צוזאַמען און עסן!

הילדע האָט געדענקט גאַנץ קלאָר אַז בעתן אַרויסאײַלן זיך פון אַפּאַרטמענט האָט זי אויסגעמיטן צו אַנטשולדיקן זיך צו דזשעסיס פרוי פאַר נישט בלײַבן אויף מיטיק. זי האָט אָבער געטראַכט צו טאָן דאָס ווען זי וועט קומען אַהיים, אָדער נאָך פריער — פון דער גאַס. געהערט אָבער די לויפנדיקע טריט און דאָס קול הינטער זיך, איז זי מיט אומגערן געבליבן שטיין און האָט זיך אויסגעדרייט. זי האָט אָבער גאָרנישט געזאָגט. זי האָט נישט געקאָנט עפענען דאָס מויל. אַלץ אין איר האָט געברענט. און דער פלאַם דערפון האָט זיך געזען אין פּנים און אין די בלויע אויגן. זי איז בלויז געשטאַנען מיט די הענט אין די מאַנטל־קעשענעס און האָט געקוקט ווי דורך אַ נעפּל.

— וואָס איז געשען צווישן דיר און דזשעסין? — האָט מיט חידוש געפרעגט סאַנדראַ.

לויטן פוילבלעך־פאַרטראַכטן אויסדרוק פון איר שמאָל, בלאַס־הויטיק פּנים, און לויטן געבוי פון איר הויך, דין־קערפּערלעך געשטעל, און העלער הויט, האָט סאַנדראַ אויסגעזען ווי אַ יונגע פרוי פון די סקאַנדינאַווישע לענדער. אירע האָר, פאַרקעמט גלאַטיק, און לאַנג ביז אַראָפּ די אַקסלען, זענען געווען פון פלאַטין־קאָליר, ווי ס׳איז געווען אין דער מאָדע ביי סאָסייעטי־ליידיס, אויך ביי עלעגאַנט־געקליידעטע פרויען פון מיטל־קלאַס און ביי פיל סטודענטקעס. געטראָגן האָט זי, סאַנדראַ, העל־זאַמשענע שיך מיט הויכע, שרייפלעך־דינע אָפּצאַסן, און אַ קורץ רויט־גרין־געבלומלט קליידל אָן אַרבל און מיט אַ טיף־אָפענער פּלייצע.

אַהערגעאײַלט דאָ האָט זי נאָכדעם ווי דזשעסי איז אַרײַן צו איר אין קיך און האָט געבעטן אַז זי זאָל נישט זיין אַנטוישט וואָס זי וועט נישט האָבן הילדען ביים מיטיק. אַנשטאָט פרעגן פאַרוואָס און פאַרווען האָט זי אַ געשריי געטאָן אַז זי וועט יאָ זיין אַנטוישט, אפילו שטאַרק באַליידיקט, און זי איז גלייך אַרויס פון קיך. איצט שטייט זי אַ פאַרחלשט־בלאַסע און קוקט אויף הילדען מיט פאַרווירטע גרוי־גרינע אויגן:

— פאַרוואָס שוויגסטו, הילדע? וואָס איז צוגעשטאַנען צו דיר?

געזען אַז הילדע נעמט קוקן אויף דער עלעוויטער־טיר, וואַרט אַז זי זאָל זיך עפענען, האָט סאַנדראַ זי אַ נעם־געטאָן ביי אַן אָרעם און גענומען זי פאַרפלייצן מיט אַ רייד־מבול:

— דאָס וואָלט געווען די ביטערסטע איבערלעבונג מיינע... כ׳מיין, ווען דו קומסט נישט צום מיטיק. און כ׳וויל דו זאָלסט וויסן אַז איך וואָלט עס נישט איבערגעטראָגן ווען דו איבעררייסט מיט דזשעסין. דו ווייסט גאָרנישט ווי איבערגענומען ער איז מיט דיר. ס׳איז גאָרנישט נישטאָ נאָך אַזאַ ליבשאַפט פון אַ ברודער צו אַ שוועסטער ווי זיינע צו דיר. און איך אַליין... הילדע... כ׳בעט דיך, טו דאָס נישט מיר... כ׳וועל קראַנק ווערן דערפון... לעצטנס באַקום איך קאַפּווייטאָג פון דעם מינדסטן עגמת־נפש. ד׳ווייסט

נאָך נישט ווי דאָס דערציען קינדער ווירקט אויף אַ מאַמען. די קלענסטע זאַך, וואָס גייט נישט אַזוי ווי אַ מאַמע דערוואַרט, ברענגט דער מוטער אַ סך האַרץ־קלעמעניש. און פאַרגעס נישט, איך האָב זיך נישט וואָס צו באַקלאָגן אויף דער לייטישקייט פון מיינע קינדער. זיי זענען זייער געראָטן. דאָך... דערצו... דיין אַנטלויפן פון אונדזער הויז וועט מיר נישט געבן קיין רואיקע טעג און נעכט. כ׳וועל זיך פילן אינגאַנצן צעבראָכן — — —

אין הילדעס אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן. אירע ליפּן האָבן גענומען פּיבערן. זי האָט אָבער גאָרנישט באַהאַלטן און האָט אַ שווייגנדיקע בלויז געקוקט אויף סאַנדראַן וואָס האָט זיך אויסגעדרייט צום אַרויפגעקומענעם עלעוויטער, וואו דער אוניפאָרמירטער מאַן איז וואַרטנדיק געשטאַנען ביי דער אָפענער טיר.

— עקסיוז מי... — האָט זי געזאָגט צום עלעוויטער־מאַן און זיך פאַרענטפערט פאַר אים. — מיין גאַסט האָט געביטן איר מיינונג. זי איז נאָך נישט גרייט צו גיין...

ביים מאַלצייט, וואָס איז געווען געגרייט אויפן קיכטיש, איז הילדע געזעסן שטיל. אָבער אויך דזשעסי האָט נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט. בלויז סאַנדראַ האָט געהאַלטן אין איין זיך לאָזן הערן.

— טוט נאָך די שכנטע אייערע — האָט זי געקוקט אויף הילדען און געפרעגט עסנדיק — אַרויסהעלפן ביי אייך אין הויז? כ׳מיין די מיסעס גאָטליב... דזשעסי האָט מיר אַ סך דערציילט וועגן איר. זי איז, ווי זאָגט מען אין יידיש? אַ צאַדיקטע?... אַ צאַדיסטע?... — זי האָט זיך אויסגעדרייט צו דזשעסין און געפרעגט — כ׳האָב פאַרגעסן, דאַרלינג... דו האָסטו זי אָנגערופן מיט עפּעס אַ פאַרערנדיקן נאָמען. וואָס איז עס?

— צדקת, — האָט דזשעסי, נישט קוקנדיק אויף איר, געענטפערט בעת עסן דאָס מאַלצייט וואָס איז געווען פאַר אים ווי סם. — צאַדייקעס...

— ריכטיק... — האָט זי ווידער גערעדט צו הילדען. — זי איז אַ צאַדייקעס, אָן פערזענלעכן נוצן. זייער איבערגעגעבן... טוט זי נאָך אַרויסהעלפן?

הילדע האָט נישט געענטפערט מיט קיין רייד. זי האָט בלויז געדרייט מיטן קאָפּ אויף ניין צום טעלער, וואו זי האָט אַרויסגעדליבעט פיצעלעך סטייק מיט אַ גאָפּל.

— הייסט עס אַז דיין מאַמע גרייט אַציגד צו אַלץ אַליין אין הויז.

הילדע האָט ווידער נישט געענטפערט מיט קיין ווערטער, נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ.

— און מאָנטיק גייסטו צוריק צו דער אַרבעט אין יידישן קאָנגרעס?

יאָ, — האָט הילדע, אָן ווערטער, אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— האָט דיר דזשעסי געזאָגט, אַז די פּאַרטיי גיט אַרויס זיינס אַ ניי בוך?

ניין, — האָט הילדע אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ.

— ס׳וועט זיין — האָט סאַנדראַ אויפּסניי איבערגעגעבן — וועגן דער עקאָנאָמישער גרויסמאַכט פון דעם אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליזם.

אַ ווײַלע איז געווען שטיל. סאַנדראַ האָט דערוואַרט צו הערן עפּעס פון הילדען אין שייכות מיטן בוך. אַז דאָס וואַרטן האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן אומזיסט, האָט זי ווידער אָנגעהויבן רעדן:

— און האָט דיר דזשעסי געזאָגט, אַז קירצלעך וועט ער פאָרן קיין מאָסקווע?

הילדע האָט נישט געענטפערט.

— יאָ, און מיט נאָך קאָמעראַדן פון צענטראַל קאָמיטעט. צו אַ זייער וויכטיקן

צוזאַמענפאַר. ס'איז באַשטימט געוואָרן היינטיקע וואָך.

הילדע האָט זיך גענומען פילן שטאַרק באַלעסטיקט. אפילו איר עסן איז געווען אַן אָפּקומעניש.

— ס'וועט געוויס זיין אויף אַן טעלעכע וואָכן. ריכטיק, דזשעסי?

דזשעסי, עסנדיק אַן טעם, און נישט־קוקנדיק אין איר זייט, האָט מיט גלייכגילטיקייט צו דעם וואָס זי האָט דערוואַרט זיין באַשטעטיקונג אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— יאָ.

— דאָס וועט שוין זיין דיין דריטע רייזע קיין רוסלאַנד, ריכטיק? — האָט סאַנדראַ געקוקט אויף אים פרעגנדיק.

— יאָ, — האָט דזשעסי, ווידער נישט־קוקנדיק אין איר זייט, אויפסניי אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— ווען כ'וואָלט געהאַט ביי וועמען איבערצולאָזן די קינדער, — האָט סאַנדראַ איצט געריידט צו הילדען, — וואָלט איך מיטגעפאָרן מיט דזשעסין קיין רוסלאַנד. ס'ציט מיך צו זען ווי די דאָרטיקע פרוי פילט זיך אין דער נייער געזעלשאַפט. האָסטו נישט קיין לוסט צו באַקענען זיך מיטן נייעם לעבן דאָרטן, הילדע?

הילדע האָט אַ הייב געטאָן מיט די אַקסלען און גאָרנישט געענטפערט.

— נו, אַז דו וועסט אַמאָל פאָרן אַהין וועט עס שוין געוויס זיין צוזאַמען מיט דייווידן. בין איך גערעכט?

ביי הילדען איז געבליבן שטיין דאָס עסן אין דער קעל. זי האָט גענומען קוקן צום סופיט מיט אַ פול מויל און ווידער גאָרנישט געזאָגט. אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי אַ צוק געטאָן מיט די אַקסלען און אויפסניי אָנגעהויבן עסן.

— ער איז נאָך נישט געווען אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, הא? — האָט סאַנדראַ געפרעגט דזשעסין. — כ'מיין דייווידן...

— ניין, — האָט דזשעסי בייזלעך אַ קוק געטאָן אויף איר און איז ווידער אָנגעגאַנגען מיטן עסן.

— ווען טראַכטסטו, הילדע, — האָט סאַנדראַ, מיטן גאָפּל ביי די ליפּן, געפרעגט, — צו גיין מיט דייווידן נאָך מערידזש לייסנס? האָט איר שוין באַשטימט אַ צייט?

הילדע האָט געקוקט זייטיק און געדרייט מיטן קאָפּ אויף ניין.

— ער איז אַ טייערער יונגערמאַן, — האָט סאַנדראַ איצט געזאָגט, — אַ שיינער און אַ געלערנטער. יעדעס מיידל וואָלט געווען גרייט צו ווערן זיין פרוי. פאָלג מיך, הילדע, און קלייב נישט מער. ער קומט אַרויס פון... ווי זאָגט מען דאָס אין יידיש? ייקעס? ייטשעס? אַ יאָ, כ'ווייס שוין... ייכעס! ריכטיק, ייכעס... כ'מיין, ער שטאַמט אָפּ פון אַ שיינער פאַמיליע.

דזשעסי האָט איצט איבערגעריסן סאַנדראַן אין די רייד. ער האָט נישט געוואָלט אַז זי זאָל מער רעדן וועגן דעם. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף הילדען און געפרעגט:

— קומסט מאָרגן צו דער דעמאָנסטראַציע? ד'ווייסט דאָך געוויס אַז מאָרגן פירט די פּאַרטיי ווידער דורך אַ דעמאָנסטראַציע. און ווידער מיט אַ רוף צו די מערב־מלוכות וועגן אַ פּאָליטיש־מיליטערישן אַרויסטריט צוזאַמען מיטן סאָוועטן־פאַרבאַנד קעגן נאַצי־דייטשלאַנד...

הילדע האָט נישט געענטפערט. זי האָט געקוקט אויפן טעלער מיטן געקעכץ אַזוי ווי ס'וואָלט איר געשווינדלט פאַר די אויגן.

— היינט ביים מיטינג אין פּאַרטיי־אָפיס האָבן מיר באַשטימט די טעמעס פאַר די

רעדנערס. מיין טעמע וועט זיין וועגן נאַצי־דייטשלאַנד און איר סכנה פאַרן וועלט־יידנטום.
הילדע האָט נישט געקוקט אין זיין זייט.
— וועסט קומען? — האָט ער ווידער געקוקט אויף איר און געפרעגט.
הילדע האָט נישט געענטפערט, עלעהיי ער וואָלט נישט געמיינט זי.
נאָכן אָפּעסן איז זי אויפגעשטאַנען און האָט געבעטן סאַנדראַן צו געבען איר דעם מאַנטל און דאָס היטעלע. אָנגעטאָן זיך, האָט זי באַדאַנקט די שוועגערין פאַר דעם פיינעם מאָלצייט און זיך פאַרקליבן צום אַרויסגאַנג.
— וואַרט, הילדע, — האָט סאַנדראַ זי אָנגענומען ביי אַן אָרעם. — כ׳וועל דיך אַהיימפירן מיט מיין אויטאָמאָביל.
— אַ דאַנק... — האָט הילדע געדרייט מיטן קאָפּ און זיך אָפּגעזאָגט פון דער שוועגערינס איידעלן אָנבאָט. — דו דאַרפסט זיין אין הויז ווען די קינדער קומען אַהיים פון סקול. אַ האַרציקן דאַנק.
דזשעסי, מיט אַ ציגאַרעטל אין אַ ווינקל פון מויל, מיט די הענט אין די הויזנ־קעשענעס, איז געשטאַנען אין פאָיער, האָט נאָכגעקוקט דער שוועסטער ווי זי גייט אַרויס אין קאָרידאָר אַריין צום עלעוויטער — און ער האָט גאָרנישט געזאָגט.

# קאַפּיטל זיבן־און־דרייסיק

## איבערן איסט ריווער

.1

אויפן הויכגאָרנדיקן שפּאַציר־וועג פון דער הענגבריק וואָס איבערן איסט־ריווער, צווישן דער איסט־סייד און וויליאַמסבורג, האָבן אַן אָפּשטעל זיך געכוואַליעט צוויי שטראָמען מענטשן, איין שטראָם פון מאַנהעטן קיין ברוקלין, און דער צווייטער פון ברוקלין קיין מאַנהעטן.
טייל פון עולם האָבן געטראָגן אין זייערע הענט „לאָנטש באָקסעס", און אַנדערע — פּאָרטפּעלן. אַלע — אפילו יענע וואָס אַן אַלעם — האָבן געשטראָמט פון שעפּער און אָפּיסעס, וואו זיי האָבן געאַרבעט אַ גאַנצן טאָג.
געוויינלעך פאָרן שכירות־מענטשן אַהיים מיטן סאָבוויי, אָדער מיט סטריט־קאַרס, וואָס לויפן אויף אונטערשטע וועגן פון דער בריק. די לייט אויפן שפּאַציר־וועג האָבן זיך אָבער איינגעשפּאָרט טראַנספּאָרטאַציע־הוצאות, ווייל סיי זייערע אַרבעטס־פּלעצער און סיי זייערע היימען האָבן זיך געפונען נאָענט פון דער בריק.
דער דאָזיקער שפּאַציר־וועג איז אָבער געווען נישט בלויז אַ טובה. אָפט מאָל איז ער אויך גענוצט געוואָרן פון אַ סך מענטשן צום שלעכטן — צו פאַרענדיקן זייער לעבן. פיל מענטשן — אין קלעם, אָן אַן אויסוועג איבער כלערליי קנוילן סיבות אין זייער פּריוואַטן לעבן — זענען אַרויפגעקומען דאָ אויפן הויכגאָרנדיקן שפּאַציר־וועג, האָבן אַרומגעבלאָנקעט דאָ אַ ביסל, מאַנעוורירט פאַר דער ריכטיקער צייט און דעם פּאַסיקסטן אָרט, נאָכדעם זענען זיי אַרויף אויף דער אייזערנער פאַרענטשע און האָבן זיך אַראָפּ־געוואָרפן פון דאָרטן גלייך אין די טיפע וואַסערן פון איסט־ריווער.
אָפט זענען אַזעלכע פאַרקלעמט־ליידנדיקע מענטשן אָפּגעראַטעוועט געוואָרן דורך

פאַרבייגייערס וואָס האָבן באַמערקט ווי זיי, די פאַרצווייפלטע זעלבסטמערדערס, דראַפּן זיך אַרויף אויף דער פאַרענטשע. אָבער ווער וועט זיך וואַגן צוגיין צו אַ מענטש וואָס שטייט בלויז ביי דער אָנהאַלט־שטאַבע, שטייט רואיק, ווען אפילו שטאַרק באַזאָרגט? האָט דען עמעצער דאָס רעכט צו פרעגן אַזאַ פאַרטרויערטן צי ער האָט בדעה צו מאַכן אַ סוף צו זיין לעבן? אוודאי וואָלט דאָס געווען נישט איידל, אויבוואויל די כוונה דערביי וואָלט געווען דורכאויס מיטלייד. און אַזאַ בעל־רחמנות וואָלט געוויס, מיט רעכט, באַגעגנט געוואָרן מיט קאָכיקן מוסר פון דעם אומגליקלעכן. „האָב איך דיך געדונגען פאַר מיין באַשיצער? האָט אפשר וועלכע ס'איז אינסטיטוציע אַרויפגעלייגט אויף דיר אַ חוב אַריינצומישן זיך אין מיין פריוואַטן אויפפירן זיך?" מענטשן זענען דערפאַר אָפּט פאַרבייגעגאַנגען שווייגנדיק, כאָטש זיי האָבן געזען דאָ אַזאַ פאַרשוין און געהאָט אַ חשד אין זיין געמיט. זיי האָבן זיך נישט וויסנדיק געמאַכט, עלעהיי זיי וואָלטן געווען קאַלטע לונג־און־לעבערס צום מענטשס ביטערן סוף.

אויך אַזוי איצט. די אַהיימגייערס, שטראָמענדיק אין קעגנזייטיקע ריכטונגען, האָבן באַמערקט אַ יונג, בלאַנד מיידל שטיין אַ טיף־דערשלאָגענע ביי דער פאַרענטשע. זי האָט געקוקט אַראָפּ צו די וואַסערן. זיי האָבן אָבער נישט אויסגעדריקט זייער איבעראַשונג און שרעק. זיי האָבן געטראַכט: מן־הסתם נאָך אַ קרבן... מסתם פאַרפירט געוואָרן פון אַ יונגנמאַן... מסתמא וויל זי זיך אומברענגען צוזאַמען מיט דעם וואָס זי טראָגט אין איר געבער־מוטער...

איינער פון עולם איז אָבער אויפגעטרייסלט געוואָרן פון איר אָנבליק. ער האָט זיך געכאַפּט ווער זי איז. ער איז געווען אַ הויכער מאַן, אין די פופציקער. אָנגעטאָן איז ער געווען אין אַ קעפּקע, אין אַ בלוי־געקעסטלטן ווינטער־דזשעקעט, און ער האָט געטראָגן אַ „לאָנטש באָקס". געגאַנגען איז ער פון ברוקלין, וואו ס'געפינט זיך זיין אַרבעטס־פּלאַץ, און ער האָט זיך אַהיימגעאיילט כדי צו זיין אין צייט צו קבלת־שבת אין שול. דערזען דאָס הויכע בלאָנדע מיידל, איז ער געוואָרן ווייס אין פּנים און ער האָט זיך גיך דערנענט צו איר.

— הילדע! — האָט ער אויסגעשריען מיט ציטער אין קול. — וואָס טוסטו דאָ?

געווען איז ער אַן אַרבעטער ביי קיל־אַפּאַראַטן און האָט געוואוינט אין דער זעלבער טענעמענט־געביידע וואָס הילדע.

הילדע — אין דער זעלבער הלבשה וואָס זי האָט געטראָגן מיט עטלעכע שעה צוריק, ווען זי איז אַוועק פון דזשעסיס היים — האָט זיך נישט אויסגעדרייט צו אים און אויך נישט געענטפערט. זי האָט איצט מער נישט געקוקט אַראָפּ צו די וואַסערן, נאָר ווייט אַריבער צו יענעם טייל הימל וואָס איז איבער דעם מערב־ברעג פון מאַנהעטן, דאָרטן וואו ס'פליסט דער האַדסאָן־טייך. זי האָט געקוקט און טרערן זענען אַראָפּגעפאַלן פון אירע אויגן.

דאָרט אין הימל, וואוהין זי האָט געקוקט, איז טיף און טיפער געזונקען די זון. זי איז געווען אַ ראָד־גרויסע בלוט־פליאַמע, עלעהיי אַן איבערבלייב פון אַ דערמאָרדעטער שיינער פרוי וואָס עמעצער — נאָכן אָנזעטיקן זיך מיט איר פראַכט אַ גאַנצן טאָג — וואָלט זי באַטראַכט פאַר איבעריק און מיט גלייכגילטיקער רציחה זי אומגעבראַכט, כדי נישט צו הערן קיין טענות פון איר. דאָרט, אין יענער ראָד־גרויסער בלוט־פליאַמע וואָס איז אַראָפּגעזונקען הינטערן האַדסאָן־טייך, האָט הילדע געהאַלטן אָנגעשפיליעט איר בליק און נישט געהאָט קיין עסק מיט קיינעם אַרום, אויך נישט מיטן מאַן, כאָטש ער האָט גערעדט צו איר און אפילו אָנגערופן זי ביים נאָמען. זי איז געווען אַריינגעטאָן אין

יענער ווייטער ווייט, גלייך ווי זי אַליין וואָלט געווען דאָרטן, אין יענעם געגליווערטן שטיק בלוט, און זיך אַראָפּגעלאָזט צו איר אייביקן סוף.

— כ'וועל דיך נישט לאָזן דאָ איינע אַליין, רבנישע טאָכטער! — האָט דער שכן ווידער גערעדט הויך, אויבוואויל זי האָט אים נישט געענטפערט. — מיך שרעקט דאָס האַרץ איבער דיר... מיר געפעלט נישט דיין שטיין דאָ איינע אַליין.

געזען אַז זי ווענדט נישט איר בליק צו אים, לאָזט אים אויפסניי אָן אַן ענטפער, האָט ער זיך אַ דריי אויס געטאָן צום עולם, וואָס האָט געשטראָמט צו דער איסט־סייד פון ניו־יאָרק און געזוכט מיט די אויגן אַ באַקאַנט פּנים.

געוואוסט האָט ער אַז פון זיין שכנישאַפט איז ער נישט דער איינציקער וואָס גייט אַריבער די בריק צופוס קיין מאַנהעטן פון דער אַרבעט. וועט ער אָבער איצט, אין אַן עת־צרה, געפינען אַזעלכן וואָס זאָל אים אַרויסהעלפן?

צום גליק האָט ער דערזען אַ נישט־ווייטן שכן פון זיין געגנט און אים באַלד גערופן:

— מיסטער מרגלית!

יענער, אַ ייד אין די זעכציקער, אַ ברייט־פּלייציקער, מיט שווערע פיס, איז גלייך אַהערגעקומען.

— וואָס איז, ר' שלום? — האָט ער אַ פרעג געטאָן.

— הערט זיך איין, מיסטער מרגלית... — האָט ר' שלום גערעדט האַסטיק. — איר זעט'אַך, אָן ספק, ווער זי איז... די טאָכטער פון דעם ניסתלק געוואָרענעם צדיק ר' אליהו... איז זייט־זשע אַזוי גוט און לויפט אַהיים צו איר מוטער און זאָגט איר צו פאַרנעמען זיך דאָ אַהער כהרף־עין. איך גופא וועל דאָ שטיין און נישט אַוועקטרעטן פון איר, אפילו כ'זאָל דאַרפן מחלל־שבת זיין. הכלל, באַלעמוטשעט נישט און שטעלט זיך נישט אָפּ אויפן וועג אפילו אויף קיין איין רגע נישט. איר הערט? ס'איז פיקוח נפש...

## 2.

אָנגעקומען איז די רביצין ווען ס'איז שוין געווען פינצטער. דער הימל און די שטערן זענען געווען פאַרזויבקען ערגעץ. איבערן איסט־ריווער האָט געהויערט אַ נעפּל וואָס דורך זיין געדיכטעניש האָט זיך געטראָגן אַ טרובן פון אַ שטייענדיקער באַרזשע. דאָס האָט זי געוואָרנט קעגן אַ צוזאַמענשטויס פון נאָנטע און ווייטע לאָסט־שיפן וואָס זענען געשוואומען אין קעגנזייטיקע ריכטונגען. פון די בריקן־זייטן און אויך פון די שטאַנגען, וואָס איבערן קאָפּ, האָבן אַראָפּגעלייכט עלעקטרישע לאָמפּן. דאָך האָבן מענטשן אין נעפּל אויסגעזען ווי בלאָנדזשענדיקע שאָטנס.

צוזאַמען מיט דער רביצין איז מיטגעקומען אַ צעיאָכמערט געזעמל פרויען וואָס איינע פון זיי איז געווען מיסעס גאָטליב.

די רביצין, מער ווינט ווי אימפּעט, איז צוגעלאָפן מיט אַ געוואַלד און געוויין צו דער שטום־שטייענדיקער טאָכטער און האָט זי אַרומגעדריקט מיטביידע הענט:

— טאָכטערשי! — האָט זי געשריען אַ היסטערישע. — קינד מיינס... כ'האָב דאָך אַרומטעלעפאָנירט און זיך געפרעגט אויף דיר ווער נאָר ס'איז מיר געקומען אויפן זינען. אפילו צו דיין ברודער אַריינטעלעפאָנירט. כ'האָב דאָך נישט געוואוסט וואָס איבערצוקלערן, זינט כ'בין בייטאָג צוריקגעקומען פון גאַס און האָב דיך נישט געטראָפן אין הויז. די אויגן זענען דאָך מיר אַרויסגעקראָכן פון קאָפּ אַז כ'האָב געזען מ'דאַרף שוין ציגדן ליכט אויף שבת און דו ביסט נאָך אַלץ נישט געווען אין דער היים. וואָס איז

געשען מיט דיר? ווי קומסטו דאָ אַהער? און וואָס טוסטו דאָ? וואָס שטייסטו? פאַרוואָס גייסטו נישט אַהיים?

פונקט ווי צום קיל־אַפּאַראַט אַרבעטער ר׳ שלום, אַזוי שטום איז הילדע אויך געווען צו דער מוטער. זי איז געשטאַנען מיטן פּנים צום טייך און האָט געהאַלטן די אויגן פאַרמאַכט.

— כ׳האָב נאָך קיינמאָל — האָט זיך ר׳ שלום אָנגערופן צו דער רביצין — נישט גערעדט אַזוי פיל צו אַ מענטש ווי כ׳האָב דאָס געטאָן צו אייער טאָכטער בעת כ׳האָב געוואַרט אויף אייער קומען. זי האָט אָבער נישט געענטפערט אפילו מיט קיין איין וואָרט, גראָד אַזוי ווי זי וואָלט נישט געווען דערביי.

נישט נאָר זענען טאַקע זיינע רייד פריער צו הילדען געפאַלן ווי אויף טויבע אויערן, נאָר אויך זיינע איצטיקע ווערטער צו דער רביצין האָבן געהאַט דאָס זעלבע מזל. די רביצין האָט לחלוטין נישט געוואוסט צי ער האָט גערעדט. זי איז געווען אינגאַנצן אַריינגעטאָן אין איר בראָך און האָט אָנגענומען הילדען ביי אַן אָרעם.

— קום אַהיים, בת־יחידה מיינע... — האָט זי געזאָגט, שטיקנדיק זיך פון טרערן.

— ד׳ביסט שוין אינגאַנצן אַזוי קאַלט ווי אייז...

הילדע האָט זיך נישט געווערט. זי איז געגאַנגען מיט דער מוטער פאָרויס, און הינטער זיי האָבן נאָכגעפאָלגט די פרויען און ר׳ שלום.

אין קאָרידאָר, קעגנאיבער דער טיר פון דער רביצין׳ס האַרוויצס אַפּאַרטמענט, זענען געשטאַנען עטלעכע שכנטעס און האָבן גערעדט צווישן זיך אַזוי, אַז קיין זייטיקער זאָל נישט הערן, און אַ מיט טיפן מיטלייד אין זייער שעפּטשען:

— האָט זיך עמעצער געקאָנט ריכטן אויף אַזעלכעס?

— ס׳איז טאַקע נישט שווער צו פאַרשטיין אַ קינדס צער אויפ׳ן טויט פון אַ פאָטער, דאָך...

— וואָר, אָבער אָפּטאָן אַזאַ מעשה!...

— זאָל מען נאָך צואוואַרטן מיטן נייס... ס׳איז אפשר נאָך צו־פרי.

— וואָס הייסט פרי? וואָס דען האָט זי „דאָרטן" געטאָן?

— אוודאי, אַז מ׳שטייט „דאָרטן" אַליין איז׳ס בלויז מיט איין געדאַנק...

— ס׳קאָן וועגן דעם קיין צוויי דעות נישט זיין.

— און אויך אַזוי מיט הילדען...

— איר׳ט דאָך געהערט פונעם מאַן מיט דער וויסטער בשורה...

— וויפל ר׳ שלום האָט נישט גערעדט צו איר איז אַלץ געווען אַרויסגעוואָרפן.

— און אַצינד — — —

— די רביצין האָט זי שוין אוודאי נישט דערוווישט.

— די טאָכטער מוז שוין זיין ווער ווייסט וואו.

— דער איסט־ריווער גיט נישט באַלד אַרויס...

— וואָר, ס׳נעמט טעג ביז ער ברענגט אַרויף דעם דערטרונקענעם.

— ווייז, וויי, וואָס אויפן רבנישן הויז איז געקומען.

— גיי זיי אַ נביא אַז דעם פאָטערס טויט וועט זי דערפירן צו אַזאַ סוף.

— זי איז געווען צו־איידל פאַר אַזוי פיל אומגליקן.

— אין איינציקע 24 שעה פאַרלוירן אי דעם מחותן און אי דעם פאָטער.

— און אפשר... ווער קאָן וויסן וואָס ביי יענעם אין האַרץ טוט זיך?

— אמת... איר געדענקט וואָס מיר האָבן גערעדט דאָ אין אַ שבת־צונאַכט? מאָרגן

וועט ווערן צוויי וואָכן. מיר האָבן דעמאָלט גערעדט וועגן דעם וואָס עלטערן האָבן מער נישט קיין דעה איבער קינדער. און אַז זי, הילדע, איז אַנדערש. זי האָט געהאַט אַ דער־ציאונג אין פרומקייט. אַצינד קומט מיר אויפן געדאַנק, אַז אפשר איז אויך צווישן איר און אירע טאַטע־מאַמע אַנגעגאַנגען אַ קידער־ווידער. און אַז דאָס איז געווען מעגלעך האָבן מיר דאָך אַ באַוויז אין דעם וואָס זי, הילדע, איז נישט געווען ביי דער לוויה פון איר מחותן. און אויך האָבן מיר נישט געזען דעם חתן קומען צו איר אַהיים פֿאַר אַ לענגערער צייט, נאָך אײדער זיין פאָטער איז, נעבעך, אַוועק... נו? קאָן מען זיך דערפון נישט אויסמאָלן, אַז נאָכדעם האָט הילדע זיך געפילט שולדיק? ס׳הייסט אַז סיי דער מחותן און סיי דער פאָטער אירער זענען אַוועק פון דער וועלט איבער איר. געוויס, דערפאַר האָט זי, פון גרויס עגמת־נפש, אָפּגעטאָן דאָס וואָס אַלע אומגליקלעכע טוען אָפּ.

אַז פון דרויסן האָט זיך באַוויזן די רביצין פירנדיק הילדען ביי אַן אָרעם האָבן די שכנטעס מיטאַמאָל אויפגעהערט צו איבערשפּאַרן איינע די אַנדערע מיט באַווייזן — און זייערע אויגן האָבן גענומען קוקן מיט איבערראַשטקייט און אויך מיט שרעק פון בילבול־מאַכערס.

— לאָזט אַדורכגיין... — האָט די מיסעס גאָטליב געריסן זיך פאַרויס און געבעטן די פרויען אַז זיי זאָלן זיך פונאַנדעררוקן. — זייט אַזוי גוט, ליבע שכנטעס...

די שכנטעס האָבן זיך איילִיק פונאַנדערגערוקט, ווי געוואָלט זיך אויסבאַהאַלטן פון באַשולדיקט ווערן פאַר מאַכן אַ בילבול, און די רביצין, צוזאַמען מיט די באַגלייטערינס, איז אַריין אין אַפּאַרטמענט מיט הילדען.

## 3.

אַז די באַגלייטערינס, איינינעם מיט מיסעס גאָטליב, האָבן פאַרלאָזט דעם אַפּאַרט־מענט, האָט זיך די רביצין איילִיק צוריקגעקערט פון דער טיר, וואוהין זי האָט געהאַט באַגלייט די פרויען, און זיך פאַרקירעוועט צו הילדעס שלאָפצימער.

דאָ, אין דער פינצטער, איז הילדע — אין קליידל און אין די זאָקן — געלעגן אויפן בעט, מיטן פנים צו דער וואַנט, און מיט דער רעכטער האַנט אונטער דער לינקער באַק.

די רביצין איז געבליבן שטיין ביים בעט און האָט זיך אַריבערגעבויגן מיטן פנים צו הילדען:

— שלאָפסט?

פון הילדען האָט זיך נישט געהערט קיין ענטפער. די רביצין האָט דאָס אָבער נישט געזען ווי אַ צייכן פון שלאָף און ווידער גערעדט:

— אַצינד איז קיינער נישטאָ. נישט דאָ מיט מיר און נישט אין הויז. זיי זענען אַוועק, די פרויען. קאָנסט זיין פריי מיט מיר. קיינער וועט נישט וויסן וואָס דו זאָגסט. פריער, אויף דער בריק, ביכ׳ך געווען אַ ביסל איבערגעאיילט מיט מיין מויל. כ׳האָב נישט געוואוסט וואָס ס׳טוט זיך מיט מיר פון שרעק איבער דיר. האָב׳ך דיך געפרעגט וועגן זאַכן וואָס כ׳האָב נישט געדאַרפט פרעגן ווען ס׳זענען געווען מענטשן דערביי. אפילו ווען ס׳וואָלט נישט געווען דערביי מער ווי נאָר אונדזער איבערגעגעבענע הויזפריינדין, מיסעס גאָטליב, וואָלט׳ך דיך אויך נישט געדאַרפט האָבן געפרעגט. וועסט מיר מוחל זיין פאַר נישט קאָנען זיך באַהערשן. ד׳ווייסט דאָך ווי אַ מאַמעס האַרץ איז, אויב עפּעס שלעכטס, חלילה, דערוואַרט איר קינד. אָבער אַצינד איז קיינער נישטאָ, נישט דאָ מיט מיר און נישט אין די אַנדערע שטיבער. איז זאָג מיר דעם אמת... כ׳בעט דיך...

זאָג מיר וואָס ס׳האָט געפירט צו דעם אַז דו זאָלסט אַוועק נעבעך אַהין דאָרט...
ס׳כאַפּט דאָך אָן אַ שרעק אַז מ׳הערט ווי אַ מענטש איינער אַליין געפינט זיך דאָרט...
מ׳קאָן דאָך פון זינען אַראָפּ. איז זאָג מיר, טאָכטער, וואָס ס׳האָט דיך אַזוי דערשלאָגן
און געטריבן דערצו.

פון הילדען איז אָבער אויך איצט נישט געקומען קיין ענטפער.

— איז עס דעם טאַטנס ניסתלק ווערן? האָט דאָס דיר היינט, קוים איין טאָג נאָך
דער שבעה, שוין געוויזן אַז ער פעלט דיר אויס אין הויז און ד׳האָסט עס נישט געקאָנט
איבערטראָגן?

פון הילדען האָט זיך ווידער גאָרנישט געהערט. די רביצין האָט איצט אויסגע־
בראָכן אין אַ געוויין:

— זאָג מיר! פאַרוואָס ענטפערסטו מיר נישט? כ׳בין דאָך אַליין אויך אַ צעבראָכן
מענטש און קאָן זיך נישט געפינען קיין אָרט...

אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי אויפגעהערט קלאָגן און זיך אויסגעגלייכט.

— נו, — האָט זי געזאָגט מיט מוסר אויף זיך, — אפשר איז עס אַן אומרעכט פון
מיר צו פאַרלאַנגען אַצינד אַז ד׳זאָלסט עפענען דיין האַרץ פאַר מיר. אפשר איז עס צו־
פרי. ווער, אין אמתן, קאָן עפענען דאָס טריבע האַרץ און רירן מיט דער צונג אַז פון
צרות זענען זיי ווי בליי? נו, גוט... זאָל מען עס אָפּלייגן אויף אַן אַנדער מאָל. דער־
ווייל קום אַראָפּ פון בעט. קום, וועט מען מאַכן קידוש און גיין עסן. ס׳איז דאָך שבת...
מ׳טאָר נישט פאַרשטערן קיין שבת. שבת איז איבער אַלעם. שבת איז ווי אַ שימחה אין
אַ מלכס פּאַלאַץ... אַ שימחה וואָס ס׳איז נישט גלייך צו באַטייליקן זיך אין איר מיט אַ
באַטריבט האַרץ. קום אַראָפּ פון בעט.

פון הילדען האָט זיך אָבער ווידער גאָרנישט געהערט. איצט האָט זיך די רביצין
דערמאָנט, אַז ווען זי איז געקומען אַהיים פון דער בריק האָט הילדע געזאָגט, אַז זי וויל
זיין אַליין. זי פילט זיך נישט געזונט — און זי האָט זיך גלייך פאַרנומען דאָ אַהער.

איצט האָט זיך די רביצין ווידער אַריבערגעבויגן איבער הילדען און געפרעגט מיט
נייגער:

— פילסט זיך נאָך אַלץ נישט מיט אַלעמען? וואָס איז דיר?

אַז זי האָט אויפסניי גאָרנישט געהערט פון הילדען, האָט זי משער געווען אַז די
טאָכטער ליגט מסתמא ווי אין הינערפלעט. זי האָט זיך אויסגעגלייכט און דאָס מאָל
גערעדט צו זיך:

— נו, וועל׳ך אַליין מאַכן קידוש און נאָכדעם צוואַרטן מיטן עסן ביז זי׳ט צו זיך
קומען.

אָפּגערעדט, האָט זי לענגער נישט געוואַרט און זי איז גלייך אַרויס.

.4

אין גאַסטצימער, וואו די רביצין איז אַריין, איז געווען פאַרבלענדניק ליכטיק.
ס׳האָבן געלייכט אַלע עלעקטרישע לעמפּלעך אין די ווענט. אויך האָבן צוגעטראָגן זייער
חלק צום בליאַסק די ליכט וואָס זי, די רביצין, האָט געהאַט אָנגעצונדן לכבוד שבת נאָך
איידער דער אַרבעטאָרער מרגלית איז אָנגעקומען צו לויפן פון „דאָרט" מיט דער
ביטערער בשורה. אַלץ וואָס ס׳האָט געפעלט צום פייערלעכן אויסזען פון גאַסטצימער,
וואָס שבת און יום־טוב עסט מען דאָ, איז געווען די קרוין פון הויז — דער רב... אָבער

זי, די רביצין, האָט זיך איצט נישט געלאָזט באַגוועלטיקן פון קיין טרויער. ס׳איז שבת. און שבת טאָר מען נישט אַריינפאַלן אין קיין עצבות.

זי איז געבליבן שטיין ביים טיש, וואָס אין מיטן צימער, און איבערגעגאַנגען מיט די אויגן איבער אַלץ וואָס איז געווען אויף אים. אפשר האָט זי געהאַט אויסגעלאָזט עפּעס וואָס מ׳דאַרף האָבן, ס׳הייסט, איידער זי איז אַרויסגעלאָפן פון הויז אָפּצוראַטעווען די טאָכטער אויף דער בריק?

אַחוץ די זילבערנע לייכטערס, וואָס זענען געשטאַנען מיט ברענענדיקע ליכט אויפן טיש, זענען דאָ געלעגן חלות און גאָפּל־לעפעל־מעסער באַדעקט מיט אַ שבת־טישטעכל. נישט ווייט פון זיי האָבן זיך שטאַרק אָנגעזען אַ בייכיקע קאַראַפינקע מיט ווייַן און צוויי זילבערנע בעכערס.

יאָ, אַלץ איז געווען צוגעגרייט לכבוד שבת, ווי ס׳דאַרף זיין. זי האָט, ברוך השם, גאָרנישט נישט פאַרגעסן.

זי האָט גענומען די קאַראַפינקע, אָנגעגאָסן אַ בעכער ווייַן — און מיט צוגעשלאָסענע אויגן אָנגעהויבן זאָגן יום השישי — — —

ביים סוף פון קידוש האָט זי זיך אָבער לענגער נישט געקאָנט איינהאַלטן — און זי האָט אויסגעבראָכן אין אַ געיאָמער. זי האָט געשלוכצט אַ לענגערע ווײַלע. נאָכדעם האָט זי זיך פאַרגעוואָרפן פאַר האָבן פאַרשוועכט דעם קידוש, און זיך אָפּגעווישט די טרערן.

פאַרענדיקט דעם קידוש, האָט זי געטרונקען אַ ביסל ווייַן פון בעכער און איז אַריין אין דער קיך צו וואַשן זיך די הענט. צוריקגעקומען, האָט זי געמאַכט די ברכה איבער אַ חלה, אָפּגעשניטן אַ המוציא, גענומען אַ כזית אין מויל אַריין און זיך פאַרקליבן צוריק צו הילדען אין שלאָפצימער אַריין.

געטראָפן האָט זי איצט הילדען זיצן אויף אַ שטול וואָס איז געשטאַנען לעבן בעט.

— געלויבט דער אייבערשטער — האָט די רביצין אָפּגעזיפצט — וואָס ד׳פילסט זיך שוין בעסער און ביסט אַראָפּ פון בעט.

הילדע האָט געהאַלטן דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, איין פוס אַריבערגעוואָרפן איבערן צווייטן, און נישט געענטפערט.

— אַצינד — האָט די רביצין ווידער געזאָגט — וועסטו גיין צום טיש מיט מיר און מ׳וועט עסן. האָ?

הילדע, ווי פריער, האָט אויפסניי נישט געענטפערט.

דאָס מאָל האָט זיך הילדע אויסגעגלייכט, געקוקט זייטיק אויף דער מוטער, און שטיל, אומגערן געפּליסטערט:

— כ׳וועל נישט גיין צום טיש. כ׳האָב נישט קיין באַגער צו עסן. כ׳בעט דיך, לאָז מיך אַליין. כ׳וויל זיין אַליין.

## 5.

פאַרוויסט איז געווען נישט נאָר דער פרייטיק־צונאַכט. אויך צומאָרגנס איז נישט געווען אַנדערש.

אינדערפרי האָט די רביצין, ווי געוויינלעך, געזאָלט גיין אין שול אַריין צום דאַווענען. זי האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט דערפון. זי האָט נישט געוואָלט לאָזן די טאָכטער

איינע אַליין אין הויז. זינט דער מעשה מיטן „באַזוך“ אויף דער בריק האָט זי זיך געשראָקן צו זיין ווייט פון דער טאָכטער.

דערצו האָט זי אויסער איין־איקע מאָל אויף געציילטע מינוטן נישט געזען די טאָכטער. הילדע האָט זיך געהאַלטן אָפּגעזונדערט אין איר שלאָפצימער — מיט דער טיר פאַרמאַכט. יעדעס מאָל, נאָכן גרייטן צום טיש, האָט די רביצין אָנגעקלאַפּט אין דער טיר און געזאָגט דער טאָכטער צו גיין עסן. און אַז הילדע איז אַרויסגעקומען איז זי געווען אָנגעטאָן אין די פּאַדזשאַמעס און האָט זיך געזעצט צום טיש אַ שטום־שווייגנ־דיקע. זי איז אפילו נישט געזעסן לאַנג. זי האָט אָן חשק געדליבעט מיטן גאָפּל אין די פּיש, אין פלייש — און זיך צוריקגעקערט אין איר שלאָפצימער אַריין.

דאָס זעלבע איז אָנגעגאַנגען נאָך שבת — אין אָוונט. ס׳איז געווען שטיל ווי אין אַ מתים־הויז. בלויז פון צייט צו צייט האָט זיך דער טעלעפאָן צעקלונגען. מיידלעך און בחורים, פרעגנדיק אויף ענגליש, האָבן געוואָלט רעדן צו הילדען. קיין מאָל פריער האָבן נישט טעלעפאָנירט אַזוי פיל מיידלעך און בחורים. אָבער הילדע איז נישט אַרויסגעקומען פון איר שלאָפצימער. זי האָט געהייסן זאָגן, אַז זי איז נישט געזונט. זי קאָן נישט קומען צום טעלעפאָן. און זי איז ווידער געווען מיט זיך אַליין.

נישט אינגאַנצן אַנדערש איז אויך געווען דער מאָרגנדיקער טאָג, זונטיק. דאָס מאָל איז זי אָבער אָן עמעצנס פאַרלאַנג אַרויסגעקומען פון איר שלאָפצימער, צוגעגאַנגען צום טעלעפאָן אין הויפּטשטוב און האָט דאָרט דורכן טרייבל גערעדט צו איינעם אַ מאַן וואָס זי האָט אָנגערופן מיטן נאָמען: „הער פראַנקפורטער“... וועגן וואָס זי האָט גערעדט מיט דעם דאָזיקן הער פראַנקפורטער האָט די רביצין נישט געהאַט קיין אַנונג. זי האָט נישט געהאַט קיין טבע זיך אונטערצוהערן, כאָטש דאָס מאָל האָט איר האַרץ געלעכצט אויפצוכאַפּן צום ווייניקסטנס עטלעכע ווערטער. אַ שטיקל צייט שפּעטער איז הילדע ווידער אַרויסגעקומען פון שלאָפצימער און זי האָט אויפן טעלעפאָן גערעדט צום פּרעזי־דענט פון דעם אַמעריקאַנער יידישן קאָנגרעס, ראַבּיי הערצאָג, וואָס זי אַרבעט ביי אים ווי אַ סעקרעטאַרין. אָבער אויך דאָס מאָל האָט זי, די רביצין, זיך נישט צוגעהערט.

און אויך אַזוי קאַלט און אָנגעצויגן איז געווען דער מאָנטיק אינדערפרי, ווען הילדע האָט זיך געגרייט צוריקצוגיין אין אָפּיס אַריין צו דער אַרבעט.

— זאָל׳ך צוגרייטן אַ טרונק פּאַר דיר, עפּעס צו עסן, איידער ד׳גייסט אַוועק? — האָט די רביצין געפרעגט, ווען הילדע, שטייענדיק ביים שפּיגל אין איר אָפענעם שלאָפ־צימער, האָט זיך געקעמט די האָר.

— אַ דאַנק... — האָט הילדע, מיט אַ בליק פון אַ פרעמדער, פון אַ שטאַרק־אָנגעכמורעטער, אַן ענטפער געטאָן און זיך ווידער געקעמט.

— אפשר זאָלסטו היינט נאָך נישט צוריקגיין צו דער אַרבעט... — האָט די רביצין נישט געקאָנט בייקומען דעם באַגער צו שווייגן און אויפסניי געפרעגט. — אפשר זאָלסטו נאָך צושטיין אין הויז אַן עטלעכע טעג. כ׳זע דאָך אַז ד׳פילסט זיך נאָך נישט מיט אַלעמען...

אויך דאָס מאָל האָט הילדע, אַ צערודערטע, אַן ענטפער געטאָן מיט אַן איינציק אָפּזאָג־וואָרט — און די רביצין האָט שוין מער נישט געעפנט איר מויל.

# קאַפּיטל אַכט־און־דרייסיק

## ראַביי הערצאָג

.1

אין די קאָרידאָרן, וואו אויף ביידע זייטן זענען געווען די אָפּיסעס פון דעם אַמעריקאַנער יידישן קאָנגרעס, האָט מען דייטלעך געקאָנט הערן ווי די אַרבעט אין די ביוראָס איז שוין אָנגעגאַנגען מיטן גאַנצן אימפּעט. אַחוץ דעם זענען איינציקע אָפּיס־טירן געווען אָפן — און מ'האָט געננוי געקאָנט זען מיידלעך און מיטל־יעריקע פרויען זיצן ביי שרייבמאַשינען, אַריינגעטאָן אין בויגנס פּאַפּיר און טיפּירן זייער שנעל. אויך האָט מען געהערט ענערגישע שטימען פון מענער וואָס האָבן גערעדט אויף טעלעפאָנען, אָדער דיקטירט זייערע סעקרעטאַרינס. פון איינעם אַ צימער האָט זיך אפילו געהערט אַ טעלעפאָן־געשפּרעך וועגן אַ מיטינג וואָס האָרף קירצלעך פאַרקומען אין איינעם פון די אָפּיסעס. „ס'איז שוין פּופצן נאָך צען“, — האָט זיך געהערט אַ זאָג פון אַ מאַנסביל. — „פּינקטלעך האַלב נאָך צען הייבט זי אָן דער מיטינג מיט ראַביי הערצאָג. פאַרשפּעטיקט זיך נישט“.

הילדע, וואָס געוויינלעך הייבט זי אָן איר אַרבעט ניין אַ זייגער, איז אָבער געגאַנגען דורך די קאָרידאָרן צו איר אָפּיס נישט געאיילט און אַזוי פאַרצאָגט, עלעהיי ס'וואָלט איר נישט געווען קיין נפקא־מינא ווי שפּעט ס'איז. זי איז געגאַנגען פּאַמעלעך, פאַרטראַכט, און האָט געהאַלטן די הענט פאַרדריקט אין די מאַנטל־קעשענעס.

אָפט, נאָכן פאַרבייגיין אָפענע אָפּיס־טירן, האָבן זיך צו אירע אויערן דערטראָגן געריידן פון די דעסק־מיידלעך, אָדער פון מאַשין־שרייבערינס:

— נאָר וואָס באַמערקט הילדע האָרוויץ פאַרבייגיין.

— אויך איך . . .

— זי איז שוין אויפגעשטאַנען פון שבעה.

— געוויס! ס'איז שוין ווייט איבער די זיבן טעג.

— זי איז, הייסט עס, צוריקגעקומען צו דער אַרבעט.

— אוודאי.

— אָבער פאַרוואָס אַזוי שפּעט?

ביי הילדען האָבן זיך אָבער די טריט סיוויי נישט פאַרגיכערט. זי איז געגאַנגען פּונקט אַזוי פאַרטראַכט און פּאַמעלעך ווי פריער, און האָט זיך פאַרקירעוועט פון איין קאָרידאָר צום אַנדערן בוכשטעבלעך אויטאָמאַטיש.

.2

אַריינגעקומען אין איר אָפּיס, האָט זי געטראָפן אויפן שרייבטיש אָנגעוואַלגערט שטויסן בריוו וואָס דער פּאָסט־טרעגער האָט פריער געהאַט אַריינגעבראַכט.

געווען זענען אָט די אַלע בריוו אַדרעסירט צום פּרעזידענט פון דעם אַמעריקאַנער יידישן קאָנגרעס, צו ראַביי סעמיועל הערצאָג.

געוויינלעך האָט זי, הילדע, וואָס איז דעם פּרעזידענטס סעקרעטאַרין, געעפנט

אַלע בריוו, אויסער יענע, פאַרשטייט זיך, וואָס אויף די קאָנווערטן זייערע איז געווען אָנגעשריבן דאָס וואָרט „קאָנפידענציאָנעל״, און געבראַכט זיי פערזענלעך צום ראַביי הערצאָג, ווען ער איז געקומען אין אָפיס אַריין.

דאָס מאָל האָט זי אָבער נישט געהאַט בדעה צו באַשעפטיקן זיך מיט דעם. און נישט נאָר מיט דער קאָרעספּאָנדענץ — אפילו נישט מיט אַנדערע אָפיס־אַרבעטן.

גלייך ווי זי וואָלט קיינמאָל נישט געהאַט קיין שייכות מיט דעם פּלאַץ דאָ איז זי, אין איר מאַנטל, היטעלע און הענטשקעס, געבליבן שטיין אין מיטן אָפיס, האָט געעפנט איר האַנטבייטל, וואָס איז אַראָפּגעהאַנגען פון איר אַקסל אויף אַ פּאַסיקל, און אַרויס־גענומען פון דאָרט אַ מעטאַלן רינגל מיט שליסעלעך.

געווען זענען די שליסעלעך פאַר עטלעכע רייען מעטאַלענע שאַפעס, וואו אין פאַר־שלאָסענע שופלעדלעך זענען געלעגן וויכטיקע דאָקומענטן.

זי האָט דערנענט צו איינער פון די מעטאַלענע שאַפעס, וואָס זענען געשטאַנען ביי די ווענט, און אויפגעשלאָסן אַ שופלעדל. דאָ האָבן זיך געפונען בריוו וואָס דער פּרע־זידענט, ראַביי הערצאָג, האָט געהאַט דיקטירט צו איר יענעם טאָג ווען ס׳איז אָנגעקומען די בשורה וועגן איר פּאַטערס האַרצשלאַק. זיי זענען געווען געשריבן אין סטענאָ־גראַפישער שריפט. אייניקע זענען געווען אַדרעסירט צו די אָרגאַניזאַציעס וואָס זענען אָנגעשלאָסן אין דעם קאָנגרעס. אַנדערע — צו קאָנגרעסלייט און סענאַטאָרן אין וואַשינגטאָן. און די איבעריקע — צו שולן, טעמפּלען, סינאַגאָגעס, אויך צו פאָרשטייערס פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אויך צו דער פירערשאַפט פון „הדסה״ און צו די רעפּרעזענטאַנטן פון יידישן וועלט־קאָנגרעס אין אייראָפּע.

די דאָזיקע אַלע בריוו האָט זי, הילדע, געדאַרפט צוגרייטן טעכניש, איידער זיי ווערן אָפּגעטיפּירט אויף דער שרייבמאַשין. איבער דעם פּאַטערס טויט איז אָבער אַלץ געבליבן ליגן נישט באַרירט.

זי האָט אַרויסגענומען פון דאָרטן דאָס פּעקל דיקטאַטן, פאַרשלאָסן דאָס שופלעדל און מיט אומגערנדיקע טריט פאַרנומען זיך צו אַ דערבייאיק צימער, וואו ס׳אַרבעט אַ יונגע פרוי.

— גוד מאָרנינג, מיסעס גרין... — איז זי געבליבן שטיין ביי דער אָפּגעעפנטער טיר און האָט געקוקט אויף דער אָפיס־פרוי.

מיסעס גרין איז געזעסן ביי אַן אַדרעסאָגראַף און האָט אָפּגעדרוקט אַדרעסן אויף קאָנווערטן. געווען איז זי אַן אלמנה, פון אַ יאָר 35, מיט אַ קאָפּ רויטע האָר, און מיט אַ בלייך, שמאָל פּנים, באַזעצט מיט זומער־שפּרענקעלעך, פון וואַנען ס׳האָט אַרויסגע־טרויערט אַן אויסדרוק פון אַן איבעריקער אין דער וועלט. געאַרבעט האָט זי דאָ ווי אַ געהילף צו הילדען. דערהערט איר נאָמען, האָט זי אויפגעהערט אַרבעטן און זיך אויס־געדרייט צו דער טיר וואָס פון דאָרטן איז געקומען דאָס קול.

— מיס האָרוויץ?! — האָט זי זיך אַ רייס אָפּ געגעבן פון דער שטול און איז געבליבן שטיין מיט די הענט אויף די באַקן. — אָ, ווי אָנגענעם צו זען אייך צוריק אין אָפיס. כ׳האָב אַזוי געטרויערט אויף דעם אומגליק וואָס אייך איז געשען. טעג און נעכט האָב איך נישט אויפגעהערט טראַכטן וועגן אייך.

זי איז גיך צו צו הילדען, אַרומגענומען זי און מיט טרערן אין די אויגן זי געקושט.

— זאָגט מיר נישט, מיס האָרוויץ, — האָט זי אַראָפּגענומען אירע אָרעמס פון הילדען און געזאָגט מיט טרויער אין קול, — ווי איר פילט זיך, ווי אייער מוטער פילט זיך... איך בין געשלאָגן געוואָרן דערמיט... איך ווייס... כ׳פיל נאָך אַלץ די ווייטאָגן.

און ווער ווײסט צי כ׳וועל זײַ ווען־ס׳איז אויפֿהערן פֿילן...

אָפּגערעדט עטלעכע מינוט, און נישט געהערט קײן וואָרט פֿון הילדען, האָט זי געשוויגן און גענומען קוקן מיט בלינקענדיקע שוואַרצע אויגן, גלײַך ווי זי וואָלט געשטאַנען פֿאַר אַ פּלוצעמדיק רעטעניש.

— איר׳ט אַזוי געפֿעליק זײַן, מיסעס גרין, האָט הילדע געזאָגט נאָכדעם ווי די יונגע אלמנה איז שטיל געוואָרן, — און נעמען אָט די אַרבעט פֿון מיר.

— וואָס איז דאָס? — האָט מרס. גרין געקוקט אויפֿ׳ן פּעקל סטענאָגראַפֿירטע בויגנס פּאַפּיר און געפֿרעגט.

הילדע האָט דערקלערט.

— דאָס האָט איר דאָך אַלעמאָל געטאָן, מיס האָרוויץ! — איז מרס. גרין געווען איבערראַשט צו הערן וועגן דער דאָזיקער אַרבעט. — איר האָט מיר שטענדיק איבער־געגעבן די בריוו בלויז אויף אָנצוקלאַפּן זײַ אויפֿן טײַפּרײַטער...

— און פֿון הײַנט אָן — האָט הילדע געזאָגט מיט דערדריקטקײט אין קול — וועט איר טאָן אויך מײַן אַרבעט.

מיסעס גרינס אויגן האָבן זיך צעעפֿנט מיט אומגלויבן:

— פֿאַרוואָס? וואָס איז געשען?

הילדע האָט געשוויגן אַ ווײַלע, נאָכדעם גערעדט אַזוי, אַז מ׳האָט זי קוים געהערט:

— כ׳גײ אַוועק פֿון דער שטעלע...

פֿון די דאָזיקע ווערטער איז מרס. גרינס פּנים געוואָרן שנײ־ווײַס און אירע אויגן זענען געבליבן שטײן ווי קײַקעלעך אין אַ פּופּעס שטערנדל.

— פֿאַרוואָס? — האָט זי נאָך אַ ווײַלע שווײַגן ווידער געעפֿנט אירע ליפּן. — וואָס האָט געטראָפֿן?

הילדע האָט אַ קנײטש געטאָן מיט אירע ליפּן,אָבער גאָרנישט געזאָגט.

— ווײסט שוין דערפֿון דער ראַבײַ הערצאָג?

— ער ווײסט שוין...

— אָבער פֿאַרוואָס טוט איר דאָס? — האָט מרס. גרין ווידער געפֿרעגט מיט חידוש. — איר האָט דאָך אַזוי שטאַרק ליב געהאַט אײַער אַרבעט... און דער ראַבײַ הערצאָג האָט דאָך אײַך אַזוי הויך געשעצט. אויך די אָפֿיס־אָנגעשטעלטע פֿון אַלע דעפּאַרטמענטס האָבן גאָרנישט געקאָנט זיך אָפּלויבן פֿון אײַך...

הילדע האָט דערויף גאָרנישט געענטפֿערט, נאָר בלויז געזאָגט:

— און אויך די פּאָסט פֿאַרן ראַבײַ הערצאָג... אויך דאָס וועט איר דאַרפֿן באַזאָרגן. די הײַנטיקע פּאָסט ליגט אויף מײַן דעסק. איר׳ט עפֿענען די קאָנווערטן, אויסער יענע וואָס מיט דער אויפֿשריפֿט „קאָנפֿידענציאָנעל“, און איבערגעבן זײַ דעם ראַבײַ ווען ער׳ט קומען אין אָפֿיס אַרײַן.

מרס. גרין איז געשטאַנען מיט אויסגעשטאַרצטע אויגן און קײן וואָרט האָט איצט נישט געקאָנט אַראָפּקומען פֿון אירע ליפּן. איז דאָס מעגלעך, — האָט זי געטראַכט — וואָס מיס האָרוויץ האָט איר אָקאָרשט געלאָזט וויסן? איז עס מעגלעך, אַז זי, די אַרויס־העלפֿערין, וועט איבערנעמען די אַרבעט וואָס ס׳טוט אַ פּײיאיקע און גוט־צוגעגרײטע סעקרעטאַרין?

מיטאַמאָל האָט זי זיך צעוויינט און איז צו צו הילדען:

— נײן! נײן! מיס האָרוויץ... איך וויל נישט טאָן אײַער אַרבעט. כ׳קאָן נישט. כ׳בין נישט צוגעגרײט פֿאַר דעם. כ׳האָב נישט קײן פֿײיאיקײטן דערצו. איך בין נישט ווי

איר... כ׳וועל האָבן אַ סך דורכפאַלן און וועל זיך פילן נאָך מער געפאַלן ביי זיך ווי כ׳פיל זיך שוין. ניין. כ׳וועל ליידן פון אַ קאָמפּלעקס... פון אומפּיאַיקייט... כ׳וויל נישט, ליבע מיס האָרוויץ... זאָל עס אַן אַנדערע אָננעמען... פאַר מיר איז גענוג דאָס וואָס כ׳טו...

הילדע האָט גאָרנישט געענטפערט. זי האָט געלאָזט ליגען אויף מרס. גרינס דעסק דאָס פּעקל סטענאָגראַפירטע בריוו, אויך די שאַפע־שליסלען, און געזאָגט אַז זי וועט זיך נאָך צוריקקערן דאָ. זי דאַרף וואַרטן אויף ראַביי הערצאָג.

## .3

ווי נאָר זי איז צוריק אַריין אין אָפיס, וואו זי האָט געפלעגט אַרבעטן, האָט זיך דאָרט געעפנט די קאָרידאָר־טיר — און ס׳איז דערשינען אַ פאָרנעמיק־געשטאַלטנער מאַנספאַרשוין מיט אַ מאַראַלישן בליק פון אַ הייליקן.

געווען איז דער מאַנספאַרשוין הויך, מיט אַ לייבן־קאָפּ, מיט אַ פאַרטרויערט, קנאָכיק פּנים, מיט ברייטע אַקסלען, און מיט אַ געלאָסענעם, פאַרזיכטיקן טראָט. ער איז געווען גרוי, פון אַ יאָר פינף־און־זעכציק, אָנגעטאָן אין אַ רעוווערענדס ברייט־ראַנדיקן, שוואַרצן קאַפעליוש, אין אַ דרייפערטלדיקן, שוואַרצן מאַנטל און אין אַ שוואַרצן גאַרניטור. ער האָט אויסגעזען ווי אַ צוריקגעצויגענער פּראָפעסאָר פון אַן אוניווערסיטעט, וואו ער האָט אין משך פון פיל יאָרן געלערנט די אַלטע און נייע רעליגיעס.

דערזען הילדען, איז דער דאָזיקער אימפּאָזאַנטער מאַנספאַרשוין געבליבן שטיין ביי דער טיר — און זיינע פאַרטרויערטע, שוואַרצע אויגן האָבן אויפגעהערט זיך באַוועגן. ער האָט געקוקט אויף איר ווי אַ פאַטער־דאָקטאָר קוקט אויף זיין קראַנקער טאָכטער, געקוקט מיט רחמנות, און זיינע דינע ליפּן זענען געווען צונויפגעדריקט ווי פון האַלטן אין מויל אַ ביטערע פּיל.

יעדעס מאָל ווען הילדע האָט זיך געפונען נאָענט פון דעם דאָזיקן מאַן איז איר געוואָרן עטוואָס הויל אונטערן האַרץ, און דורך איר גאַנצן קערפּער איז דורכגעלאָפן אַ ציטער פאַר זיין אַסקעטיש פּנים וואָס האָט געהאַט דעם קאָליר פון אַ תימנער. ס׳האָט זיך איר געדאַכט, אַז זי געפינט זיך אויף די פאַשע־פעלדער פון ארץ־ישראל, אין די צייטן פון דעם ערשטן בית־המיקדש, און אַז זי שטייט דאָרטן פּנים־אל־פּנים מיט איינעם פון די נביאים־פאַסטעכער. זי האָט אים אַלע מאָל געוואָלט אַרומנעמען און צוטאָן אירע ליפּן צו זיין פּנים, אַריינאָטעמען אין זיך מיט אירע נאָזפליגלען דעם אַראָמאַט פון זיין עטישער וועלט... אַ פאָרכט האָט זי אָבער אַלעמאָל געהאַלטן אויף אַ דיסטאַנץ פון אים. און אויך אַזוי איצט.

— אַ האַרציקן דאַנק אייך, ראַביי הערצאָג... — האָט זי, נאָך אַ ווײַלע שווייגן, געזאָגט מיט פיבערנדיקע ליפּן. — אַ האַרציקן דאַנק אייך פאַר דער מיטלייד־טעלעגראַמע וואָס איר האָט מיר געשיקט אויף דער אבדה פון מיין פאָטער.

און נאָך איידער זי האָט פאַרענדיקט אירע ווערטער האָט זיך אַרויסגעריסן אַ יאָמערלעך געוויין פון איר האַלדז — און זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטול ביי איר שרייבטיש.

ראַביי הערצאָג איז געווען צוגעוואוינט צו אויסברוכן פון געוויין און יאָמער ביי פרויען. אויף זיינע באַזוכן ביי קראַנקע קאָנגרעגאַציע־לייט פון זיין גרויסן, באַרימטן טעמפּל קומט אים אָפט אויס צו זען אַזאַ ענלעכן צוזאַמענפאַל. אויך אין זיין טעמפּל־

אַפּיס, וואו פּרויען פון רייכע היימען קומען אַראָפּרעדן זיך פון האַרץ פאַר אים וועגן אומגליקן אין זייער פאַרהייראַט לעבן, אָדער וועגן פּראָבלעמען מיט קינדער, האָט ער פיל מאָל באַמערקט ווי זיי פאַלן פונאַנדער עמאָציאָנעל פון אַ שטאַרקער דעפּרעסיע און פאַרגייען אין אַ געיאָמער. אָבער פאַרוואָס זאָל אויך זיין אַזוי אָט דאָס מיידל, די רבנישע טאָכטער? זי איז דאָך — ווי אים האָט זיך אַלעמאָל אויסגעוויזן — אַ זעלטן נישט־עמאָציאָנעלער עקזעמפּלאַר פון אַ מענטשלעכן מין!

ער האָט אַלעמאָל געהאַט דעם איינדרוק, אַז זי איז אַ פאַרזיכטיקע טראַכטערין, אַזאַ וואָס באַנעמט זייער ניכטער, ראַציאָנאַליסטיש, אַלע צושטאַנדן און געשעענישן אין דעם מענטשס לעבן. ממש ווי זי וואָלט געווען אַ לעבעדיקער סימבאָל פון דעם תּלמודישן אופן באַהאַנדלען פּראָבלעמען, צווישן מענטש און מענטש, און צווישן מענטש און גאָט. טאָקע ווי ס׳איז אַ קינד פון דורות רבנים וואָס האָבן זיך אין קיין צייט נישט געבראָכן אונטער די שרעקלעכסטע גזירות פון פרעמדע פעלקער, און אין די שווידערלעכסטע פייניקונגען.

אַז זיין איינדרוק האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן צו זיין אַ טעות איז ער, ראַביי הערצאָג, געוואָרן שטאַרק גערירט און ער האָט צוגענענט צו איר.

— נו, כ׳פאַרשטיי, טאָכטער מיינע... כ׳פאַרשטיי... — האָט ער אַרויפגעטאָן זיין ווייכע האַנט אויף איר קאָפּ און גענומען זי באַרואיקן מיט טרויער און טרייסט אין קול. — אָבער קיינער איז נישט פאַרזיכערט מיט קיין אייביק לעבן. אפילו דער גרויסער פירער פון די בני־ישראל, משה רבנו, האָט עס זיך נישט געקאָנט אויסבעטן... קיינער... אומפאַרמיידלעך קיינער... קיינער בלייבט נישט איבער.

הילדע איז אויפגעשטאַנען און האָט זיך אַנטשולדיקט:

— זייט מיר מוחל, ראַביי, פאַר מאַכן אייך אומבאַקוועם...

ראַביי הערצאָג האָט זי אַנגענומען ביי אַן אָרעם, מורמלענדיק „מיין טאָכטער... מיין טאָכטער...", נאָכדעם זי אַריינגעפירט אין זיין אָפּיס.

— קום, מיין ליבע מיס האָרוויץ, אין מיין אָפּיס אַריין, — האָט ער גערעדט מיט וואַרעמקייט צו איר, — וועט מען שמועסן פאַרוואָס דו פאַרלאָזט מיך... און וואָס אַזעלכעס דו האָסט געפונען מער צוגעפּאַסט פאַר דיר ווי ס׳איז געווען דיין אַרבעט דאָ אין אַמעריקאַנער יידישן קאָנגרעס, דאָס הייסט פאַר די אינטערעסן פון אונדזער געפּלאָגט פאָלק...

## .4

אַז מיס האָרוויץ האָט אים עפּעס צו זאָגן וועגן איר אָוועקגיין פון דער אָפּיס־שטעלע, דאָס האָט ער, ראַביי הערצאָג, נאָך געוואוסט נעכטן, ווען זי האָט אים אויפן טעלעפאָן פון איר היים געלאָזט וויסן וועגן איר רעזיגנאַציע. אָבער פאַרוואָס? דאָס, האָט זי געזאָגט, וועט זי מיט אים היינט רעדן פּריוואַט אין זיין אָפּיס. זייער פיין. אָבער אין צווישנצייט איז די דאָזיקע ידיעה אַלציינס נישט אַרויס פון זיין געדאַנק. וואָס פאַרט, האָט ער געהאַלטן אין איין טראַכטן, איז די אמתע סיבה פון איר איבעררייסען מיט אַלץ אין קאָנגרעס?

מסתמא וויל זי האָבן, האָט ער משער געווען, אַ בעסער באַצאָלטע שטעלע. זי דאַרף דאָך איצט אויסהאַלטן איר מוטער, וואָס איז געבליבן אָן פּרנסה. אַז זי האָט אָבער אָנגעהויבן דערציילן וועגן איר איבערלעבעניש לעצטנס, איז אים געוואָרן זייער שווער

אויפן געמיט — און ער האָט אָנגעשפּאַרט זיין לייבן־קאָפּ אויף אַ האַנט.

געזעסן איז ער ביי זיין שרייבטיש, אָן דעם מאַנטל און אָן דעם קאַפּעליוש. ער האָט געהאַלטן זיינע קויל־שוואַרצע, פּאַרטרויערטע אויגן אָנגעשטעלט אויף הילדען, וואָס איז געזעסן קעגנאיבער אים, און נישט געעפנט זיינע צונויפגעפּרעסטע ליפּן, אפילו נישט אויף אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם. ער איז געווען ווי צוגענאָגלט צו דער שטול און האָט געזען ווי אין אירע בלויע אויגן בלישטשען אויף טרערן־טראָפּנס. ער האָט אָבער אויך איצט, בעת איר רעדן, נישט געוואָלט איר איבעררייסן. ס׳האָט זיך אים אויסגעוויזן ווי ער איז אין אירע יאָרן, זיצט אויף איר שטול, און אַז ער רעדט זיך אַראָפּ פון האַרץ פאַר איינעם וואָס רופט זיך ראַביי הערצאָג.

אַז זי האָט זיך אָבער מיטאַמאָל צעיאָמערט, איז ער אויפגעשטאַנען, דערנענט צו איר און ער האָט זי גענומען באַרואיקן:

— נו, דאָס קאָן אַזוי נישט אָנגיין, מיין טאָכטער... ס׳וועט דיך רואינירן, פאַרטיליקן... מוזסט זיך קאָנטראָלירן...

— כ׳קאָן זיך נישט באַהערשן... — האָט הילדע זיך באַמיט צו דערשטיקן אין זיך דאָס געוויין און גערעדט מיט קורצע און לאַנגע פּויזעס. — כ׳מוז אַוועק פון שטאָט. כ׳קאָן דאָ לענגער נישט בלייבן. ס׳איז מיר ענג. כ׳קאָן זיך נישט אויסבאַהאַלטן פאַר קיינעם. ס׳ווערגט מיך. ווען כ׳וואָלט דאָ געמוזט בלייבן, וואָלט איך לאַנג נישט געקאָנט אַזוי אָנגיין. כ׳וואָלט פּלאַנירט אַ סוף... אָט אַזוי ווי לעצטן פרייטיק... אויף דער בריק... צווישן דער איסט־סייד און ברוקלין... כ׳האָב זיך געגרייט צו מאַכן אַ סוף... אַ סוף צו אַלץ...

געוואוסט האָט ער, ראַביי הערצאָג, אַז זי האָט זיך געהאַט אָנגעשלאָסן אין דער קאָמוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע. זי האָט פון אים גאָרנישט אויסבאַהאַלטן. און דאָס האָט כולל געווען נישט בלויז אירע געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעטן. ס׳האָט אויך אַריינגענומען אירע פּריוואַטע שטימונגען און פּלענער.

איידער זי איז אָנגעקומען אַרבעטן אין אַמעריקאַנער יידישן קאָנגרעס האָט זי זיך געווענדט צו אים פערזענלעך נאָך אַ שטעלע. און געווען איז עס מיט אַ צוויי יאָר צוריק. זי איז נישט געגאַנגען אויפן זעלבן וועג ווי אַנדערע וואָס זענען זיך מישתדל ביי איינפלוסרייכע פּערזאָנען אין קאָנגרעס, ווי גרויסע געלט־געבערס, פּאָליטישנס, כדי צו קריגן אָפּיס־אַרבעט. זי, הילדע, האָט געשריבן אַ בריוו גלייך צו אים, דעם פּרעזידענט. און דער אופן פון איר שרייבן איז געווען אַזאַ, אַז מ׳האָט גלייך געקראָגן דעם איינדרוק דערפון, אַז מ׳האָט דאָ צו טאָן נישט מיט אַ בילע ווערמען, וואָס הייבט ערשט אָן שטעלן די ערשטע זעלבשטענדיקע טריט אין דער וועלט, נאָר מיט אַזוינער וואָס האָט טיפע איבערלעבונגען, טראַכט גרויס און ווייסט וואָס זי וויל.

קודם האָט זי אָנגעגעבן איר יחוס. נאָכדעם האָט זי געשריבן, אַז זי נייטיקט זיך אין אַרבעט. זי קאָן נישט פאַרלאַנגען פון אירע עלטערן צו געבן איר אויף אַלע מיידלשע היצטרכותן. ראשית, טאָר זי עס נישט דערוואַרטן. ס׳וואָלט נישט געווען עטיש פון איר זייט צו טאָן דאָס אין דער צייט, ווען זי איז געזונט און פיזיש צו באַשעפטיקן זיך מיט וואָס עס זאָל נישט זיין. והשנית, וואָלט עס געווען אַ פאַרברעך אויסצוקוקן אויף אירע עלטערן, אַז זיי זאָלן זי אויסשטאַטן לויט איר גוסט און אירע איינפאַלן, בעת זיי אַליין לעבן פון אַ מיזערנעם געהאַלט. איז קריגן אַרבעט וואָלט ביי איר נישט געווען קיין שווערקייט. זי פילט, זי קאָן זיך אויסטויגן ביי יעדער אַרבעט אין אַן אָפּיס. און אוודאי אין דער קאַפּאַציטעט פון אַרויסהעלפן אַן עקזעקוטיוו־מאַן אין זיין דעפּאַרטמענט.

זי קען גוט עטלעכע שפּראַכן. אין קאַלעדזש האָט זי געקראָגן די בעסטע צייכנס פאַר עסייען וואָס זי האָט געשריבן אויף ענגליש, דייטש און פראַנצויזיש. אָבער ווענדן טוט זי זיך ווענדן נאָך אַ שטעלע נאָר צו אים, ראַביי הערצאָג, איבער אַ מאָראַלישן מאָטיוו. וואָס איז אָט דער מאָטיוו?

אין פאַרלויף פון יאָרן האָט זי נאָכגעפאָלגט אַלץ וואָס ער האָט געזאָגט, געשריבן אין צייטונגען, און געטאָן. נאָך אין אירע ערשטע הײַ־סקול יאָרן האָט עס זי געצוימען ציען צו אים. און וואָס אַ מאָל איז עס געוואָרן שטאַרקער, ביז זי האָט דערפילט, אַז זי איז זײַנס אַן אידייאישע טאָכטער. וואָס אַזעלכעס איז געווען דער כוח פון זײַן רעדן, שרייבן און טאָן, אַז זי זאָל ווערן אַן אידייאישע טאָכטער זײַנע?

קודם־כל זײַנע ערשטע יאָרן וואָס ער איז געווען אַ ראַביי פון אַ פּראָמינענטן ניו־יאָרקער רעפאָרם־טעמפּל, וואו רייכע באַלעבאַטים האָבן אים דיקטירט וואָס יאָ צו זאָגן אין זײַנע „סוירמאָנס" אויפן פּולפּיט, און וואָס נישט. ער, דער ראַביי הערצאָג, האָט זיך דעמאָלט נישט אונטערגעגעבן צו זײַנע ברויטגעבערס וואָס האָבן נישט געוואָלט הערן קיין קריטיק אויף דער סאָציאַל־אומעטישער אויפפירונג פון די גבירים. ער איז אַוועק פון זיי מיט אַ זעץ אין דער טיר און האָט אויפגעבויט אַ טעמפּל, וואו ער קאָן זײַן פריי מיט זײַנע מחשבות און אידייען. און נישט בלויז דאָס.

וואו נאָר אַ סאָציאַלע, אָדער פּאָליטישע עוולה, צי דאָס איז געווען אין שטאָט, אָדער ערגעץ אין לאַנד, דאָרטן איז ער באַלד אויסגעוואַקסן מיט אַן אַלאַרם און פּראָטעסט. זענען אַרבעטערס אַרויס אין אַ סטרייק קעגן שוויצשעפּער, אָדער קעגן הונגער־שכירות, האָט מען אים, ראַביי הערצאָגן, באַלד געזען אין די פאָדערשטע רייען פון די געפּלאָגטע. ער האָט געפאָדערט פון די פאַבריקאַנטן אַריינצוקוקן אין זייערע פאַרברעכנס וואָס זיי באַגייען קעגן זייערע ברידער און שוועסטערס. האָבן אײַנוואוינערס פון אַפּאַרטמענטס זיך באַקלאָגט אויף דעם נישט־סאַניטאַרן מצב אין זייערע טענעמענט־הייזער, האָט ער געשריען צוזאַמען מיט זיי קעגן די גלייכגילטיקע לענדלאָרדס, ביז זיי האָבן אָנגעהויבן הערן... איז אַפּגעדעקט געוואָרן אַז אין דער שטאָטישער אַדמיניסטראַציע לאָזט מען זיך אונטערקויפן מיט כאַבאַר, אַז מ׳פאַרטאַכלעוועט פּאָלקס־געלטער, האָט ער, ראַביי הערצאָג, פון זײַן טעמפּל־פּולפּיט, אָדער ביי פּאָליטישע מיטינגען און אויך שטאָטישע פאָרומס, געדונערט קעגן דער פאַרדאָרבנקייט פון יענע לייט וואָס פּרעזענטירן זיך ווי פאָלקס־רעטערס.

און פּונקט אַזוי ווי ער האָט גאָרנישט פאַרזען אין דער אַלגעמיין־אַמעריקאַנער געזעלשאַפט, אַזוי האָט ער אויך גאָרנישט דורכגעלאָזט אין דער יידישער וועלט.

אין די צייטן, ווען די יאַהודים — די זין און טעכטער פון די דייטשע יידן וואָס האָבן אַריינגעוואַנדערט קיין אַמעריקע אין ביינצנטן יאָרהונדערט — האָבן געהאַט די דעה איבער דעם גאַנצן יידישן יישוב אין די פאַראייניקטע שטאַטן, נישט דערלאָזט אַז דער געדאַנק וועגן נאַציאָנאַלער אַרבעט פאַר אַ יידישער מלוכה אין פּאַלעסטינע זאָל באַקומען אָנזען, ווערן פאַרשפּרייט, איז אויפגעשטאַנען ער, ראַביי הערצאָג, און האָט, צוזאַמען מיט אַנדערע, געשאַפן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע. נאָכדעם איז ער געפאָרן צו ציוניסטישע קאָנגרעסן אין אייראָפּע, געוואָרן אַ נאָענטער פרײַנד פון דאָקטער הערצל, פון מאַקס נאָרדוי, פון אחד העם, מנחם אוסישקין און דר. חיים ווייצמאַן.

גלייך נאָך דער וועלט־מלחמה האָט ער געהאַט באַגעגענישן מיט שטאַטסלייט פון וואַשינגטאָן, אויך מיט אייראָפּעאישע דיפּלאָמאַטן, וועגן שטיצן דעם ציוניסטישן אידעאַל וואָס איז געשטאַנען אויפן סדר־היום פון דער שלום־קאָנפערענץ אין ווערסייל. און

שפּעטער, אַז דאָס שאַפֿן אַ נאַציאָנאַלע יידישע היים אין ארץ־ישראל איז געשטיצט געוואָרן אין אַן אָפּמאַך פון פעלקער־בונד, האָט ער, ראַביי הערצאָג, געהאָלפן אויפבויען פון דעם אַמעריקאַנער יידישן יישוב אַ פינאַנציעלן און מאָראַלישן אונטערשפּאַר פאַר די מאַסן עמיגראַנטן וואָס האָבן געשטראָמט פון אַלע וועלט־טיילן צום אַלט־נייעם אָבות־לאַנד.

און לעצטנס, זינט דייטשלאַנד איז געוואָרן נאַציש, אויסגעשפּראָכן בעסטיאַליש צו די אייגענע יידישע בירגערס, און אויך די פאַרשפּרייטערין פון בילבולים אויף די אויסלענדישע יידן, אַז זיי פירן אַן מיט דער וועלט־פּאָליטיק, סיי פון די קאַפּיטאַליסטישע מלוכות, סיי פון דעם קאָמוניסטישן רוסלאַנד, זינט דעמאָלט איז ער, ראַביי הערצאָג, אַריינגעטאָן געווען אין אַ גאַנץ נייער און שווערער אַרבעט. דאָס מאָל האָט ער געבראַכט דאָקומענטן צו שטאַטסלייט, צו רעדאַקטאָרן פון גרויסע צייטונגען און זשורנאַלן וועגן די אַנטי־יידישע געזעצן אין דייטשלאַנד, וועגן איר קאָנפיסקירן די יידישע געשעפטן, וועגן איר פאַרטרייבן יידישע אַדוואָקאַטן פון די געריכט־הייזער, דאָקטוירים פון די שפּיטעלער, פּראָפעסאָרן פון די אוניווערזיטעטן, און וויסנשאַפטסלייט פון לאַבאָראַטאָריעס. אויך האָט ער מיט דאָקומענטן באַוויזן, אַז יידישע קינדער איז פאַרווערט צו לערנען אין פאָלקסשולעס און אין די אַקאַדעמישע אינסטיטוציעס. און אויך, אַז טויזנטער יידישע פאַמיליעס האָבן אונטער טרער געמוזט פאַרלאָזן זייערע היימען. דייטשלאַנד איז געוואָרן אַ גיהנום פאַר יידן.

גויים אין אַמעריקע, פונקט ווי יידן, האָבן אַרויפגעקוקט צו אים, דעם נישט־מידלעכן ראַביי הערצאָג, און אים באַטראַכט פאַר אַ ירמיהו פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

זי, מיס האָרוויץ, די טאָכטער פון אַ שטרענג אָרטאָדאָקסישן רב, האָט דעמאָלט געשריבן אין איר בריוו צו אים, ראַביי הערצאָג, אַז דאָס מאָראַל־פייער וואָס פלאַקערט אין זיין שרייבן, אין זיינע רעדעס און אַקטיוויטעטן, האָט אויך אָנגעצונדן איר נשמה. זי לעכצט צו קריגן די געלעגנהייט צו טאָן כאָטש אַ פּיצינקן טייל פון דער אַרבעט וואָס ער טוט. זי פילט, אַז פון אים שרייט אַרויס דאָס אייביק־עטישע וואָס איז אַלעמאָל איבער פערזענלעכע דאגות און חשבונות.

און גלייך פון דער ערשטער מינוט, זינט זי האָט אָנגעהויבן אַרבעטן ביי אים — צוערשט ווי אַ געהילף אין אָפיס, שפּעטער ווי אַ פולע סעקרעטאַרין — האָט זי נישט פאַרפעלט צו פאַרטרויען זיך פאַר אים מיט אַלע אירעליידן און בענקענישן. ער האָט געוואוסט פאַרוואָס זי איז געוואָרן נאָענט צו דער קאָמוניסטישער אידייע, וואָסער מאָראַלישן כוח זי האָט געזען אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

אין איר היים — האָט זי אים געהאַט געזאָגט — האָט זיך גאָרנישט געביטן. אַלץ איז אַזוי ווי מיט הונדערטער יאָרן צוריק, אַזוי ווי אין די צייטן פון צווייטן בית־המיקדש. און די היים פון איר חתן רובין... וואָס שטעלט זי מיט זיך פאַר? דער מחותן און די מחותנתטע שטרעבן צו איין זאַך — מיטן כוח פון זייער מאַטעריעלן אָנזען צו קאָנען זיך איינקויפן אין יחוס. אויך אַזוי זייער זון, ס׳הייסט, דער חתן אירער. ער לעבט אַן איינטאָניק לעבן פון אַ געשעפטסמאַן. דעם העכערן זין פון קיום פאַרשטייט ער נישט און אַז זי רעדט דערפון, גייט עס אים נישט אָן. דערצו איז ער אויך אַ קרענקלעך סעקסועלער. דאָס אַלץ איז איר געווען דערווידער. ס׳האָט זי געטריבן פון אים. זי האָט באַגערט אַן ענדערונג אין אַלעם. זי האָט באַגערט אַ העכערן ציל וואָס די טרעפ צו אים זאָלן זיין דערהויבנקייט און גוטע מידות.

ענדלעך, נאָכן אַריינטרעטן אין דער קאָמוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, — האָט

זי אים געהאַט געזאָגט — האָט זי דאָרטן דערזען דעם מאָראַלישן כוח וואָס וועט נישט אָפּקומען בלויז מיט רייד קעגן דעם שלעכטס אין דער וועלט. דער קאָמוניסטישער מאָראַלישער כוח באַווייזט זיין נישט־פשרהדיקע אַנטשלאָסנקייט צו טאָן דאָס שוין־איצט, און ער וועט דאָס דעמאָנסטרירן נאָך מער דורך פּראַקטישער אַרבעט אין דער צוקונפט. דער דאָזיקער אידעאַל איז צוגעפּאַסט צו איר געמיט.

אָבער איצט איז אַלץ צעפאַלן — און זי קאָן זיך מער קיין אָרט נישט געפינען. זי האָט געמיינט, אַז דער קאָמוניסטישער אידעאַל מאַכט די פּאַרטייליייט פאַר פיינערע מענטשן. אין זיי ברענט דאָס פייער פון ערלעכקייט, פון גוטסקייט. איצט האָט זי אָבער דערזען, אַז אויך זיי קאָנען אָפּטאָן כל הבייז. אויך זיי איז נישט פרעמד דאָס געפיל פון פּערזענלעכן גליק־זוכעניש. אפילו ווען זיי דאַרפן עס קריגן דורך אָפּנאַרעריי. אָט פּונקט ווי איר מענטשן־אויסלייזער, דייוויד שפּירא, אַ היילקער רעפּרעזענטאַנט פון דער קאָמוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, דער נייער טיפּ אינטעלעקטואַל, וואָס מיט אים האָט זי געוואָלט אָנהייבן פירן אַ גייסטיק־רייך און מאָראַליש־אומבאַפלעקט פאַמיליע־לעבן. קאָן זי נאָך אָנגיין אַזוי רואיק און צופרידן מיט איר אַרבעט ווי זי איז אָנגעגאַנגען ביז אַהער?

— איז וואָס טראַכסטו צו טאָן, מיין טאָכטער? — האָט ער, ראַביי הערצאָג, געהאַלטן זיין האַנט אויף איר קאָפּ און געפרעגט מיט צעבראָכנקייט אין קול. — איך האָב, פאַרוואָר, נישט קיין עצה פאַר דעם. ס׳מוז קומען פון דיר אַליין. פון דיין האַרץ... פון דיין נשמה...

— כ׳האָב איך געזאָגט... — האָט הילדע זיך אויסגעווישט די אויגן מיט אַ טיכעלע, וואָס זי האָט אַרויסגענומען פון איר האַנטבייטל, און גערעדט שטיל. — כ׳מוז אַוועק פון שטאָט. פון אַלץ... אַלץ, זעט מיר אויס, פאַרפאָלגט מיך מיט שפּאָט, מיט לוסט נאָך נקמה.

— אָבער וואוהין? — האָט ראַביי הערצאָג געפרעגט און באַדויערנדיק געטרייסלט מיטן קאָפּ.

— ווייט... אַוועק ווייט פון לאַנד.

ראַביי הערצאָג איז דערשטוינט געוואָרן און האָט אַראָפּגענומען זיין האַנט פון איר קאָפּ:

— אַוועק פון אַמעריקע?

הילדע האָט נישט געענטפערט און איז אויפגעשטאַנען.

— אַוועק וואוהין? — האָט ראַביי הערצאָג ווידער געפרעגט.

הילדע האָט אויך דאָס מאָל געשוויגן.

— איז עס אַ סוד?

— ניין, — האָט הילדע געפליסטערט. — איך פאָר מיטן הער פראַנקפורטער קיין דייטשלאַנד.

אַ לענגערע ווײַלע איז ראַביי הערצאָג געשטאַנען ווי פאַרגליווערט.

— ער דאַרף דאָ באַלד אָנקומען, — האָט הילדע געזאָגט זייטיק. — כ׳האָב מיט אים אָפּגעשמועסט צו באַגעגענען מיך דאָ.

5.

פאַרן ראַביי הערצאָג איז נישט געווען בייטיק אַז הילדע זאָל אים דערקלערן ווער ס׳איז דער הער פראַנקפורטער. ער האָט געוואוסט אַלץ וועגן אים.

מיט דריי וואָכן צוריק איז דער הער פראַנקפורטער געקומען מיט אַן אַלאַרמירנדיקן שליחות פון בערלין צו די אַמעריקאַנער יידן. ער איז געשיקט געוואָרן אַהער אויף אַ קורצער צייט פון דער „רייכספעראייניגונג דער יודען אין דייטשלאַנד" וואָס איז די צענטראַלע יידישע הילף־אָרגאַניזאַציע. און אין דער קורצער צייט וואָס ער איז אין ניו־יאָרק האָט ער נישט נאָר געבראַכט זיין שליחות צו די רעפּרעזענטאַטיווע קערפּערשאַפטן פון די אַמעריקאַנער יידן — ער האָט אויך פאַרטיפט און פאַרשטאַרקט זייער באַזאָרגט־קייט וועגן דער טראַגעדיע פון זייערע פאָלקס־ברידער וואָס זענען איבער סיבות, נישט זייערע אייגענע, נאָך פאַרבליבן אין דער נאַצישער מדינה.

ער איז אויפגעטראָטן ביי אַ ספּעציעלער זיצונג פון דער „דזשווינט דיסטריביושן קאָמיטי" און ער האָט די פירערס געזאָגט, אַז זיי מוזן העלפן, און אַפּליִיג, באַלד, אַרויס־ראַטעווען פון דייטשלאַנד אַלע יידישע קינדער וואָס די רעגירונג, איבער פאַרבאָרגענע מאָטיוון, האָט דערוויל דערלויבט אַרויסצופירן פון דאָרט.

פאַר אַ גיך צונויפגערופענעם מיטינג פון די „הדסה"־פירערינס האָט ער, דער הער פראַנקפורטער, דערציילט, אַז זייער וועלט־באַרימטע פאַרשטייערין הענריעטאַ סזאָלד, וואָס וואוינט שוין אין ארץ־ישראל זיבנט יאָרן, איז אינפאָרמירט געוואָרן וועגן דער ספּעציפישער ראָלע פון זיין שליחות. מיט אַ יאָר צוריק, ווען די ענגלישע מאַנדאַט־אַדמיניס־טראַציע איבער ארץ־ישראל האָט, נאָך דעם ווי זי האָט אויסגעהערט אַ סך שתדלנים, דערלויבט אַן אומבאַגרענעצטע צאָל סערטיפיקאַטן פאַר דער יוגנט־עליה, האָט הענריעטאַ סזאָלד אַריינגעפירט אין לאַנד אַרום טויזנט קינדער. איבער אַ ריי שוועריקייטן — פאַר די אַלטע קיבוצים אויפצונעמען אַ סך קינדער, אָדער איבער דער אוממעגלעכקייט צו קאָנען בויען באַלד נייע קאָלאָניעס פאַר די יונגע אימיגראַנטן, אָדער איבער דעם מאַנגל צו קריגן אַדאָפּטיר־עלטערן — איז אָבער צייטווייליק אָפּגעשטעלט געוואָרן דאָס אַריינפירן דאָרטן מער יונגוואַרג. דאָס ראַטעווען יידישע קינדער פון די אומגליקלעכע טאַטע־מאַמעס אין דייטשלאַנד קאָן אָבער נישט וואַרטן. און גאָט צו דאַנקען וואָס עטלעכע לענדער אין אייראָפּע, ווי בעלגיע, האָלאַנד און שווייצאַריע, זענען גרייט צו ווערן שוץ־היימען. די „הדסה"־אָרגאַניזאַציע מוז אָבער גלייך אָנהייבן שאַפן אַ פאָנד פאַר דער רעטונגס־אַרבעט. וואָרעם די נאָענטסטע צוקונפט, צי דאָס זענען געציילטע חדשים, אָדער געציילטע יאָרן, וועט זיין זייער אַ פאַטאַלע פאַר די קינדער וואָס זענען אויסגעשטעלט צו דיסקרימינאַציע און טעראָר פון דער גערמאַנישער באַפעלקערונג.

און פאַר דער עקזעקוטיוו־קאָמיטע פון דעם אַמעריקאַנער יידישן קאָנגרעס האָט דער הער פראַנקפורטער איבערגעגעבן, אַז די „רייכספעראייניגונג דער יודען אין דייטש־לאַנד" איז איצט די איינציקע היים פאַר אַלט און יונג. זי, די צענטראַלע הילף־אָרגאַני־זאַציע, פירט אָן מיט קיכן און גיט אַרויס פרייע מאָלצייטן פאַר פאַמיליעס, וואָס זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון זייערע געשעפטן און נישט געהאַט מער קיין צוטריט צו זייערע אָפּשפּאָרונגען אין די בענק איבער אַלערליי געלט־שטראָפן וואָס די רעגירונג האָט אַרויפגעלייגט אויף יידן. זי, די הילף־אָרגאַניזאַציע, האָט אויך אָנגעפירט מיט דער עמיגראַציע פון יענע משפחות וואָס האָבן געקאָנט אַריינפאָרן אין אַנדערע לענדער. זי האָט אויך געעפנט שולן פאַר דער יידישער יוגנט וואָס האָט, לויט אַ רעגירונגס־דעקרעט, מער נישט געטאָרט לערנען אין די אַלגעמיינע בילדונג־אינסטיטוציעס. זי האָט אויך געשטיצט פינאַנציעל די ראַבינערס וואָס האָבן באַדינט די רעליגיעזע געמיינ־דעס, וואָרעם די געבעט־הייזער, סיי די וואָס זענען רעפאָרם און סיי יענע וואָס זענען אָרטאָדאָקסיש, האָבן שוין מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן קיין גייסטיקן פירער. און וויפל

ראַבינערס זענען דען נאָך געבליבן דאָרטן? פון דער גרויסער מחנה רעליגיעזע מנהיגים זענען בלויז געבליבן עטלעכע און דרייסיק. און זיי טוען נישט בלויז רעליגיעזע באַדינונג. זיי זענען אויך טעכנישע אַרבעטערס אין אַלע אַקטיוויטעטן וואָס די „רייכס־פעראייניגונג דער יודען״ פירט אָן. און ער, דער הער פראַנקפורטער, אַ פאַרענדיקטער ראַבינער, איז איינער פון זיי.

אָבער איצט מוז די צענטראַלע יידישע הילף־אָרגאַניזאַציע אין בערלין אָנקומען נאָך שטיצע צו די אַמעריקאַנער יידן. אירע פאָנדן קומען שוין פון דעם הנאַ... און די נייטיקסטע באַדערפעניש פאַר הילף האָט זיך ערשט אָנגעהויבן. דאָס איז, איבער דער שרייענדיקער דרינגלעכקייט אַרויסצופירן די יידישע קינדער פון דעם קלעם, אָדער פון דער טויט־פאַסטקע, וואָס דייטשלאַנד האָט פאַר זיי צוגעטראַכט.

די מיסיע זיינע, דעם הער פראַנקפורטערס, האָט זיך, דאַנקען גאָט, פאַרענדיקט מיט הצלחה. אַלע אָרגאַניזאַציעס האָבן געגעבן מער ווי ער האָט דערוואַרט. און איצט האָט ער זיך געגרייט צוריקפאָרן קיין דייטשלאַנד מיט אַ געפיל פון יראת־הכבוד פאַר זיינע אַמעריקאַנער יידישע ברידער און שוועסטערס.

בעת זיין לעצטן מיטינג דאָ אין אָפיס מיט אים, ראַביי הערצאָג, האָט ער זיך אָבער באַקלאָגט אויף דעם וואָס ס׳פעלן פאַסיקע מענטשן אין דער רעטונג־אַרבעט פאַר די קינדער. מ׳דאַרף האָבן מענטשן וואָס זאָלן זיך קאָנען פאַרשטענדיקן מיטן יונגוואַרג אויף זייער שפּראַך, סיי ווען מ׳גרופּירט זיי פאַר עמיגראַציע, סיי אויפן וועג ווען מ׳פירט זיי אַרויס פון דייטשלאַנד, און סיי אין די לענדער וואו מ׳דאַרף אויף זיי אויפפּאַסן ביז מ׳צעטיילט זיי צו קינדער־אינסטיטוציעס, אָדער צו פּריוואַטע היימען. מ׳דאַרף האָבן מענטשן וואָס אויסער דייטש מוזן זיי אויך קענען ענגליש און פראַנצויזיש. זיי מוזן זיך קאָנען פאַרשטענדיקן מיט די הילף־געזעלשאַפטן און פּריוואַטע לייט אין די אַנדערע לענדער. אין דייטשלאַנד גופא, נאָך דעם ווי די מערסטע יידישע געלערנטע זענען אַרעסטירט אָדער אומגעבראַכט געוואָרן, אָדער זענען אַוועק אין אַנדערע לענדער, איז געבליבן אַ קליינע צאָל וואָס קאָן אַרויסהעלפן. ס׳איז אָבער ווייניק. מ׳דאַרף האָבן מער. ווען ער וואָלט געקאָנט געפינען אַ צאָל יונגעלייט אָדער מיידלעך וואָס וואָלטן זיך געוואָלט איבערגעבן מיט לייב און לעבן צו דער דאָזיקער פונקציע, וואָלט עס געווען אַ גאָר גרויסע הילף פאַר דער אַרבעט. מיט אַזעלכע מענטשן וואָלטן זיך די קינדער נישט געפילט אַזוי צעבראָכן, אויסגעריסן מיטן וואָרצל ווען זיי ווערן אַוועקגענומען פון זייערע טאַטע־מאַמע און אַוועקגעפירט אין ווייטע, פרעמדע מקומות.

הילדע, וואָס איז בייגעווען ביים שמועס, ווי ס׳איז אָנגענומען פאַר אַ סעקרעטאַרין, און וואָס האָט סטענאָגראַפיש פאַרנאָטירט דאָס גערייד צווישן אים, ראַביי הערצאָג, און דעם הער פראַנקפורטער, האָט גאָרנישט געזאָגט, כאָטש זי וואָלט געוועזן די פאַסיקסטע פּערזאָן סיי לויט איר עטישן כאַראַקטער און סיי לויט איר קענטשאַפט אין די נייטיקע לשונות.

אַ ווײַלע צוריק האָט זי אים אָבער געזאָגט, אַז זי פאָרט קיין דייטשלאַנד מיט אָט דעם הער פראַנקפורטער. איז וואָס האָט געצוואונגען זי דערצו? געצוואונגען זי דערצו, הייסט עס, האָט דאָס וואָס זי האָט דורך אייגענער איבערלעבונג דערזען דאָס אומ־מאָראַליש אויפפירן זיך ביי די קאָמוניסטן פונקט ווי ביי די אַנדערע בירגערס פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט.

.6

ראַביי הערצאָג האָט זיך פאַרלייגט די הענט אויף הינטן און גענומען גיין הין און צוריק אַ שווייגנדיקער.

אָפּט מאָל — האָט ער גייענדיק געטראַכט וועגן הילדען — אַז ער האָט איר אָנגעוויזן אויף איר אומווילן צו זען די עוולות וואָס די רעוואָלוציאָנערן אין רוסלאַנד באַגייען איינער קעגן אַנדערן, די רציחות וואָס די מאַכטהאָבערס פירן דורך אויף זייערע פריינד און חברים, אָדער אויף די דאַרטיקע מיליאָנען אַנדערש טראַכטנדיקע אינטעליעקטואַלן און פויערים וואָס ווילן נישט גיין אַרבעטן אויף קאָלעקטיווע פאַרמס, האָט זי, הילדע, מייסטנס אָפּ־געענטפערט מיט באַדויער, אָבער גלייכצייטיק האָט זי געפונען אַ זכות. „די צייט איז נאָך נישט רייף פאַר אַן אידעאַלער געזעלשאַפט", האָט זי געזאָגט. „קאָמוניזם האַלט זיך ערשט אין בויען. און ביים בויען זענען פאַראַן שוועריקייטן און חילוקי־דעות...״ זי האָט נישט געקאָנט איינזען אַז דער שענסטער אידעאַל, פאַר זיך אַליין, איז נישט מער ווי אַ פּלאַן, אַ מאָדעל... מענטשן ניצן דעם מאָדעל פאַר אַלערליי פּאַסאָנען מלבושים וואָס זיי שניידן און קאָמבינירן אויף אים לויט זייערע אייגענע גוסטן און באַקוועמלעכקייטן. און מענטשן אָן דראַנג צום פּערזענלעכן וואוילטאָג — אויסער געציילטע יחידים — וועלן אפשר קיינמאָל נישט געבוירן ווערן. מענטשן וועלן אַלעמאָל צופּאַסן דעם אידעאַל צו זייערע אַמביציעס, און נישט פאַרקערט — ס'הייסט, צופּאַסן זיך גופא צום אידעאַל.

אָבער דאָס האָט זי, די זייער קלוגע און איידעלע סעקרעטאַרין זיינע, הילדע, ערשט דערזען איצט, ס'הייסט, ווען זי איז, אַ נישט־דערוואַרטע, אַריין צו איר ראָמאַנטיש־אויס־געקליבענעם יונגנמאַן אין זיין וואוינונג און האָט אים, דעם רעוואָלוציאָנער, דעם קעמפער קעגן דער מאָראַליש־געזונקענער, קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, געטראָפן מיט אַ מיידל וואָס מיט איר האָט ער אָפּגעטאָן אַזאַ מין אוממאָראַלישע טאַט, אַז ער דאַרף זיך גאָר־נישט פילן הינטערשטעליק אין פאַרגלייך מיט די בורזשואַזנע היפּאָקריטן וואָס ער איז אַזוי שטאַרק אויפגעזאָטן קעגן זיי.

יאָ, — האָט ער, ראַביי הערצאָג, געטראַכט, — זי מוז אַוועק... אַוועק פון דעם אַרום, פון דער אַטמאָספערע, פון דעם אַלץ מיטאַנאַנד, וואו ס'איז אָנגעשריבן איר דורכפאַל; וואו אַלץ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין חוזק, אין אַ זומפּ, וואו מ'וועט זי אַרומשלעפּן מיט אומרעספּעקט, מיט ווידערגעפיל. יאָ, זי מוז אַנטלויפן. זי מוז זיך ראַטעווען. אפשר וועט זי אויפסניי זיך קאָנען געפינען. אפשר וועט זי אויפסניי קאָנען שטיין אויף אירע פיס, אויפסניי קאָנען געפינען אַ נייעם אַנהויב, אַ נייעם וועג... אפשר — — —

— דענקסטו, מיין טאָכטער, — איז ער געבליבן שטיין פאַר איר, געקוקט אין אירע פאַרטרויערטע אויגן, — אַז אין אָפּגעבן זיך מיט אַרויסראַטעווען די אומגליקלעכע יידישע קינדער פון דייטשלאַנד וועסטו געפינען שטאַרקייט, קאָנען זיך אַרויסהייבן פון דעם טיפן אַראָפּפאַל וואָס דו שפּירסט אַז ער מאַכט דיך אינגאַנצן חרוב?

אַ לענגערע ווילע האָט זי געשוויגן. אַנשטאָט ענטפערן האָט זי אַרויסגענומען פון איר האַנטבייטל אַ ציגאַרעטל, אַריינגעטאָן עס אין מויל און פּרובירט אָנצינדן. די פינגער אירע האָבן אָבער געציטערט — און זי האָט אויפגעהערט. זי האָט נאָכדעם זייטיק געקוקט אויף דעם עטיש־אויסנעמלעכן פּירער, דעם מאָראַל־מוסטער אירן, און געשעפּטשעט:

— אפשר... אפשר... דערווייל איז דאָס אָבער מיין איינציקער מאָראַלישער אָנשפּאַר...

— גוט... — האָט ראַביי הערצאָג אַרויפגעטאָן אַ האַנט אויף איר אַקסל און אַן איבערגענומענער געשאָקלט מיטן קאָפּ. — און ווען ד'וועסט זיך צוריקקערן פון דיין

וויכטיקער אַרבעט זאָלסטו גלײַך צוריקקומען צו מיר אויף דײַן שטעלע.

הילדע האָט אַרויסגענומען דאָס ציגאַרעטל פֿון מויל און אַראָפּגעלאָזט די אויגן צום דיל.

— ווען פֿאָרסטו אָפּ מיטן הער פֿראַנקפֿורטער?

הילדע האָט אויפֿגעהויבן די אויגן און געקוקט אויפֿן ראַביי:

— אין עטלעכע טעג אַרום.

— זאָל עס דיר זײַן מיט מזל, טאָכטער מײַנע... און קום אַרײַן אין מײַן אָפֿיס איידער ד׳פֿאָרסט אָפּ. כ׳וועל האָבן גרייט פֿאַר דיר בריוו צו דיפּלאָמאַטן אין אייראָפּעאישע לענדער. זיי זענען מײַנע פֿרײַנד. אויך וועל׳ך דיר געבן בריוו צו יידישע פֿירערס. אפשר וועסטו זיך נייטיקן אין זייער הילף. זיי וועלן עס טאָן פֿאַר מיר...

— אַ דאַנק... — האָט הילדע געענטפֿערט מיט טרערן אין די אויגן, צוגענייגט זיך מיט אירע ליפּן צו זײַן פּנים און אַרײַנגעפּרעסט אַ קוש אין אַ באַק. — אַ האַרציקן דאַנק... איר זענט געווען צו מיר ווי אַן אייגענער פֿאָטער... און זײַט מיר מוחל פֿאַר דער אומ־אָנגענעמלעכקייט וואָס כ׳האָב אײַך פֿאַרשאַפֿט מיט מײַן פּלוצעמדיקן אַוועקגיין פֿון דער שטעלע.

— זאָרג זיך נישט, מײַן טאָכטער... — האָט ער אַ שטאַרק אומעטיקער אַראָפּגענומען זײַן האַנט פֿון איר אַקסל. — כ׳פֿאַרשטיי... זאָל עס דיר זײַן לטובֿה.

הילדע איז איצט אַרײַן אין אָפֿיס, וואו זי האָט געפּלעגט אַרבעטן, און האָט גענומען וואַרטן אויף דעם הער פֿראַנקפֿורטער.

# קאַפּיטל ניין־און־דרײַסיק

## די נסיעה קיין אייראָפּע

### 1.

שפּעט נאָכמיטאָג האָט זיך הילדע צוריקגעקערט אַהיים פֿון איר באַגעגעניש מיטן הער פֿראַנקפֿורטער.

די רביצין, וואָס האָט דאָס ערשטע מאָל זינט דער פּטירה פֿון איר מאַן געהאַלטן אין צוראַמען די שטיבער, איז געוואָרן איבערראַשט. אַזוי פֿרי אַהיימקומען פֿון אָפֿיס? זי האָט אויפֿגעהערט ווישן דעם שטויב פֿון די מעבל־שטיקער אין גאַסטצימער און מיט דער שמאַטע אין האַנט נאָכגעפֿאָלגט הילדען וואָס איז אַוועק אין איר שלאָפֿשטוב.

— וואָס איז געשען? — איז זי געבליבן שטיין בײַ דער שוועל און האָט געפֿרעגט די טאָכטער. — ביסטו, חלילה, נישט געזונט?

הילדע האָט אַראָפּגענומען פֿון זיך די הענטשקעס, דאָס היטעלע, דעם מאַנטל, און געפּליסטערט אומגערן:

— יאָ...

די רביצין איז אַרײַן אין שלאָפֿצימער און האָט גערעדט מיט פֿאַרוואורף:

— כ׳האָב זיך אָבער געבעטן בײַ דיר, ד׳זאָלסט נאָך הײַנט נישט צוריקגיין צו דער אַרבעט! האָסטו מיך נישט געפֿאָלגט. און אַצינד האָסטו מן־הסתם זיך געמאַכט ערגער.

הילדע האָט אַרײַנגעהאָנגען אין מלבושים־שאַנק דעם מאַנטל און געטאָן אַראָפּ־

נעמען פון זיך די בלוזקע און דאָס האַלב־קליידל. נאָכדעם האָט זי אַראָפּגעצויגן די צודעק פון בעט און זיך געלייגט.

— וואָס איז דיר ? — האָט די רביצין דערנענט צום בעט און געפרעגט הילדען וואָס איז געלעגן אונטער דער קאָלדרע. — האָסטו קאָפּווייטאָג ? פילסטו, אפשר, אַן איבלעניש ? אָדער, אפשר, אַ קלעמעניש אין בויך, אין רוקן ?

הילדע האָט צוגעמאַכט די אויגן און אומגערן געמורמלט :

— ס'וועט מיר בעסער ווערן... הייַנט, מאָרגן... זאָרג זיך נישט...

— מאַכן דיר, אפשר, אַ וואַרעמען טרונק ?

— ניין, אַ דאַנק. כ'וויל שלאָפן.

— נו, גוט, וועל'ך דיך לאָזן אַליין.

— אַ דאַנק...

.2

געבליבן אַליין, האָט הילדע מיט פאַרמאַכטע אויגן גענומען מאַכן אין געדאַנק אַ צעטל פון די זאַכן וואָס זי וועט דאַרפן איינפּאַקן אין וועג אַריין.

כאָטש זי האָט קיינמאָל פריער נישט געמאַכט קיין נסיעות, נישט קיין אויסלאַנד און נישט אפילו אין אַמעריקע גופא, דאָך האָט זי מיטן חוש דערשפּירט אַז פון אַ היפש געפּעק קומט נישט צו אַ רייזנדן קיין שטיק געזונט. מ'איז אַלעמאָל באַזאָרגט וואָס ס'קאָן געשען דערצו — און דאָס שטערט צו האָבן קלאָרע געדאַנקען.

פון דער אַנדערער זייט, איז עס אָבער נישט גילטיק אין אַלע פאַלן און פאַר יעדן איינעם.

למשל, זי, הילדע, און איר אומשטאַנד. וואָלט זי געפאָרן אויף אַ לוסטרייזע, וואָלט זי געוויס זיך געהאַלטען ביי דעם ווי זי פילט וואָס אַנבאַלאַנגט שווערן באַגאַזש. אָבער לויט דעם פּאַרנעם פון איר באַשעפטיקונג אין אייראָפּע וועט זי מסתמא זיין געצוואונגען מיטצונעמען אַלע קליידער, אַלע שיך, דאָס גאַנצע היפּש ביסל אונטערוועש וואָס זי האָט. און דאָס, נישט צוליב דעם כאַראַקטער פון איר פּאָסטן, נאָר אויך מחמת איר געהאַלט אין אייראָפּע.

לויט דער אָפּנהאַרציקער דערקלערונג פון דעם הער פראַנקפורטער, מיט וועמען זי האָט פריער פאַרברענגט עטלעכע שעה — צוערשט אין איר געוועזענעם אָפיס, נאָכדעם אין אַ רעסטאָראַן, שפּעטער אין אַ שיפס־אַגענטור, וואו ס'ווערן געמאַכט אַלע הכנות פאַר איר אָפּפאָר — קומט אויס אַז קיין גרויסן געהאַלט קאָן זי נישט דערוואַרטן. פשוט, די בערלינער רעטונגס־ביוראָ, וואָס איר בודזשעט איז צונויפגעשטעלט מערסטנס פון אַמעריקאַנער יידישע געלטער, קאָן עס זיך נישט דערלויבן. און זי איז נישט איבער־ראַשט געוווען און אויך נישט אַנטוישט געוואָרן דערפון. איר איז נישט געגאַנגען אין געלט. איר איז געגאַנגען איינגאַנצן אין עפּעס אַנדערש — אין אַוועק ! אפילו אַוועק אַהין, וואו ס'איז עק וועלט...

וואָס איז, סוף־כל־סוף, געדרונגען לויט דער זאַכלעכקייט פון דעם הער פראַנק־פורטערס אָפנהאַרציקייט און ערנסט ? ס'איז געדרונגען, אַז קיין איבעריקן דאָלער וועט זי אין אייראָפּע נישט האָבן אויף צו קויפן זיך עפּעס. זי וועט מוזן לעבן אויסגערעכנט, אפילו קאַרגלעך. דעריבער, כדי זי זאָל נישט דאַרפן אַרומגיין אַלעמאָל אין איין מלבוש, אין איין פּאָר שיך, וואָס וועלן זיך מיט דער צייט אָפּניצן, וועט זי מוזן מיטנעמען אַלץ

וואָס זי האָט. דערצו איז זייער נייטיק צו טאָן דאָס, ווייל זי וועט זיך דאַרפן באַגעגענען מיט מענטשן פון חשובן אַנזען, אין פאַרשידענע לענדער, אין שייכות מיט די קינדער וואָס זי וועט אַרויספירן פון דייטשלאַנד. זי וועט נישט קאָנען קומען אין ביוראָס, באַגעגענען זיך מיט געזעלשאַפטלעכע טוערס, מיט דיגניטאַרן, מיט מיניסטאָרן אין אירע אָפּגעטראָגענע קליידער. צי זי וויל יאָ, צי זי וויל נישט — זי וועט מוזן זיין אין אַ געמיט צו מאַכן אַן איינדרוק אויף זיי.

נאָכן קומען צום אויספיר, אַז זי וועט מוזן מיטנעמען אַלץ וואָס זי האָט אין מלבושים־שאַנק און אויך אין וועש־שענקל, האָט זי אָנגעהויבן טראַכטן וועגן דער מוטער און איר אויסקומעניש.

פון וואָס וועט זי זיך מפרנס זיין, צאָלן דירה־געלט, אַז ס׳איז איצט נישטאָ קיין הכנסה?

וואָלט זי, הילדע, נישט אַוועק, וואָלט געווען נאַטירלעך, אַז די מוטער זאָל נישט האָבן קיין דאגה וועגן איר חיונה. זי, הילדע, וואָלט אַלץ איינגעקויפט אין די שפייז־קראָמען, געצאָלט רענט — און פאַרטיק. אָבער דער מצב וועט דאָך זיין אַן אַנדערער!

דאָס איינציקע וואָס זי, הילדע, קאָן דערווייל טאָן, איז באַוואָרענען די מוטער מיט דעם וואָס זי, די טאָכטער, האָט אָפּגעשפּאָרט אין דער באַנק פון אירע פאַרדינסטן. זי וועט אַריינגיין אין דער באַנק, אַרויסנעמען איר געלט און עס געבן דער מוטער. „טו דערמיט וואָס דו באַגערסט" — וועט זי זאָגן. — „האַלט עס אין הויז, אָדער לייג עס אַריין אין דער באַנק אויף דיין נאָמען. אָבער זאָג מיר נישט אָפּ מיין פאַרלאַנג". אמת, אויף קיין אייביקייט קאָן עס נישט קלעקן, אָבער אויף אַ יאָר קאָן עס געוויס גענוג זיין. איי, שפּעטער? וועגן שפּעטער איז נאָך דערווייל דאָ גענוג צייט צו קלערן.

אָפּגעפּאַרטיקט זיך אויך מיטן באַזאָרגן די מוטער, האָט זי גענומען טראַכטן ווי אַזוי צו אַנטפּלעקן דעם סוד פאַר איר, ס׳הייסט, אַז זי פאָרט אַוועק פון דער היים און פון לאַנד.

געוואוסט האָט זי אין פאָראויס, אַז קיין געוויינלעך נייס וועט דאָס נישט זיין פאַר דער מוטער. אפילו ביי געוויינלעכע אומשטענדן אין הויז וואָלט עס נישט אָפּגעגאַנגען גלאַטיק. „אַוועק פון דער היים, פון לאַנד און לאָזן זיך מעבר־לים?!" — וואָלט די מוטער געשריען, געוויינט און געפרעגט. און איצט איז דאָך אוודאי אַנדערש אין הויז. ווי לאַנג איז עס נאָך דעם טאַטנס פּטירה? מ׳איז דאָך נאָר וואָס אויפגעשטאַנען פון דער שבעה! איז ווי קאָן זי, די טאָכטער, לאָזן די מוטער אַליין? איז איר, דער מוטער, נאָך ווייניק וויסט? מוז זי נאָך בלייבן עלנד צווישן פיר ווענט און נישט האָבן קיין אייגענעם וואָס זי זאָל קאָנען מיט אים אַרויסרעדן אַ וואָרט?

און פאַרוואָס, טאָכטער, זאָלסטו בלויז טראַכטן וועגן זיך? — וועט די מוטער, אַ פאַרקלאָגטע, געוויס פרעגן. — פאַרשטייסטו דען נישט, קינד מיינס, אַז כ׳וועל אַרומגיין טאָג און נאַכט און קלערן וועגן דיין געזונט? פאַרשטייסטו דען נישט, אַז ד׳פאָרסט אַריין אין אַ לאַנד, וואו מ׳האָט געמאַכט אַ חורבן פון די דאָרטיקע ייִדן, געהרגעט, פאַרשיקט? . . . און יענע וואָס זענען נאָך דערווייל לעבן געבליבן זענען אין די הענט פון יעדן דייטשישן יינגל אָדער מיידל, שוין אָפּגערעדט פון די דערוואַקסענע, די עמלקים, די רוצחים . . .

יאָ, זי, הילדע, ווייסט, אַז ס׳וועט אין הויז ווערן פינצטער נאָך דעם ווי זי וועט אַנטפּלעקן דער מוטער וועגן דעם אָפּפאָר קיין אייראָפּע. אַ בית־עלמין, וואו קרובים קומען צו די קברים פון זייערע נאָנטע פאַר ימים־נוראים, איז נישט אַזוי דערדריקנדיק ווי ס׳וועט זיין די דירה דאָ.

איז וואָס פאַרט קאָן זי טאָן? וויאַזוי קאָן זי דאָך אָנזאָגן דער מוטער וועגן דעם ביז איצט נישט אַנטפּלעקטן נסיעה־פּלאַן? זי קאָן דאָך נישט יעדן טאָג, ביז צום אָפּפאָר, אָנגיין מיטן תירוץ, אַז זי פילט זיך נישט געזונט, ווי זי האָט עס געטאָן פריער. און אַז זי וועט אָנהייבן צוגרייטן איר באַגאַזש וועט דאָך די מוטער סיי־ווי בלייבן אויסער זיך, אָנהייבן פרעגן וואָס ס'איז געשען, און נעמען יאָמערן, אויב נישט פאַלן אין חלשות...

.3

אומדערוואַרט איז אָבער דאָס אויסהיטן זיך מיטן נסיעה־פּלאַן אַרויסגעקומען אויף אַ גאַנץ אַנדערן אופן. אויף אַזאַ אופן, אַז נישט הילדע האָט געדאַרפט זאָגן דערפון דער מוטער, נאָר גאָר פאַרקערט, די מוטער האָט געזאָגט הילדען. און געקומען דערצו איז עס אַ קורצע צייט נאָכדעם ווי הילדע איז געהאַט געבליבן אַליין אין איר שלאָפצימער.

פּלוצעם האָט זיך אַן עפן געטאָן די טיר און ס'איז אַריינגעקומען די מוטער. זי האָט געהאַלטן די הענט פאַרלייגט אונטערן בוזעם, איז געבליבן שטיין פאַרן בעט, וואו הילדע איז געלעגן, און האָט גענומען קוקן אויף דער טאָכטער מיט אַ נישט־מיושבן בליק אין די אויגן:

— ד'פאָרסט אַוועק קיין דייטשלאַנד?

הילדע איז געלעגן מיטן רוקן צו דער טיר און מיטן פּנים צו דער וואַנט. דערהערט דער מוטערס רייד, איז איר געוואָרן קאַלט איבערן גאַנצן קערפּער — און זי האָט זיך נישט געוואָלט אויסדרייען צו זען דאָס פּנים פון דער מאַמען. זי האָט זיך אָבער יאָ אויסגעדרייט.

— ווער האָט עס דיר געזאָגט? — האָט זי געפרעגט.

פון דער מוטערס אויגן האָבן זיך גענומען גיסן טרערן, און אירע ליפּן האָבן געציטערט:

— פון דיין אָפּיס . . . אַ פרוי האָט נאָר וואָס אָנגערופן אויפן טעלעפאָן. זי האָט געוואָלט רעדן צו דיר. האָב'ך געזאָגט אַז דו שלאָפסט. האָט זי מיך געבעטן איבערצוגעבן דיר, אַז ד'זאָלסט מאָרגן מיטאָגצייט קומען אין קאָנגרעס. דער אָפּיס גרייט־צו אַן אָפּשייד־באַגעגעניש מיט דיר. יעדער וויל זיך געזעגענען מיט דיר פאַר דיין אָפּפאָרן קיין דייטשלאַנד... איז עס אמת?

הילדע האָט נישט געקאָנט עפענען אירע ליפּן. איר פּנים איז געוואָרן ווייס. אָבער זי האָט אַרויסגעמורמלט:

— אמת...

ביי דער רביצין האָבן ווידער גענומען ציטערן די ליפּן. זי האָט געוואָלט פרעגן, „צו וואָס פאָרסטו אַהין?", אָבער אַנשטאָט פרעגן האָט זי זיך אַ דריי אויס געטאָן מיטן פּנים צו דער טיר און איז אַרויס מיט אַ געיאָמער וואָס האָט זיך נאָכדעם, אין משך פון אַ לאַנגער צייט, געהערט דאָ קומען פון אַ ווייט צימער.

כאָטש דער מוטערס אויסברוך איז נישט געווען אומדערוואַרט, דאָך האָט זיך הילדע דערפילט אַזוי ווי זי וואָלט פאַרלוירן דאָס לשון און די באַוועגלעכקייט פון אירע גלידער. נישט זי האָט געקאָנט עפּעס זאָגן און נישט זי האָט געהאַט וואָס. פאַרקערט, ווען זי וואָלט זיך געקאָנט אָפּזאָגן פון אַלץ וואָס זי האָט אונטערגענומען, וואָלט זי אַריין צו דער מוטער אין צימער, וואו זי געפינט זיך איצט אַ יאָמערנדיקע, און וואָלט איר געזאָגט, זי זאָל זיך אָפּווישן די טרערן, אויפהערן קלאָגן, און אַז אַלץ וועט ווידער זיין

ווי פֿריער. זי, הילדע, וועט נישט אַוועק פֿון לאַנד, אויך נישט פֿון דער היים, און זי וועט צוריקגיין צו איר אַרבעט אין אָפּיס.

דער באַגער איז אָבער בלויז געווען אַן אויסדרוק פֿון האָבן רחמנות אויף דער מוטער. שטאַרקער פֿון רחמנות איז, לײַדער, געווען דער דורכפֿאַל פֿון איר פּערזענלעך לעבן, פֿון איר חלום וועגן אַ מאָראַליש־נײַער צווישן־מענטשלעכער באַציאונג. ער איז געווען אַזוי שטאַרק, דער דורכפֿאַל, אַז ווען זי וואָלט זיך אָפּגעזאָגט פֿון דער געלעגנהייט צו קאָנען אַוועק, צו קאָנען קומען צו זיך, וואָלט עס געמיינט דאָס זעלבע ווי אָפּזאָגן זיך פֿון אַ רעטונג־גאַרטל בעת אַ שיף האַלט ביים אונטערגיין.

ניין, זי איז נישט אַראָפּ פֿון בעט כדי אַרײַנצוגיין צו דער מוטער אין ווייטן צימער און באַרואיקן זי מיט אַ צוזאָג אַז זי וועט נישט פֿאָרן... זי האָט עס נישט געקאָנט און נישט געוואָלט. זאָל די מוטער וויינען, — האָט זי געטראַכט. — זי וועט זיך צוגעוואוינען צום געדאַנק און צום געשעעניש. אַ מוטער מוז נישט תמיד האָבן אירע קינדער מיט זיך. ס'קומט אַ צייט — און זי מוז אָננעמען פֿאַר נאַטירלעך ווען די קינדער רײַסן זיך אָפּ פֿון איר פֿאַרטעך. זי האָט נישט קיין רעכט אויף אָפּצוהאַלטן זיי. זי מוז זיי לאָזן געפֿינען פֿאַר זיך אַן אייגענעם וועג.

## 4.

האָט די רביצין, וואָס האָט געהאַט ענלעכע מחשבות מיט פֿיל יאָרן צוריק, ווען זי איז אָפּגעפֿאָרן פֿון פּוילן מיט איר מאַן קיין אַמעריקע, און די מוטער אירע, אַן אלמנה, האָט זיך צעיאָמערט, נישט געוואָלט גערן געזעגענען זיך מיט זי — האָט זי, די רביצין, פֿאַרשטאַנען הילדען און זיך סוף־כל־סוף באַרואיקט ? ניין.

זינט הילדע איז אַוועק קיין איראָפּע איז זי, די רביצין, אָפּט געזעסן אין גאַסט־צימער ביי איינעם פֿון די פֿענסטער, וואָס זענען אַרויס צו דער גאַס, און האָט אַ בלייכע, אַ שטומשווײַגנדיקע, געקוקט ווײַט־ווײַט פֿאַר זיך.

אחוץ זיצן דאָ אַ פֿאַרטראַכטע, אַ באַטריבטע, איז זי דאָ אויך געזעסן מיט אַ צוועק. זינט ס'איז אָנגעקומען פֿון הילדען אַ טעלעגראַמע, אַז זי איז בשלום אַראָפּ פֿון דער שיף, איז זי, די רביצין, געזעסן דאָ און האָט אַרויסגעקוקט אויפֿן פּאָסט־טרעגער אַז ער זאָל איר ברענגען אַ בריוו פֿון דער טאָכטער.

און בריוו — צו איר איבעראַשונג — זענען אָנגעקומען זייער אָפּט. זי האָט גאָרנישט געוואוסט אַזוי פֿיל אין פֿריערדיקע צײַטן, אַז די טאָכטער איז שטאַרק איבערגעגעבן צו איר. דאָס איז אָבער בשום אופן נישט געווען גענוג אויף אײַנצושטילן איר לעכצעניש נאָך דער בת־יחידה. גאָר פֿאַרקערט... דערצו האָט הילדע אין אירע בריוו נישט אָנגעדײַט, שוין אָפּגערעדט פֿון אויסדריקלעך לאָזן וויסן, אַז זי וועט זיך ווען־ס'איז צוריקקערן אַהיים.

און דאָס האָט נישט אָנגעהאַלטן בלויז אַ קורצע צייט. ס'איז אַוועק דער חודש אַפּריל — און גאָרנישט. ס'איז אויך אַוועק דער חודש מיי, און יוני, און יולי, און אויגוסט — און ווידער קיין אָנדײַט. נאָכדעם איז אָנגעקומען דער חודש סעפּטעמבער, וואָס האָט געבראַכט מיט זיך די מלחמה פֿון דײַטשלאַנד קעגן פּוילן — און ווידער קיין וואָרט פֿון הילדען וועגן צוריקקערן זיך אַהיים. דערנאָך איז אָנגעקומען דער חודש אָקטאָבער, וואָס האָט געלאָזט וויסן דער וועלט, אַז היטלער, נאָך דעם ווי זײַנע מאָטאָריזירטע אַרמייען

האָבן צעשמעטערט די פּוילישע מלוכה, קלייבט זיך צו באַפאַלן אַנדערע מדינות מיט זיינע חיילות. אָבער פון הילדען האָט זי, די רביצין, אפילו אין אַזאַ סכנותדיקער צייט גאָרנישט געהערט וועגן פאַרלאָזן איראָפּע.

ערגער האָט אָבער געמאַכט דאָס וואָס זינט דעם אויסברוך פון דער דייטשער מילחמה קעגן פעלקער איז דער פּאָסט־טרעגער געקומען זעלטענער צו איר טיר. ס'זענען אַוועק וואָכן — און זי האָט גאָרנישט געקראָגן.

די רביצין איז אָפט געזעסן ביים פענסטער, מיטן קאָפּ אַראָפּגעלאָזט צו איר בוזעם, דאָס פּנים אין די הענט, און האָט הויך געיאָמערט.

— וואו איז ערגעץ מיין קינד? — האָט זי שלוכצענדיק גערעדט צו זיך. — וואו געפינט זיך מיין בת־יחידה? לעבט זי כאָטש נאָך?

געדענקט האָט זי זייער גוט, אַז הילדע איז געוועזן אין אַ זייער דערדריקט געמיט, ווען זי איז אַוועק מעבר־לים. טאָ אפשר איז זי קיינמאָל נישט אַרויס דערפון? אמת, אין די בריוו האָט זיך קיינמאָל נישט געמערקט קיין אַנדייט אויף אַ שלעכטער שטימונג, אָבער איז דען דאָס געווען אַ באַווייז, אַז זי פילט זיך טאַקע גוט? אוי, ווי זי, די מוטער, האָט זיך געבעטן ביי איר — נישט אַריינצופאָרן קיין דייטשלאַנד. דאָס איז דאָך נישט אַ מדינה, נאָר אַ וואַלד מיט ווילדע חיות! אָבער... די טאָכטער האָט זיך נישט צוגעהערט צו גאָרנישט... און איז אַוועק, עלעהיי דער טייוול וואָלט זי אַריינגענאַרט אַהין.

די מיסעס גאָטליב, וואָס איז דאָ אָפט אַריינגעקומען, האָט זי געטרייסט:

— הילדע טוט געוויס שרייבן, — האָט זי איינגעטענהט מיט דער רביצין. — ס'איז אָבער נישט איר שולד וואָס די בריוו קומען נישט אָן. איבער דער מילחמה אין איראָפּע, איבער דעם תוהו־ובוהו דאָרט, איז דער פּאָסט־פאַרקער נישט רעגולער.

ס'האָט אָבער נישט געהאָלפן.

איר טרויער איז געוואָרן שווערער און פיינלעכער. און וואָס שווערער דער טרויער, וואָס מער פיינלעך, אַלץ וויסטער איז געוואָרן אין הויז. אין דער דאָזיקער וויסטקייט האָט אָפט, ווי אַ בליץ, אַ בלענד געטאָן אַ שטיקל פאַרגאַנגען לעבן...

אָט האָט זיך געזען ווי דער רב זיצט שבת אינדערפרי איבער אַ געעפנטן חומש אין זיין ספרים־שטיבל און איז מעביר די סדרה פון דער וואָך. אין לופטן צעגייט זיך דער זיסער ניגון זיינער — און ס'ווערט דערפון אַזוי וואַרעם אין גוף און היימלעך אין יעדן ווינקל.

און אָט צעעפנט זיך די טיר פון הויז, אין אַ וואָכנטאָג, און ס'לויפט אַריין מיט טומל דער ברויזנדיק־יונגיקער שיעלע. ער קומט פון סקול און דער ישיבה און טראָגט ביכער און ספרים אונטערן אָרעם. „מאַמעשי", — רופט ער אויס הויך, פול מיט פרייד, — „דער לערער אין סקול האָט מיר געגעבן דעם העכסטן צייכן אויף מיינס אַ קאָמפּאָזיציע וועגן אַמעריקאַנער געשיכטע. און דער רבי אין דער ישיבה האָט מיר היינט איבערגעגעבן די כיתה צו לערנען מיט די בחורים אַ דף פון דער גמרא גיטין, וואו ס'רעדט זיך וועגן יידיש בלוט וואָס דער קיסר אדריינוס האָט פאַרגאָסן, און וועגן קיסר אספּסייינוס וואָס האָט געטאָן דאָס זעלבע..."

און אָט איז שבת־אַוונט. ס'הילכט אין אַלע צימערן דאָס זילבער־קלינגענדיק לאַכן פון דער שייניקער הילדען וואָס אירע לאַנגע, גאָלדענע האָר זענען דעמאָלט געווען פאַרפלאָכטן אין צוויי צעפּ מיט ווייסע סטענגעלעך אין זיי. זי איז דעמאָלט געווען 12 יאָר אַלט און איז אַרויס פון הויז צו אַ שימחהלע אין יאַנג איזראַעל מיט אַ כאַליאַסטרע חברטעס פון איר עלטער.

און אַט איז עס יאָרן שפּעטער. פֿון ספרים־שטיבל הערט זיך אַ הייסער וויכוח צווישן הילדען און איר פֿאָטער. הילדע איז שוין אַ קאָלעדזש־מיידל און זי שפּאַרט זיך זייער שטאַרק מיטן פֿאָטער וועגן דער לענג פֿון דער צייט וואָס איז פֿאַרלאָפֿן ביז אין דער וועלט האָט זיך באַוויזן די בריאה וואָס מ׳רופֿט: מענטש. לויט דעם ענגלישן וויסנ־שאַפֿטסמאַן, טשאַרלז דאַרווין, האָט זי געזאָגט, האָט עס געדויערט צענדליקער מיליאָנען יאָרן ביז פֿון די אַלערליי ווערעם און חיות, סיי אין די טייכן, סיי אויף דער טריקעניש, האָט זיך אויסגעשטאַלטיקט דער בחיר־היצורים, דער האָמאָ סאַפּיענס. אָבער לויטן חומש בראשית — אויסלאָזנדיק אַלערליי אַריינטײַטשנדיקע אגדות — איז דער מענטש באַשאַפֿן געוואָרן מיט איין מאָל און אין איין טאָג. איז וואו שטעקט דער אמת?

דאָס אויפֿטויכן פֿון שטיקער פֿאַרגאַנגענהייט האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. יעדעס מאָל האָט עס זיך פּלוצעם אָפּגעהאַקט, איינגעשטילט זיך, און אין הויז איז ווידער געוואָרן הויל, וויסט און עלנד.

עטלעכע מאָל האָט זיך די רביצין געפּילט זייער שלעכט אין געזונט, אַזוי שלעכט, אַז די מיסעס גאָטליב האָט פּשוט נישט געהאַט קיין האַרץ צו לאָזן די אלמנה איינע אַליין ביינאַכט. און זי האָט טאַקע איבערגענעכטיקט ביי איר אין שלאָפֿצימער. ווי אַפֿט האָט זי אָבער דאָס געקאָנט טאָן? זי האָט דאָך אַן אייגענע היים, אַ מאַן און קינדער ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר! זי האָט זיך אָבער באַמיט אַריינצוקומען צו איר יעדן טאָג.

איינמאָל אינדערפֿרי איז זי אָבער געוואָרן שטאַרק פֿאַרחידושט. דאָס איז געשען, ווען זי האָט געקלונגען אין דעם עלעקטרישן טיר־גלעקל פֿון דער רביצינס דירה און ס׳האָט זיך נישט געהערט קיין ענטפֿער. געוויינלעך איז די רביצין אויפֿגעשטאַנען פֿון שלאָף אַ סך פֿריער. אָבער מאַלע וואָס ס׳קאָן טרעפֿן... אפֿשר איז זי אַרויס אין גאַס?

אין אַ צייט שפּעטער איז זי צוריקגעקומען און האָט ווידער געקלונגען. אָבער — די זעלבע שטומקייט. דאָס מאָל איז שוין נישט געווען בלויז שטוינונג. זי איז גיך אַ לויף געטאָן צום הויז־אויפֿזעער — און יענער, מיטן נאָכשליסל, האָט גלייך געעפֿנט די טיר.

— די רביצין וועט געוויס האָבן פֿאַריבל אויף אונדז פֿאַר אַזאַ אויפֿפֿירן זיך... — האָט די מיסעס גאָטליב געזאָגט צום הויז־אויפֿזעער. — אַז זי׳ט אָבער הערן מיר זענען געווען שטאַרק באַזאָרגט וועגן איר וועט זי אונדז געוויס מוחל זיין. נישט אַזוי? און ס׳קאָן דאָך אַמאָל געמאָלט זיין, אַז זי דאַרף האָבן עמעצנס הילף און זי קאָן נישט אַראָפּגיין פֿון בעט...

אין שלאָפֿצימער, וואו זי איז אַריין, האָט זי זיך אָבער אַ כאַפּ געטאָן גלייך מיט די הענט ביי די באַקן און, ווי פֿון אַן אומגעריכטן זעץ אין קאָפּ, אַרויסגעלאָזט אַזאַ אומ־געהאַריש געשריי, אַז דער הויז־אויפֿזעער, וואָס איז געשטאַנען ביי דער שוועל, איז אויפֿגעשפּרונגען פֿון שרעק.

— רביצין! — האָט מיסעס גאָטליב געגוואַלדעוועט. — רביצין!!! רביצין!!!

די רביצין האָט אָבער נישט געענטפֿערט. זי איז געלעגן אויפֿן בעט אין דעם נאַכטהעמד. די אויגן־לעדלעך זענען געווען האַלב־אַראָפּגעלאָזט. דאָס מויל — אָפֿן. און די הענט פֿאַרוואָרפֿן אויףביידע זייטן פֿון גוף. דער טרויער אין איר געל־געוואָרענעם, שמאָלן פּנים האָט אויסגעדריקט דאָס געפֿיל, אַז ס׳איז איר, דער רביצין, נישט געווען באַנג וואָס ס׳האָט זיך מיט איר אַזוי פֿאַרענדיקט...

# קאַפּיטל פּערציק

## ביים האָדסאָן ריווער

.1

נאָך דער קבורה פון דער רביצין האָרוויץ האָט דער איינציקער זון אירער, דזשעסי, זיך פאַרשטענדיקט מיט אַ באַאַמטן פון צענטראַלן פּאָסט־אָפּיס און געקראָגן אַלע בריוו וואָס הילדע האָט געשריבן צו דער מוטער.

אין איינעם אַ בריוו האָט הילדע געלאָזט וויסן, אַז איר רעטונגס־אַרבעט אין דייטשלאַנד איז שוין לאַנג צוריק אָפּגעשטעלט געוואָרן און אַז זי קאָן לענגער נישט בלייבן אין אייראָפּע. זי קלייבט זיך צוריקקערן אַהיים.

עטלעכע וואָכן שפּעטער איז אָנגעקומען פון איר אַ טעלעגראַמע וואָס איז אַרויסגעשיקט געוואָרן פון אַ שיף. אין דער דעפּעשע האָט זי מודיע געווען דער מוטער וועגן דעם טאָג, ווען די שיף וועט לאַנדן אין דעם ניו־יאָרקער פּאָרט. גלייכצייטיק האָט זי אויסגעדריקט די האָפנונג אַז די מוטער וועט זי אָפּוואַרטן ביי דער שיף.

דזשעסי האָט געליינט די טעלעגראַמע ווען ר׳איז שפּעט נאָכמיטאָג געקומען אַהיים פון אָפּיס. נאָכן איבערליינען האָט ער געקוקט אויפן געשריפט — און זיינע אויגן זענען געוואָרן פייכט.

אין גאַסטצימער, וואו ער איז געווען, האָט זיך אויך געפונען זיין פרוי סאַנדראַ. זי האָט אים געהאַט איבערגעגעבן די דעפּעשע. געזען אַז פון דעם מאַנס אויגן קאַטשען זיך אַראָפּ טרערן אויף זיינע באַקן, האָט זי זיך אַנטשולדיקט און געלאָזט אים אַליין.

.2

ס׳איז געווען אין אַ מאַרץ־טאָג, כמעט אַ יאָר ווי הילדע איז אַוועק פון אַמעריקע. ס׳איז אפילו געווען פונקט אַזוי כמורנעדיק און ווינטיק ווי דעמאָלט. דזשעסי איז אַוועק פון זיין אָפּיס, האָט אָפּגעוואַרט זיין פרוי סאַנדראַ אין טיימס־סקווער, געעפנט פאַר איר די טיר פון אויטאָמאָביל און זיך פאַרקירעוועט צום האַפן.

אין וואַרטזאַל פון האַפן האָבן זיך שוין געהאַט אָנגעקליבן הונדערטער מענטשן, וואָס זענען געקומען אָפּוואַרטן זייערע קרובים. פיל האָבן געהאַלטן לאָרנעטן ביי די אויגן, געקוקט ווייט אויפן האָדסאָן־טייך, וואָס גיסט זיך אַריין אין אַטלאַנטיק, און אָנגעזאָגט זייערע מיטגעבראַכטע פאַמיליעס די בשורה, אַז די שיף, וואָס קומט פון אייראָפּע זעט זיך שוין אין ווייטנס.

דזשעסי אין אַ גרויען מאַנטל פון ענגלישן טוויד, אין אַ שוואַרצן קאַפּעליוש — איז געשטאַנען מיט סאַנדראַן אין אַ זייט פון דעם גרויסן וואַרטזאַל. ער האָט משער געווען, אַז פון די הונדערטער טויזנטער ניו־יאָרקער איינוואוינערס, וואָס קענען אים פון זיינע פאָטאָגראַפיעס אין די צייטונגען, פון ליינען זיינע ביכער, פון האָבן אים געהערט רעדן ביי מאַסן־מיטינגען, ביי דעמאָנסטראַציעס, וועלן געוויס זיך געפינען דאָ עטלעכע מענטשן וואָס וועלן אים באַמערקן. און צוליב זיי האָט ער נישט געוואָלט לויפן הין און צוריק ווי אַנדערע, נישט געוואָלט אַרויסווייזן אַזאַ אומרואיקט ווי אַנדערע. ער האָט

געוואָלט ווערט זיין דעם דרך־ארץ וואָס מ׳האָט פאַר אים. ער איז דערפאַר געשטאַנען אין אַ זייט, מיט חשיבות אין זיין באַנעמען זיך, און מיט פאַרטראַכטקייט געררייכערט אַ ליולקע וואָס האָט לעצטנס פאַרנומען דאָס פּלאַץ פון ציגאַרעטלעך.

און ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז זיין השערה איז טאַקע נישט געווען קיין אילוזיע. פון צווישן עולם זענען צוגעקומען עטלעכע מענער און פרויען און האָבן גענומען רעדן צו אים אויף יידיש:

— וואָס טוט איר דאָ, חבר האַרוויס?

— וועמען וואַרט איר אָפּ?

דזשעסי — אַלעמאָל אַ שטאַרק ערנסטער, מיט אַ בליק פון אַ פאַרחלומטן וואָס וויל זיין אַליין — האָט איצט געקראָגן אין פּנים אַן אויסדרוק פון צוגעלאָזטקייט. ער האָט אַרויסגענומען די ליולקע פון מויל און געענטפערט מיט וואַרעמקייט:

— מיין שוועסטער...

די מענטשן האָבן, ווייזט אויס, געוואוסט וועגן זיין שוועסטער, וואָרעם זיי האָבן זי באַלד אָנגערופן ביים נאָמען:

— הילדע?

— יאָ, — האָט דזשעסי געזאָגט מיט אַ שמייכל. — כ׳האָב נישט מער ווי איין שוועסטער.

ביי די מענטשן האָט, ווייזט אויס, עפּעס אויפגעטויכט אין זייער זכרון, וואָרעם זיי האָבן באַלד גענומען פרעגן וועגן איר אַ שפּאַר ביסל קשיות:

— כ׳האָב זיך טאַקע געהאַט געחידושט...

— אויך איך...

— היתכן?

— מ׳האָט דאָך גאָרנישט געהאַט געהערט וועגן איר אין דער פּאַרטיי!

— מיטאַמאָל האָט זי אַ שיין אויף געטאָן אויפן הימל, און...

— ריכטיק... און פּלוצעם נעלם געוואָרן ווי אַ מעטעאָר.

— וווּ איז זי אַוועקגעפאָרן?

דזשעסי האָט געזאָגט די צייט.

— אין די אינטערעסן פון דער פּאַרטיי? — האָט איינער אַ פרעג געטאָן.

דזשעסי האָט געדרייט מיטן קאָפּ:

— ניין.

— אויב אַזוי, — האָט דער זעלבער אַ שמייכל געטאָן צו דזשעסין, — איז עס געווען אַ טובה פאַר איר וואָס זי איז נישט געווען דאָ ביים גרויסן טומל און איבער־קערעניש אין דער פּאַרטיי...

— דער:קט איר, חבר הארוויס, האָט אַ צווייטער געזאָגט, — אז אייער שוועסטער וואָלט געווען מיטגעגאַנגען מיט אייך און מיטן גרויסן עולם וואָס האָט פאַרלאָזט די פּאַרטיי?

דזשעסי האָט אַריינגעטאָן די ליולקע אין ווינקל פון מויל און גענומען פּופן אי מיט באַטריבטקייט און אי מיט פאַרשמעלערטע אויגן ווי בעת דערמאָנען זיך ביטערע איבער־לעבונגען.

געווען איז עס אין שייכות מיט אַ פּאָליטישן שטורעם אין דער פּאַרטיי. געשען איז עס מיט אַכט חדשים צוריק — אין אויגוסט, 1939. בעת פירן דעמאָנסטראַציעס אין די גאַסן פון ניו־יאָרק, און פון אַנדערע גרויסע שטעט אין לאַנד, קעגן דער אויסראַטונגס־

פּראָגראַם וואָס נאַצי־דייטשלאַנד פּראַקטיצירט טאָג־טעגלעך קעגן קאָמוניסטן, סאָציאַ־ליסטן און יידן — דעמאָנסטראַציעס וואָס האָבן אויך גערופן צום געוויסן פון די מערב־מלוכות אין אייראָפּע, אויך צו אַמעריקע, אַז זיי זאָלן אָפּשטעלן היטלערן אין זיין מיליטערישן פּלאַן צו באַהערשן די וועלט; דעמאָלט, ווען מ׳האָט געשריבן אַרטיקלען אין דער פּאַרטיי־פּרעסע וועגן דער שרפה וואָס דייטשלאַנד גייט אָנצינדן איבערן ערד־קיילעך; דעמאָלט, ווען מ׳האָט גערעדט אויף פּאַרטיי־קאָנפערענצן וועגן קומען צום פאָלק מיטן געדאַנק אַז דער איינציקער, אָנפּשרהדיקער שונא פון נאַציִשן דייטשלאַנד איז סאָוועטן־רוסלאַנד, פּונקט דעמאָלט האָט איבער דער גאַנצער וועלט אָפּגעהילכט די ידיעה, אַז מאָסקווע האָט אין אַ פייערלעכער אַטמאָספערע אין איינעם פון אירע רעגירונגס־זאַלן אונטערגעשריבן אַ פריינדשאַפט־אָפּמאַך מיט היטלערן. און נאָכדעם האָט די גאַנצע סאָוועטישע פּרעסע, צוזאַמען מיט פּאַרטיי־פירערס, גענומען לויבן היטלערן ווי דעם אמתן שונא פון קאַפּיטאַליזם, ווי דעם אויפריכטיקסטן אָנרחמנותדיקן קעמפער קעגן די קאָלאָניאַלע און אימפּעריאַליסטישע מלוכות, און אויך ווי דעם אַפּאָסטאָל פון שלום אויף די קאָנטינענטן.

אין דער פּאַרטיי איז געוואָרן חושך. חברים און חברטעס זענען אַרומגעגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. זיי האָבן זיך געשעמט צו קוקן איינער דעם אַנדערן אין די אויגן. „איז דאָס דער נייער הומאַניזם וואָס אויף זיין יסוד דאַרף מען בויען די קאָמוניסטישע געזעלשאַפט?“ — האָבן חברים און חברטעס געפרעגט. „איז דאָס נישט אַ צינישער שפּיי אין פּנים יעדן איינעם וואָס האָט געגלייבט אין דעם אידעאַליזם פון מאָסקווע? קאָן דען זיין אַזאַ תירוץ, אַז דערפאַר וואָס די מערב־מלוכות האָבן נישט צוגעשטימט צו אירע באַדינגונגען איז זי, מאָסקווע, אַריין אין אַ בונד מיט דייטשלאַנד? קאָן מען דען האַנדלען אַזוי, פּשוט און פּראָסט, אומעטיש, אָפּאָרטוניסטיש בעת מ׳פאַרשרייט אַ גאַנצע וועלט אַז מ׳דאַרף זיך מוסר־נפש זיין פאַר מאָראַלישע פּרינציפּן? וואוהין וועט אַזאַ ווילדוואַלד־מאַנעווורע פירן? דאָס איז דאָך ווי דאָס אויפפירן זיך פון אַ גאַסן־פרוי! און ווי קאָן מען גלייבן אַ זונה? ווי קאָן מען איר געטרויען? אוי, וואָסער בראָך ס׳איז געשען! ס׳וואָלט שוין פיל בעסער געווען פאַר רוסלאַנד צו זיין אינגאַנצן אַליין אין איר געראַנגל מיט דעם מאָנסטער היטלער, אפילו אינגאַנצן צו זיין איזאָלירט, איידער איינגיין אויף אַ שידוך מיטן אשמדאי . . .“

ס׳האָט נישט געדויערט לאַנג — און די פּאַרטיי איז אויפגעריסן געוואָרן פון אינע־ווייניק. ער, דזשעסי, האָט ביי אַ מיטינג פון צענטראַל־קאָמיטעט אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש מיט אַ געשריי, „איך בין אַ ייד! איך וועל נישט מאַכן קיין שלום מיט דעם רוצח פון מיינע ברידער־יידן, ווי רוסלאַנד האָט אונטערגעשריבן אַ פריינטשאַפט־פּאַקט מיטן מערדער פון דייטשע קאָמוניסטן . . .“ און ער איז אַרויס פון דער פּאַרטיי. באַלד נאָך אים האָבן אויך גענומען לויפן מאַסן חברים און חברטעס. די פּאַרטיי איז געבליבן ביי אַ קליינער צאָל. די געבליבענע האָבן אָנגערופן די אַוועקגעגאַנגענע מיט מיאוסע נעמען — און די אַוועקגעגאַנגענע האָבן זיך נאָכדעם אַרומגעדרייט אַנטוישטע, אָפּגענאַרטע און ווי פאַרוווירטע וואָס ווייסן נישט אויף וואָסער וועלט זיי זענען.

אָט אין שייכות מיט דעם דאָזיקן געשעעניש וואָס האָט אויסגעבראָכן מיט אַ צייט צוריק, אין אויגוסט, און וואָס איז נאָך נישט איינגעשטילט געוואָרן, כאָטש אַכט חדשים זענען שוין אַוועק, האָט דאָס איינער פון דער צוגעקומענער גרופּע מענטשן געפרעגט דזשעסין וועגן זיין שוועסטער הילדע.

דזשעסי, געדענקענדיק גאַנץ וואויל דעם יאָמערלעכן אויסברוך פון הילדען ווען זי

איז אַריין צו אים אין הויז, נאָכדעם ווי זי איז געקומען פון דייווידס אַפּאַרטמענט, האָט נישט געענטפערט דעם געוועזענעם פּאַרטיי־חבר. וואָס האָט ער געזאָלט ענטפערן? ענטפערן, אַז זי האָט שוין דעמאָלט, אויפן סמך פון אַ ריין פערזענלעכער דערפאַרונג, זיך אָפּגעזאָגט פון דער קאָמוניסטישער מאָראַל וואָס איז נישט בעסער פון דער קאַפּיטאַ־ליסטישער? זאָל ער זאָגן, אַז שוין דעמאָלט האָט זי געטענהט, אויב אַ קאָמוניסט קאָן זיין אַ צבועק אין פּריוואַטן לעבן, איז פאַרוואָס זאָל ער דאָס זעלבע נישט קאָנען זיין אין פּאָליטיק? זאָל ער זאָגן, אַז שוין דעמאָלט האָט זי פאַרויסגעזען אַן אַנטוישונג איבער דער גאַנצער וועלט — אַן אַנטוישונג וואָס וועט אַרומכאַפּן אַלע סענסיטיווע, אַלע עטיש־טראַכטנדיקע מענטשן, און אַז זיי וועלן זען אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג נישט מער ווי אַ ניי־אויפשטייגנדיקן קלאַס וואָס ווען ער קומט צו דער מאַכט טוט ער זיך אויפפירן נישט אַנדערש ווי דער קלאַס וואָס ער האָט צעשמעטערט?

אָנשטאָט דערציילן וועגן דעם אַלעם איז ער אָבער ווידער געוואָרן באַטריבט. ער האָט געגומען פּופן און באַגערט אויפסניי צו הערן וואָס די גרופּע האָט צו זאָגן.

זיין באַגער איז אָבער באַלד פאַררוישט געוואָרן פון אַ טומל. פון צווישן עולם איז זאָל האָבן זיך געהערט שטימען פון פרויען און מענער וואָס האָבן געשריען מיט איבער־גענומענקייט:

— די שיף איז שוין דאָ!

— זי שווימט שוין צו צום אַנקער...

— אָ, מיין זון!

— כ׳זע מיין זון ביים פאַרענטש אויף דער שיף...

— דאַנקען גאָט וואָס ער איז בייצייטנס אַנטלאָפן פון אייראָפּעאישן פייער.

— אָט איז מיין מאַן... ער פאָכעט מיט אַ ווייס טיכעלע!

דזשעסי האָט זיך אַרויסגענומען די ליולקע פון מויל, אַרויפגעטאָן אַ האַנט אויף סאַנדראַס אָרעם און זיך פאַרקליבן מיט איר צו אַ פענסטער, פון וואַנען מ׳האָט געקאָנט זען די שיף וואָס האָט געפּויזעט אויפן וואַסער־שפּיגל אין דער זייט פון האָפּנס ברעג.

.3

אין דעם שטראָם פון הונדערטער, פילפאַרביק־געקליידטע מענער, פרויען און יונגוואַרג וואָס זענען אַראָפּ פון דער שיף און האָבן זיך געטראָגן איבער דעם בריקל צום אָפּוואַרט־זאַל, האָט זיך אויך געזען אַ הויך, שלאַנק מיידל, מיט אַן איידל פּנים און פאַרבלענדנדיקע בלאָנדע האָר.

אָנגעטאָן איז זי געווען אין אַ האָלענדישן, ברייטראַנדיק־ווייסן הוט, אין אַ גרינעם ספּאָרט־מאַנטל מיט ברייטע קלאַפּעס, מיט צוויי רייען בראָנדזענע קנעפּ אין פראָנט, און אין שיך פון גרינעם זאַמש, מיט מעשענע שלעסעלעך קעגנאיבער די שפּיציקע נאָסקעס.

— אָט דאָרטן איז זי! — האָט סאַנדראַ, אַן עקזאַלטירטע, אויסגעשריען צו דזשעסין און אים אָנגעוויזן מיט אַ פינגער. — אָט דאָרטן גייט זי, הילדע! זע, דזשעסי, ווי זי האָט זיך געענדערט... זי זעט אויס ווי אַן אייראָפּעאישע סטודענטקע.

דזשעסי האָט גאָרנישט געזאָגט.

געטראָגן האָט הילדע צוויי וואַליזעס — און פון איר אַקסל איז אַראָפּגעהאָנגען אַ האַנטבייטל. זי איז געגאַנגען מיט דריבנע טריטעלעך און האָט געוואָרפן קריטישע בליקן אויף די שיף־פּאַסאַזשירן וואָס האָבן געשטראָמט אויף רעכטס און לינקס.

די פּאַסאַזשירן זענען געווען שטאַרק אויפגעלייגט. זיי האָבן געלאַכט, געמאַכט פריידיקע אויסרופן הויך אויפן קול, געהאָפּקעט, געוואָרפן מיט די קעפּ ווי ביים טאַנצן דזשעז. זיי האָבן אַנגעקוואָלן וואָס זיי זענען שוין דאָ צוריק אויף זייער היימישער ערד.

ביי די צעפּראַלטע טירן פון דעם וואַרטזאַל זענען אָבער פיל פון עולם אָפּגע־שטעלט געוואָרן פון אַ מחנה רעפּאָרטערס און פאָטאָגראַפיסטן, וואָס זענען אַהערגעשיקט געוואָרן פון ענגלישע און יידישע צייטונגען.

אויך האָבן זיי אָפּגעשטעלט הילדען:

— מיס... זייט אַזוי גוט און זאָגט אונדז פון וועלכן לאַנד איר קומט.

— ווי לאַנג זענט איר דאָרטן געווען?

— וואָס איז די שטימונג אין איראָפּע?

— זייט אַזוי גוט און קומט אַ ביסעלע אין אַ זייט.

— יאָ, קיינער וועט אייך נישט שטויסן מיט באַגאַזש.

הילדע — בלייך, שטאַרק ערנסט — איז נישט געווען אין קיין געמיט צו געבן אַן אינטערוויו און צו פּאָזירן פאַר פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטן. דערצו האָט זי דערזען דזשעסין און סאַנדראַן צווישן דעם אָפּוואַרטנדיקן עולם אין זאַל. זיי האָבן געשמייכלט און געפּאָ־כעט צו איר מיט זייערע הענט אין לופטן. זי איז געווען שטאַרק איבערראַשט פון זייער קומען אָפּוואַרטן זי. ווי קומען זיי עפּעס אַהער? — האָט זי געטראַכט מיט חידוש. — זי האָט זיי נישט געלאָזט וויסן וועגן איר אָפּפאָר, ווען זי איז אַוועק קיין איראָפּע, און האָט נישט געשריבן צו זיי זינט דעמאָלט. איז פון וועמען האָבן זיי זיך דערוואוסט, אַז זי קומט הייַנט צו פאָרן? איז שוין די מוטער אירע אין גוטע באַציאונגען מיט זיי? האָט זי זיי מודיע געווען?

איידער וואָס און ווען האָבן זיי אַהינגעאײַלט צו איר — און דזשעסי האָט אַרויס־גענומען די וואַליזעס פון אירע הענט.

— הילדע טייערע! — האָט דזשעסי אַרומגענומען די שוועסטער און זי געגלעט

— הילדע ליבע... — האָט סאַנדראַ אַרומגעכאַפּט די שוועגערין און זי געדריקט צו זיך.

פון הילדעס פּנים איז אָבער סײַווי נישט אַראָפּ דער שטאַרקער ערנסט. זי האָט אויסגעזען אין פאַרזונקען אין עפּעס און אי פּאַסיוו צום ברודער און צו סאַנדראַן. זי האָט זיך אויסגעדרייט צו דער גרופּע רעפּאָרטערס וואָס זענען געשטאַנען מיט די פאָטאָ־גראַפיסטן אַרום איר און האָט געקוקט אויף זיי אַ באַלעסטיקטע.

— איר ווילט וויסן פון וואַנען כ׳קום? — האָט זי זיי געפרעגט נאָך אַ לענגערער ווײַלע שווייגן. — איר ווילט וויסן מיין איינדרוק פון איראָפּע?

זי האָט זיך געײַשובט אַ מינוט, צוויי, נאָכדעם אומגערן געמורמלט:

— איך האָב נישט קיין איינדרוק. איך האָב פאַקטן... איך האָב געאַרבעט אין איראָפּע פאַר דער יידישער געמיינדע אין בערלין. איך האָב אַרויסגעפירט יידישע קינדער פון דייטשלאַנד און זיי אַרייַנגעגעבן אין פאַרשידענע אינסטיטוציעס, אָדער צו פאַמיליעס, אין אַנדערע לענדער. טייל — אין ענגלאַנד, טייל — אין האָלאַנד, שוועדן. דענמאַרק, און טייל אין בעלגיע.

זי האָט געשוויגן אַ ביסל, נאָכדעם ווידער גערעדט:

— נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה איז אָבער די אַרבעט אָפּגעשטעלט געוואָרן. די איבערגעבליבענע יידישע קינדער אין דייטשלאַנד, גענוי ווי זייערע עלטערן און אַלע אַנדערע פון דער יידישער געמיינדע, זענען באַצייכנט געוואָרן ווי פאַרברעכערס פון דעם

דייטשן שטאָט. די רעגירונג האָט זיי מער נישט געגעבן קיין פרייהייט צו גיין, אָדער פאָרן פון אָרט צו אָרט. זי באַצייט זיך צו זיי, ווי דער סאַניטאַציע־דעפּאַרטמענט באַציט זיך צו מיסט אין גאַס. טאָג־איין, טאָג־אויס ווערן היימען אויסגעליידיקט... וואוהין — ווער איר פרעגן — זענען די טאַטעס, די מאַמעס און די קינדער אַוועקגעפירט געוואָרן? זיי זענען פאַרשיקט געוואָרן אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן, אָדער דערמאָרדעט געוואָרן אויפן וועג צו די דאָזיקע פּלעצער וואָס זענען אויפגעשטעלט געוואָרן מיטן צוועק צו ליקווידירן די יידן דורך פייניקונג און מאָרד. אָט דאָס זענען די פאַקטן וואָס איך האָב געבראַכט פון אייראָפּע וועגן דעם סוף פון דער יידישער באַפעלקערונג אין דייטשלאַנד.

— אַז איר זענט געווען אַן אָפטער גאַסט אין פיל אייראָפּעאישע לענדער, — האָט געפרעגט איינער פון די רעפּאָרטערס, מיט אַ נאָטיצביכל און פּליספעדער אין זיין האַנט, — אַז איר זענט געווען אַ גאַסט אין ענגלאַנד, בעלגיע, האָלאַנד און אַזוי ווייטער — — — איז וואָס, זאָגט מען דאָרט, וועט דייטשלאַנד טאָן נאָך דעם ווי זי האָט צעשמעטערט און אָקופּירט פּוילן?

— יעדע ווילע — האָט הילדע געענטפערט מיט אומגערן — הערט מען דאָרט צו הערן דעם אָפּהילך פון דעם דייטשישן נייעם מלחמה־באַפעל... און אויך דאָס איז נישט קיין איינדרוק. מ׳זעט שוין דעם אָנזאָג דערפון ביי די גרענעצן, אויפן ים, און אין דער לופט. אומעטום גייט אַן אַ פיבערדיקע צוגרייטונג פון דער דייטשער קריגס־מאַשין.

— אויב אַזוי, — האָט אַ צווייטער רעפּאָרטער געפרעגט, — איז וואָס זענען אייערע אויסזיכטן אויף דער זיכערקייט פון די קינדער וואָס איר האָט געבראַכט אין יענע לענדער פון דייטשלאַנד?

אַ לענגערע ווילע האָט הילדע געהאַלטן די אויגן אַראָפּגעלאָזט צום דיל, נאָכדעם געענטפערט מיט טרויער אין קול:

— נישט קיין אָפּטימיסטישע.

— פאַרוואָס? — האָט דער זעלבער רעפּאָרטער ווידער געפרעגט. — זיי זענען דאָך שוין מער נישט אין דייטשלאַנד?

— זיי זענען אָבער יידן... און די דייטשע מאַכט וועט טאָן מיט זיי און מיט די האָרטיקע יידישע בירגערס דאָס זעלבע ווי מיט די יידן אין איר אייגן לאַנד.

— אויך אין אָקופּירטע לענדער?...

הילדע האָט געקוקט אויפן רעפּאָרטער מיט מיטלייד, עלעהיי ער וואָלט נישט געהאַט קיין געלעגנהייט צו קריגן בילדונג:

— האָט איר גאָרנישט געהערט וואָס ס׳קומט פאָר מיט די יידן אין פּוילן אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע?

דער רעפּאָרטער האָט געקוקט אויף איר מיט נייגער און גאָרנישט געזאָגט.

— עטלעכע טעג פאַר מיין אָפּפאָר פון אייראָפּע — האָט הילדע ווידער גערעדט מיט טרויער אין קול — האָב׳ך זיך באַגעגנט אין האָלאַנד מיט עטלעכע פּוילישע יידן, שרייבערס און רעליגיעזע פירערס, וואָס זענען ערשט געהאַט אַנגעקומען פון פּוילן. זיי זענען אַנטלאָפן פון זייער געבורטלאַנד דורך אַלערליי וועגן. האָבן זיי איבערגעגעבן, אַז די פּוילישע יידן זענען געוואָרן אַרעסטאַנטן ביים דייטשן אָקופּאַנט. זיי הונגערן. אין די גאַסן ליגן מתים. עלטערע מענטשן ווערן אַרויסגעריסן פון די געבעט־הייזער און אַוועקגעפירט ערגעץ מיט לאַסט־וועגענער. קינדער זוכן אַרום זייערע טאַטעס... יינגערע מענטשן ווערן פאַרשלעפּט אין אומבאַקאַנטע געגנטן מכלומרשט אויף צוואַנג־אַרבעט. און דערצו האָבן די דייטשן שוין אַרויסגעגעבן מלוכה־דעקרעטן, אַז אומעטום,

וואו יידן געפינען זיך, מוזן זיי אין משך פון אַ קורצער צייט פאַרשפאַרט ווערן אין קליינע קוואַרטאַלן, אַרומגערינגלט מיט געטאָ־ווענט, מיט שטעכדראָטן, און אַז זיי דאַרפן וואַרטן אויף נייע פאַראָרדענונגען. נו, האָט אַן אָקופּירט לאַנד, אפילו מיטן בעסטן ווילן, וועלכע־ס׳איז דעה אָפּצושרייען אַזאַ באַציאונג און אַזעלכע געזעצן?

— וואָס זאָגן מענטשן וועגן דעם אין די לענדער, וואו איר זענט געווען? — האָט געפרעגט אַ דריטער רעפּאָרטער. — כ׳מיין, וואָס זאָגן זיי וועגן דער אומבאַשראָנקנקייט פון היטלערן צו גיין קעגן אַ גאַנצער וועלט?

הילדע האָט זייטיקלעך אַ פאַרכמורעטן קוק געטאָן אויף דזשעסין, וואָס ווי אַ קאָמוניסטישער פירער האָט ער באַרעכטיקט אַלע פּאָליטישע ענדערונגען פון דער פּאַרטיי, און זי האָט אַ לענגערע ווײַלע געשוויגן.

— איר דאַרפט נאָך פרעגן? — האָט זי געקוקט אויפן רעפּאָרטער. — אייער ענטפער וועט איר האָבן אין דער גרויסער צאָל זעלבסטמאָרדן וואָס קאָמוניסטן אין אייראָפּע זענען באַגאַנגען. אויך אין דעם וואָס מאַסן קאָמוניסטן, צעבראָכענע פון אַנטוישונג, זענען אַוועק פון דער פּאַרטיי.

זי האָט אַרויפגערוקט אויפן אַקסל דאָס פּאַסיקל פון האַנטבייטל, וואָס האָט זיך געהאַט אַראָפּגעגליטשט פון דאָרטן, און צונויפגעצויגן די ליפּן, עלעהיי זי וואָלט געגאַנגען זיך אָנבייזערן אויף עמעצן:

— דאָס איז דער פריינדשאַפט־פּאַקט, אייגנטלעך אַן אָפּמאַך פון בשותפותדיקן פאַרכאַפּ, צעטייל און הערש, וואָס רוסלאַנד האָט געשלאָסן מיטן נאַציש[ן] דייטשלאַנד. קיין בעסערן, אינספּירירנדיקן שטויס צו זיין קריגסצוג קעגן דער דעמאָקראַטישער וועלט האָט דער דייטשער מאָנסטער נישט געדאַרפט האָבן. פאַר דער דאָזיקער דערמוטיקונג האָט היטלער דערלויבט רוסלאַנד צו פאַרכאַפּן אַ שטיק פּוילן... דער באַנקראָט פון דער קאָמוניסטישער מאָראַל האָט פריי געמאַכט פאַר היטלערן אַלע בייזע וועגן. דערפאַר זענען פיל קאָמוניסטן באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, און אַנדערע זענען אַוועק פון דער פּאַרטיי אַנטוישטע. וואָרעם וואָס דער מאָטיוו זאָל נישט האָבן געווען, האָט מאָסקווע, ווי די רעפּרעזענטאַנטין פון דער קאָמוניסטישער מאָראַל, נישט געטאָרט אויסשטרעקן איר האַנט צו דעם געוויסנלאָזן רוצח. מאָראַל קאָן נישט און טאָר נישט זיין אַ באַכשלעפּערין ביי אָפּאָרטוניזם, ביי מאַקיאַוועלישע מאַנעוורעס, ביי גענגסטערישער פּאָליטיק. און אויב מאָראַל איז נישט דער וועגווייזער ביי אַלע סיטואַציעס, דעמאָלט קאָן מען אָפּטאָן די שרעקלעכסטע גרויזאַמקייטן.

— מיינט עס — האָט אַ פערטער רעפּאָרטער געפרעגט — אַז אייראָפּע איז אַצינד אָן אַ פירנדיקער קאַמף־אידייע קעגן היטלערן?

— אייראָפּע — האָט הילדע געענטפערט — איז איצט אָן אַן אוניווערסאַלער מאָראַל. זי איז הויל. דאָס איינציקע וואָס איז נאָך געבליבן, איז דאָס ביסל אייגנווירדע פון נאַציאָנאַלער זעלבשטענדיקייט ביי די פעלקער. צי דאָס וועט זיין גענוג אויף אַרויס־שטעלן קעגן דעם דייטשן טייוול אַ ווידערשטאַנד אויף צו באַזיגן אים, דאָס קאָן איך נישט פאָרויסזאָגן. איך בין נישט קיין העלזעערין... הלוואי זאָל עס יאָ ווערן דער „וויס אַ טערגאָ“, דער גרויסער כוח צו בייטן די אומשטענדן און היילן די דערשלאָגנקייט. וואָרעם אויב אויך דאָס וועט זיך אַרויסווייזן פאַר מאָראַליש באַנקראָט, דעמאָלט וועט מער נישט בלייבן אין דעם מענטש קיין הומאַניסטישער אינסטינקט וואָס זאָל אים ציען צו פאַרבינדן אַ פריינדשאַפט מיט אַנדערע מענטשן. ס׳וועט בלויז הערשן ציניזם, סעקס־אַטראַקציע פון איינעם צום צווייטן. און איר ווייסט וואוהין דאָס קאָן פירן...

— און ווי איז צוגעגאַנגען אויף דער שיף? — האָט אַ פינפטער רעפּאָרטער געפרעגט.

— אויף דער שיף? — האָט הילדע זיך פאַרטראַכט. — טוט אַ קוק אויפן עולם פּאַסאַזשירן וואָס זענען מיט מיר געפאָרן... איר זעט?... זאָרגלאָזיקייט, פּייערלעכ־קייט... זיי האָבן געזונגען, געטאַנצט, פאַרברענגט אין פּאָוקער, מאַ־זשאָן... ווי באַר זיי זענען אַוועק פון דער געפאַר אין אייראָפּע האָבן זיי אַלץ פאַרגעסן...

געזען אַז זי איז פאַרטיק געוואָרן מיט די רעפּאָרטערס, האָט סאַנדראַ זי אַ נעם געטאָן ביי אַן אָרעם און זיך צעשמייכלט:

— אַציגד, הילדע דאַרלינג, וועסטו גיין מיט אונדז. מיר האָבן אונדזער אויטאָמאָביל שטיין אין דרויסן.

הילדע האָט אויסגעזען אַ ביסל צעטראָגן. זי האָט אָבער גאָרנישט געזאָגט און זיך געלאָזט פירן פון סאַנדראַן.

דזשעסי, מיט בײדע וואַליזעס אין זײַנע הענט, איז נאָכגעגאַנגען פון הינטן אַ פאַרכמורעטער און שוייגנדיקער.

4.

אין אויטאָמאָביל איז אָבער הילדע סיפּור געוואָרן אַזוי צעטראָגן ווי אין אַפּוואַרטזאַל. זי איז געזעסן אויפן הינטערשטן געזעס, צוזאַמען מיט סאַנדראַן, האָט געקוקט מיט פאַרנעפּלטע אויגן אויף דער פאָדערשטער שויב, וואָס איבערן מאָטאָר, און געריידט אין דער לופט אַריין אַזוי, גלײַך זי וואָלט זיך דערמאָנט אין עפּעס וואָס זי האָט געהאַט פאַרגעסן.

— זייער שיין פון אייך צו קומען מיך אָפּוואַרטן... — האָט זי געמורמלט שטיל און אַן קאָנטראָל איבער די ווערטער.

סאַנדראַ האָט אַ שמייכל געטאָן צו איר, ווי צו זאָגן, „דאַרפסט נישט דאַנקען. ס'איז אונדזער הנאה...” זי האָט אָבער גאָרנישט געזאָגט. דזשעסי, וואָס איז געזעסן אויפן פאָדערשטן געזעס, געקירעוועט מיטן רעדל, האָט זיך נישט אויסגעדרייט און אויך גאָרנישט געזאָגט. ער האָט נאָר געקירעוועט.

אין דרויסן איז שוין געווען פינצטער. עלעקטרישע באַלייכטונגען פון אָפּיס־געבײַדעס, פון געשעפט־שילדן, פון גאַסן־לאָמפּן און פון פאַרבייאײַלנדיקע אויטאָמאָבילן האָבן אָבער אַזוי באַהעלט דעם אָרום, אַז ס'איז נישט געווען קיין שווערקייט ביים פאָרן. אין לופטן האָט זיך געפלאָנטערט אַ דינינק רעגנדל — און טייל מענטשן אויף די טראָטואַרן האָבן זיך געשיצט מיט רעגנשירמען.

— ס'איז מיר נאָר אַ וואונדער — האָט הילדע ווידער געזאָגט אין דער לופט אַריין — וואָס די מאַמע איז נישט געקומען צו דער שיף... זי האָט דאָך געקאָנט מיט־קומען מיט אייך.

סאַנדראַ האָט אַ קוק געטאָן אויף הילדען און צוריקגעדרייט דעם קאָפּ. אויך האָט דזשעסי גאָרנישט געענטפערט דערויף. ער האָט נאָר געקירעוועט מיטן רעדל ווי פריער.

— אַז זי איז נישט געקומען מיך באַגלייטן, ווען כ'בין אָפּגעפאָרן קיין אייראָפּע, — האָט הילדע ווידער גערעדט, און איצט מיט תרעומות, — דעמאָלט האָב'ך זי פאַרשטאַנען. זי איז געווען שטאַרק פאַרדראָסיק אויף מיר. זי איז געזעסן אין דער היים, געקלאָגט און נישט געוואָלט האָבן קיין חלק אין מיין אָפּפאָר. אָבער הייַנט? זי איז דאָך געוויס געווען

שטאַרק אויפגעלייגט צו הערן אַז כ׳קום צוריק קיין אַמעריקע...

אויך דאָס מאָל האָט קיינער נישט געענטפערט.

— קאָנט איר מיר זאָגן פאַרוואָס? — האָט זי זיך מיטאַמאָל אויסגעדרייט צו סאַנדראַן און באַכדעם צו דזשעסין. — איר דאַרפט דאָך וויסן! קיין אַנדערער האָט דאָך אייך נישט צו וויסן געטאָן וועגן מיין קומען אויסער די מאַמע. כ׳האָב דאָך נישט קאָרעספּאָנדירט מיט קיינעם ווי נאָר מיט איר...

דאָס מאָל האָט זיך יאָ געהערט דזשעסיס קול, אָבער ס׳איז געווען ווי צוגעכריפּעט:

— געוויס... — אוודאי האָט זי אונדז געזאָגט וועגן דיין קומען. פון וואַנען דען האָבן מיר געקראָגן די אינפאָרמאַציע? אָבער פאַרוואָס זי איז נישט מיטגעקומען, דאָס ווייס איך נישט... זי האָט מיר נישט געענטפערט, כאָטש פיל מאָל האָב׳ך איר געזאָגט, אַז כ׳וועל קומען נאָך איר, נעמען זי צו דער שיף...

אַ לענגערע צייט איז געווען שטיל. סאַנדראַ האָט אַרויסגעקוקט דורך דער שויב וואָס ביי איר זייט. און דזשעסי איז געווען אַריינגעטאָן אין קירעווען מיטן רעדל, גלייך ווי קיין אַנדערע זאַך וואָלט אים נישט געלעגן אין זינען.

פלוצים האָט זיך הילדע אַ הייב אונטער געטאָן פון געזעס און זיך אַריבערגעבויגן צום ברודער:

— וואוהין פאָרסטו, דזשעסי? ד׳פאָרסט דאָך נישט צו דער מאַמעס היים!

דזשעסי האָט זיך נישט אויסגעדרייט צו איר און גערעדט אַזוי ווי ער וואָלט זיך געווענדט צום רעדל:

— ריכטיק... כ׳פאָר נישט מיט דיר צו דער מאַמען...

— וואוהין דען? — איז הילדע נאָך אַלץ געווען אַריבערגעבויגן צו אים.

— צו מיר...

— צו דיר?! — האָט הילדע אַ געשריי געטאָן. — כ׳וויל נישט פאָרן צו דיר. כ׳האָב אַ היים. ביי דער מאַמען...

איצט האָט זיך סאַנדראַ צוגערוקט צו הילדען, אָנגענומען זי מיט ביידע הענט ביי די היפּטן און גערעדט מיט געבעט:

— זעץ זיך, הילדע... ס׳וועט דיר זיין ביי אונדז פּונקט אַזוי באַקוועם ווי אין דער מאַמעס היים. זעץ זיך.

הילדע האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו סאַנדראַן און געשריען העכער:

— וואָסער פּאַסטקע האָט איר צוגעגרייט פאַר מיר?! איך וויל נישט פאָרן צו אייך! איך האָב אַ היים. און מיין מאַמע קוקט אַרויס אויף מיר. זי האָט געבענקט אַ גאַנץ יאָר נאָך מיר. זי האָט זיך די אויגן אויסגעוויינט. וואָסער אומזיניקן פּלאַן האָט איר ביידע פאַרטראַכט קעגן דער מאַמען און קעגן מיר? שוין לאָזט מיך אַרויס פון אויטאָ-מאָביל. איך האָב אייך נישט געבעטן צו קומען מיך אָפּוואַרטן. שוין זאָלסטו — האָט זי אַ געשריי געטאָן צו דזשעסין — אָפּשטעלן דעם אויטאָמאָביל און מיך אַרויסלאָזן...

דזשעסי האָט פאַרקירעוועט דעם אויטאָמאָביל אין אַ זייטיקער גאַס און אים אָפּגעשטעלט.

— גוט, — האָט ער זיך אויסגעדרייט צו הילדען און מיט טרויער אין קול גערעדט צו איר. — גוט... כ׳האָב שוין אָפּגעשטעלט דעם אויטאָמאָביל. אָבער אַצינד זעץ זיך און באַרואיק זיך...

הילדע האָט זיך אָבער נישט באַרואיקט און נישט געזעצט.

— כ׳וועל דיר פריער נישט זאָגן... — האָט דזשעסי ווידער גערעדט מיט טרויער

אין קול. — כ׳וועל דיר פריער נישט זאָגן פאַרוואָס די מאַמע איז נישט מיטגעקומען צו דער שיף, ביז ד׳וועסט זיך נישט זעצן.

ס׳האָט גענומען אַ היפּשע ווײַלע ביז הילדע האָט זיך אונטערגעגעבן צום ברודערס געבעט. און אַז זי איז שוין געזעסן האָט זי אָנגעהויבן קוקן מיט שטאַרק פאַרדעכטיקע אויגן אַ מאָל אויף סאַנדראַן און אַ מאָל אויף דזשעסין, און געשפּירט אַז אין זייער גאַנץ באַנעמען זיך צו איר, זינט דעם באַגעגעניש, איז געווען עפּעס מער ווי דאָס וואָס נאָענטע קרובים ווײַזן געוויינלעך אַרויס ביי אַזאַ צונויפטרעף...

דזשעסי האָט אַרויסגענומען פון זיין מאַנטל־קעשענע די ליולקע, אָנגעצונדן דעם טאַבאַק מיט אַ פּייער־מאַשינקעלע און פאַמעלעך, מיט לאַנגע הפסקות צווישן איין וואָרט און אַ צווייטן, אָנגעהויבן איבערגעבן הילדען פאַרוואָס זי האָט נישט צו וואָס אהיימ־צופאָרן.

.5

סאַנדראַ — די טאָכטער פון אַ צעבראָכענער היים, אַ מאָדעלקע אין שעפער, וואו מאַנסבילישע אויגן האָבן אַלעמאָל געקוקט גיריק אויף איר געטאָקט געשטעל, אויף איר דורכווערעמענדיק פנים; אויך אַן אַקטריסע וואָס איז אַרומגעפאָרן מיט אַ גרופּע אַקטיאָרן אויף דער פּראָווינץ, געגעכטיקט מיט זיי אין ביליקע האָטעלן — זי, סאַנדראַ, איז נישט לייכט געריגרט געוואָרן פון עמעצנס ליידן, אָדער פון אַ שווער־קראַנקן, אָדער פון איינעמס קלאָגן אויף אַ קרובס טויט. זי איז געווען אַזוי געהאַרטעוועט פון סכנות, פון דורכפאַלן, אייגענע און פרעמדע, פון אַלערליי סאָרטן מיתות, אַז זי האָט שוין אַלץ אָנגענומען פאַר נאַטירלעך — אַן באַדויער און אַן מיטגעפיל.

אַנדערש איז זי אָבער געווען איצט אין אויטאָמאָביל.

איר מאַן, דזשעסי, האָט שוין לאַנג געהאַט אויפגעהערט איבערגעבן הילדען וועגן דעם טויט פון דער מוטער, אָבער די שוועגערין הילדע האָט אַזוי געיאָמערט, אַז ס׳האָט זיך גאָרנישט געשפּירט קיין סוף דערצו.

סאַנדראַ האָט נישט געקאָנט אייַנזיצן. זי איז געוואָרן אויפגעטרייסלט ביז די פאַרבאָרגנסטע טיילן פון איר קערפּער. אַלץ אין איר האָט זיך געוואָרפן. אָט האָט זי געקוקט אויף דזשעסין, וואָס איז געזעסן אין ווינקל פון פאָדערשטן געזעס אַן איינגע־קורטשעטער, נישט־צוטועדיק זיינע הענט צום רעדל, און אָט האָט זי געקוקט אויף הילדען, וואָס איז געזעסן אין אַ ווינקל פון דעם הינטערשטן געזעס, דער קאָפּ אַראָפּ־געהאַנגען צום בוזעם, דאָס פּנים אין די הענט, און האָט נישט אויפגעהערט צו יאָמערן.

אמת, זי, סאַנדראַ, פּונקט ווי דזשעסי, האָט פאַרויסגעזען אַז די ביטערע בשורה וועט טרעפן הילדען ווי אַ קויל, אַריינגעצילעוועט אין איר האַרץ, אָבער אַזוי פונאַנדער־פאַלן ווי זי, הילדע, צעפאַלט איצט — דאָס איז געווען איבגאַנצן אומגעריכט. זי האָט געעפנט איר האַנטבייטל, אַרויסגענומען פון דאָרטן אַ ציגאַרעטל, אויך אַ פּייער־מאַשינ־קעלע, און פאַררייכערט.

— ס׳וואָלט געווען פיל בעסער פאַר הילדען — האָט זי שטיל און מיט צעבראָכנקייט אין קול געזאָגט צו דזשעסין — ווען זי ליגט אַצינד אין בעט... דאָ, אין אויטאָמאָביל, איז געוויס קיל פאַר איר. דאָס וועטער איז פייכט. און קיין צו שטאַרקע איז זי נישט צוריקגעקומען פון אייראָפּע.

דזשעסי האָט זיך איצט אויסגעדרייט צו דער שוועסטער:

— מיר פאָרן אַצינד אַהיים צו מיר, הילדע... — האָט ער מיט רחמנות געמורמלט.

— ד׳ווייסט דאָך שוין אַצינד אַז ד׳האָסט נישט מער קיין אייגענע היים. האָסט שוין נישט קיינעם דאָרטן. ס׳איז וויסט.

ס׳איז אָבער געווען אומזיסט זיין איינטענהן מיט איר. נישט זי האָט אויפגעהערט קלאָגן און נישט זי האָט געזאָגט וואָס ער זאָל טאָן.

אויך האָט סאַנדראַ גענומען רעדן צו איר:

— ס׳וועט דיר קיין גוטס נישט טאָן, הילדע, דאָס זיצן דאָ. כ׳האָב באַמערקט אַז ד׳האָסט פאַרלוירן אַ סך וואָג... דאָס איז געוויס דערפון וואָס ד׳האָסט נישט געהאַט קיין היים אין איראָפּע. האָסט געגעסן אין רעסטאָראַנען און אפילו נישט רעגולער. הער זיך צו, טייערע, און קום אַריבער וואוינען מיט אונדז. ד׳ווייסט אַז דו ביסט אונדז זייער ליב. מירן טאָן אַלץ פאַר דיר...

אויך איר׳ע רייד זענען געווען ווי פאַרן ווינט.

ערשט נאָך אַ לענגערער צייט זיצן, שווייגן און הערן איר געקלאַג, האָבן זיי, דזשעסי און סאַנדראַ, אויפגעכאַפּט עטלעכע ווערטער פון דעם „גאַסט“:

— פירט מיך אַהיים... צו מיינע עלטערנס געוועזענער היים...

דזשעסי האָט זיך ראַפּטעם אַ הייב געטאָן פון געזעס. ער איז געווען אַזוי אויפגעבראַכט פון איר איינגעשפּאַרטקייט, אַז ער האָט געוואָלט אַ געשריי טאָן צו איר אי מיט פאָרוואורף און אי מיט מוסר. ער האָט זיך אָבער איינגעהאַלטן און גערעדט מיט אויפקלערונג און מיטגעפיל:

— ס׳איז דאָך דאָרטן אַ מידבר, הילדע. שוין צוויי חדשים ווי דער אַפּאַרטמענט איז פאַרשלאָסן. קיינער איז דאָרט נישט געווען אפילו צו עפענען אַ פענסטער. איך ווייס עס. דער שליסל איז ביי מיר. ס׳איז מן־הסתם דאָרטן אפילו נישטאָ קיין פריש ליילעך און צודעק. און צו מאַכן זיך עפּעס וואַרעמס פאַרן שלאָף, אָדער נאָכן אויפשטיין אינדערפרי, איז דאָך אָפּגערעדט. די געז איז אָפּגעשלאָסן. וועסט דאַרפן וואַרטן אַ טאָג, צוויי, ביז מ׳וועט ווידער עפענען.

— פירט מיך אַהיים... — האָט זיך ווידער געהערט דאָס קול פון דער שוועסטער, און איצט אפילו מיט געבייזער.

דזשעסי האָט געשוויגן אַ ווייל. נאָכדעם האָט ער זיך אויסגעדרייט מיט׳ן פנים צום רעדל און נישט־ווילנדיק גענומען טרייבן דעם אויטאָמאָביל אין דער ריכטונג פון דער איסט־סייד.

## קאַפּיטל איין־און־פערציק

## אין שטומען טרויער

1.

ס׳איז געווען נאָנט צו האַלבער נאַכט. דער טומל וואָס האָט געהאַט אַריינגעליאַרעמט פון דרויסן, דער שטעגדיק־רוישיקער האַנדלסגאַס, איז שוין לאַנג געווען איינגעשטילט. אויך האָט זיך שוין מער נישט געהערט קיין זעגג און בענג פון די שכנים׳ס שטיבער אין דער טענעמענט־געביידע גופא. ס׳איז געווען שטיל אַרום

עלעהיי אַלץ וואָלט איינגעזונקען געווען אין דעם פינצטערן ים פון דער נאַכט און דאָרט פאַרפאַלן געוואָרן.

דזשעסי — אַן אַ רעקל, מיט אַן אָפּגעהילטן קאָפּ — איז איצט געגאַנגען פון צימער צו צימער אין דער וואוינונג פון זייַנע עלטערן און האָט געלאָשן די עלעקטרישע לאָמפּן וואָס ער האָט געהאַט אָנגעצונדן נאָכן אָנקומען מיט הילדען פון פּאַרט.

נאָכן אויסלעשן איז ער צו צום שלאָפצימער, וואו ס׳איז געווען הילדע, און ער האָט אַ קלאַפּ געטאָן אויף דער טיר. לויטן געמיט־צושטאַנד פון דער שוועסטער האָט ער נישט דערוואַרט קיין ענטפער. זינט זי איז געקומען אַהיים האָט זי נישט אויפגעהערט קלאָגן. ווען נישט סאַנדראַ וואָלט זי, אָן ספק, נאָך געזעסן ביי דער מוטערס בעט אין די עלטערנס שלאָפשטוב און געוויינט. סאַנדראַ האָט זי אָבער געצוואונגען אויפצושטיין און נאָכדעם זי אַריינגעפירט אין איר אייגענעם שלאָפצימער און זי צוגעגרייט צום שלאָפן.

דזשעסי האָט אָפּגעעפנט די טיר און געזען אַז אַן עלעקטריש לעמפּל לייכט זיך. דאָס געלעגער איז געווען ליידיק — און הילדע, אין איר נאַכטהעמד, איז געזעסן אויף אַ שטול ביים פענסטער. זי האָט געהאַלטן די הענט צונויפגעפינגערט אין שויס און געקוקט אַראָפּ צו די קניען.

— פאַרוואָס זיצסטו ביים פענסטער ? — איז דזשעסי געשטאַנען ביי דער טיר און האָט געפרעגט די שוועסטער. — כ׳האָב געמיינט אַז דו ביסט אין בעט.

הילדע האָט נישט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו אים און נישט געענטפערט.

דזשעסי האָט זיך דערנענטערט צו איר און זי אָנגענומען ביי אַן אָרעם :

— קום, הילדע... וועסט זיך צוקילן זיצנדיק דאָ. לייג זיך.

אויך איצט האָט זי נישט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו דזשעסין, אָבער ס׳האָט זיך געהערט איר אָפּגעשוואַכט קול :

— כ׳וויל זיצן דאָ. לאָז מיך אַליין.

דזשעסי האָט ערשט איצט באַמערקט ווי דאַר זי איז געוואָרן. פון די אַקסלען אירע האָבן אַרויסגעשטאַרטשעט שאַרפע ביינער. אירע באַקן זענען געווען איינגעפאַלן. און דער האַלדז — דין. ער — באַוואונדערנדיק זי אַלעמאָל פאַר איר שטראַלנדיק, שיין פּנים און מוסקולירטן קערפּער — האָט זי איצט שטאַרק באַדויערט. וואָס פון איר איז געוואָרן זינט זי איז געווען אָן אַ היים, וואו מ׳האָט פאַר איר צוגעגרייט אַ מאָלצייט און זי דערמאָנט אַז זי דאַרף גיין עסן. און וואָס וועט ווערן פון איר איצט ? ער האָט געוואָלט רעדן מיט איר וועגן דעם. געזען אָבער אַז זי איז אין אַן אַנדערער וועלט, האָט ער זיך צוריקגעקערט צום אַרויסגאַנג און געזאָגט „אַ גוטע נאַכט״.

.2

נאָך אַ לאַנגער נאַכט פון מאַטערניש — נישט קאָנען צוטאָן מיט אַן אויג, וואַלגערן זיך אין בעט ווי אויף שטיינער — איז דזשעסי, מיט אַ פאַרקנאָדערט פּנים, געזעסן אויף דער סאָפע אין גאַסטצימער, און ער האָט אַ באַטריבטער געהאַלטן אין מויל זיין ליולקע, כאָטש דער טאַבאַק אין איר איז נישט געווען אָנגעצונדן.

ס׳איז געווען שפּעט אינדערפרי. פון דרויסן האָט די זון אַריינגעוואַרעמט דורך די פענסטער — און פון דיל ביז צום סופיט איז די שטוב געווען אָנגעגאָסן מיט אַ פאַר־בלענדנדיקער צעשטראַלטקייט וואָס האָט אויפגעהייטערט. דזשעסי איז אָבער אַלציינס געווען באַטריבט.

אנגעטאָן איז ער איצט געווען אויף אָוועקצוגיין צו דער אַרבעט. דאָס איז געווען אַ נייער פאָסטן וואָס ער האָט אָנגענומען נאָכדעם ווי ער האָט געהאַט פאַרלאָזט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי. ס'איז געווען אַ שטעלע אין אַן ענגלישן ביכער־פאַרלאַג, וואו ער האָט געאַרבעט ווי אַ קאָנסולטאַנט ביי דעם רעדאַקציע־דעפּאַרטמענט. ער האָט אָבער נישט געקאָנט איבערלאָזן הילדען אַליין. זי איז נאָך אַלץ געווען אין אַ שטאַרק־צעטראָגענעם צושטאַנד איבער דער מוטערס טויט. זי ענטפערט נישט ווען ער רעדט צו איר. פונקט אַזוי ווי נעכטן אָוונט. ער איז דערפאַר געבליבן דאָ נעכטיקן. איצט וואַרט ער אָבער אויף זיין פרוי סאַנדראַ. נעכטן אָוונט איז זי אַוועק אַהיים צו די קינדער, און איצט, אַ ליאַדע מינוט, איידער ער פאַרנעמט זיך אין אָפּיס אַריין, דאַרף זי אָנקומען און בלייבן מיט הילדען.

די מחשבות וואָס האָבן אים געמאַטערט אַ גאַנצע נאַכט אויפן געלעגער האָבן אָבער נישט אָפּגעטראָטן פון אים אפילו איצט. און געווען זענען זיי אין שייכות מיט הילדען.

וועט זי איצט, נאָכן צוריקקערן זיך אַהיים, נישט איינגיין פון עלנד? — וועט זי איצט, נאָכן פאַרלאָזן אַ צערודערט אייראָפּע, געפינענן פערזענלעכע רו, זוכן אַ געזעלשאַפטלעכע פאַרבינדונג וואָס זאָל איר געבן אַ גייסטיקן אָנהאַלט?

ער איז געווען אין ספק וועגן דעם.

זי האָט דאָך איבערגעריסן מיט אַלץ און אַלעמען וואָס אַמאָל זענען זיי געווען די נשמה פון איר לעבן. אַט קאָן זי מער נישט האָבן קיין באַריר מיט דער יאַנג־איזראַעל. זי האָט זיך דאָך דערווייטערט פון איר! און די בחורים און מיידלעך פון דער יאַנג־איזראַעל וועלן נישט באַגערן צו האָבן קיין מגע־ומשא מיט איר. דאָס זעלבע מיט דער קאָמוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע וואָס זי איז אַוועק פון איר מיט אַ ביטערער דערפאַרונג. די סטודענטן און סטודענטקעס, וואָס האַלטן זיך נאָך ביי דער קאָמוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, וועלן אפילו נישט קוקן אין איר זייט. זייער צאָרן קעגן איר וועט נאָך ווערן פיל ביטערער איבער די געדאַנקען וואָס זי האָט אַרויסגעזאָגט אין דעם אינטערוויו מיט די ציַיטונג־רעפּאָרטערס, ווען זי איז אַראָפּ פון שיף. איי, יענע בחורים און מיידלעך וואָס זענען אַוועק פון דער קאָמוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע איבער דעם פריינדשאַפט־פּאַקט צווישן מאָסקווע און נאַצי־דייטשלאַנד? מיט יענע האָט זי אין תוך קיין בשותּפותדיקס נישט. וואָרעם וואָס האָט דען זי פאַרייניקט מיט דער קאָמוניסטישער יוגנט אויסער דער אידייע? פּאַקטיש גאָרנישט. און אַז אויך די אידייע איז געוואָרן גאָרנישט, טאָ וואָס קאָן פאַרבינדן זי מיט זיי?

יאָ, זי וועט איצט זיין שטאַרק עלנד. זי וועט מוזן פירן אַ צוריקגעצויגן, וויסט לעבן.

אויך ער, דזשעסי, פירט איצט אַן איינזאַם לעבן. אויך ער איז אָפּגעריסן פון זיינע אַמאָליקע באַקאַנטע און פריינד. אָבער ער קאָן זיך אָפּט פאַרגעסן. ער האָט אַן אייגענע מישפּחה. אַז ער קומט אַהיים פאַרברענגט ער מיט סאַנדראַן, גיט זיך אָפּ מיט די קינדער... אָבער אין וואָס וועט זי, הילדע, זיך פאַרגעסן?

דעם דאָזיקן צושטאַנד אירן האָט ער, דזשעסי, פאָרויסגעזען נאָך איידער די שוועסטער איז געקומען פון אייראָפּע. ער האָט דערפאַר נעכטן אָוונט שטאַרק געוואָלט אַז זי זאָל גיין וואוינען ביי אים. אין זיין היים וואָלט זי זיך נישט געפילט אַזוי דערשלאָגן. אָבער זי האָט נישט געוואָלט הערן דערפון. זי האָט נאָר געוואָלט זיין דאָ...

נו, איין נאַכט האָט ער געקאָנט דאָ איבערנעכטיקן, כדי נישט צו לאָזן זי אַליין.

ער וועט אפילו זיך באַמיען צו זיין דאָ מיט איר נאָך אַ צאָל נעכט. אָבער דאָס קאָן דאָך נישט אָנגיין אָן אַ סוף.

די פאַרגאַנגענע נאַכט איז דערפאַר נישט געווען פאַר אים אַ נאַכט פון רו, פון פאַרגעסן זיך אין שלאָף, נאָר אַן אויסגעצויגענע, לאַנגע קייט פון זאָרג און פּיין, אַ נאַכט וואָס האָט זיך איבערגעטראָגן מיט אַלע אירע קלעמענישן אין טאָג אַריין.

3.

אַ שטיק צייט נאָכדעם ווי סאַנדראַ איז געקומען און האָט מעגלעך געמאַכט פאַר דזשעסין צו גיין צו זיין אַרבעט — האָט זיך אין אַפּאַרטמענט צעטראָגן אַ געקלונג פון דעם עלעקטרישן טיר־גלעקל.

סאַנדראַ — אין אַן אויסגעפּאַסט, גרין קלייד, מיט אירע פּלאַטין־געפאַרבטע האָר אַראָפּגעקעמט צו די אַקסלען — איז געווען אין קיך. אויפן וועג אַהער פון איר היים האָט זי געהאַט איינגעקויפט אַ טאַרבע עסנוואַרג — און איצט האָט זי צוגעגרייט דאָס ערשטע מאָלצייט פאַר הילדען וואָס זינט זי איז אַראָפּ פון שיף האָט זי נאָך גאָרנישט געהאַט אין איר מויל.

געהערט דעם קלונג, איז זי געוואָרן שטאַרק באַלעסטיקט. זינט נעכטן אָוונט, ווען זי און דזשעסי זענען געקומען דאָ מיט הילדען, האָט נאָך קיינער נישט געקלונגען ביי דער טיר. און ס׳איז געווען פאַרשטענדלעך. ווער דאַרף דען דאָ אַריינקומען ? נישט מ׳האָט דערוואַרט עמעצן, און נישט עמעצער פון הילדעס פריינד, וואָס זענען געוואָרן אירע שונאים, אָדער גלייכגילטיק צו איר, וואָלט געהאַט דעם מינדסטן באַגער צו זען זי. נאָכן עפענען די טיר האָט זי זיך אָבער אין משך פון אַ לענגערער ווײַלע נישט געקאָנט רירן פון אָרט. פאַר אירע אויגן האָט גענומען שווינדלען ווי פון באַגעגענען אַ פאַרגעסענעם באַקאַנטן.

לעבן דער אָפענער טיר איז געשטאַנען סאָל. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ העלן פרילינג־מאַנטל, אין אַ ווייך, גרוי קאַפּעליושל וואָס איז געווען אַראָפּגערוקט צום שטערן, ווי ביי אַ וואַוילן־יונג. און געטראָגן האָט ער שוואַרץ־געראַמלטע ברילן אויף דער דינער נאָז, און אַ ברוינעם פאַרטפעל, אָנגעפּאַקט מיט ביכער, אין זיין רעכטער האַנט.

דאָס ערשטע און איינציקע מאָל וואָס זי, סאַנדראַ, האָט אים באַגעגנט איז געווען מיט צוויי חדשים צוריק. געווען איז דאָס אין „פיונעראל״־בנין, אײדער ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די לוויה פאַר דזשעסיס און הילדעס מוטער. ער, סאָל, איז געהאַט צוגעקומען צו דזשעסין מיט מיטגעפיל־ווערטער — און דזשעסי האָט אים פאַרגעשטעלט פאַר איר, סאַנדראַן. נאָכדעם איז ער, סאָל, געווען אין הספד־זאַל און שפּעטער אויפן בית־עלמין. ער איז געשטאַנען ביים קבר, וואו מ׳האָט אַראָפּגעלאָזט די הביצין, און טרערן זענען געפלאָסן פון זיינע אויגן. אויפן וועג אַרויס פון בית הקברות איז ער, סאָל, ווידער צוגעקומען און געפרעגט דזשעסין צי ער קאָן עפּעס טאָן פאַר אים. דזשעסי האָט געדרייט מיטן קאָפּ אויף ניין, באַדאַנקט, און שפּעטער געלויבט אים פאַר איר — צוליב זיין איידעלער באַציאונג צו דער מישפּחה, כאָטש הילדע האָט אים שטאַרק ווי געטאָן.

— ליב אייך אייער גאַסט... — האָט סאָל מיט אַ שמייכל אויף זיינע דינע ליפּן אַ זאָג געטאָן צו סאַנדראַן.

— פון ווענען האָט איר זיך דערוואוסט אַז הילדע איז צוריקגעקומען פון אייראָפּע ?

— האָט סאַנדראַ, אויך מיט אַ שמייכל, געפרעגט סאָלן אַן איבעררעשטע.

— וואָס הייסט „פון וועמען"? — האָט סאָל נאָך אַלץ געשמייכלט. — פון דער ענגלישער פּרעסע. ס'איז דאָרטן געדרוקט דער אינטערוויו וואָס הילדע האָט געגעבן די צייטונג־רעפּאָרטערס נאָכן אַראָפּגיין פון דער שיף. אַפילו איר בילד איז דאָרטן אַריינגעשטעלט.

— יאָ... — האָט סאַנדראַ ברייטער זיך צעשמייכלט. — מיין מאַן און איך האָבן זי נעכטן אָוונט געבראַכט צו פירן פון פּאָרט.

— קאָן איך זי זען, באַגריסן זי? — האָט סאָל מיט פאַרשנדיקע אויגן געקוקט אויף סאַנדראַן.

— געוויס! — האָט סאַנדראַ אַ לאַך געטאָן און ברייטער צעעפנט די טיר.

— קומט אַריין.

סאָל איז אַריין.

— אָבער פריער — האָט סאַנדראַ, נאָכן פאַרמאַכן די טיר, זיך צוריק אויסגעדרייט צו סאָלן — מוז איך לאָזן וויסן הילדען ווער ס'איז דאָ. קומט אַריין אין ליווינגרום און זעצט זיך צו.

— אַ דאַנק — האָט סאָל אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און זיך פאַרקליבן מיטן אַנגעפּאַקטן פּאָרטפעל אין גאַסטצימער אַריין.

4.

פונקט ווי נעכטן ביינאַכט, ווען דזשעסי איז אַריינגעקומען דאָ, אַזוי איז הילדע אויך איצט געזעסן ביים פענסטער. זי איז אַפילו געווען באַרוועס און האָט נישט געהאַט אויף איר לייב מער ווי בלויז דאָס נאַכטהעמד. און אַפילו איר פּאָזע איז געווען די זעלבע. זי האָט געהאַלטן אירע הענט צונויפגעפינגערט אין שויס און אין באַטריבטקייט אַראָפּגעקוקט צו די קניען וואָס האָבן זיך דורכגעווייסלט דורך דעם דורכזיכטיק־ראָזן טיול. ווי לאַנג זי איז אַזוי געזעסן, וועגן דעם האָט סאַנדראַ נישט געהאַט קיין אַנונג. זי האָט אָבער געדענקט אַז ווען זי איז היינט דאָס ערשטע מאָל אַריין דאָ האָט זי שוין געטראָפן הילדען זיצן אַזוי ווי איצט.

— ס'איז געקומען אַ גאַסט צו דיר... — האָט סאַנדראַ געזאָגט שטייענדיק ביי דער טיר וואָס איז געווען אָפן. — סאָל...

הילדע האָט זיך אָבער נישט אומגעקוקט אויף סאַנדראַן און נישט געענטפערט. זי האָט זיך אַפילו נישט באַוועגט. זי איז געזעסן מיט די אויגן אַראָפּגעלאָזט ווי פריער.

— ער האָט זיך דערוואוסט וועגן דיין צוריקקומען קיין ניו־יאָרק פון די ענגלישע צייטונגען. דיין געשפּרעך מיט די צייטונג־רעפּאָרטערס איז דאָרטן אָפּגעדרוקט.

הילדע, אָבער — גענוי אַזוי ווי פריער.

— כ'האָב אים געזאָגט, אַז כ'וועל דיר לאָזן וויסן און געהייסן אים דערווייל וואַרטן אין ליווינגרום.

הילדע איז ווידער געזעסן אַזוי ווי זי וואָלט געווען אַן שפּור פון לעבן.

— ווילסטו זיך איבערטאָן און גיין אים זען?

באַמערקט אַז אויך איצט וועט זי בלייבן אָן אַן ענטפער, האָט סאַנדראַ ווידער גענומען רעדן:

— דו דאַרפסט גיין אים זען, הילדע. ער איז געווען זייער גוט צו דיין מאַמען, ווען ד'ביסט געווען אין אייראָפּע. יעדע וואָך האָט ער אַריינגעשיקט אין הויז אַ טשעק מיט

דער זעלבער סומע ווי זיין פֿאָטער האָט דאָס געטאָן ווען דיין טאַטע האָט געלעבט. און ער האָט עס געטאָן, כאָטש מיסטער מאָרגנשטערן פון דער שול האָט אויך נישט אויפגע־הערט אַריינברענגען אין הויז די וועכנטלעכע שכירות, פונקט אַזוי ווי פריער, ווען אַלץ האָט זיך נאָך געפירט גלייך. געזאָגט האָט עס מיר דזשעסי. און דזשעסי האָט נישט געוואוסט דערפון ביז די מאַמע איז געשטאָרבן. די מיסעס גאָטליב האָט עס אים דער־ציילט נאָכדעם ווי ער איז אַריבערגעקומען דאָ אין הויז צוצוגרייטן די קבורה. און טאַקע אפילו צו דער קבורה האָט סאָל צוגעטראָגן אַ גרויס חלק פון די קאָסטן. געוואָלט האָט ער אייגנטלעך צאָלן פאַר אַלץ. אָבער דער מיסטער מאָרגנשטערן האָט נישט דער־לאָזט צו דעם. ער האָט געפילט, ס'איז דער חוב פון דער שול אַז זי זאָל עס טאָן. אָבער אַז סאָל איז נישט אָפּגעטראָטן האָט ער, דער וויצע־פּרעזידענט פון דער שול, נאָכגע־געבן אַ ביסל.

אַלע רייד זענען אָבער געווען אַרויסגעוואָרפן. הילדע האָט זיך נישט גערירט און אפילו זיך נישט באַמיט עפּעס צו זאָגן, עלעהיי זי וואָלט נישט געווען דאָ און גאָרנישט געהערט.

— און כ'גלייב, הילדע, — האָט סאַנדראַ ווידער גערעדט, כאָטש מיט ערגערניש, — אַז צום ווינציקסטנס ביסטו אים שולדיק אַ דאַנק פאַר זיין אידעלן אויפפירן זיך... אַז ער האָט אַזוי שטאַרק באַדויערט דעם טויט פון דיין מאַמען, דאַרפסטו אויך אַרויסווייזן דיין מיטגעפיל אויפן טויט פון זיין מוטער... נאָך אַלעמען, ד'האָסט דאָך געקענט זיין מאַמען פון דיינע פריסטע יאָרן אָן!

אַז סאָלס מוטער איז שוין אויך מער נישטאָ צווישן די לעבעדיקע — דאָס האָט זיך הילדע נאָך געהאַט דערוואוסט פון איר אייגענער מאַמען. זי האָט עס געלייענט אין אַ בריוו וואָס זי האָט געהאַט דערהאַלטן אין אייראָפּע פון דער מוטער. די מוטער האָט אפילו געשריבן, אַז זי איז געווען ביי דער לוויה און אויך אויפן פעלד... אָבער פון הילדען האָט זיך אויך איצט נישט געזען קיין סימן פון אַן ענדערונג אין איר געמיט, כאָטש סאַנדראַ האָט איר געגעבן אָנצוהערן, אַז זי דאַרף אַרויסווייזן מיטגעפיל אויפן טויט פון סאָלס מוטער. גאָרנישט. זי איז געווען אַזוי גלייכגילטיק צו אַלץ, ווי פריער.

— און נאָך עפּעס וויל'ך דיר זאָגן, הילדע... — האָט סאַנדראַ געקוקט מיט שטאַרקן חידוש אויף דער פאַרגליווערטקייט פון דער שוועגערין. — סאָל האָט זיך אויך אויפגעפירט אויסערגעוויינלעך טאַקטפול און גוטהאַרציק ביי עפּעס אַנדערש. כ'מיין, וואָס אַנבאַלאַנגט דעם רענט... אַז דזשעסי האָט אים געזאָגט, ער'ט אָנהאַלטן דעם אַפּאַרט־מענט ביז דו וועסט צוריקקומען פון אייראָפּע און ביז דעמאָלט וועט ער צאָלן דאָס דירה־געלט, האָט זיך סאָל געפילט שטאַרק באַליידיקט. ער האָט געטענהט, אַז ווען הילדע וועט זיך צוריקקערן אַהיים, דעמאָלט וועט ער וויסן וואָס ווייטער צו טאָן. אָבער ביז דעמאָלט וועט אים גאָרנישט קומען.

אויך דאָס האָט נישט געקאָנט אַרויסברענגען קיין וואָרט פון הילדען. זי האָט געמאַכט דעם איינדרוק ווי זי וואָלט איבגאַנצן, מיט איר לייב און לעבן, געווען אין אַ דורכויס אַנדערער וועלט.

### .5

צוריק אין גאַסטצימער, איז סאַנדראַ געבליבן שטיין אַ באַטריבטע פאַר סאָלן, וואָס איז געזעסן אויף דער סאָפע, און זי האָט פאַרענטפערט הילדען:

— זי איז נאָך אַלץ דערשלאָגן... שווער פאַר איר צו זען אַצינד אַ מענטש... זייט אַזוי גוט און קומט שפּעטער.

סאַל, פאַרחידושט פון דער דערקלערונג, איז אויפגעשטאַנען אַן אַנטוישטער:

— שפּעטער וועל׳ך נישט קאָנען קומען. כ׳בין שטאַרק פאַרנומען. כ׳לערן אין קאָלאָמביע־אוניווערסיטעט און אין יידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר.

סאַנדראַ איז געוואָרן איבערראַשט:

— איר האָט שוין מער נישט קיין ביזנעס?

— יאָ, — האָט סאַל אויפגעקלערט. — כ׳האָב די זעלבע ביזנעס וואָס מיין טאַטע האָט איבערגעלאָזט. כ׳האָב אויך די הייזער... אָבער כ׳גיב זיך מער נישט אָפּ מיט זיי...

— ווער דען פאַרנעמט זיך דערמיט? — האָט סאַנדראַ געפרעגט מיט נייגער.

— מיין קוזינע ריווע... איר קענט זי?

— ניין, אָבער כ׳האָב געהערט וועגן איר... איז זי אָבער גענוג פּיאַיק אויפצופּאַסן אויף אַלעם און צו וויסן וואו־איין און וואו־אויס?

— געוויס! — האָט סאַל געענטפערט און געשמייכלט. — זי איז נאָך געווען די גאַנצע אויפפּאַסערין און פירערין ווען מיין טאַטע האָט געלעבט. זי ווייסט וואָס ס׳טוט זיך אין יעדן ווינקעלע און זי קען יעדן קאָסטימער. אָפּט האָט זי אַפילו געוואוסט מער ווי מיין טאַטע. זי האָט געוואוסט וואָס ס׳פעלט אין געשעפט און וואָס מ׳דאַרף נישט האָבן. אַפילו מער פון מיר האָט זי געוואוסט. און ווען נישט זי וואָלט מען מיך אַצינד געשאַצט אַ סך וויניקער אין פאַרמעגן. נאָך מיט אַ יאָר צוריק האָט זי נאָכגעפאָלגט די פּאָליטישע געשעענישן אין איראָפּע און געמאַכט גרויסע באַשטעלונגען אויף שטאָפן ביי די גרויסע טעקסטיל־פירמעס. זי האָט פאָרויסגעזען, אַז נאָכדעם ווי אין איראָפּע וועט אויסברעכן די מלחמה וועט דאָ אין לאַנד ווערן אַ דוחק אויף מאַטעריאַל. אונדזערע פאַבריקן וועלן אָנהויבן אַרבעטן פאַרן אויסלענדישן מאַרק, פאַר די מלוכות וואָס דאַרפן זיך צוגרייטן מיליטעריש קעגן אַן אָנפאַל פון דייטשלאַנד. און די היימישע מאַנופעקשורערס אונדזערע וועלן דערפאַר אַרומלויפן זוכן וואַרעס... און אַז זיי וועלן געפינען וועלן זיי זיך נישט אָפּהאַלטן פון צאָלן וואָסער גרויסן פּרייז מ׳וועט זיי שטעלן. און די קוזינע מיינע האָט טאַקע געטראָפן...

— ס׳הייסט, איר קאָנט זיך אינגאַנצן פאַרלאָזן אויף איר? — האָט סאַנדראַ איצט געפרעגט מיט דערשטוינטקייט און פאַרערונג פאַר די גרויסע פּיאַיקייטן פון זיין קוזינע ריווע.

— אָן ספק, — האָט סאַל געזאָגט מיט זיכערקייט און נאָכדעם זיך צעשמייכלט.

— און אויב זי לאָזט אַמאָל אַראָפּ אַן אַפּותיקי צו זיך אין קעשענע, איז עס אויך נישט קיין מלער. וואָרעם אַז זי וועט נישט קאָנען גנב׳ענען וועט זי אויך נישט זיין שטאַרק איבערגעגעבן צום געשעפט. און אַז זי קאָן יאָ מאַכן אַ שטיקל דריי, מוז זי דערפאַר זען אַז די פּראָפיטן זאָלן זיין גרויסע, כדי די גנבות אירע זאָלן נישט אַרויסשטאַרצן. איר פאַרשטייט וואָס כ׳מיין?

סאַנדראַ האָט זיך איצט שטאַרק צעלאַכט, אַזוי שטאַרק, אַז זי האָט זיך געמוזט אָנכאַפּן מיטביידע הענט ביים בוזעם:

— אָ, וואָס פאַר אַ טיפע פילאָסאָפיע דאָס איז, מיסטער רובין! אָ, וואָס פאַר אַ וואונדערלעכע דיסערטאַציע וועגן אַ קרובה אַ גנבטע...

סאַל, אָנגעשטעקט פון איר געלעכטער, און היפּער־ענטוזיאַסטיש פון איר לויב פאַר זיין אינטעלעקט, האָט אויך האַרציק געלאַכט:

— יאָ, יאָ, מיסעס האַרוויס... מיין באַרעכטיקן גנבה מיט אַ מאָס איז די בעסטע גאַראַנטיע קעגן רואינירן אַ געשעפט. איבערהויפּט האָב איך ליב אַ שווינדלער מיט פּיאַיקייטן. מ׳לייגט קיינמאָל נישט צו צו אַזוינעם. און די דאָזיקע קוזינע מיינע, ריווע, מוז איך צוגעבן, האָט אַ סך פּיאַיקייטן. ביי דער נאַטור איז זי אַ וואַמפּיר, אַ כלבטע, אַ מיזאַנטראָפּ... אָבער זי טויג זיך אויס צו אַלעם.

— דאָך... אפילו מיט די בעסטע פּיאַיקייטן... — האָט סאַנדראַ נאָך אַלץ געלאַכט און גלייכצייטיק גערעדט מיט באַוואונדערונג פאַר דער קוזינע זיינער. — אפילו מיט אַ קאָפּ פון אַ פּראָפעסאָר איז דאָך איבער די כוחות צו קאָנען זיך ספּראַווען מיט אַזוי פיל... כ׳מיין סיי מיט די ביזנעס און סיי מיט ריל־עסטייט, נישט אַזוי?

— גערעכט, מיסעס האַרוויס, — האָט סאָל שוין ווייניקער געלאַכט. — אָבער זי האָט אַ גוטן אַרויסהעלפער... דער מאַן, וואָס איז געהאַט אַוועק פון איר מיט עטלעכע יאָר צוריק, איז צוריקגעקומען וואוינען מיט איר. ער איז אַ לאַנגע צייט געווען אַ פאַרשטייער פון אַ קאָמוניסטישער יוניאָן. אָבער ער האָט איבערגעריסן מיט דער קאָמוניסטישער פאַרטיי איבער דעם שידוך צווישן מאָסקווע און בערלין, און ער איז אויך אַוועק פון דער יוניאָן. האָט אים מיין קוזינע אַריינגענומען אין געשעפט ווי אַן אַסיסטענט, און ער איז אויך דער סופּעראינטענדענט איבער אַלע הייזער מיינע...

— אַ!... — האָט סאַנדראַ ווי אָפּגעדעכעט וואָס פון ריווען איז אַראָפּגענומען געוואָרן אַ היפשע לאַסט און גענומען רעדן מיט פאַרלייכטערונג. — אויב אַזוי קאָנט איר, מיסטער רובין, זיין רואיק! אַלץ וועט גייען פּינקטלעך און אין אָרדענונג.

סאָל האָט זיך איצט הויך צעלאַכט:

— אוודאי וועט אַלץ גייען פּינקטלעך און אין אָרדענונג... אין צווייען איז שטאַרקער... ביידע איינעם לאַטכענען זיי מער און פאַררייבן עס געשיקטער... כ׳מיין מיין קוזינע און איר מאַן מעקס, דעם געוועזענעם קאָמוניסט... איבעריקנס, פון אַ בורזשואַ ווי איך, איז דאָך אַ מיצווה צו צאַפּן בלוט...

סאַנדראַ האָט אויפגעהערט לאַכן און איז איבערגעגאַנגען צו אַן אַנדערן ענין:

— איז אויף וואָס לערנט איר, מיסטער רובין?

אויך סאָל האָט אויפגעהערט לאַכן און ער האָט געענטפערט מיט יישוב־הדעת:

— ווען כ׳וועל פאַרענדיקן ביידע לערן־אינסטיטוציעס וועל׳ך זיך אָנבאַטן אויף אַ ראַביּאַישער שטעלע אין אַ קאָנסערוואַטיוון טעמפּל.

סאַנדראַ איז געוואָרן איבערראַשט און זי האָט גענומען קוקן אויף סאָלן מיט ברייט־צעעפנטע אויגן:

— איר אַ ראַביי?...

אין משך פון אַ לענגערער ווילע האָט סאָל, אַ צעשמייכלטער, געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ, נאָכדעם, ווי אַ פאַלש־אָפּגעשאָצטער, געזאָגט מיט זיגערישער הנאה:

— כ׳בין זיכער אַז אויך הילדע וואָלט עס געהאַלטן פאַר אַ באָבע־מעשה. זי האָט קיינמאָל נישט געגלייבט אַז איך קאָן מאַכן פון זיך עפּעס אַנדערש. מיין פלאַץ, האָט זי אָפט געזאָגט, „איז אין געשעפט, אין דרייען, אין שטעלן און מעקן... פאַר עפּעס אַנדערש האָב׳ך נישט קיין וויזיע, קיין אַמביציע און נישט קיין גייסטיקע גבורה...״ אָט דאָס זענען געווען אירע ווערטער.

— נו, האָט סאַנדראַ אויסגעשטרעקט איר רעכטע האַנט צו אים, — ווינטש איך אייך דערפאָלג אין אַלץ וואָס איר האָט זיך אונטערגענומען צו דערגרייכן. און כ׳גלייב

אַז די וועלט וועט אַמאָל קלינגען מיט אייך... אָבער פאַרגעסט נישט אַרייַנצוכאַפּן זיך דאָ ווי נאָר איר'ט האָבן פרייע צייט.

סאָל האָט געדריקט סאַנדראַס האַנט פאַר די האַרציקע ברכות, אויך פאַר דעם גלויבן וואָס זי האָט אין אים, אין זיין פאַרשטייענדיק פלאַץ אין דער וועלט, און אָנגענומען דאָס האַרטע הענטל פון פאַרטפעל וואָס איז געשטאַנען אַן אָנגעפּאַקטער מיט ביכער אויפן באַטעפּעכטן דיל, לעבן דער סאָפע.

— אַ דאַנק, מיסעס האַרוויס... — האָט ער געשמייכלט צו איר. — כ'וועל זיך באַמיען אַרייַנצוקומען דאָ אין אַוונט.

— יאָ, טוט עס, מיסטער רובין... — האָט סאַנדראַ אויך געשמייכלט און באַגלייט אים ביז דער טיר.

# קאַפּיטל צוויי־און־פערציק

## דעם פאָטערס ירושה

.1

נאָנט צו זון־פאַרגאַנג האָט זיך דזשעסי צוריקגעקערט פון זיין אַרבעט אין דעם ענגלישן ביכער־פאַרלאַג. ער איז צוריקגעקומען — כדי אויפסניי פּרובירן רעדן מיט הילדען אַז זי זאָל גיין וואוינען ביי אים.

דערזען אים ביי דער שוועל, נאָכן עפענען די טיר, האָט סאַנדראַ, אַ באַגוועלטיקטע פון פרייד, אַ כאַפּ געטאָן אים ביי אַן אָרעם און, גייענדיק מיט אים טיפער אין הויז אַריין, גערעדט אַזוי האַסטיק, עלעהיי די ווערטער וואָלטן געברענט אין איר מויל.

— דזשעסי! ס'איז געשען ווי ד'האָסט געוואָלט... און אויך ווי איך האָב געוואָלט... הילדע גייט וואוינען מיט אונדז...

דזשעסי איז געבליבן שטיין אין קאָרידאָר, אַ שפּאַן פון דער קיך, און האָט געקוקט אויף סאַנדראַן מיט נישט־גלייבלעכע אויגן:

— ווי אַזוי איז דאָס געשען? — האָט ער אַרויסגענומען די ליולקע פון מויל און געפרעגט אַ צעשטראָלטער. — האָט זי ענדלעך איינגעזען אַז מיר זענען גערעכט? כ'מיין, אַז ס'איז נישט פאַר איר צו וואוינען דאָ אײנע אַליין...

— ביין, דזשעסי... — האָט סאַנדראַ געדרייט מיטן קאָפּ. — דאָס וואוינען דאָ איינע אַליין האָט זי נישט געאַרט. אויב נישט דאָ, ווייל דער אַפּאַרטמענט איז צו גרויס, מ'וועט פאַרלירן אין אים, וואָלט זי געגאַנגען וואוינען ערגעץ אַנדערש. זי וואָלט זיך גענומען אַן איינציק צימער.

— וואָס דען האָט געפעלט אַז זי זאָל בייטן איר עקשנות?

— דאָס וואָס זי האָט זיך דערוואוסט פון מיר אַז דו ביסט אַוועק פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

דזשעסי האָט געקוקט מיט שטויבונג:

— וואָס האָט דאָס געהאַט צו טאָן מיט איר גיין וואוינען ביי אונדז?

— זי האָט געפילט אַ קאַלטקייט, אַ פרעמדקייט צווישן דיר און איר... אַט דאָס האָט זי מיר געזאָגט נאָכדעם ווי כ'האָב איר אין אַ שמועס דערציילט וועגן דיין ריס מיט דער פּאַרטיי. זי האָט נישט געוואָלט זיין אונטער איין דאַך מיט דיר. זי האָט געזען אַז

דו ביסט געווען אַ ראַבאַט, אַן איגנאָס, אַן אַ האַרץ און אַן מאַראַל־פּרינציפּן... אַז דו ביסט נישט מער דאָס וואָס ד׳ביסט געווען מיט יאָרן צוריק. אַמאָל ביסטו געווען אַ רעבעל, ס׳האָט דיר ווי געטאָן ווען דו האָסט געזען ווי מענטשן מאַכן זיך טויב און בלינד צו אומרעכט וואָס ווערט באַגאַנגען אין דער געזעלשאַפט, און ווי געדאַנקען און אידעאַלן ווערן פאַרדרייט און פאַרקריפּלט. דו ביסט געווען אַ פילנדיקער, טיף־טראַכטנדיקער אינטעלעקטואַל, מיט געוויסן... אָבער זינט דו ביסט אַריין אין דער פּאַרטיי ביסטו פאַרגליווערט. דו זעסט נאָר דעם שאָטן ביי אַנדערע... דיין אייגענעם שאָטן, אָדער דעם שאָטן פון דער פּאַרטיי, דאָס זעסטו נישט. און אַז דו באַמערקסט אים יאָ, האָסטו פאַר דעם אַלערליי תירוצים. דערפאַר האָט זי אפילו נישט געהאַט דעם מינדסטן באַגער צו רעדן צו דיר, צו קוקן דיר אין פּנים, זינט זי איז אַראָפּ פון דער שיף. אַ סימן, זי האָט טאַקע זייער ווייניק גערעדט צו דיר.

— אָבער ווי פילט זי זיך צו מיר אַצינד? — האָט דזשעסי געפרעגט מיט אימפּעט און מיט ענגקייט אין האַלדז.

— אַצינד — האָט סאַנדראַ פאַרגעזעצט אַן עקזאַלטירטע — פילט זי זיך אַזוי, עלעהיי זי וואָלט געפונען אַ פאַרלוירענעם ברודער... זי וועט זיך קאָנען פילן היימיש מיט דיר, האָט זי געזאָגט, אַזוי היימיש און נאָנט ווי ס׳דאַרף זיך פילן אַ ברודער און אַ שוועסטער איינער צום צווייטן. זי וועט נישט טראַכטן אַז ס׳רעדט צו איר איינער און דער זעלבער רעקאָרד פון אַ וויקטראָלע וואָס איז נעבעך אַריינגעפאַלן צו אַ מאַן אויף אַ וויסטעניש, וואו ס׳איז נישטאָ צו קריגן קיין צווייטע פּלאַטע...

דזשעסי האָט זיך צעלאַכט:

— מיין וואונדערלעכע שוועסטער מיט אירע אימאַזשן!...

ער האָט זיך אַ רייס אָפּ געטאָן פון סאַנדראַן און גענומען זיך איילן צו הילדען, כדי אויסצודריקן איר זיין אַנטציקונג. סאַנדראַ האָט אים אָבער צוריקגעהאַלטן:

— זי וועט אָבער ערשט פאָרן מיט אונז שפּעט אין אָוונט. נאָכדעם ווי זי וועט פאַרטיק ווערן מיט אַ גאַסט.

— מיט אַ גאַסט? ווער איז דער גאַסט?

— דער יונגער מיסטער רובין... סאָל...

— סאָל?! איר געוועזענער חתן?

— יאָ. ער איז דאָ געווען... ער האָט צוגעזאָגט צו קומען אין אָוונט, ווייל הילדע איז דעמאָלט נישט געווען אין קיין געמיט צו זען אים.

דזשעסי האָט נישט געקאָנט לענגער איינשטיין און זיך געלאָזט אין דער זייט פון הילדעס שלאָפצימער. סאַנדראַ האָט אים אָבער ווידער צוריקגעהאַלטן:

— זי איז נישט אין שלאָפצימער, דזשעסי. זי איז אין דיין טאַטנס סטאַדי...

דזשעסי האָט אַ פאַרחידושטן קוק געטאָן אויף איר, אַזאַ קוק, עלעהיי זי וואָלט נישט געווען אַ יידישע פרוי וואָס ווייסט נישט אַז דאָס ענגלישע וואָרט „סטאַדי" איז נישט קיין פּאַסיקער עקוויוואַלענט פאַר אַ רב־אַ־צדיקס חדר־מיוחד. זי איז דאָך אָבער יאָ אַ יידישע פרוי!... ער האָט אָבער נישט געהאַט קיין געדולד און נישט קיין חשק צו געבן איר איצט אַ לעקציע, און זיך געלאָזט צום פאָטערס ספרים־שטיבל.

.2

הילדע — אין אַן אויסגעפּאַסט, קרעם־קאָליר קליידל, אין ברוינע שיך מיט הויכע קנאַפּלען, די לאַנגע, בלאָנדע האָר אַהינטערגעקעמט אויפן נאַקן און צונויפגעצויגן

דאָרטן מיט אַ באַזילבערטער קאַם־שפּילקע אין מיטן — איז געשטאַנען ביים פּאָטערס אַ פּאַליצע מיט ספרים און איז געווען שטאַרק פּאַרטאָן ביי זיי. אָט האָט זי אַרויס־גענומען פון דאָרטן אַ ספר, אַריינגעקוקט דערין, נאָך אַ ווײַלע צוריקגעשטעלט עס, און אָט האָט זי אַרויסגעצויגן אַן אַנדער ספר — און ווידער געטאָן דאָס זעלבע.

דערזען דזשעסין אין דער אָפענער טיר, האָט זי צוגעמאַכט דאָס ספר, וואָס איז געווען אין אירע הענט, און צונויפגעשמעלערט די אויגן ווי אַ קורצזיכטיקע, כאָטש אין שטוב איז געווען העל ליכטיק פון דעם אַבאַזשורטן, עלעקטרישן לאָמפּ וואָס איז געשטאַנען אויפן פּאָטערס לערן־טיש.

פון סאַנדראַן האָט זי געהאַט געהערט, אַז אין דער קאָמוניסטישער פּרעסע דער־שיינען אַרטיקלען קעגן אים, איר ברודער, פאַר זיין אַוועקגיין פון דער פּאַרטיי. מ׳רופט אים דאָרט: פּאַררעטער, ווייכבייניק קריך־באַשפּעניש, גראָבקעפּיקער סטודענט פון מאַרקסיזם, אונטערהינקער אין דער לערע פון לענינס רעוואָלוציאָנערער טאַקטיק, קרבן פון היפּנאָטיזירנדיקע בילבולים, וואָס די בורזשוואַזנע פּאָליטיקערס און פּובליציסטן האָבן אויסגעטראַכט אויפן סאָוועטן־פּאַרבאַנד. און צווישן אָט די באַליידיקערס און כאַראַקטער־פּאַרקריפּלערס — ווער איז עס דער וואָס העצט מער פון אַלע אַנדערע? ווער איז עס דער יעניקער וואָס שרייבט מיט סם און שקר אין יעדן וואָרט? דייוויד... ער, וואָס איז געבליבן שטאָל און אײַזן מיט דער פּאַרטיי.

אין דער פּאַרטיי־צייטונג, וואָס סאַנדראַ האָט היינט געקויפט אין גאַס און געבראַכט מיט זיך דאָ אין הויז אַריין, האָט זי אָנגעוויזן איר, הילדען, אויף דייווידס אַן אַרטיקל וועגן דזשעסין.

„מיט אַזאַ געוויסנלאָזן נפש ווי ס׳איז דער דעגענעראַט דזשעסי האַרוויס" — האָט דייוויד געשריבן — „האָט מען געדאַרפט זיין זייער שטאַרק פּאַרזיכטיק אין די פּאַרגאַנ־גענע יאָרן. אין זיין געבוין איז אַלעמאָל געווען דער באַציל פון דער רעליגיעז־אָבסקו־ראַנטישער לערע וואָס פּריידיקט נאַציאָנאַלן סעפּאַראַטיזם, אַ לערע וואָס ער האָט אין די פּאָרמאַטיווע יאָרן פון זיין יוגנט געקראָגן אין זיין רבנישער היים און אין דער ישיבה. דער אויבערפלעכלעכער מאַרקסיזם זיינער, אויך דער קאַמף וואָס ער האָט אין זיין שפּעטערן עלטער געפירט קעגן דעם קלער און נאַציאָנאַלן שאָוויניזם, ביידע זענען בלויז געווען אַ באַווייז ווי ווייניק מיר קענען די שוואַרצקינסטלערס אין אונדזערע רייען. אַזאַ איינער, ווי דער היפּאָקריט דזשעסי האַרוויס, קאָן שפּילן אַלערליי ראָלן. כאָטש ער האָט נישט קיין גייסטיק־שטאַרקן רוקנביין — און אפשר טאַקע דערפאַר — איז ער אָבער שווינדלעריש פיאיק אויסצוניצן אַ סיטואַציע פאַרן אייגענעם וואוילזיין. אין געגעבענעם פאַל איז עס געווען די סיטואַציע פון דעם רעוואָלוציאָנערן אויפברויז וואָס האָט אַרומגעכאַפּט גרויסע מאַסן פון אַרבעטער־קלאַס און פאָלקס־מענטשן אין די פאַריי־ניקטע שטאַטן. ער האָט אויסגענוצט די דאָזיקע סיטואַציע, ווייל צו עפּעס אַנדערש האָט ער זיך נישט געקאָנט צוכאַפּן. ער קאָן זייער גוט שפּילן די ראָלע פון אַ הייליקן, כאָטש אין כאַראַקטער, וואָס ביי אים איז עס כאַראַקטערלאָזיקייט, איז ער ווי אַ פּרינציפּלאָזע גאַסנפרוי. מיר דאַרפן זיך נישט שרעקן פאַר זעלבסט־קריטיק. מיר מוזן זיך מודה זיין אין אונדזער נאַאיווקייט צו אַזאַ אימפּאָסטאָר ווי ס׳איז דער פאַרשווין דזשעסי האַרוויס. פון איצט אָן דאַרף עס אָבער זיין אַ התראה פאַר אונדז אַז אין דער צוקונפט זאָלן אַזעלכע אָפּאָרטוניסטן און קאַריעריסטן, ווי ס׳איז דער צוויי־פּנימדיקער דזשעסי האַרוויס, מער נישט קאָנען ניצן אונדזער פאַרטיי פאַר זייערס אַ פּערזענלעכער טעאַטער־בינע..."

אָבער דזשעסי... — האָט סאַנדראַ געהאַט געזאָגט איר, הילדען, — ער ברעכט

זיך נישט אונטער דעם האָגל פון אַזעלכע אויסדרוקן, ווי אין דעם אַרטיקל, וואָס פּאַרמיאוסן אים פאַר די לייענערס.

און נישט נאָר אין דעם איז ער מאָראַליש שטאַרק.

פון סאַנדראַן האָט זי זיך אויך דערוואוסט, אַז עטלעכע פאַרלאַגן האָבן אים געבעטן אָנשרייבן אַ בוך וועגן זיינע נעכטיקע, אידייאישע פריינד וואָס שטימען איין צו אַלץ וואָס די פּאַרטיי הייסט טאָן. זיי האָבן אים אפילו אָנגעבאָטן דעם העכסטן פּרייז. דזשעסי האָט זיך אָבער אָפּגעטרייסלט דערפון. ער האָט נישט געוואָלט ציען קיין חיונה פון אָפּדעקן מענטשן אָן מאָראַל... ער האָט מוחל געווען דאָס געלט און די בוך־טריבונע צו ענטפערן. ער האָט בעסער געוואָלט ליידן שווייגנדיק, איידער אַרומגיין אויף די סקווערן און שעלטן.

ווער ס׳רעדט וועגן רעליגיע און נאַציאָנאַליזם!... — האָט זי, הילדע, נאָכן איבערלייענען דייוויד׳ס אַרטיקל, געזאָגט דעמאָלט צו סאַנדראַן. — דער דאָזיקער מאַן, דייוויד, ווייסט דאָך כמעט גאָרנישט וועגן רעליגיע. און ווי קומט ער צו קריטיקירן די אידישע נאַציאָנאַלע שטרעבונגען, אַז ער קען נישט די יידישע געשיכטע!...

אויך האָט סאַנדראַ דעמאָלט געזאָגט איר, הילדען, אַז דייוויד האָט שוין לאַנג אַוועקגעוואָרפן אידיט מילסטאָנען, די טאָכטער פון דער רייכער האָטעל־אייגנטימערין, און ער לעבט היינט מיט אַ אַנדער סטודענטקע וואָס איז אויך פון אַ פּאַרמעגלעכער היים.

אָנשטאָט רעדן מיט דזשעסין וועגן אָט דעם אַלעם און לויבן אים פאַר זיין גייסטיקער שטאַרקייט האָט זי, הילדע, אָבער גענומען רעדן וועגן עפּעס אַנדערש:

— דענקסטו, דזשעסי, אַז ד׳וואָלסט זיך געקאָנט אַוועקרייסן מאָרגן אויף אַ שטיקל צייט פון דיין אַרבעט?

דזשעסי איז אַריין אין ספרים־שטיבל:

— צוליב וואָס?

— אַרויסצופאָרן מיט מיר צו דער מאַמעס קבר. און אויך... צום קבר פון מיסעס רובין.

דזשעסי איז געשטאַנען פאַרטראַכט אַ ווײַלע. אין קאָפּ זענען אים דורכגעלאָפן געדאַנקען וועגן דער שוועסטער. זי פילט זיך געוויס שולדיק אין זייער טויט. זי וויל בעטן מחילה ביי זיי.

— אַז ד׳ווילסט דווקא מאָרגן, — האָט ער אַ זאָג געטאָן, — קאָן׳ך עס טאָן פאַר דיר מאָרגן.

— יאָ, דזשעסי... איידער כ׳נעם זיך טאָן עפּעס אַנדערש מוז איך זיין ביי דער מאַמעס קבר און אויך ביים קבר פון סאָלס מוטער. סאַנדראַן וויל׳ך נישט באַלעסטיקן דערמיט. כ׳וויל זי נישט אַוועקנעמען פון די קינדער.

זי איז שטיל געוואָרן אַ ווײַלע, און נאָכדעם ווידער געזאָגט:

— און דערנאָך וועל׳ך גיין, אַן דיר, זען אַ העכדלער פון אַלטוואַרג. כ׳וועל פאַרקויפן אַלץ וואָס געפינט זיך דאָ, אַחוץ... אַחוץ די ספרים. די ספרים וועל׳ך מיטנעמען מיט זיך.

זי איז ווידער שטיל געווען אַ ווײַלע, און נאָכדעם אויפסניי גערעדט:

— כ׳מיין נישט צו נעמען אַלע ספרים פאַר זיך. אַז ד׳ווילסט, קאָנסטו נעמען פאַר זיך וויפל דו באַגערסט. כ׳מיין בלויז צו זאָגן, אַז די ספרים זענען די טייערסטע ירושה וואָס איז אונדז געבליבן פון אונדזערע טאַטע־מאַמע... און אָפט דאַרף מען נישט בלויז קוקן אויף זיי ווי אויף אַ טייערן אָנדענק, ווי אויף אַ רעליקוויע. מ׳דאַרף אויך אַריינקוקן אין זיי. ס׳איז דאָרטן דאָ אַ סך... זייער אַ סך. מ׳קאָן זיצן איבער זיי אַן

אייביקייט און לערנען... און שטענדיק זיך פילן אָפּגעפרישט. אַט אַזוי ווי איך פיל זיך אַצינד... בלויז פון האָבן געטאָן אַ קוק דאָ און אַ קוק דאָרט.

— כ'האָב גאָרנישט געטראַכט, הילדע, צו שיידן זיך פון זיי... — האָט דזשעסי, מיט די הענט פאַרלייגט אויף הינטן, געזאָגט מיט באַטריבטקייט אין קול. — כ'וועל טאַקע נעמען אַ טייל פון די ספרים פאַר מיר. און די איבעריקע וועסטו קאָנען האָבן, ווען ד'וועסט זיך אָפּקלייבן אַ מאַן און איינריכטן זיך אַ היים.

הילדעס פּנים, ביז איצט פאַראומערט, איז מיטאַמאָל געוואָרן שטאַרק פאַרדאַגהט. אויסקלייבן אַ מאַן און איינריכטן זיך מיט אים אַ היים?... — האָט אַלץ אין איר געפרעגט מיט אַנטוישונג נאָך דעם ווי דזשעסי האָט דאָס דערמאָנט. וועמען אויסקלייבן? מיט וועמען זיך איינאָרדענען אַ היים? מיט סאָלן? מיט אים, וואָס מיינט אַז מיט זיין שטודירן וועט ער איר אימפּאָנירן? אָדער אפשר מיט אַזוינעם ווי דייוויד? מיט אַזעלכן וואָס מיינט אַז מיט זיין האָס צו דער איצטיקער געזעלשאַפט דאַרף ער זיך נישט האַלטן ביי איר מאָראַל? טאָ מיט וועמען?

אויפן געדאַנק איז איר געקומען דער שליח, ראַבינער פראַנקפורטער, וואָס די בערלינער יידישע געמיינדע האָט אים מיט אַ יאָר צוריק געשיקט צו די יידישע פילאַנטראָפּישע אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע וועגן הילף אויף אַרויסצוראַטעווען די יידישע קינדער פון דייטשלאַנד. דער דאָזיקער יונגער ראַבינער האָט איר עטלעכע מאָל אין אייראָפּע אָנגעבאָטן צו נעמען זי פאַר זיין פרוי. אָבער זי האָט אים נישט געענטפערט. איצט איז ער אין ענגלאַנד און וואַרט אויף אַן אַפידייוויט פון אַן אַמעריקאַנער יידישער אינסטיטוציע, כדי צו קאָנען קומען וואוינען דאָ. זי, הילדע, האָט וועגן דעם געהאַט געשריבן צו ראַביי הערצאָג און געבעטן, ער זאָל זיך משתדל זיין וועגן דעם ביי דער רעגירונג. און מאָרגן וועט זי גיין אים זען פערזענלעך. זי וועט אים פרעגן צי ס'איז שוין עפּעס געטאָן געוואָרן. און זי איז זיכער אַז ווען דער ראַבינער פראַנקפורטער וועט אָנקומען, וועט ער איר אויפסניי מאַכן דעם אָנבאָט. אָבער וועט זי דען דאָס מאָל יאָ זיין גרייט איינצואָרדענען זיך אַ היים מיט אים?

זי גלייבט, אַז נישט. און דאָס, כאָטש ער איז אַן אידעאַלע פערזענלעכקייט, האָט שטאַרקע, מאָראַלישע פּרינציפּן, און איז געלערנט אין דער דורות־אַלטער, טראַדיציאָנעלער יידישקייט, אויך אין יידישער טעאָלאָגיע און פילאָזאָפיע, פּונקט ווי אין די הומאַניסטישע לערעס ביי אַנדערע פעלקער. אים פעלט אָבער פאַנטאַזיע, אָריגינאַליטעט. ער האָט נישט קיין אייגנס. ער טראַכט און טוט לויט דעם וואָס ער האָט שטודירט און וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן פאַר אים פון אַנדערע. ער האָט נישט קיין אייגענעם, אונטערנעמערישן גייסט. ער איז נישט קיין ראַביי הערצאָג — איר מוסטער פון אַ מאַן... ראַביי הערצאָג וואָלט זיך אַרויסגעוויזן פון צווישן אַ מיליאָן־קעפּיקן עולם אפילו אָן אַ סך בילדונג. דערפאַר זעט זי נישט פאַר זיך קיין אידעאַל צוזאַמענלעבן מיט אַט דעם ראַבינער פראַנקפורטער. און דערפאַר וועט זי מאָרגן, בעתן שמועס מיטן ראַביי הערצאָג, פרעגן צי זי קאָן צוריקקומען אַרבעטן פאַר אים ווי ער האָט איר געהאַט צוגעזאָגט ערב איר אָפּפאָר קיין אייראָפּע. זי וועט אים זאָגן אַז זי וויל זיין זעלבשטענדיק, כל־זמן זי האָט נאָך נישט געפונען דעם פּאַסיקן מאַן אויף חתונה האָבן מיט אים. און אויב זי וועט נישט קאָנען צוריקקריגן אין קאָנגרעס די פריערדיקע אַרבעט, וועט זי זיך באַמיען צו קריגן אַ שטעלע אין אַ קאָלעדזש ווי אַ לערערין פון ליטעראַטור.

זי האָט אָבער גאָרנישט געוואָלט רעדן וועגן דעם מיט דזשעסין. ביי אַ פּאַסיקער געלעגנהייט — האָט זי געטראַכט — וועט זי דאָס אַרויסברענגען פאַר אים. זי האָט

אָפּגעווענדט אירע אויגן פון ברודער, צוריקגעשטעלט דאָס ספר אויף דער פּאָליצע, און נאָכדעם זיך צוריק אויסגעדרייט צו דזשעסין.

— כ׳גלייב... — האָט זי אָנגענומען דעם ברודער ביי אַן אָרעם און ס׳ערשטע מאָל, זינט איר אַראָפּגיין פון דער שיף, געזעגנט מיט אַ שמייכל, — סאַנדראַ האָט צוגעגרייט אַ מאָלצייט פאַר אַלע דריי... פאַר דיר, פאַר מיר און פאַר איר. קום, לאָמיר עסן צוזאַמען און רעדן וועגן די ביטערע אַנטוישונגען וואָס מיר האָבן געהאַט אין אונדזער לעבן און צי זיי וועלן אונדז פאַרהיטן פון נייע בלאָנדזשענישן...

דזשעסי, אויפגעלייגט פון דער ענדערונג אין דער שוועסטערס געמיט, האָט זיך אַריינגעשטעקט די ליולקע אין מויל און איז געגאַנגען מיט הילדען צו דער קיך.

געהערט זייערע טריט און זייער אויפגעלייגט רעדן, איז סאַנדראַ אַרויס פון קיך און איז זיי אַקעגנגעלאָפן מיט פינקלדיקע אויגן און פריידיק־צעשפּרייטע הענט:

— אָ, ווי גליקלעך איך בין צו זען אייך ביידן, שוועסטער און ברודער, ווידער אין האַרציקער צוגעבונדנקייט פון איינעם צום צווייטן. אָ, וואָס פאַר אַ שטיק געזונט מיר קומט צו דערפון...

— סוף —



# רשימה פון קאַפּיטלעך

## ביכער פון זעלבן מחבר דערשינען ביז איצט:

**אין די שטילע טעג** (ראָמאַן)

**אַריבער די ברעגן** (ראָמאַן)

**דער פּאַסטעך־קעניג** (ביבלישע דראַמע)

**די וויזיע ביי דער וויסל** (ראָמאַן)

**ביי די טייכן פון ניו־יאָרק** (ראָמאַן)

## ווערק — צוגעגרייט צום דרוק:

**דער צאָרן פון רמה**
(ביבלישער ראָמאַן, דערשינען אין „פאָרווערטס")

**דער שליח פון הייליקן לאַנד**
(חסידישער ראָמאַן, דערשינען אין „פאָרווערטס")

**אורי דער סאַברע**
(ראָמאַן פון קיבוץ־לעבן אין מדינת־ישראל)

**4 ביכער דערציילונגען**
(דערשינען אין זשורנאַלן)

**2 ביכער נאָוועלן**
(דערשינען אין זאַמלביכער און צייטונגען)

**אָפּשטאַם**
(אַמעריקאַנער דראַמע, פּרעמירט פון „קאָנגרעס פאַר יידישער קולטור"

**מיסטער גיבסאָנס געוויסן**
(אַמעריקאַנער דראַמע)

**דער שטן און די אלמנה**
(אַמעריקאַנער דראַמע)

**2 ביכער עסייען**